אַרטור לערמער

# און דאָך – דעם מאָרגנרויט אַנטקעגן



אַרטור לערמער

# און דאָך — דעם
# מאָרגנרויט אַנטקעגן

עסייען

פאַרלאַג
י.ל. פרץ
ישראל

תל־אביב — תשנ"ט — 1999

Arthur Lermer

AND YET TOWARDS A BRIGHTER DAWN

ארטור לרמר

ואף על פי כן – פנינו אל השמש העולה

*

געפּאָרעמט

און צוגעגרייט צום דרוק: **יצחק לודען**

הילע־צייכענונג: **יאָסל בערגנער**



Adress of the author: Arthur Lermer
1545 Ave. Dr. Penfield, apt. 808
MONTREAL, QUE. H39 1C7, CANADA

*ISBN Nr. 965-7012-30-9*

I.L. Peretz Publishing House
14, Brener Street, Tel-Aviv. ISRAEL
tel. (03) 528 1751

קאָמפּיוטער־זאַץ ""פּאַראַגראַף", גבעתיים
הדפסה: דפוס צור־אות, ירושלים

Printed in Israel 1999

געווידמעט דעם ליכטיקן אָנדענק
פון מײַן ווונדערלעכער מאַמען

— טויבע זיסל ראַפּעלט —

אויסגעגאַנגען אין גרויסע יסורים אין
לאָדזשער געטאָ אין חודש מאַי 1940

# אינהאַלט

## ד״ר העשיל קלעפּפּיש:
# אַ בוך וואָס וועקט צו טראַכטן

דאָס בוך פון פּראָפ׳ אַרטור לערמער וועקט צו טראַכטן. די עסייען, וואָס גייען אַרײַן אין דעם באַנד, דרינגען אַרײַן אין פּראַגן און פּראָבלעמען, וואָס שטייען אין צענטער פון אונדזער תּקופה. דווקא צוליב דעם, ווײַל די פּאַסירונגען רוקן זיך פֿאַרבײַ איינע נאָך דער אַנדערער מיט פּיבערהאַפּטער גיכקייט, איז עלול צו באַוועלטיקן אונדז די נייגונג נישט אַרײַנצוטראַכטן צו פּיל אין זיי און אין וואָס זיי קומען אונדז לערנען. פּראָפ׳ לערמערס בוך שטויסט דעם לייענער נישט אַרײַנצופֿאַלן אין אינטעלעקטועלער פּוילקייט.

דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט, פון וועלכן מיר שיידן זיך גאָר בקרוב, איז אויפגעגאַנגען מיט דערמוטיקנדיקע דערוואַרטונגען. ס׳איז געווען פּרילינג אויף דער וועלט. עס זענען אויסגעוואַקסן דאָקטרינען און באַוועגונגען, וואָס האָבן פֿאַרזייט האָפענונגען. בײַם סוף פונעם יאָרהונדערט וואַלגערן זיי זיך ווי צעבראָכענע שערבלעך. די צוויי וועלט־מלחמות, די קאַטאַקליזמען, וואָס זיי האָבן געברענגט מיט זיך, די פּאָליטישע, ווירטשאַפטלעכע און סאָציאַלע דערשיטערונגען, האָבן נישט בלויז צעשטערט מענטשלעכע לעבנס, נאָר צעשמעטערט אויך די אידעאַלן, וועלכע די מענטשן האָבן אויסגעטראָגן. ס׳איז דעריבער קיין וווּנדער נישט, וואָס אונדזער דור שטייט אַ פּאַרלוירענער און ווערט צעפרעסן פון עקבערנדיקע ספקות בנוגע דעם וווּהין, צו וועלכן די מענטשהייט גייט.

פּראָפ׳ לערמער אַנאַליזירט די פּראָבלעמען מיט קענטעניש. ער איז אַן עקאָנאָמיסט און פּאָרשער אין די סאָציאַלע וויסנשאַפטן. ער אָריענטירט זיך אויסגעצייכנט אין די אַקטן פון דער דראַמע פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, און אין די קאָמפּליצירטע אומשטענדן, אין וועלכע זיי האָבן זיך געוויקלט. אין זײַן אויספיר באַשטימט ער, אַז עס איז פון דעסטוועגן, בײַם אַרײַנטריט אין איין־און־צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, נישטאָ קיין אָרט פּאַר יאוש. די מענטשלעכע געשיכטע, בײַ אַלע שטרויכלונגען, וואָס זי האָט אַדורכצוברעכן, גייט פּאָרויס. דער מענטשלעכער פּאַרשטאַנד וועט באַווײַזן צו עפענען דעם

פלאָנטער, פון וועלכן מענטש און וועלט קענען זיך אַרויסקריגן. שוין בלויז דער נאָמען פונעם בוך זאָגט דערויף עדות: "און דאָך — דעם מאָרגנרויט אַנטקעגן".

פון וואַנען נעמט זיך צום מחבר אָט דער אומדערשיטערטער גלויבן? פּראָפ׳ לערמער שעפּט אים פון די קוואַלן פון דעם לויטערן עטישן באַנעם פון די נביאים פון תנ״ך, פון זייערע וויזיעס וועגן אַ געזעלשאַפט, אין וועלכער מענטש צו מענטש וועט נישט זײַן קיין וואָלף, נאָר מענטש; און אויך פון דעם עטישן קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו, וואָס באַוועגט זיך אין אונדז, און איבער וועלכן ס׳איז די רייד אין דער פילאָסאָפיע פון עמאַנועל קאַנט. מיט אַנדערע ווערטער מיינט דאָס צו זאָגן: דער מענטש, הגם ער קען אין באַשטימטע אומשטענדן אַראָפּפאַלן אין תהום פון מאָראַלישן אַבסורד, קלעקן אים געווענוג אינערלעכע כּוחות זיך אויפצוהייבן איבער דעם אָפּגרונט, און מיט אָנשטרענג און אַנטשלאָסנקייט לייגן ציגל צום אויסבוי פון אַ געזעלשאַפט אויף די יסודות פון יושר און פון פרידלעכן צוזאַמענלעב.

ווען איך זאָל דאַרפן אין איין זאַץ אויסדריקן דעם תּמצית פון פּראָפ׳ לערמערס באַלערנדיקן און באַלײַכטנדיקן בוך, וואָלט איך געזאָגט: פון לערמערס ווערק שײַנט אַרויס צו אונדז די איבערצײַגונג, אַז עס איז מעגלעך צו פאַרוואַרפן אַ בריק צווישן די עקסטרעמען פון קעגנזעצלעכע שטרעמונגען, און אויסמײַדן אַזויאַרום די בלוטיקע פאַרמעסטן און קאָנפליקטן, וואָס פירן צו טראַגישע פאָלגן. דער מענטש פאַרמאָגט דעם נויטיקן שכל דאָס צו באַגרײַפן; און ס׳איז צו דערוואַרטן, אַז ער, דער מענטש, וועט זיך אָנגאַרטלען מיט שטאַרקן ווילן צו ברענגען צו דער פאַרשטענדיקונג און צונויפרייד, וואָס וועלן דערנענטערן די צעשפּאָלטענע טיילן און שיכטן פון דער צעריסענער מענטשלעכער געזעלשאַפט איינע צו די אַנדערע. עס קענען און עס וועלן זיך אויספאָרמירן סיסטעמען, וועלכע וועלן זאָרגן פאַרן וווילזײַן פון מענטש.

אין אַ צאָל קאַפּיטלען פון זײַן בוך קערט פּראָפ׳ לערמער זיך אום צו אָט דער טעמע.

אַרטור לערמער איז אַ סאָציאַליסט, און ווי אַזאַ נעמט ער אָן אַ סך פון דער לערע פון קאַרל מאַרקס. לערמער איז אָבער נישט קיין ענגער דאָגמאַטיקער. לויט אים איז נישט, און מוז נישט, זײַן די מענטשלעכע געשיכטע דורכאויס די געשיכטע פון קלאַסן־קאַמף, אַזוי ווי דאָס קומט אויס בײַ מאַרקסן. לערמער וואַקלט זיך נישט אָנצווײַזן אויף די טעותן, אויף וועלכע מען טרעפט זיך אָן, אין דער שיטה פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם. קאַרל מאַרקס האָט געגלויבט, אַז עס איז גענוג צו ענדערן דעם עקאָנאָמישן סיסטעם, אַריבערגיין פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט צו דער סאָציאַליסטישער, און ס׳וועלן אָפּגערוימט ווערן די סאָציאַלע עוולות; אַז מיט דער ענדערונג, וואָס וועט אַרײַנטרעטן אין דעם עקאָנאָמישן סיסטעם, וועט די געזעלשאַפט

אָננעמען אַן אַנדער פּנים. אָבער דאָס איז דאָך נישט אַזוי. ס׳איז אומבאַדינגט נויטיק אַז דער מענטש זאָל אַ סך אַרבעטן אויף זיך, כּדי טאַקע צו פאַרוואַנדלען די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט אין אַ מער מענטשלעכע, גערעכטע, פרייַהייטלעכע און יושרדיקע.

מאַרקס האָט אויך נישט אָפּגעשאַצט די גייַסטיקע און פּסיכישע פּראָצעסן, וועלכע עס מאַכט אַדורך דער מענטש. נישט דווקא אייגענע מאַטעריאַליסטישע אויסרעכענונגען און אינטערעסן דעצידירן אַלעמאָל אין אונדזערע האַנדלונגען. אָט לאָזט זיך נישט פאַרלייקענען, אַז צווישן די, וועלכע האָבן זיך באַגייַסטערט, אָדער באַגייַסטערן זיך פאַר אייַנפירן דעם סאָציאַליסטישן עקאָנאָמישן סיסטעם, געפינען זיך מיטגלידער פון סאָציאַלע שיכטן, וואָס זייערע אייגענע אינטערעסן וואָלטן זיי באַדאַרפט דיקטירן צו שטיין אויף דער אַנדערער זייַט פון דער באַריקאַדע. נישט אַלע באַשיצן זייערע אייגענעם קלאַסן־פּראָגראַם, ווי דאָס וואָלט זיך אויסגעדאַכט צו פּאַסירן.

און — צי איז דאָס מעגלעך אַריבערצוגיין גלייַכגילטיק איבער דעם דורכאויס פאַלשן צוגאַנג פון קאַרל מאַרקסן צו דער ייִדן־פּראַגע? די אויפפירונג פון יחידים און פון דעם ייִדישן ציבור איז, לויט אים, כאַראַקטעריסטיש פאַרן גאַנצן ציבור. מיט אומרעכט האָט מאַרקס אָנגעוואָנדן פאַראַלגעמיינערונגען לגבי דעם ייִדישן פאָלק.

אָט די און אַנדערע טעותן, אויף וועלכע מען טרעפט זיך אָן אין דער אָריגינעלער לערע פון קאַרל מאַרקס, דערמונטערן פּראָפ׳ לערמערן צו דער רעוויזיע, וואָס עדוואַרד בערנשטיין און קאַרל קאַוטסקי האָבן דורכגעפירט אין דער שיטה פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם.

פּראָפ׳ לערמער איז אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. סאָציאַלע און ווירטשאַפטלעכע רעפאָרמען טאָרן נישט אייַנגעפירט ווערן מיט גוואַלט, מיט אונטערדריקונג און טעראָר, ווי דאָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן אין סאָוויעט־רוסלאַנד, ווו דער סאָציאַליזם איז געוואָרן געפעלשט און געשענדעט. אויפן ריכטיקן וועג איז מען אַרויפגעגאַנגען גראָד אין די סקאַנדינאַווישע לענדער, דאָרט האָט דער סאָציאַליזם אויפגעהאַלטן זייַן אויטענטיש מענטשלעך פּנים. אויף דער ייִדישער גאַס רעפּרעזענטירט און פּראָקלאַמירט די אידייען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג — דער ״בונד״.

פּראָפ׳ אַרטור לערמער איז אַ בונדיסט, און אין דער טעטיקייט פון ״בונד״ אין מזרח־אייראָפּע, ווו דער ״בונד״ איז געגרינדעט געוואָרן, איז אייַנגעקריצט אַן עפּאָפּייע פון העראָישקייט, וואָס האָט גאָרנישט פאַרלוירן פון איר פּאַטאָס, אַפילו נאָך דעם ווי די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן, וואָס האָבן זיך געזאַמלט אַרום דער פאָן פון ״בונד״, זענען, צו אונדזער טיפן ווייטיק, פאַרטיליקט געוואָרן אין דעם נאַצי־חורבן. די ראָל פון ״בונד״, וואָס איז פון גרויסן

און טיפּן היסטאָרישן פּאַרנעם, איז ווײַט נישט פּאַרענדיקט. די בריק, וואָס די בונדישע אידעאָלאָגיע האָט באַוויזן אויפצובויען צווישן קעגנזעצלעכע געדאַנקען־שיטות, דער אָפּווענד פון יעדן אויפצוווּנג פון אידייע און מעטאָד, דער ראַדיקאַלער אָפּוואורף פון דער פאָרמולע, אַז דער ציל הייליקט די מיטלען, וואָס פירן צו זײַן פאַרווירקלעכונג, דער דערהויבענער הומאַניזם, מיט וועלכן ער איז דורכגעדרונגען, דער אויסגעהאַלטענער קאָנסעקווענטער וועג צו דערגיין צו אַ דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט, און לסוף — די ריינפּולע אידענטיפיצירונג מיט די יידישע פאָלקס־מאַסן, וואָס איז אַזויפיל מאָל געקומען צום אויסדרוק אין זײַן געשיכטע, זענען נאָך אַלץ בכּוח אָנצוווײַזן ריכטונג און אויסוועג נאָך די ביטערע דערפאַרונגען און אַנטוישונגען, וואָס דער אַוועקגייענדיקער שווער־געפּרוּווטער יאָרהונדערט לאָזט איבער נאָך זיך.

פּאַר פּראָפ' לערמער איז קלאָר, אַז עס איז אויך מעגלעך אויסצומײַדן די פּאַרשאַרפטקייט אין די באַציִונגען צווישן רעליגיע און וועלטלעכקייט. עס דאַכט זיך בלויז, אַז וועלטלעכקייט און רעליגיע זענען השקפות, וואָס שטייען אין פולער סתירה איינע צו דער אַנדערער, און אַז עס איז נישט מעגלעך זיי זאָלן זײַן מסוגל זיך צונויפצוקומען. דאָס איז נישט אַזוי, און ס'מוז אַזוי נישט בלײַבן. עס איז פאַראַן — דערקלערט לערמער — אַ פּאָזיטיווע וועלטלעכקייט, וואָס דערשאַצט די ווערטן פון רעליגיעזן באַנעם און פון דער רעליגיעזער טראַדיציע. אויב עס גייט אין דער וויכטיקייט פון דער טראַדיציע אין דעם דורותדיקן גאַנג פון יידישן פאָלק, האַלט לערמער זיך נישט אָפּ פון אונטערשטרײַכן, אַז "אָן אַ קרעפטיקן רעליגיעזן באַשטאַנדטייל וועלן מיר קיין אריכות ימים ווי אַ פאָלק נישט האָבן" (ז' 45).

פון דער אַנדערער זײַט איז, פּאַרשטייט זיך, נויטיק אַז אַ פּאַרשטענדעניש און אַ ברייטקייט פון בליק זאָל מעגלעך זײַן אָנצוטרעפן אויך אין דער רעליגיעזער מחנה. אויטענטישע רעליגיעזע דענקער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אָט דעם צוגאַנג. זייער מחשבה איז געווען אָפן פאַר די זוכענישן פון מענטש, פאַר זײַנע ווייטיקלעכע ראַנגלענישן, פאַר זײַנע געוואַגטע פאַרמעסטן. די יידישע רעליגיעזע ליטעראַטור ווייסט צו דערציילן וועגן דעם. ס'איז טאַקע אמת, אַז נישט אַלעמאָל האָט זיך אויסגעפאָרעמט די נאָענטקייט צווישן די קעגנזאַצן. דאָס מיינט אָבער נישט צו זאָגן, אַז זי קען נישט עקזיסטירן און אָנהאַלטן. אַדרבא, זי איז דווקא מסוגל זיך צו פאַרשטאַרקן און באַפעסטיקן. סיסטעמען, וואָס זענען געבויט געוואָרן אין דער מענטשלעכער געשיכטע אויף אַנטי־רעליגיעזע פּרינציפּן און פּראָגראַמען, האָבן נישט געהאַט קיין לאַנגן קיום. גענוי אַזוי קען נישט דער פאַנאַטיזם, וואָס אָפּערירט מיט די מעכאַנישע טערמינען פון אַ רעליגיעזן קאָדעקס זיך באַרימען, אַז זײַן עקזיסטענץ איז געווען דווערנדיק. סוף־כּל־סוף האָט מען פאַרן גוטס פון דער געזעלשאַפט געמוזט אַוועקגיין פון דער געדאַנקען־ענגשאַפט,

אויסברייטערן דעם בליק, און רעליגיע און וועלטלעכקייט האָבן זיך אָנגענומען בײַ דער האַנט און געשפּאַנט צוזאַמען. מע וועט דאָס זיכער טאָן נאָך די דערפֿאַרונגען, וואָס אונדזער תּקופֿה האָט געליפֿערט.

עס איז פֿאַראַן אין לערמערס בוך אָרט פֿאַר דער פּאָלעמיק, וואָס גייט אָן בײַ אונדזער פֿאָלק וואָס שײַך דער באַציִונג, וואָס דאַרף זיך אײַנשטעלן צווישן מדינת ישראל און די ייִדן, וואָס לעבן אין דער צעשפּרייטקייט.

צי זענען טאַקע די טיילן פֿון אונדזער פֿאָלק, וועלכע וווינען אין דער ייִדישער מדינה, מער מיוחסים, מער ״ווערטפֿולע״, ווי מען איז געגוויגט אָנצונעמען אין באַשטימטע קרײַזן? און — צי שטייען דען די אַנדערע טיילן פֿונעם פֿאָלק אויף נאַציאָנאַל־נידעריקערע שטאַפּלען? די פֿאַרטיילונג פֿון ייִדן אויף ״וויכטיקע״ און ״ווייניקער וויכטיקע״ איז אומגערעכט — דערקלערט פּראָפֿ׳ לערמער. אַלע טיילן פֿונעם פֿאָלק, אומאָפּהענגיק פֿון די געאָגראַפֿישע מקומות אין וועלכע זיי לעבן, האָבן די זעלבע חשיבֿות, און ס׳איז אַן אומזין אײַנצופֿירן אַ העגעמאָניע פֿון די, וואָס זייער אַדרעס איז אויף די ברעגן פֿונעם ירדן. אָט די טעמע גיט לערמערן די געלעגנהייט אונטערצושטרײַכן ווי גערעכט עס זענען די אידעאָלאָגן פֿון ״בונד״, וועלכע האָבן אַרויסגעברענגט די טעזע, אַז מיר זענען אַ וועלטפֿאָלק. אַזאַ זענען מיר געווען אין אַלע תּקופֿות פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט. אַזאַ זענען מיר אויך אין דער קעגנוואַרט. ייִדן אין דער צעשפּרייטקייט האָבן אַלעמאָל אַרײַנגעטראָגן זייער וואָגיקן צושטײַער צו דער בשותּפֿותדיקער ייִדישער געשיכטע. מ׳דאַרף זײַן מוראדיק בלינד, כּדי נישט צו דערזען די גרויסקייט פֿון דעם גלות־ייִד אין אַלע צײַטן. גלות־ייִדן האָבן געוווּסט ווי צו קעמפֿן פֿאַר זייער ווירדע און פֿאַר זייער קולטור. זייער ווידערשטאַנד האָט אָנגענומען פֿאַרשידענע אויסדרוקן: אַ פֿיזישן, אַ גײַסטיקן, אַ מאָראַלישן, און האָט נישט איין מאָל דעצידירט אין גורל פֿון פֿאָלק.

בלעטער פֿון דער גלות־דערפֿאַרונג ווערן אויפֿגעמישט אין די עסייען פֿון פּראָפֿ׳ לערמער. דער קידוש־השם אין דער צײַט פֿון די קרייצצוגן, דער העראָישער ווידערשטאַנד קעגנאיבער פּאָגראָמען, די צוגעבונדנקייט צו די פֿאָלקס־ווערטן אין דעם ווילדן שטראָם פֿון בושעווענדיקער שינאה, דער אויפֿשטאַנד אין געטאָ פֿון וואַרשע — ווען מיר זאָלן דערמאָנען אָט דעם אַקט פֿון אומגעווייטלעכער גבֿורה פֿון צווישן די אַנדערע אויפֿציטערנדיקע געראַנגלען פֿון אונדזער פֿאָלק קעגן דעם טײַוולאָנישן נאַצישן רשעות. אַפֿילו דער אויפֿלעב פֿון דער ייִדישער מדינה איז דאָך אייגנטלעך דערמעגלעכט געוואָרן דורך גלות־ייִדן. דאָס האָבן גלות־ייִדן זיך אַרײַנגעוואָרפֿן אין דעם מיליטערישן און פּאָליטישן קאַמף לטובֿת איר אויפֿקום.

אָט די ליבשאַפֿט צום פֿאָלק בינדט לערמער צונויף מיטן ייִדישן לשון, מיט דער קולטור, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין דער ייִדישער שפּראַך, מיט

דער ליטעראַטור, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט אין ייִדיש, מיט האַרציקע פעדעמס. פאַר אָט דער ליבשאַפט זענען אָפּגעגעבן אַ צאָל אינהאַלטסרײַכע און גײַסטרײַכע עסייען. מען לייענט אין זיי וואָס לערמער האָט צו זאָגן וועגן י.ל. פרץ, אברהם רייזען, ה. לייוויק, משב קולבאַק, י.י. טרונק, מלך ראַוויטש, אַברהם גאָלאָמב, ברוך שעפנער. ייִדיש האָט באַרײַכערט די ייִדישע פערזענלעכקייט און געעפנט שפּרודלדיקע קוואַלן פון שעפערישקייט. פּראָפ׳ לערמער רופט אָפּצושאַצן די אוֹצרות, מיט וועלכע די ייִדיש־תּקופה האָט באַשאָנקען דאָס ייִדישע לעבן. זי האָט דאָס געטאָן בעיקר אין מזרח־אייראָפּע. אָבער זי האָט אויך זיך אויסגעשפרייט און דערגרייכט אין אַנדערע געגנטן. אַפילו די, וועלכע ווילן אין דעם זיך נישט מודה זײַן, האָבן זיך געשפּײַזט און שפּײַזן זיך כּסדר מיט די אומאויסשעפּלעכע ייִדיש־אוֹצרות.

דאָס בוך פון פּראָפ׳ אַרטור לערמער איז אַן אָדע צום מענטש. אַן אָדע צו דעם כּוח פון מענטש אײַנצושטעלן אַ יוֹשרדיקע און פרײַהייטלעכע געזעלשאַפט, אַן אָדע, וואָס אינספּירירט האָפענונג און גלויבן. איך האָב געהאַט דעם אײַנדרוק, אַרײַנלייענענדיק זיך אין לערמערס בוך, אַז איך האָב פאַר זיך די שריפטן פון בייניש מיכאַלעוויטש, וולאַדימיר מעדעם, דוד אײַנהאָרן — די ליכטיקע געשטאַלטן פון דער בונדישער באַוועגונג. אויך אין די עסייען פון אַרטור לערמער פילט מען דעם אָטעם פון הויכער מענשטלעכקייט און טיפן הומאַניזם.

"לאָמיר עפענען די טרוימען
און שמידן די וואָר —
לאָמיר זינגען דאָס ליכטיקע ליד
פאַרן דור".

**משה קולבאַק**

# און דאָך...

## (אַ וואָרט פאָרויס)

**וו**י קומט עס, וואָס איך האָב מײַן עסייען־זאַמלונג געגעבן אַזאַ מונטערן נאָמען? האָט אונדז דען די ווירקלעכקייט געגעבן אַ גרונט צו אַזאַ בטחון?

ליידער איז דער אמת ווײַט פון דעם, בפרט נאָך, ווען דער חורבן האָט נאָך ווײַט נישט פאַרלוירן — און וועט אייגנטלעך קיינמאָל נישט פאַרלירן — די קאָשמאַרפולע גרויזאַמקייט. און אַפילו שוין נאָך דעם חורבן איז דאָס לעבן ווײַט נישט אַוועק אַזוי האָפערדיק און אויסגעלײַטערט.

די פּאָטענציעלע רציחה אין מענטשן איז שוין אַוודאי־און־אַוודאי נישט קיין גאָר זעלטענע דערשײַנונג און נעמט אָן נאָך אַלץ גאָר טראַגישע פאָרמען. פון דעסטוועגן, מיט אַ בליקט צוריק אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, איז באַשײַמפּערלעך קלאָר, אַז נישט געקוקט אויף אַלע טרויעריקע וועגן און אומוועגן, איז פאָרט פאַראַן אַ גרויסע נפקא מינה צווישן פאַרגאַנגענע צײַטן, אין וועלכע מ׳האָט אָפּגעהאַקט הענט פאַר גנבענען אַ ברויט, און אין בעסטן פאַל פלעגט מען נאָך אין XVIII יאָרהונדערט אין ענגלאַנד פאַרשיקן אין שאול תחתית, ווי למשל, אין דער דאַן נאָך ווילדער אויסטראַליע אאַ"וו.

שקלאַפערײַ און האַנדל מיט מענטשן איז אָנגעגאַנגען פון קדמונים. ווי לאַנג צוריק האָט טשאַרלז דיקענס געשילדערט די שרעקלעכע אָרעמקייט שוין אין XIX יאָרהונדערט אינעם היפשלעך אַוואַנסירטן ענגלאַנד. נישט געקוקט אָבער אויף דעם, האָט דאָך גענומען ליכטיקער ווערן ווען די אַמעריקאַנער און פראַנצויזישע רעוואָלוציעס האָבן אויפגעטרייסלט די מערב־וועלט.

די אידייען פון עמנואל קאַנט, העגעל און מאַרקס, וועלכע האָבן בשעת מעשה נאָך געקלונגען ווי פאַנטאַזיע, האָבן אויף פאַרשיידענע אופנים זיך דורכגעריסן און האָבן באַווירקט דאָס XIX יאָרהונדערט. דער קאַנטיאַנער מאָראַלישער קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו האָט בהדרגהדיק געפונען אַ תיקון, לכל הפחות ווי אַן אידייע, וואָס האָט באַגלייט די אַנטוויקלונג פון דער יוריספּרודענץ, דעם וואַקסנדיקן דעמאָקראַטישן לעבנס־שטייגער, אאַ"וו, אאַ"וו.

וואָלטן די דערהויבענע וויזיעס פּאַרברענט געוואָרן אין די קאַלך־אויוונס פון די אוישוויצס, וואָלט זיכער שוין די וועלט מער קיין תּיקון נישט געהאַט, קיין האָפענונג צוריק אָנצובינדן צום אוניווערסאַלן שלום, און די יוֹשר־אידייען פון XVIII און XIX יאָרהונדערט וואָלטן מער נישט געהאַט קיין שאַנס.

אין אָט דער עוואָלוציע פון זוכן די געשטײַגערטע חשיבות פון מאַסן־מענטש, האָט דער רוף צו מאַרשירן צום "מאָרגנרויט אַנטקעגן", מיט וועלכן ס'איז געווען דורכגעדרונגען די בונדישע סאָציאַליסטישע דערציִונג אין "סקיף" און אין דער "צוקונפט", קיין שום זין נישט געהאַט.

דעם זעלביקן ענדציל זײַנען דאָך אין דער אמתן געווידמעט ס'רוב עסייען אין דעם זאַמלבוך.

ס'איז בכלל גאָר שווער צו געפינען אַ טיטל פאַר אַזאַ אָפּקלײַב פון עסייען. וועט דעריבער סײַ די צײַט, אין וועלכער זיי זײַנען געשריבן געוואָרן, סײַ די פאַרשיידנאַרטיקייט פון די טעמעס, ערשט דאַרפן געפינען אַ געמיינזאַמען אויסדרוק אין דעם נאָמען.

"דעם מאָרגנרויט אַנטקעגן" סימבאָליזירט טאַקע גאָר בּולט די צענטראַלע אידייע פון דעם מחבר, אַזוי פּאָעטיש אויסגעדריקט דורך ה. לייוויקן אין "אונדזער חלום":

"דער חלום פון יונגע יאָרן
איז שטאַרקער פון אַלטער וואָר,
די וואָר אַליין זאָל ווערן
דער חלום פון נײַעם דור —

יִידיש קינד זאָל קיינמאָל
נישט אויפהערן צו זײַן גרייט
צו זוכן די טריט פון משיח
און אָפּבינדן אים פון דער קייט"...

אברהם רייזען האָט עס אויף זײַן תּמימותדיקן אוֹפן אַזוי פּשוט אויסגעדריקט אין זײַן באַקאַנטן ליד:

"און זאָל ווי ווײַט נאָך זײַן די צײַט
פון ליבע און פון שלום —
דאָך קומען וועט — צי פרי, צי שפּעט
די צײַט, עס איז קיין חלום".

אין דעם זין, גלויבט דער שרײַבער, וועט דער לייענער פאַרשטיין דעם אויסוואַל פון דעם מונטערן נאָמען, כאָטש —

"זאָל ווי ווײַט נאָך זײַן די צײַט פון ליבע און פון שלום".

## צו אַ דעפיניציע פון פּאָזיטיווער וועלטלעכקייט

דער צוזאַמענהאַנג צווישן רעליגיע און וועלטלעכקייט איז דאָס סאַמע צענטראַלסטע פּראָבלעם, וואָס עקבערט אונדז אין אָנבליק פון כּלערליי אינערלעכע און אויסערלעכע סכּנות, וועלכע לויערן אויף דעם המשך־פּראָצעס פונעם פּאָלק. אָט דער המשך־פּראָצעס שטייט נאָך פאַר גאָר גרויסע נסיונות סײַ אין די תּפוצות און סײַ — צום גרויסן באַדויערן — אַפילו אין מדינת ישראל.

דאָס געווינען אַ קרעאַטיווע גלײַכגעוויכט צווישן ביידע סעקטאָרן אין ייִדישן לעבן אומעטום, איז ממש אַ לעבנס־פראַגע. אין ישראל זײַנען די שפּאַנונג און די פּועל־יוצאס פון דער וואַקסנדיקער טעאָקראַטיע און אַגרעסיווקייט, באַזונדערס פון דעם עקסטרעם־רעליגיעזן לאַגער, געפערלעך פאַר אַ מאָדערנער מלוכה און פאַר אַ יחיד אין דער סעקולערער וועלט.

הגם די מדינה שטייט אויף דער סאַמע פראָנט־ליניע פון אָט דעם ביז גאָר קאָמפּליצירטן און סענסיטיוון פּראָצעס, זײַנען די תּפוצות — כאָטש אין אַנדערע פאָרמען — ווײַט נישט פרײַ פון אָט דער געפאַר. אמת, אין די תּפוצות ווירקן פאָרט פאַרשיידענע ריכטונגען אין רעליגיעזן סעקטאָר גופא — פון דער אולטראַ־אָרטאָדאָקסיע ביז צו די רעקאָנסטרוקציאָניסטן. צום באַדויערן אָבער נעמען איבער אַלץ מער און מער די אויבערהאַנט די מער אָרטאָדאָקסישע כּוחות. די סיבות ליגן נישט נאָר אין דער אָנגרײַפערישקייט פון דעם עקסטרעמען רעליגיעזן פליגל. ס'ליגט שוין אין דער נאַטור פון די מער גלויביקע צו זײַן וואָס וויינִיקער און ווייניקער טאָלעראַנט.

צוזאַמען מיט דער באַשײַמפּערלעכער אָפּשוואַכונג פון וועלטלעכקייט אינעם הײַנטצײַטיקן ייִדישן לעבן, שטײַגן די גלוסטן פון דער רעליגיעזער וועלט.

ווי אַן אויסגאַנגס־פּונקט צו אונדזער וויכוח, בעט זיך דעריבער שוין לכתּחילה פעסטצושטעלן, אַז לויט אונדזער טיפער איבערצײַגונג וואָלט אַזאַ עווענטואַליטעט, ווי דאָס פאַרשווינדן פון אַ וויטאַלן רעליגיעזן סעקטאָר (וואָס איז אין דער רעאַליטעט לחלוטין, פאַרשטייט זיך, אויסגעשלאָסן),

געווען אַן אומגליק פאַר דעם יסוד פונעם פאָלק; ווילן מיר פונקט אַזוי אויסדריקלעך און מיט דער אַבסאָלוטער זיכערקייט ברענגען צום אויסדרוק אונדזער אַנטשלאָסענע מסקנא, אַז אויך אָן אַ וויטאַלן וועלטלעכן סעקטאָר קען אונדזער פאָלק קיין אריכות ימים נישט האָבן.

צום גליק איז דער רעליגיעזער לאַגער ווײַט נישט קיין דורכאויס מאָנאָליטישער, און דעריבער איז פאַראַן אַ רעאַלע האָפענונג צו געווינען געשטײַגערטן אײַנזען, לכל הפחות מצד אַ באַדײַטנדיקן טייל זײַנעם, פאַר אונדזער גרונט־טענה פון שעפערישער דואַליטעט פון ייִדישן קיום.

אָבער נישט נאָר מחמת נאַציאָנאַלער סטראַטעגיע איז נייטיק צו נעמען גאָר ערנסט דעם עפעקטיוון שײַכות צווישן די צוויי קאָ־עקזיסטירנדיקע כּוחות, נאָר אין אַ גאָר גרויסער מאָס דערפאַר, ווײַל דער מאַסן־מענטש קלײַבט זיך נישט פונאַנדער אין די פילאָזאָפישע וואַריאַנטן און איז גרייט צו אידענטיפיצירן שטייגער־ייִדישקייט מיט פאַרזיכערטן ייִדישן קיום. במילא אַקצעפּטירט ער און ווערט גלײַכגילטיק צו סעקולערער ייִדישקייט, הגם ער איז, ווילנדיק צי נישט־ווילנדיק, אַן אינטעגראַלער טייל פון איר.

בײַם פאָרמולירן אונדזערע גרונט־הנחות האָבן מיר גענומען צו הילף שמעון דובנאָווס טרעפלעכע מיינונג, וועלכע ער האָט נאָך בשעתו אַרויסגעזאָגט אין זײַנע "בריוו וועגן אַלטער און נײַער ייִדישקייט". ער האָט דאַן געשריבן: "ניט רעליגיע און ניט קולטור קענען ווערן אויסשליסלעכע קריטעריעס פון ייִדישקייט, וואָס איז כּולל אַלע גרונט־פאָרמען פון נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג".

"די צונויפמישונג פון נאַציאָנאַלן און רעליגיעזן, און די פאַרוועלטלעכונג פון דער ייִדישער נאַציאָנאַליטעט איז אַ תּנאַי פאַר דער נאַציאָנאַלער אַנט־וויקלונג".

דאָס זײַנען אַלץ ווערטער, וואָס בעטן זיך ממש אויך איצט צו ווערן אָנגעווענדט.

פאַרשטייט זיך, אַז יעטוועדער פּרווו פון אויפלייזן איין שטראָם דורך דעם אַנדערן, איז אויך קאַטאַסטראָפאַל — פונעם שטאַנדפּונקט ווי מיר האָבן אים אויבן פאָרמולירט, ווי אַן אויסגאַנגס־פּונקט צום קיום־געראַנגל פון ייִדישן פאָלק.

בלײַבט דעריבער ווידעראַמאָל — קאָ־עקזיסטענץ פון דער שוין דער־מאָנטער פאַראַלעלער דואַליטעט אין אונדזער פאָלקס־לעבן אַ חוק בל יעבור אין פולן נאַציאָנאַלן זין פונעם וואָרט. די פראַגע בלײַבט אָבער פאָרט דער "ווי אַזוי?". אין דער אמתן איז אָט די קאָמפּליצירטע פראַגע נישט נײַ אינעם מאָדערנעם ייִדישן לעבן — מער נישט, וואָס זי ווערט איצט אַלץ מער און מער ברענענדיק.

גאָר ערנסטע דענקער און באַגאַבטע בעלי מחשבות, אָנהייבנדיק פון פּרצן, זשיטלאָווסקי, ש. ניגער, חיים גרינבערג, לייבוש לערער, י.י. טרונק,

פּראָפ. ליבמאַן־הערש, יודל מאַרק א״אַנד, האָבן אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים אויסגעדריקט זייערע איבערצײַגונגען וועגן דער אייגנאַרטיקייט פֿון רעליגיעזקייט און טראַדיציע ווי אַן עלעמענט פֿון נאַציאָנאַלן מהות פֿונעם מאָדערנעם וועלטלעכן ייִדישן לעבן.

מ׳קען, נאַטירלעך, זיך אָפּשטעלן ברייט אויף דער דערמאָנטער און נײַער ליטעראַטור. איך וויל אָבער דער עיקר זיך קאָנצענטרירן, ווי איך האָב צוגעזאָגט, אויף דער דעפֿיניציע פֿון פּאָזיטיווער וועלטלעכקייט.

ראשית־כּל — אַ וואָרט, וואָס טײַלט אָפּ ״פּאָזיטיווע״ פֿון ״וועלטלעכקייט״ בּכלל.

ביידע באַגריפֿן זײַנען, נאַטירלעך, ענג פֿאַרבונדן איינער מיט דעם אַנדערן. וועלטלעכקייט איז, פֿאַרשטייט זיך, אַ פּיל ברייטערע קאָנצעפּציע, און איז אויך כּולל פּאָזיטיווע וועלטלעכקייט. אין דער צײַט ווען וועלטלעכקייט בּכלל קען אַנטהאַלטן צווישן אַנדערע אַספּעקטן עלעמענטן פֿון אַטעיִזם, איז פּאָזיטיווע וועלטלעכקייט, לויט מײַן אײַנזען, לחלוטין פֿרײַ פֿון גאָט־לעסטערונג. פּאָזיטיווע וועלטלעכקייט שאַצט אָפּ גאָר שטאַרק די קאָלאָסאַלע ראָל פֿון דעם עטישן מאָנאָטעיִזם אין דעם נביאישן באַגריף פֿון עטיק און יושר, פֿון סאָציאַלן פּאַטאָס און דעם דראַנג צו גאולה — צוגלײַך מיט דעם גרעראַנגל פֿאַר עכטן אוניווערסאַליזם, דורכגעפֿלאָכטן מיט געלײַטערטן קידוש השם אין אָנבליק פֿון כּלערליי נסיונות אין דער העראָישער געשיכטע פֿון אונדזער שווער געפּרוּווטן פֿאָלק.

פֿאַר פּאָזיטיווער וועלטלעכקייט איז חיים גראַדעס תּשובה בעת זײַן פּאַטעטישן וויכּוח מיט הערש ראַסיינערן ממש ווי אַ מין מאַניפֿעסט. אויף ראַסיינערס טראַגיש פּאָרכטיקער פֿראַגע: — צי איז דען מעגלעך צו גלייבן, אַז אַ וועלט קען זיך באַפֿרײַען פֿון יענע כּוחות וואָס האָבן דערפֿירט צו אַזאַ אכזריות? — ענטפֿערט גראַדע צוו׳אַנד:

״האָס און פֿאַראַכטונג צו דער וועלט, מבטל מאַכן די וועלט — דאָס איז אַלעמאָל געוועזן אײַער גײַסט״. ״מיר — ציט ווײַטער גראַדע — ״נעמען אויף זיך אַ טאָפּלטן חוב לגבי ייִדישקייט און לגבי דער וועלטישקייט״. ״מיר — וועלטלעכע — זוכן דעם תּוך פֿון ייִדישקייט אין וועלטלעכקייט, וואָס גייען צוזאַמען״.

די דאָזיקע דעקלאַראַטיווע ווערטער קענען אונדז דינען ווי אַ שליסל צו דעם פּרוּוו צו פֿאָרמולירן אַ דעפֿיניציע פֿון פּאָזיטיווער וועלטלעכקייט. דהײַנו:

״פּאָזיטיווע וועלטלעכקייט דערשאַצט און איז כּולל די דערהויבענע ווערטן פֿון דער רעליגיעזער ציוויליזאַציע אין גבול פֿון אַזאַ באַנעמונג פֿון ייִדישקייט, וואָס פֿלעכט אַרײַן די עטיש־מאָראַלישע דערגרייכונגען

פון אונדזער מאַרטירער־געשיכטע ווי אָן אינטעגראַלן באַשטאַנדטייל אינעם סעקולערן באַגריף פון אונדזער היסטאָרישער אַנטוויקלונג ווי אַ נאַציאָנאַלע גורל־געמיינשאַפט.״

פון אָט דער כמעט ווי אַקסיאָמאַטישער דעפיניציע קען מען שוין ציִען כּלערליי מסקנות פאַר דער האַלטונג און איַינשטעלונג פון דעם פּאָזיטיוו־וועלטלעכן סעקטאָר, וועלכער קען גריַילעך אָננעמען לכל הפּחות נאָך איין ענטפער חיים גראַדעס צו הערש ראַסיינערן: ״זאָלט איר וויסן, אַז איך שעפּ פון דעם זעלביקן ריינעם קוואַל וואָס איר, נאָר מיט אַן אַנדערער כּלי״.

וויבאַלד אהבת ישראל אַנטהאַלט אין זיך אָן אַ שיעור פּיעטעט פאַר דער קדושה פון אונדזער העראָיִשן גייַסטיקן ווידערשטאַנד קעגן כּלערליי לויערנדיקע סכּנות און ביטערע נסיונות, מוז אַ וועלטלעכער מענטש נישט דווקא בייַ זיך פּועלן צו אַקצעפּטירן מתּן תּורה אויפן באַרג סיני און די אמונה אין כּביכול, כּדי צו שעפּן פון דעם ״ריינעם קוואַל״ טאַקע ״מיט אַן אַנדערער כּלי״.

(״קענעדער אָדלער״, 21 סעפּטעמבער 1984)

## ייִדישע אידענטישקייט

הגם מ׳האָט מיר צוגעטיילט דעם כּבֿוד צו פֿירן אָט די הײַנטיקע וויכטיקע פּלענאַרע זיצונג וועגן דער לאַגע פֿון דער ייִדישער קולטור און ליטעראַטור, באַטראַכט איך עס אויך ווי אַן אויסדרוק פֿון אָנערקענונג פֿאַר דער דעלעגאַציע אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דעם נאַציאָנאַלן קאָמיטעט פֿאַר ייִדיש בײַם קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס. מיר זײַנען צו דער איצטיקער קאָנפֿערענץ געקומען מיט אַ קאָנקרעטן בײַשפּיל פֿון קהילה־מיטפֿאַראַנטוואָרטלעכקייט צו שטאַרקן די ראָל פֿון ייִדיש אין קאַמף פֿאַר אַ שעפֿערישן המשך.

ווו־נישט־ווו באַווײַזן זיך בליצן פֿון געשטײַגערטער חשיבֿות און באַציִונג צו ייִדיש, אָבער די דינע שטראַלן מאַכן נאָך בולטער דעם טראַגישן ריס צווישן די ריזיקע פּאָטענצן פֿון ייִדיש ווי אַ נאַציאָנאַלן אוצר, און דעם האַסטיקן גאַלאָפּ פֿון דער פּראַקטישער אַסימילאַציע.

צוויי דורות זײַנען שוין אַוועק זינט דעם חורבן, פֿון וועלכן ייִדיש איז דער גרעסטער קרבן. און דאָך לעבן מיר נאָך אַלץ מיט דער אינערציע פֿון יענער צײַט, ווען דער כּוח פֿון מאַמע־לשון האָט געווירקט ווי אַ נאַטירלעכער פּראָצעס פֿון אונדזער קולטור און אַנטוויקלונג. גראָד אָט די איצטיקע וועלט־קאָנפֿערענץ פֿאַר ייִדיש באַווײַזט, אַז די תּקופֿה פֿון נאַטירלעכן המשך איז פֿאַרענדיקט, און אַז מען מוז איבערגיין צו אַן אַנטשלאָסענעם און צילבאַוווּסטזיניקן אָנגריף פֿאַר דעם שעפֿערישן קיום פֿון ייִדיש אין דער פּלוראַלער קולטור־פֿאָרמאַציע אין דער נײַער תּקופֿה.

נישט אינערץ און נישט דעפּעטיזם וועלן העלפֿן געפֿינען אַ ממשותדיקע לייזונג. דערלויבט מיר דאָ צו דערמאָנען די ראשי־פּרקים פֿון דרײַ גרונטיקע אַספּעקטן פֿון אונדזער פּראָבלעמאַטיק: קודם כּל מוזן אונדזערע מאַסן־קיבוצים האָבן אַ קלאָרע וויזיע פֿאַר זייער שעפֿערישן קיום פּאַראַלעל און צוזאַמען מיט מדינת ישׂראל. דערצו איז נויטיק ערשטנס אויפֿצוגעבן די אילוזיע, אַז דעמאָקראַטיע פֿאַרזיכערט אויטאָמאַטיש אונדזער קולטור־קיום. פֿאַרקערט, ליבעראַליזם פּרעדיקט פֿולשטענדיקע אינטעגראַציע פֿון ייִדן דורך אויפֿגעבן זייער אייגנאַרטיקייט. דערנאָך מוזן מיר אין אַלע תּפֿוצות

עקשנותדיק שטרעבן אָנצוווענדן דעם פּרינציפּ, אַז **קולטור־פּלוראַליזם איז חל אויך אויף דעם ייִדישן לעבן גופא.**
דער אינערלעכער קולטור־קאַמף מוז פולשטענדיק פאַרשווינדן. אַ צווייטע קאַרדינאַלע מסקנא איז, אַז פּונקט ווי די תּפוצות זייַנען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם ווויל‌זייַן און זיכערהייט פון מדינת ישראל, אַזוי מוז ישראל נישט ווייניקער זייַן פאַראינטערעסירט אין דעם נאַציאָנאַלן קולטור־מצב פון די מאַסן־ייִשובים אין גאָר דער וועלט. ממה נפשך, וויבאַלד ישראל דאַרף שפּילן אַ ביז גאָר וויכטיקע ראָל אין אויפהאַלטן אונדזער גאַנץ פאָלקס־לעבן, מוז זי, פאַרשטייט זיך, אַקטיוו מיטזאָרגן פאַר ייִדיש אין קאַמף קעגן אַסימילאַציע. דאָס קען נאָר דאַן ווערן פאַרווירקלעכט, ווען דער אומזין פון כלומרשטן אַריבערשפּרינגען די מזרח־אייראָפּעיִשע תּקופה וועט איין מאָל פאַר אַלעמאָל פאַרשווינדן. די גרינגשעצונג צו דעם אַזויגערופענעם ״גלות־ייִד״ מוז מען עוקר מן השורש זייַן פון דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזייַן.

חיים גרינבערגס אַטאַקע קעגן דעם פאַרקריפּלטן באַגריף פון דעם ״גלות־ייִד״ דינט אויך הייַנט ווי אַ טרעפלעכער ריכט־שנור: ״ס׳רוב פון זיי, אומגעקומענע אין טרעבלינקע, מייַדאַנעק אא״וו. ווען איך הער איצט באַנוצן דעם גרינגשעצנדיקן אויסדרוק ׳גלות־ייִד׳, פיל איך ווי קברים ווערן געלעסטערט, די קברים פון אונדזערע נאָענטסטע״.

אויב איר ווילט, איז די איצטיקע קאָנפערענץ פאַר ייִדיש אין אַ געוויסער מאָס אויך אַן אויסדרוק פון שטאַרקן באַגער פון דער גייַסטיק־מאָראַלישער רעהאַביליטאַציע פון דעם אַזויגערופענעם גלות־ייִד, דעם אייגנטלעכן שעפער פון דעם **אוצר ייִדיש.** דאָס ברענגט מיך צום דריטן אויספיר אין שייַכות מיט דעם גייַסטיקן המשך פון ייִדישן וועלטפאָלק. ווי פאַרשידן עס זאָלן נישט זייַן די אידעאָלאָגישע הנחות פון באַזונדערע נאַציאָנאַלע ריכטונגען מחוץ ישראל, פאַרבינדט זיי אָבער איבער אַלץ דאָס געמיינזאַמע פּראָבלעם צו געפינען אַ האַרמאָנישן סינטעז צווישן ייִדישער אידענטיפיקאַציע און אינטעגראַציע מיט דער א״ג אָפענער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט, צווישן וועלכער מיר לעבן. אַפילו דער מעכטיקער אַמעריקאַנער ייִשוב, וועלכער האָט גאַנץ שפעט אַקצעפּטירט דעם פּרינציפּ פון אַ פאָלקס־געמיינשאַפט, ראַנגלט זיך איצט מיט אָט דער קאָמפּליצירטער פּראָבלעמאַטיק. פּראָפ׳ **ליבמאַן**, איצט פון תּל־אביבער אוניווערסיטעט, האָט אין זייַן ווערק ״דער צערודערטער אמעריקאַנער ייִד״ אויסגעפירט, אַז היות ווי די אַמעריקאַנער קולטור ווערט כּסדר אַלץ מער סעקולער, און ייִדישער קיום איז, לויט אים, אָפּהענגיק פון אויפהאַלטן אַן אינטענסיווע רעליגיעזע ציוויליזאַציע, זעט ער נישט דעריבער קיין שום שאַנס ממשיך צו זייַן אַן עכט ייִדיש לעבן אין אמעריקע. גראָד די ייִדיש־קולטור, אַ לעגיטימער צווייַג פון אונדזער אוראַלטער ציוויליזאַציע, האָט געשפּילט אַ דעצידירנדיקע ראָל

אין געפינען אַ סינטעז צווישן וועלטלעכקייט, נאַציאָנאַלער טראַדיציע און דעם אַריַינוואַקסן אין אַן אָפענעם דעמאָקראַטישן סיסטעם. הגם מזרח־אייראָפּע איז נאָך וויַיט געווען פון אַן עכטער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט, האָבן אָבער די טרוימער פון אַ פריַיער וועלט געשטרעבט גליַיכציַיטיק צו שטאַרקן זייער נאַציאָנאַלע ייִדישע אידענטיטעט צוזאַמען מיט עפעקטיווער סאָציאַל־פּאָליטישער אינטעגראַציע מיטן אַרום.

ייִדיש קען בלי שום ספק שפּילן אַ ביז גאָר וויכטיקע ראָל ווי אַ מעכטיקער שטיצפּונקט פאַר דעם פּראָצעס פון האַרמאָניזירן ייִדישע אידענטישקייט מיט אינטעגראַציע.

דאָס מיינט, לייִדער, נישט דאָס אומקערן זיך פון ייִדיש צו אַ ווערנאַקולן טאָגטעגלעכן לעבן. אָבער וואָס לענגער עס וועט זיַין מעגלעך איַינצוהאַלטן ייִדיש ווי אַ לעבעדיקע שפּראַך, אַלץ גרעסער די פּאָטענץ צו קרעפטיקן די קולטור־דאַמבעס קעגן אַסימילאַציע אין אונדזער פאַרשפּרייטונג. דער מזרח־אייראָפּעיִשער מאָדעל קען דעריבער דינען ווי אַ קוואַל פון אינספּיראַציע פאַר אַלע תּפוצות אין זייער קאַמף פאַר אַ שעפערישן המשך פון ייִדישן פאָלקס־לעבן.

ח. נ. ביאַליק האָט אַמאָל געזאָגט, אַז "אַ פאָלק האָט אַזויפיל הימל איבער זיַין קאָפּ, וויפל עס האָט באָדן אונטער די פיס". אויף דעם האָט חיים גרינבערג געענטפערט, אַז "ייִדן האָבן צוויי־טויזנט יאָר נישט געהאַט קיין טעריטאָריע, און דאָך אַזויפיל הימל". און טאַקע צוליב אָט דעם גיַיסטיקן הימל האָבן זיי אויך געהאַט די קראַפט צוריק צו געווינען טעריטאָריע. כּדי צו פאַרזיכערן דעם מאָרגן פון אָט דער טעריטאָריע פון ייִדישן קיום אין אַלע מאַסן־תּפוצות פון דער וועלט, מוז דער סימבאָלישער הימל וויַיטער געדיַיען איבער אַלע ייִשובים.

ייִדיש, וואָס איז אויפגעגאַנגען ווי אַ טייל פון "שיר השירים" אין דער געשיכטע פון די לעצטע צוויי טויזנט יאָר, ווי אברהם־יהושע העשעל האָט עס אַזוי דערהויבן אויסגעדריקט אין זיין באַרימטן עסיי "דער מזרח־אייראָפּעיִשער ייִד", איז אַ קרעפטיקע בריק צווישן דער פריציַיטיק פאַרשניטערנער "גאָלדענער תּקופה" און דער ניַיער אויפגייענדיקער עפּאָכע אין ייִדישן פאָלקס־לעבן אין גאָר דער וועלט.

(פון דער רעדע, געהאַלטן אויף דער ירושלימער קאָנפערענץ — הקדמה פונעם פאָרזיצער צו דער זיצונג וועגן דער לאַגע פון ייִדישער קולטור, ליטעראַטור [באַריכטן] — דעם 24־סטן אויגוסט 1976)

# דער המשך פון דער מזרח־אייראָפּעיִשער קולטור

דאָס קייטלען זיך פון תּקופות איז אַלעמאָל געווען אַ פענאָמען אין דער ייִדישער געשיכטע. האָבן דאָך די גײַסטרײַכע דערגרייכונגען פון נעכטן געדינט ווי אַ קוואַל פון אינספּיראַציע פאַרן מאָרגן.

אַזאַ קרעפטיקע זעלבסטדערהאַלטונגס־טענדענץ האָט אָנגעהאַלטן כּל־זמן דאָס ייִדישע לעבן איז פולשטענדיק באַהערשט געוואָרן דורך רעליגיע, טראַדיציע פון קדמונים און אַבסאָלוטער משפּחה־דיסציפּלין, ווען די אידענטיפיקאַציע פון אמונה און קולטור פון שטייגער־לעבן זײַנען געגאַנגען האַנט אין האַנט. דאָס פאַרטיידיקן זיך קעגן די אָפטע און צאָלרײַכע אָנגריפן פון ברוטאַלן דרויסן ביז צו דער גרייטקייט אויף כּלערליי פאָרמען פון קידוש־השם, האָט בלי ספק צעמענטירט די ייִדישע פאָלקס־געמיינשאַפט. אונדזער געשיכטלעכער פּראָצעס איז דעריבער איינער פון די סאַמע דינאַמישסטע כּוחות אין אויפהאַלטן אונדזער נאַציאָנאַלן קיום בײַ אַלע באַדינגונגען.

די פּאָליטישע און גײַסטיקע עמאַנציפּאַציע, און שוין די פּריִע השׂכּלה־באַוועגונג, האָבן ראַדיקאַל געענדערט אָט דעם היסטאָרישן גאַנג פון ייִדישן פאָלק.

אין קאַמף מיט דער דאַן נאָך גאָר טיף פאַרוואָרצלטער טראַדיציע האָבן די משׂכּילים זיך אָפט באַנוצט מיט סאַמע גרינגשעצנדיקע און ביז גאָר אָפּשפּאָטנדיקע עפּיטעטן אויפן חשבון פון ייִדישן פאָלקסמענטש. ווייערע אַטאַקעס האָבן אַפילו אָנגענומען צײַטנווײַז מאַזאָכיסטישע פאָרמען פון זעלבסטהאַס.

אַזוי איז דאָס ערשטע מאָל אין דער ייִדישער געשיכטע געקומען צו אַ טראַגישן ריס מיט דער חשיבות פון ייִד אין די אויגן פון די, וואָס זײַנען פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער אויסערלעכער וועלט. פּאַמעלעך האָט אָט דער צענטראַל־אייראָפּעיִשער, דער עיקר דײַטשישער, דורכברוך דערגרייכט אויך דעם תּחום־המושב. וואָס מער פאַרוועלטלעכונג, אַלץ נידעריקער איז געפאַלן די מערכה פונעם אײַנגעשטעלטן שטייגער פון אָט דער קולטור, פון מאַמע־לשון.

לאָמיר דאָ ציטירן נאָר עטלעכע משׂכּילים: אברהם מאפּו איז דערגאַנגען אַזש ביז אָפענער מסירה, ווען ער האָט אין אַ מאמר צום דעמאָלטיקן בילדונגס־מיניסטער אין רוסלאַנד, אוואַראָוו, זיך אַזוי אויסגעדריקט:

„דער ציל פון אָט דעם ווערק (עיט צבוע) איז פאַרצושטעלן דעם פאַנאַטיזם, די נאַרישע אָבערגלויבנס און די כיטרע פאַלשקייט און זייער קאַמישקייט" (ציטירט פון ד״ר אליהו שולמאַנס „פּאָרטרעטן און עטיודן", ז׳ 258).

אויך מ. ל. ליליענבלום, אין זײַן ספר „אורחות התּלמוד", פּראָוועט קאַטאָוועס פון חסידיזם, פונקט ווי בער לעווינסאָן א״אַ. מיר זײַנען נישט אויסן, חלילה, אָוועקצוזעצן די אָדער אַנדערע משׂכּילים אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק. ס׳קאָן גרײַלעך זײַן, אַז אַ גײַסטיקע רעוואָלוציע מוז דערפירן צו כּלערליי עקסידענטן און פײַנלעכע גרילצן. וואָס מיר זײַנען יאָ אויסן, איז מער נישט ווי צו באַווײַזן ווי ווײַט די נאַטירלעכע המשכדיקייט, וועלכע האָט תּמיד געגאָלטן אין דער ייִדישער געשיכטע, איז אײַנגעבראָכן געוואָרן.

ווען דער סעקולאַריזאַציע־פּראָצעס האָט אין 19־טן און אָנהייב 20־טן יאָרהונדערט אָנגענומען די מאַסן־פאָרמען אין מזרח־אייראָפּע און אויך כּולל געווען די וואַקסנדיקע סאָציאַליסטישע און נאַציאָנאַלע אידייען פון צענטראַל־ און מערב־אייראָפּע, איז דאָס שאַרפע נעגירן פון פאָלקסטימלעכער טראַדיציאָנעלקייט אין די ראַדיקאַלע קרײַזן האַסטיק געשטיגן. דאָס איז באַזונדערס בולט געקומען צום אויסדרוק אין צפון־אַמעריקע צוליב כּלערליי סיבות. נישט קיין קליינע ראָל האָט דאָ געשפּילט דער קעמפערישער אַטעיִזם און דאָס אַקצעפּטירן דעם מעכטיקן אײַנפלוס פון דער שמעלצטאָפּ־טעאָריע און פּראַקטיק.

אַפילו אַזאַ, אין תּוך־גענומען, נאַציאָנאַל־פּאָזיטיווע באַוועגונג, ווי דער „בונד", וועלכער האָט, אין די ראַמען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, געקעמפט פאַר דער ווירדע פון ייִדישן אַרבעטער און זײַן רעכט אויף סאָציאַל־קולטורעלער זעלבשטענדיקייט ווי אַ גליד פון דער אַלגעמיינער באַוועגונג, האָט לכתּחילה אָנגענומען אַ ריין נייטראַלע שטעלונג צום קיום־פּראָבלעם פון ייִדישן פאָלק. אמת, מיטן שפּעטערדיקן אָננעמען דעם פּראָגראַם פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע האָט זיך די דאָזיקע אײַנ־שטעלונג פולשטענדיק געענדערט, האָט אָבער דאָך די שפּאַנונג צווישן דעם נאָוואַטאָריש־וועלטלעכן און דעם טראַדיציאָנאַל־אײַנגעוואָרצלטן שטאַרק אָפּגעשוואַכט דעם פּראָצעס פון פּראָדוקטיווער קאָנטינויִטעט. דער באַגריף פון פּראָדוקטיווער קאָנטינויִטעט קאָן אַזוי דעפינירט ווערן: ער מיינט אַזאַ מעטאַמאָרפאָזע, וואָס הגם די נײַע פאָרמען קומען אָפּט אין קאָנפליקט מיט דעם פאַרגאַנגענעם, ווערן אָבער דוויערנדיקע נאַציאָנאַלע ווערטן אַבסאָרבירט דורך די נײַע אַנטוויקלונגען. די אַלץ מער און מער שטײַגנדיקע

נאַציאָנאַלע אָריענטאַציע פון ״בונד״, ביזן נעמען אַזש אַן אַקטיוון אָנטייל אין די רעליגיעזע קהילות, האָט מיט דער צײַט דערפירט צו וולאַדימיר מעדעמס קאַטעגאָרישער דעקלאַראַציע:

״אויף דער קהילה קוקן מיר ווי אויף דעם קערנדל פון דעם קערנדל פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. קליין איז דאָס קערנדל און שוואַך. אָבער מיט דער צײַט, ווען מע וועט אַרײַנלייגן פיל אָנגעשטרענגטע אַרבעט, וועט פון אים מוזן אויסוואַקסן אַ גאַנצער סיסטעם פון דעמאָקראַטישע אײַנריכטונגען״.

י.י. טרונק האָט אין פאַרשיידענע ניואַנסן געזוכט צו פאַרבינדן זײַן אינטערפּרעטאַציע פון בונדיזם מיט דעם עטישן מאָנאָטעיִזם און, דער עיקר, מיט דער נביאישער טראַדיציע, וואָס האָט אים דערפירט צו אַזאַ קלאָרער פעסטשטעלונג, ווי:

״דער וועלטלעכער קולטור־רענעסאַנס פון די ייִדישע פאָלקס־מאַסן איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו פון ייִדישן נאַציאָנאַל־עטישן באַוווסטזײַן איז נישט מער געווען די טעאָלאָגישע נאָרמע, נאָר אַן אַקטיווע לעבנס־רעאַקציע פון דער ייִדישער געזעלשאַפט אויף איר היסטאָרישער לעבנס־פונדאַציע״.

הגם י.י. טרונק איז נישט געווען דער אָנערקענטער פירער פון ״בונד״, האָט זײַן פילאָזאָפיע געהאַט אַ גאָר גרויסע השפעה אויף דער דאָזיקער באַוועגונג. אַזוי ווײַט, אַז דער לאַנגיאָריקער אָרגאַניזאַציאָנעלער פירער פון ״בונד״, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט עמנואל נאָוואָגרודזקי, האָט אויף דער צווייטער וועלט־קאָנפערענץ פון ״בונד״ נאָכן חורבן, אָפּגעהאַלטן אין מאָנטרעאָל אין יאָר 1955, אָפן געשטיצט די טרונקישע פילאָזאָפיע פון נאַציאָנאַלן מהות פון בונדיזם.

אויך דאָס, וואָס דער ״בונד״ האָט אַזוי אַנטשלאָסן אונטערגעהאַלטן דעם פונדאַמענטאַלן באַגריף פון דאָיִקייט ווי אַ באַזע פאַר דער צוקונפט פון ייִדישן לעבן אין די תּפוצות, האָט במילא אָפּגעשוואַכט די קריטישע באַציִונג צו ייִדן, מיט וועמענס לעבנסוועג די בונדישע פילאָזאָפיע איז געווען צעקריגט. דאָס אײַנשטעלן זיך אַקטיוו פאַר דעם רעכט פון ייִדישער שחיטה אין די נײַנצנדרײַסיקער יאָרן אין פּוילן, האָט דערפירט די דאָזיקע פּאָזיטיווע טענדענץ צום סאַמע העכסטן פּונקט.

אין אַ גראַד פאַרקערטער ריכטונג האָט זיך געהאַט אַנטוויקלט די באַציִונג צום אַזויגערופענעם גלות־ייִד מצד דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע. אמת, עס וואָלט געווען אַ גרויסער פעלער צו פאַראַלגעמיינערן די דאָזיקע אָריענטאַציע, וואָרום אין ציוניסטישן לאַגער גופא זײַנען געווען כּלערליי ניואַנסן, פון לינקן פּועלי־ציון ביז צום אַנדערן עקסטרעם, וואָס האָט מבטל־געמאַכט דעם

גלות-פּעריאָד מיט דורכאויס נעגאַטיווע שטריכן פון טיפּישן גלות-ייִד.

כּל-זמן דאָס ייִדישע לעבן אין מזרח-אייראָפּע איז ביז צום חורבן אָנגעגאַנגען לפי ערך נאָרמאַל, האָט דער־אָ נעגאַטיוויזם נישט געדראָט מיט קיין קאַטאַסטראָפאַלע קאָנסעקווענצן פאַרן קיום פון אונדזער פאָלקס־געמיינשאַפט. דאַן האָט מזרח-אייראָפּע נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן די טראַדיציע פון קדמונים צו שטאַרקן אַלע תּפוצות, באַזונדערס אין די נײַע אַמעריקאַנער ייִשובים מיט לערערס, קולטור־טוערס, כּלי־קודש אאַ״וו. אויף אַזאַ אופן איז כּסדר פאָרט געוואָרן אָפּגעשוואַכט דער פּראָצעס פון דער גאַלאָפּ־אַסימילאַציע אין צפון־אַמעריקע, ווו דער צווייטער דור איז אַנטלאָפן מיט אימפּעט פון דער פאָלקס-קולטור, דער עיקר פון מאַמע־לשון.

די ביז גאָר קרעאַטיווע אַמעריקאַנער ייִדישע ליטעראַטור איז מער דערשאַצט געוואָרן אין מזרח-אייראָפּע, ווי אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. בינו לבינו איז אויסגעוואַקסן אַ קוואַליטאַטיוו באַרײַטנדיקע ענגליש־ייִדישע ליטעראַטור, וועלכע האָט, ליידער, זיך ס׳רוב קאָנצענטרירט אויף כּלערליי שוואַכקייטן פונעם אימיגראַנט: שוואַכקייטן, וואָס האָבן טיילמאָל אָנגענומען גראָטעסקישע פאָרמען.

מיטן אויפקום פון מדינת ישראל איז די השפּעה פון ציוניזם אין די אַמעריקעס געוואַלדיק אויסגעוואַקסן. נאָך מער, די טיפע און ערנסטע זאָרג פאַרן קיום פון דער באַדראָטער מדינה איז מיט רעכט געוואָרן די סאַמע שטאַרקסטע נאַציאָנאַלע טרײַבקראַפט פון אַמעריקאַנער און אַנדערע ייִדישע ייִשובים. אָט די געשטײַגערטע אידענטיפיקאַציע מיט ישראל און מיט אַנדערע באַדראָטע תּפוצות נאָכן חורבן האָט אַלע טריבוטן פון אַ נאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט.

חיים גרינבערג, דער שיינגײַסט פונעם אַרבעטער־ציוניזם, האָט גאָר פרי דערשפּירט די דעסטרוקטיווע ווירקונג פון גרינגשעצן דעם אַ״ג גלות-ייִד און האָט דאָס ביז גאָר בולט געבראַכט צום אויסדרוק אויף דעם ערשטן נאָכמלחמהדיקן ציוניסטישן קאָנגרעס אין ירושלים (1951):

„נישטאָ קיין קולטור־מאָרגן אָן אַ קולטור־נעכטן און אייערנעכטן. די גרינגשעצונג פונעם גלות־ייִד איז אַ פאַרברעכן. מען האָט אים געזען ווי אַ נעבעכדיק באַשעפעניש, אָן קראַפט און מאַניערן, אָן מענלעכן גלײַכגעוויכט, אָן שטאָלץ, גרייט צו קריכן אויף אַלע פיר און זיך צו אוניזשעווען (דערנידעריקן — אַ. ל.) פאַר אַ שטאַרקערן.

„איצט, ווען איך האָב איבערגעשפּאַנט אָקעאַנען, זיך באַקענט מיט קאָנטינענטן, איצט, ווען פאַר מײַנע אויגן וואַקסט אַ נײַער דור, אַ דור, אין וועלכן ס׳איז אינוועסטירט אויך מײַן ביסל פליייש און בלוט — הער איך נאָך אַלץ דעם באַגריף ׳גלות־ייִד׳. איך דערמאָן זיך דערבײַ, אַז די מערסטע ייִדן האָבן אין די לעצטע יאָרן אויסגעהויכט

זייער אָטעם אין טרעבלינקע, בוכענוואַלד, אויף פעלדער, אויף שיי־טערהויפנס און אין גאַז־קאַמערן... און מיט יענע מיליאָנען זייַנען אָוועקגעגאַנגען אין דער אייביקייט זייער לשון און זייערע תּנועות, זייער תּוך־הדיבור און תּוך המחשבה. האָב איך דאָס געפיל ווי מען שענדט קברים פון אייגענע, פון די ייִנגסטע, וואָס מיר האָבן ווען נישט איז פאַרמאָגט. דער גלות־ייִד האָט געשפּאַנט איבער דער וועלט פון פינצטערניש מיט אַ לאַמטערן אין האַנט. דער לאַמטערן איז געבליבן אין די הענט, אָבער דער בוימל רינט אויס. פריִער אָדער שפּעטער מוז אָבער קומען צו אַ סינטעז צווישן ארץ־ישראל און דער קולטור פון גלות" (חיים גרינבערג).

**אויך ה. לייוויק האָט אין זייַן באַרימטער דערקלערונג אויף דער אידעאָלאָגישער קאָנפערענץ אין ירושלים אַזוי געזאָגט:**

"בן־גוריונס איבערהיפערן צוויי טויזנט יאָר און אַרייַנשפּרינגען אין דער תּנכישער אַטמאָספער איז סכּנהדיק. גראָד אין די טעג פון די 2000 יאָר איז אויפגעקומען אין גלות דאָס אויספאַרמירן זיך פון אונדזער גרויסקייט. די גלותדיקע שרה בת־טובים איז אַ מין תּנכישע געשטאַלט ווי בת־שבע. איך האַלט, אַז די מעשה, ווי דער שוסטער־יונג **הירש לעקערט**, וואָס האָט אַרייַנגעשאָסן אַ קויל אין אַ ווילנער גובערנאַטאָר פאַר שמייַסן ייִדישע אַרבעטער און איז צוליב דעם אויפגעהאָנגען געוואָרן, איז נישט ווייניקער תּנכיש ווי די פון דוד המלך. דער גלות־ייִד איז געווען אַ וווּנדער, אַ שיינקייט, און ס'איז אַ כּבוד צו שטאַמען פון אָט דער שיינקייט"... —— "דער יסוד פון יעדן ייִד איז ניט שלילת־הגלות, נאָר הייבן; נישט פאַרלייקענונג, נאָר באַמיִונג; דער יסוד פון אונדזער קיום איז שטענדיק **אינטימע פאַרבינדונג און המשך**. נאָר איין מאָל איז געזאָגט געוואָרן דאָס וואָרט בראשית. איך וויל האָפן, אַז אונדזער ייִדישע געשיכטע מאַכט איצט אַדורך דעם פּראָצעס פון צונויפשליסן זיך אין איר קרייַז, ווו יעדעס פינטל, יעדעס שרייַפל, איז אַ נויטווענדיק רינגל אין אָט דעם קרייַז, ווו קיין מינדסטער פּרט טאָר נישט פאַרשוועכט ווערן".

**נו, יאָ, וועלן אַנדערע אָנווענדן: די מזרח־אייראָפּעיִשע תּקופה האָט דאָך אין לעצטן פעריאָד אַרויסגעהויבן נישט נאָר דעם וועלטלעכן נאַציאָנאַלן דורכברוך, נאָר גלייַכצייַטיק אויפגעהאַלטן אַ גאָר שטאַרקע רעליגיעז־טראַדיציאָנעלע באַזע. גראָד די לעצטע רעליגיעזע ירושה שייַנט צו זייַן אַ סך קרעפטיקער נאָכן חורבן.**

ווידעראַמאָל מוזן מיר אויספירן, אַז ווען מיר ריידן וועגן דער מזרח־**אייראָפּעיִשער קולטור־ירושה, טאָרן מיר חלילה נישט אויסשליסן קיין איין דימענסיע פון דעם גבול, וואָס טראָגט דעם אַלץ־אַרומנעמענדיקן באַגריף**

**מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדישע גײַסטיקע ירושה.**

אָן אַ שיעור פֿאַלשע באַגריפֿן הערשן בײַ אונדז וועגן דער, ווי איך וואָלט זי אָנגערופֿן, ״פּאָזיטיווער וועלטלעכקייט״. פּאָזיטיווער סעקולאַריזם איז אַ פֿילאָזאָפֿיע, וואָס איז כּולל גרונטיק אַלע הויפּט־ניואַנסן אינעם באַגריף **ייִדישקייט.**

שמעון דובנאָוו האָט, נאָך אַ לענגערן אַנאַליז אין זײַנע בריוו וועגן אַלטער און נײַער ייִדישקייט דאָס אויסגעדריקט אַזוי:

״די צונויפֿמישונג פֿון נאַציאָנאַלן און רעליגיעזן, און די פֿאַרוועלט־לעכונג פֿון דער ייִדישער נאַציאָנאַליטעט, איז אַ תּנאַי פֿאַר דער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג״. — ״...נישט רעליגיע און נישט קולטור — שרײַבט ווײַטער דובנאָוו — קענען ווערן אויסשליסלעכע קריטעריעס פֿון ייִדישן המשך. מיר אונטערשיידן זיך פֿון דער אָרטאָדאָקסיע דערמיט, וואָס מיר גלייבן אין עוואָלוציע פֿון ייִדישקייט, וואָס איז כּולל אַלע גרונט־פֿאָרמען פֿון נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג״.

**פֿון דער אַנדערער זײַט האָבן מיר פֿון אַזאַ אויטאָריטעט, ווי הרב הגאון יוסף דוב סאָלאָווייטשיק אַזאַ קלאָרע אויפֿפֿאַסונג, פֿאַרעפֿנטלעכט אין 45־יאָריקן יובל־נומער פֿון ״טאָג״:**

״איך קען נישט קיין ייִדישיסט וואָס גלייבט, אַז דער לשון אַליין שטעלט מיט זיך פֿאָר אַן אַבסאָלוטן ווערט. אָבער אַ גמרא־ייִד בין איך יאָ, און איך ווייס, אַז הייליקייט און אַבסאָלוטקייט זײַנען נישט אַלעמאָל אידענטיש. די הלכה האָט פֿאָרמולירט צוויי אידייען פֿון קדושה: 1) גופֿי קדושה, און 2) תּשמישי קדושה. מ׳דאַרף ראַטעווען פֿון אַ שריפֿה שבת נישט נאָר די ספֿר תּורה, נאָר אויך דאָס מענטעלע, אין וועלכן זי איז אײַנגעוויקלט; נישט בלויז די תּפֿילין, נאָר אויך דאָס זעקעלע, אין וועלכן זיי ליגן. ממילא איז ייִדיש אַלס שפּראַך ווי תּשמישי קדושה אויך הייליק״.

אַ רײַכע עסייען־ליטעראַטור פֿון וועלטלעכע ייִדישע דענקער, אָנהייבנדיק פֿון חיים זשיטלאָווסקי, י. ל. פּרץ, ש. ניגער, יודל מאַרק, י.י. טרונק א״אַ, האָט גאָר איבערצײַגנדיק אויסגעדריקט ענלעכע געדאַנקען וועגן דעם שײַכות צווישן **סעקולאַריזם און רעליגיע.** הײַנט באַקומען זיי אַלץ מער און מער וואָג, וואָרום ס׳איז דאָך קלאָר, אַז מיר קענען נישט און דאַרפֿן נישט דערוואַרטן קיין האָמאָגענע ייִדישקייט פֿון איין גוס און נוסח. פֿאַרקערט, פֿאַרשיידנאַרטיקייט שטאַרקט דעם מהות פֿון אונדזער פֿאָלקס־געמיינשאַפֿט. נאָר קעגנזײַטיקע דרך־ארצדיקע באַציִונגען, וואָס אָנערקענען דאָס רעכט אויף אויפֿריכטיקע איבערצײַגונגען אין די ראַמען פֿונעם עצם באַגריף פֿון ייִדישקייט, קענען פֿאַרשטאַרקן דעם פֿאַרמעסט צו פֿאַרזיכערן אונדזער נאַציאָנאַלן קיום.

מעג אַפּילו דער מער עקסטרעם־רעליגיעזער סעקטאָר דאָס קאַטעגאָריש אָפּוואַרפן, בלײַבט עס אָבער פֿאַר אונדז אַ **חוק ולא יעבור.**

מיר גערעדנקען, אַגב, וואָס פֿאַר אַן אײַנפֿלוס עס האָט בשעתו געהאַט דער דעמאָלטיקער מזרח־אייראָפּעיִשער טראַדיציאָנעלער נוסח פֿון ד״ר פראַנץ ראָזענצווײַג, מאַרטין בובער, ליאָן פֿויכטוואַנגער א״אַנד, וועלכע האָבן, נאָכן קומען אין באַריר מיטן ייִדישן לעבן אין פּוילן, אַזוי ממשותדיק פֿאַרטיפֿט זייער דאַן שוין אָפּגעשוואַכטע ייִדישקייט.

ניין. ווען מיר רײדן וועגן דער מזרח־אייראָפּעיִשער ייִדישער גײַסטיקער ירושה, מיינען מיר טאַקע די אַלע וויטאַלע ווערטן, וואָס האָבן געשאַפֿן נישט נאָר דעם ווונדערלעכן אַראָמאַט פֿון אַ גאַנץ און קוואַליק ייִדיש לעבן אין כּלערליי וואַריאַנטן, נאָר יענע דויעריקע פֿונדאַמענטאַלע קולטור־אוצרות, וואָס דורך איבערגיין פֿון תּקופֿה צו תּקופֿה האָבן זיי אויפֿגעהאַלטן אונדזער ציוויליזאַציע פֿאַר טויזנטער יאָרן, אין דער צײַט ווען ס׳רוב ציוויליזאַציעס זײַנען שוין לאַנג אויפֿן עולם האמת.

באַדײַטנדיקע סימנים פֿון אַ דורכברוך לאָזן זיך ענדלעך באַמערקן. אָט האָט אַפּילו דער אַמאָל עקסטרעם אַסימילאַטאָרישער ״אַמעריקען דזשויִש קאָמיטי״ (אַמעריקאַנער ייִדישער קאָמיטעט) נאָך אַ גרינטלעכער אויספֿאָרשונג פֿון אַן אַזויגערופֿענעם ״טאַסק פֿאָרס״ אָנגענומען דעם פּרינציפּ פֿון ייִדישער פֿאָלקס־געמיינשאַפֿט. די מעבטיקע אַמעריקאַנער פֿילאַנטראָפּישע פֿעדעראַציע גייט, יערנפֿאַלס אין איר פֿילאָזאָפֿישן צוגאַנג, אויף די זעלבע דרכים. דער וווקס און דער אינטערעס, לכל הפּחות בײַ אַ טייל פֿון דער אַקאַדעמישער וועלט, באַזונדערס פֿון דער יוגנט, און די באַשײַמפּערלעכע פֿאַרבעסערונג פֿון דער מערכה פֿון ייִדיש — דאָס אַלץ זײַנען סימפּטאָמען אויף ווי ווײַט די אונטערערדישע קוואַלן, פֿון וואַנען עס ציִען נאָך אַלץ זייער יניקה אונדזערע טיפֿע נאַציאָנאַלע וואָרצלען, האָבן נישט אויפֿגעהערט זיי צו שפּײַזן.

דער געבאָט פֿון דער שעה איז אָבער נישט צו פֿאַרלאָזן זיך בלויז אויף אַזעלכע אַ״ג קולטור־פּראָצעסן, נאָר מיט מאַקסימאַלן אָנשטרענג, אין פֿולער קאָאָפּעראַציע צווישן די תּפֿוצות און מדינת ישׂראל, צו געבן אַ תּיקון און שוווּנג דער אינטעגראַציע פֿון דער נײַער תּקופֿה אין דער ייִדישער געשיכטע.

אין סך־הכּל ווערט קלאָר, אַז נאָר דורך רעהאַביליטאַציע פֿון יענער גרויסער שעפֿערישער תּקופֿה קאָן געשטאַרקט ווערן אונדזער פֿאָלק אין אָנבליק פֿון די ביטערע געפֿאַרן, וואָס לויערן אויף אונדז. נישט מיר נייטיקן זיך אין דער אַ״ג רעהאַביליטאַציע, נאָר למען האמת אין דער פֿולער באַנעמונג פֿון געשיכטלעכן גאַנג איז נייטיק, אַז דאָס ייִדישע פֿאָלק ווי אַ גאַנצעס זאָל אײַנגלידערן די דאָזיקע ירושה אין דעם ווײַטערדיקן גאַנג פֿון שווערן קאַמף פֿאַר נאַציאָנאַלן קיום.

אין אָנבליק פֿון דער אַלץ מער און מער שטײַגנדיקער פּראַקטישער אַסי־

מילאַציע, וואַקסט דאָס פּראָבלעם פון אַרויסהייבן די מזרח־אייראָפּעיִשע גײַסטיקע ירושה צו דער סאַמע וויכטיקסטער אויפגאַבע פון די פון אונדז, וואָס האָבן געהאַט די זכיה אײַנצוזאַפּן אין זיך די ריזיקע קולטור און גײַסטיקע שפּאַנונג פון אָט דער פאַרשניטענער תּקופה. דורך ממשיך זײַן די רײַכע און קוואַליקע ירושה וועט אָן אַן ערך גרינגער זײַן צו געפינען אַ נײַעם סינטעז צווישן נעכטן און הײַנט.

די גײַסטיקע רעוואָלוציע, וואָס דויערט זינט דער עמאַנציפּאַציע, איז נאָך אַלץ אין גאַנג. זי האָט אָנגענומען כּמעט ווי דעם כאַראַקטער פון אַ פּערמאַנענטער רעוואָלוציע. די צײַט פאַר אַ נײַעם סינטעז איז שוין לאַנג געקומען. אויף אונדזער דור פאַלט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו העלפן דערגרייכן דעם סינטעז ווי אַ תּנאי פאַר שעפערישן קיום און המשך: אַ סינטעז, וואָס מיינט נישט אַבסאָלוטע האָמאָגענישע, נאָר אינטעגראַלע ייִדישקייט, וואָס וועט גיכער דערמאָנען אַ רעגנבויגן פון קעגנזײַטיקער פולער דערגאַנצונג. מיט אַנדערע ווערטער: פון אינטעגראַלער ייִדישקייט.

„די צוקונפט“, נאָוועמבער־דעצעמבער 1982

# ייִדיש און די לאַנד־שפּראַך

דערלויבט מיר קודם־כּל דעם סדר פֿון די צוויי באַגריפֿן פֿון אונדזער טעמע. שוין אין דעם סדר גופֿא ליגט אייגנטלעך דער ערשטער שליסל צו דער פּראָבלעמאַטיק, וועלכע מיר קלייַבן זיך דאָ צו באַטראַכטן.

די האַרבע ווירקלעכקייט פֿאַרלאַנגט מיר זאָלן פֿרעגן "וואָס איז, און וואָס קען זייַן, דער שייַכות צווישן לאַנד־שפּראַכן און ייִדיש אין די תּפֿוצות און אין מדינת ישׂראל?

ערב דער צווייטער נאַציאָנאַלער קאָנפֿערענץ פֿאַר ייִדיש (1977) האָבן מיר אין מאָנטרעאָל דיסקוטירט די צוגעגרייטע דעקלאַראַציע, אין וועלכער מיר האָבן געמאַכט אַ פּרוּוו פֿון אַ מער ניכטערן אויפֿנעמען דעם־אָ צענטראַלן פּראָבלעם אונדזערן. מיר האָבן דאַן אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז ייִדיש קען, ליידער, מער נישט ווערן צוריק אונדזער טעגלעכע רייד־שפּראַך, דאָס "מאַמע־לשון" (וואָס לינגוויסטן רופֿן אָן ווערנאַקולאַר). אַ סך האָבן דעמאָלט אַנטקעגנגערעדט און האָבן געהאַלטן, אַז אַפֿילו ווען דאָס איז אמת, טאָר מיר עס נישט ברענגען פֿאַרן מויל.

דאָס איז ווייַט נישט קיין פֿאַראיינצלטער פֿאַל, וואָרום בדרך־כּלל ווען טיף אַנטוישטע זוכן אַ תּרופֿה צו זייער באַדראָטן אידעאַל, אַנטלויפֿן זיי ס׳רוב פֿונעם אמת און זוכן אַ טרייסט אין כּלערליי אוטאָפּיעס. ווען אַלע אַנדערע מאָטיוון לאָזן פֿאָרט זיך אויס, בלייַבט זיי נאָך אַזאַ שטאַרק אָנגעלאָדענער נאַציאָנאַלער אַרגומענט, ווי דער, אַז ייִדיש איז דאָך געווען די שפּראַך פֿון מיליאָנען קדושים. מיט אָט דער שפּראַך אויף זייערע ליפּן זייַנען זיי אויסגעגאַנגען און האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות אין די טרעבלינקעס. וויאַזוי־זשע קען אַ פֿאָלק אויפֿגעבן אַזאַ הייליקע ירושה.

אַוודאי קען אַזאַ מאָטיוו צעטרייסלען אַ סך ניצול־געוואָרענע. אָבער, וויבאַלד מען שטעלט אַוועק ייִדיש אַנטקעגן דער לאַנד־שפּראַך, קען אַפֿילו קיין שום הייליקער ציטער נישט גובֿר זייַן דעם מעכטיקן דרוק פֿון דער געגעבענער אָפֿיציעלער שפּראַך. אגבֿ, האָט נאָך פֿאַרן חורבן די אָפֿיציעלע לאַנד־שפּראַך אין פּוילן, למשל, אָפּגעריסן שטיקער פֿון

אונדזער פֿאָלק. דאַן האָט נאָך די אינערץ פֿונעם מאַמע־לשון און פֿון דעם קרעפֿטיקן רעליגיעזן, ווי אויך וועלטלעכן נאַציאָנאַלן לעבן אָפּגעהאַלטן דעם שפּראַכלעכן אַסימילאַציע־פּראָצעס. וועגן דער אַסימילאַציע אין צענטראַל־ און מערב־אייראָפּע איז דאָך שוין אָפּגערעדט, און דער אַזויגערופֿענער „שמעלץ״־פּראָצעס אין די פֿאַר. שטאַטן איז צו גוט באַקאַנט מיר זאָלן ערשט דאַרפֿן מאַריך זײַן. אַפֿילו אין די דרום־אַמעריקאַנער לענדער, די פֿיל שפּעטערדיקע „קאָלאָניעס״ פֿון דער מזרח־אייראָפּעיִשער אימיגראַציע, ווו דער שפּראַכלעכער אַסימילאַציע־שטראָם האָט פֿאַרשפּעטיקט, נעמט ער שוין, ליידער, דערגרייכן דעם אינטערנאַציאָנאַלן ניוואָ. אין דער ייִנגסטער קאָלאָניע, אויסטראַליע, באַזונדערס אין מעלבורן, האָט ייִדיש נאָך אַלץ אַ בעסערע מערכה, אָבער צום באַדויערן וואַקסט אויך דאָרט די שפּראַך־אַסימילאַציע מיט אַ ריזיקן טעמפּאָ.

מדינת ישראל שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ גאָר באַזונדער פּראָבלעם. נישט אַסימילאַציע, נאָר די אַמאָל אַבסאָלוטע ראָל פֿון העברעיִש האָט באַוווסטזיניק, כמעט ווי פּולשטענדיק אַרויסגעשטויסן ייִדיש. פֿאַרשטייט זיך, אַז ישראל איז אינגאַנצן אַן אַנדער פּראָבלעם, וואָרום די לאַנד־שפּראַך איז דאָך אַזוי אַלט ווי דאָס ייִדישע פֿאָלק און האָט אויסגעהאַלטן איר שעפֿערישע וויטאַליטעט פֿון תּנ״ך ביז אונדזער צײַט. נישט נאַציאָנאַלע אַסימילאַציע דראָט דאָרט, נאָר אָפּפֿרעמדונג פֿון אונדזער בערך טויזנטיאָריקער פֿאָלקס־קולטור.

גאָר אַנדערע מאָטיוון דאַרפֿן דעריבער גילטן פֿאַר דער מדינה. וואָס עס איז יאָ כּדאַי צו דערמאָנען, איז דעם פֿאַקט, אַז דער ציוניזם איז געווען אַ טייל פֿון דעם אויפֿשטייג פֿון נאַציאָנאַליזם, וועלכער האָט אין XIX־טן און פֿריִען XX־טן י״ה אידענטיפֿיצירט די האָמאָגענע (איין־פֿאָלקישע) מלוכה מיט איין לאַנד־שפּראַך. פֿאַרשטייט זיך, אַז אין די אייגנאַרטיקע באַדינגונגען, אין וועלכע ישראל איז געבויט געוואָרן, האָט די דאָזיקע לינגוויסטישע טענדענץ פֿון יענער צײַט געשפּילט אַ באַזונדערס גרויסע ראָל.

מיר שטעלן, נאַטירלעך, אַוועק דאָס פּראָבלעם פֿון די תּפֿוצות. כמעט אומעטום אין די תּפֿוצות, וואָס געפֿינען זיך אין אַזויגערופֿענע אָפֿענע געזעל־שאַפֿטן (וואָס דאָס מיינט אַפֿילו ווען נאָר מיט רעלאַטיוו פֿרײַע בירגערלעכע און ציווילע רעכט פֿאַר מינאָריטעטן), ווערט דאָס פּולע באַהערשן פֿון דער לאַנד־שפּראַך, ספּעציעל אין איר טאָג־טעגלעכן באַנוצן זי, אַ תּנאַי פֿאַר גרייכן צו העכערע שטאַפּלען אין דער געזעלשאַפֿט. אונטער אָט די באַדינגונגען קען די פֿאָלקס־שפּראַך פֿון אַ מינדערהייט נאָר דאַן געדײַען ווי אַ צווייטע אָדער דריטע שפּראַך, ווען זי ווערט באַוווסטזיניק געשטיצט פֿון אַן אָרגאַניזירטן נאַציאָנאַלן כּוח. דער נאַטירלעכער אויפֿהאַלט־פּראָצעס ווערט כּסדר אַלץ מער אָפּגעשוואַכט, בפֿרט נאָך ווען דער געוואַלדיקער דרוק פֿון דער מערהייט באַגרענעצט זיך נישט נאָר צו שפּראַך־אַסימילאַציע,

נאָר שווענקט כּסדר אויך אונטער אַלץ מער און מער דעם אייגנאַרטיקן שטייגערלעבן פון געגעבענע עטנישע פאָלקס־גרופּן.

אַפילו רעליגיע פּאַלט טיילווײַז אַ קרבן פון שפּראַך־אַסימילאַציע, חוץ אין גאָר עקסטרעמע פאַלן. אַן אויבנאויפיקער בליק אויף דער אַנטוויקלונג פון דעם שפּראַך־פּראָצעס אין לובאַוויטשער לאַגער קען באַשײַמפּערלעך באַשטעטיקן, אַז שפּראַכלעכע אַסימילאַציע שטויסט גיך אַרויס ייִדיש.

אגב, דער בײַשפּיל פון דער אָרטאָדאָקסיע אינעם פאַר־חורבנדיקן דײַטשלאַנד באַשטעטיקט גאָר בולט, אַז דער קולטור־אַסימילאַטאָרישער פּראָצעס קען אָנגיין פּאַראַלעל אַפילו מיט אינטענסיווער רעליגיעזקייט. אין ענגלאַנד, ווי אויך אין אַנדערע אייראָפּעיִשע לענדער, געפינען מיר ענלעכע טענדענצן. זייער אָפט משפּטן אויך אַ סך וועלטלעכע לויט אויבנאויפיקע וויזועלע סימנים פון כּלומרשטער אידענטיפיקאַציע פון אָרטאָדאָקסאַלער רעליגיעזקייט, באַזונדערס פון דער חסידישער, מיט דער גוטער מערכה פון ייִדיש.

ליידער דערלויבט נישט די האַרבע ווירקלעכקייט קיין אָפּטימיסטישע פּראָגנאָזן פאַר דעם פאַרמעסט צווישן ייִדיש און די לאַנד־שפּראַכן. פאַרשטייט זיך, אַז אין אונדזער געראַנגל ממשיך צו זײַן ייִדיש און ייִדיש־קולטור, להכעיס דער פאַרפלייצונג פון דער שפּראַכלעכער אַסימילאַציע, מוזן מיר זוכן ממשותדיקע מאָטיוון, וואָס זאָלן מעגלעך מאַכן דאָס האַרמאָנישע הויזן פון ייִדיש מיט די לאַנד־שפּראַכן פון יעדן ייִשוב.

מיר מוזן קודם־כּל ענדגילטיק פאַרוואַרפן יעטוועדע אילוזיע פון געווינען דעם פאַרמעסט נישט מיט **אָדער — אָדער**, נאָר דורך קעגנזײַטיקן דערגאַנצן אונדזער אייגענע שפּראַך מיט דעם **פולן אָנערקענען די וויכטיקייט פון** ייִדישער שעפערישקייט אויך אין די לאַנד־שפּראַכן.

עקסטרעמיסטן זײַנען נאָך אַלץ מבטל ייִדישע שעפערישקייט, באַזונדערס דורך קינסטלערישער ליטעראַטור, אין די נישט־ייִדישע שפּראַכן. אין דעם פאַל דאַרפן מיר אַ סך לערנען פון דער צפון־אַמעריקאַנער דערפאַרונג.

אַוודאי איז אַ גרויסער מהלך, למשל, צווישן פיליפּ ראָט און סינטיאַ אַזיק און חיים פּאָטאָק אין אַמעריקע. אויך אין קאַנאַדע שטייען אַזעלכע גאָר באַדײַטנדיקע ייִדיש־ענגלישע שרײַבער, ווי א. מ. קליין און ריטשלער אויף צוויי עקסטרעמע פּאָלוסן. אָבער ווען מ׳זאָל נישט דערשאַצן די, וואָס האָבן געפונען אין ענגליש אַן אויסדרוק פאַר זייערע עכט־ייִדישע וואָרצלען, וואָלט זיך באַקומען אַ גאָר טרויעריק בילד.

אין גרעסטן ייִדישן ייִשוב אויף דער וועלט באַווײַזן זיך אַלץ שטאַרקערע סימנים פון שפּרודלדיקער שעפערישקייט צווישן זיי. די מער טאַלאַנטירטע צווישן זיי זײַנען מודה, אַז ייִדיש איז פאַר זיי אַ גאָר **וויכטיקער קוואַל פון אייגנאַרטיקער נאַציאָנאַלער אינספּיראַציע**. **אַזוי, למשל, האָט זיך אויסגע־**

דריקט סינטיאַ אַזיק אין אַן אינטערוויו מיט מרים האָפּמאַן ("פֿאָרווערטס", 13.5.1988), אויפֿקלערנדיק איר איצטיקע באַציִונג צו ייִדיש־שאַפֿן. מיט איבער צוואַנציק יאָר צוריק האָט זי געהאַט פֿאַרעפֿנטלעכט אַ סאַטירישע דערציילונג אין "קאָמענטרי". אין אַפּריל ה.י. האָט זי פּובליקירט אַן אַרטיקל אין דער פּרעסטיזשפּולער צײַטשריפֿט "ניו־יאָרקער", אין וועלכן זי האָט, ווי מרים האָפּמאַן דריקט זיך אויס, אויסגעזונגען "אַ שיר השירים פֿאַר ייִדיש". צוו"אַנד האָט זיך סינטיאַ אַזיק אַזוי אַרויסגעזאָגט:

"דאָס איינציקע, וואָס דערהייבט מיך און פֿילט מיך אָן מיט באַגײַס־טערונג, איז די איבערזעצונג פֿון ייִדישער פּאָעזיע". — "... דאָס גיט מיר טאָטאַלע פֿרייד." — "...די שפּרודלדיקייט פֿון דער שפּראַך, דער ניגון פֿון אַ יעדן אות, און דאָס וואָס איז פֿאַרזיגלט אין מאַמע־לשון, וועט קיינמאָל נישט אונטערגיין".

די באַציִונג פֿון סינטיאַ אַזיק צו אונדזער קולטור־ירושה שפּיגלט זיך בולט אָפּ אין אירע ווערק. זיי זײַנען פֿול מיט עכטער, טיף פֿאַרוואָרצלטער ייִדישקייט. נישט קיין וווּנדער, וואָס זי ווערט פֿאַררעכנט צווישן די אָנגע־זעענסטע פּראָזאַיִקער און עסעיִסטן אין אַמעריקע.

ד"ר שאול גוטמאַן שרײַבט אַזוי וועגן איר אין אַן עסיי פֿונעם יאָר 1985 (ז' 247/48):

"צווישן די ענגליש שרײַבנדיקע קינסטלער אין אַמעריקע איז סינטיאַ אַזיק געווען איינע פֿון די ערשטע שוואַלבן, וואָס האָבן אָנגעזאָגט, אַז דאָ אין צפֿון־אַמעריקע קומט־אויף אַ ייִדישע ליטעראַטור אויף ענגליש — אַ ליטעראַטור נישט פֿון אַליענאַציע, פֿון אָפּפֿרעמדונג, פֿון נעגאַטיווער באַציִונג צו ייִדישקייט, נאָר פֿאַרקערט: אַ ליטעראַטור, וואָס פֿאַראורטיילט אַסימילאַציע און וואָס ציט איר יניקה פֿון ייִדישע קוואַלן, פֿון דער ייִדישער געשיכטע, פֿון דער ייִדישער מאַרטיראָלאָגיע, וואָס וויל העלפֿן באַפֿעסטיקן ייִדישע עקזיסטענץ".

אין אַ דיסקוסיע מיט סאָל בעלאָ האָט סינטיאַ אַזיק זיך אַזוי אַרויסגעזאָגט:

"אויב מיר וועלן בלאָזן אין דער שמאָלער זײַט פֿונעם שופֿר, וועט מען אונדז הערן ווײַט, אָבער אויב מיר וועלן בלאָזן אין ברייטן טייל פֿונעם שופֿר און באַשטימען צו זײַן די מענטשהייט, וועט מען אונדזער קול אינגאַנצן נישט דערהערן".

בעלעטריסטיק דאַרף האָבן אַ "מאָראַלישן ליכט־קראַנץ", שרײַבט זי ווײַטער, "די ליטעראַטור דאַרף האָבן אַ מאָראַלישן מאַנדאַט צו פּרעדיקן דערהויבונג". זי אַרגומענטירט, אַז "די ייִדן־שרײַבער אין די תּפֿוצות, וואָס זײַנען געבליבן ייִדיש, אַזעלכע ווי קאַפֿקאַ און פֿרויד, זײַנען ייִדן, וואָס האָבן געאורטיילט די קולטור, וועלכע זיי האָבן געפֿונען אויף דער וועלט, און

דערצו זײַנען זיי געווען ריזן". אָבער קיין ווערק, וואָס איז געשריבן אין גלות, איז לויט איר נישט דויעריק, סײַדן עס איז "צענטראַל יידיש". רש"י און יהודה הלוי דויערן פאַר יידן; לייוויק און שלום־עליכם, האַלט זי, וועלן דויערן אייביק פאַר יידן. זי דערקלערט זיך בפירוש אַלס אַ יידישע שרײַבערין. זי קען יידישע ליטעראַטור און האָט איבערגעדיכטעט אויף ענגליש לידער פון לייוויקן און פון דוד אײַנהאָרן. זי נוצט איר טאַלאַנט צו באַקעמפן אַסימילאַציע און צו שטאַרקן אַן עכט־יידישן המשך אין אַמעריקע און אין מדינת ישראל. דערפאַר איז איר בוך אַ צושטײַער צו דער יידישער עסעיִסטיק אין אַמעריקע (פון שאול גוטמאַנס בוך "אינאָוואַציע און דערלייזונג").

אין זײַן פילאָזאָפיש־אַרײַנפיר אונטערן קעפל "דאָס פּערמאַנענטע און פאַרגייענדיקע אין מײַן וועלט־באַנעם (במקום הקדמה)", פאָרמולירט אַזוי ד"ר גוטמאַן זײַן קרעדאָ וועגן אַמעריקאַנער ענגליש־יידישער ליטעראַטור, וואָס איז ביז גאָר סימפּטאָמאַטיש פאַר זײַן אופן פון באַנעמען די צווישן־שײַכותן פון יידישער שעפערישקייט אין די לאַנד־שפּראַכן:

"דאָס אַמעריקאַנער יידנטום איז אַן אייגנאַרטיקער שבט אינעם וועלט־יידנטום, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר אַ קיבוץ גלויות אין באַדינגונגען פון פרײַהייט און פּלוראַליזם — אַזאַ קאָלעקטיוו, וואָס די יידישע געשיכטע האָט קיינמאָל פריִער נישט געקענט.

"...אונדזער הויפּט־עובדה דאַרף זיך איצטער קאָנצענטרירן אויף איבערגעבן צו די קומענדיקע דורות אַ וואָס רײַכערן עקסטראַקט פון דער יידיש־גײַסטיקער ירושה, און ספּעציעל פון דער מזרח־אייראָ־פּעיִשער תּקופה".

וויאַזוי קענען מיר טאַקע מתקן זײַן אָט די היסטאָרישע מיסיע דאַן, ווען די אַמאָליקע מאַסן־אימיגראַציע האָט גאָר גיך אַרויסגעריסן די טיפע וואָרצלען פונעם מזרח־אייראָפּעיִשן קולטור־באָדן, בעת דער אימפּעט, מיט וועלכן די הערשנדיקע שמעלצטאָפּ־טעאָריע האָט געשטויסן צו גיכער קולטור־האָמאָגעניזאַציע פון דעם אַמעריקאַנער ייִד, האָט צוגעיאָגט דעם דאָזיקן פּראָצעס?

די קללה פון דעם טרויעריק־באַרימטן שלילת הגלות האָט אַוודאי־און־אַוודאי אויך אָפּגעשוואַכט דעם נאַטירלעכן איבערגאַנג צו דער נײַער תּקופה אינעם אַמעריקאַנער יידישן לעבן. איצט, ווען גוטמאַנס רוף "איבערצוגעבן אונדזער קולטור־ירושה" טרעפט אַפּנים פאָרט אָן אויף אַ סך אַ גינסטיקערן באָדן, איז דאָס קלאַמערן זיך נאָר אין אַ דורכאויס יידיש־יידישן שפּראַך־צוגאַנג דורכאויס דאָן־קיכאָטיש.

אַוודאי וועלן מיר פון צײַט צו צײַט קרעכצן ווען, למשל, אַפילו דער "ייוואָ", אָדער אַנדערע יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס, כאַפּן־איבער די מאָס

און פּרובירן צו דערגרייכן דורך ענגליש די ענגליש־רעדנדיקע סביבה. איך גלייב נישט, אַז אָט די געפילן אונדזערע דאַרפן גרינגגעשעצט ווערן, וואָרום מיט איבערבייגן דעם שטעקן איז דאָך אַוודאי נישט גרינג אין דער זעלבער צײַט צו שטאַרקן די מערכה פון ייִדיש, ווען די פּראָפּאָרץ פון באַנוצן די לאַנד־שפּראַך דערגייט צו אַן עקסטרעם.

מ׳קען גרינג פּאַרכליניעט ווערן דורך גיין אויפן וועג פון קלענסטן ווידערשטאַנד, און אויף אַזאַ אופן פאַרלירן דעם ציל צו האַרמאָניזירן רעאַליזם מיט קולטור־אידעאַליזם. וואָס ווײַטער, באַזונדערס נאָך דער היטלער־מלחמה, האָבן זיך געעפנט טיר־און־טויער, ספּעציעל פאַר דער פּראָפעסיאָנאַלער אינטעליגענץ, ביז צו די סאַמע העכסטע שפּיצן פון די מעכטיקסטע קאָרפּאָראַציעס און פון מלוכה־אַפּאַראַט. אַז דאָס האָט אַ גרויסן שײַכות צו דעם גאַלאָפּ־פּראָצעס (פון שפּראַך־אַסימילאַציע), איז דאָך זיכער אָן שום ספק.

איז וואָס מאָטיווירט פאָרט נישט אָפּצולאָזן דאָס געוועער (ווי עס זינגט זיך אינעם ליד פון אַהרן צייטלין)? נישט דורך ספּאָנטאַנער נויטווענדיקייט קען קומען דער ווידערשטאַנד, נאָר דורך **אהבת ישראל**, דורך דעם דראַנג צו פאַרזיכערן אונדזער נאַציאָנאַלן המשך קען דאָס רעטעניש פון **תּכלית און אידייע** אפשר געלייזט ווערן, לכל הפּחות געשטאַרקט ווערן די שאַנסן.

נישט ווייניקער ווי דאָס מאָטיווירן דעם באַוווסטזיניקן יחיד, מוז אויך די קאָלעקטיווע זאָרג פאַר שעפערישן המשך שפּילן אַ צענטראַלע ראָל. נישט אָנשטאָט דער לאַנדשפּראַך, נאָר ווי אַ האַרמאָנישע דערגאַנצונג מיט דער אָפיציעלער לאַנד־שפּראַך, מוז זײַן דער הײַנטיקער דעוויז.

פונקט אַזוי ווי ארץ ישראל האָט אַמאָל באַקעמפט צוויי־שפּראַכיקייט, אַזוי האָבן אויך ס׳רוב וועלטלעכע ייִדישע שולן אונטער דער פּירערשאַפט פון ייש״אָ מבטל געמאַכט העברעיִש אין זייער דערציִונגס־פּראָגראַם. הײַנט פילן מיר באַשײַמפּערלעך די טרויעריקע רעזולטאַטן פוןביידע עקסטרעמען.

ס׳איז כּדאַי צו ברענגען איבערצײַגנדיקע וויסנשאַפטלעכע באַווײַזן לטובת מולטי־לינגוויזם פון איינעם פון די וועלט־באַרימטסטע נעוראָלאָגן אין קאַנאַדע, ד״ר ווילפּרעד פּענפילד. אַ שטאַרקער אָנהענגער פון דערנענטערן ענגליש־ און פראַנצויש־רעדנדיקע קאַנאַדער, האָט ער געווידמעט אַ סך צײַט און מי דעם דאָזיקן פּראָבלעם פון צוויי־, אָדער אַפילו פיל־שפּראַכיקייט אין דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט. ערנסטע פאָרשונגען און פאַרשיידענע עקספּערימענטן האָבן אים איבערגעצײַגט ווי גינסטיק ס׳איז דאָס באַהערשן מער ווי איין שפּראַך פאַר דער אַנטוויקלונג פונעם יחיד, און בּמילא פאַר אַ נאַציאָנאַלן קאָלעקטיוו, באַזונדערס ווען ער איז אין דער מינדערהייט. אַ ריי ווערק זײַנע האָבן באַקרעפטיקט זײַן טעזע. אין די באַדינגונגען, אין וועלכע ס׳געפינען זיך איצט ס׳רוב

מדינות, איז נאַציאָנאַלע מאָנאָליטישקייט פון אַ לאַנד — אַפילו ווי אין איצטיקן דײַטשלאַנד, פראַנקרײַך, שפּאַניע, ענגלאַנד אאַ״וו — כּמעט ווי פּאַקטיש נישט מעגלעך. הײַנט דאָמינירט מער און מער דער באַגריף פון קולטור־פּלוראַליזם. קאַנאַדע איז בלי ספק געוואָרן אַ מאָדעל דערמיט, וואָס די פעדעראַלע רעגירונג האָט אָפיציעל אַקצעפּטירט די ווירקלעכקייט, און האָט עטאַבלירט אַ ספּעציעלן מולטי־קולטור־מיניסטעריום.

דאָס, וואָס פּראָפ׳ האַראַץ קאַלען, אַן אַמעריקאַנער סאָציאָלאָג (אגב, אַ ייִד) האָט אַמאָל פּראָקלאַמירט ווי אַן אידעאַל, ווערט אַלץ מער און מער אַקצעפּטירט, הגם נישט אומעטום אין דער זעלביקער מאָס. אָפּטמאָל קומט דאָס אָנערקענען דעם פאַקט מער ווי אַ רעזולטאַט פון פּאָליטישע אײַנפלוסן, ווי למשל אין די פאַר. שטאַטן.

אומקערנדיק זיך צוריק צו ד״ר פענפילדן, וועלן מיר גאָר בקיצור זיך אָפּ־שטעלן אויף אַ טייל פון זײַנע לינגוויסטישע טעאָריעס. אין זײַן ״נעוראָפּיזיאָ־לאָגיע פון שפּראַך״ (באָסטאָן און טאָראָנטאָ, 1963) קומט ער צו אַזאַ אומ־צוויידײַטיקן אויספיר: אויב אַ קינד האָט אַ געלעגנהייט פאַר 10 — 14 יאָר צו לערנען אַ צווייטע, אָדער אַפילו אַ דריטע שפּראַך, קומט עס אים אָן לרוב אָן אַן אָנשטרענג. ״דער מוח״, פירט ער אויס, ״האָט אַ סעפּאַראַטן מעכאַניזם פאַר יעדער שפּראַך אין קאָרטעקס (אין דער לינקער זײַט פון מוח). נאָך אַן אויספירלעכן אַנאַליז קומט ער צו דער מסקנא, אַז ״אויב אַ שפּראַך ווערט געלערנט אין אַ פאַסיקער פאָרם, אין פאַסיקן עלטער, קאָן מען דערגיין צו פערפעקציע״.

אין זײַן היסטאָרישן איבערבליק פון אַנטיקן בבל ביז אונדזער צײַט, אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדזערע אויגן דער שײַכות צווישן וווקס פון ציוויליזאַציעס אין רעזולטאַט פון זייער קעגנזײַטיקער שפּראַך־באַפרוכפּערונג. ד״ר פענפילד האָט זיך נישט באַגרענעצט צו טעאָריע, נאָר ער האָט איניצירט צוויי אַל־קאַנאַדער קאָנפערענצן פאַר דערציִונג, אין וועלכע איך האָב זיך באַטייליקט ווי דער פאָרשטייער פון דער ייִדישער קהילה. די זייער געלונגענע קאָנפערענצן האָבן, אייגנטלעך, צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דעם אָפיציעלן מולטיקולטור־פּראָגראַם פון דער פעדעראַלער רעגירונג אונטער דעם דעמאָלטיקן פּרעמיער פּיער טרודאָ. די שטאָט מאָנטרעאָל האָט געפונען פאַר נייטיק צו באַערן ד״ר פענפילדן פאַר זײַנע פאַרדינסטן, און האָט אָנגערופן אויף זײַן נאָמען אַ גאַס אין צענטער פון דער שטאָט (על־פּי צופאַל קומט מיר אויס צו וווינען אויף אָט דער גאַס, אויף וועלכער עס געפינט זיך אויך שמואל בראָנפמאַנס בנין פון קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס).

מיר ייִדן וואָלטן אוודאי־און־אַוודאי געדאַרפט גאָר ערנסט נעמען דעם פּרינציפּ פון מולטי־לינגוויזם, טאַקע אין שײַכות מיט די לאַנד־שפּראַכן, מיט וועלכע מיר מוזן דאָך לעבן בשלום, אויב נישט תּמיד באהבה.

אומזיסט וועט איר אָבער זוכן אין אונדזער נאַציאָנאַלער פּובליציסטיק געגונג ערנסטע פֿאַרמעסטן צו פֿאַרטיפֿן זיך אין אָט דער טעמאַטיק. אין דעם פּרט דאַרף מען שטאַרק דערשאַצן ד״ר שיקל פֿישמאַנען פֿאַר זײַן פּיאָנערישער וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט, וועלכע שטײַגט ווײַט אַריבער אונדזער אייגענעם נאַציאָנאַלן גבול. ער האָט בלי ספק גרויסע פֿאַרדינסטן סײַ כּלפּי פּנים און סײַ כּלפּי חוץ אין פֿאַרטיפֿן זיך אין דער שפּראַך־פּראָבלעמאַטיק. באַזונדערס צייכנט ער זיך אויס מיט פֿאָרשן באַדראָטע מינאָריטעט־שפּראַכן.

בײַ דער געלעגנהייט איז אינטערעסאַנט צו דערמאָנען, אַז דאָנאַלד אָרייגען, גענעראַל־סעקרעטאַר פֿון אייראָפּעיִשן ביוראָ פֿאַר זעלטן באַנוצטע שפּראַכן אין דאַבלין, אירלאַנד, האָט לעצטנס פֿאַרעפֿנטלעכט אַ גרעסערע פֿאָרש־אַרבעט, אין וועלכער ער האָט פֿעסטגעשטעלט, אויפֿן סמך פֿון, אָפּנים, גענוג פֿאַרלעסלעכער סטאַטיסטיק, אַז גאַנצע 50 מיליאָן, פֿון די 320 מיליאָן, תּושבֿים פֿון אייראָפּעיִשן געמיינזאַמען מאַרק ריידן אויף אַזעלכע באַדראָטע שפּראַכן. גראָד טענהט ער, אַז אַזעלכע פֿאַן־קאָנטינענטאַלע שפּראַך־פֿאָרמאַציעס וועקן אַ שטײַגנדיקן אינטערעס אין די ״קליינע״ שפּראַכן, ווי ער רופֿט זיי אָן. ביז גאָר נישט לאַנג צוריק, שרײַבט ער, איז דאָס ריידן אויף אַזאַ כּמעט ווי פֿאַרגעסענער שפּראַך געווען ״אַלטפֿרענקיש״, אַ סימן פֿון צוריקגעשטאַנענקייט, אָבער שוין נישט מער! הײַנט רעאַגירט דער סענסיטיווער מענטש קעגן סטאַנדאַריזאַציע, דורך שעפּן פֿון זײַנע אייגענע עטנישע קולטור־וואָרצלען. דאָנאַלד אָרייגען ברענגט אָן אַ שיעור ראיות דורך נאָכפֿאָלגן אַזש 40 אַזעלכע שפּראַכן און האַלב־שפּראַכן.

אינטערעסאַנט, ווי ענלעך עס שײַנט צו זײַן דאָס וועקן זיך פֿונעם אינטע־רעס פֿאַר ייִדיש, אַ שפּראַך, וואָס איז דאָך נאָך אַלץ גאָר ווײַט פֿון יענע אַ״ג כּמעט ווי פֿאָסיל (פֿאַרשטיינערטע) שפּראַכן. ווער שמועסט נאָך וועגן אונדזער שפּרודלדיקער, קרעפֿטיק שעפֿערישער ליטעראַטור. פֿאַררופֿנדיק זיך אויף רעגונאַלד פֿאַסטער, אַ קאַרמעליטאַנער נזיר, איצט אַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט אין וואַטיקאַן, פֿאַרענדיקט ער זײַן פֿאָרשונג מיט אַזאַ אויספֿיר:

״פּונקט אַזוי ווי פֿאַסטער, גלייב איך, אַז ס׳וואָלט געווען אַ קאַטאַסטראָפֿע טאָמער וואָלטן אָט די גרויסע שפּראַך־אוצרות פֿאַרשווונדן פֿון אונדזער ציוויליזאַציע״.

אומקערנדיק זיך צו ד״ר שיקל פֿישמאַן, וועלכער האָט, צוו״אַנד אויך באַהאַנדלט דעם פּראָבלעם פֿון וועלט־לינגוויסטיק אין זײַן מאָנומענטאַלן ווערק ״לא אמות כי אחיה״ — אַ זאַמלבוך מיט אַ גרעסערער צאָל אַרבעטן פֿון פֿאַרשיידענע ספּעציאַליסטן, צווישן זיי אויך דעם רעדאַקטאָרס אייגענע עסייען. די דײַטש־ייִדישע השׂכּלה האָט, ווי כּידוע, באַקעמפֿט ייִדיש, לשם זייער הויפּט־ציל פֿון פּרינציפּיעלער אַסימילאַציע. הגם מזרח־אייראָפּעיִשע

משכּילים האָבן ווייניקער אונטערגעשטראָכן די טוגנט פון אַסימילאַציע, האָט פון דעסטוועגן דער רעדאַקטאָר פון "קול מבשר", אַלעקסאַנדער צעדערבוים, זיך אַזוי אויסגעדריקט: "היינטצייטיקע אויפגעקלערטע מענטשן מוזן שטרעבן אָפּצוגעוויינען יידן פון יידיש, כּדי אינגאַנצן צו באַהערשן די לאַנד־שפּראַך" (ציטירט פון ש. פישמאַן, זז' 49—148). מיט רעכט ווייַזט פישמאַן אָן אויף דעם, אַז אויך פּיאָנערן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, אַקטיוויסטן פון די "זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן" אין ווילנע האָבן, אין נאָמען פון אינטערנאַציאָנאַליזם, געפּרעדיקט, און טאַקע געהאָלפן, רוסיפיצירן יידישע אַרבעטער. די זעלביקע שפּראַך־פילאָסאָפיע, דערמאָנט פישמאַן, האָט אויך מאָטיווירט אייב קאַהאַנען מיטן אַרייַנמישן זייַנער־צייַט וואָס מער ענגלישן וואָקאַבולאַר אין דעם "פאָרווערטס"־יידיש.

אויף דעם פּונקט־פאַרקערטן עקסטרעם געפינט זיך מייַן רבי פון יידישן לערער־סעמינאַר אין ווילנע, **אברהם גאָלאָמב**. אָט וואָס ער האָט וועגן דעם געשריבן: "וועגן פרעמדע שפּראַכן איז זייער ווייניק דאָ וואָס צו ריידן. זיי זייַנען אַ טויער צו אַסימילאַציע און אומקום. — זיי דערפירן צו אַ שטילער קבורה, אַפילו אָן אַ קדיש, אַ פּה נקבר". "...**נאָר דורך דער קולטור שבעל פּה איז אַ ייד אַ ייד**". "...נאָר אין דעם לשון איז פאַראַן אַ יידישע קולטור שבעל פּה" (זז' 50—149). ס'איז כּדאי צו באַמערקן, אַז אַפילו ד"ר זשיטלאָווסקי, אַ גרויסער אויטאָריטעט פאַר גאָלאָמבן, האָט זייַן ביז גאָר קאָנסעקווענטן יידישיזם נישט דערפירט אַזש צו גאָלאָמבס עקסטרעמיזם.

לייביש לערער, פאַר וועמען גאָלאָמב האָט געהאַט אַ גאָר גרויסן אָפּשייַ, האָט אייַנגעווענדט קעגן גאָלאָמבס צוגאַנג אין אַן אָפענער פּאָלעמיק בזה הלשון: "דער געדאַנק, אַז די איינציקע פאָרם פון נאַציאָנאַלן לעבן בייַ יידן איז לינגוויסטישע יידישקייט, מוז פירן דערצו, אַז מיר זאָלן באַטראַכטן אַלע יידן וואָס לעבן זיך אויס אין דער לאַנד־שפּראַך, ווי אויסגעשלאָסענע פון כּלל ישראל". — "בּכלל", ציט ער ווייַטער, "זייַנען פאַראַן אָביעקטיווע תּנאים, וואָס אַפילו איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען קענען זיי נישט בייַקומען" (זז' 339).

מיט רעכט פירט ער אויס, אַז "מיר מוזן באַטראַכטן יעדע לאַנדשפּראַכיקע יידישע גרופּע פונעם שטאַנדפּונקט פון איר באַוווסטזיניקן מיטשפּילן אין דער נאַציאָנאַלער דראַמע" (ז' 338).

"דאָס פּראַקטישע לעבן", שרייַבט לייביש לערער, "האָט קלאָר באַוויזן, אַז מיר האָבן מער שותּפות מיט לאַנדשפּראַכיקע יידן, וואָס האָבן אַנדערע נאַציאָנאַלע אַטריבוטן, ווי מיט די, וואָס זייַנען ווייַט פון יידישע מעשים" (ז' 338).

ד"ר שיקל פישמאַן קערט זיך ווידער אום צו אָט דער נאַציאָנאַלער

לינגוויסטישער פּראָבלעמאַטיק אין אַ סעריע אַרטיקלען, פּאַרעפֿנטלעכטע אונטערן נאָמען „אומה ולשון" (אין „אויפֿן שוועל", אַפּריל—יוני 1986).

איין עסיי א״נ „דער געזעלשאַפֿטלעכער באַזיס פֿונעם צווישנדורותדיקן המשך פֿון צווייטע שפּראַכן", מיט די פֿאָלגנדיקע אונטערקעפּלעך, וועט אונדז העלפֿן באַגרײַפֿן דעם מהות פֿון דעם מחבּרס געדאַנקענגאַנג:

א) דער צווישנדורותדיקער המשך פֿון מינאָריטעט־שפּראַכן ווי מוטער־שפּראַכן;

ב) דער צווישנדורותדיקער המשך פֿון צווייטע שפּראַכן ווי רעד־שפּראַכן אין שפּראַך־ציבורים, וואָס קאָנטראָלירן זייערע אייגענע גרענעצן;

ג) דער צווישנדורותדיקער המשך פֿון צווייטע שפּראַכן ווי קלאַסישע רעליגיעזע מיטלען;

ד) דער צווישנדורותדיקער המשך פֿון צווייטע שפּראַכן ווי קלאַסישע רעליגיעזע מיטלען בײַ מינאָריטעטן;

ה) צווישנדורותדיקער המשך פֿון צווייטע שפּראַכן ווי ירושה־שפּראַכן בײַ מינאָריטעטן.

דער עיקר ווילן מיר אָבער זיך אָפּשטעלן נאָר אויף דעם קאַפּיטל ה׳ אין ד״ר פֿישמאַנס שלוס־מסקנות, באַצייכנט דורך אים ווי „היוצא לנו מזה" (ז׳ 5). אָט וואָס ער שרײַבט:

„מינאָריטעטן, וואָס זײַנען שוין דורכגעגאַנגען דעם פּראָצעס פֿון שפּראַך־פֿאַרבײַט צוליב דעם, וואָס זיי האָבן נישט געקענט אויפֿהאַלטן, אָדער האָבן נישט פֿאַרשטאַנען די וויכטיקייט פֿון אויפֿהאַלטן זייערע פּרימערע קולטור־גרענעצן, וועלן אָפֿט זיך נישט אינגאַנצן אונטערגעבן, וואָרום זיי ווילן פֿאָרט אָפּהיטן עפּעס פֿון זייער שפּראַכיקן אייגנס. היות ווי די היים האָט אויפֿגעהערט צו זײַן די נאַטירלעכע סביבה פֿאַר מאַמע־לשון, דעלעגירט די דאָזיקע שפּראַך־מינאָריטעט די שפּראַך־דערציִונג צו דער פּריוואַטער שול. במילא אידענטיפֿיצירט אַזאַ שפּראַך־לימוד מיט לערנען אַ פּרעמדע שפּראַך. ס׳איז קלאָר, — שרײַבט ד״ר פֿישמאַן — אַז אַ שפּראַך, וואָס איז בלויז אַ שול־שפּראַך, קען זיך נישט ספּראַוועט מיט די אינטערעסן און זוכענישן פֿונעם יונגן דור. אַ שול־שפּראַך איז אַ ריטואַליזירטע, באַגרענעצטע.

„זיי פֿאַרגעסן — ציט ער ווײַטער — גאַנץ געשמאַק די שפּראַך, ווען זייערע איבערלעבונגען פֿאַרקירעווען זיך אין אַן אַנדערער ריכטונג. בלײַבט טאַקע — זאָגט ער ווײַטער — אַ שפּראַך, וואָס איז בלויז אַ שול־שפּראַך, אַ זכר לחורבן, וואָס איז נישט פֿעיִק אַרײַנצופֿירן אין אייגענעם לעבן".

ווער קען צווייפֿלען אין דעם מחבּרס רעאַליסטישן אָפּשאַצן די טרויעריקע רעזולטאַטן פֿון אַזאַ סיטואַציע? וואָס בלײַבט אָבער פֿאָרט צו טאָן, כּדי

אונדזער קולטור־אוצר זאָל נישט ווערן פאַרגעסן?

היות ווי מיר קענען, ליידער, נישט דערוואַרטן קיין אידעאַלע לייזונג פאַר אָט דעם פונדאַמענטאַלן נאַציאָנאַלן המשך־פּראָבלעם נאָר דורך דער שול, מוזן מיר בלית ברירה אויסברייטערן דעם גבול פון אונדזער גראַנגל פאַר אַ בעסערער דאָליע פון ייִדיש אין דער ברייטער סביבה, וועלכע ד״ר פישמאַן דערמאָנט ווי אַ כּמעט פאַרפאַלענע.

דאָס קען פּאָרט געטאָן ווערן דורך קולטור־אַרבעט צווישן דערוואַקסענע, דורך פעסטיוואַלן, שפּראַך־קורסן, דורך שטיצן דאָס ייִדישע טעאַטער, כאָרן, מוזיק בכלל אאַ״וו.

אין דעם פּרט באַקומט דער אויפמערקזאַמער לייענער פון ד״ר פישמאַנס די און אַנדערע אַרטיקלען דעם אײַנדרוק, דעם צווישן־די־שורות, אַז מען דערשאַצט אפשר נישט גענוג די פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציאָנעלע אָנשטרענגונגען, ווי למשל פון אַרבעטער־רינג, פאַרבאַנד, ייִוואָ, ביז צום וועלטראַט פאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור מיט זײַן באַזע אין ישראל. אַוודאי וואָלט אונדזער מערכה הײַנט געווען גאָר אַן אַנדערע, און דער צפון־אַמעריקאַנער ייִשוב פון מזרח־אייראָפּעיִשע אימיגראַנטן וואָלט זיך נישט אַמאָל, אַזוי גיך און וויליק, אונטערגעגעבן דעם דרוק פון דער שמעלצטאָפּ־טעאָריע.

אָבער אַפילו דאַן, ווען למשל דער אַרבעטער־רינג האָט נישט געפונען פאַר נייטיק צו בויען אַפילו נאָכמיטאָג־שולן ביז די 20־ער יאָרן, און שפּעטער אויך אָפּגעוואָרפן יעטוועדע איניציאַטיוו צו אַנטוויקלען אַ טאָגשול־סיסטעם, באַמערקן מיר פון דעסטוועגן, אַז אַפילו דער באַגרענעצטער געזעלשאַפטלעכער אָנשטרענג פאַר ייִדיש האָט דאָך געלאָזן טיפע שפּורן. אַ סימן, אַז אַ נײַער ענגליש־ריידנדיקער האָט איבערגענומען די פירערשאַפט פון אַרבעטער־רינג, שײַנט גראָד די באַציִונג צו ייִדיש, צום ייִדישן ליד, צום אויסהיטן, הגם נישט תמיד אַזוי שטאַרק ווי מיר וואָלטן עס געוואָלט, צו דער ראָל פון ייִדיש צום דערשאַצן די וואָרצלען פון אונדזער אייגענער קולטור, צו זײַן פיל שטאַרקער ווי דער עלטערער דור האָט זיך בשעתו דאָס פאָרגעשטעלט.

*

ס׳איז כּדאי איצט איבערצוגיין צו אַ סימפּאַטישער אַנטוויקלונג אין קאַנאַדע, אין דרײַ גרעסערע צענטערס פון ייִדישן לעבן. אין דעם לאַנד איז לעצטנס געלונגען אַרויסצורופן אַ היפשלעך פאַרגרעסערטן אינטערעס צו ייִדיש צווישן דעם ״צווישן־דור״, ווי מיר רופן אים. אין אַ״ג ״מאַמע־לשון״־גרופּעס אין מאָנטרעאָל, אָדער ״פרײַנט פון ייִדיש״ אין טאָראָנטאָ אאַ״וו. זיי ציילן שוין אין די גאַנץ הויכע הונדערטער און ציִען כּסדר אַרײַן פּראָפעסיאָנאַלן א״אַנד. עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז דאָס רוב

גרינדער פון אָט די ייִדיש־אָריענטירטע (ווי אַ צווייטע שפּראַך) גרופּעס האָבן דורכגעמאַכט ייִדישע שולן.

פאַר אַ לאַנגער צײַט האָט אויסגעזען ווי ס׳רוב גראַדויִרטע האָבן פאַרלוירן דעם אינטערעס פאַר ייִדיש, און דאָס באַשטעטיקט טאַקע וואָס ד״ר פישמאַן האָט אַזוי קלאָר אויסגעדריקט: ״סוף־כּל־סוף ווען מען דערגרייכט די דערוואַקסנס־יאָרן, באַמערקט זיך אַ פּלאַטאָ אין די דערגרייכונגען״. ״...די קינדער נעמען זיך אָריענטירן אויף אינטערעסן, וואָס שפּאַנען אַריבער אויף יענער זײַט שוועל פון די שול־לימודים, צייכנס און לערערישע הסכּמות״. עס ווײַזט זיך אָבער אַרויס, אַז דאָס וואָס ווערט פאַרזייט אין דער פריִער יוגנט, קען (לײדער נישט תּמיד) צוריק זיך דערוועקן אַ סך שפּעטער. כּדי דאָס זאָל מיט דער צײַט מקוים ווערן, מוזן די פּיאָנערן אינספּירירן די נײַע דורות.

איך גלייב קוים, צי אָט די אַנטוויקלונג וואָלט טאַקע געקומען אָן דעם נאַציאָנאַלן קאָמיטעט פאַר ייִדיש אין קאַנאַדע. דער קאַנאַדישער בײַשפּיל קען דינען ווי אַ מאָדעל, הגם אין יעדן לאַנד ווערט זיך דאָס אַנדערש אויסוויירקן.

שוין צײַט, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן מיט אירע כּמעט ווי 50% פון די ייִדן אין גאָר דער וועלט, מיט איר קרעפטיקער ייִדישער קולטור, און באַזונדערס מיט איר ליטעראַרישער ירושה, זאָל שפּילן אַ פירנדיקע ראָל אין אויפזאַמלען אַלע כּוחות אינעם געראַנגל פאַר שטאַרקן דעם ייִדישן קולטור־קאָמפּאָנענט אין גבול פון דער פּלוראַלער ייִדישקייט אין אַלע אירע ניואַנסן און נוסחאות.

כּדי צו אילוסטרירן כאָטש טיילווײַז דאָס אויבן געזאָגטע, האָבן מיר לעת־עתּה בלויז אין מאָנטרעאָל זאָנדירט דעם באָדן צווישן מיטגלידער פון ״מאַמע־לשון״ מיט דער הילף פון אַ קורצן קוועסטיאָנאַר. אָט זײַנען די געציילטע פראַגעס:

**פאַרוואָס ייִדיש?**

1. צי מיינט איר, אַז דאָס קולטיווירן ייִדיש איז אין קאָנפליקט מיט דער לאַנד־שפּראַך, אָדער מיט שפּראַכן, ווי אין קוויבעק?
2. האָט די אָנגעהעריקייט צו ״מאַמע־לשון״ פאַרשטאַרקט אײַער באַציִונג צו ייִדיש? אויב יאָ — וויאַזוי; אויב נישט — פאַרוואָס?
3. וויאַזוי שטעלט איר זיך פאָר דאָס טראַנסמיטירן אײַער באַציִונג צו ייִדיש און ייִדישער קולטור צו אײַערע קינדער און אייניקלעך?
4. קענט איר אײַער אינטערעס צו מאַמע־לשון פאַרבינדן מיט אײַער אייגענער דערציִונג, אײַער אויסשולונג אאַ״וו?
5. לויט ד״ר פענפילד איז דאָס באַהערשן מער שפּראַכן אין פריִען עלטער אַ סגולה צו אַנטוויקלען די פערזענלעכקייט פונעם יחיד. וויאַזוי, מיינט איר,

דאַרף זיך אַזאַ וויסנשאַפטלעך שטאַרק באַגלויבטער צוגאַנג אויסווירקן אויף דער מערכה פון ייִדיש?

197 משפחות, מיטגלידער פון "מאַמע־לשון", האָבן באַקומען אָט דעם פראַגע־בויגן. 67 פון זיי האָבן שוין געענטפערט (מסתמא זײַנען נאָך אַ צאָל אָנגעקומען שפּעטער אין ביוראָ פון דעם ייִדיש־קאָמיטעט אין מאָנטרעאָל). אָט איז אַ גאָר קורצער קיצור פון די רעזולטאַטן פון דעם קוועסטיאָנאַר (אגב, פאַרדינען די ערנסטע תּשובֿות צו ווערן אויספירלעך באַטראַכט, וואָס מיר וועלן טאָן באַזונדער. איצט וועלן מיר זיך נאָר אָפּשטעלן אויף אייניקע אַספּעקטן, וואָס האָבן אַ באַזונדערן שײַכות צום אינהאַלט פון אָט דער אַרבעט):

1. ענטפער אויף פראַגע נומער 1:

100% האָבן דערקלערט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין קאָנפליקט צווישן באַנוצן ייִדיש פּאַראַלעל מיט דער לאַנד־שפּראַך.

2. פראַגע 2: "מאַמע־לשון" ברענגט צוריק וווּנדערלעכע קינדער־ און יוגנט־איבערלעבונגען, האָבן 15% דערקלערט. אגב, דער קורס, וועלכן עס גיט גאָלדע מאָרגנטאַלער, ווערט אָפּט דערמאָנט צום גוטן; 64% — ענטוזיאַסטיש.

3. "מאַמע־לשון"־אַקטיוויטעט ווירקט אויך אומדירעקט אויף דער היים, במילא אויף די קינדער. מ׳דאַרף אַרויסהייבן די קולטור בכלל, אײַנשליסנדיק אויך די ייִדישע שפּראַך. דאָס אומקערן זיך פון ס׳רובֿ צום אינטערעס פאַר ייִדיש איז אַ גרויסע איבערלעבונג.

4. פראַגע נומ׳ 4: — צום שורש פון אײַער אינטערעס אין "מאַמע־לשון".

85% — גערעדט ייִדיש אין דער היים; 31% — אין שול (לכל הפּחות אין עלעמענטאַר־שולן); 8% — דורך קאָנטאַקט מיט עלטער־עלטערן; 5% — ווײַל די שפּראַך פון נאָך אַנדערע קינדער; 25% — עלטערן גערעדט בלויז ייִדיש.

5. צי איז ד״ר פענפילד גערעכט מיט זײַן טעאָריע פון דער סופּעריאָריטעט פון באַהערשן מער ווי איין שפּראַך?: 80% מסכּים; 15% נישט, און 5% אָן ענטפערס.

באַמערקונגען:

וווּקס פון פערזענלעכקייט,
געפינען וואָרצלען;
נאָר איין שפּראַך פאַרשמעלערט די וועלט;
ד״ר פענפילדס אידייען קענען שטאַרקן אונדזער פּאָזיטיווע פּראָפּאַגאַנדע;
ייִדיש שטאַרקט די ליבשאַפט צום פאָלק — ווי פענפילד האָט דאָס געפונען צווישן קוויבעקער פראַנצויזן וואָס שײַך פראַנצייזיש.

נעגאַטיוו: וואָס איז די פּעולה, ווען ייִדיש ווערט במילא אונטערגייין?

דאָך — דאָס אָנגעהערן צו "מאַמע־לשון": כּל־זמן ס׳איז מעגלעך, דאַרף מען הנאה האָבן פון דער רײַכער ייִדישער פאָלקס־קולטור.

ייִדיש איז נישט דער עיקר — לויט איינעם: ס׳איז אָבער וויכטיק פּאָליטיש, און נישט נאָר ווי אַ קולטור־אוצר.

העברעיִש אין די תּפוצות האָט באַגרענעצטע מעגלעכקייטן. מיר מוזן אָבער האָבן אַן אייגענע שפּראַך. ייִדיש דערגאַנצט העברעיִש און דינט ווי אַ וויכטיקער שטיצפּונקט אין אויפהאַלטן דעם ביז גאָר גרויסן נאַציאָנאַלן קאָמוניקאַציע־מיטל.

*

אונטערצײַענדיק אַ סך־הכּל פון דעם אויבן געזאָגטן, מוז מען קומען צום אויספיר, אַז קיין ערנסטער אָנשטרענג גייט נישט לאיבוד. די פּאָטענצן פון ייִדיש זײַנען אַפּנים אַ סך טיפער, ווי מען שאַצט זיי אויבנאויפיק.

דאָס פּראָבלעם באַשטייט נאָר אין געפינען אַזאַ מאָטיווירונג פאַר אונדזער אָנשטרענג, וואָס זאָל אַפּעלירן צום הײַנטצײַטיקן שפּראַכלעך אַסימילירטן ייִד, וועלכער קען אין ייִדיש געפינען אַן ענטפער אויף אַ סך נאַציאָנאַלע און אינדיווידועלע פראַגן, וואָס עקבערן אים — ווי, למשל, קאָנטאַקט מיט די וואָרצלען, באַרײַכערונג פון דער ייִדישער פּערזענלעכקייט, מחוץ דעם טיפן באַגער צו פאַרזיכערן דעם קיום פון ייִדישן פאָלק אויך אין די תּפוצות. דאָס פעלד פאַר אונדז איז גרויס און קען זײַן פּרוכטיק..

"בײַ זיך", נומ׳ 32־33, מערץ 1989

# די ייִדישע ליטעראַטור — און דאָס פּראָבלעם פון רעליגיע און וועלטלעכקייט אין מאָדערנעם ייִדישן לעבן

**1) הלמאי אַוועקשטעלן דאָס־אָ ביז גאָר קאָמפּליצירטע פּראָבלעם אין היינטצייַטיקן ייִדישן לעבן?**

**2) וועגן דעם עצם מהות פון דער טעמע.**

**3) און צום סוף — אַ סך־הכּל און אויספירן.**

רעליגיע און וועלטלעכקייט, רעליגיע אָדער וועלטלעכקייט — פאַרנעמען דעם סאַמע אויבן־אָן אינעם נאָכן־חורבן־פּעריאָד. באַזונדערס עקבערט אָט די שייַכות דעם שטאַרק אָפּגעשוואַכטן וועלטלעכן לאַגער.

לכתחילה האָט דער חורבן גורם געווען פאַרצווייפלטע טענות צום רבונו־של־עולם, ווי למשל — קאַצענעלסאָנס האַרצרייַסנדיקע פּאָעמע "דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן פאָלק", און אויך אין ווייזעלס אויסטענהן זיך מיטן כּביכול. גאָר גיך האָט זיך אָבער די פּאָזיציע פון רעליגיע באַפעסטיקט אין ייִדישן לעבן. דערווייַל איז דער וועלטלעכער סעקטאָר שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן און האָט דער עיקר גענומען לייַדן פון אַ געפיל פון אָפּהענטיקייט, און אַפילו געפאַלנקייט בייַ זיך. ס׳איז קיין וווּנדער נישט, וואָס ער פאַרלירט כּסדר אַלץ מער און מער השפּעה אויף דער ייִדישער גאַס.

עס איז נישט אונדזער אויפגאַבע זיך איצט אָפּצושטעלן אויף די הויפּט־סיבות דערפון (ס׳איז בלי ספק אַ טעמע פאַר זיך). וואָס מיר זייַנען אָבער יאָ אויסן, איז צו באַטראַכטן ערנסט די אויסווירקונג, וואָס דאָס האָט אויף דער צוקונפט פון ייִדישן פאָלק.

אויבנאויפיק שייַנט אַזאַ צושטאַנד דווקא צו זייַן גאָר גינסטיק פאַרן קיום פונעם פאָלק, וואָרום וואָס קען זייַן מער אויטענטיש ייִדיש, ווי די הלכה און אַלץ וואָס איז מיט איר פאַרבונדן? אין דער אמתן שטעלט דאָס אָבער אין אַ גרויסער געפאַר דעם שעפערישן המשך פון אונדזער פאָלק, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען.

געווען שוין אַזאַ צייַט אין אונדזער נישט־לאַנג פאַרגאַנגענער געשיכטע. האָט דאָך אַ גאָר באַדייַטנדיקער טייל פון דער וועלטלעך געבילדעטער

אינטעליגענץ אין 19־טן יאָרהונדערט געזוכט פאַר זיך אַ תיקון בײַ די אומות העולם און איז געגאַנגען לאיבוד פאַרן ייִדישן פאָלק. וויפל ערנסטער וואָלט דאָס־אָ פּראָבלעם געווען הײַנט, ווען ס׳רוב פון אונדזער יוגנט האָט אַ פּריוואַטן צוטריט צו כּלערליי קאַריערעס, פאַר וועלכע אַלע טויערן שטייען אָפן אין דער סעקולערער און דעמאָקראַטישער וועלט.

ס׳איז בפירוש אין די בעסטע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, אַז דער וועלטלעכער סעקטאָר זאָל אַריבערגיין פון אַן אַנעמיש דעפעטיסטישער האַלטונג צו אַ דינאַמישער ראָל אין דער פּלוראַלער סטרוקטור פון ייִדישן פאָלק. בעת דעם שטורעם־און־דראַנג־פּעריאָד פון דער סעקולאַרער רעוואָלוציע האָבןביידע צדדים זיך געראַנגלט פאַר אַ פולער און אויסשליסלעכער העגעמאָניע אינעם ייִדישן פאָלקס־לעבן. הײַנט מוז פאַר יעדן דענקענדיקן ייִד זײַן קלאָר, אַז געגנוי אַזוי ווי אונדזער פאָלק קען נישט און טאָר נישט אויסשליסן דעם פּאָזיטיוו־וועלטלעכן סעקטאָר (אין אַ באַזונדערן עסיי האָבן מיר דעפינירט דעם באַגריף פון פּאָזיטיווער וועלטלעכקייט), אַזוי טאָר בשום־אופן נישט נעגירט ווערן די וויטאַלע ראָל פון רעליגיע. אָן אַ קרעפטיקן רעליגיעזן באַשטאַנדטייל וועלן מיר געגנוי אַזוי, און אפשר אין אַ נאָך גרעסערער מאָס, קיין אריכות ימים ווי אַ פאָלק נישט האָבן.

אָבער דאָס אויפלייזן איין סעקטאָר אינעם אַנדערן אַרײַן, וואָלט, לויט אונדזער טיפער איבערצײַגונג, געפירט צו אַ נאַציאָנאַלן זעלבסטמאָרד. די עקזיסטענץ פון ביידע הויפּט־שטראָמען אין ייִדישן לעבן איז על־כּן אַ ברכה פאַר אונדזער פאָלקס־געמיינשאַפט. זיי דערגאַנצן זיך איינער מיט דעם אַנדערן צי זיי ווילן דאָס יאָ, אָדער נישט.

בלית ברירה מוז דעריבער גילטן פולע טאָלעראַנץ צווישן ביידע. אַ מין קאָעקזיסטענץ דאַרף ווערן אַ חוק ולא יעבור. אָן אינערן נאַציאָנאַל געזעץ.

און דאָ וועט דער סקעפּטיקער, מיט רעכט, אײַנווענדן, אַז בײַם וועלטלעכן לאַגער קאָן מען נאָך פועלן, אָבער ווי הימלווײַט איז דער רעליגיעזער לאַגער פון אַזאַ אידעאַלער טאָלעראַנץ.

מוזן מיר, ערשטנס, אונטערשיידן צווישן די כּלערליי ערנסטע דיפערענצן אינעם רעליגיעזן סעקטאָר גופא, און, צווייטנס, וועט אַ מער פּאַרטיפּטער נאַציאָנאַלער צוגאַנג מצד דעם וועלטלעכן ייִד אויך האָבן אַ סך מער פּאָזיטיווע ווירקונג.

שמעון דובנאָוו האָט אין זײַנע ״בריוו וועגן אַלטן און נײַעם ייִדנטום״ כּמעט וועגן דעם זעלביקן ענין זיך אויסגעדריקט אַזוי: ״די צונויפמישונג פון נאַציאָנאַלן און רעליגיעזן, און די פאַרוועלטלעכונג פון דער ייִדישער נאַציאָנאַליטעט איז אַ תּנאי פאַר דער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג״.

״נישט רעליגיע און נישט קולטור קענען ווערן אויסשליסלעכע קריטעריעס פון ייִדישן המשך. מיר אונטערשיידן זיך פון דער אָרטאָדאָקסיע דערמיט, וואָס

מיר גלייבן אין עוואָלוציע פון ייִדישקייט, וואָס איז כּולל אַלע גרונט־פּאָרמען פון נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג".

און איצט צום עצם מהות פון דער טעמע.

ווי קומט עס, וואָס מיר האָבן אויסגעטיילט די מאָדערנע ליטעראַטור כּדי זיך צו פאַרטיפן אין אָט דער גוֹרלדיקער און ביז גאָר קאָמפּליצירטער דילעמע פאַרן ייִדישן קיום?

איז דאָך אייגנטלעך ייִדישע ליטעראַטור אַן אינטעגראַלער באַשטאַנדטייל, אַ נאַטירלעכער גליד פון דער סעקולערער רעוואָלוציע. צי דען קען זי ווי אַזאַ ממשותדיק העלפן אין זוכן אַ באַשייד אויף דער פראַגע פון קאָעקזיסטענץ צווישן רעליגיע און וועלטלעכקייט אין מאָדערנעם ייִדישן לעבן?

איז דער תּירוץ, אַז די ייִדישע ליטעראַטור האָט צוליב כּמה טעמים געשפּילט, און שפּילט הײַנט, אַ נישט ווייניקער דערציִערישע ראָל, אויב נישט די סאַמע צענטראַלסטע אינעם גוראַנגל פאַר שעפערישן המשך פון פאָלק.

כאָטש זי איז טאַקע בפּועל ממש אַזוי ענג פאַרבונדן מיט דעם וועלטלעך־סעקולאַרן דורכברוך, איז די ייִדישע ליטעראַטור לכתּחילה געוואַקסן אויפן שויס פון רעליגיעזן לעבן. אין 14־טן יאָרהונדערט באַווײַזט זיך שוין דאָס באַרימטע "שמואל־בוך". "אסתר פּאָעמען" — שרײַבט מאַקס עריק ("געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור") — "באַווײַזן זיך אויך דאָ, אין דער געגנט פון וואָרמס. די עלטסטע ייִדישע תּנ"ך־איבערזעצונגען שטאַמען פון אָט דעם יאָרהונדערט. דער אײַנפלוס פון די דײַטשישע מינעזינגער וואַקסט אין די געטאָס און פלעכט זיך דורך מיט תּנ"כישע און מדרש־מאָטיוון. דאָס אַלץ ווערט אָבער צוגעדעקט מיטן אויסערלעך פרומען שלייַער". עריק קומט צום אויספיר, אַז "אין ייִדיש און דורך ייִדיש איז געפלאָסן אַ שטראָם פון פאַרוועלטלעכן דאָס ליטעראַרישע שאַפן, וואָס האָט פאַרכאַפּט דאָס גאַנצע פאָלק. ס'איז איבעריק צו דערמאָנען די "צאינה וראינה", די אַ"ג "פּראָסטע ביכלעך" א'אַ.

באַזונדערס האָט ייִדיש, ווי כּידוע, זיך צעבליט מיטן וווקס פון חסידות. ר' נחמן בראַצלאַווערס באַרימטע פאָלקסטימלעכע מעשיות זײַנען נאָר ווי דער שפּיץ פון אַן אײַזבאַרג אויפן ים.

מאַקס ווײַנרײַך שאַצט אָפּ אַזוי דעם שײַכות צווישן רעליגיע און וועלטלעכקייט (אין זײַן "געשיכטע פון ייִדיש"): "ייִדיש איז נישט די אָפיציעלע שפּראַך פון ייִדישקייט אין טראַדיציאָנעלן אשכּנזי. גאָט האָט נאָך איידער די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן גערעדט צו די מלאכים לשון קודש". — — "...ייִדיש איז אָבער די שפּראַך, וואָס אויף איר איז מען מעורר די ייִדישקייט. אין גאָר אַ גרויסער מאָס איז זי אויך די צופיר־שפּראַך, וואָס

דורך איר ווערט ייִדישקייט געבראַכט צום יחיד״. — — ״...דורך לערנען איז ייִדיש געוואָרן אַן אינסטרומענט, נישט נאָר אַ באַגלייטער פון דרך השם״.

אָבער, ווי געזאָגט, איז שוין די פרייַע מאָדערנע ליטעראַטור אידענטיפיצירט געוואָרן מיט דער וועלטלעכער קולטור־איבערקערעניש אין ייִדישן לעבן.

פרץ־מיליטאַנטישע וועלטלעכקייט האָט געזוכט וואָס מער זיך צו דערווייַטערן פון דער דורות־אַלטער רעליגיעזער ציוויליזאַציע. ס׳איז איבעריק זיך איצט אַרייַנצולאָזן אין די סיבות. וואָס עס אינטערעסירט אונדז אָבער אין שייַכות מיט דער הויפּט־טעמע, איז דער עיקר אונטערצושטרייַכן, אַז צום גליק האָט די ייִדישע ליטעראַטור אויסגעמיטן, מיט גאָר קליינע אויסנאַמען, די טויט־געפאַר פון אָפּרייַסן זיך פון דעם ריזיקן קוואַל פון אונדזער גרויסער יצירה.

ס׳וואָלט אַוודאי געווען פאַלש צו זוכן די סיבה פון דעם אין דער געדאַנקען־וועלט פון אַלערליי בעלי מחשבות אין פריִען פעריאָד פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור. גאָר וואָגיקע מיינונגען פון אַזעלכע דענקער, ווי זשיטלאָווסקי, ניגער א״אַנד, זייַנען געקומען אַ סך שפּעטער. צי האָט דער ייִדישער שרייַבער אַנטוויקלט אַ קלאָרע טעזע, ווי אַן אויסגאַנגס־פּונקט צו זייַן צוגאַנג צום פּראָבלעם פון וועלטלעכקייט און רעליגיע? — פאַרקערט. איז דאָך גראָד דער שווערפּונקט בייַ מענדעלען, למשל, געלעגן אין אָ גאָר אַגרעסיווער קריטיק פון דעם לעבן, וואָס איז געווען באַהערשט דורך דעם כלי־קודש, קהילה־רעדלפירער אאַ״וו. די משכּילישע ליטעראַטור האָט דאָך אַוודאי־און־אַוודאי נישט געשווינט דעם שטייגער לעבן. יצחק יואל לינעצקיס ״דאָס פּוילישע ייִנגל״ איז אפשר דער בולטסטער קינסטלערישער אויסדרוק דערפון.

די באַשייַמפּערלעכע ירידה פון חסידות און פון אַלץ וואָס איז דערמיט געווען פאַרבונדן, האָט זיכער נישט געקענט באַגייַסטערן דעם ייִדישן שרייַבער. און דאָך דאַרף צו זייַן שבח געזאָגט ווערן, אַז ס׳האָט גאָרנישט לאַנג געדויערט און ער האָט ווי אַ קינסטלער געשילדערט זייַנע העלדן און פּערסאָנאַזשן אין נאַטירלעכן, נאָך אַלץ אין אַ גאָר גרויסער מאָס רעליגיעזן, שטייגער.

אמת, אַפילו פּרץ האָט אַ צייַט לאַנג זיך געראַנגלט מיט משכּילישע פאָראורטיילן. מיר קענען גרינג דערזען דעם ריזיקן מהלך פון ״מאָניש״ ביז צו דער ״גאָלדענער קייט״, און אַוודאי־און־אַוודאי אין זייַנע ״פאָלקסטימלעכע געשיכטן״.

י. ל. פּרץ ווי דער בעל מחשבה און מייַסטער פון געדאַנק, האָט אָבער גלייַכצייַטיק מיט אָט דער ענדערונג געזוכט אַ באַשייד פאַר דעם וואַקסנדיקן קאָנפליקט צווישן דעם מאָדערנעם מענטש און דער וואָרצלדיקער ייִדישקייט, וועלכע ער האָט אַזוי אידעאַליזירט דורך דער געשטאַלט פון ר׳ שלמהן, דעם נעמיראָווער א״אַנד. ״דער מאָדערנער מענטש צעשטערט נישט און בויט

נישט״ — שרייַבט ער אין איינעם פון זייַנע גייַסטרייַכע פעליעטאָנען — ״ער האָט זיך זייַן לעבנס־גאָט צעשלאָגן און יעדן מאָמענט דינט ער אַן אַנדערן שטויב פון געוועזענעם גאָט און האַלט זיך באַפרייַט פון גאָט״.

אין דער זעלבער צייַט שמייַסט ער ווי מיט אייַזערנע ריטער די ״פאַרגליווערטע ייִדישקייט״, ווי ער דריקט זיך אויס. ״ווּ האָט איר אייַער ייִדישקייט פון רמב״ם, פון סעדיה גאון און פון אַנדערע אַזוינע? — — איר האָט פון ירושה־פּרוֹכת אויסגעטעפּעט אַלע גאָלדענע פעדים, וואָס זיי האָבן אַרייַנגעוועבט, האָט אירע אַלע פאַרבן, מיט וועלכע זייער קינסטלערישע האַנט האָט עס פאַרצירט, אויסגעלאָשן און דערלאַנגט אַ גרין און גראָב שטיק געוועב אייַערע קינדער צו די ליפּן און הייסט זיי קושן״.

״איר האָט פון אייַער ייִדישקייט דעם לעבעדיקן גאָט פאַרטריבן. איר האָט פון געטלעכן געזעץ דעם גייַסט פון גאָט פאַרטריבן״.

פּאַר פּרצן איז, על־כּן, ״ייִדישקייט קודם־כּל פאַרבונדן מיט דער נאַציאָ־נאַלער אידייע״. צום בולטסטן קומט זייַן פילאָזאָפיע צום אויסדרוק אין דעם באַרימט געוואָרענעם פאַראָל: ״ייִדישקייט איז די ייִדישע וועלט־אָנשויונג!״

דער, אויף וועמען פּרץ האָט געהאַט דעם גרעסטן דירעקטן אייַנפלוס, איז געווען זייַן פאַרערער י. י. טרונק. טרונק האָט פּרצעס העראָאִישע וויזיע פון דער אייגנאַרטיקער היסטאָרישער ראָל פון ייִדישן פאָלק אייַנגעגלידערט אין זייַן בונדישער וועלט־אָנשויונג, צו וועלכער ער איז אַריבער ממש כּמעט פון בית־מדרש. אין פאַרשיידענע וואַריאַנטן איז געקומען צום אויסדרוק פּרצעס השפּעה אויף דעם אידעאַליסטישן טרונק. מיר וועלן נאָר אַרויסכאַפּן עטלעכע ציטאַטן פון טרונקס שריפטן.

״דער וועלטלעכער קולטור־רענעסאַנס פון די ייִדישע מאַסן״, שרייַבט ער, ״איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו פון ייִדישן נאַציאָנאַלן באַוווסטזייַן איז נישט מער געווען די טעאָלאָגישע נאָרמע, נאָר אַן אַקטיווע לעבנס־פילאָזאָפיע פון דער ייִדישער געזעלשאַפט אויף איר היסטאָרישער לעבנס־פונקציע״.

פּאַראַפראַזירנדיק זיגמונט פרוידן, שרייַבט טרונק: ״אויפן פינצטערן הינטערגרונט פון מיסטישן ייִדן־האַס שיידט זיך אויס די טראַגישע אָפּטימיסטישע וועלטשפּיל פון שלום־עליכמס העלדן. דורך מנחם־מענדל און טוביה האָט שלום־עליכם אַנטפּלעקט דעם סוד פון דער וועלט־עקזיסטענץ, וואָרום ייִדן קוקן אויפן הימל, זוכן דאָס טעלערל פון הימל, און בויען אויף זייער אייגענע צוקונפט״. פון אָט די ייִדן ״האָט געווייעט דער הייליקער ריח פון לעבעדיקער ייִדישער קאָנטינויִטעט״.

איז דען אַ וווּנדער, וואָס טרונק האָט צווישן אַשס אידעאַליזירטן און ווייַסנבערגס נאַטוראַליסטישן שטעטל, אין וועלכן עס שפּיגלט זיך שוין אָפּ דער פאַרביסענער קלאַסן־קאַמף, אויסגעקליבן דאָס שטעטל פון שלום

אַש? — ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען ווען ס'קומט פון אַ געטרײַען בונדיסט...

טרונק באַצייכנט אַזוי די גרויסע נפקא־מינה צווישן נאַטוראַליזם און אידעאַליזם: "דער ייִדישער נאַטוראַליסט איז געבליבן אָרעם..., בעת דער ייִדישער אידעאַליסט האָט דעם סאָציאַלן אונטערשיד ווי אַ היסטאָרישע טרײַב־קראַפט פון קלאַסן־קאַמף אויסגענוצט פאַר זײַן וועלט־געפיל... דער גאַסטינינער רבי איז פאַר ווײַסנבערגן עפּעס אַ פּאַראַזיטיש רבילע, און אַשס שלמה נגיד — אַ פּשוטער בורזשוי".

ס'וואָלט זיכער געווען אַ יושר זיך גרינטלעכער אָפּצושטעלן אויך אויף דער אינדיווידועלער עוואָלוציע פון אונדזערע פירנדיקע שרײַבער אין שײַכות מיט אונדזער טעמע. איז עס דאָך אַזוי נאַטירלעך, אַז וואָס ביטערער דער גורל פונעם שווער געפּרוווטן פאָלק, אַלץ ציטערדיקער ווערט דער ייִדישער שרײַבער, און אַלץ מער און מער ווענדט ער זיך צו די גרויסע שעפערישע קוואַלן אונדזערע. אַוודאי־און־אַוודאי צו דעם נאָרוואָס פאַרשניטענעם צאַפּלדיקן לעבן אין מזרח־אייראָפּע, וואָס האָט נאָך אַזוי טיף געאָטעמט מיט, וואָס טרונק רופט אָן, דעם "גאַנג אין דער ייִדישער געשיכטע". איז דען אַ חידוש, וואָס אין זײַן אַנגסטלעכן אומרו רײַסן זיך בײַ אים אַרויס תּפילה־טענער מיט גאָט אויף זײַנע ליפּן? אָט־אָ די נאָסטאַלגישע סימבאָליק איז לחלוטין נישט מבטל זײַן וועלטלעכקייט.

אינטערעסאַנט איז אין דעם צוזאַמענהאַנג צו ברענגען אַ בײַשפּיל פון איינעם פון אונדזערע טראַדיציאָנעלע דיכטער־דענקער, אהרון צייטלין. אין זײַן דראַמע "די וועבער פון באַלוט" טענהט דער וועבער זיך אויס מיט גאָט אויף אַזאַ אופן: "ווײַטער ווייסטו וואָס איך וואָלט געטאָן? איך וואָלט די וועלט געפירט על־פּי מענטשלעכקייט! וואָרום מיט מענטשן איז קיין קונץ נישט צו זײַן געטלעך! הערסט, רבונו־של־עולם? מענטשלעך! איך וואָלט געפירט די וועלט אַנדערש ווי דו. מענטשלעכן יושר וואָלט איך אײַנגעפירט". דער מענטש, זאָגט ווײַטער אהרון צייטלין, "דאַרף גערעכטיקייט, וואָס ער זאָל קענען באַנעמען מיט דעם אייגענעם שכל. אַזאַ גערעכטיקייט קען זײַן בלויז אַ מענטשלעכע גערעכטיקייט, און אײַנפירן דאַרף זי קענען נאָר דער מענטש". צי נויטיקט זיך אַזאַ קלאָרער וועלטלעכער געדאַנק, לויט דער פאָרעם און אינהאַלט, אין פּירושים?

אויך טרונק פאַררופט זיך אויף דער ביטערער דאָליע פון די באַלוטער וועבער, וואָס האָט אים דערנענטערט צו דער אַרבעטער־באַוועגונג.

אויך אַנדערע סיבות האָבן גורם געווען די טיפע פאַרבונדנקייט פון ייִדישן שרײַבער מיט דעם רעליגיעזן מיליע, דהײַנו — האָבן דאָך ס'רוב שרײַבער געשטאַמט פון דער סביבה, וועלכע זיי האָבן פאַראייביקט. נישט קיין קליינע ראָל האָט אויך געשפּילט דאָס, וואָס אַפילו ווען טיילן פונעם

פאָלק זייַנען אַריבער צום נייַעם שטייגער און צו אַן אַנדערער אידייען־וועלט, זאָל נאָך אַלץ בלייַבן אין זיי אַ שטאַרקע נייגונג צו דערהויבונג און קדושה. האָט זיך דאָך אַפילו די וועלטלעך אָריענטירטע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אַזוי באַדייַטנדיק אונטערגעשיידט פון ענלעכע, לויט זייער וועלט־אָנשויונג אַרבעטער־באַוועגונגען בייַ אַנדערע פעלקער. אַפילו אין די זעלביקע לענדער ווי, למשל, אין פוילן, רוסלאַנד אאַ״וו.

ווי ווייַט אמתדיק דאָס קלינגט, קאָן מען דרינגען פון דעם, וואָס ביידע וועלטלעכע באַוועגונגען, סייַ דער ״בונד״ און סייַ די פועלי־ציון, האָבן אין זייַערע שבועות בפירוש רעליגיעזע טענער. אָט הייבט זיך אָן, למשל, דער רעפריין אין דער בונדישער שבועה מיט: ״הימל און ערד וועלן אונדז הערן״. דאַרף מען דען זוכן אַ מער רעליגיעזן סימבאָל?; די פועלי ציון־שבועה רופט צו ״הייבן די הענט קעגן מזרח און ציון״. ״מזרח״ מיינט דאָ, נאַטירלעך, ארץ ישראל, אָבער ״הייבן די הענט״ איז פונקט אַזוי סימבאָליש ווי ״הימל און ערד וועלן אונדז הערן״.

און לסוף, נאָך איין אָבסערוואַציע וועגן די פאַרשיידענע אַספּעקטן פונעם אייגנאַרטיקן יידישן איבערגאַנג צו וועלטלעכקייט, ווי זיי האָבן זיך אָפּגעשפיגלט אין דער יידישער ליטעראַטור. עס איז בכלל כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, אַז עס האָט כמעט ווי געפעלט אַטעיִזם בפרהסיא, און ווען אַפילו בייַ מלך ראַוויטשן האָבן זיך אין זייַן דורך אים אַזויגערופענעם ״גרינגראָז־פעריאָד״ אַרויסגעריסן אַפילו גאָטלעסטערנדיקע טענער — האָט ער אָבער שוין אין יאָר 1912 געשריבן אין אַ פּאָעמע, וואָס רופט זיך: **״אַ תּפילה פון אַ נייַנצניעריקן״**:

״גיב מיר דאָס ווונדערלעכע גרויסע ליכט,
וואָס זאָל מיר שייַנען פון דייַן שכינה אויבן,
וואָס זאָל מיר מאַכן העל מייַנע שוואַרצע נעכט.
גיב מיר דעם גלויבן.
ווייַל גלויבן איז די זון, און מיט דער הילף פון שטראַלן האָט דאָס
גאַנצע לעבן פון דער טיפעניש זיך אויפגעהויבן.
גיב מיר דאָס העלסטע פון דייַנע ליכט — גאָט,
גלויבן״.

פון דעסטוועגן שרייַבט ער אַ יאָר שפּעטער אין אַ פּאָעמע **״גלויבן און ליבע״**, וועלכע ער הייבט אָן אַזוי:

״נישט איך גלויב אין דיר און נישט איך האָב צו דיר,
ווייַל גלויבן איז ווילד און האָפן איז בלינד —
נישט אַזוי — שווייַגנדיק ליכט דו, גאָט?

אָבער מײַן ליבע צו דיר, אָ גאָט,
וואַכט־אויף אין די נעכט.
און איך הייב אויף ווי אַ שאָף מײַנע הענט
צו דיר און אַ זיסער ריח נעמט מיך אַרום,
ווי בשׂמים וואָלטן צו דיר אין דער שאָל
פון מײַנע הענט געברענט.
און עס ווילט זיך מיר אויפשטיין און צוגיין צום אַלמער
וואָס ווי דער הימל מיט שטערן איז פול
מיט דעם ליכט פון דײַן אות,
און עס ווילט זיך ווײנען מיט ליבע און בענקשאַפט צו דיר״.

אַפילו אַזאַ דורכאויס וועלטלעכער דיכטער ווי יעקב גלאַטשטיין איז אין זײַן נאָכן־חורבן־ליד דערגאַנגען ביז צו אַזעלכע שורות:

״מיט אונדזערברייטן סידור
מיט געזאַנגען פון אַמאָליקע פּאָעטן
קיין אייגענע תּפילות
צו דײַן אומעטיק געצעלט
האָט פון אונדז נישט אַרויסגעקוועלט״.

און, אחרון אחרון — קומען מיר צו חיים גראַדען, וועלכער האָט אין זײַן נאָכמלחמה־שאַפן געשעפּט מיט אַזוי פיל פּאַטאָס פון זײַנע יונגע יאָרן פאַרבראַכט אין דער סביבה פון ״מוסר״, דערצויגן אין נאָוואָרדאָקער נוסח ״מוסר״ און ווילנע מיט דעם שולהויף אין צענטער. הגם ער האָט אין אָט די ראָמאַנען, און באַזונדערס אין ״צמח אַטלאַס״ ווײַט נישט געשווינט די גרויסע שוואַכקייטן פון ״מוסר״, דריקט זײַן נאָסטאַלגיע אָבער אויס טיפע סענטימענטן פאַר אַ סביבה, וואָס האָט דאָך דערפירט דאָס אָפּהיטן די ״הלכה״ צום סאַמע אולטראַ־אָרטאָדאָקסישן עקסטרעם. וואָס ווײַטער אַלץ מער הערן מיר שטימען וועגן גראַדעס אומקערן זיך, אויב נישט צום מוסר אין פולן זין פון דעם וואָרט, איז צו דער פאַרהייליקטער אַטמאָספער פון די ״שטומע ייִדן״.

אויבנאויפיק שײַנט אפשר צו זײַן אין דעם אַ ניצוץ פון אמת. אָבער טאַקע נאָר אַן אויבערפלעכלעכער אײַנדרוק קען זיך שאַפן פון אַזאַ פּאָעמע, ווי ״תּלמידי חכמים פון דער ליטע״:

״איר האָט מיך אין בראַנד פון אַלע פראָנטן
און ביז פּאָמיר, די בערג מיט די פאַרשנייטע האָר,
ווי פעלזן־צײַן פאַרקראַטעוועט די האָריזאָנטן,
זײַט איר מיר נאָכגעגאַנגען, אבות פון מײַן דור.
פאַרלאָזט מיך נישט אין מײַן ווײַטערדיקן וואָגלען

אין ניו־יאָרק לעבט נאָך אַלץ אין מיר
פאַרשוווּנדענע — געשטאַלטן".

שוין צווישן צמח אַטלאַס, דעם אומגליקלעכן בעל־תּשובה, דעם געוועזענעם מנהל פון דער נאָוואָרדאָקער ישיבה און דעם מחזה אברהם חייקל ווילנערס (חיים גראַדע) רבי, איז גאָר אַ ווײַטער מהלך. אָט זאָגט, למשל, דער מחזה אברהם צו חייקל ווילנער: "איַער מנהל רעדט וועגן חסרון אין מענטש. די שלעכטע מידות ליגן אין אונדז צײַטנווײַז צוניפגעדרייט און זיי שלאָפן. רירט מען זיי אָבער פונעם אָרט, ווערן זיי צערייצט". אַמאָל "איז מען אויף אַ מענטש משפּיע צום גוטן דורך זוכן אין זיך די מעלות, און נישט קיין חסרונות".

"דער כּוח", זאָגט ער, "וואָס קען דעם מענטש אויפהייבן, ליגט אין קנין פון חכמה". "די וועלט איז אַ יום־טובדיק געדעקטער טיש, און דער בעל שכל דאַרשט פון אים צו געניסן. מ'קען זיי נישט אַרויסרײַסן לגמרי, דער מענטש זאָל דערבײַ נישט ווערן חרוב" (ז' 663). גראַדע טענהט זיך אויס באַזונדערס דראַמאַטיש מיט זײַן געוועזענעם רבין, ווען ער, חייקל, קומט צו זײַן ענדגילטיקן באַשלוס אריבערצוגיין צו וועלטלעכקייט. אויפן רבינס פראַגע, וואָס חייקל טוט, ענטפערט אים גראַדע: "געוויס דריי איך זיך נישט אַרום סתם אַזוי, איך זוך צו דערקענען די מענטשן פון מײַן גאַס".

"פאַראַן", זאָגט חייקל ווילנער, "דער וועג פון דיכטער און פילאָסאָף, וואָס פאַרמשפּט נישט דעם מענטש. ער דערקלערט דעם מענטש ביז מיר פאַרשטייען, אַז מ'קען שלעכטע מידות און געוווינהייטן נישט אַרויסרײַסן אַזוי ווי קאַליע־געוואָרענע ציין, אָדער פון אַ גאָרטן. אויפן בן־אדם ווירקן אַ סך גערירשנטע כּוחות אין אים, און די תּנאי החיים אינדרויסן פון אים"... מיר זעען שוין דאָ דעם אײַנפלוס פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט, צו וועלכער דער אַמאָליקער מוסרניק האָט זיך געוואָנדן.

אינטערעסאַנט זײַנען אויך די ווײַטערדיקע אויספירן גראַדעס: "דערלייזן אים, דעם דיכטער און פילאָסאָף, פון פינצטערניש. אין אים גופא זײַנען זיי מקיים די מצווה פון פּדיון שבויים דורך דעם, וואָס זיי העלפן דעם מענטש זיך בעסער צו דערקענען און טאַקע ווערן בעסער". ווערטער, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַ מין קווינטעסענץ פון אַ דורכאויס וועלטלעכן צוגאַנג.

כּדי אָבער צו דערקענען גראַדעס ראַדיקאַל געביטענע וועלט־אָנשויונג, וועלכע האָט אויסגעהאַלטן אַפילו דעם מוֹראדיקן חורבן, מוזן מיר ברייטער זיך אָפּשטעלן אויף אַ דאָקומענט, וואָס איז, ליידער, פאַרגעסן געוואָרן, הגם ער צייכנט זיך אויס מיט אויסערגעוויינלעכן שאַרפזין, מיט קלאָרקייט פון געדאַנק און פאַרכאַפּנדיקן הומאַניטאַריזם.

גראַדעס "ווויכוח מיט הערש ראַסיינער", געשריבן נאָך פֿאַר "צמח אַטלאַס", קלינגט ממש ווי אַ מאַניפֿעסט פֿון עכטער וועלטלעכקייט און הומאַניזם. אין אָט דעם "קריג" מיט הערש ראַסיינער, דעם סאַמע פֿרומסטן ישיבה־בחור פֿון דער נאָוואָרדאָקער ישיבה, באַגעגענען זיך צונויף צוויי וועלטן. דער ראַסיינער באַשטייט אויף דעם, אַז די אַנגסטיקע איבערלעבונגען בעתן חורבן, וועלכן ער האָט לסוף אַדורכגעמאַכט אין איינעם פֿון די שרעקלעכסטע טויט־לאַגערן, האָבן נאָך מער באַקרעפֿטיקט זײַן אמונה און אַבסאָלוטע איבערצײַגונג אין "מוסר": איר, הערש ראַסיינער, זאָגט אויף דער וועלט ניין! "איך אָבער בין אויף זיך גוזר צו זאָגן יאָ!".

וואָס פֿאַר אַ טיפֿער אָפּגרונט ליגט צווישן אָט די "יאָ" און "ניין׳ס"! אין דער צײַט ווען איינער פֿירט צו נאַציאָנאַלן זעלבסטמאָרד, פֿירט גראַדעס הילכיקער "יאָ" צו וועקן האָפֿענונג און שעפֿערישן קיום פֿון אונדזער פֿאָלק אין אַ קאָמפּליצירטער און ווײַט נישט אידעאַלער וועלט, וואָס נייטיקט זיך מער ווי ווען־נישט־איז אין דער שליחות, וואָס איז פֿאַרבאָרגן אין פּרצעס קלאַסישן זאָג וועגן "דער וועלט דורך ייִדישע אויגן געזען".

זיכער איז דעם ראַסיינערס פֿאַרצווייפֿלטער אויסרוף אַ ביז גאָר עקסט־רעמער. אָבער ענלעכע שטימונגען האָבן דאָך באַהערשט גאָר אַ סך ייִדן. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט דער שטאַרק צעוווייטיקטער יעקב גלאַטשטיין אַפֿילו אויסגערופֿן "אַ גוטע נאַכט, וועלט!". אויף אָט דעם הינטערגרונט קאָן מען אויך טייַלווײַז דערקלערן דעם וווּקס פֿון דער אָרטאָדאָקסיע סײַ אין די תּפֿוצות, און סײַ אין מדינת ישראל.

גראַדע שײַנט צו זײַן שטאַרק דערשלאָגן, אין דער צײַט ווען הערש ראַסיינער שמײַסט ווי מיט אײַזערנע ריטער אין דער מעגלעכקייט, אַז די וועלט וועט נאָך תּחית המתים אויפֿשטיין נאָך אוישוויץ. איז דען טאַקע גרינג צו גלייבן, אַז אַ וועלט וועט זיך נאָך באַפֿרײַען פֿון יענע כּוחות, וואָס האָבן דערפֿירט צו אַזאַ אכזריות?

גראַדע הייבט אָן זײַן תּשובה מיט גאָר אַ האַרבער פֿראַגע: צי דען "גלייבט איר נאָך אַלץ אין השגחה פּרטית?"..."ווי אַ מענטש דאַרף מאַכן אַ ברכה אויף גוטס, דאַרף ער אויך מאַכן אַ ברכה אויף שלעכטס", ענטפֿערט אים קורץ־און־שאַרף דער ראַסיינער און ציט ווײַטער: "מען דאַרף פֿאַלן פֿאַר דער גרויסקייט".... "איך בין אַלע מײַנע בחורישע יאָרן מיט די אויגן צו דער ערד געגאַנגען, נישט צו זען די וועלט. איז געקומען דער דײַטש און האָט מיך גענומען בײַ מײַן ייִדישער באָרד, אַ ריס געטאָן מײַן קאָפּ אין דער הייך און מיך געהייסן אים קוקן אין די אויגן אַרײַן גלײַך און אין די אויגן פֿון דער גאַנצער וועלט".

אַ צעהיצטער, און כאָטש נאָרוואָס אַ שטאַרק דערשלאָגענער, וועקט זיך אין גראַדען באַנײַטער מוט, מיט וועלכן ער שלאָגט־אָפּ דעם ראַסיינערס

פינצטערע רעיונות. קאַטעגאָריש וואַרפט ער אָפּ די טענה, אַז דאָס שעפּט ער, גראַדע, נאָך אַלץ פון ״פרעמדע צעבראָכענע ברונעמס. זאָלט איר וויסן, אַז איר מאַכט אַ טעות. איך שעפּ פון זעלביקן ריינעם קוואַל וואָס איר, נאָר מיט אַן אַנדערער כּלי. האַס און פאַראַכטונג צו דער וועלט, מבטל־מאַכן די וועלט — דאָס איז אַלעמאָל געווען אייַער גייַסט״. און גראַדע ציט ווייַטער: איר לעבט אָן ספקות. ״איך האַלט גאָרנישט, אַז עס איז אַ גרויסע מעלה ווען אַ מענטש האָט נישט קיין ספקות״.... ״מיר נעמען אויף זיך אַ טאָפּלטן חוב לגבי ייִדישקייט און לגבי דער וועלטישקייט״.

״איך זוך דעם תּוך פון ייִדישקייט און וועלטלעכקייט, וואָס גייען צוזאַמען״... ״אונדזער וועלטישקייט איז צו באַפרייַען דעם יחיד״.

דעם־אָ האַרבן און טיפן שמועס האָבן ביידע ניצול־געוואָרענע געפירט אין פאַריז, האַרט פאַר דעם פאַריזער ראָטהויז. דער ראַסיינער האָט מיט שפּאָט גערעדט וועגן די מאַרטירער, וועמענס דענקמעלער שטייען טאַקע פאַר דעם ראָטהויז. גראַדע ענטפערט דעם ראַסיינער, אַז: ״פון אָט די מענטשן האָט מען אַראָפּגעהאַקט די קעפּ ווייַל זיי האָבן געוואָלט פרייַהייט, גלייַכהייט און ברידערלעכקייט פון מענטשן... אויך בייַ אונדז ייִדן וועט איר געפינען אַזעלכע, וואָס האָבן אָפּגעפינצטערט זייער יוגנט אין די תּפיסות, ווייַל זיי האָבן געוואָלט איבערמאַכן די וועלט״.

״איר, ר׳ הערש, האָט מבטל־געמאַכט די וועלט, זייַט איר פאַרקראָכן אויף אַ בוידעם. אָבער די דאָזיקע יונגלייַט וואָס האָבן שטאַרק ליב געהאַט דאָס לעבן, האָבן זיך מפקיר געווען אויפצוריכטן די וועלט״.

״איר האָט פאַרשטאָפּטע הערצער און טויבע אויערן פאַר אַלע חכמות פון דער וועלט״.

״אויב אייַך זייַנען אַזוי פרעמד די וועלטישע ייִדן, הייַנט ווי קען איך שווין האָבן טענות וואָס פון אייַך בלאָזט פינצטערניש און אַ שינאה צו דער גאַנצער וועלט?״

״מעגן מיר פייַנט האָבן די גאַנצע נישט־ייִדישע וועלט? איר ווייסט פּונקט ווי איך, אַז עס זייַנען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געראַטעוועט ייִדן. וועל איך זיך נישט אַרייַנלאָזן מיט אייַך אין אַ חשבון וויפל עס זייַנען געווען אַזעלכע״.

חיים גראַדע ברענגט דאַן צוויי ביז גאָר רירנדיקע פאַלן פון מסירות נפש פון אַ פּוילישן דאָקטאָר און אַ ליטווישער פרוי, אמתע צדיקים. זיי האָבן געראַטעוועט — שרייַבט גראַדע — נישט בלויז צוליב רחמנות, נייַערט אויך צוליב זיך אַליין״. יאָ, צי האָט איר זיך נישט פאַרטראַכט, אַז ווען ״מיר זאָלן אַפילו זייַן טייַוולאָנים, האָבן מיר נישט געקענט אַזוי שטאַרק זינדיקן, אַז אונדזער שטראָף זאָל זייַן אַ מיליאָן אומגעבראַכטע קינדער. און דאָך וועט איר מיך פרעגן וואָס האָט זיך בייַ מיר געביטן?

דאָס טאַקע, וואָס איך האָב אײַך ליב אהבת נפש. וואָס איך וויל שלום. מיר איז שווער זיך מיט אײַך צו שיידן".

"ס'איז געוואָרן ציטערדיקער און טיפֿער אונדזער ליבשאַפֿט צו ייִדן. דאָס הייסט, פֿון דער וועלט זאָג איך זיך נישט אָפּ".

"מיר וועלן אָפּגראָבן אין זיך די פֿאַרבאָרגענע געירשנטע כּוחות פֿון כּלל".

"אונדזער ווייגעשריי פֿון אָנמעכטיקן כּעס קעגן הימל האָט נאָך אַ טיפֿערן באַטײַט, ווײַל מיר גיבן נישט בשום אופֿן אונדזער הסכּמה אויף דער בלוטיקער וועלט־עוולה קעגן אונדז. ווײַל מיר נעמען נישט אָן דעם משפּט.

"כאָטש ס'איז אונדז, ייִדישע שרײַבער, אַזוי שווער, דינען מיר דעם כּלל, כאָטש ער ווײַזט אונדז אָפּטמאָל זײַן רוקן".

מיר האָבן, אין אָנהויב פֿון אונדזער עסיי, צוגעזאָגט זיך אומצוקערן צו אַ דעפֿיניציע פֿון דעם באַגריף "פּאָזיטיווע וועלטלעכקייט". איצט, נאָכן אַרײַנבליק אין דער ליטעראַטור, און באַזונדערס אין חיים גראַדעס ביז גאָר טיפֿן פּאַטעטישן אַנאַליז פֿון ייִדישקייט און, ווי ער רופֿט דאָס אָן, "וועלטישקייט", וועט אונדז זײַן אַ סך גרינגער צו באַנעמען אָט דעם גורלדיקן באַגריף.

אייגנטלעך איז פּאָזיטיווע וועלטלעכקייט נישט קיין נײַער באַגריף. אַ רייע פֿירנדיקע בעלי מחשבֿות האָבן דאָס פּרובירט צו טאָן אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים. געגנוג צו דערמאָנען אַזעלכע דענקער ווי דעם פֿריִער ציטירטן שמעון דובנאָוו, ד"ר חיים זשיטלאָווסקי, ש. ניגער, יודל מאַרק, לייבוש לערער, חיים גרינבערג, פּראָפֿ. ליבמאַן הערש, ד"ר שאול גוטמאַן – באַזונדערס אין זײַן ווערטפֿולן בײַשטײַער **"די אמונה פֿון אַ וועלטלעכן ייִד"** – און אַנדערע.

זייער בײַטראָג טאָר בשום אופֿן נישט ווערן אונטערגעשאַצט. דער ייִדישער דיכטער, פּראָזאַיִקער און דראַמאַטורג האָט אָבער, דורך שעפֿן זײַנע פּערסאָנאַזשן פֿון צאַפּלדיקן לעבן פֿון הײַנט און אַמאָל, נאָך פֿיל פֿריִער ווי דער עסעיִסט (אין אַ בעלעטריסטישער פֿאָרם) פֿאַרקערפּערט די פּרינציפּן פֿון וואָרצלדיקער המשכדיקייט, און דערמיט געלייגט דעם גרונטשטיין פֿאַר דעם שפּעטערדיק אַנטוויקלטן פּרוּוו פֿון אַ סימבאָל צווישן וועלטלעכקייט און טראַדיציאָנעלער ייִדישקייט. פּאָזיטיווע וועלטלעכקייט דערשאַצט און איז כּולל די דערהויבענע ווערטן פֿון דער רעליגיעזער ציוויליזאַציע אין גבֿול פֿון אַזאַ באַנעמונג פֿון ייִדישקייט, וואָס פֿלעכט אַרײַן די עטיש מאָראַלישע דערגרייכונגען אין אונדזער העראָיִשער געשיכטע, אויך אין דעם סעקולערן צוגאַנג און אונדזער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג.

פֿון דעם איז שוין אַזוי נאַטירלעך געדרונגען, אַז אין רעאַלן לעבן אין וועלכן רעליגיע שפּילט אַזאַ גרויסע ראָל, זאָל גילטן די אַבסאָלוטע איבערצײַגונג, אַז וועלטלעכקייט און רעליגיע מוזן באַטראַכט ווערן ווי צוויי פּאַראַלעלע

הויפּטזייַלן פון שעפערישן המשך.
נישט אַבדיקאַציע פון די צוויי שעפערישע שטראָמען פון איינעם פאַרן אַנדערן, נאָר קעגנזייַטיקע דערגאַנצונג אין קאַמף פאַר נאַציאָנאַלן קיום. לאָמיר דערבייַ נישט פאַרגעסן, אַז דער רעליגיעזער לאַגער איז דאָך ווייַט נישט קיין מאָנאָליטישער און איז נישט אינגאַנצן באַהערשט דורך דער עקסטרעמער, און אַפילו וויייניקער עקסטרעמער, אָרטאָדאָקסיע.

וויפל שווערער וואָלט אונדז געווען צו דעפינירן פּאָזיטיווע וועלטלעכקייט ווען מיר וואָלטן פּרובירט דאָס צו טאָן אין אָנהויב פון אונדזער אַנאַליז. דורך נישטערן טיפער אין אונדזער וווּנדערלעכער ליטעראַטור, איז מעגלעך געוואָרן אַזאַ על־פּי־ערך לאַקאָנישע פאָרמולירונג, וואָס שטייט אונטערן צייכן פון חיים גראַדעס שוין ציטירטן ביז גאָר טרעפלעכן זאָג, אַז "בלית ברירה נעמען מיר, ייִדן, אויף זיך דעם טאָפּלטן חוב לגבי ייִדישקייט און וועלטישקייט".

וואָס פריִער דער וועלטלעכער לאַגער וועט האַנדלען אין הסכּם מיט אָט דעם גרונט־פּרינציפּ, אַלץ גיכער וועט ער צוריק געווינען זייַן וויטאַלן אָרט אין אונדזער נאַציאָנאלן לעבן, וואָס שטייט דאָך פאַר גרויסע נסיונות סייַ אין מדינת ישראל און סייַ אין כּל תּפוצות ישראל.

ס'איז אַוודאי־און־אַוודאי נישט קיין גרינגע אויפגאַבע, אָבער נאָר דורך אָנווענדן דעם כּלל פון דואַליזם קענען מיר פאַרצייכענען, למשל, אַזעלכע דערגרייכונגען, אַז דער רעליגיעזער בר־אילן אוניווערסיטעט זאָל, ווי ס'ווייַזט אויס, גאַנץ דערפאָלגרייַך בויען אַ ייִדיש־אָפּטייל אייַנשליסלעך מיט אויסשולן לערער פאַר ייִדישע שולן פאַרן גאַנצן וועלט וואָס איז, ווי מיר איז באַקאַנט, געגעבן געוואָרן נאָר פון וועלטלעכע ייִדן.

ווען מיר אין קאַנאַדע האָבן אין 1969 גערופן די ערשטע נאַציאָנאַלע קאָנפערענץ פאַר ייִדיש, איז דער מנהל פון דער לובאַוויטשער ישיבה, הרב קריימער, געוואָרן דער פאָרזיצער פון קאָמיטעט פאַר דעם רעליגיעזן סעקטאָר. אָט דער צוגאַנג האָט אויך געהאַט אַ גאָר גוטן אָפּקלאַנג בעת דער לעצטער סעסיע פונעם וועלטראַט פאַר ייִדיש אין מאָנטרעאָל (אין 1982).

קיין צד האָט זיך חלילה נישט אָפּגעזאָגט פון זייַן גאָט־פילאָסאָפיע. פאַרקערט, פּאָזיטיווע וועלטלעכקייט קען, אייַנהאַלטנדיק מיט ווירדע איר פאַרשיידנאַרטיקייט, באַווירקן דעם וויייניקער טאָלעראַנטן צד. די ייִדישע ליטעראַטור האָט, און וועט, אין אָט דער שליחות שפּילן איר גרויסע שעפערישע ראָל.

"בייַ זיך", נומ' 25. אַפּריל 1984

# פראָבלעמען פון ייִדישן וועלטפאָלק

דער באַגריף פון ייִדישן וועלטפאָלק איז, לכל הפחות אין דער טעאָריע, נאָך אַלץ זייער מטושטעסדיק. נישט ווײַל ער איז נישט, חלילה, קיין דורכאויס רעאַלער, נאָר מחמת כּמעט אַלע אידעאָלאָגיעס בײַ ייִדן האָבן, אין בעסטן פאַל, איגנאָרירט די כּוללדיקייט פון דעם באַגריף.

וועגן דער אַמאָל גאַנץ שטאַרקער צילבאַוווסטזיניקער אַסימילאַציע, באַזונדערס אין מערב־אייראָפּע און טײלווײַז אין צפון־אַמעריקע, איז דאָך אָפּגערעדט. זי האָט נישט אָנערקענט די עקזיסטענץ פון ייִדישן וועלטפאָלק, נאָר געזוכט וועגן וויאַזוי צו אַנטלויפן פון יעטוועדער פאָרם פון פאָלקישקייט, חוץ פון פילאַנטראָפּיע — און דאָס באַזונדערס אין גרויסע עת־צרות.

בנוגע דעם פּאָליטיש־אידעאָלאָגישן רעליגיעזן לאַגער, איז דאָך אַוודאי ניט שײַך, וואָרום פולע רעליגיעזע אידענטיפיקאַציע איז אויטאָמאַטיש כּולל אַלע אַנדערע אַספּעקטן פון ייִדישקייט. צו וואָס דעריבער זיך גריבלען אין דער קאָמפּליצירטער פּראָבלעמאַטיק פון נאַציאָנאַלן מהות פון עם ישראל...

דער ציוניזם אין אַלע זײַנע שאַטירונגען, הגם מיט באַשטימטע ניואַנסן פון אינטענסיווקייט, שטרעבט נאָך אַלץ צו רעדוצירן דעם באַגריף דער עיקר צו מדינת ישראל. אמת, אין דער צײַט ווען נאָר אַן ערך צוואַנציק פּראָצענט ייִדן לעבן אין דער מדינה, מיט קנאַפּע האָפענונגען צו ענדערן באַדײַטנדיק די פּראָפּאָרץ, און בײַ אַ וואַקסנדיקער עמיגראַציע פון ישראל — איז שווער צו פאַרמאַכן די אויגן אויף דער נאַציאָנאַלער וואָג פון פיר פינפטל פון ייִדישן וועלטפאָלק. בפרט נאָך ווען ישראל נייטיקט זיך סײַ אין עקאָנאָמישער און סײַ אין דער פּאָליטישער הילף פון די תּפוצות.

אָט די האַרבעווירקלעכקייט האָט אָבער לחלוטין נישט געענדערט די עצם טעאָריע פון ציוניזם, וועלכער האָט קיינמאָל נישט אויפגעגעבן די קאָנצעפּציע פון קיבוץ־גלויות. אין בעסטן פאַל, ווערט דאָס פּראָבלעם גופא פון ייִדישן וועלטפאָלק לחלוטין פאַרשוויגן, וואָרום עס פעלט מוט ערנסט אויפצונעמען דעם אַרויסרוף פון רעאַלן לעבן. די קאַרדינאַלע זינד פון ציוניזם איז, וואָס ער האַלט־אויף אַ באַשײַמפערלעכן וואַקום אין דער ייִדישער מחשבה וועגן

די פערספעקטיוון פון ייִדיִשן וועלטפאָלק. אַלע פּרוּוון פון מער געוואַגטע ציוניסטן צו זוכן אַן ענטפער אויף דעם קנויל פּראַגן פון ייִדישן וועלטפאָלק, ווערן פאַרשריען ווי פאַראַט. אַזוי איז פאַרדאַמט געוואָרן פּראָפ׳ שמעון ראַווידאָוויטש, וועלכער האָט גלייַך נאָך דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל אומצווייַדייַטיק פּראָקלאַמירט, אַז ״מדינת ישראל און תּפוצות־ישראל זייַנען צוויי אונטערבאַגריפן פון אַ העכערן באַגריף, וואָס הייסט ישראל״.

״המשך איז באַדינגונגסלאָז. ישראל טאָר נישט באַטראַכט ווערן ווי דער איינציקער תּנאי פון אונדזער פאָלקס־המשך. ביידע מוזן זיך קעגנזייַטיק אָנערקענען. מדינת ישראל האָט באַקומען די אָנערקענונג פון די תּפוצות; ישראל מוז זייַן סוּווערען לגבי אַנדערע מדינות, אָבער נישט לגבי די תּפוצות. צווישן ביידע מוז זייַן שעפערישע און דינאַמישע פאַרבונדנקייט. קיין טייל טאָר נישט הערשן איבער דעם אַנדערן״...

״תּפוצות טאָרן נישט זייַן בלויז נאָר אַ רעזערוואואַר פון מענטשן און געלט. זיי פאַרמאָגן זייער ווערט אין זיך״.

חיים גרינבערגס דראַמאַטישע וואָרענונגען קעגן דער פאַראַכטונג פונעם גלות זייַנען אין בעסטן פאַל פאַרשוויגן געוואָרן.

ווען די זעקסטאָגיקע מלחמה האָט פּלוצעם אַנטפּלעקט די קאָלאָסאַלע זאָרג און די ראָל פון דעם אַזויגערופענעם גלות, איז אַנטשטאַנען אַ שפּאָגל־נייַע ציוניסטישע סוראָגאַט־טעאָריע פון דער אַזויגערופענער צענטראַלקייט פון מדינת ישראל — און דאָס איז נישט, חלילה, אין דעם אחד־העמישן באַגריף פון אַ גייַסטיקן צענטער.

און ס׳איז פונקט פאַרקערט, ווייַל מיר אין אונדזער צעשפּרייטקייט האָבן אָן אַן ערך מער שאַנסן ממשיך צו זייַן די אוניווערסאַלע עטישע טראַדיציעס פון ייִדישן גורל. דווקא ווייַל עס פעלט אונדז דער מאַכט־קאָמפּלעקס, זייַנען מיר נעענטער צום היסטאָרישן גאַנג פון ייִדישן פאָלק: אַ גאַנג, וואָס האָט אויפגעהאַלטן אונדזער פאָלק, בעת פיל אַנדערע פעלקער, וואָס זייַנען אויפגעקומען אין דער זעלבער געאָגראַפישער סביבה, געפינען זיך שוין לאַנג אויפן עולם־האמת. אחד־העם האָט לכל הפּחות פאָרויסגעזען די גרויסע רעלאַטיווע וואָג פון גלות. אָט וואָס ער האָט געשריבן:

״בדרך הטבע קען זייַן, אַז ווען־עס־איז וועלן מיר גרינדן אַ ייִדישע מדינה; מעגלעך, אַז ייִדן וועלן זיך דאָרט מערן און שטאַרקן, ביז דאָס גאַנצע לאַנד וועט פון זיי פול ווערן. אָבער אויך דאַן וועט די מערהייט פון ייִדישן פאָלק בלייַבן צעזייט און צעשפּרייט אין דער פרעמד, און צונויפקלייַבן אונדזערע פאַרשטויסענע פון די פיר עקן וועלט איז אוממעגלעך״.

הײַנט, 33 יאָר נאָך דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל ווערט אַלץ קלאָרער דער באַנקראָט פון דער פאַלשער פילאָסאָפיע פון צענטראַליטעט. דער ייִדישער וועלט־קאָנגרעס, באַשאַפן לכתּחילה דורך דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, האָט זיך ענדלעך דעררעדט צו גאָר האַרבע דיבּורים קעגן דער העגעמאָניע פון דער מדינה. אויף דער לעצטער קאָנפערענץ פון דעם קאָנגרעס האָט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע איבערגעגעבן אַ באַריכט פון אַ פאָרשונג וועגן דער ״באַדײַטונג פון אַ ישראל־אַראַבישן שלום פאַרן וועלט־ייִדנטום״. דער דאָזיקער דאָקומענט אויף 119 זײַטן פּרעגט־אָפּ דעם ציוניסטישן דעפעטיזם בנוגע די תּפוצות. דער עיקר פאַרלאַנגט ער דאָס רעכט פון ייִדן אין די תּפוצות צו זייער אומאָפּהענגיקער מיינונג בנוגע ישראל און וואַרפט אָפּ דע־פאַקטאָ, הגם אין אַ היפשלעך פאַרשטעלטער פאָרם, די א״ג ״צענטראַלקייט״ פון מדינת ישראל.

ס׳איז קיין וווּנדער נישט, וואָס איינער פון די וויכטיקסטע מיטאַרבעטער פון ״דזשערוזאַלעם פּאָסט״, דוד לאַנדוי, האָט אין רעזולטאַט פון דער דערמאָנטער זיצונג, אָנבינדנדיק צום באַריכט פון דער ספּעציעלער קאָמיסיע, פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אונטערן קעפּל **״דאָס לעבן נאָכן ציוניזם״**. אָט זײַנען עטלעכע ציטאַטן:

״די קלאַסישע ציוניסטישע אידעאָלאָגיע, וועלכע וואַרפט אָפּ די מעגלעכקייט פון אַ געזיכערטן און אינהאַלטרײַך לעבן אין דער דיאַספּאָראַ, איז ווײַט פונעם געדאַנקענגאַנג פון דעם רוב ייִדן, וואָס לעבן אין פרײַע דעמאָקראַטישע געזעלשאַפטן״...

״די דערקלערונג, וואָס פאַראורטיילט די קלאַסישע ציוניסטישע אידעאָלאָגיע, איז אײנער פון די אויספירן, צו וועלכע עס האָט זיך דערטראַכט די קאָמיסיע פאַר סאָציאַלע און עקאָנאָמישע ענינים בײַם ייִדישן וועלט־קאָנגרעס״.

און דער מחבר פון דעם אַרטיקל דריקט אויס אַזאַ קלאָרע מיינונג:

״מײַן כּוונה איז צו דאַנקען דער קאָמיסיע פאַר איר מוט און אינטע־לעקטועלער געוואַגטקייט אויפצוגעבן זייער קלאַסיש ציוניסטישע אידעאָלאָגיע״... ״אַ פאָלק דאַרף אַ חלום, איז זייער ענטפער, אַפילו ווען ס׳איז אַ פאַרפירערישער חלום״.

באַזונדערס בולט איז דער ריס צווישן דעם וועלט־קאָנגרעס און דער סוכנות געקומען צום אויסדרוק אין די אויפפאַסונגען און אין דעם דיספּוט צווישן דעם נײַעם פּרעזידענט זײַנעם, עדגאַר בראָנפמאַן, און דולצינען, דעם פּרעזידענט פון דער סוכנות. אַגב, איז אַזאַ שאַרפער דיספּוט נישט קיין פולשטענדיק נײַע דערשײַנונג. ווײַל ד״ר נחום גאָלדמאַן האָט אין די

לעצטע יאָרן גאָר דרייסט אויפגענומען דעם קאַמף קעגן דער דאָגמע פון דער "ישראל־צענטראַליטעט".

אויך ד"ר יאָאַכים פרינץ, דער דעמאָלטיקער פרעזידענט פון דעם אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס, האָט נאָך אין די זעכציקער יאָרן געהאַט קלאָר פאָרמולירט זײַן שטעלונג צום דאָזיקן פראָבלעם דורך אַ נאָמען־געבן זײַן מעמאָראַנדום: "ציוניזם איז טויט, זאָל לעבן דאָס ייִדישע פאָלק".

איצט קומט דער ריס גאָר בולט צום אויסדרוק, און מיט אַ באַזונדערן אימפעט — און וועט בלי שום ספק באַווירקן דעם ווײַטערדיקן גאַנג פון דער ירידה פון ציוניזם.

"פאָרויס", מעקסיקע. יאַנואַר 1982

## צום באַגריף פון ייִדישן וועלטפּאָלק

### קודם־כּל די סאָציאָלאָגיע פון מאָדערנעם אַמעריקאַנער ייִשוב

(אַן אַרייַנפיר צו אַ סעריע עסייען וואָס באַהאַנדלען באַזונדערס די באַציִונגען צווישן די תּפוצות און מדינת־ישראל, וואָס האָט זיך געדרוקט אין ״לעבנס־פראַגן״ אָנהייבנדיק פון נומער 541־542, יולי־אויגוסט 1997, און אין משך פון 1998־טן יאָר).

**א**ין אַ געוויסער מאָס איז מעגלעך כּולל צו זייַן אַלע גרעסערע ייִשובים וואָס מחוץ ישראל אונטער איין נאָמען: **כּל תּפוצות ישראל פון איין זייַט**, און **די מדינה** פון דער אַנדערער זייַט, ווי צוויי קאָמפּאָנענטן פון כּלל ישראל, ד״ה פון ייִדישן וועלטפאָלק. היות אָבער ווי ס׳איז אַ גרויסער אונטערשייד צווישן די באַזונדערע אַזויגערופענע ״דיאַספּאָראַס״ (אַמאָל בעסער באַקאַנט אַלס גלותן), איז פאַראַן אַ גרויסע געפאַר, אַז דאָס פאַראייניקן זיי אונטער איין דאַך פאַר אַנאַליטישע צוועקן וואָלט שטאַרק פאַרפירט. קלייבן מיר דעריבער אויס דעם צפון־אַמעריקאַנער קיבוץ — היות ווי ער איז דער גרעסטער — ווי זייער סטערעאָטיפּ. טראָץ זייער פאַרשיידנקייט האָבן די תּפוצות דאָך זייערע געמיינזאַמע אַטריבוטן, וואָס עס פאַראייניקט זיי פאַר אונדזער שטודיע. נישט נאָר איז דער אַמעריקאַנער ייִשוב דער גרעסטער, נאָר ער איז אויך אפשר מער אַוואַנסירט אינעם פּראָצעס פון אַסימילאַציע בכלל, און פון שפּראַכלעכער בפרט, ווי אין אַ טייל אַנדערע לענדער און קאָנטינענטן.

אונדזער נייַע סעריע וועט, אויפן סמך פון אַ רייע סאָציאָלאָגישע פאָרשונגען, פּרובירן זיך צו קאָנצענטרירן אויף די פּערספּעקטיוון פון אַ שעפערישן כּמות און איכותדיקן קיום און המשך אין דער נייַער נאָכן־חורבן תּקופה. אַז פון די קעגנזייַטיקע באַציִונגען צווישן ביידע טיילן פונעם וועלטפאָלק הענגט שטאַרק אָפּ די וויטאַליטעט פון גאַנצן וועלטפאָלק, אונטערליגט נישט קיין שום ספק. איז טאַקע איבעריק מאריך צו זייַן, ווייַל מ׳קען גרייַלעך אָננעמען אָט די פעסטשטעלונג ווי אַן **אַקסיאָמע**, וואָס פאַרלאַנגט נישט דערוויזן צו ווערן. ס׳איז אָבער אַ גרויסע נפקא־מינה צווישן אָנערקענען די וויכטיקייט פון דעם פּראָבלעם און אים גרינטלעך פאַרשטיין, כּדי קעגנצווווירקן די נעגאַטיווע טענדענצן און העלפן די פּאָזיטיווע כּוחות צו הייבן די מערכה פון ייִדישן וועלטפאָלק.

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די ייִדישע עפנטלעכקייט ווײַזט לעצטנס אַרויס, מחמת כּמה טעמים, אַ שטײַגנדיקן אינטערעס צו אָט דער פּראָבלעמאַטיק, איז נאָך אַלץ שווער צו פֿאַרשטיין די טרויעריקע רעזולטאַטן פֿון דעם ביזאַיצטיקן פּאַקטישן אויסמײַדן דאָס "אָנכאַפּן דעם אָקס פֿאַר די הערנער" און טאַקע אויפֿהערן צו פֿאַרפֿלאַכן דעם עצם צוגאַנג צום פֿאַרטיפֿן זיך אין דעם פּראָבלעם פֿון באַגריף פֿון ייִדישן וועלטפֿאָלק.

ווען דעם ציוניסטישן צד איז דאָך שוין אָפּגערעדט, הגם פֿון צײַט צו צײַט כאַפּן יחידים זיך אַרויס מיט געוואַגטע מיינונגען מער אין ישׂראל (ווי, למשל, יוסיביילין), איידער אין די תּפֿוצות. אָבער די ציוניסטישע באַוועגונג, אין אַלע אירע שאַטירונגען, מײַדט נאָך אַלץ אויס אָפּן צו דערשאַצן די באַדײַטונג און ראָל פֿון אַ שעפֿעריש ייִדיש לעבן אין די תּפֿוצות — נישט נאָר פֿאַר זיי גופֿא, נאָר אויך פֿאַר ישׂראלס צוקונפֿט, ווי פֿאַרן וועלטפֿאָלק בכלל.

די אידעאָלאָגישע אינערץ גילט נאָך אַלץ מיט דער גאַנצער קראַפֿט. וואָס שײַך די אַמעריקאַנער מנהיגים, וועלכע קאָנצענטרירן זיך ס'רובֿ אין די צדקה־פֿעדעראַציעס, הערט מען לעצטנס גראָד יאָ סקעפּטישע מיינונגען וועגן דעם דוחק פֿון אַ גלײַכוועריקער זאָרג פֿאַר דער "דיאַספּאָראַ" ווי אַן אינטעגראַלער קרעפֿטיקער באַשטאַנדטייל פֿון ייִדישן וועלטפֿאָלק. וואָס ווײַטער אַלץ מער און מער שטרײַכן זיי אונטער די אַלנאַציאָנאַלע חשיבֿות פֿון אַרויסהייבן אויך די הצטרכותן פֿון די תּפֿוצות צוזאַמען מיט דער זאָרג פֿאַר ישׂראל.

ליידער זײַנען דאָס נאָר פּראַקטישע אָפּרופֿן, אָן דער גרייטקייט אויפֿצונעמען די אידעאָלאָגישע אַספּעקטן פֿון אַ ראַדיקאַלער רעוויזיע פֿונעם פּרינציפּיעלן צוגאַנג צו אָט דער סאַמע ראַדיקאַלסטער פּראָבלעמאַטיק פֿאַרן קיום און המשך־פּראָצעס. פֿון אַ מער קאָנסעקווענטער פֿילאָזאָפֿיע הינטער דעם באַגריף ייִדיש וועלטפֿאָלק. אייגנטלעך, איז בכלל נישט פֿאַראַן אין די תּפֿוצות קיין שום אָרגאַניזירטער כּוח, וואָס זאָל זײַן גרייט דרייסט אַוועקצושטעלן אָט דאָס פּראָבלעם חוץ דער צאָלמעסיק אַזוי אָפּגעשוואַכטער, מחמת דעם חורבן, בונדישער באַוועגונג. אין דער בונדישער ליטעראַטור, זינט דער בריסעלער וועלט־קאָנפֿערענץ אין יאָר 1947, פֿאַרנעמט דער גלאָבאַלער נאַציאָנאַלער אַקצענט אַ צענטראַל אָרט צוליב כּמה וכּמה טעמים, אין וועלכע מיר קענען — אַוודאי און אַוודאי אין דער הקדמה פֿון דער סעריע — נישט אַרײַנגיין. מ'קען אָבער אָן שום ספֿק זאָגן, אַז דאָס לייגן דעם טראָפּ אויף דער גלאָבאַלער סטרוקטור פֿון ייִדישן פֿאָלק איז אין פֿולער האַרמאָניע מיט דער לאָגיק אַנטוויקלונג פֿון דעם שורשדיקן נאַציאָנאַלן פּראָגראַם פֿון "בונד".

כּדי טאַקע צו וועגן און מעסטן בײַדע טענדענצן, איז זייער נויטיק אויספֿיר־לעך צו אַנאַליזירן די שטאַרק זיך סותרדיקע פֿאַקטן, אויף וויפֿל ס'וועט אויך

מעגלעך זײַן זיי סטאַטיסטיש צו באַהאַנדלען. קיין גרינגע מלאכה וועט דאָס נישט זײַן, ווײַל לײדער פעלן אָפיציעלע און פאַרלעסלעכע ציפערן. אַפילו דאָס אָפּשאַצן צאָלמעסיק דעם אַמעריקאַנער קיבוץ, טרעפט אָן אויף אָן אַ שיעור שוועריקייטן. דאָך וועלן מיר מאַכן אַלע באַמיִונגען צו האַלטן זיך, ווי ווײַט מעגלעך, בײַ פאַרלעסלעכע ציפערן און אָפּהאַנדלונגען. אין דער ערשטער רייע וועלן מיר זיך באַקענען מיט דער וואַקסנדיקער צאָל סאָציאָלאָגישע ווערק, וואָס מערן זיך לעצטנס אָן אויפהער.

אָן אַ קלאָרער פילאָסאָפיע וועגן די פּערספּעקטיוון פון אַ שעפעריש ייִדיש לעבן אויף ביידע זײַטן פון די ביידע קאָמפּאָנענטן פונעם וועלטפאָלק, וועט די געפאַר פון דער האַסטיקער אַסימילאַציע אין די תּפוצות נישט אָפּגעשוואַכט ווערן. אַ סברא, אַז עס דראָט אויך ישראל אַ סך צו פאַרלירן.

אין דער ערשטער ריי מוז דורכאויס פאַרשווינדן יעטוועדע שפּור פון דעם אַמאָל אַזוי פּאָפּולערן, אין ציוניסטישן לאַגער, דערוויז וועגן „קיבוץ גלויות“. אונדזער געשיכטלעכער גורל האָט ווידער קליפּ און קלאָר געפּסקנט, אַז אַפילו בײַ די בעסטע פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן פון ישראל בלײַבן מיר אַ פאָלק צעשפּרייט כמעט איבער דער גאָרער וועלט.

אַרויסגייענדיק פון אָט דער אײַזערנער הנחה, מוז דאָס גאַנצע פאָלק זײַן סײַ בלוטיק פאַראינטערעסירט אין דעם גורל פון ישראל, און סײַ אין דער זעלבער מאָס ציטערן איבער דער מערכה פון ייִדישן לעבן אין די גרעסערע תּפוצות. אין סאַמע צענטער פון זיי געפינט זיך דער אַמעריקאַנער ייִשוב.

כאָטש ס'וואָלט געווען פאַלש צו באַהויפּטן, ווי עס טוען עס לעצטנס אַ טייל סאָציאָלאָגן, אַז גראָד דער אַמעריקאַנער קיבוץ איז צום טראַגישסטן באַדראָט פונעם מעכטיקן דרוק פון דער אַסימילאַציע, און דאָס נישט נאָר פון דער שפּראַכלעכער, זענען דאָך פאַראַן באַשײַמפּערלעכע סימפּטאָמען אויך פון פּאָזיטיווע קולטור־טענדענצן. מיר האָבן טאַקע בדעה צו קאָנפראָנטירן ביידע טענדענצן און אָפּשאַצן די שאַנסן פון העלפן אַריבערצוּוועגן די נעגאַטיווע לטובֿת די פּאָזיטיווע — דורך אַ גוט פאַרשטאַנענעם מהות פונעם באַגריף פון וועלטפאָלק.

אַפּנים, אַז די מורא און אַנגסט פאַר דער דראָענדיקער ירידה ביז צום סאַמע פאַרשווינדן פונעם אַמעריקאַנער ייִדנטום, רחמנא לצלן, האָט גורם געווען, אַז אַזאַ ערנסטע און נאַציאָנאַל פילבאַרע פּערזענלעכקייט ווי דער באַרימטער יוריסט אַלאַן מ. דערשאָוויטש, מחבר פון דעם פּאָפּולערן ווערק „חוצפּה“, האָט אַנומלט פאַרעפנטלעכט אַ נײַ בוך מיטן אַלאַרמירנדיקן נאָמען **„דער פאַרשווינדנדיקער אַמעריקאַנער ייִד“** (גערעכנט צווישן ייִדישער אידענטיטעט פאַר דעם נאָענטסטן יאָרהונדערט) — אַרויסגעגעבן דורך דעם פּרעסטיזשפולן באָסטאָנער פאַרלאַג „ליטל, בראַון און קאָ“.

שוין דער נאָמען פון דעם בוך זאָגט אָן, אַז מען מוז קלאַפּן טרעוואָגע,

איידער ס׳ווערט צו שפּעט, אָפּצושוואַכן די ממשותדיקע גאַלאָפּ־אַסימילאַציע אין אַמעריקע. ווי אַן עכטער ליבעראַל גיט ער זיך אָפּ אַ חשבון פונעם קאָנפליקט צווישן דעם נאַציאָנאַלן אינטערעס און דער פּריוואַטקייט פונעם יחיד אויסצוווילן זײַן לעבנסוועג. עס איז נישט קיין ווּנדער, וואָס ער נעמט אויפן ערשטן פּיִער דעם טרויעריקסטן סימפּטאָם פון דער וואַקסנדיקער ירידה — די געמישטע חתונות.

אַלאַן דערשאָוויטש פאַררופט זיך טאַקע אויף דעם קאַטאַסטראָפאַלן וווּקס פון אַזעלכע חתונות דורך ציטירן די סטאַטיסטיק פון 1988 וואָס באַשטעטיקט, אַז אָט די שווערד, וועלכע הענגט איבער דעם אַמעריקאַנער ייִשוב, האָט שוין דערגרייכט איבער 50% און האַלט אין איין שטײַגן. ווּהין קען דאָס דערפירן?, פרעגט ער אַ פאַרצווייפלטער, און ער פירט אויס, אַז "אויב די טענדענץ וועט האַסטיק שטײַגן, וועט דער אַמעריקאַנער ייִשוב אין דער ווירקלעכקייט פאַרשווינדן ביז דעם דריטן פערטל פון 21־טן יאָרהונדערט.

ווי אַ בײַשפּיל האָט דער אָרטאָדאָקסיש דערצויגענער מחבר פון אָט דער טעזע געבררענגט זײַן זונס חתונה מיט אַ רוימיש־קאַטויילישער. הגם ער, אַלאַן דערשאָוויטש, איז עמאָציאָנעל גראָד זייער סימפּאַטיש געשטימט צו "זײַן זונס אויסוואַל פון באַרבאַראַ", איז ער אָבער טיף דערשיטערט פון דעם געדאַנק, אַז "זײַנע אייניקלעך וועלן נישט זײַן קיין ייִדן. לכל הפּחות, לויט ווי די אָרטאָדאָקסיע און די קאָנסערוואַטיוון דעפינירן ווער ס׳איז אַ ייִד".

"אפשר איז דעם זונס האַנדלונג אַ רעזולטאַט פון דעם טאַטנס באַזעצן זיך אין קעמברידזש, ווו ס׳געפינט זיך דער האַרוואַרד־אוניווערסיטעט. וואָס בין איך שולדיק?" — טראַכט דערשאָוויטש און פאַרענטפערט זיך פאַר זײַן פרומער מאַמען מיט אויפקלערן איר, אַז גראָד ווערן זײַנע אייניקלעך דערצויגן ווי ייִדן. ער טענהט ווײַטער צו דער מאַמען, אַז "אייגנטלעך איז קיינער ניט שולדיק". ייִדן, קלערט ער אויף, האָבן אין אַ גרויסער מאָס פאַרלאָרן זייער אַבסאָלוטן ווידערשטאַנד קעגן דער פולשטענדיקער אַסימילאַציע, צוליב פאַרשיידענע סיבות. איינע פון זיי איז דאָס, וואָס דער דרוק פון דעם אינסטיטוציאָנעלן אַנטיסעמיטיזם ווערט כּסדר אַלץ מער אָפּגעשוואַכט.

עס וועט אַוודאי זײַן כּדאי זיך אויסצופירלעכער צו פאַרטיפן אין דעם מחברס זייער וויכטיקן כּמו ווידוי און אַנאַליז פון אָט דער עקזיסטענציאַלער דערשײַנונג. דאָס וועלן מיר אָבער טאָן ערשט אין די שפּעטערדיקע אָפּשניטן, ווען מיר וועלן זיך נאָענטער באַקענען מיט דער זיך מערנדיקער ליטעראַטור וועגן דער האַסטיק וואַקסנדיקער נאַציאָנאַלער געפאַר. אויב מיר האָבן דאָך אַ ביסל זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם תּוך פון דעם בוך, איז דאָס נאָר כּדי צו באַקרעפטיקן די הקדמה און צו באַרעכטיקן אונדזער אויסוואַל פון דער טעמאַטיק פאַר אָט דער נײַער סעריע.

# צו דער סאָציאָלאָגיע פון איבערגאַנג פון תּקופה צו תּקופה

(וועגן די עסייען־זאַמלונגען פון ד״ר העשיל קלעפּפיש)

### .1

די טעמע באַצייכנט בולט דעם שייַכות צווישן ד״ר קלעפּפישס נייַסטן ווערק און דעם אינטערעס פון דעם שרייַבער פון אָט די שורות אין דער סאָציאָלאָגיע פון איבערגאַנג פון תּקופה צו תּקופה אינעם היסטאָרישן גאַנג פון ייִדישן פאָלק.

אייגנטלעך בעט זיך ממש צו רעדוצירן די פּראָבלעמאַטיק פון טראַנספאָרמאַציעס צווישן עפּאָכעס אין דער ייִדישער געשיכטע נאָר צום נאָכן־חורבן פּעריאָד. ס'איז זיכער איבעריק מאריך צו זייַן, אַז אָט דער איבערגאַנג אונטערשיידט זיך ראַדיקאַל פון אַלע פריִערדיקע מיט אַ רייע ביז גאָר אייגנאַרטיקע אַספּעקטן. ראשית, האָט דאָס ייִדישע לעבן נאָך קיינמאָל נישט געהאַט איבערגעלעבט אַזאַ מוראדיקע קאַטאַסטראָפע, והשנית — איז מיטן אונטערגאַנג פון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום אַוועק אַ תּקופה, אין וועלכער דאָס פאַרוועלטלעכן דאָס ייִדישע לעבן אין פאַרשיידענע נוסחאות האָט אָבער אין דער זעלבער צייַט אויך אייַנגעהאַלטן אַ וויטאַל און אינטענסיוו רעליגיעז לעבן, ווידעראַמאָל אין אַלערליי ניואַנסן. במילא איז די טראַדיציאָנעל־רעליגיעזע השפּעה געבליבן נאָך זייער קרעפטיק, אויב אַפילו נישט אין דער זעלבער מאָס, ווי בעת פריִערדיקע ענדערונגען פון תּקופות. והשלישית, איז נאָך קיינמאָל נישט פאָרגעקומען אַזאַ דראַסטישע און האַסטיקע געאָגראַפישע טראַנספּלאַנטאַציע פון ייִדישן וועלטפאָלק. פערטנס, איז דאָך צום ערשטן מאָל נאָך קנאַפּע צוויי־טויזנט יאָר ווידער אויפגעקומען אונדזער מדינה. יאָ, אונדזער — ווייַל מיר זייַנען אַ נאַציאָנאַלע גורל־געמיינשאַפט, אומאָפּהענגיק ווו מיר וווינען.

און לסוף, פינפטנס, איז פאַראַן גאָר אַ גרויסע נפקא־מינה צווישן דער באַציִונג פון אַ באַדייַטנדיקן טייל פונעם פאָלק בימי מזרח־אייראָפּעיִשע תּקופות צום שטייגער־לעבן פון דעם אַזויגערופענעם ״גלות־ייִד״ און, וואָס מיר קענען דרייַסט אָנרופן ייִדישע ציוויליזאַציע, אייַנשליסנדיק די פאָלקס־

שפּראַך ייִדיש. פאַרשטייט זיך, אַז מיר שליסן לחלוטין נישט אויס די פּריִערדיקע ביטול־באַציִונג, ווי למשל, מצד דער השכּלה, באַזונדערס אין אירע עקסטרעמע פאָרמען. דער באַגריף פון שלילת הגלות אין דער מאָדערנער מזרח־אייראָפּעיִשער תּקופה איז דאָך אָבער אַנטשטאַנען דער עיקר אינעם נאַציאָנאַלן לאַגער, בעסער געזאָגט, דערהויפּט אין דעם אַלגעמיין־ציוניסטישן (פאַרשטייט זיך, מיט אויסנאַמען).

אַלע פינף טענות קוואַליפיצירן זיך פאַר אַן אויספירלעכן סאָציאָלאָגישן אַנאַליז. לײדער איז נאָך אונדזער הײַנטצײַטיקע סאָציאָלאָגיע כּמעט ווי אין די ווייקעלעך. און דאָס גראָד דאַן, ווען מיר נייטיקן זיך אַזוי שטאַרק אין גרונטיקע סאָציאַל־וויסנשאַפטלעכע פאָרש־אַרבעטן.

די צענטראַלע פּאָליטישע ריכטונגען בײַ אונדז וואָלטן אַוודאי־און־אַוודאי געקענט אַ סך לערנען דערפון, אָנשטאָט ממשיך צו זײַן ווײַט צו אָפּטע, אַלט־אויסגעדראָשענע סלאָגאַנס. איך מאַך מיר דערבײַ נישט קיין אילוזיעס, אַז אידעאָלאָגישע און פּראַקטישע (פונקציאָנעלע) אינערץ וואָלט גאָר גיך פאַרשווונדן. דאָך וואָלט עס אָבער אַ שטיקל פּעולה אפשר יאָ געהאַט. נישט נאָר פאַרדינט יעטוועדער פּונקט באַהאַנדלט צו ווערן באַזונדער, נאָר זייער קעגנזײַטיקער שײַכות איז פון גאָר גרויסער באַדײַטונג. ווער קען צווייפלען, למשל, אַז מאַסן־עמיגראַציע פון גאַנצע ייִשובים שפּילט גאָר אַ גרויסע ראָל אין אַסימילאַציע־פּראָצעסן. פאַרשטייט זיך, מיטן אויסנאַם פון עליה, וואָס איז פון אַ גאָר אַנדערער קאַטעגאָריע.

לײדער קענען מיר נישט אין אונדזער עסיי אַרײַנדרינגען אין אָט דער פּראָבלעמאַטיק אין גבול פון אַ כּוללדיקן באַנעמען פון איבערגאַנג צווישן תּקופות. על־כן האָבן מיר זיך געשטעלט אַן אויפגאַבע צו קאָנצענטרירן זיך אויסשליסלעך אויף דעם פּונקט נומער 5, דהײַנו — אויף דער באַציִונג צו דער נאָרוואָס פאַרשניטענער מזרח־אייראָפּעיִשער עפּאָכע מצד אַ גאָר אײַנפלוסרײַכן טייל פון ייִדישן פאָלק אין דער ערשט זיך פאָרמירנדיקער נײַער תּקופה.

צום בולטסטן קומט צום אויסדרוק אַ נעגאַטיווע באַציִונג דער עיקר, ווי שוין פריִער דערמאָנט, דורך דעם אָפּשטויסנדיקן באַגריף פון "נעבעכדיקן גלות־ייִד". אַז "שלילת הגלות" איז עלול גאָר שטאַרק אָפּצושוואַכן דעם קאַמף פאַר אַ שעפערישן המשך אין דעם נײַעם פּעריאָד, קלינגט אַזוי זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז עס איז איבעריק ברייטער אויף דעם זיך אָפּצושטעלן. ס'איז בולט גענוג צו טראַכטן ווי דעסטרוקטיוו פאַראַכטונג און אַ ביטול־באַציִונג צום "שטרוי־מענטש", דעם אַזויגערופענעם "גלות־ייִד", מוז ווירקן אויף דער דערציִונג פון די יונגע דורות.

צו די געפאַרן, וואָס לויערן אויף דעם גערוּאַנגל צו שטאַרקן די שאַנסן בײַצוקומען כּלערליי סכּנות, געהערט בלי ספק אַפילו די בלויזע קללה פון

גרינגשעצן (אין בעסטן פאַל) אונדזערע קדושים בימי היטלער. אַוודאי איז ניט שווער איצט צו באַווייַזן, אַז דער סם האָלט ביים ווערן אָפּגעשוואַכט. איז דאָך איינער פון די הויפּט־מאָטיוון פון דעם אייַכמאַן־פּראָצעס געווען די באַשייַמפּערלעכע כוונה בייַצוקומען די זלידנע איַינרעדעניש פון דעם אַזויגערופענעם „שעפּסנגאַנג צום אומקום". ס'וואָלט אַוודאי־און־אַוודאי ניט שווער געווען צו ברענגען אָן אַ שיעור באַווייַזן, אַז דער פּראָצעס פון „רעהאַביליטאַציע" גייט פאָרט אָן כּסדר, און אַפילו מיט אַ באַדייַטנדיקן דערפאָלג. מיר באַנוצן זיך מיטן אויסדרוק „רעהאַביליטאַציע" נאָר מחמת סטיל, נישט חלילה כ'זאָל מיינען, אַז דער מזרח־אייראָפּעישער ייִד נייטיקט זיך חס ושלום אין דעם.

איז, הלמאַי געפין איך פאָרט פאַר נייטיק צו ווידמען אַ לענגערן עסיי אָט דער פּראָבלעמאַטיק? איז דער פּשט אַזאַ: נעגאַטיווע באַגריפן, אַפילו ווען זיי זייַנען „נישט געשטויגן, נישט געפלויגן", האָבן א טבע, באַזונדערס אין איבערגאַנגס־פּעריאָדן, זיך שטאַרק אייַנצוקריצן אין זכרון און אין געמיט פון פאָלק. באַזונדערס ביי יונגע דורות, אויסגעשטעלטע אויף כּלערליי פּורעניותן און קאָמפּליקאַציעס בשעת די חבלי לידה פון אַ נייַער תּקופה.

על פּי יושר וואָלט אפשר געווען אויף אַן אָרט צו ציטירן אָריגינעלע טעקס־טן פון פאַרטיידיקער פון „שלילת הגלות"־אינסינואַציעס. אָבער — ראשית זייַנען זיי צו פיל באַקאַנט, און צום גליק דערשייַנען זיי לעצטנס זייער זעלטן, אויב בכלל. איז, אויב אַזוי — צו וואָס זאָל מען זיך מטפּל זייַן מיט אָט דעם קאָמפּראָמיטירטן פּראָפּאַגאַנדע־אַרסענאַל? ווען נישט דאָס, וואָס אַפילו אַזעלכע פאַלשע הנחות וואָרצלען זייער לאַנג אין פאָלק, וואָלט פּשוט געהאַט אַ זין צו פאַרשווייַגן און פאַרגעסן. איז אָבער נישט גענוג אַריבערצוגיין צום טאָג־אָרדענונג איבער אַזעלכע אייַנרעדענישן אין אָנבליק פון דער גאַלאָפּ־אַסימילאַציע אין די תּפוצות, און דער עיקר מחמת דעם איינפלוס פון דער מכּה. גאָר טיף איז די „גאַנגרענע" דערגאַנגען צו דער ישראל־יוגנט (כאָטש זי ווערט שוין הייַנט אָפיציעל נישט אונטערגעהאַלטן). נאָר אַ צילבאַוווסטזיניקער קעגן־אָנגריף דורך אַרויסהייבן דעם ווונדער פון אייראָפּעישן ייִדנטום, קען העלפן דעם ייִדישן דערציִער אין זייַן שווערער אויפגאַבע. אויב ס'איז אָבער טאַקע נישט כּדאַי זיך איצט צוריק אומצוקערן צום אַמאָליקן שריפטלעכן און מינדלעכן אַראָפּרייַסן דעם אַזויגערופענעם „גלות־ייִד", איז אָבער שוין גאָר שטאַרק אויפן אָרט צו ברענגען וואָס מער פאַרדאַמונגען פונעם שלילת הגלות.

צוויי פילזאָגנדיקע שלאָג־דערקלערונגען פון חיים גרינבערג און ה. לייוויק צייכענען באַזונדערס זיך אויס. וועלן מיר זיך באַגרענעצן נאָר צו קורצע ציטאַטן. אָט איז אַן אויסצוג פון חיים גרינבערגס פּראָגראַמאַטישער רעדע אויפן ציוניסטישן וועלט־קאָנגרעס דעם 18.8.1951 אין ירושלים: „נישטאָ

קיין קולטור־מאָרגן אָן אַ קולטור־נעכטן און קולטור־אייערנעכטן״. נישט נאָר מחמת כּבוד און אָפּשיַי פאַר דעם ״גלות־ייִד״, נאָר אין די אינטערעסן פון דעם וואַקסנדיקן געראַנגל פאַר אַ שעפערישן המשך פון פאָלק מוזן מיר פטור ווערן פון דער ביטול־באַציִונג צום גלות־ייִד.

״דער גלות־ייִד איז דער גרעסטער גײַסט־אַוואַנטוריסט אין דער מענטש־לעכער געשיכטע. ער האָט גענומען אַ פלאַנץ, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַ באַשטימטן לאַנד, און האָט צו זיך געזאָגט: אָט די פלאַנץ וויל איך מאַכן לעבן, בליִען און געדייַען אויף אַלע באָדנס, אונטער אַלע הימלען, און אומעטום וועט מיַין פלאַנץ זיך פילן ׳היימיש׳. אויב די דערנער וועלן שטערן, וועט זי ווערן פאַרוווּנדעט, אָבער לעבן וועט זי קיינמאָל נישט אויפהערן״.

״דער גלות־ייִד האָט געשפּאַנט איבער אַ וועלט פון פינצטערניש מיט אַ לאַמטערן אין דער האַנט. דער לאַמטערן איז געבליבן אין די הענט, אָבער דער בוימל האָט בייַם אויסרינען״.

אויך אַנדערע צווישן די פירנדיקע בעלי־מחשבות האָבן אין דער שווידער־לעכער חורבן־צייַט נאָך מער דערשפּירט די גרויסקייט פון דער מזרח־אייראָפּעיִשער ״גאָלדענער תּקופה״. ה. לייוויק האָט אין זיַין היסטאָרישער רעדע אויף דער אידעאָלאָגישער קאָנפערענץ אין ירושלים אין יאָר 1957 געזאָגט צוו״אַנד:

״דער גלות איז געווען אַ וווּנדער, אַ שיינקייט, און ס׳איז אַ שטאָלץ צו שטאַמען פון אָט דער שיינקייט. דער יסוד פון יעדן ייִד איז נישט, חלילה, נאָר חיוב, נישט פאַרלייקענונג, נאָר בויונג. דער יסוד פון אונדזער קיִום איז **שטענדיק אינטימע פאַרבינדונג און המשך**. נאָר איין מאָל איז געזאָגט געוואָרן בראשית. פון ליניעס, וואָס ציִען זיך און וואָס טראָגן אין זיך די גרויסע בענקשאַפט, שליסן זיך אין קרייַזן. ווייל איך האָפן, אַז אונדזער ייִדישע געשיכטע מאַכט איצט אַדורך דעם פּראָצעס פון צונויפשליסן זיך אין איר קרייַז ווו **יעדעס פּינטל, יעדעס שרייַפל, איז אַ נויטווענדיק רינגל אין אָט דעם קרייַז, ווו קיין מינדסטער פּרט טאָר נישט פאַרשוועכט ווערן**״ (אונטערגעשטראָכן דורך מיר).

לייוויק בינדט דאַן אָן צו דער דעמאָלסטיקער הייסער דיסקוסיע מיט בן־גוריונען און זאָגט, אַזוי צו זאָגן:

״בן־גוריונס איבערהיפּן צוויי־טויזנט יאָר און אַרייַנשפּרינגען אין דער תּנכישער אַטמאָספער, איז סכּנהדיק. גראָד אין די צוויי־טויזנט יאָר איז פאָרגעקומען אין די גלותן דאָס אויספאָרמירן זיך פון אונדזער גרויסקייט. די גלותדיקע שרה בת טובים איז מער תּנכישע געשטאַלט ווי בת־שבע. איך האַלט, אַז די מעשה וועגן דער געשטאַלט פון ייִד־

הקדוש איז מער תּנכיש, ווי די מעשה וועגן פּילגש בגבעה. איך האַלט, אַז די מעשה וועגן דעם שוסטער־יונג **הירש לעקערט**, וועלכער האָט אַרײַנגעשאָסן אַ קויל אין דעם ווילנער גובערנאַטאָר פֿאַר שמײַסן ייִדישע אַרבעטער דעם 1־טן מאַי און איז דערפֿאַר געוואָרן אויפֿגעהאָנגען, איז נישט ווייניקער תּנכיש פֿון דוד המלך". "המשכּדיקייט" — רופֿט ער **אויס פּאָעטיש** — "מוז צוריק דערהויבן ווערן און אומגעקערט ווערן אין שויס פֿון איר געזעצלעכער מוטער, דער פֿאַרגאַנגענהייט, כּדי ווי אַ נאַטירלעך קינד אַרײַנצוּוואַקסן אין אַ געזונטן עתיד" (די אונטערשטרײַכונגען זײַנען מײַנע).

ד״ר העשיל קלעפּפֿיש האָט זיך געשטעלט פֿאַר זײַן לעבנס־ציל אַרויסצוּ־הייבן די פּראַכט פֿון יענער קדושהדיקער תּקופֿה. נישט איינער טענהט, אַז ער פֿאַרזעט דערבײַ דאָס נעגאַטיווע, וואָס איז בלי שום ספֿק אויך געווען בנמצא, געשילדערט, למשל, דורך מענדעלען א״אַנד. דער ראָמאַנטיקער און באַזינגער פֿון שטעטל, שלום אַש, האָט זיך נישט אָפּגעהאַלטן פֿון שרײַבן "גאָט פֿון נקמה", "מאָטקע גנבֿ" אאַ״וו. פֿאַרשטייט זיך, אַז שלום אַש איז געווען ווײַט פֿון דער משׂכּילישער באַציִונג. פֿאַרקערט, ביידע מינים ווערק ווי צוזאַמען, "דאָס שטעטל", "דער תּהלים־ייִד", "די כּישוף־מאַכערין פֿון קאַסטיליע", אָדער "קידוש השם" א״אַ האָבן זיך קעגנזײַטיק דערגאַנצט און געשילדערט די וווּנדערלעכע פּאַנאָראַמע פֿונעם פֿולבלוטיקן נאַציאָנאַלן לעבן. אַפֿילו די אונטערוועלט איז דאָך דאָן געווען אַנדערש.

וויאַזוי וועט זיך אָט די תּקופֿה אַרײַנפֿלעכטן אין דער ייִדישער געשיכטע?
"דער אמת איז, שרײַבט ד״ר קלעפּפֿיש אין ראש־השנה־נומער פֿון "ייִדישן קעמפֿער" 1985, אַז גראָד אין פּעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מלחמות איז דאָס ייִדישע פּוילן אויפֿגעשטאַנען צו אַ מדרגה פֿון **'אויב נישט נאָך העכער'"**. אין אָט דער נײַער עפּאָכע האָט דאָס בויענדיקע און אינספּירירנדיקע ערשט באַקומען זײַן פֿולן תּיקון. הגם ד״ר קלעפּפֿישס צאָלרײַכע שריפֿטן נעמען אַרום אַ גאָר ברייטע קאַנווע, איז פֿון דעסטוועגן, אין סאַמע צענטער פֿון זײַן שאַפֿן, די טיפֿע זאָרג פֿאַר אָפּשאַצן און דערשאַצן אין דער פֿולער מאָס די גרויסקייט פֿון דער "תּקופֿה פֿון וווּנדערלעכן פֿאַנאַנדערבלי און דינאַמיק, וואָס איז באמת געווען דער גאָלדענער פּעריאָד, באַזונדערס אין די 20־ער און 30־ער יאָרן אין פּוילן" (אין דעם זעלביקן נומער "ייִדישער קעמפֿער").

נאָכן אַרויסהייבן די גײַסטיקע שפּאַנונג פֿון חסידות, "הגם חסידות האָט מער נישט פֿאַרמאָגט די אויטענטישקייט און דערהויבנקייט פֿון פֿריִער", ביז צו דעם "פֿענאָמענאַלן אויפֿשטײַג פֿון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור", קומט דער מחבר צום אויספֿיר, אַז דער עיקר איז דאָס, אַז "ייִדיש פּוילן איז געווען דער וועלט־צענטער פֿאַר ייִדישער דערציִונג". און דווקא ווײַל

דערציִונג איז דער וויכטיקסטער הייבער אין קאַמף פאַר קיום און קרעאַטיוון המשך, מוז "דער היסטאָרישער באַגאַזש פון טויזנט יאָר ייִדיש לעבן אין מזרח־אייראָפּע בלײַבן אַן עמוד אש, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט, אַז אָט די תּקופה זאָל אויפשײַנען אין דער ערשטער העלפט פון הײַנטיקן יאָר־הונדערט. דאָס האָט מען אין די 20־ער און 30־ער יאָרן געשניטן די פּירות, וועלכע זײַנען פאַרזייט געוואָרן אין די פריִערדיקע דורות" (דז"נ).

ס'איז, נאַטירלעך, ניט שווער צו ציִען דעם מוסר־השכּל פאַר דער נײַער תּקופה, וואָס האַלט ערשט אין ווערן. נאָר דורך וועקן סײַ אין רעליגיעזן און סײַ אין וועלטלעכן לעבן, און דערהויפּט אינעם דערציִונג־סיסטעם, "גלויבן און בטחון" אין דער גײַסטיקער ירושה פון דעם "וווּנדערלעכן מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום", קענען מיר בכלל דערוואַרטן אַ קולטור־רענעסאַנס נאָכן גרויזאַמען חורבן. "די זון האָט געשײַנט אויך אין דער שעה פון אונטערגאַנג. דאָס איז נישט געווען קיין שקיעה פון פּוילישן ייִדנטום". עס דרעמלען נאָך יענע קוואַליקע זאַפטן פון דער פאַרגאַנגענער תּקופה. מיט דעם אָפּגלאַנץ פון שטראַלנדיקן רעגנבויגן וועלן מיר אַנטקעגנגיין די שווערסטע נסיונות. אויף ישראל פאַלט אַ באַזונדערער חוב. און ווי ס'ווײַזט אויס, הערשט טאַקע איצט אין ישראל אַ פיל בעסערע באַציִונג צו דער תּקופה, וועלכע ר' אברהם י. העשעל האָט מיט אַזוי פיל פּיעטעט באַצייכנט: "עס וועט קומען אַ טאָג, אין וועלכן מ'וועט דערזען די פאַרבאָרגענע ליכט פון דער מזרח־אייראָפּעיִשער תּקופה. די דאָזיקע עפּאָכע איז געווען דער שיר השירים אין דער געשיכטע פון די לעצטע צוויי טויזנט יאָר. אויב אַנדערע תּקופות זײַנען געווען קדוש, איז די־אָ תּקופה געווען — קדוש־קדושים".

אין אַ געזעגענונגס־וואָרט צו ד"ר קלעפּפּיש אָפּפאָרן צום עולה זײַן אין מדינת ישראל, איז געזאָגט געוואָרן, אַז ד"ר קלעפּפּיש אײַלט זיך "צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ליכטיקן טאָג. ער אַליין פערזאָניפיצירט ממש ווי אַ פּראָטאָטיפּ דאָס אַזוי דערהויבענע אין יענער וווּנדערלעכער תּקופה" ("ייִדיש־וועלט" נומ' 24).

אַ בליק אויף זײַנע שריפטן, אַרויסגעגעבענע אין די לעצטע יאָרן, וועט באַשײַמפּערלעך באַשטעטיקן ווי געוויסנהאַפט, און מיט וויפל התלהבות, ממש מיט עכט חסידישן ברען, ער דערפילט זײַן שליחות.

אָט איז די רשימה, חוץ אַנדערע אויסגאַבעס, אויף אַנדערע טעמעס:

1) עכאָס פון אַ פאַרשוווּנדענער צײַט, 1929 — 1939, אַרויסגעגעבן דורך דעם וועלטראַט פאַר ייִדיש־קולטור, תּל־אָביב תשמ"א — 1981 (אַ זאַמלונג עסייען, בשעתו פאַרעפנטלעכט אין פּוילן פאַר דעם חורבן).

2) די גײַסטיקע קולטור פון פּוילישן ייִדנטום (שפּאַניש), בוענאָס אײַרעס.

3) צווישן די צוויי וועלט־מלחמות — ליטעראַרישע עסייען, אַרויסגעבער: וועלטראַט, תּל־אָביב תשמ"ב — 1982.

4) די קולטור פון רחמים (ענגליש), כתר־פאַרלאַג, ניו־יאָרק 1983.
5) דאָס ווונדער פון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום, פ״ג וועלטראַט, תשמ״ד — 1984, תל־אָביב.

(די ערשטע 4 ספרים רעצענזירט דורך מיר אין ״די צוקונפט״, 1983, 1984 און 1985.)

אַוודאי איז דאָס נישט קיין צופאַל, וואָס דער וועלטראַט האָט אַרויסגעגעבן די אַלע ביכער געדרוקט אויף ייִדיש. כּמעט אויף אַלע פּלענאַרע סעסיעס פון וועלטראַט איז דער פּונקט: ״די מזרח־אייראָפּעיִשע גײַסטיקע ירושה״ געשטאַנען אויפן סדר־היום. אַ באַזונדערן צענטראַלן אָרט האָט דאָס פּראָבלעם געשפּילט אויף דער מאָנטרעאָלער סעסיע פונעם וועלטראַט, אין וועלכער ד״ר קלעפּפיש האָט גענומען אַ גאָר אַקטיוון אָנטייל. למען האמת דאַרף מען פעסטשטעלן, אַז דער פּאָרזיצער פונעם ראַט, יצחק קאָרן, שטרײַכט גאָר שטאַרק אונטער די וויכטיקייט פון אָט דער צענטראַלער טעמאַטיק. געהערט דאָך ייִדיש און די ייִדישע קולטור צום גבול פון דעם ״ווונדער פון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום״.

אייגנטלעך איז אָט דער עסיי אַרויסגעוואַקסן פון מײַן כּוונה צו רעצענזירן אויך אָט דאָס לעצטע בוך לויט דער ריי. אָבער אין גאַנג פון אַרבעטן איבער דער טעמע איז נייטיק ברייטער צו באַהאַנדלען די טעמאַטיק פון ״איבערגאַנג פון תּקופה צו תּקופה״, באַזונדערס פון דער לעצטער ביז דער איצט זיך פאָרמירנדיקער עפּאָכע. אַזוי איז אויפגעקומען דער געדאַנק פון אַנאַליזירן די דאָזיקע ווערק אין אַ סאָציאָלאָגישער ראַם. אויף וויפל אונדזער היסטאָרישע סאָציאָלאָגיע, וועלכע איז, ליידער, ווי געזאָגט, אַזוי הינטערשטעליק, מאַכט דאָס בכלל מעגלעך.

אַלע אויבן דערמאָנטע ווערק אָטעמען מיט דעם צאַפּלדיקן, זאַפטיקן ייִדישן פאָלקס־לעבן אין פאַרמלחמהדיקן פוילן און זײַנען, בלי שום ספק, פון גאָר גרויסן ווערט, צו באַקומען אַן אויטענטיש בילד פון פאַרשניטענעם לעבן. די ערשטע צוויי ביכער באַשטייען פון עסייען, געדרוקט טאַקע אין די 20־ער און 30־ער יאָרן דורך דעם דאַן יונגן תּלמיד חכם, דענקער און גלענצנדיקן זשורנאַליסט־עסעיִסט. דאָס לעצטע לויט דער ריי, נישט חלילה דאָס לעצטע פון דעם מחבר פען, פאַרדינט באַזונדער אויספירלעך באַהאַנדלט צו ווערן צוליב דער רײַפקייט און פערספּעקטיוו פון צײַט און רוים. עס ווײַזט מיר אָבער אויס, אַז עס איז נאָך כּדאי בײַם סוף פונעם ערשטן טייל אָנצוקניפּן צו ענייני דיומא, דהײַנו: אין ״ניו־יאָרק טײַמס מאַגאַזין״ פון 1.11.1986 איז דערשינען אַן אויסגעצייכנטער אַרטיקל פון יהודית מילער, וועלכע פאַררופט זיך אויף דעם ישׂראל־היסטאָריקער שאול פרידלענדער, אין שייכות מיט איר, דער מחברינס, אָפּרוף אויף אלי וויזעלס באַקומען דעם גוט פאַרדינטן נאָבעל־פּרײַז.

„פאַר ייִדן זייַנען זכרונות ממש ווי אַ רעליגיע"... „ייִדישקייט באַשטייט טיילווייַז פון כּסדרדיקן איבערדערציילן די מעשה שהיה. זכּרון איז אַן אינטעגראַלער טייל פונעם עצם מהות פון ייִדישער טראַדיציע" — שרייַבט פרידלענדער (ז' 109).

ציטירנדיק אים, קומט דאָ יהודית מילער צו אַזאַ מסקנה: „ייִדן" — זאָגט זי — „געהערן צו די ווייניקע פעלקער אויף דער וועלט, וואָס צייכענען זיך אויס מיט זייער ביז גאָר שטאַרקן קאָלעקטיוון זכרון".

לײַדער האָט די־אָ היסטאָרישע כאַראַקטעריסטיק פון ייִדישן פאָלק נישט בײַ אַלעמען געגאָלטן בנוגע דער מזרח־אייראָפּעיִשער תּקופה. ס'איז דעריבער קיין וווּנדער נישט, וואָס די שליחות פון ד"ר קלעפּפיש, פון אלי וויזעל א"אַנד פאַרדינט דעם גרעסטן לויב, ווי אַן אויסדרוק פון טיפן אָפּשײַ פאַר אונדזערע קדושים און לשם שטאַרקן די צוקונפט פון אונדזער שווער געפּרוווטן פאָלק.

„בײַ זיך" נומ' 30, יאַנואַר 1987

.2

## „צווישן די צוויי וועלט־מלחמות"

אַרויסגעגעבן פונעם וועלטראַט פאַר ייִדיש
און ייִדישער קולטור, תּל־אביב תּשמ"ב — 1982

אין אַ באַנד פון איבער 500 זײַטן האָט דער מחבר אונדז מהנה געווען מיט ליטעראַריש־היסטאָריש־קריטישע עסייען. אין דער צײַט ווען די ערשטע אויסגאַבע פון 1980 האָט דער עיקר אַנטהאַלטן אַרטיקלען וועגן עניני דיומא, באַזונדערס אין שײַכות מיטן ווּוקס פון נאַציזם און כּלערליי טעאָריעס וועגן קיום פון ייִדישן פאָלק אין אַן אַלץ מער און מער באַדראָענדיקער, צעטרייסלטער וועלט, איז די איצטיקע זאַמלונג כּמעט דורכאויס געווידמעט דער גײַסטיקער, און דערהויפּט ליטעראַרישער, יצירה.

ס'קען גרײַלעך זײַן, אַז מיט מײַן נאָסטאַלגיע נאָך יענעם שטורעם־און־דראַנג פעריאָד אינעם אומאָפּהענגיקן פוילן פון צווישןביידע וועלט־מלחמות, קען איך נישט זײַן אַבסאָלוט אָביעקטיוו בײַם אָפּשאַצן די טיפע, און דאָך אַזוי פּאָפּולער געשריבענע פּראָפילן פון אַלערליי שרײַבער, דענקער און פירנדיקע פערזענלעכקייטן פון יענער אָנגעלאָדענער צײַט. אָבער — אפשר איז גראָד מײַן ענטוזיאַסטישער אָפּרוף אַן אָביעקטיווער סימן ווי עכט, און מיט וויפל בקיאות און חריפות די דאָזיקע, כּמעט ווי פּעליעטאָן־אַרטיקע, אַרטיקלען זײַנען בשעתו געשריבן געוואָרן.

ס׳רוב פלעגט דער מחבר רעאַגירן אויף פאַרשיידענע צײַטיקע סטימולן, ווי למשל, אַ יובל פון דער באַהאַנדלטער פּערזענלעכקייט, אָדער נאָך דער פּטירה פון אַ דענקער, שרײַבער אד״גל. מיט רעכט ציט ער אַ לאַקאָנישן סך־הכּל שוין אין זײַן קורצער הקדמה: ״זיי (די עסייען — אַ.ל.) פירן אַריבער צו דעם אינטערעסן־קרײַז פון פּוילישן ייִדנטום אויפן שוועל פון זײַן טראַגישן אונטערגאַנג, צו דער גײַסטיקער שפּאַנונג, וואָס האָט אין אים אָנגעהאַלטן אין די ערבֿ־חורבן־יאָרן, צו זײַנע פּראַקטיקע אַנגסטן און נישט־אויסגעלאָשענעם גלויבן״.

״גלויבן״ האָט, נאַטירלעך, כּלערליי קאָנאָטאַציעס. אויף זיי קענען אָן שום ספק זיך אייניקן אַלע ניצול־געוואָרענע ייִדן, אַז וואָס שטאַרקער די גײַסטיקע ירושה פון מזרח־אייראָפּע וועט משפּיע זײַן כּל התּפוצות און מדינת ישראל, אַלץ בעסער וועלן זײַן די פּערספּעקטיוון צו ראַטעווען דעם שעפערישן המשך פון דעם אַזוי שטאַרק באַדראָטן ייִדישן פאָלקס־לעבן.

עס איז זיכער נישט קיין קליינער חידוש, וואָס אַלע עסייען זײַנען בשעתו געדרוקט געוואָרן אין דער אָרטאָדאָקסישער אגודישער טאָג־צײַטונג אין וואַרשע. אַ סימן וויאַזוי אָט די באַוועגונג איז שוין דאַן געווען אָריענטירט ״מיטן פּנים צו דער וועלט״, אַ קאַפּולער אָנצוהערעניש פאַר די איצטיקע פאַרקערטע טענדענצן, וואָס הערשן אין דעם עקסטרעם־אָרטאָדאָקסישן לאַגער, וועלכער ווערט דירעקט און אומדירעקט באַווירקט פון סאַטמאַר, נטורי קרתא א״אַ.

ווי ס׳ווײַזט באַשײַמפּערלעך אויס, איז דער מהלך צווישן מאָדערנעם רעליגיעזן און דעם וועלטלעכן לאַגער געווען אַ סך אַ קלענערער ווי הײַנט. אַוודאי דאַרף מען ד״ר קלעפּפּישס געשמאַק, סטיל, פאַרנעם און טאָלעראַנץ באַטראַכטן פאַר אויסנעמלעך. דער פאַקט אָבער, וואָס דער אָפיציעלער ״אגודה״־אָרגאַן ״דאָס ייִדישע טאָגבלאַט״ האָט געעפנט זײַנע שפּאַלטן פאַר אָט דעם שיינגײַסט, איז ביז גאָר סימפּטאָמאַטיש און רעדט פאַר זיך אַליין.

פריִער פון אַלץ ציט דער מחבר זײַן גײַסטיקע יניקה פון אונדזער ספר הספרים, פונעם תּנ״ך. עס איז דעריבער אַזוי נאַטירלעך, וואָס דער באַנד ״צווישן די צוויי וועלט־מלחמות״ הייבט זיך אָן מיט צוויי עסייען ״רות״ און ״קהלת״, און צווישן אַנדערע קאָלומס געפינען מיר אַזעלכע, ווי ״תּנ״ך־אַרכעאָלאָגיע און א״ב״. אויך דער תּלמוד געפינט אין ד״ר קלעפּפּישן אַ ווירדיקן און ביז גאָר טיפן און ענטוזיאַסטישן אינטערפּרעטאַטאָר. הגם דער מחבר איז מיט זײַן גאַנצער נשמה טיף אידענטיפיצירט מיט אָט די צוויי ריזיקע גײַסטיקע אוצרות, איז אָבער דאָס בוך, וואָס מיר באַהאַנדלען, דערהויפּט געוואָנדן מיטן פּנים צו דער מאָדערנער וועלט — אויך צו דער נישט־אידעיִשער וועלט, אויף וויפל זי רופט זיך אָפּ אויף דעם ייִדישן גורל,

און אין דער ערשטער ריי אויף דער מאָדערנער ייִדישער מחשבה.

צוויי גרופּעס אינטעלעקטואַלן — נישט־ייִדן און אָפּגעפרעמדטע ייִדן — ווערן אָפּט באַהאַנדלט אין דער זאַמלונג: 1) וויסנשאַפטלער אַנטראָפּאָלאָגן און היסטאָריקער, וואָס האָבן געשריבן וועגן ייִדן, און 2) שרייַבער פון כּלערליי מערב־פעלקער און זשאַנערס. צו די וויסנשאַפטלער געהערן, למשל, אַלבערט אייַנשטיין און דער פּוילישער פּראָפ׳ זשעלינסקי, וועלכער האָט אָנגעהויבן ווי אַ ליבעראַל און איז געוואָרן אַ פּאָלנער אַנטיסעמיט ווען ער האָט געשריבן זייַן ״העלעניזם און יודאַיִזם״. ד״ר קלעפּפיש כאַראַקטעריזירט דאָס בוך ווי אַ ווערק, וואָס איז פול מיט ״עם־הארצות, איינזייַטיקייט און בייזוויליקייט״. ד״ר קלעפּפיש רעכנט דאַן זיך אָפּ מיט דעם באַרימטן פּוילישן קענער פון קלאַסיציזם דורך ציִען די אויפמערקזאַמקייט צו דעם פאַקט, וואָס אין דער צייַט ווען דאָס אַנטיקע גריכנלאַנד איז טויט און געפינט זיך נאָר אין מוזייען, לעבט און געדייַט דאָס ייִדנטום, נישט געקוקט אויף אַלע סכּנות און ביטערע דערפאַרונגען. אָן דעם ייִדישן אייַנפלוס וואָלט בכלל קיין אייראָפּעיִשע ציוויליזאַציע, ווי מיר קענען זי, נישט געווען מעגלעך, ווארום ״אָן דעם ייִדישן צושטייַער וואָלט אייראָפּע נאָך עד היום געווען געצענדינעריש״ (ז׳ 240), פירט אויס פּאַטעטיש דער מחבר.

פאַר אַן אַנדערן וויסנשאַפטלער, פּראָפ׳ זאַדערעצקי (ז׳ 374), האָט אָבער ד״ר קלעפּפיש אַ סך אָנערקענונג, און דאָס צוליב כּמה טעמים. קודם־כּל צוליב דעם, וואָס ער האָט שטאַרק פאַרטיידיקט דעם תּלמוד. אַזאַ אַקט איז געווען באַזונדערס אויסטערליש און געוואַגט אין דער תּקופה פון היטלעריזם — שטרייַכט אונטער דער מחבר: ״דווקא וועגן דעם תּלמוד, וואָס זינט ער איז געשאַפן געוואָרן האָט ער געדאַרפט אויסשטיין די פאַרביסנסטע אָנגריפן״. פּראָפ׳ זאַדערעצקי האָט מיט זייַן ווערק דער תּלמוד אין פייַער פון יאָרהונדערטער געצילט קעגנצווווירקן די צאָלרייַכע ״בייזוויליקע פעלשונגען פון דער אַזויגערופענער ״דענקערייַ״. באַזונדערס בולט הייבט ד״ר קלעפּפיש אַרויס דעם קאַפּיטל ״די עטיק פון תּלמוד״.

אַז מיר האַלטן שוין בייַ אַזעלכע פּאָלאַקן, לאָמיר איצט דערמאָנען אַ פּאָר גרויסע ייִדן־פרייַנד פון צווישן די בעסטע פּוילישע שרייַבער. די לייַדן פון פּוילישן פאָלק במשך פון יאָרהונדערטער פון נאַציאָנאַלער קנעכטשאַפט, האָבן אינספּירירט די דאָזיקע קאָריפייען מיט אַדאַם מיצקעוויטשן בראָש, און זיי געהאָלפן זיך דערהייבן צו אַזאַ הויכער הומאַניטאַרער און אוניווערסאַלער מדרגה. צום בולטסטן איז דאָס געקומען צום אויסדרוק אין מיצקעוויטשס ״פּאַן טאַדעוש״, מיט דעם סימפּאַטיש געשילדערטן ייִד יאַנקעלעוויטש. אָבער, ווי ס׳ווייַזט אויס, האָבן אַפילו אינעם אומאָפּהענגיקן פּוילן (צווישן ביידע וועלט־מלחמות) נאָך אַלץ געטליִעט יענע פונקען. אַזוי, אַז ד״ר קלעפּפיש האָט זיי מיט גרויסער אָנערקענונג און ענטוזיאַזם אַרויסגענומען

אויף זײַן קאַנווע. לאָמיר זיי דאָ בלויז אויסרעכענען:

**סטעפאַן זשעראָמסקי** (ז׳ 354) — ״ער ווייסט ווי אָפּצושאַצן די וויכטיקייט פון דער ייִדן־פּראַגע אין פּוילן״. ״ער מאָלט די ייִדישע נויט״. ״עס איז פאַלש, אַז ייִדן ליגן אויף זעק געלט. ביטע, שפּאַצירט זיך אַדורך אויף דער מילע־גאַס און קראָכמאַלנע, אויף סמאָטשע, אין די קליינע פּראָווינץ־שטעטלעך, און איר וועט זען, ווי עס שטעלט באמת זיך פאָר די ייִדישע משיחות״.

אין זשעראָמסקיס בוך ״די שיינקייט פון לעבן״, ציט ווײַטער דער מחבר, ״וואַקסט אויס דער ייִד צו אַ גיגאַנטישער געשטאַלט״, ווײַל ״דער ייִד איז דער נאַטירלעכסטער קעמפער פאַר יושר און רעכט״ (זז׳ 354 — 359). אַן אַנדערער ערשטראַנגיקער שרײַבער, וועלכן דער מחבר דערמאָנט אין אַ באַזונדערן עסיי, איז געווען דער דיכטער **ציפּריאַן נאָרוויד** (ז׳ 387), וועלכער איז געשטאָרבן אין אַ בעטלער־היים. ״נאָרוויד״, זאָגט ד״ר קלעפּפיש, ״האָט בנוגע ייִדן אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש און מוט״. ער האָט איבערגעזעצט פון תנ״ך אַ סך שטעלן אויף פּויליש, און ער האָט אָנגעשריבן זײַן באַרימטע אָדע א״נ ״פּוילישע ייִדן״ (ז׳ 393).

אַפילו **איגנאַצי קראַשעווסקי**, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין גוטע מיינונג וועגן ייִדן, האָט דאָך אין זײַן רײַפן פעריאָד געענדערט זײַן שטעלונג און איז געוואָרן אַן אויסגעשפּראָכענער ייִדן־פרײַנד. קראַשעווסקי דריקט אויס זײַן טיפע פאַראַכטונג צו ייִדן אַסימילאַטאָרן, וואָרום ״יעדער ערלעכער מענטש מוז זיך מיט פאַראַכטונג אָפּרוקן פון די, וואָס אַנטלויפן צוליב עגאָיִסטישע צוועקן פון זייער פאָלק״.

דעם באַרימטן פּוילישן דראַמאַטורג **סטאַניסלאַוו ווייספּיאַנסקי** (ז׳ 413) ווידמעט דער מחבר אויך אַן עסיי. מיט אַ סך טאַלאַנט האָט ווייספּיאַנסקי געשילדערט די גרויסע האָפענונגען אויף אַ ברידערלעכן צוזאַמענלעבן פון פּאָלאַקן און ייִדן. ער האָט אויך געשריבן לידער אויף תנכישע מאָטיוון און האָט גאָר שטאַרק אָפּגעשאַצט די גײַסטיקע, דערהויבונג פון ייִדישן פאָלק.

**אַנדזשעי סטרוג** (ז׳ 420), וועלכער איז געווען אַ פירנדיקער פּוילישער סאָציאַליסט, האָט, ווי ד״ר קלעפּפיש באַצייכנט אים, ״געקעמפט נישט נאָר מיט דער פּען. אַ צײַט לאַנג איז ער אויך געווען פּאָליטיש אַקטיוו ווי אַ סענאַטאָר״.

כאָטש מיר שטעלן זיך אָפּ, צוליב מאַנגל אין אָרט, נאָר אויף געציילטע ייִדן־פרײַנד, וואָלט אָבער בפירוש געווען פאַלש צו דרינגען, אַז ד״ר קלעפּפיש באַהאַנדלט נאָר די נאַציאָנאַלע אַספּעקטן, וואָרום ער לייגט דעם שווערפּונקט אויף דעם הויך קינסטלערישן און אוניווערסאַל מענטשלעכן אין זייער שאַפן. קלעפּפיש פאַרענדיקט דעם עסיי וועגן אַנדזשעי סטרוג מיטן פאָלגנדיקן אויספיר: ״פאַר ייִדן באַוויַזט אַנדזשעי סטרוג אַ סך האַרץ,

פאַרשטענדעניש און געפיל. אים טוט ווייַ דאָס, וואָס עס ווערט קעגן דער יידישער באַפעלקערונג אָפּגעטאָן. ער גיט זייַן אונטערשריפט אויף ווירדיקע פּראָטעסט־דעקלאַראַציעס, באַזינגט ארץ ישראל און די הייליקע שאַפונגס־מיסטיק בייַם יידישן פאָלק".

**וולאַדיסלאַוו סיראָקאָמלאָ** (ז' 475) איז נאָך איינער פון די פּוילישע שרייַבער, וואָס ד"ר קלעפּפיש טיילט אויס: "זייַנע יידישע טיפּן זייַנען אפשר די סאַמע אָריגינעלסטע און סאַמע מערקווערדיקסטע אין דער פּוילישער ליטעראַטור". דער מחבר פאַרענדיקט מיט אַרויסהייבן סיראָקאָמלאָס באַציִונג צו יידן: אין דער צייַט פון קנעכטשאַפט איז דער ייִד, שרייַבט ער, געווען פול מיט זאָרג אויף פאַר דער צוקונפט פון דער פּוילישער קולטור. אַלס אַזעלכן האָט סיראָקאָמלאָ געשילדערט דעם ייִד.

אויך שרייַבער יידן־פרייַנד פון אַנדערע אייראָפּעיִשע קולטורן געפינען אַן אָפּקלאַנג אין קלעפּפישס פאָרטרעטן. זיי אַלעמען וואַקסט אַריבער **גאָטהאָלד אפרים לעסינג** (ז' 52) מיט זייַן נתן דער חכם ("נאַטאַן דער ווייַזע"). צו גוט זייַנען באַקאַנט די באַציִונגען צווישן אים און משה מענדעלסאָן, דעם פּראָטאָטיפּ פון נתן דעם חכם, אַז מיר זאָלן ערשט דאַרפן דאָ זיך אָפּשטעלן באריכות אויף קלעפּפישס קורצן עסיי, וועלכער איז דערשינען צו לעסינגס 200־סטן געבורטסטאָג.

פון צווישן די דייַטשישע שרייַבער ווערט דורך דעם מחבר אויסגעטיילט טאָמאַס מאַן. מיר וועלן אָבער איצט דער עיקר זיך אָפּשטעלן אויף זייַן ביז גאָר אינטערעסאַנטן עסיי געווידמעט **יאָהאַן וואָלפגאַנג געטע**, וועמען דער מחבר רופט אָן "דער דיכטער מיט צוויי נשמות" (ז' 533). מיט כּלערליי פאַקטן באַווייַזט ער ווי פּאָזיטיוו און פילזייַטיק עס איז געווען געטעס באַציִונג צו יידן. געטעס נאָענטקייט צום יידישן יישוב אין פראַנקפורט ווערט גאָר אויספירלעך געשילדערט. אָבער נישט דורך אַ פּערזענלעכן קאָנטאַקט איז אָט די נאָענטקייט געקומען צום אויסדרוק, נאָר גאָר באַשייַמפּערלעך דורך זייַנע שריפטן, וועלכע זייַנען ליידער, זייער ווייניק באַקאַנט. שוין צו 18 יאָר, דערציילט ד"ר קלעפּפיש, האָט דער געניאַלער געטע געשריבן מיט פאַרערונג וועגן יידן. אין זייַן רייַפער עלטער שרייַבט געטע, אַז "נאָר דעם תּנ"ך האָב איך צו פאַרדאַנקען מייַן מאָראַלישע אויסבילדונג". יאָ, געטע גייט אַזוי ווייַט ווי ביז צום צונויפזאַמלען יידישע פאָלקס־מעשיות ער לערנט זיך אויס יידיש — דעם יידיש, וועלכן יידן אין פראַנקפורטער געטאָ האָבן דעמאָלט גערעדט. ער שרייַבט אַפילו אָן אַ דערציילונג אויף יידיש (מיט גאָטישע אותיות), לערנט אויך זיך אויס העברעיִש און זעצט איבער "שיר השירים" אויף דייַטש.

און ווייַטער זאָגט ער: "די יידישע אמונה וועט שטענדיק אַרויסווייַזן קלוגשאַפט און לעבעדיקע טעטיקייט, זעלבשטענדיקייט, אינערלעכע פעסט־

קייט, און נאָך מער פון אַלץ — אויסגעהאַלטנקייט. אין דעם האָבן נישט די ייִדן קיין גלײַכן צו זיך".

דאָס אַלץ מיינט אָבער נישט, אַז געטע איז געווען כּולו זכאי. נישט איין מאָל האָט ער אַרויסגעזאָגט קעגנזעצלעכע מיינונגען, און אָט די אויסדרוקן האָבן, פֿאַרשטייט זיך, גערדינט די נאַציס ווען זיי האָבן אין אָנהייב פון זייער אויפשטײַג זיך באַנוצט מיט געטעס מיינונגען וועגן ייִדן. שפּעטער האָבן זיי, די נאַציס, אויפגעהערט צו עקספּלואַטירן דעם גרויסן מײַסטער. געטע גופא האָט וועגן זיך געזאָגט, אַז "צוויי נשמות זיצן אין מײַן ברוסט".

*

מיר גייען אַריבער צו גאָר אַ וויכטיקן טייל פון דעם ספר, דהײַנו — צו די עסייען געווידמעט די אַמאָל אָפּטריניקע, אָדער כּמעט ווי אָפּטריניקע ייִדן, וואָס האָבן זיך אָבער צוריקגעקערט צום ייִדישן פֿאָלק. זייער גײַסטיקע רעאינטעגראַציע אין אונדזער פֿאָלקס־געמיינשאַפט האָט זיך אָפּט געגומען פון דעם, וואָס אָט די פּערזענלעכקייטן זײַנען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געקומען אין קאָנטאַקט מיט דעם פּויליש־ייִדישן ייִשוב. אַזוי שטעלט אונדזער מחבר ברייט זיך אָפּ אויף ד"ר פראַנץ ראָזענצווײַג (זז' 34 און 40) אין צוויי עסייען. הײַנריך הײַנע, וועלכער האָט אָפיציעל זיך קיינמאָל נישט צוריקגעצויגן פונעם שמד, אָבער איז גײַסטיק צוריקגעקומען און האָט מאַניפעסטירט זײַן אויפריכטיקע חרטה, רופט אויס אין זײַן דערציילונג "דער רבי פון באַכראַך" (ציטירט פון ד"ר קלעפּפיש): "אַפילו אין מיטן פון דעם צעבושעוועטן ים פון באַרבאַריזם שאַפן די ייִדן אַן אינדזל, ווו עס הערשט מאָראַל און עס פֿאַרפּליכטן פּרינציפּן פון מענטשלעכקייט".

וועגן יהודה הלוי האָט זיך הײַנע צעזונגען מיט אַ ליד, וואָס איז פול מיט די לויטערסטע געפילן. באַזונדערס אײַנדרוקספול, שרײַבט ד"ר קלעפּפיש, איז הײַנעס שבת־געזאַנג. הײַנע האָט זיך אויסגעדריקט, אַז "די פּרינצעסין שבת ברענגט דעם אָטעם פון קדושה".

"דער פּוילישער ייִד מיטן שמוציקן כאַלאַט איז מיר נאָך אַלץ ליבער ווי דער פֿאַרנעמער דײַטשישער ייִד... אין דער שאַרפער אַנטשלאָסנקייט איז דער כאַראַקטער פון פּוילישע ייִדן געוואָרן אַ גאַנצע זאַך".

ד"ר קלעפּפישס ענטוזיאַזם באַקומט זײַן פולן אויסדרוק אין אַזאַ־אָ ציטאַט פון הײַנע: "איך האָב וועגן ייִדן נישט גערעדט מיטן נייטיקן יראת הכבוד. דאָס איז דערפֿאַר, ווײַל כ'בין געווען גענייגט צום העלעניזם. אָבער מײַן ליבשאַפט צו די גריכן איז קלענער געוואָרן. איך זע איצט: די גריכן זײַנען געווען שיינע ייִנגלעך, די ייִדן זײַנען אָבער שטענדיק געווען מענער, געוואַלדיק אומבויגזאַמע מענער. נישט בלויז אַמאָל, נאָר ביז צום הײַנטיקן טאָג. נישט געקוקט אויף די 18 הונדערט יאָר רדיפות, עלנט... די וועלט קען נישט די ייִדן. אָבער די ייִדישע נשמה וועט דערקענט ווערן אין יענעם טאָג, וועלכן

דער נביא האָט פּאָרויסגעזאָגט, אַז די מענטשהייט וועט זיך אומקערן צו גערעכטיקייט".

אין אַ גלענצנדיקן פּען־פּאָרטרעט פון **פראַנץ קאַפּקאַ**, געשריבן אין אַ צײַט, ווען קאַפקאַס נאָמען איז נאָך ווײַט נישט געווען אַזוי באַרימט, אַנאַליזירט קלעפּפיש "די פענאָמענאַלע דערשײַנונג — פראַנץ קאַפקאַ". אין די לעצטע יאָרן פון זײַן אומהיילבאַרער קראַנקייט האָט זײַן "צעריסענע נשמה" געגומען נאָך שטאַרקער זוכן אַ באַשייד צו דער אויסגעוואָרצלטקייט פון אַן אַסימילירטן ייִד. "קאַפקאַ מאַכט אַלע אָנשטרענגונגען זיך דורכצוהאַקן אַ וועג צו די וואָרצלען. ער פאַלט־צו ווי אַ דורשטיקער צו ייִדישע ספרים. ער לערנט זיך אויס לשון קודש. זײַן פּלוצימדיקע פּטירה האָט איבערגעריסן אין יאָר 1924 קאַפקאַס ערנסטע פּלענער צו באַזוכן ארץ ישראל".

"פון אַלע זײַנע שריפטן וויינט אַרויס אַ פאַרבלאָנדזשעטע ייִדישע נשמה".

— אַזוי פאַרענדיקט קלעפּפיש זײַן באַזונדערס סענסיטיוון עסיי וועגן פראַנץ קאַפקאַ.

פראַנץ ווערפעל, דער ווינער ייִדיש־דײַטשישער שרײַבער, וועלכער האָט זיך קונה־שם געווען מיט זײַן באַרימטער נאָוועלע "מוסאַ דאַג", באַקומט אויך אַ גאָר סימפּאַטישן אָפּקלאַנג אין קלעפּפישס עסייען. **אַרנאָלד צווײַג**, עמיל לודוויג און **ליאָן פויכטוואַנגער** ווערן אויך באַהאַנדלט מיט געפילן פון באַדויער. זייער נאַציאָנאַלע אָפּגעפרעמדקייט האָט זיך בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געגומען בײַטן. באַזונדערס איז דאָס געקומען צום אויסדרוק בײַ ליאָן פויכטוואַנגערן, וועלכער איז אַזוי ווי ד"ר ראָזענצווײַג געווען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אַ דײַטשער אָפיציר אין פּוילן. פויכטוואַנגער, דער מחבר פון אַ רייע מאָנומענטאַלע ווערק, ווי "יוד זיס" א"אַ, האָט באַזונדערס דרייסט אויפגענומען די פראַגע פון דעם שײַכות צווישן רוים און ירושלים. דאָס פּראָבלעם האָט אים שטאַרק געעקבערט, און אין רעזולטאַט פון דעם האָט זיך באַוויזן די סעריע ווערק וועגן יאָזעפוס פלאַוויוס.

יאָזעפוס פלאַוויוס זאָגט צו זיך אַ פאַרביטערטער, אַן אַנטוישטער (ציטירט פון קלעפּפישס פאַראַפראַזירטער ווערסיע): "יוסף בן־מתתיהו הכהן איז געווען דײַן נאָמען, אָבער פלאַוויוס האָסטו געוואָלט ווערן. אַ רוימישער פּאַטריציער. דו ביסט געווען אַ מענטש פון מזרח און האָסט געוואָלט מיט אַלע כּוחות פאַרבלײַבן אַ מערב־מענטש — ייִד און רוימער צוגלײַך. דאָס האָסטו געטריבן דעם ערגסטן שווינדל קעגן זיך אַליין"... — דאָס גרויסע רוים איבלט אים. ער קערט זיך אום קיין ארץ ישראל. יאָזעפוס פלאַוויוס ווערט צוריק פאַרוואַנדלט אין דעם פריִערדיקן יוסף בן־מתתיהו. ד"ר קלעפּפיש איז איבערצײַגט, אַז אָט דער פּאָרטרעט איז פויכטוואַנגערס אַן אויטאָפּאָרטרעט.

*

ביַי דער געלעגנהייט איז אפשר כּדאַי צו דערציילן מיַין דערפאַרונג, וואָס איך האָב געהאַט בעת אַ באַגעגעניש מיט דער אלמנה פון ליאָן פויכטוואַנגער, וועלכע וווינט אין לאָס אַנדזשעלעס. און הגם זי איז נאָענט צו ניַינציק, וויַיזט זי אַרויס אַן אומגעוויינלעכע וויטאַליטעט. בעת אונדזער שמועס האָט זי ממש מיט פונקען אין אירע צאַפּלדיקע אויגן דערציילט וועגן שלום־עליכמס וויזיט אין זייער היים אין דיַיטשלאַנד. דאַן האָט זיך, ווי זי האָט דערציילט, רעכט צעשפּילט ביַי פויכטוואַנגערן זיַין ייִדיש געמיט. ער איז געווען אַ גרויסער פאַרערער פון שלום־עליכמען און האָט אים געלייענט אין אָריגינאַל. מיט צענדליקער ביַישפּילן האָט פויכטוואַנגער דערציילט שלום־עליכמען ווי טיף ער טראָגט אין זיַין נשמה די, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, הייליקע איבערלעבונגען בשעת זיַין לעבן צווישן פּוילישע ייִדן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

ס'וואָלט בפירוש געווען אַ גרויסע עוולה צו בליַיבן אונטערן איַינדרוק, אַז ד״ר קלעפּפיש האָט פאַרזען דאָס עכט קינסטלערישע און זיך אָפּגעגעבן נאָר מיטן אידעיִשן. חס וחלילה. מיט זיַין גאָר פיַינעם געשמאַק און חוש פאַר עסטעטיק, האָט ער גאַנץ ברייט (ווי פאַר קורצע עסייען) זיך אָפּגעשטעלט אויך אויף די ריין ליטעראַרישע דימענסיעס פון די דערמאָנטער שריַיבער. אינטערעסאַנט איז צו באַמערקן, אַז כאָטש ס'האָבן אין פּוילן געלעבט אַ גרעסערע צאָל ערשטראַנגיקע פּויליש־ייִדישע שריַיבער מיט אַזעלכע נעמען ווי יוליאַן טווים, דער געשמדטער אַנטאָני סלאָנימסקי, יוסף וויטלין, ראָמאַן בראַנדשטעטער א״אַ, האָט ער אָבער קיינעם פון זיי נישט באַהאַנדלט. נאָר אין איין עסיי דערלויבט ער זיך אויף שטעך־ווערטלעך אויפן אַדרעס פון אַנטאָני סלאָנימסקי, דעם אייניקל פון דעם רעדאַקטאָר פון ״הצפירה״.

דאָס איז נישט קיין צופאַל, וואָרום ס'איז נאָך, אַפּנים, געווען צו פרי פאַר אָט די פּויליש־ייִדישע שריַיבער אַרויסצובריענגען חרטה צוליב זייער אָפּווענדן זיך פון ייִדישקייט. ווי אַנדערש וואָלטן מסתּמא געקלונגען קלעפּפישס עסייען, ווען זיי וואָלטן געשריבן געוואָרן נאָכן חורבן. וואָרום — אַפילו טווים האָט זיך איַינגעבראָכן מיט זיַין שטאַרק אַסימילאַטאָרישער איבערציַיגונג.

״די צוקונפט״, אָקטאָבער — דעצעמבער 1983

## .3
## אויפן ראַנד פון ד״ר קלעפּפּישס
## ״אָפּגעשלאָסן אַ תּקופה״

פאַרלאַג: וועלטראַט פאַר ייִדיש
און ייִדישער קולטור, ירושלים תש״ן 1989

הלמאי אויפן ראַנד? גאָר פּשוט, ווײַל אָנשטאָט צו באַהאַנדלען אָט דאָס ביז גאָר ווערטפולע ווערק ווי אַ גאַנצעס, האָב איך באַשלאָסן אויסצוטיילן באַזונדערע טעמעס. ד״ר קלעפּפּיש איז בלי ספק אַ יוצא מן הכלל, וואָרום אַ טיף רעליגיעזער דענקער זאָל ווידמען אַזויפיל אָרט דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור, איז דאָך אַוודאי אַ זעלטנהייט בײַ אונדז.

אַגב, שפּילט גראָד זײַן ליבשאַפט צו אָט דער ליטעראַטור און זײַן גרויס בקיאות אַ גאָר וויכטיקע ראָל. דעם מחבּרס באַגײַסטערונג פאַר אונדזער ליטעראַטור, און זײַן באַשײַמפּערלעך אָננעמען זיך די קריוודע פון דעם אַזויגערופענעם גלות־ייִד — לאָזט איבער אַ שטאַרקן אײַנדרוק. כּדי טאַקע צו באַקומען אַ פולן באַגריף וויאַזוי ד״ר קלעפּפּיש שפּיגלט אָפּ דאָס מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדישע לעבן דורך דער מאָדערנער ליטעראַטור, געפינען מיר פאַר נייטיק ממש ״דורכצוקעמען״ דאָס גאַנצע ווערק. ווי זאָגט דער באַרימטער פילאָסאָף העגעל: קוואַנטיטעט גייט לסוף איבער צו קוואַליטעט.

שוין אינעם אַרײַנפיר־וואָרט הייבט אָן דער מחבּר מיט יצחק קאַצענעלסאָן:

> ״די וואָס שליסן אָפּ אַ תּקופה, איז נישט קיין ווונדער״, שרײַבט ער, ״וואָס אפשר איז די ליטעראַטור אין ייִדיש צום שטאַרקסטן כאַראַקטעריסטיש פאַרן געמיט פון דאָזיקן דור. האָט דאָך דאָס ייִדישע מזרח־אייראָפּע אין איר איבערוויגנדיקער מערהייט גערעדט ייִדיש ביז צו איר טראַגישן פאַרגיין, און די וואָס שרײַבן ייִדיש, דריקן מעגלעך אויס, גענויער ווי אַלע אַנדערע, די דערפאַרונג פון עפּילאָג״ (ז' 17).

דער צווייטער, וועמען ד״ר קלעפּפּיש דערמאָנט שוין אין דעם ערשטן קאַפּיטל, איז ז. סעגאַלאָוויטש, ציטירנדיק אים דערבײַ: ״מײַן האַנט זאָל אַ האַמער אַ ריזיקער ווערן, / און קלאַפּן מיט קראַפט מיט טײַוולאָנישן כּישוף... / אײַ, קלאַפּן, צעשמעטערן אַלץ און צעשטערן, / און אויס זאָל זײַן מיט דעם מענטש און זײַן ייִשוב״... // קאַדיע מאָלאָדאָווסקי רופט אויס צו די הימלען: ״וויפל איז דער שיעור אונדז צו פירן אויף די וועגן פון נסיון?״.

הירש גליק, מיט זײַן באַרימטן ״זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג!״, און דאַן קומט ה. לייוויק דורך זײַנע אַנגסטיק־קרושהדיקע

שורות אין "אייביק" – "איך ברען און איך ברען, און איך ווער נישט פאַרברענט, איך הייב מיך אויף ווידער און שפּאַן אַוועק ווײַטער"...

בײַ **אברהם סוצקעווער** "לייטערט זיך אין יעדער טרער אַ וועלט". אין דער פּאָעמע "גאולה־ניגון" (וואָס) "ברומט אויך אַרויס פון די לעצטע" און אָטעמט מיט אומגעוויינלעכן בטחון (ז' 17).

ד"ר קלעפּפיש פאַרענדיקט דאָס קאַפּיטל מיט אַזאַ אויספיר:

"ייִדיש מזרח־אייראָפּע איז געווען דורכגעדרונגען מיט ווילן צו טאָט נישט בלויז אין איר פראָלאָג און פאַנאַנדערבלי. אויך אין איר עפּילאָג האָט זי געאָטעמט מיט שטוינענדיקן ווילן און אַנטשלאָסנקייט" (ז' 19).

עס קלינגט ווי אַ קאַמערטאָן צו זײַן קדושהדיקער פילאָסאָפיע, וואָס שנירלט זיך ווי אַ רויטער פאָדעם דורך דעם גאַנצן ספר, וועגן וועלכן עס בעט זיך ממש צו זאָגן: ספר הספרים פון אונדזער פאָרכטיקער צײַט.

**י.ל. פרץ** ווערט דערמאָנט אין דעם קאַפּיטל **"דאָס געזאַנג פון אקדמות"**:

"אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן האָט פרץ אַלץ טיפער געגראָבן אין ייִדישער דערפאַרונג און ייִדישער מחשבה. ער האָט צוגעגעבן צו זײַנע פריִערדיקע תּנ"ך־איבערזעצונגען אויך די פון קהלת, און, ווי ש. אַנ—סקי זאָגט עדות אין זײַנע זכרונות, האָט די דאָזיקע אַרבעט פאַר אַ צײַט פאַרנומען זײַן געדאַנק און געמיט. אויך צו דער איבערדיכטונג פון אקדמות איז ער צוגעטראָטן מיט האַרץ און נשמה".

אינעם ווײַטערדיקן עסיי "דאָס אַשכּנזישע ייִדנטום אין ימים־נוראים מחזור" ווערט דערמאָנט, אַז אין ייִדיש איז דאָס מיסטישע געזאַנג ("שיר היחוד" פון ר' שמואל קלונימוס) געוואָרן איבערגעדיכטעט דורך **י.י. שוואַרץ** אין זײַן אַנטאָלאָגיע פון דער העברעיִשער רעליגיעזער פּאָעזיע.

פאַררופנדיק זיך אויף מאַקס עריקן, דערמאָנט דער מחבר **יעקב בן־אברהם פּאָלאַקן**, וועלכער האָט אין יאָר 1602 אין באַזעל אַרויסגעגעבן אַ "ייִדישע דערציילערישע דיכטונג" – אַ מעשה־בוך.

**שלום עליכם** ווערט דערמאָנט אין דער אַרבעט וועגן "אַ ספר, וואָס האָט אויסגעפּורעמט דעם כאַראַקטער פון אַשכּנזישן ייִדנטום" (ספר חסידים) – מיט אַ רעפערענץ צום "פונס יריד". אין זעלביקן קאַפּיטל הייבט ד"ר קלעפּפיש ווידער אַרויס פרצעס "דרײַ מתּנות" און די פרעכטיקע רירנדיקע סקיצע "שלום בית", אין וועלכער פרץ האָט מיט אַזויפיל ליבשאַפט און צאַרטקייט געמאָלן די ייִדישע משפּחה.

די גײַסטיקע האַרמאָניע צווישן די צוויי זײַטן פון אונדזער ייִדישן עבר וואַרפט זיך שטאַרק אין די אויגן ווען מען לייענט אויפמערקזאַם די נשמה־יתירהדיקע עסייען. צום סוף ציטירט קלעפּפיש **ח.נ. ביאַליקס** "לפני ארון הספרים" – "פאַר דער ספרים־שאַנק". ביאַליקס פּאָעטישער אָפּרוף אויפן **"ספר חסידים"**:

"איר זענט געווען פאַר מיר אַזוי ווי די וואַרעמקייט אין אַ זומער־טאָג,
און ווי אַ קישן צו מײַן צוקאָפּנס אין אַ ווינטער־נאַכט,
אין אײַך האָט זיך אָפּגעהיטן מײַן גײַסט,
האָבן זיך אָפּגעהיטן די הייליקסטע פון מײַנע חלומות"... (ז' 87)

דער אַרטיקל "מהר'ם פון ראָטענבורג אין דער ייִדישער ליטעראַטור" איז, נאַטירלעך, אָנגעפּיקעוועט מיט רעפערענצן צו דער ייִדישער ליטעראַטור. אַזוי ווערט דערמאָנט **אברהם רייזען**, דער מחבר פון "מאי קא משמע לן" און איבערזעצער פון מהר"מס עלעגיע: אַן איבערזעצונג, וועלכע ד"ר קלעפּפיש באַצייכנט ווי אַן אויסנעמלעכע איבערדיכטונג פון דער עלעגיע וועגן רבי מאירס מאַרטיראָלאָגיע. אויף אינעם שאַפן פון **אברהם ליעסין** און **ה. לייוויק** איז דער מהר"ם געוואָרן אײַנגעגלידערט בײַ יעדן איינעם אויף זײַן שטייגער, ווײַזט אָן דער מחבר (ז' 97).

אַזוי איז ליעסינס פּאָעמע "מהר"ם מראָטענבורג" אַ געזאַנג "פון נצחון פון גײַסט איבער מאַטעריע, פון נשמה איבער גוף, פון אחריות איבער יאוש" (ז' 98). ס'איז אַן אָדע צו דעם העראָיִזם פון קידוש השם.

לייוויק ווערט, פאַרשטייט זיך, קודם־כּל דערמאָנט ווי דער מחבר פון "גולם" און פונעם "מהר"ם ־פון ראָטענבורג". אין אָט דער דראַמע שילדערט לייוויק שוין דעם נאַצישן יאָמער־טאָל, און דאָס איז, ווי ס'זאָגט ד"ר קלעפּפיש, "דער ענטפער פון ה. לייוויק צו די לעבן־פאַרבליבענע נאָכן נאַצי־חורבן". דעם מהר"מס צוואה "היט געטרײַ דעם כּבוד פון ישראל, בטחון איז אמונה, און אמונה איז גאולה"... גילט דער פאַרהייליקטער עכאָ פון מהר"מס פּאַראָל, פון לייוויקס טרייסט און קדושהדיקן רוף צום ייִד, דעם מיט נסים געראַטעוועטן פון נאַצישן גיהנום אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

נאָך אַן אויספירלעכער באַהאַנדלונג פון דער יצירה פון די אַלע דרײַ ייִדישע דיכטער, וואָס זײַנען אינספּירירט געוואָרן פון דער מהר"ם־געשטאַלט, קומט ד"ר קלעפּפיש צו אַזאַ גאָר קלאָרן אויספיר:

"אַלע דרײַ זײַנען זיי באַצוווּנגען געוואָרן פון דעם מהר"מס געשטאַלט. רייזען, ליעסין, לייוויק. און פאַר די, וואָס ווילן נאָך אַלץ נישט מודה זײַן, אַז די מאָדערנע ייִדישע ליטעראַטור האָט אין אַ סך פון די ווערק, וואָס זײַנען אין איר געשריבן געוואָרן, אַרויסגעבערענגט אויטענטישע ייִדישקייט — צא ולמד — ווי־זײַ זיי אָן, לכל הפחות, וויאַזוי דער מהר"ם פון ראָטענבורג און דאָס העראָיִשע קאַפּיטל געשיכטע, מיט וועלכן ער איז פאַרבונדן, ווערן באַהאַנדלט דורך דרײַ פון אירע רעפּרעזענטאַנטן" (ז' 99).

גאָר אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט שענקט דער מחבר דער "פרומער

ליריק" פון מרים אוליאַנאָווער און פון חיים סעמיאַטיצקי, די דביקותדיקע פערזן פון דוד איינהאָרן, בן־ציון פעסלער, ישראל שטערן און אלימלך שטיַיער. נאָכן אומקערן זיך ווידעראַמאָל צו יצחק קאַצענעלסאָן, דעם דיכטער פון דעם "ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק", קומט ער צו דער מסקנה, אַז "ס'טוט דעריבער וויי, אַז אַפילו דאָס איז נישט גענוג, כּדי יידיש זאָל באַטראַכט ווערן דורך אַלעמען אין דער געשיכטע און אין דער קולטור פון אונדזער פאָלק אָן פאַראורטיילן, און אַז עס זאָל כּסדר פאַלן אויף איר דער שיַין פון איר בראשית (ז' 103).

אין קאַפּיטל "מיסטישע שטימונגען אין יידישן שטעטל" ווערן מיט באַזונדערער חשיבות דערמאָנט שלום אַש דערציילונגען "דאָס שטעטל" און "שלמה הנגיד". אויך איטשע־מאיר וויַיסנבערגס "שטעטל", וואָס פאַרמאָגט נישט די מאַיעסטעטישקייט, ווי קלעפּפיש דריקט זיך אויס, איז אָבער ביַי אים דער סאָציאַלער קאָנפליקט די אייגנטימלעכקייט פון סאָציאַלן קאָנפליקט אין שטעטל.

די מיסטיק פון שטעטל האָט מנחם באָריישאָ באַנומען און געבראַכט צום אויסדרוק אין "דער גייער", אין קעגנזאַץ — זאָגט קלעפּפיש — צו מענדעלע מוכר־ספרים.

ווידעראַמאָל באַגעגענען מיר זיך אין דעם קאַפּיטל מיט י.ל. פּרצן, וועלכער האָט געשילדערט אין זיַין דערציילונג "ביידע אין לאַכעס" צוויי מקובלים, וואָס ליַידן הונגער, מיט אויגן אויסגעלאָשן און אונטערגעשלאָגן, פאַרטיפן זיך כּסדר אין דער וועלט פון סודות. זיי רעדן וועגן ניגון "וואָס זינגט זיך אַליין", וועגן ניגון, "מיט וועלכן גאָט האָט די וועלט באַשאַפן, דער ניגון פון דער נשמה, וואָס ער האָט אַריַינגעגאָסן אין איר"... (ז' 122)

משה קולבאַק, מיַין לערער אין יידישן לערער־סעמינאַר אין ווילנע, ווערט אויך דערמאָנט אין דעם עסיי. "אפשר די שטאַרקסטע פּראָזע וועגן שטעטל און זיַינע יידן אין דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור האָט אָנגעשריבן משה קולבאַק אין זיַין ליד "באַניע אויפן שליאַך", פון וועלכן ד"ר קלעפּפיש ציטירט: "און אויף דער אַלטער שול אַ וואַסער־טרעגער, אַ געפרוירענער, דאָס בערדעלע פאַרקאַטשערט, שטייט און ציילט די שטערן"...

דער מחבר גייט אַזוי וויַיט ווי אויפצוקלערן הלמאי שלום־עליכם האָט זיַין טיפּיש שטעטל אַ נאָמען געגעבן כּתריאלעווקע. אַפּנים, טענהט דער מחבר, אַז דער נאָמען באַשטייט פון צוויי טיילן: "כּתר אל — די קרוין פון גאָט, געמיינט צו זאָגן: ערדישע, וואָכעדיקע מענטשן זיַינען זיי געווען, די יידן פון די שטעטלעך, און פאָרט האָבן זיי אויפן קאָפּ געטראָגן די געטלעכע קרוין". ד"ר קלעפּפיש ברענגט דאָס נאָר ווי אַ סברה, אָבער ס'איז בלי ספק אַן אינטערעסאַנטע הנחה, הגם ס'איז שווער אָנצונעמען, אַז גראָד שלום־עליכם זאָל האָבן געטראַכט מיט אַזעלכע

מיסטישע באַגריפֿן.

ווײַטער דערציילט אונדז דער מחבר וועגן **דוד קאַסעלן**, און ער נוצט דעם אויסצוג: ״עס ברענען אַכט ליכטלעך אין פֿענצטער, אַכט פֿײַערלעך גלײַכע צום גאַס... עס לעשט דער ווינט דורכן פֿענצטער, און פֿײַפֿט־צו מיט רשעות און האַס״... ווי אַן אילוסטראַציע צום אינערלעכן שטאָלץ פֿון ייִד אין שטעטל (ז׳ 125).

**אברהם רייזען** ווערט ווידער ציטירט פֿאַר זײַן חנוכה־ליכט מאָטיוו: ״אָ, ניין, נישט דערין געפֿין איך דעם נס, אַכט נעכט האָט דער בוימל געברענט. אָפּשפּאָרן און קאַרגן דעם בוימל, דאָס וואָלט פֿילײַכט איעדער איינער געקענט. דעם נס זע איך שענער און טיפֿער פֿאַר אײַך — עס שטראַלט מיר פֿאַר שטאָלץ דאָס געזיכט — אַן אָרעם פֿאָלק, און עס האָט דאָך באַטיילט אַ וועלט אַזאַ גרויסע מיט ליכט״...

אויך **יצחק קאַצענעלסאָן** האָט אין די **פֿלעמלעך** געזען ״צוויי אויגן ווי בליצן, וואָס קוקן אַרויס פֿון פֿײַער״. אַזוי ווי **ר׳ נחמן בראַצלאַווער** האָט געזאָגט, אַז ״אין אונדזערע חנוכּה־ליכטלעך שײַנט דאָס אינערלעכע ליכט״. דער עסיי איז אָנגעפּיקעוועט מיט אָן אַ שיעור אַזעלכע ליטעראַרישע ראָזשינקעס, און דאָס איז נישט נאָר ווײַל די חנוכּה־ליכטלעך לאָזן זיך אַזוי סובטעל פּאָעטיש קאָמענטירן, נאָר ווײַל דער אויפֿמערקזאַמער לייענער דערשפּירט בחוש די כּוונה פֿון דעם מחבר אַרויסצורופֿן די גוט פֿאַרדינטע באַגײַסטערונג זײַנע פֿון דעם שטעטל, וואָס איז אַזוי גרינגגעשעצט געוואָרן, אין בעסטן פֿאַל, אויב נישט בכּלל געמישפּט געוואָרן צוזאַמען מיט דעם ״נעבעכדיקן״ גלות־ייִד. אין שטעטל האָט זיך דאָך אויסגעפֿורעמט די פּערזענלעכקייט פֿון דעם אַזויגערופֿענעם ״גלות־ייִד״.

ד״ר קלעפּפֿישס שאַרף אויג דערגרייכט אויך די סאָוועטיש־ייִדישע דיכטער. אָט שטעלט ער באַזונדערס אויספֿירלעך זיך אָפּ אויף **משה כּאַשטשעוואַצקי**, וועגן וועמען **שמואל ניגער** האָט, ווי קלעפּפֿיש שרײַבט, זיך אויסגעדריקט: ער איז געווען דער אָפֿנהאַרציקסטער צווישן אַלע ייִדישע פּאָעטן אין אוקראַיִנע. אין זײַן שאַפֿונג, וואָס איז געווידמעט דער חנוכּה־מאַרטירערין, פֿילן זיך דער ווייי פֿון דער ייִדישער דערפֿאַרונג און די באַוווּנדערונג פֿאַר דער ייִדישער מאָראַלישער שטאַרקייט. און קלעפּפֿיש ציטירט כּאַשטשעוואַצקין ווי ער שילדערט וואָס חנה גייט אַדורך אין תּפֿיסה, וווּהין זי איז געוואָרן

אַרײַנגעשליידערט מיט אירע קינדער, און ״עס האָט זיך דער הענקער צום עלטסטן געווענדעט: איך ווייס, ס׳איז דאָס לעבן דיר טײַער, טרעט אָפּ פֿון דײַן פֿאָלק און זײַן נאָמען דו שענד, און כ׳וועל דיך פֿון תּפֿיסה באַפֿרײַען״...

״עס איז אָבער חנה געשטאַנען אַזוי ווי אַ שטיין... און געקוקט אויפֿן פֿײַנט ווי אַ זיגער״. און ווייטער: ״עס יאָגן זיך דורות... נאָר ס׳פּלייצט

אַלץ, און פּלייצט אין די ימען, דאָס בלוט פון די זיבן מאַרטירער, די זין, באַנאַנד מיטן בלוט פון דער מאַמען" (ז' 127).

אויך **דוד פרישמאַן** זינגט־אויס זײַן חנוכּה־מאָטיוו אין דער פּאָפּולערער פּאָעמע "דאָס לעצטע מאָל". בײַ **מענדעלע מוכר־ספרים**, וועלכער האָט בדרך הטבע געקוקט מיט שטאַרק ניכטערע אויגן, האָבן פון דעסטוועגן די ברענענדיקע ליכטלעך אין די פענצטערס אויסגעזען אַזוי "ווי די בעכערס פון דער גאָלדענער מנורה אין בית המקדש. די קנייטלעך האָבן געשײַנט און געפינקלט ווי אַכט לויטערע שטערנדלעך", און זיי חקרענען זיך איבער דער קשיא: "וואָס הייסט חנוכּה?" (ז' 130).

און די סוכּה — **שלום־עליכם** באַשרײַבט זי אויף זײַן שטייגער, און **אברהם רייזען** זינגט וועגן איר אַזוי צו זאָגן:

"אַ סוכּה אַ קליינע, פון ברעטלעך געמיינע...
באַלד וואַרפט דער ווינט זי אום...
פון ווינט דעם קאַלטן, וואָס בלאָזט דורך די שפּאַלטן
מײַן ליכטעלע לעשן זיך וויל".

אָבער "זעט נאָר", פּאַרענדיקט דער דיכטער, "דעם חידוש — מײַן ליכטל ברענט רויִק און שטיל" ז' 139).

אין דעם קאַפּיטל "אליהו הנביא קומט אַרײַן צום פסחדיקן סדר" ברענגט קלעפּפיש באַלד בײַם אָנהייב די שורות פון **נפתּלי גראָס**: "עס לײַכטן און בלענדן די פענצטער מיט יום־טוב, און ליכטיקע שטובן זינגען פון אַלע ווינקלען און שפּאַרעס מיט קינדער־לעגענדעס".

**אברהם ליעסין** ווערט ווידער דערמאָנט מיט זײַן פּאָעטישן באַצייכענען, אַז משיח "זיצט צווישן בעטלער און קאַליקעס קראַנקע בײַם טויער פון זינדיקן רוים, און הערט זיך אַלץ אומרויִק צו, צי בלאָזט שוין דער מלאך מיכאל אין שופר הגדול, צי ווײַזט זיך אליהו ווו".

קלעפּפיש פּאַרענדיקט דעם עסיי מיט די פּאָלגנדיקע ווערטער: "דער וווּנדערמאַכער, דער עושה נפלאות, אַזוי האָט י.ל. פּרץ — וועלכער האָט אַליין זיך געפונען אין קרײַז פון דער ייִדישער מיסטיק — אָנגערופן זײַן פּאָלקסטימלעכע דערציילונג וועגן אליהו, וואָס קומט צום סדר. עפּעס ווערן טאַקע די סדר־נעכט וווּנדערלעכער און נאָך מער סודותדיק, ווען מען פילט, אַז אליהו הנביא איז דעמאָלט דאָ צוזאַמען מיט אונדז".

פּרץ און נפתּלי גראָס האָבן געשעפּט אַ סך פון זייער פּאָעטישער אינספּיראַציע פון דער מגילה, ווי קלעפּפיש באַצייכנט דאָס אין ווײַטערדיקן עסיי "מגילת איכה אין דער געשיכטלעכער דערפאַרונג". — מיט אַזאַ ציטאַט פון פּרצעס איבערזעצונג פון דער מגילה באַקרעפטיקט ער זײַן באַהויפּטונג:

"ציונס ווענן ליגן אין טרויער... / אַלע טויערן אירע וויסט... זיפצן אירע פריסטער, / די יונגפרויען אין אומעט און זיי אַליין — פאַרביטערט! / אירע באַדרענגער גרויס געוואָרן! און באַרויִקט אירע פיַינט... / האָסט זייער שענדן, אייביקער, געהערט... ווו זיי זיצן און שטייען, / זע, זייער שפּאָט־ליד בין איך... / יאָג זיי מיט דיַין צאָרן, פון אונטער הימלען פאַרטיליקן!" (זז' 155, 156).

גאָר באַזונדערס ברייטער שטעלט קלעפּפּיש זיך אָפּ אויף **ישראל שטערנס** איבערזעצונג. נאָך דעם ווי ער כאַראַקטעריזירט אים ווי איינעם פון די טאַלאַנטפולסטע דיכטער און עסעיִסטן, באַצייכנט ער דעם דיכטערס לידער, געשריבענע בעת זיַין לאַנגער קראַנקייט, ווי "די שטאַרקסטע אין דער ייִדישער דיכטונג". ישראל שטערן האָט איבערגעזעצט מגילת איכה אויף ייִדיש. "מער נאָך ווי ביַי אַנדערע איבערזעצערס שפּירט זיך אין ישראל שטערנס איכה־פאַר־ייִדישונג דער אָנשטרענג איבערצוגעבן געטריַי די ווערטער און כוונה פון דער מגילה", און ער ציטירט:

אונדזער נחלה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן צו פרעמדע — אונדזערע היַיזער צו נישט־ייִדן. מיר זיַינען יתומים געוואָרן...
...אָבער דאָס איז נאָך וויַיט נישט דאָס לעצטע וואָרט".

רירנדיק זיַינען די שורות פון ד"ר קלעפּפּישס רעמיניסצענצן וועגן ישראל שטערן, מיט וועמען ער האָט צוזאַמען געדאַוונט אין בראַצלאַווער שטיבל אין וואַרשע ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

וואַרשע, וועגן וועלכער דער מחבר האָט געווידמעט דעם וויַיטערדיקן קאַפּיטל א"נ "וואַרשע, דער איינציק־אַרטיקער גיַיסטיקער צענטער", איז אפשר די סאַמע באַגיַיסטערטסטע אָדע פאַר אָט דער עיר הקודש. ס'פאַרשטייט זיך, אַז ווי אַ היסטאָריקער פּאַסט ער אַריַין די שטאָט אין דער לאַנגער ריי פון די באַרימטע ייִדישע קהילות אין דער ייִדישער געשיכטע. דאָך שריַיבט ד"ר קלעפּפּיש, אַז ייִדיש וואַרשע איז געווען איינציק־אַרטיק, און לאָזט זיך בשום אופן נישט פאַרגליַיכן צו קיינעם פון די צענטערס, וואָס זיַינען אויסגעוואַקסן צווישן אונדזער פאָלק זינט די ציַיטן פון אלכּסנדריא של מצרים (ז' 160).

דער טעמע וואַרשע וועלן מיר שוין מוזן ווידמען אַ באַזונדערן עסיי. דאָ ווילן מיר נאָר באַרירן די רעפערענצן צו ייִדישער ליטעראַרישער שעפערישקייט. ראשית־כּל דערמאָנט דער מחבר אַ ריי נעמען פון פירנדיקע שריַיבער, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין וואַרשע און האָבן דערמיט מעגלעך געמאַכט, אַז אויך אין מאָדערנעם ייִדישן קולטור־לעבן זאָל זיך וואַרשע אַזוי שטאַרק אויסצייכענען. אָט זיַינען די דאָזיקע נעמען: שאול פּנחס ראַבינאָוויטש, מרדכי ספּעקטאָר, צבי פּרילוצקי און ש. י. יאַצקאַן, אחד

העם, דוד פרישמאַן און פישל לאַכאָווער, נחום סאָקאָלאָוו און י. ל. פּרץ. דאָ האָט פּרץ אַרויסגעגעבן זײַנע "יום־טוב בלעטלעך". ליטעראַטן־פּאַראײנען האָבן עקזיסטירט אויך אין אַנדערע יישובים, אָבער אין ערגעץ האָט זיך נישט אויספּאָרמירט אַזאַ אינסטיטוציע ווי די, וועלכע מיר האָבן געקענט אין וואַרשע אויף טלאָמאַצקע דרײַצן.

אין פּאָלגנדיקן קאַפּיטל "צי שטאַמען מיר פון די כּוזרים?" — ווערט דערמאָנט אַלתּר קאַציזנע און זײַן דראַמע "דער דוכּוס" — וועלכע ד"ר קלעפּפיש באַצייכנט אַלס איינע פון די שטאַרקסטע שאַפונגען פון דער ערב־חורבנדיקער ייִדישער ליטעראַטור. גאָר אויספירלעך שטעלט דער מחבר זיך אָפּ דירעקט אויף פּרצעס "פאָלקסטימלעכע געשיכטעס" אינעם קאַפּיטל "פאַנטאַזיע אָדער ווירקלעכקייט". די ווערסיע, אַז זיי, די פאָלקסטימלעכע געשיכטעס, האָט פּרץ געשעפּט דער עיקר פון פאָלקלאָר, אָדער פון זײַן אייגענער פאַנטאַזיע, באַטראַכט דער מחבר נישט אַלס די טרעפלעכסטע, נאָר קודם־כּל האָט ער געצילט "אַרײַנצוברענגען אינעם לייענער דעם ראָמאַנטישן בליק אויף ייִדישער געשיכטע, מיט וועלכן פּרץ האָט זיך אַרומגעטראָגן אין יענעם פּעריאָד" (ז' 221).

פאַר אַ בולטן סימן ברענגט ער דערהויפּט די דערציילונג "דרײַ מתּנות". ניין — זאָגט ער — די צוויי העראָיִשע פרויען־געשטאַלטן זײַנען גענומען געוואָרן פון אַ קאַפּיטל ייִדישע געשיכטע. דאָס האָט פּאַסירט אין פּוילן אין 17־טן י"ה. אַזויאַרום קניפּט ד"ר קלעפּפיש ווידער אָן צו דער "ייִדישער ווירקלעכקייט", וואָרום "פּאַטאָס און דערהויבנקייט זײַנען אַ באַשטאַנדטייל פון ייִדישער איבערלעבונג". פּרץ, פירט ער אויס, איז אַרײַנגעדרונגען אין דעם קווינטעסענץ פון ייִדישן זין (ז' 224). פּאַררופנדיק זיך אויף פּרצן — אין קאַפּיטל "די וועלט איז אַ שמאָלע בריק, אָבער מ'טאָר זיך ניט שרעקן" — ציטירט אים ד"ר קלעפּפיש, אַז ער, פּרץ, האָט ר' נחמן בראַצלאַווערן באַטראַכט ווי דעם "ערשטן ייִדישן פאָלקס־דיכטער". סײַ ניגער און סײַ צינבערג זײַנען באַשײַמפּערלעך געווען בײַ דער זעלבער מיינונג. הלל און אהרון צײַטלין "האָבן אונטערגעשטראָכן די געוואַלדיקע השפּעה, וואָס די דאָזיקע מעשׂיות (פונעם בראַצלאַווער) האָבן איבערגעלאָזט אויף דער אַנטוויקלונג שוין בלויז פון דער ייִדישער און העברעיִשער שפּראַך (ז' 230). אויך אויף מענדעלען און אויף עגנונען האָט ר' נחמן בראַצלאַווער געהאַט אַ בולטע השפּעה".

אין אַ ריי ווײַטערדיקע קאַפּיטלען פאַרנעמט זיך אונדזער מחבר דער עיקר מיט חסידות און זײַנע "פּאָן־טרעגער" (אין "גענדזל־פּיסלעך", ווײַל עפּעס פּאַסט זיך נישט דער אויסדרוק צו חסידות, אָבער ער שײַנט מיר צו זײַן פּאַסיק צו דער טעמאַטיק). ערשט אין דעם עסיי "די גרויסע געוואַגטקייט פון איזשביצע" געפינען מיר ווידעראַמאָל אָפּקלאַנגען

פון דער ייִדישער ליטעראַטור. יצחק קאַצענעלסאָנס פּאָעמע ״דאָס ליד פון ראַדזינער״ — אַ פּאָעמע, וואָס איז געוואָרן אויסגעגראָבן פון אונטער די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ. דאָס ליד איז פול מיט פּאַטאָס און קדושה.

אין דער אַרבעט ״די אַנטדעקונג פון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִד״ פּאַררופט זיך דער מחבר אויף אַזעלכע עדות, ווי ד״ר פראַנץ ראָזנצווייַג, דער דייַטש־ייִדישער פילאָסאָף, און היינריך היינע, וועלכע האָבן אַזוי ווי נאָך זייַ פראַנץ קאַפקאַ, סטעפאַן און אַרנאָלד צווייַג, יעקב וואַסערמאַן, גוסטאַוו לאַנדאַו, ליאָן פויכטוואַנגער, טעאָדאָר ליעסין און יוסף ראָט אַרויסגעהויבן ״די עכטקייט פון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִד״. דער לעצטער האָט עס גאָר בולט אויסגעדריקט: ״דער מזרח־אייראָפּעיִשער ייִד קען נישט פאַרראַטן זיך אַליין״.

אין קעגנזאַץ צו אָט דעם אַרויסהייבן די אייגנמאָליקייט פון דער ״מזרח־אייראָפּעיִשער דראַמע, פאַר וועלכער עס איז נישט גילטיק קיין שום אַנאַלאָגיע״, ווערט אָט די גרויסע נאַציאָנאַלע עפּאָפּייע ווייַט נישט דערשאַצט אין אַלע נאַציאָנאַלע קרייַזן פון ייִדישן לעבן — טענהט ד״ר קלעפּפיש. דער מחבר שטעלט באַזונדערס אַרויס פראַנץ קאַפקאַן און זאָגט: קאַפקאַ וואַרפט זיך מיט אַלץ־וואַקסנדיקן נייַגער אויף די שאַפונגען פון מענדעלע מוכר־ספרים, שלום אַש, י. ל. פרץ, דוד פינסקי, מאָריס ראָזנפעלד, דוד עדעלשטאַט.

וועגן דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור פון פינעס, זאָגט קאַפקאַ: ״איך האָב זיך אין איר פאַרטיפט אַזוי ווי איך האָב קיינמאָל נישט געטאָן מיט ענלעכע ביכער״ (ז 332).

ענלעך איז אויך די רעאַקציע פון סטעפאַן צווייַג, ווי מ׳קאָן זען פון זייַנע פאָלגנדיקע ווערטער: ״אויב מייַנע זיידעס וואָלטן זיך נישט געהאַט צוגעפּאַסט צו דער אייראָפּעיִשער קולטור, וואָלט איך מן־הסתּם געטראַכט און זיך אויפגעפירט ווי די ייִדן אין ׳דיבוק׳ פון ש. אַנ—סקי... מע דאַרף אויפגראָבן די ייִדישקייט, וואָס איז ערגעצוווּ געבליבן פאַרבאָהאָלטן״. אַרנאָלד צווייַגס דערציילונג ״די קרוינונג פון אַ קעניג״ שפּילט זיך אָפּ אין ווילנע. ״אַרומגערינגלט פון דחקות און אָרעמקייט האָבן די ווילנער ייִדן געהאַט אַ רייַך אינערלעך קולטור־לעבן״. דאָס האָט אַרנאָלד צווייַג געשריבן, שטרייַכט אונטער ד״ר קלעפּפיש, בימי היטלער.

אין קאַפּיטל ״דאָס ווידקלעכע געשטאַלט פון דעם גלות־ייִד״ פּאַררופט ער זיך צוו״אַנד אויף שלום אַשן — באַזונדערס אויף זייַן דערציילונג ״יתגדל ויתקדש״, געשריבן בימי הנאַציס. דער העלד איז איטשע־מאיר, וועמען די דייַטשן האָבן געכאַפּט אין גאַס און אַרייַנגעשליידערט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. מען איזדעקעוועט זיך איבער אים, אָבער ער פאַרנעמט רויִק יעדן קלאַפּ, ביז וואַנען זייַן ייִדישקייט ווערט געשענדעט. דאַן צעפלאַמט זיך ערשט איטשע־מאיר און האַנדלט ווי ״דער אומבייגעוודיקער שטאָלצער גלות־ייִד

פון דורות״ (ז׳ 367). אין דעם קאַפּיטל ווערט גאָר צום גוטן דערמאָנט די ערשטע ייִדישע שרײַבערין — **גליקל פון האַמעלן.**

אונדזער מחבר האָט אַזויפיל באַוווּנדערונג פאַר קאַפקאַן, אַז ער ווידמעט אים אַ גאַנצן קאַפּיטל א״נ ״פראַנץ קאַפקאַס פּראָצעס מיט דער וועלט און מיט זיך״. אין דעם עסיי גייען פאַר אונדז פאַרבײַ ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ אַ ריי וועלט־באַרימטע שרײַבער, ווי אַלבער קאַמי, דער שפּאַנישער פּאָעט לאָפּאָ דע וועגאַ, עדגאַר עלען פּאָ, פיאָדאָר דאָסטאָיעווסקי, לעוו טאָלסטאָי, די פילאָסאָפן קירקעגאָר און סאָפאָקלעס. ער קאָנצענטרירט זיך אָבער אויף קאַפקאַן און אַנאַליזירט אויספירלעך אַלע זײַנע ווערק מיט גאָר גרויסער בקיאות און חריפות. צוו״אַנד זוכט קלעפּפיש קאַפקאַס טיפע ייִדישע וואָרצלען, נישט געקוקט אויף זײַן לעבנס־ווײַטקייט פון ייִדישקייט. אונדזער מחבר שטרײַכט אונטער קאַפקאַס טענות צו זײַן פאָטער, ״הלמאי ער האָט אים נישט געגעבן קיין ייִדישע דערציִונג״ (ז׳ 389). דער מחבר דערמאָנט דערבײַ צום גוטן קאַפקאַס גרויסן מליץ־יושר, **מאַקס בראָד.**

דער עסיי פאַרענדיקט זיך מיט אַ רעפערענץ צו **אברהם סוצקעווער,** וועלכער דערציילט אין זײַן ליד ״אין מײַדאַנעק, אין דער קאַמער״, ווי ער האָט אין דעם לאַגער געפונען אַן אַמסטערדאַמער תנ״ך. דער פּאָעט, דער זינגענדיקער אבל, עפנט דעם טאָוול און לייענט אויפן ראַנד — אַ צוואה: ״ברודער טײַערער, באַפרײַטער / דאָס איז אַלץ וואָס איך פאַרמאָג / נעם דאָס ספרל, טראָג ווײַטער, / ביז אין אייביקייט — דערטראָג! // (ז׳ 93).

דאָס קאַפּיטל ״אַ צונויפטרעף מיט שמעון דובנאָוו״ קאָן דרייסט קוואַליפיצירט ווערן ווי פון דער שיינער ליטעראַטור, וואָרום ער שטיצט זיך אויף קלעפּפּישס פאַנטאַזיע וועגן אַ כּלומרשטן געשפּרעך מיט דובנאָוון. אָבער, הגם מיר דערמאָנען דאָס אין שײַכות מיט דער קינסטלערישער ליטעראַטור, וועט אונדז אויסקומען צו באַהאַנדלען די ״דערציילונג״ ווי אַ טייל פון אונדזער רעצענזיע־אַרטיקל וועגן ד״ר קלעפּפיש דעם היסטאָריקער, ווי ער איז זיך קונה־שם אין דעם גרויסן ווערק ״אָפּגעשלאָסן אַ תּקופה״. לאָמיר בלויז פאַרצייכענען דעם זאַץ, מיט וועלכן ער פאַרענדיקט אָט דעם אויסערגעוויינלעכן עסיי: ״ווי אַ בת־קול פון דער מעטאַפיזישער אַטמאָספער איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען דאָס וואָרט: מיסטעריע״ (ז׳ 425).

לייענענדיק ווײַטער אָט דעם ספר, טרעפן מיר זיך אָן אויף אַזאַ קאַפּיטל, וואָס באַרירט שוין אינעם טיטל גופא די ייִדישע ליטעראַטור, דהײַנו, ״דער בת־קול אין דער ייִדישער ליטעראַטור״: ״דער מגיד האָט אָנגעקלונגען, און דורך אים איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען דער ניגון פון אויפגייענדיקן ייִדיש״ (ז׳ 428).

״די קליאַטשע״ פון **מענדעלע מוכר־ספרים** האָט באַקומען גאָר אַ פּראָמינענטן אָרט אין אָט דעם קאַפּיטל. אויך **פּרצעס** ״דרײַ מתּנות״ ווערט דאָ

שטאַרק אויסגעטיילט. אונדזער מחבר געפינט פאַר נויטיק אַזוי צו קאָמענטירן די באַדײַטונג פון דרש אין דער ייִדישער ליטעראַטור:

„אויפן דרש האָט זיך אויסגעבויט די ייִדישע ליטעראַטור. אויב פאַר דער נײַער העברעיִשער ליטעראַטור האָט דעם וועג געוויזן דער תּנ״ך, האָט פאַר דער ליטעראַטור אין ייִדיש אָנגעצייכנט דעם וועג די דרשה. דערין שטעקט איר פאָלקסטימלעכע אייגנאַרטיקייט. דערין פינקלט איר גרויסער חן, און מעגלעך, אַז דערין איז פאַרבאָרגן דער סוד פון איר אוממיטלבאַרקייט און דורכנעמענדיקער אינטימער נאָענטקייט״ (ז׳ 429).

דאָס נאָענטסטע גאַנצע קאַפּיטל איז געווידמעט **דוד פרישמאַנען**, וועמען ער לויבט באַזונדערס צוליב זײַן השפּעה אויף דער יוגנט. איינער פון די גאָר גרויסע מעלות פון פרישמאַנס שאַפן איז דאָס, וואָס מיר האָבן זיך דורך אים דערנענטערט צו די מײַסטערווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור (ז׳ 436). זאָל בײַ אָט דער געלעגנהייט געזאָגט ווערן, אַז עס איז צו באַוווּנדערן וויפל חוש און געפיל ס׳האָט דער פרומער ד״ר קלעפּפיש פאַר דער אוניווערסאַלער ליטעראַטור. ס׳איז נאָך אַ ביז גאָר וויכטיקער קאָמפּאָנענט פון זײַן באמת פענאָמענאַלן גלײַכגעוויכט צווישן דעם רעליגיעזן, ייִדיש־וועלטלעכן און אוניווערסאַלן האָריזאָנט, און זײַן באַנעמען די שײַכותן צווישן ציוויליזאַציעס און זייערע שעפערישקייטן.

פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ צוגאַנג איז אינספּירירנדיק פונעם ריין עסטעטיש־גײַסטיקן שטאַנדפּונקט, און בפרט פונעם שטאַנדפּונקט פון דער ייִדישער ציוויליזאַציע.

אין דער צײַט, ווען כמעט אין יעדן קאַפּיטל וואַרפט זיך אויך אין די אויגן דאָס דערהייבן די ייִדישע ליטעראַטור צו איר גוט פאַרדינטער חשיבות, געפינען מיר אָבער אינעם בוך אַ ריי עסייען, וואָס קאָנצענטרירן זיך אויסשליסלעך אויף דעם ייִדישן שרײַבער. אַזאַ קאַפּיטל איז „י. ל. פּרץ און די ימים נוראים״. די ימים נוראים־אַטמאָספער האָט שטאַרק אינטריגירט דעם משכּיל אין פּרצן און דעם באַגײַסטערטן דערשאַצער פון דעם ייִדיש־גײַסטיקן פאָלקלאָר. ניין, דער גרויסער קינסטלער האָט, אַפּנים, בשום אופן נישט געקענט גלײַכגילטיק פאַרבײַגיין די אַטמאָספער פון די „פּאָרכטיקע טעג״. ד״ר קלעפּפיש ברענגט טאָקע פּרצעס דערציילונג „נעילה״ ווי אַ קאַפּולער באַווײַז: „אין די ימים נוראים לעבט־אויף אין פּרצן מיט פרישן אימפּעט דאָס אור־קול פון ייִדישקייט״. ווי כאַראַקטעריסטיש איז פאַר דעם די דערציילונג „נסים אויפן ים״ (ז׳ 439).

אַוודאי־און־אַוודאי באַשטעטיקט „אויב נישט נאָך העכער״ — ווי קלעפּפיש זאָגט — דער כּוח פון אָט דעם „אור־קול״. אויך אין פּרצעס „געדאַנקען און

עסייען" געפינט דער מחבר דעם זעלביקן געראַנגל צווישן דעם אויפגעקלערטן און טיף־ייִדישן, און דעריבער פאַרענדיקט ער דעם עסיי מיט די ווערטער:

"אין י.ל. פּרצן איז אין די ימים־נוראים אָנגעגאַנגען אַ שווערער געראַנגל. אָבער אָט דער אינערלעכער קאָנפליקט טאָקע דערלאָזט נישט, אַז פּרץ זאָל ווערן פאַרעלטערט. ער בלייַבט פאַר אונדז כּסדר נאָענט" (ז' 440).

אינעם וויכּוח וועגן די דערגרייכונגען פון דער ספרדישער און אַשכּנזישער קולטורן, וועלכן קלעפּפיש ווידמעט אַ סך אויפמערקזאַמקייט, רופנדיק צו טאָלעראַנטער אָפּשאַצונג פון יעדע צווייַגן פון דער ייִדישער קולטור, ציטירט ער ביאַליקן און פּרצן, וועלכע האָבן אַ סך מער וואָג צוגעבונדן צום האַרציק־עמאָציאָנעלן, ווערסוס דעם הויך ראַציאָנעלן פון ספרד, און ווידער פאַררופט ער זיך אויף פּרצן, וועלכער האָט געהאַלטן, אַז "אַרום אונדז האָט אַ ברירה צו זייַן וואָך, אָבער מיר ווען דאָך זיך באַוועגן אין דער אַטמאָספער פון אונדזער שבת־יום־טוב" (ז' 484).

אַפילו ווען דער מחבר באַהאַנדלט דעם רמב"ם אין אַ ווייַטערדיקן קאַפּיטל "צווישן פּוילישן ייִדנטום", דערמאָנט ער פּרצעס "צווישן צוויי בערג" ווי אַן אילוסטראַציע פאַר דער דואַליטעט צווישן ראַציאָנעלן און ראָמאַנטישן. דער ראָמאַנטיזם האָט דאָמינירט אין פּוילן, אין קעגנזאַץ צום נוסח פון רמב"ם (ז' 507). אונדזער מחבר פאַרענדיקט דאָס דאָזיקע קאַפּיטל מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

"דער רמב"ם האָט געזאָגט: ייִדישקייט איז טראַכטן. פּויליש ייִדנטום האָט געטראַכט. געטראַכט מיט מוח און מיט האַרץ".

ביז גאָר באַלערנדיק און פילזאָגנדיק איז דער עסיי "האַלבע אמתן וועגן דער גייַסטיקער קולטור פון פּוילישן ייִדנטום". וועלן מיר, בנוגע אַ רייַ זאַכלעך באַגרינדעטע אָבסערוואַציעס וועגן וויסנשאַפטלעכע פּרווון אָפּצושאַצן די דאָזיקע האַלבע ווערסוס גאַנצע אמתן, דאָס לאָזן פאַר אַ באַזונדערן אַרטיקל. וואָס עס אינטערעסירט אונדז אָבער קודם־כּל, איז דאָס, אַז כּדי צו באַקרעפטיקן זייַן גרונט־הנחה, אַז די וועלטלעכע ליטעראַטור האָט אויך אינטעגרירט די רעליגיעזע דערפאַרונג פון פאָלק, ברענגט ער אין דעם קאַפּיטל בער סאָקאָלאָוון, וועלכער האָט געשילדערט דאָס שטעטל "מיט אַ מין רעאַליזם של מעלה". אַזוי אויך האָט עס אַוודאי־און־אַוודאי געטאָן די רעליגיעזע שרייַבערין מרים אולינאָווער, ווי אויך אלימלך שטייַער, חיים סעמיאַטיצקי, בן־ציון פעסלער, בנימין מינץ, שמואל ראָטשטיין — אַלץ שרייַבער, וועלכע זייַנען לעגיטימע שעפער אין דער ייִדישער ליטעראַטור און זייַנען, ליידער, געוואָרן פאַרגעסן. קלעפּפישס כּוונה איז נישט געווען זיי צו שטעלן אַנטקעגן די וועלטלעכע. פאַרקערט — ער האָט זייַן קאָנצעפּציע

פון "רעגנבויגן" פון ייִדישן לעבן אויסגעשפּרייט אויך אויף דער ייִדישער ליטעראַטור, געגנוי אַזוי ווי ער האָט די טעאָריע אָנגעווענדט צו דער אויבנ־אויפיק "קעגנזעצלעכער" טענדענץ אין די רייַכע רעליגיעזע ספרים.

"פון מענדל לעפין ביז שלמה עטינגער, וועלכע האָבן געשטרעבט צו מאַכן צוטריטלעך דעם תנ"ך פאַר די מענטשן פון פאָלק, איבערזעצנדיק אים אויף ייִדיש, פון י. ל. פּרצן ביז ש. אַנ—סקי, וועלכע האָבן פון דער ייִדישער וואָך אויפגעהויבן די ניצוצות פון קדושה און צוגעטראָגן זיי דעם ייִדישן לייענער" (ז' 526).

פונקט אַזוי ווי שרייַבער שוין נאָכן חורבן האָבן עס געטאָן "באַזינגענדיק די שיינקייט פון דער ייִדישער נשמה, באַווייַזט די וועלטלעכע ליטעראַטור, אַז זי איז נישט דווקא געווען וועלטלעך אין איר אינהאַלט און טענדענץ" — פּירט אויס ד"ר קלעפּפיש (ז' 526).

דעם לעצטן עסיי האָט דער מחבר געגעבן דעם פּילזאָגנדיקן נאָמען פון פּרצעס "מיין נישט די וועלט איז אַ קרעטשמע". אייגנטלעך, זאָגט ער, האָט פּרץ בעצם אויסגעזונגען אַן אַלטן מאָטיוו. ער עקזיסטירט אַזוי לאַנג ווי עס עקזיסטירט ייִדישקייט (ז' 581). ווידעראַמאָל קניפּט ער אָן צום גייַסטלעכן עבר פון ייִדישן פאָלק, וואָס האָט בדרך־כּלל אויפגעהאַלטן אַ שטאַרקע סענסיטיווקייט צו יושר, גערעכטיקייט און צדק, באַזונדערס צו סאָציאַלער גערעכטיקייט.

אין אַ ווונדערלעכן קאַפּיטל פּרובירט ד"ר קלעפּפיש צו געפינען אַן ענטפער אויף דער אויסטערלישער סיטואַציע, וואָס גראָד זינדיקע ווערן באַלוינט דורך דער שכינה, און פאַרקערט. דאָס דאָזיקע קאַפּיטל געהערט שוין נישט צום גבול פון מייַן אויסטיילן די קאָמפּאָנענטן פון קונסט־ליטעראַטור פונעם ספר. בלייַבט אונדז אַלזאָ צו מאַכן אַ סך־הכּל מיט די אויספירונגען אד"ט "די ייִדישע ליטעראַטור" און "אָפּגעשלאָסן אַ תּקופה".

הגם אייניקע אספּעקטן חזרן זיך איבער אין אַ ריי קאַפּיטלען, האָט פון דעסטוועגן נאָך אַלץ אַ זין "אַדורכצוקוקמען", ווי איך האָב אין אָנהייב זיך אויסגעדריקט, ס'רוב עסייען, כאָטש ס'איז פאַראַן אַן ענלעכקייט אינעם באַרירן דורכן מחבר אין שייַכות מיט גאַנץ פאַרשיידנאַרטיקע טעמעס.

דווקא אָט דאָס צונויפזאַמלען ווי אין אַ שפּיגלער אַלע, אָדער כּמעט אַלע, וואַריאַנטן פון דורכפלעכטן די גייַסטיקע ירושה פון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום מיט דער ליטעראַרישער יצירה אין פּוילן, גיט אונדז אַ געלעגנהייט אָפּצושאַצן די ראָל, וואָס דער מחבר שרייַבט־צו דער וועלטלעכער ליטעראַטור פּאַראַלעל צו דער רעליגיעזער און מאָדערנער העברעיִשער. אַז אָט דער צוגאַנג פון אַ תּלמיד־חכם, אַ גאָון, איז נישט בנמצא אין דער ייִדיש־רעליגיעזער ליטעראַטור, איז דאָך ממש בלי שום ספק.

די נשמה־יתירהדיקע פֿאָלקסטימלעכע ייִדישע ליטעראַטור, אַ דורכגעדרונ־גענע נישט בלויז מיט עסטעטישער ליטעראַטור־שלימות, נאָר אין דער ערשטער ריי מיט אַ טיף אידעאַליסטיש נאַציאָנאַלער און אוניווערסאַל־סאָציאַלער שליחות, האַרמאָניזירט מיט דער גרונט־פֿילאָסאָפֿיע פֿון אָט דעם גרויסן ווערק פֿון ד״ר קלעפּפֿיש. קלינגט טאַקע אַזוי עכט אין אונדזערע אויערן זײַן פּאַטעטישער אויסרוף:

״די צוואַנציקער און דרײַסיקער יאָרן זײַנען געווען אַ וווּנדערלעכע תּקופֿה פֿון פֿונאַנדערבלי און דינאַמיק, פֿאַר וועלכע עס איז שווער צו געפֿינען אַ פֿאַרגלײַך אַפֿילו אין די רומרײַכע קאַפּיטלען פֿון פּוילישן ייִדנטום אין זײַן טויזנטיאָריקער געשיכטע. דאָס איז געווען אַ גאָלדענער פּעריאָד. האָט די ייִדישע ליטעראַטור געהאַט אין אים אַ גרויסן חלק און איז אַ טרײַע אָפּשפּיגלונג פֿון אָט דער וווּנדערלעכער עפּאָכע״.

״אונזער צײַט״, נאָוועמבער־דעצעמבער 1990
יאַנואַר־פֿעברואַר 1991

## 4.

## אוניווערסאַלע און נאַציאָנאַלע היסטאָריאָזאָפֿיע פֿון ד״ר העשיל קלעפּפֿיש

מיט דעם איצטיקן עסיי פֿאַרמעסט איך זיך אַרומצונעמען אַ מער כּוללדיקע טעמע, ווי אין די פֿיר רעצענזיעס, אין וועלכע איך האָב אָפּגעשאַצט די פֿריִערדיקע ספֿרים פֿון הרב ד״ר העשיל קלעפּפֿיש. נאָך דעם ווי מיר וועלן באַריכותדיק אויפֿקלערן די אַלגעמיינע טעאָרעטישע טעמאַטיק, וועלן מיר זיך פֿאַרטיפֿן אין ד״ר קלעפּפֿישס נײַסטן ווערק ״אויף היסטאָרישע וועגן״, וואָס איז דערשינען אין ירושלים אין יאָר 1993.

פֿאַר די צאָלרײַכע באַגײַסטערטע לייענערס פֿון ד״ר קלעפּפֿישס וועכנטלעכע עסייען אין ״פֿאָרווערטס״ וועט דער פֿאָלגנדיקער ציטאַט נישט זײַן קיין נײַער, אָבער ער בעט זיך ממש ווי אַ מין קאַמערטאָן פֿאַר אונדזער טעמאַטיק. דער נאָמען פֿון דעם אַרטיקל איז: ״דער וועג, וועלכן קיִוו און יעהופֿעץ האָבן אָנגעצייכנט״ (18/6/93).

״די פֿאַנטאַזיע נעמט אַרום פֿאַרשיידענע דערשײַנונגען אין לעבן, אָבער אין סך־הכּל איז דאָס דער גרויסער היסטאָרישער אידעיִשער חלום וועגן אַ בעסערער און מער גערעכטער באַציִונג צווישן מענטש און מענטש, צווישן ייִד און ייִד. זייער דערהויבענער ייִדישער טרוים וועגן אויסלייז; אין דער טיפֿעניש פֿון זייער נשמה באַוועגט זיך דער גרויסער חלום

וועגן וועלט, געזעלשאַפט, מענטש און ייִד".
אָט דער אויסצוג באַקרעפטיקט באַשײַמפּערלעך דעם דואַליסטישן אויס־וואַל פון אונדזער טעמע. נאַטירלעך וועלן מיר פּרוּוון פאַר אַלץ באַהאַנדלען די הויפּט־אַספּעקטן פון ד"ר קלעפּפישס **היסטאָריאָזאָפיע פון ייִדישן לעבן**. ס'וואָלט איצט אַוודאי רעכט געווען אַרומצונעמען אַלע ווערק פון דעם מחבר, אָבער דאָס פאַרלאַנגט דאָך אַ גאַנצן קורס. וועלן מיר זיך דערהויפּט אָפּשטעלן אויף זײַן נײַסטן ווערק "אויף היסטאָרישע וועגן".

גרינג איז דאָס נישט, ווײַל ד"ר קלעפּפיש פאָרמולירט נישט דירעקט זײַן פילאָסאָפישע שיטה. איז מען דעריבער בלית ברירה געצוווּנגען זי אַרויסצוהייבן פון צווישן דעם ביז גאָר אינהאַלטסרײַכן טעקסט. צו דערגיין צו אַ מער אויסגעקריסטאַליזירטער טעאָריע, האָב איך געהאַט דאָס מזל אויך פּערזענלעך צו אינטערוויואירן דעם מחבר.

וואָס עפּעס אַ היסטאָריאָזאָפיע, און נישט פּשוט געשיכטע? — דער ענטפער פירט גלײַך אַרײַן אין אונדזער עצם טעמאַטיק.

אין דער צײַט ווען דער היסטאָריקער דאַרף אין דער ערשטער ריי באַריכטן און אינטערפּרעטירן די וויכטיקסטע געשעענישן, מוז דער היסטאָריאָזאָף קודם־כל פאָרשן דעם שײַכות צווישן זיי און זייער ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט, באַזונדערס וועגן איבערגאַנג פון תקופה צו תקופה. אַ היסטאָריאָזאָף גייט בדרך כלל אַרויס פון אַ שטאַנדפּונקט, וואָס אַנטשפּרעכט זײַן וועלט־אָנשויונג, ווי קאַרל מאַרקס, למשל, האָט געצילט צו דער טראַנספאָרמאַציע פון דער געזעלשאַפט צום סאָציאַליזם.

וואָס זײַנען ד"ר העשיל קלעפּפישס פונדאַמענטאַלע צילן? וויאַזוי וואָלט ער געוואָלט, אַז ייִדישע געשיכטע זאָל זיך אַנטוויקלען, כּדי אָפּצוהאַלטן איר היסטאָרישן תּיקון?

1). המשך און קיום פון ייִדישן פאָלק, אַפילו בײַ ראַדיקאַל געענדערטע אויסערלעכע באַדינגונגען.

2). ווי אַן אַבסאָלוטער תּנאַי פאַר אַזאַ שעפערישן המשך מוז קודם־כּל יעטוועדע ווײַטערדיקע תּקופה אַבסאָרבירן, דערשאַצן און אַפילו אַרויס־ווײַזן אָפּשײַ פאַר די דויעריקע ווערטן פון די פאַרגאַנגענע עפּאָכעס. דאָס איז טאַקע דער הויפּט־מאָטיוו פאַר ד"ר קלעפּפישס אײַנשטעלן זיך פאַרן כּבוד פון דער מזרח־אייראָפּעיִשער ייִדישער ציוויליזאַציע.

3). להכעיס אַלע ביטערע און שווידערלעכע דערפאַרונגען, האָט די ייִדישע געשיכטע צו פאַרדאַנקען איר פענאָמענאַלע דויערהאַפטיקייט קודם־כּל אירע דערהויבענע גײַסטיקע ווערטן. ווי פאַלש, טענהט ד"ר קלעפּפיש, איז דער באַרימטער ענגלישער היסטאָריאָזאָף אַרנאָלד טוינבי, וועלכער באַטראַכט די ייִדישע ציוויליזאַציע אַלס אַ פאַרגליווערטע, אַן אָפּשטאַרבנדיקע, אָדער, ווי טוינבי האָט זיך אויסגעדריקט, אַ פאָסיל־אַרטיקע.

4). די צענטראַלע ראָל אין דער ייִדישער ציוויליזאַציע האָט, נאַטירלעך, פֿון קדמונים די ייִדישע רעליגיע. זי איז אָבער פּרעדיקירט אויף אַ רעליגיעזקייט פֿון אַזאַ מאָראַלישער מדרגה, וואָס לייגט דעם שווערפּונקט אויף דער קאָלעקטיווער און דעם יחידס אחריות, זייערע האַנדלונגען און זייער שטרעבן צו פֿולער האַרמאָניע מיט די פֿאַרהייליקטע עשׂרת הדיברות.

די־אָ קאַרדינאַלע אָבסערוואַציע פֿירט אונדז גלײַך אַרײַן אין דער פֿינפֿטער דימענסיע פֿונעם מחבּרס היסטאָריאָזאָפֿיע, וועלכע שטעלט אַוועק דעם סאָציאָלאָגישן פּראָצעס אין סאַמע צענטער פֿון דער דינאַמיק פֿון דער ייִדישער געשיכטע.

די הויפּט־אַקס, אַרום וועלכער ייִדישער עקזיסטענציאַליזם באַוועגט זיך, איז קדושה, וואָס שטאַמט פֿון דעם אייביקן בּרית צווישן דעם כּבֿיכול און דעם ייִדישן פֿאָלק. אָט די קדושה איז אָבער העט ווײַט פֿון אַן ענג נאַציאָנאַלן באַגריף, באַגרענעצט נאָר צו דער אייגענער אומה. פֿאַרקערט, זי איז אַ דורכאויס אוניווערסאַלע, אַלמענטשלעכע שליחות.

"...אויך מאָדערנע דענקער, ווען מיר זאָלן אָנרופֿן **אחד העם** און **חיים גרינבערג** – שרײַבט ד"ר קלעפּפֿיש – האָבן געהאַלטן, אַז אַן ענגער באַגרענעצטער צוגאַנג פֿאַרפֿלאַכט אידייען און רויבט אַוועק די פּאַרטיפּטקייט פֿון די עכטע בענקענישן פֿון דער ייִדישער נשמה, צו אַן **אוניווערסאַלער באַנעמונג**".

אייגנטלעך איז דאָך, אין תּוך גענומען, די גאַנצע אינטעלעקטועלע שפּאַנונג, וואָס ציט זיך איבער דער לענג־און־ברייט פֿון דער ייִדישער געשיכטע, פֿאַרבונדן מיט אינטערפּרעטירן און פֿאַרשטיין די דיאַלעקטיק צווישן קדושה און מענטשלעכער דערהייבונג צו איר.

נישט איין ספּעקולאַריסט וועט, מן הסתּם, אײַנווענדן, אַז נאָך דער מאָדערניזירונג פֿון ייִדישן לעבן, גילט גאָר נישט אָט די סאָציאָלאָגישע דיאַלעקטיק. ס'איז אָבער גענוג זיך גוט צוצוהערן צו די אונטערטענער פֿון אַלע וועלטלעכע באַוועגונגען בײַ ייִדן – חוץ דער שוין פֿאַרשוווּנדענער קאָמוניסטישער – כּדי צו דערשפּירן דעם טיפֿן עכאָ פֿון דעם טראַדיציאָנעל גײַסטיקן שורש פֿון דער ייִדישער געשיכטע. אדרבא, וועלכע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אויף דער וועלט האָבן פֿאַר זייערע הימנען אָנגענומען אַ שבֿועה פֿון הימל און ערד, ווי די בונדישע און, אין אַן אַנדערער וואַריאַציע, אויך די פּועלי־ציוניסטישע?

לשם קלאָרקייט לאָמיר דערמאָנען אויך אייניקע הויפּט־פֿילאָסאָפֿיעס, כּדי בעסער צו קלאַסיפֿיצירן ד"ר קלעפּפֿישס היסטאָריאָזאָפֿיע.

I. די ריין טעאָלאָגישע, וועלכע נעמט אָן, אַז די געטלעכע קראַפֿט איז דירעקט טאַקע נאָכאַנאַנד גורם דעם אַקטועלן היסטאָרישן פּראָצעס. אָט די

היסטאָריאָזאָפיע ווערט שוין זעלטן דערמאָנט הײַנט אַפילו דורך טעאָלאָגן.
II. דאַן קומט די קאַנטיאַנער היסטאָריאָזאָפיע.
עמנועל קאַנט, דער באַרימטער דײַטשישער פילאָזאָף, האָט געגלויבט, אַז דער קאָנפליקט צווישן דעם ראַציאָנעלן און דעם גײַסטיק־עמאָציאָנעלן אין לעבן איז עס גורם די דינאַמיק פון דער געשיכטע.
III. העגעלס דיאַלעקטישע פילאָסאָפיע איז היפּשלעך באַקאַנט אין אונדזער סביבה, ווײַל זי האָט געדינט ווי אַן אויסגאַנגס־פּונקט פאַר דער מאַרקסיסטישער באַנעמונג פון היסטאָרישן פּראָצעס. לאָמיר בלויז דערמאָנען, אַז לויט העגעלן איז דער וועלט באַשערט צו שטרעבן צו מאָראַלישן שלימות.
אָבער דער וועג אַהין פירט דורך שאַרפע אַנטאַגאָניזמען. לויט דער־אָ טעאָריע, אַז איין געגעבענער סיסטעם (טעזע) רופט אַרויס אַ ווידערשטאַנד וואָס פירט צו אַן אַנטיטעזע, וועלכע גייט איבער אין אַ דריטער, א״ג סינטעזע, און אַזוי באַוועגט זיך די מענטשלעכע געשיכטע דורך עוואָלוציע און רעוואָלוציע, צו אַלץ העכערע מדרגות. זי ווערט געטריבן דורך אַן אידעאַליסטישן ציל צו דערנענטערן זיך צו דער אולטימאַטיווער, כמעט געטלעכער, הייך.
IV. אין דער מאַרקסיסטישער געשיכטע־פילאָסאָפיע דאָמינירט דער עקאָנאָמישער פּראָצעס, מיטן טראָפּ אויפן קלאַסן־קאַמף.
V. די שולע, צו וועלכער ד״ר קלעפּפיש איז צום נאָענטסטן, איז באַקאַנט ווי די היסטאָריאָזאָפיע פון בענעדעטאָ קראָטשע, אַן איטאַליענישער היסטאָריקער, וועלכער באַטראַכט די קולטור־סאָציאָלאָגישע כּוחות אַלס דעם מאָטאָר פון דער מענטשלעכער געשיכטע. אַלע שריפטן פון ד״ר קלעפּפיש, און באַזונדערס דאָס נײַסטע בוך זײַנס ״אויף היסטאָרישע וועגן״, באַשטעטיקן באַשײַמפּערלעך אונדזער מחברס קראָטשעאַנער אָריענטאַציע.
הגם די צענטראַלע אידייע פון דער דאָזיקער עסייען־זאַמלונג איז דער עיקר צוגעשפּיצט צו מזרח־אייראָפּע, פאַרמאָגט דאָס ווערק דאָך בפירוש אַן אויסגעשפּראָכן אַלגעמיינע געשיכטע־פילאָסאָפיע, וועלכע ד״ר קלעפּפיש פאָרמולירט טאַקע נישט דירעקט. מיר קענען זי אָבער בולט אַנען פון צווישן זײַן רײַכער אידייען־וועלט.
דער ספר ״היסטאָרישע וועגן״ אַנטהאַלט 70 עסייען. אַוודאי וואָלט געווען אַ שכל און אַ יושר זיי אַלע צו באַהאַנדלען. מיר וועלן אָבער אויסטיילן נאָר 10 פאַר אונדזער אַנאַליז. דער ערשטער עסיי הייסט ״פאַר איין לייענער״. הגם ער געהערט נישט, דירעקט, צו אונדזער אייגנטלעכער טעמע, איז פּשוט נישט מעגלעך פאַר מיר אַנדערש, ווי כאָטש צו דערמאָנען אָט דעם וווּנדערלעכן עסיי. וויפל אהבת ייִדיש שלאָגט אַרויס פון דעם גלענצנדיקן קאַפּיטל, אין וועלכן דער מחבר ענטפערט אויף דער פראַגע: פאַר וואָס און פאַר וועמען גייט איר כּסדר אָן מיט אײַער שרײַבן אויף ייִדיש, און דער עיקר — פאַר וועמען? צי זעט איר דען נישט, אַז די צאָל לייענער פאַלט

פון טאָג צו טאָג?" (ז' 11).

רירנדיק איז דאָס פאַררופן זיך אויף דעם רמב"ם, וועלכער האָט בשעתו געשריבן אַ מגילה־בריוו צו איין תּלמיד און עס אַזוי מאָטיווירט: "זינט דו ביזט געקומען צו מיר, און איך האָב זיך אָנגעטראָפן מיט דײַן באַגער צו באַגרײַפן די זאַכן, איז מיר אָנגעקומען אַ פאַרלאַנג צו שרײַבן צו דיר, אָפילו ווען זייער צאָל איז קליין... איך שרײַב צו דיר, און צוליב דיר".

ד"ר קלעפפיש נעמט אויך (ווי ער טוט עס אָפט) צו הילף **ר' נחמן בראַצלאַווער**, ווען ער ציטירט אַזאַ וווּנדערלעכע מעשה זײַנע "וועגן האַרץ

פון דער וועלט, וואָס בענקט צום קוואַל פון דער וועלט. דאָס האַרץ פון דער וועלט געפינט זיך אין איין עק פון דער וועלט, און דער קוואַל געפינט זיך אין צווייטן עק. ביידע בענקען איינער צום אַנדערן".

— — "דאָס האַרץ ברומט, אַז עס וויל צום קוואַל, און דער קוואַל באַגערט צום האַרץ".

"צי וועלן זיי זיך צוזאַמענקומען? — פרעגט דער צעוויייטיקטער דענקער פון בראַצלאַוו".

"צי וועלן זיי זיך צוזאַמענקומען" — זאָגט ד"ר קלעפפיש — "דאָס פאָלק און זײַן לשון? זיי נייטיקן זיך דאָך אַזוי שטאַרק איינער אין דעם אַנדערן".

ד"ר קלעפפיש פירט דאַן אויס: "נישט באַדויערן דאַרף מען אונדז. וואָרום **אויב מיר שרײַבן אַפילו פאַר איין לייענער**, איז פאַר אונדז דאָס שרײַבן אויף ייִדיש **אַ טיפע נשמה־איבערלעבונג**, אַ זעלטן דערהויבענע דערפאַרונג און אַ גרויסער כּבוד, אַ יחוס (ז' 18).

**דאָס צווייטע קאַפּיטל פון די צען עסייען איז געווידמעט דער צוועלף־הונדערט־יאָריקער געשיכטע פון אשכּנז.** פון די ברעגן פון רײַן, ווו די ערשטע פאַמיליעס האָבן זיך באַזעצט אין 8־טן יאָרהונדערט, ביז צו די סיבירער טײַגעס, איז אין משך פון 12־טן י"ה אָפּגעגאַנגען מיט דער צײַט אַ קרעפטיקע וויטאַלע תּקופה, וואָס האָט ווײַט איבערגעשטיגן דעם ספרדישן פּעריאָד. די ייִדישע קהילות פון מײַנץ און וואָרמס האָבן געלייגט דעם גרונטשטיין פאַר דער ייִדישער קהילה־אינסטיטוציע, וואָס האָט אין די שפּעטערדיקע תּקופות אַזוי שטאַרק זיך פאַנאַנדערגעבליט צווישן דעם אַשכּנזישן ייִדנטום אַזש ביז צום **ועד ארבע הארצות** אין פּוילן (ז' 25).

אין פּרט פון גאָר גרויסן אָפּשאַצן פון **ייִדישן אויטאָנאָמיזם** אין דער פאָרם פון קהילות, באַגעגנט זיך ד"ר קלעפפיש גאָר נאָענט מיט שמעון דובנאָוון, מיט וועמענס היסטאָריאָזאָפיע אונדזער מחבר האָט נאָך אַ סך געמיינזאַמס, ווי למשל די טעאָריע פון פירנדיקע צענטערס פון רוים און צײַט. אָבער דאָס איז אַ ביז גאָר באַזונדערע טעמע.

אַ שטאַרק סאָלידאַריטעט־געפיל איז אויסגעוואַקסן אין אַשכּנז ווי אַ

מעכטיקע רעליגיעז נאַציאָנאַלע אויפהאַלטונגס־קראַפט. דער מחבר קומט דאַן צום פאָלגנדיקן עטיש־נאַציאָנאַלן אימפעראַטיוו ווי אַ ריכט־שנור פאַר די דערמאָנטע צוועלף־הונדערט יאָר, אַז —

״ווי שלימותדיק מוז זײַן די ייִדישקייט, גאַנץ מוז זײַן די עטיק״.....״אָן פלעקן מוז פאַרבלײַבן די באַציִונג צום מיטמענטש, די באַציִונג פון ייִד צו ייִד. שלימותדיק מוז זײַן די ייִדישקייט״.

שוין די ערשטע משפחות האָבן געזאָרגט דערפאַר, אַז ״יעדער איינער זאָל זיך באַטייליקן אין די צדקה־אַקציעס, יעדער איינער זאָל געשטויסן ווערן דורך זײַן כּלל־ישראל געפיל, געבן זײַן בײַשטײַער אויסצולייזן ייִדישע געפאַנגענע, און מקיים זײַן די מצווה פון פדיון שבויים״ (ז׳ 25).

אין דריטן עסיי געווידמעט דעם ״שורש פון אַשכּנז״ האָט דער מחבר געלייגט דעם גרונטשטיין פאַר זײַן קולטור־סאָציאָלאָגישער אינטערפּרעטאַציע פון דער ייִדישער געשיכטע. נישט קיין ווונדער, וואָס ער פאַרענדיקט אָט דאָס קאַפּיטל בזה הלשון:

״אַשכּנז איז אויפגעקומען מיטן באַוווּסטזײַן פון אַ פאָלקס־שליחות. אָט דער באַוווּסטזײַן לעבט עד היום אין אַשכּנזישן ייִדנטום, אַפילו ווען די און יענע אידעאָלאָגן און פּאָליטיקער אין מדינת ישראל שטייט נישט אָן, אָדער איז נישט באַקוועם דערין זיך מודה צו זײַן״ (ז׳ 28).

דער פערטער עסיי, ״דער געשיכטלעכער וועג פון אשכּנזישן ייִדנטום״ גיט אַן אויספירלעכן הינטערגרונט פון דער עקאָנאָמישער מערכה פון פריִען אַשכּנז און קלערט־אויף די אַ״ג ״פּריווילעגיעס״, וואָס די מאַכטהאָבערס האָבן געגעבן די ייִדן אײַנוואַנדערער, כּדי צו געניסן פון דעם קאָמערציעלן שווּנג, וועלכן ייִדן האָבן אַרויסגעוויזן אינעם דורכברוך־פּראָצעס פון דער אייראָפּעיִשער עקאָנאָמיע, וועלכע איז געווען געפּענטעט דורך קאַטוילישע פּאַנאַטישע טאַבוס קעגן האַנדלס־ און פינאַנס־טראַנזאַקציעס. אַפילו קאַטוילישע בישאָפן האָבן געזוכט ייִדישע איניציאַטיוו, וועלכע האָט זיי מעגלעך געמאַכט צו זײַן ״צו גאָט און צו לײַט״ דורך אויפהאַלטן די אָפּגעריבענע נישט־רעאַליסטישע דאָגמעס און אין דער זעלבער צײַט צו געניסן פון דער שטײַגנדיקער קאָמערציעלער רעוואָלוציע.

אין זכות פון אָט דעם מאַטעריעלן דערפאָלג צעבויען זיך ייִדישע ייִשובים און זייערע קהילה־אָרגאַניזאַציעס; ייִדישע דערציִונג געניסט גאָר שטאַרק פון די געעפנטע וואַקסנדיקע מעגלעכקייטן. אָבער גיך, גאָר גיך, איז אויפגעקומען די קעגן־רעאַקציע פון די זעלביקע מושלים, וועלטלעכע און קאַטוילישע, וועלכע האָבן אויסגענוצט דעם געזעצלעכן פעאָדאַלן הפקר צו רויבן און אויסנוצן דורך כּל מיני אופנים ייִדישן האָב־און־גוטס. טעאָלאָגישע דיספּוטן האָבן געמוזט אויפגענומען ווערן. דאַן וואַקסט אָבער אַלץ מער און מער דער גײַסטיקער ווידערשטאַנד ביז צו אומגעווײנלעכער קרבנות־גרייטקייט,

ביז קידוש־השם. דאָס פֿינפֿטע קאַפּיטל גייט דאַן איבער צום XVI־טן י״ה אין מזרח־אייראָפּע. דאָ, אַגב, צעבליט זיך גאָר שטאַרק דער כּוח פֿון ייִדישן לשון — באַמערקט דער מחבר. ״די שפּראַך״, ווי ד״ר קעפּפּיש שרײַבט, ״האָט נישט וויניק צונויפֿגעבונדן און צונויפֿגעקניפּט מיט דער אייגנטלעכער קולטור, וואָס איז אין איר אויסגעשפּינט געוואָרן״,...״געהייליקט געוואָרן אין דער ייִדישער וואָר פֿון וואַנדערונגען און דערפֿאַרונגען״...

מיט כּלערליי ראיות באַווײַזט דער מחבר, אַז אין די 12 יאָרהונדערטער פֿון אַשכּנזישן ייִדנטום, און אַפֿילו נאָך דעם לעצטן מוראדיקן נאַצי־חורבן — פֿליסן כּסדר דערפֿרישנדיקע לעבנס־זאַפֿטן אין אַשכּנזישן קיבוץ״.

דאָס זעקסטע קאַפּיטל טראָגט דעם נאָמען: ״אָט אַזוי איז אויפֿגעגאַנגען דאָס אַשכּנזישע ייִדנטום״. דוכט זיך, אַז דעם לייענער דערוואַרט אַן איבערחזרונג פֿון די צוויי פֿריִערדיקע עסייען. אין דער אמתן וועט ער אָבער געפֿינען אין אים אַ רייע טיפֿע תּשובות, ווי למשל: וויאַזוי איז געקומען דערצו, אַז דאָס אַשכּנזישע ייִדנטום האָט זיך אַרויסגעהויבן צו דער פֿאָדערשטער פּאָזיציע אין דער געשיכטע פֿון אונדזער פֿאָלק אין דעם לעצטן יאָרטויזנט? (ז׳ 38).

אין זײַן שטאַרק באַגײַסטערטן ענטפֿער פֿאַררופֿט זיך דער מחבר אויף דעם באַגער צו לערנען און זיך צו באַרײַכערן מיט די קולטור־אוצרות, וואָס מען האָט מיטגעבראַכט אין די נײַע מקומות, באַזונדערס ״די פֿאַרערונג פֿון ספֿר״, דעם סיסטעם פֿון פֿאָלקס־בילדונג, וואָס האָט נאָך פֿריִער אָנגעהאַלטן צווישן ייִדן אין בבֿל און האָט זיך דאָ באַפֿעסטיקט״. דערציִונג האָט תּמיד פֿאַרנומען דעם סאַמע אויבנאָן.

נאָך ווײַט פֿאַר דער דערפֿינדונג פֿון דער דרוקערײַ־קונסט האָט ר׳ שלמה בן יצחק — בעסער באַקאַנט אַלס רש״י — אויסגעטײַטשט די שטעלע אין פּרקי אבֿות, ווו עס ווערט געזאָגט: פֿאַרשאַף דיר אַ חבֿר (״...וקנה לך חבֿר״, פּרק א׳, ו). נישטאָ קיין בעסערער און געטרײַערער פֿרײַנד, ווי דער ספֿר. ״וועגן פֿרײַז פֿון אַ ספֿר טאָר מען זיך נישט דינגען״ (ז׳ 40).

״תּוספֿות״, פּירושים צו דער גמרא, האָבן געהאַט גאָר אַ באַזונדערע ראָל אינעם פֿאָרמירן דאָס גײַסטיקע פּנים פֿון אַשכּנז (ז׳ 41).

נאָך אַן אַנדערער, אַ גאָר תּוכיקער גײַסטיקער כּוח, וואָס איז אויפֿגעגאַנגען אין אַשכּנז, איז **דער כּלל־ישׂראל־באַוווסטזײַן**. ״ייִדישע מיטפֿאַראַנטוואָרטלעכקייט איז אַ לעבנס־שטייגער, אַ לעבנס־וועג״ (ז׳ 42). אין די שטעט און שטעטלעך אין מזרח־אייראָפּע האָבן אַ סך ייִדן אָפּגעהיט די אײדעלע ברייטהאַרציקע טראַדיציע — זאָגט עדות ד״ר קלעפּפּיש (ז׳ 43). איבער אַלעם האָט געגאָלטן ״דער אידעאַל אין קיום פֿון פֿאָלק״. אָט אַזוי, פֿירט אויס דער מחבר מיט י.ל. פּרצעס ווערטער פֿון ״די גאָלדענע קייט״, זײַנען אויפֿגעגאַנגען ״די גרויסע שטאָלצע ייִדן, וואָס פֿאַרבלײַבן טרײַ צו זיך.

זיי "זײַנען דאָס זיכער די, וועלכע האָבן געלייגט דעם יסוד פאַר דעם אשכּנזישן ייִדנטום".

דאָס פאָלגנדיקע קאַפּיטל, "אידעאָלאָגיעס און פּאָלעמיק צווישן אַשכּנזישן ייִדנטום" שײַנט, אויבנאויפיק, צו דערווידערן דעם נאָרוואָס פּאָרמולירטן פּרינציפּ, אַז "אין אשכּנזישן ייִדנטום האָט תּמיד געגאָלטן דער כּלל־ישׂראל־באַוווסטזײַן. ס'איז אָבער קיין שום סתירה נישט פאַראַנען, ווײַל צוזאַמען מיט דעם היסטאָריש־באַדינגטן כּלל־ישׂראל־געפיל האָט זיך אַשכּנז אויך אויסגעצייכנט, זאָגט ד"ר קלעפּפיש, דערמיט, וואָס "שוין מיט אַ וועלכע 12 הונדערט יאָר צוריק האָבן די גרינדער פונעם אַשכּנזישן קיבוץ זיך פאַרפלאָכטן אין אַ לײַדנשאַפטלעכער פּאָלעמיק" [ז'47]. (צו יענער צײַט איז דאָס געווען דער קאַראַימער ענין, וואָס האָט אַרויסגערופן בייז בלוט).

שאַרפע דעבאַטעס האָבן כּסדר אָנגעהאַלטן נאָך פאַר דער אַנטשטייונג פון מאָדערנע אידעאָלאָגיעס, וועלכע האָבן אָנגענומען נאָך שטאַרקערע פאָרמען אין 8־טן עסיי א.ג. "דער גײַסטיקער אומרו פון אשכּנזישן ייִדנטום דורך דורות". די טיפע חילוקי־דעות צווישן חסידות און מתנגדות איז, בלי ספק, דער בעסטער באַווײַז ווי ווײַט אידעאָלאָגישע אונטערשיידן האָבן אָנגעהאַלטן אפילו אינעם דורכאויס רעליגיעזן לאַגער. צווישן חסידים גופא זײַנען דאָך אָנגעגאַנגען גאָר שאַרפע, פּלאַמיקע וויכּוחים. ס'איז ווײַט נישט קיין צופאַל, וואָס דער מחבר פאַרענדיקט אָט דאָס קאַפּיטל מיט אַזאַ זאָג: "די דראַמאַטישע ענדערונגען, וועלכע זענען אַרײַנגעטראָטן אין ייִדישן לעבן אין הײַנטיקן יאָרהונדערט, האָבן זיך באַוויזן אין דער אשכּנזישער געזעלשאַפט. די לעקטאָרן, רעפערענטן, די אָראַטאָרן... — זיי האָבן אויסגעדריקט אידעיִשע שטרעמונגען. זייער טעמאַטיק איז געווען רײַך און פילפאַרביק. ווער עס האָט געשפּילט וויזיעס פון דער צוקונפט".

ד"ר קלעפּפיש פאַררופט זיך אויף אַזעלכע נעמען, ווי חיים זשיטלאָווסקי, נתן בירנבוים, לעאָ פינקעלשטיין, אַלעקסאַנדער־זישע פרידמאַן, יהודה־לייב אַרלעאַן, דוד בער מאַלקין, יהודה יפת, שלמה מענדעלסאָן, א. ליטוואַק, יוסף העפטמאַן, אאַ"וו — אַלע פון פאַרשיידענע אידעאָלאָגישע לאַגערן. פונעם שטאַנדפונקט פון קאַמף פאַרן קיום פון פאָלק, האָבן אָט די אידעיִשע חילוקי־דעות בלי ספק געשטאַרקט אונדזער וויטאַליטעט — פירט אויס אַזוי איבערצײַגנדיק דער מחבר פון דעם בוך.

דאָס ווײַטערדיקע, דאָס 9־טע קאַפּיטל, ווידמעט ער דער טעמע: "די אידייע צוקאָפּנס פונעם אשכּנזישן ייִדנטום". מיט דער פילזאָגנדיקער דעקלאַראַטיווער פראַזע גיט דער מחבר אַזאַ אַרײַנפיר צום עסיי: "דאָס איז אין תּוך אַן אורעלטע אייגנשאַפט, אָט דאָס באַגערן אײַנצושטעלן יושר און גוטע מידות צווישן מענטשן. עס לאָזט זיך זאָגן, אַ נאַציאָנאַלע אייגנשאַפט" (ז'63). "זי איז דער לייט־מאָטיוו, וואָס חזרט זיך איבער אין דער ייִדישער

געשיכטע". "די אומדערמידלעכע באַגײַסטערטע מאָנער און וועקער פון דער אידייע וועגן דער וועלט־אויסבעסערונג זײַנען געווען די נביאים. די איסיים האָבן דורך מעשים פון זייער לעבנס־שטייגער זיך געפלייסט טאַקע מקיים צו זײַן זייער וויזיע".

ס'איז איינער פון די שטאַרקסטע קאַפּיטלען. ווי אין אַ קאַלײדאָסקאָפּ גייען אַדורך די וויכטיקסטע אַנטוויקלונגען אין דער אוניווערסאַלער שליחות פון ייִדישן פאָלקס־געדאַנק. לאָמיר איצט ברענגען פאָלגנדיקע מאָראַלישע אימפּעראַטיוון פון רב אלעזר פון מײַנץ, וועלכע הייבן גאָר שטאַרק אַרויס עכט סאָציאָלאָגישע מאָטיוון. "מען דאַרף זײַן ערלעך, בתּכלית ערלעכקייט, מען טאָר זיך נישט יאָגן נאָך קיין רײַכטימער, מען דאַרף זיך באַנוגענען מיט ווייניק, מ' קען נישט דערלאָזן, אַז ווען אַליין לעבט מען אין ווילטאָג, זאָלן גאַנצע משפחות אָפּפינצטערן זייערע יאָרן אין אָרעמקייט און נויט. די אָרעמע מוז מען שטיצן און באַשיצן, אַן אַרבעטער מוז מען באַהאַנדלען אַזוי ווי מען וואָלט געוואָלט אַליין באַהאַנדלט ווערן ווען מ'וואָלט געווען אַליין אַן אַרבעטער. מ'טאָר אים נישט אויסנוצן, מ'טאָר אים נישט צווינגען אויסצופירן גאָר שווערע און אויסמאַטערנדיקע אַרבעטן, און נישט באַשעפטיקן אים ביז שפּעט אין דער נאַכט, אַוועקרויבנדיק בײַ אים די גאַנצע צײַט. רחמנות און דאָס געפיל, וואָס מאַכט ערשט דעם מענטש פאַר אַ מענטשן, און אַנדערע מידות, בײַ וועלכע מען דאַרף זיך אָנהאַלטן אין עניוות, נישט בלאָזן פון זיך, נישט זײַן קיין בעל־גאווה, נישט באַליידיקן קיינעם. און ווען מ'ווערט אַליין באַליידיקט — פאַרשווײַגן, שאַנעווען דעם אַנדערנס כּבוד. סאָציאַלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט איז אַ גרונט־פּרינציפּ פון מענטשלעכקייט און ייִדישקייט".

די דאָזיקע אידייען זײַנען דאָס טאַקע געשטאַנען צוקאָפּנס פונעם אשכּנזישן ייִדנטום — ווי עס דריקט זיך אויס אַזוי באַשײַמפּערלעך דער מחבר. דער מזרח־אייראָפּעיִשער ייִדישער ייִשוב האָט אין אַ גרויסער מאָס רעאַליזירט גאָר פיל פון אָט דעם לעבנס־אני־מאמין. ווײַטער שרײַבט דער מחבר:

"נתן בירנבוים, יצחק נחמן שטיינבערג, חיים זשיטלאָווסקי, בערל קאַצענעלסאָן, חיים גרינבערג און אַלע אונדזערע סאָציאַלע דענקער פון די לעצטע דורות, קענען נישט און דאַרפן נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ פּראָדוקט ערשט פון די "מאָדערנע" אידייען, שטרעמונגען און געדאַנקען־ריכטונגען". ס'האָט זיך אין זיי אויפגעוועקט דער בת־קול פון בראשית פון דער אשכּנזישער מחשבה, לויט וועלכער דער איבערבוי פון דער ייִדישער געזעלשאַפט איז אַן עיקר אין ייִדישן זײַן (ז' 69).

פּערזענלעכקייטן שפּילן אַן ערשטראַנגיקע ראָל אין קלעפּפישס היסטאָריאָזאָפיע. קודם־כּל רוקט זיך אַרויס ר' משה איסערליש, דער רמ"א פון מײַן שטאָט קראָקע, וועלכער האָט, ווי עס פאָרמולירט עס דער מחבר,

„אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן אינטערעס פֿאַר דער פֿילאָסאָפֿישער מחשבה און פֿאַר דער וויסנשאַפֿט פֿון דער געשיכטע".

מיר געפֿינען זיך שוין איצט אין קאַפּיטל 10, א.נ. „דער ערשטער היסטאָריקער צווישן אשכּנזישן ייִדנטום". דאָס האָט טאַקע דער רמ"א באַאײַנפֿלוסט אַ ריי נאָכפֿאָלגערס זיך צו ווידמען דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפֿיע, ווי למשל **דוד גאַנז**. געשיכטע לערנט אונדז, שרײַבט ד"ר קלעפּפֿיש, אַז אימפּעריעס פֿאַרשווינדן — ייִדן האָבן קיינמאָל נישט אויפֿגעבויט קיין גרויסע אימפּעריע. דאָך גייען מיר אָן, צו להכעיס אַלע שווערע נסיונות: וואָרום — **„גײַסט איז מעכטיקער און מער דווערהאַפֿטיק ווי פֿיזישע גבורה"**; „אין ייִדישקייט איז פֿאַראַן אַן אינהאַלט, וואָס איז מסוגל איבערצוהאַלטן יעדן שטורעם"... „פֿון זיי איז נישט געבליבן קיין געדעכעניש, און אונדזער אומה איז נישט פֿאַרצוקט געוואָרן".

אין ייִדישן מזרח־אייראָפּע זײַנען אַלע ייִדן, סתּם ייִדן, געווען היסטאָריקער. אַלע זײַנען געווען געשיכטע־כראָניקער. אויב נישט אַלע האָבן געהאַט אַ בלײַפֿעדער אין האַנט און פֿאַרצייכנט די פּאַסירונגען, האָבן זיי מינדלעך דערציילט וואָס עס האָט פּאַסירט. אין די וואַנדערונגען פֿון שמעון דובנאָוו און עמנואל רינגעלבלום צו ייִדן: „פֿאַרשרײַבט! פֿאַרשרײַבט!", האָט געקלונגען דער עכאָ פֿונעם אויפֿשפּריץ (אַזוי האָט געהייסן די ערשטע פּיאָנערישע היסטאָרישע אַרבעט פֿון דוד גאַנז).

מיט דער צײַט איז די ייִדישע היסטאָריאָגראַפֿיע באַדײַטנדיק אויסגעוואַקסן. קיין וווּנדער איז דאָס נישט, ווײַל בײַ קיין פֿאָלק איז דאָך געשיכטע נישט אַזוי פֿונדאַמענטאַל פֿאַר אַזאַ לאַנגן שעפֿערישן המשך־פּראָצעס, ווי בײַ ייִדן.

אין סך הכּל איז, וויפֿל מיר זאָלן נישט האָבן זיך געפֿלייסט אַרומצונעמען דעם תּמצית פֿון ד"ר קלעפּפֿישס היסטאָריאָזאָפֿיע, איז עס געגליכן ווי צום דערזען בלויז דעם שפּיץ פֿון אַן אײַזבאַרג.

כּלערליי וויסנשאַפֿטלער — אין און מחוץ אוניווערסיטעטן — וועלן גרינטלעך שטודירן ד"ר העשיל קלעפּפֿישס אייגנאַרטיקן, ביז גאָר ווערטפֿולן בײַטראָג צו דער דינאַמיק פֿון דער ייִדישער געשיכטע, באַזונדערס פֿון דער גרויזאַם פֿאַרשניטענער שעפֿערישסטער מזרח־אייראָפּעיִשער תּקופֿה. וויסנשאַפֿטלער, און נישט נאָר היסטאָריקער, וועלן אָן שום ספֿק אַלץ מער און מער דערשאַצן ד"ר העשיל קלעפּפֿישס אויסנעמלעכע דערגרייכונגען אין אַרויספֿירן די ייִדישע געשיכטע אויף דעם ברייטן שליאַך פֿון אוניווערסאַלער און נאַציאָנאַלער היסטאָריאָזאָפֿיע.

(1993)

## פרינציפּן פון קולטור־פּלוראַליזם
### און דער ייִדישער ייִשוב אין קאַנאַדע

אויפֿן באַוויפּיק שײַנט קולטור־פּלוראַליזם צו זײַן אַ גאָר פּשוטער און זעלבסטפֿאַרשטענדלעכער באַגריף. אַן ערנסטער אַנאַליז באַווײַזט אָבער די קאָמפּליצירטקייט פֿון אָט דעם פּרינציפּ.

דער עטימאָלאָגישער טײַטש איז נאַטירלעך: פֿיל־קולטורישקייט. איז, ראשית מיינט דאָס ניט פֿיל־קולטור־דימענסיעס פֿון אַ יחיד, נאָר פֿון אַ כּלל. אויב אַ כּלל, קען זיך דאָך דוכטן, אַז אַ גרעסערע גרופּע קען פֿאַרמאָגן פֿאַרשיידענע ניואַנסן. דאָס איז טאַקע ריכטיק, אָבער די דעפֿיניציע פֿון קולטור־פּלוראַליזם שטיצט זיך אויף דער הנחה, אַז אין איין פּאָליטישן איינס — אַ מלוכה, אַ פּראָווינץ אד״גל — געפֿינען זיך עטנישע, און אָפּטמאָל עטניש־רעליגיעזע גרופּעס, וואָס אונטערשיידן זיך מיט זייערע שפּראַכן, גרונט־מנהגים, מיט זייערע ליטעראַטורן, משפּחה־סטרוקטור, און אַפֿילו מיט זייערע עקאָנאָמישע הויפּט־פֿאַראינטערעסירונגען און פּרנסות. אויך מיט זייער אינטערעס צום לערנען, צום לעבן אָדער ניט־לעבן אין קאָמפּאַקטע מאַסן, מיט זייער באַציִונג צו זייערע עטנישע ״מיטצײַטלער״, וואָס לעבן אין אַנדערע לענדער, אָפּטמאָל בײַ פֿאַרשיידנאַרטיקע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען. זייער אייגנאַרטיקייט קען זיך אויסדריקן, למשל, אין אַ ספּעציעלער סענסיטיווקייט צו באַשטימטע קראַנקייטן, אין לעבנסדרויער, ווי אויך אין די דעמאָגראַפֿישע טענדענצן (געבורט־צוּוווּקס).

די אָרגאַניזאַציע פֿון די עטנישע גרופּעס בײַם אָפּהיטן זייער קולטור־שטייגער, זייער באַציִונג צו קעגנזײַטיקער הילף, ווי אויף כּלפּי חוץ, לגבי דער מלוכה — אָט די אַלע און פֿיל אַנדערע אַספּעקטן בילדן דעם גאַנצן סאָציאָלאָגישן געוועב פֿון אַ פֿאָלקס־קולטור. מיר באַנוצן זיך דאָ מיט אַ באַגריף, וואָס ברייטערט שטאַרק אויס דעם ענין ״קולטור״. וואָרום בדרך־כּלל באַטראַכט מען קולטור אין שײַכות צו שפּראַך, ליטעראַטור, מוזיק, מאָלערײַ אאַ״וו. אַן עטנישע גרופּע קען האָבן די אַלע, אָדער נאָר אַ טייל אַטריבוטן

און ס׳זאָל איר דאָך פעלן חוש פאַר קולטור־סאָלידאַריטעט. מיט אַנדערע ווערטער — אַ נאַציאָנאַלער באַוווסטזייַן.

כּל זמן רעליגיע האָט באַהערשט דאָס אינדיווידועלע, ווי אויך דאָס קאָלעקטיווע לעבן פון אַ פאָלק, האָט זי ממילא אויך כּולל געווען עטנישע קולטור־פאָרמען. באַזונדערס איז דאָס חל געווען אויף ייִדן, וועלכע האָבן זיך היסטאָריש אויסגעטיילט מיט אַן אַבסאָלוטער אידענטיפיקאַציע פון אמונה און פון עטנישער קולטור. אָבער ווען די עמאַנציפּאַציע, די השׂכּלה און די שפּעטערדיקע סעקולאַריזאַציע־ און דעמאָקראַטיזאַציע־פּראָצעסן פון אַלגעמיינעם לעבן האָבן אויסגעשטעלט די דאָזיקע אייניקייט פאַר אַ גרויסן נסיון, האָט דאָס פּראָבלעם פון נאַציאָנאַלן קולטור־המשך אין כּל תּפוצות ישׂראל גענומען שפּילן אַ גענעראַלע ראָל אין ייִדישן לעבן. ס׳האָט לאַנג געדויערט ביז וואַנען ס׳האָבן זיך ענדלעך אויסגעפורעמט טעאָריעס פון סאָציאַל־פּאָליטישער אינטעגראַציע מיט דעם ניט־אַרום, צוזאַמען מיט אַ שטרעבונג אויפצוהאַלטן די אייגענע קולטור אין פאַרשיידענע פאָרמען. באַזונדערס פאַרוויקלט איז אָט דער פּראָצעס געוואָרן אין צפון־אַמעריקע. דאָ האָט דער צווייטער דור אימיגראַנטן זיך צוגעכאַפּט גיך צו דער פולער אינטעגראַציע מיט דער אַרומיקער קולטור דורך האַסטיקער אַסימילאַציע.

די אַמאָליקע משׂכּילישע פילאָסאָפיע פון קולטור־אַסימילאַציע אָן רעליגיעזער ליקווידאַציע, האָט באַקומען אַ נייַעם תּיקון אין די ראַמען פון דער אַמעריקאַנער שמעלצטאָפּ־טעאָריע. אין דער צייַט ווען אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט דער פּראָצעס טאַקע אָנגענומען גאָר דראַסטישע פאָרמען, איז אָבער קאַנאַדע מחמת אַ סך טעמים געבליבן הינטערשטעליק אין אָט דעם פּראָצעס, און האָט דערבייַ צוגעטראָגן אַ ביז גאָר וויכטיקן חלק צו דער איצטיקער באַשייַמפּערלעכער אויסניכטערונג, וואָס האָט, אַפּנים, ענדלעך באַהערשט דעם צפון־אַמעריקאַנער ייִשוב.

אין אַ קורצן געשיכטלעכן אַנאַליז וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אויף דער אייגנאַרטיקער קאַנאַדישער קולטור־אַנטוויקלונג בכלל, און ייִדישער בפרט, וואָס האָט לסוף דערפירט צו דער אָפיציעלער פּראָקלאַמירונג פון קולטור־פּלוראַליזם אין קאַנאַדע אין יאָר 1971. קאַנאַדע איז, אויף אַזאַ אופן, געוואָרן אַ מין לאַבאָראַטאָריע, ווו ס׳האַלט אין אויספאָרמירן זיך אַ נייַע פילאָסאָפיע פון מולטי־קולטוראַליזם און קולטור־דעמאָקראַטיע, אין קעגנזאַץ צו דער האָמאָגענער קאָנצעפּציע פון פאָלק און מלוכה, וואָס האָט אָנגעהאַלטן כּמעט אין אַלע לענדער זינט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

פון קדמונים האָבן ייִדן געלעבט צווישן פעלקער, אַפילו אין דער תּקופה פון אומאָפּהענגיקייט אין אַלטערטום. כּל זמן מלוכות, אין וועלכע ייִדן האָבן געלעבט, האָבן נאָך ניט געהאַט אַנטוויקלט זייער מאָנאָליטישע, אָדער כּמעט ווי מאָנאָליטישע, דאָקטרין פון מלוכה און פאָלק, איז זייער מצב

נישט געווען שטאַרק באַדראָט מצד די מערהייט־פֿעלקער — פּשוט ווײַל ס׳האָבן ביזן אָנהייב פֿון XIX י״ה כּמעט (מיט קליינע אויסנאַמען) נישט עקזיסטירט קיין צענטראַליזירטע נאַציאָנאַלע גאַנצקייטן. דער פֿעאָדאַליזם אין מיטלאַלטער איז תּמיד געווען אַ דעצענטראַליזירטער סיסטעם. די אָפֿיציעלע שפּראַך איז בדרך־כּלל געווען לאַטײַן. די שטעט זײַנען נאָר געווען די שפּראַך־אינדזלען, ווו מען האָט ס׳רוב גערעדט דײַטש (אין צענטראַל־, טיילווײַז מזרח־אייראָפּע און אַפֿילו אין מערב־ און צפֿון אייראָפּע, ווו הין ס׳האָט דערגרייכט די מאַכט פֿון דער דײַטשישער ״האַנזאַ״). ערשט אין XVI י״ה קומט דער איבערברוך, וואָס האָט בהדרגהדיק אויפֿגעהויבן די מערכה פֿון פֿאָלקס־שפּראַכן, ווי ענגליש, פֿראַנצויזיש או״וו.

די פֿראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט, אייגנטלעך, צעטרייסלט דעם טראַדיציאָנעלן סינטעז, וועלכער האָט זיך געשטיצט אויף דעם אײַזערנעם פּרינציפּ פֿון ״קויוס צעזאַר עיוס רעליגיאַ״, ד״ה, אַז די רעליגיע פֿון הערשער האָט דעצידירט וועגן דער רעליגיע פֿון זײַנע אונטערטאַנען (חוץ די ייִדן). אין אַזאַ רעליגיעז אָרגאַניזירטער סביבה האָבן ייִדן ווי אַן אויסנאַם געקענט אײַנהאַלטן נישט נאָר זייערע מנהגים, לבוש, נאָר אויך אייגענע ייִדישע ציווילע געזעצן און זייער אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע. פֿאַר אָט דער ״פּריווילעגיע״ האָבן ייִדן אָפֿט גאָר טײַער באַצאָלט, און זיי זײַנען טאָלערירט געוואָרן נאָר אויף אַזוי פֿיל, וויפֿל עס האָט געלוינט די באַטרעפֿנדיקע הערשער.

נאַפּאָלעאָנס סנהדרין האָט אָבער, צום ערשטן מאָל, אַוועקגעשטעלט אין אַ ביז גאָר דראַסטישער פֿאָרעם דאָס פּראָבלעם פֿון אַ קולטור־אַסימילאַציע אין די ראַמען פֿון דער נײַער מאָנאָליטישער מערהייטס־קולטור פֿון דער מלוכה. ווי אַ רעזולטאַט קומט אַ גאָר גיכער פּראָצעס פֿון אַסימילאַציע אין מערב־, און טיילווײַז אויך אין צענטראַל־אייראָפּע. אין מזרח־אייראָפּע איז דער מעכטיקער דרוק פֿון די הערשנדיקע קולטורן געקומען אַ סך שפּעטער, מחמת דער פֿעאָדאַליזם און דער בין־השמשות צווישן דעם שפּעטן פֿעאָדאַליזם און דעם שפּראָצנדיקן קאַפּיטאַליזם האָט דאָרט געגעבן ייִדן אַ סך לענגער אַ מעגלעכקייט ממשיך צו זײַן זייער נאַציאָנאַלן קיום ווי אַ רעליגיעזע און פֿאָלקס־געמיינשאַפֿט. חוץ דעם האָט גאָר אַ שטאַרקע השפּעה געהאַט דאָס, וואָס סײַ דאָס צאַרישע רוסלאַנד און סײַ עסטרײַך־אונגאַרן, ווו די גרויסע מערהייט פֿון ייִדישן פֿאָלק האָט דאַן געלעבט, זײַנען געווען מולטי־נאַציאָנאַלע און מולטי־רעליגיעזע מלוכות. הגם די עמאַנציפּאַציע האָט צו ביסלעך גענומען ווירקן אין גאַליציע און אין בוקאָווינע (עסטרײַך־אונגאַרן) און אַפֿילו אין רוסיש־פּוילן, איז פֿון דעסטוועגן דער אינטערער כּוח פֿון דער אַלטער קהילה־אָרגאַניזאַציע געווען אַזוי שטאַרק, אַז דער אָרטיקער אויטאָנאָמיזם איז געבליבן אין קראַפֿט כּמעט אַזוי ווי אַמאָל און האָט אַזוי זיך אויפֿגעהיט ביז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אויף די חורבות פון דער אַמאָליקער עסטרײַך־אונגאַרישער אימפּעריע, ווי אויך נאָכן פֿאַלן פון צאַרישן רוסלאַנד, זײַנען אויפגעקומען סוווערענע נאַציאָנאַל מאָנאָליטישע מלוכות. זייערע אולטראַ־נאַציאָנאַליסטישע פילאָסאָפיעס האָבן זיך קוים געפּאָרט מיט דעם כּלומרשטן ליבעראַליזם, וועלכער האָט געגאָלטן אַ באַשטימטע צײַט אין פּוילן, אוקראַיִנע, ליטע אאַ״וו. גאָר גיך איז די כוואַליע פון דעמאָקראַטישן ליבעראַליזם, וועלכער האָט אויך אַנטהאַלטן עלעמענטן פון נאַציאָנאַל־קולטורעלן דעמאָקראַטיזם, גיך פאַרגאַנגען און האָט איזאָלירט דאָס ייִדישע לעבן און אַ תּל געמאַכט פון די אַסימילאַטאָרישע אילוזיעס אַפילו צווישן דעם רוב פאַרמעגלעכע ייִדן אין גאַליציע און אין קאָנגרעס־פּוילן.

אויף אַזאַ אופן איז אין דעם אַנטיסעמיטישן אומאָפּהענגיקן פּוילן געוואַקסן אַ פּולבלוטיק, צילבאַוווּסטזיניק נאַציאָנאַל קולטור־לעבן, וואָס האָט צום ערשטן מאָל געגעבן דעם וועלטלעכן סעקטאָר אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן, פּאַראַלעל צום טראַדיציאָנעלן און רעליגיעזן שטייגער, וועלכער האָט נאָך אײַנגעהאַלטן זײַנע טיפע וואָרצלען.

בינו לבינו, מיטן פּראָצעס פון צופּאַסונג צו די נאָכמלחמה־באַדינגונגען אין מזרח־אייראָפּע, איז געשטיגן די עמיגראַציע־כוואַליע, באַזונדערס קיין צפון־אַמעריקע. אין פעריאָד פון פריִער אימיגראַציע איז דער המשך פון היימישן לעבנס־שטייגער און פון מאַמע־לשון נישט געשטאַנען אונטער קיין פראַגע־צייכן. פאַרקערט, אין אַמעריקע האָט זיך ערשט פונאַנדערגעבליט דער נײַער קולטור־נוסח, באַזונדערס דאָס ייִדישע טעאַטער, די ייִדישע פּרעסע, ליטעראַטור אאַ״וו. אָבער די לפי ערך גיכע פאַרבעסערונג פונעם מאַטעריעלן מצב פון ייִדישע אימיגראַנטן האָט, באַזונדערס אין צווייטן דור, גורם געווען אַ האַסטיקע שפּראַכלעכע אַסימילאַציע, און דאָס אַקצעפּטירן פון צוויי הויפּט־עיקרים פון דער אַמעריקאַנער פילאָסאָפיע: 1) **דעם פּרינציפּ פון "שמעלצטאָפּ"** (וואָס מיינט פּשוט די פולע אינטעגראַציע פון אַלע עטנישע גרופּעס אין גבול פון דער אַנגלאָ־סאַקסישער אַמעריקאַנער קולטור), און 2) **פון דער אַבסאָלוטער סעפּאַראַציע פון מלוכה און רעליגיע**. ביידע פונ־דאַמענטאַלע אַבסאָלוטן פון אַמעריקאַניזם האָבן, אַפּנים, שטאַרק אַפּעלירט צום אַמעריקאַנער ייִד (נאַטירלעך, מיט באַשטימטע אויסנאַמען), ווען וואָרטפירער זײַנען נאָך פאַר דער מזרח־אייראָפּעיִשער מאַסן־אימיגראַציע געווען דײַטשישע יאַהודים, וואָס זײַנען, אין בעסטן פאַל, געווען כּמור־משכּילים.

*

גאָר אַנדערש איז געווען די אַנטוויקלונג פון דעם קאַנאַדער ייִדישן ייִשוב. ראשית כּל האָט דער מזרח־אייראָפּעיִשער אימיגראַנט נישט געטראָפן דאָ קיין אײַנגעזעסענעם יאַהודים־עלעמענט. ער איז פּשוט נישט געווען בנמצא.

די ערשטע ייִדישע אימיגראַנטן, וואָס זײַנען אַהערגעקומען צוזאַמען מיט דער ענגלישער אַרמיי אין 1763, נאָכן מנצח זײַן די פראַנצויזן, זײַנען געווען ספרדים. ס׳רוב האָבן זיי מיט דער צײַט זיך אויסגעשמדט, אָדער פּשוט אויסגערונען געוואָרן אָן אַ ממשותדיקער השפעה אויף דעם גאַנג פונעם שפּעטערדיקן ייִדישן לעבן אין דעם לאַנד.

די מאַסן־אימיגראַציע אַהער איז געקומען אַ סך שפּעטער, ווי אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, און איז כּמעט ווי אינגאַנצן באַשטאַנען פון ייִדיש־רעדנדיקע, וואָס האָבן שוין געהאַט טיילווײַז פאַרזוכט דעם טעם פון דער מאָדערנער ייִדישער אַנטוויקלונג אין זייער אַלטער היים.

אַ צווייטער וויכטיקער פאַקטאָר איז פאַרבונדן מיט דעם פּיאָנערישן כאַראַקטער פון דער קאַנאַדער ווירטשאַפט, וועלכע האָט צום סוף פון XIX, אָנהייב XX י״ה געשטעלט די ערשטע טריט צום האַנדלס־קאַפּיטאַליזם און צו דער קאָנטינענטאַלער עקספּאַנסיע. דער ייִד איז, חוץ אין קוויבעק און אָנטאַריע, אַוועק צוזאַמען מיט דעם דראַנג קיין מערב און דאָרט באַדינט די אײַזנבאַן־בויערס, די אַגראַר־פּיאָנערן אאַ״וו. אַ גאָר באַדײַטנדיקער טייל ייִדן האָט זיך באַזעצט אין וויניפּעג, קאַלגאַרי אאַ״וו. דאָרט איז זיי ס׳רוב אויסגעקומען צו לעבן צווישן אוקראַיִנער און אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. דאָס אײַנהאַלטן זייער מאַמע־לשון און די היימישע מער וועלטלעכע קולטור איז דעריבער געווען זייער נאַטירלעך. אָבער נישט נאָר אין מערב, נאָר אויך אין מאָנטרעאָל, די גרעסטע שטאָט אין קאַנאַדע, האָט אָט דער דור אימיגראַנטן זיך קודם־כּל אויסגעדריקט אין פּראַקטישן קולטיווירן ייִדיש. ס׳רוב פון די ראשונים פון היגן (מאָנטרעאָלער) ייִדישן שולוועזן האָבן גלײַך פון אָנהייב געזוכט אַ סינטעז צווישן ייִדיש און העברעיִש, באַזונדערס אין די ייִדישע פאָלק־ און פּרץ־שולן. דאָס מיינט נישט, אַז בײַם מיטלקלאַס, וועלכער האָט זיך בינו לבינו אַרויפגעאַרבעט, האָט נישט געגומען שטײַגן דער באַגער זיך אויסצוגלײַכן מיט די פאַראייניקטע שטאַטן. באַזונדערס אין טאָראָנטאָ, דעם צענטער פון דער אַנגלאָ־סאַקסישער קאַנאַדער קולטור, האָט די־אָ טענדענץ שטאַרק געווירקט.

*

די וויכטיקסטע סיבה, וואָס האָט אויסגעטיילט קאַנאַדע פון די פאַראייניקטע שטאַטן, איז אָן שום ספק פאַרבונדן מיט די קאַנאַדער פראַנצויזן. אַן ערך אַ מיליאָן לעבן איצט אין פאַרשידענע פּראָווינצן פונעם לאַנד, מחוץ קוויבעק, אין דער צײַט ווען כּמעט פינף מיליאָן געפינען זיך אין קוויבעק גופא, וווּ די פּראָווינציעלע רעגירונג ליגט כּמעט אויסשליסלעך אין די הענט פון פראַנצויזן. ס׳איז כּדאי זיך צו דערמאָנען, אַז בעת ענגלאַנד האָט באַזיגט פראַנקרײַך אין קאַנאַדע, זײַנען בכלל ענגלענדער דאָ כּמעט נישט געווען בנמצא. שוין אין יאָר 1774 האָט גרויס־בריטאַניע דעריבער אַרויסגעוויזן אַ סך עלאַסטישקייט,

וואָרום אין דער צײַט ווען אין ענגלאַנד גופא האָבן געגאָלטן זייער שטרענגע אַנטי־קאַטוילישע געזעצן, האָט דער "קוויבעק־אַקט" פון 1774 דערמעגלעכט די פראַנצויזן קאַטאָליקן אײַנצוהאַלטן זייער געזעצגעבונג און די צענטראַלע פּאָזיציע פון דער קירכע, ווי אויך די פראַנצויזישע שפּראַך.

ביז אַרום 1840 האָט די פראַנצויזישע מערהייט, הגם שוין דאַן אַ שטאַרק פאַרקלענערטע, נאָך אַלץ דאָמינירט דאָס לאַנד (חוץ די געביטן וואָס נעבן דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, די "מעריטיימס"). אין 1791 האָט דער א"ג קאָנסטיטוציאָנעלער אַקט פונדאָסנײַ גאַראַנטירט די פראַנצויזן אויטאָנאָמיע — אָבער דאָס מאָל נאָר אין אַ"ג "לאָוער קענעדע", וואָרום די קאָלאָניע איז דאַן צעטיילט געוואָרן אויף "אַפּער קענעדע" (די הײַנטיקע אָנטאַריע) און "לאָוער קענעדע" (די איצטיקע קוויבעק).

אין 1812 האָט אַמעריקע געפּרוּווט פאַרכאַפּן קאַנאַדע. דאָס האָט קודם־כל די פראַנצויזישע באַפעלקערונג געשטעלט אַ דעצידירטן ווידערשטאַנד און דערמיט שוין דעמאָלט אָפּגעראַטעוועט די שפּעטערדיקע אומאָפּהענגיקייט פון דעם לאַנד. אין צווישן איז גאָר שטאַרק געוואַקסן דער צופלוס פון בריטישע אימיגראַנטן, וועלכע האָבן פאַרלאַנגט מער רעכט פאַר זיך. ווען דאָס לאַנד האָט אַדורכגעמאַכט אַ פּאָליטיש־עקאָנאָמישן קריזיס אין די 1830־ער יאָרן, האָט די מעטראָפּאָליע געשיקט אַהער אַ ליבעראַלן מלוכהמאַן (לאָרד דירהאַם), וועלכער האָט אין זײַן ראַפּאָרט פון 1839 פון איין זײַט רעקאָמענדירט אַ פאַרלאַמענטאַרישן רעזשים אין אַ צוריק פאַראייניקטער קאַנאַדע ("אַפּער" און "לאָוער"), און פון דער אַנדערער זײַט אַ פּאָליטיק פון גאַלאָפּ־אַסימילאַציע, כּדי וואָס פריִער פּטור צו ווערן פון דעם פראַנצויזישן פּראָבלעם.

די פאַראייניקונג איז טאַקע צושטאַנד־געקומען אין 1841 אויף פּאַריטעטע יסודות, הגם די פראַנצויזן האָבן נאָך אַלץ געהאַט אַ מערהייט. במשך פון איבער אַ דעקאַדע איז אָבער די צאָל ענגלענדער אַזוי גיך געוואַקסן, אַז זיי האָבן דערגרייכט אַ מערהייט אין דער פאַראייניקטער קאָלאָניע. דאַן האָבן זיי פאַרלאַנגט כאָטש טיילווײַז צו פאַרווירקלעכן דעם דירהאַם־פּראָגראַם צו אַסימילירן די פראַנצויזן. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרק אַנטשלאָסענעם ווידערשטאַנד פון דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג. ענגלאַנד האָט געוואָלט וואָס פריִער פּטור ווערן פון דעם עול פון אויפהאַלטן אַ דעפיציט־קאָלאָניע, באַזונדערס ווען ענגלאַנד איז אין 1846 איבערגעגאַנגען צום פרײַען אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל און האָט אײַנגעשטעלט גאָר פרײַנטלעכע באַציִונגען מיט די פאַראייניקטע שטאַטן. דעמאָלט איז אין מאָנטרעאָל (אין 1848) אויסגעבראָכן אַן אָפענער רעוואָלט, דער פאַרלאַמענט איז געוואָרן פאַרברענט און די חשובֿסטע ענגלישע משפּחות בראָש מיט די מאָלסאָנס, מעקגילס א"אַ האָבן פּראָקלאַמירט זייער גרייטקייט און פאָדערונג זיך

אָנצושליסן צו די פּאַר. שטאַטן (זע דעם "אַנעקסיע־מאַניפעסט" פון 1848).

ווידעראַמאָל האָבן גראָד די פראַנצויזן און די ענגלישע אַגראַר־עלעמענטן אין "אַפּער" קאַנאַדע גערעטעוועט קאַנאַדעס מערכה. די ירידה פון מער־קאַנטיליזם פון דער בריטישער אימפּעריע (אינמיטן פון XIX י״ה) האָט דאָס גורם געווען דעם איבערגאַנג צום פרייַען האַנדל, דאָס אָפּשאַפן די צאָל־גרענעצן און די ספּעציעלע פּריווילעגיעס פון די קאָלאָניעס אין די ראַמען פון דער אימפּעריע. דאָס האָט לסוף דערפירט צום אַנטשטיין פון אַ פעדעראַלער קאַנאַדע, וועלכע האָט מיט דער צייַט אַרומגענומען דעם ריזיקן שטח צווישן צוויי אָקעאַנען. די פראַנצויזן, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון דער קאַטוילישער קירך, האָבן גערן אַקצעפּטירט די פעדעראַציע. איין גאָר וויכטיקן תּנאי האָבן זיי אָבער יאָ געשטעלט: דאָס רעכט פון אייַנהאַלטן זייער פראַנצויזישע קולטור. דאָס שולוועזן איז אין קוויבעק פאַרטיילט געוואָרן לויט רעליגיע, במילא האָבן כּמעט אַלע פּראָטעסטאַנטן באַזוכט ענגלישע שולן, און די קאַטאָליקן – פראַנצויזישע אַנשטאַלטן.

אַזוי האָט זיך די יונגע קאָנפעדעראַציע לכתּחילה אַנטוויקלט אָן אַ קלאָרער אידעאָלאָגישער ריכט־שנור. אַ ריין פּראַגמאַטישער צושטאַנד האָט געהאָלפן אייַנשטעלן אַ מאָדוס וויווענדי צווישן פראַנצויזן און ענגלענדער.

די ערשטע פעדעראַלע רעגירונג פון דזשאָן איי. מעקדאָנאַלד (אַ קאָנ־סערוואַטיווער) האָט מצליח געווען מיט איר א״ג נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון טעריטאָריאַלער עקספּאַנסיע, מאַסן־אימיגראַציע און פון דער אַגראַר־ און טראַנספּאָרטאַציע־אַנטוויקלונג. מיטן קומען פון די ליבעראַלן צו דער מאַכט, געשטיצט דער עיקר אויף קוויבעק, ווערט צום ערשטן מאָל אויסגעקליבן אַ פראַנצויזיש־קאַנאַדער פעדעראַלער פּרעמיער־מיניסטער אין דער פּערזאָן פון סער ווילפרעד לאָריע. ער, ווי אַ פראַנצויז, האָט שוין מער נישט געקענט ריין פּראַגמאַטיש באַהאַנדלען די אייגנאַרטיקע קולטור־סטרוקטור פון קאַנאַדע. ער לאַנסירט דעריבער פאַר קאַנאַדע אַ נייַע קאָנצעפּציע, ווי אַ מין מאָזאַיִק פון עטנישע גרופּעס. ווען ס׳הייבן אָן אָנצוקומען קאַטאָליקן־אימיגראַנטן פון אַנדערע לענדער, האָט שוין די פריִערדיקע רעליגיעזע פאַרטיילונג נישט געקענט מער דינען ווי אַ פּאַראַוואַן, הינטער וועלכן קולטור־ און שפּראַך־דיפערענצן האָבן געקענט זיך באַהאַלטן. אויך די פּאָליטישע אָריענטאַציע פון דעם לאַנד האָט זיך אויסגעפורעמט גאָר אַנדערש ווי פריִער. אויב אַמאָל האָבן סייַ קאָנסערוואַטיוון און סייַ ליבעראַלן משפּיע געווען אי דאָס ענגלישע און אי דאָס פראַנצויזישע קאַנאַדע, האָט זיך אָבער אַלץ מער באַקומען אַזאַ סיטואַציע, בייַ וועלכער קוויבעק האָט, ווי אַ בלאָק, געקליבן ליבעראַלע פעדעראַלע דעפּוטאַטן, אין דער צייַט ווען ענגליש־קאַנאַדע איז געבליבן און געוואָרן נאָך מער דיפערענצירט. ווי אַ רעזולטאַט פון דעם, האָבן די

פראַנצויזן באַקומען אַ סך אַ גרעסערן קולטור־איינפלוס אין לאַנד (אַ סך גרעסער פון זייער פּראָפּאָרציאָנעלער גרייס), וואָס האָט במילא מיט דער צייַט פאַרטיפט דעם ריס אין די קעגנזייַטיקע צווישן־קולטור־באַציִונגען. וואָס שייַך עקאָנאָמישער מאַכט, האָבן צוליב כמה טעמים דאָמינירט די אַנגלאָזאַקסן.

אויף אַזאַ אופן איז כסדר געוואַקסן די מערכה פון אַ נאָך נישט דעפינירטן, אָבער פאַרט פאַקטישן, קולטור־דואַליזם.

*

אַלע "שמעלצטאָפּ"־אילוזיעס, אימפּאָרטירטע פון די פאַראייניקטע שטאַטן, זייַנען גאָר גיך פאַרשווּנדן. קאַנאַדער זייַנען בדרך־כּלל נישט להוט צו טעאָריזירן. ווי פּראַגמאַטיקער פלעגן זיי געוויינטלעך מבטל מאַכן קלאָר־דעפינירטע פּרינציפּן. די קאָנצעפּציע פון קולטור־פּלוראַליזם איז נאָך ביז דאַן נישט געהאַט פאָרמולירט געוואָרן. קולטור־סאָציאָלאָגיע איז דער ייִנגסטער צווייַג פון דער מאָדערנער סאָציאָלאָגיע. לײדער ווערט ער נאָך אַלץ ניט שטודירט און געִנוג פאַרטיפט. אַ סך טראַגישע דערשיינונגען, ווי למשל דער אירלענדישער קאָנפליקט, וואָלטן געקענט אויסגעמיטן ווערן. דער פאַרשטאָרבענער (אין 1973) האָראַס קאַלען האָט בשעתו דעפינירט קולטור־פּלוראַליזם ווי אַ פילאָסאָפיע פון צווישן־קולטור־באַציִונגען, וואָס באַטראַכטן דאָס אויפהאַלטן די באַזונדערע עטנישע קולטורן אין אַ פיל־קולטורישער מלוכה ווי אַ גרויסע ברכה פאַר פאַרשיידענע גרופּעס, ווי אויך פאַר דער מלוכה ווי אַ גאַנצע.

אָבער שוין די ענגלישע גובערנאַטאָרן מורי און קאַרלסאָן האָבן זיך איבערצייַגט, אַז קולטור־צוואַנג וועט אַ תּל מאַכן פון די קאָלאָניעס, ווּהין ענגלענדער האָבן נאָך דאַן נישט געהאַט קיין חשק צו פאָרן; עס איז, אַפּנים, שוין דעמאָלט קלאָר געוואָרן פאַר גרויס־בריטאַניע, אַז כּדי צו פאַרמייַדן די אינטעגראַציע פון די פראַנצויזן מיט די רעבעלירנדיקע אַמעריקאַנער, דאַרף מען די פראַנצויזן געבן רעליגיעז־עטנישע קאָנצעסיעס.

דער "בריטיש־צפון־אַמעריקאַנער אַקט" האָט ענדגילטיק פאַרפיקסירט דעם פּרינציפּ פון צוויי־שפּראַכיקייט פאַר קוויבעק. אין דעם פעדעראַלן געביט האָט דאָס געזעץ לײדער זיך נישט אויסגעצייכנט מיט דער זעלביקער קלאָרקייט. דעריבער קלינגט זייער נאַטירלעך די פעסטשטעלונג פון דעם ערשטן קאַנאַדער פּרעמיער־מיניסטער דזשאָן איי מעקדאָנאַלד, דעם בויער פון דער קאָנפעדעראַציע, וועלכער האָט אין 1890 דערקלערט, אַז "אַלע בריטישע בירגער געניסן פון אַבסאָלוטער גלייַכהייט וואָס שייַך שפּראַך, רעליגיע, אייגנטום און פּערזאָן. נישטאָ קיין אויסדערוויילטע גרופּע אין דעם לאַנד, נישטאָ קיין באַזיגטע גרופּע אין לאַנד". הגם די ווירקלעכקייט איז נאָך ווייַט געווען פון צו זייַן אַזוי אידעאַל ווי דער פּרעמיער האָט זי געשילדערט, איז אָבער אָט די אויסגעשפּראָכן פּרינציפּיעלע דעקלאַראַציע פאַר־

וואַנדלט געוואָרן אין אַ מעכטיקן כּלי־זין אין קאַמף קעגן דער אַסימילאַציע אין לאַנד. קורץ נאָכן פאַלן פון דער דזשאָן איי. מעקדאָנאַלד־רעגירונג איז געקומען דאָס אויסדערוויילן פון דעם ערשטן פראַנצויזישן אַל־קאַנאַדער פּרעמיער־מיניסטער סער ווילפרעד לאָריע, וועלכער האָט געמאַכט זײַן היסטאָרישע דערקלערונג: ״איך באַוווּנדער ספּעציעל די פּראַכט פון דער גאָטישער אַרכיטעקטור, ווו גראַנישט, מאַרמאָר און אַנדערע מאַטעריאַלן שאַפן אַזאַ וווּנדערלעכע האַרמאָנישע גאַנצקייט. אַזאַ מין קאַטעדרע איז מײַן אידעאַל פון קאַנאַדע, וואָס איך האָף צו בויען. אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן, וועל איך קאַטעגאָריש אָפּוואַרפן יעדטוועדן פּרווו צו צעשטערן די פאַרשיידענע אייגנאַרטיקע קולטור־עלעמענטן פונעם לאַנד. איך וויל, אַז דער מאַרמאָר זאָל בלײַבן מאַרמאָר, דער גראַנישט גראַנישט, דער דעמב אַ דעמב, און צוזאַמען זאָלן זיי בילדן אַן אינטעגרירטע גאַנצקייט דורך אויפהאַלטן זייער אַנדערשקייט״ (אַרויסגענומען פון סקעלטאָנס בריוו פון סער ווילפרעד לאָריע, טאָראָנטאָ 1921).

צווישן 1896 און 1913, בעת דעם גרויסן אויפשוווּנג פון קאַנאַדעס טעריטאָריאַלער און דעמאָגראַפישער אַנטוויקלונג, איז געוואָרן שטאַרק אונטערגעשטראָכן די טאָלעראַנץ פאַר נײַע אימיגראַנטן־קולטורן, אַזוי אַז אויך נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, בשעת דעם גרויסן מאַסן־צופלוס פון אימיגראַנטן, איז ווידער געקומען צום אויסדרוק די זעלבע באַציִונג. דער מיניסטער פאַר אימיגראַציע וואָלטער ע. האַריסאָן האָט, אַדרעסירנדיק אַ ״האַיאַס״־מיטינג אין מאָנטרעאָל אין 1954, געזאָגט: ״איר טאָרט בשום אופן נישט פאַרגעסן אײַער קולטור. נאַציאָנאַלע און עטנישע טראַדיציעס זײַנען אַ גרויסער אוצר און אַ קוואַל פון שטאָלץ. קאַנאַדע איז אַ לאַנד פון אַ סך עטנישע גרופּעס. יעטוועדע גרופּע מיט אירע קולטור־טראַדיציעס און עכטע ווערטן טאָר נישט גיין פאַרלוירן אין דער גאַנצקייט פון דער דעמאָקראַטישער טראַדיציע פון קאַנאַדע״.

דער שפּעטערדיקער אימיגראַציע־מיניסטער י. וו. פּיקערסקיל האָט בײַ אַן אַנדערער געלעגנהייט זיך אויסגעדריקט, אַז: ״אויפהאַלטן די ליטעראַרישע און קולטור־ירושה ווי אַ טייל פונעם אַל־קאַנאַדישן היימלאַנד, איז אַ גרויסע טוגנט״. ענלעכע דערקלערונגען זײַנען בשעתו געמאַכט געוואָרן בײַ פאַרשיידענע געלעגנהייטן, אַרײַנגערעכנט אַ באַזונדערס טיפּזיניקע פאָרמולירונג פון ווינסענט מעסי, דעם קאַנאַדער פאַרטרעטער פון דער קעניגין, בעת אַ פּלענאַרער לאַנד־קאָנפערענץ פון קאַנאַדער יִדישן קאָנגרעס אין אָקטאָבער 1953.

די פּראָטאָקאָלן פון קאַנאַדער פּאַרלאַמענט זײַנען פול מיט שטאַרקע אַקצענטן לטובת קולטור־פּלוראַליזם. הגם די ענגלישע און פראַנצויזישע קולטורן האָבן געדינט ווי אַ באַזע, איז פון דעסטוועגן דער גבול פון דער

קאַנאַדישער קולטור־מאָזאַיִק (אָן אויסדרוק, וואָס ווערט אָפט געניצט אין דעם לאַנד) כּסדר געוואָרן אויסגעברייטערט. גאַנץ אָפט פלעגן אין משך פון לאַנגע יאָרן זיך הערן ענלעכע שטימען פון אָנגעזעענע פירערס, וואָס האָבן אונטערגעשטראָכן דעם אייגנאַרטיקן פלוראַלן כאַראַקטער פון דעם לאַנד. אָבער ערשט דער איצטיקער פּעדעראַלער פּרעמיער־מיניסטער **פּיער עליאָט טרודאָ** האָט דער־אָ אייַנשטעלונג געגעבן אַ געזעצלעכן תּיקון, דורך עטאַבלירן אין 1972 אַ ספּעציעל מיניסטעריום פאַר שטיצן קולטור־פּלוראַליזם. אַ גאָר באַשיידענער בודזשעט פון 5 מיליאָן דאָלאַר איז דערצו באַשטימט געוואָרן, אָבער שוין אַ יאָר שפּעטער איז דער בודזשעט געוואָרן פאַרטאָפּלט. אַלע עטנישע גרופּעס, וואָס האָבן פּרעזענטירט פּאַסיקע פּראָיעקטן, האָבן באַקומען סובסידיעס פאַר זייערע אַרכיוון, פאַר כאָרן, דראַמאַטישע גרופּעס, פאַר איבערזעצונגען פון זייער ליטעראַטור אויף ענגליש און פראַנצויזיש אאַ״וו.

די גרעסטע באַדייַטונג פון דעם נייַעם סיסטעם באַשטייט אָבער קודם־כּל אין דער אָפיציעלער אָנערקענונג און בשותּפותדיקער שטיצע פאַר פּראָיעקטן, וואָס באַרייַכערן דעם קולטור־מצב פון די באַזונדערע גרופּעס. דאָס שטאַרקט, בלי ספק, דעם קולטור־ניוואָ פון גאַנצן לאַנד.

אַוודאי איז נאָך פּריִצייַטיק אונטערזוכיִען אַ סך־הכּל און שטודירן די השפּעה פון דער היסטאָרישער רעאָריענטאַציע אין קאַנאַדעס קולטור־פּאָליטיק אויף די באַזונדערע מינדערהייטן־גרופּעס. ס׳איז אָבער פאָרט מעגלעך שוין איצט צו געבן אַ פּרעלימינאַרע אָפּשאַצונג פון דעם פאַרנעם, פונעם אינהאַלט און פון דער ראָל פון אָט דער ממש רעוואָלוציאָנערער ווענדונג אין דער פילנאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג פון דעם לאַנד.

קודם־כּל דאַרף ווערן פעסטגעשטעלט, אַז אַדאַנק דער גרויסער דערוואַכונג פון פראַנצויזיש־קאַנאַדע, באַקאַנט ווי ״די שטילע רעוואָלוציע״ פון 1960, איז אויך געקומען די נייַע פּאָליטיק לגבי די אַנדערע מינדערהייטן. באַלד נאָך דעם גרויסן קולטור־איבערברוך אין קוויבעק האָט די פּעדעראַלע רעגירונג באַשטימט אַ ״קעניגלעכע קאָמיסיע פאַר צוויי־קולטורישקייט און צוויי־שפּראַכיקייט״. די קאָמיסיע האָט נאָך אַ לענגערער אויספאָרשונג זיך אַרויסגעזאָגט אויך וועגן קאַנאַדעס פאַרשיידענע עטנישע גרופּעס. זי האָט געווידמעט דעם דאָזיקן פּראָבלעם אַ ספּעציעלן באַריכט (בוך 4) און איז געקומען צום פאָלגנדיקן אויספיר: ״ווער ס׳קלייַבט אויס קאַנאַדע פאַר זייַן אַדאָפּטירט לאַנד, פאַרפּליכטעט זיך במילא צו אַ נייַעם לעבן־סטיל און דאַרף אַנטשפּרעכנדיק זיך אינטעגרירן; אָבער צוזאַמען מיט דעם מחון די כּלערליי העטעראָגענע (פאַרשיידענע) עטנישע קולטורן שאַפן אַ האַרמאָנישע גאַנצקייט אין קאַנאַדעס סיסטעם״ (ציטירט פון אַ באַריכט וועגן דער ערשטער פּעדעראַלער מולטי־קולטור־קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין אָקטאָבער 1973 — ז׳ 1).

די קעניגלעכע קאָמיסיע האָט קריטיקירט דעם פֿאַקט, וואָס "פֿיל פֿון די קולטור־פּלוראַליסטישע טענדענצן אין קאַנאַדע באַקומען נישט קיין ממשותדיקע שטיצע פֿון דער רעגירונג". אין שייַכות מיט דעם האָט דער פֿעדעראַלער פּרעמיער־מיניסטער פּיער עליאָט טרודאָ פּראָקלאַמירט אין פּאַרלאַמענט (אין אָקטאָבער 1971) אַ נייַע "פּלוראַלע קולטור־פּאָליטיק". ער האָט דעם פּראָיעקט זייַנעם כאַראַקטעריזירט אַזוי: "די פּראָגראַמען צילן צו סטימולירן די פֿאַרשיידענע קולטור־גרופּעס צו טיילן זייער גייַסטיקע ירושה מיט אַלע קאַנאַדער, צו הייבן זייער פֿאַרשטענדעניש פֿאַר דער קולטור־פֿאַרשיידנקייט, וואָס איז אַ ברכה פֿאַרן לאַנד".

באַלד נאָך דעם איז געקומען דאָס עטאַבלירן אַ פּראָגראַם פֿאַר סובסידירן "פֿיל־קולטורישע פּראָיעקטן" ווי אַ טייל פֿון דעם מלוכה־סעקרעטאַריאַט (פֿאַקטיש אינערן־מיניסטעריום) מיטן בפֿירושדיקן ציל "צו העלפֿן דער צווייטער און דריטער גענעראַציע פֿון מינדערהייטן אויפֿצוהאַלטן און צו אַנטוויקלען אַ פֿאַרבונדנקייט צו זייער אייגענער קולטור־אידענטיטעט, ווי אויך צו העלפֿן נייַע אימיגראַנטן זיך אייַנצוגלידערן אין קאַנאַדער לעבן". זינט דאַן איז דער פּראָגראַם פֿון קולטור־פּלוראַליזם אויסגעוואַקסן און "צילט צו אַ דערנעענטערונג פֿון די פֿאַרשיידענע קולטור־גרופּעס, ווי אויך צו דערנעענטערן זיי צו די ענגלישע און פֿראַנצויזישע קאַנאַדער, אָן צו פֿאַרלירן זייערע אייגענע קולטור־אוצרות" (ציטירט פֿון דעם זעלבן דאָקומענט, זז' 1 און 2). שוין דער צווייטער פֿעדעראַלער בודזשעט האָט באַשטימט 10 מיליאָן דאָלאַר פֿאַרן יאָר 1973. הגם נאָך אַלץ אַ צו באַשיידענע סומע, איז אָבער דער פּרינציפּ גופֿא פֿון אַ סך אַ גרעסערער באַדייַטונג, ווי די גרייס פֿון דער בודזשעט־פּאָזיציע.

ווי שוין געזאָגט, קלייַבן מיר זיך נאָך נישט אונטערצוציִען קיין סך־הכּל פֿון אָט דעם פּראָגרעסיוון און קאָנסטרוקטיוון פּראָגראַם. ס'איז אָבער שוין מעגלעך צו באַקומען כאָטש אַ טיילווייַזן באַגריף וועגן דער טעטיקייט פֿון דעם מיניסטעריום אין משך פֿון איין יאָר, 1972, פֿון דעם פֿאַקט, אַז 497 גרעסערע סובסידיעס זייַנען פֿאַרטיילט געוואָרן צו כּמעט אַלע עטנישע גרופּעס אין לאַנד. לעת עתּה מוזן מיר זיך באַגרענעצן צו עטלעכע אָבסערוואַציעס, וואָס האָבן אַ דירעקטן שייַכות צום ייִדישן ייִשוב.

ייִדן האָבן באַקומען גאַנץ באַדייַטנדיקע סומעס, ווי למשל, פֿאַר דער גרינדונג פֿון אַ מוזיי אין וויניפּעג. אַ צווייטער פּראָיעקט איז דאָס שטיצן דאָקומענטאַרע פֿילמען פֿאַר אַ ייִדישער טעאַטער־גרופּע אין טאָראָנטאָ (אָרגאַניזירט דורך דעם נאַציאָנאַלן קאָמיטעט פֿאַר ייִדיש בייַם קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס), פֿאַר דער דראַמאַטישער גרופּע אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דאָרע וואַסערמאַן אין מאָנטרעאָל, פֿאַר פֿאַרשיידענע אויסגאַבעס, פֿאַר אַ יוגנט־כאָר בייַם "אַרבעטער־רינג" אין מאָנטרעאָל, פֿאַר אַ רייז איבערזעצונגען פֿון ייִדיש

אויף ענגליש, פּאַר אַן אַנטאָלאָגיע פון ענגליש־ייִדישער ליטעראַטור אאַ״וו. עס איז באַזונדערס כּדאַי צו דערמאָנען דעם פֿאַקט, אַז דער פּראָגראַם נעמט אויך אַרום דאָס שטיצן ספּעציעלע הילפֿס־מיטלען צום לערנען דריטע שפּראַכן (ד״ה עטנישע לשונות חוץ ענגליש און פראַנצויזיש). דאָס מיניסטעריום איז איצט, אַגב, אַנגאַזשירט אין גרינטלעכן פאָרשן דאָס פּראָבלעם פון אויפהאַלטן די ריינקייט פון עטנישע שפּראַכן. אַ ספּעציעלער פאָרש־פּראָיעקט זוכט צו דערגיין די סיבות פון אַסימילאַציע אד״גל.

נאָך אַ יאָר עקזיסטענץ פון דעם פּראָגראַם האָט דער פּרעמיער טרודאָ דערקלערט, אַז —

״די רעגירונג איז איצט נאָך מער איבערצײַגט אין דער נויטוועדיקייט צו העלפן די באַזונדערע קולטור־גרופּעס אין לאַנד אײַנצוהאַלטן זייער לאָיאַליטעט צו זייערע אייגענע קולטורן אין דעם פּראָצעס פון אינטעגראַציע אינעם קאַנאַדער לעבן״ (אין זעלבן דאָקומענט, ז׳ 6).

ווי אַ רעזולטאַט פונעם גרויסן דערפאָלג פון דעם פּלוראַלן קולטור־פּראָגראַם איז, ווי שוין פריִער דערמאָנט, געשאַפן געוואָרן נאָכן ערשטן יאָר אַ ספּעציעל מיניסטעריום פאַר קולטור־פּלוראַליזם (פריִער איז דער פּראָגראַם געוואָרן אַדמיניסטרירט דורך דעם אינערן־מיניסטעריום) אין אַ נאָך מער אויסגעברייטערטן פאַרנעם. חוץ דעם איז באַשטימט געוואָרן אַן אַל־קאַנאַדישער **״ראַט פאַר קולטור־פּלוראַליזם״** מיט פאָרשטייערס פון די גרעסערע עטנישע גרופּעס אין לאַנד. בײַ דער־אָ געלעגנהייט האָט דער פּרעמיער ווידעראַמאָל געמאַכט די פאָלגנדיקע דערקלערונג:

״אונדזער כּוונה איז צו פאָרמירן אַן אינסטאַנץ פון קוואַליפיצירטע יחידים צו פאַרזיכערן די מיטבאַטייליקונג פון אַלע עטנישע גרופּעס, און אויף אַזאַ אופן וועלן אַלע נאַציאָנאַליטעטן זיך מיטבאַטייליקן אין דעם קאָנסולטאַטיוון פּראָצעס פאַר קולטור־פּלוראַליזם״ (ד״ז, ז׳18).

דערווײַל איז דער פּראָגראַם פון קולטור־פּלוראַליזם בלויז אַ געלונגענער אָנהייב, אָבער אומאָפּהענגיק פון זײַן פאַרנעם און פון דער מאַטעריעלער הילף, איז די באַדײַטונג פון דער נײַער קאַנאַדער קולטור־פּאָליטיק אַ גאָר וויכטיקע. דער קאַנאַדישער עקספּערימענט איז בלי ספק אַ מאָדעל, וואָס דאַרף אויך אַנדערע ענלעכע לענדער באַוועגן צו שטאַרקן זייער קולטור־מאָזאַיִק אין די ראַמען פון אַ האַרמאָנישער פאַרשיידנאַרטיקער קולטור־גאַנצקייט.

ס׳איז אויך נישט קיין צופאַל, וואָס דאָס ״מיניסטעריום פאַר קולטור־פּלוראַליזם״ באַטראַכט דעם קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס ווי אַ מוסטער פון אַן אָרגאַניזירטער פאָלקס־געמיינשאַפט. טאָקע ווי אַן אויסדרוק דערפון איז סאַול בעיז, צו יענער צײַט דער עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פונעם קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס, באַשטימט געוואָרן נישט נאָר ווי אַ מיטגליד פון דעם ״מולטי־

קולטור־ראַט", נאָר אַלס דער פּאָרזיצער פונעם קוויבעקער רעגיאָנאַלן ראַט פון **קולטור־פּלוראַליזם.** די טעטיקייט פון דעם קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס ווערט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט דורך דער פעדעראַלער רעגירונג. דער קאַנאַדער ייִדישער קאָנגרעס דינט ווי אַ בײַשפּיל פאַר אַנדערע נישט־ייִדישע מינדערהייטן וויאַזוי צו אַנטוויקלען אַ מין פריַיוויליקן קולטור־אויטאָנאָמיזם אין די ראַמען פון אַן אַלגעמיינעם פּלוראַל־דעמאָקראַטישן קולטור־סיסטעם.

חוץ דער דירעקטער הילף, וואָס דער פּראָגראַם גיט שוין, און וואָס וועט נאָך מסתּמא ווערן פאַרגרעסערט, שטאַרקט ער אויך די חשיבות פון די באַדראָטע קולטורן אין לאַנד און העלפט זיי פאַרבעסערן זייער ראָל ווי אָרגאַניזירטע געמיינשאַפטן אין דער קאַנאַדישער ווירקלעכקייט. אין דעם פּרט האָט דער קאַנאַדער ייִדישער קאָנגרעס, ווי די אָנערקענטע רעפּרעזענטאַנץ פונעם ייִדישן ייִשוב, געשפּילט אַ פּיאָנערישע ראָל, וואָרום שוין אין 1955 האָט דער קאָנגרעס אַרויסגעגעבן אַ בראָשור פון א. לערמער, אין וועלכער ער האָט קלאָר פאָרמולירט דעם מהות פון קולטור־פּלוראַליזם בכלל, און אין קאַנאַדע בפרט. אויף אַלע פּלענאַרע סעסיעס פון קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס איז בדרך־כּלל געוואָרן איבערגעחזרט די זעלביקע פּאָזיטיווע אײַנשטעלונג צום פּרינציפּ פון קולטור־פּלוראַליזם.

איז קיין וווּנדער נישט, וואָס די איצטיקע קאַנאַדער קולטור־פּאָליטיק איז מיט גרויס וואַרעמקייט אויפגענומען געוואָרן דורך דעם קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס, וועלכער האָט נאָך מיט אַ פּאָר יאָר פריִער, אין 1969, גערופן אַ ביז גאָר געלונגענע אַל־נאַציאָנאַלע קאָנפערענץ פאַר ייִדיש אין מאָנטרעאָל, און נאָך דעם געגרינדעט אַ פּערמאַנענטע אָפּטיילונג פאַר ייִדיש דורך דעם **נאַציאָנאַלן קאָמיטעט פאַר ייִדיש.**

דער פאַקט, אַז ייִדיש איז געוואָרן אַזאַ וויכטיקער יש אין דער טעטיקייט, און דער עיקר אין דער אָפּיציעלער אײַנשטעלונג פון דעם קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס, איז באַזונדערס דערפרייענדיק, וואָרום גראָד דורך ייִדיש קען דער ייִשוב שפּילן אַ גאָר וויכטיקע ראָל אינעם פּראָגראַם פון קולטור־פּלוראַליזם. דורך ייִדיש האָבן קאַנאַדער ייִדן במשך לאַנגע יאָרן צוגעטראָגן זייער הויפּט־חלק צו דער קולטור־מאָזאַיִק פון דעם לאַנד. וואָס גרעסער עס ווערט דער אַקצענט אויף קולטור־פּלוראַליזם אין קאַנאַדע, אַלץ שטאַרקער ווערט אויך די מערכה פון ייִדיש סיי אין לאַנד, און סיי כּלפּי פּנים אין דעם ייִדישן ייִשוב גופא.

"די צוקונפט", מערץ 1975

# 80 יאָר וואָס האָבן אויפגעטרייסלט
# דאָס ייִדישע לעבן

(צום 80־סטן יוֹבל פון ״בונד״)

פאַר די וואָס האָבן איבערגעלעבט און מיטגעלעבט דעם געגעבענעם ציַיט־אָפּשניט פון אַ באַוועגונג, איז אַ יוֹבל אַ געלעגנהייט פאַר דערינערונגען, פאַר אַרויסהייבן דאָס סאַמע אינספּירירנדיקע, פאַר צוריק אויפוועקן די שענסטע רעמיניסצענצן פון אַ וויַיטער און נאָענטער פאַרגאַנגענהייט.

בדרך־כּלל זיַינען דאָס טיפע איבערלעבונגען, וואָס רופן אַרויס אַ ציטער ביַי די מיטבאַטייליקטע און פירן זיי אַריַין אין אַ יומטובדיקער, געלייטערטער שטימונג — בפרט נאָך ווען הערָאָיִזם און אידעאַליזם האָבן געשפּילט אַזאַ ריזיקע ראָל אין דער געשיכטע פון דער בונדישער באַוועגונג.

אַ יוֹבל פון אַ באַוועגונג, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָל אין לעבן פון פאָלק אין משך פון אַ גאַנצער תּקופה, הערט אָבער אויף צו זיַין אַ יש בלויז פאַר די דירעקט באַטרעפנדיקע אָנהענגערס און טרעגערס פון אָט דער סאָציאַל־פּאָליטישער און נאַציאָנאַלער באַוועגונג. אַזאַ יוֹבל ווערט בלי ספק אַ וויכטיקער מיַילשטיין אין היסטאָרישן גאַנג פונעם פאָלק.

אַזוי דאַרף מען טאַקע באַטראַכטן דעם 80־יאָריקן יוֹבל פון אַלגעמיינעם ייִדישן אַרבעטער־בונד (ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אויך עקזיסטירט אַ רומענישער ״בונד״, אַ ציַיט לאַנג אויך אַ לעטלענדישער, און ביז צו דער ליקווידאַציע דורך דער באָלשעוויסטישער רעגירונג — דער ״בונד״ אין רוסלאַנד, וואָס האָט אויך כּולל געווען אוקראַיִנע און וויַיסרוסלאַנד).

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן די געראַטעוועטע בונדיסטן, צעשפּרייטע איבער וויַיטע קאָנטינענטן אין אַ סך לענדער, געשאַפן אין בריסל (אויף דער וועלט־קאָנפערענץ פון בונדישע און קרוֹבישע אָרגאַניזאַציעס), צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון ״בונד״, אַ וועלט־פאַראייניקונג מיט אַ צענטראַלע אין ניו־יאָרק, אונטערן נאָמען ״דער וועלט־קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פון ׳בונד׳ און קרוֹבישע אָרגאַניזאַציעס״.

צום ערשטן מאָל — וויַיל פריִער האָט דער ״בונד״ פּרינציפּיעל נעגירט די קאָנצעפּציע פון אַ ייִדיש וועלטפאָלק, און במילא נישט געהאַלטן פון

אַ וועלט־אָרגאַניזאַציע. אויסלענדישע (מחוץ פוילן) בונדישע גרופּעס זײַנען באַטראַכט געוואָרן ווי "פריַינט פון 'בונד' אין פוילן".

הגם אָט די ראַדיקאַלע ענדערונג איז געקומען קודם־כּל ווי אַ רעזולטאַט פון דעם חורבן, פון וועלכן דער "בונד" האָט — צוו"אַנד אויך מחמת זײַן צענטראַלער אײַנשטעלונג צו דער עקזיסטענץ פון וועלטפאָלק — געליטן מער פון אַנדערע באַוועגונגען, איז אָבער פאַרט דער דאָזיקער נײַער עטאַפּ אין זײַן געשיכטלעכן גאַנג אַ באַווײַז פון אַ לאַנגן, קאָנסעקווענטן פּראָצעס פון דעם לכתחילהדיקן נייטראַליזם בנוגע דער נאַציאָנאַלער פראַגע, ביז צום אַקצענטירן די גורל־געמיינשאַפט פון ייִדישן פאָלק אין וועלט־מאַסשטאַב.

זינט 1947, ווען ס'איז נאָך געפײַערט געוואָרן אין ניו־יאָרק אויף אַ גראַנדיעזן אופן דער 50־יאָריקער יובל פון "בונד", האָבן די קעגנערס פון "בונד" כּסדר אונטערגעשטראָכן, אַז דאָס גיט מען אָפּ כּבוד דעם נעכטן פון "בונד", און אַז אייגנטלעך פאַרענדיקט זיך דערמיט די ראָל און עקזיסטענץ פון אָט דער אַמאָל מעכטיקער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג.

הײַנט, 30 יאָר שפּעטער, וועלן בונדישע עקשנים ווידעראַמאָל פײַערן מיט אַ סך אויסדרויער די דאָזיקע היסטאָרישע דאַטע אין פאַרשיידענע ייִדישע צענטערס פון דער וועלט, אײַנשליסנדיק מדינת ישראל.

אַוודאי שפּילט דאָ אַ ראָל די צוגעבונדנקייט פון די געטרײַע טרעגערס פון בונדיזם צו זייערע יוגנט־טרוימען און זייער טיפע אידענטיפיקאַציע מיט דעם ראָמאַנטיזם פון יענעם גרויסן רעוואָלוציאָנערן איבערברוך, וועלכן דער "בונד" האָט גורם געווען אין ייִדישן לעבן מיט זײַן אַנטשטייונג אויף דער שוועל פון XX יאָרהונדערט.

ס'וואָלט אָבער בפירוש געווען אַ גרויסער פעלער צו באַטראַכטן די ריזיקע דערפאַרונג, וואָס דער "בונד" האָט אָנגעזאַמלט, און זײַן אייגנאַרטיקע ראָל אין מאָדערנעם ייִדישן לעבן בלויז ווי אַ יש פאַר זײַנע אָנהענגערס, אָדער פון אינטערעס נאָר פאַר היסטאָריקער. דער "בונד" ווערט מיט רעכט אידענטיפיצירט מיט דעם "שטורעם־און־דראַנג" פעריאָד פון מאָדערנעם מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדישן לעבן. אַ תּקופה, וואָס האָט, לײדער, געהאַט גאָר אַ ביטער מזל אין דעם צווייטן אידעאָלאָגישן לאַגער, וואָס איז ווי אַ פּאָליטישע באַוועגונג אַנטשטאַנען, כּידוע, פּונקט אין דעם זעלבן יאָר ווי דער "בונד" — צום ציוניזם.

אַזוי ווײַט איז דערגאַנגען די פאַראַכטונג צום אַזויגערופענעם "גלות־ייִד" , אַז דער בפירושדיקער שיינגײַסט פון דעם אַרבעטער־ציוניזם, **חיים גרינבערג**, האָט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער אויפריכטיקייט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן די דאָזיקע פאַרקריפּלטע קאָנצעפּציע פון שלילת הגלות.

"ווען מיר האָבן אין אונדזערע קרײַזן" — האָט ער געשריבן — "אַרויס־געזאָגט דאָס וואָרט 'גלות־ייִד', האָט דאָס אָפּטמאָל געהייסן אַ נעבעכדיק

באַשעפעניש, אָן קראַפט, אָן מאַניערן, אָן מענטשלעכן גלײַכגעוויכט, אָן שטאָלץ, גרייט צו קריכן אויף אַלע פיר און זיך "אוניזשאַיען" – דערנידעריקן – פֿאַר אַ שטאַרקערן, פֿול מיט מורא פֿאַר אַ גוי. איצט, ווען איך האָב איבערגעשפּאַנט אָקעאַנען, זיך באַקענט מיט קאָנטינענטן, איצט ווען פֿאַר מײַנע אויגן וואַקסט אַ נײַער דור, אַ דור אין וועלכן עס איז אינוועסטירט אויך מײַן ביסל פֿלייש און בלוט, הער איך נאָך אַלץ דעם באַגריף 'גלות־ייִד'. איך דערמאָן זיך דערבײַ, אַז די מײַנסטע ייִדן האָבן אין די לעצטע יאָרן אויסגעהויכט זייער אָטעם אין טרעבלינקע, אין בוכענוואַלד, אויף פּוסטע פֿעלדער און אין ווילסטע וועלדער, אויף תּליות, אויף שײַטערהויפֿנס און אין גאַז־קאַמערן... און מיט זיי זײַנען אַוועקגעגאַנגען אין דער אייביקייט זייער לשון און תּנועות, זייער חיתוך הדיבור און חיתוך המחשבה; זייערע שלעכטע און זייערע גוטע מידות, זייערע לאַנגע עצבֿות און זייערע קורצוויַיליקע פֿריידן – האָב איך דאָס געפֿיל ווי מען שענדט קבֿרים; די קבֿרים פֿון אייגענע, פֿון די אייגנסטע וואָס מיר האָבן ווען עס איז פֿאַרמאָגט". און ווײַטער: "דער גלות־ייִד איז דער גרעסטער גײַסט־אַוואַנטוריסט אין דער מענטשלעכער געשיכטע, אויך דער גרעסטער אַנטי־דעפּעטיסט. ער האָט גענומען אַ פּלאַן, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַ באַשטימטן לאַנד און האָט זיך געזאָגט: 'אָט די פּלאַנץ וועל איך מאַכן לעבן, בליִען און געדייען אויף אַלע באָדנס, און אונטער אַלע הימלען, און אומעטום וועט זיך מײַן פּלאַנץ פֿילן היימיש'. אויב די דערנער וועלן שטערן, וועט זי ווערן פֿאַרוואונדעט, אָבער לעבן וועט זי קיינמאָל נישט אויפֿהערן און דורך וווּנדן וועט דער זאַפֿט נישט אויסרינען".

ס'איז גוט וואָס מען קען אַן אייגענע מיינונג באַקרעפֿטיקן מיט די מיינונגען פֿון אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי חיים גרינבערג. אָט איז אַן אַנדערער אויסדרוק, פֿון אַבֿרהם יהושע העשעל: "ווען נבֿוכדנאצר האָט חרובֿ געמאַכט ירושלים און פֿאַרברענט דעם בית־המקדש, האָבן אונדזערע עלטער־זיידעס נישט פֿאַרגעסן מתּן־תּורה פֿון באַרג סיני און די ווערטער פֿון די נבֿיאים. הײַנט ווייסט די וועלט, אַז דאָס וואָס עס איז געשען אין ארץ־ישׂראל, איז פֿאַרהייליקט געוואָרן. פֿון דאָרט האָבן פֿעלקער געשעפּט אינספּיראַציע. ס'וועט קומען אַ טאָג, ווען דאָס טרויעריקע ליכט פֿון מזרח־אייראָפּע וועט זיך אַנטפּלעקן אין דער פֿולער מאָס. די תּקופֿה איז געווען דער שיר השירים פֿון דער ייִדישער געשיכטע במשך פֿון די לעצטע צוויי־טויזנט יאָר. אויב אויך אַנדערע תּקופֿות זײַנען געווען הייליק, איז די־אָ די הייליקסטע פֿון די הייליקע (אין אונדזער מאַרטירער־געשיכטע)".

מיר שטעלן זיך אַזוי באַריכותדיק אָפּ אויף אָט דעם סאַמע וויכ־טיקסטן (לויט אונדזער מיינונג) אַספּעקט, נישט כּדי צו באַווײַזן ווער ס'איז געווען גערעכט, נאָר ווער ס'קען זײַן אויך ווײַטער גערעכט, אויפֿן

סמך פון דער ביז גאָר רײַכער דערפֿאַרונג פון "בונד".

מדינת ישראל וועט האָפֿנטלעך בלײַבן איינער פון די וויכטיקסטע שטיצפּונקטן אין דער עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג פון אונדזער פֿאָלק. אָבער אויך מדינת ישראל נייטיקט זיך אין אָנקניפּן אַ וואַרעמען, אינטימען קאָנטאַקט מיט דער גײַסטיקער ירושה פון דעם אַזויגערופֿענעם "גלות־ייִד". לעבט דאָך די גרויסע מערהייט ייִדן מחוץ ישראל. איז דען מעגלעך, אַז איבער פיר פֿינפֿטל פון אונדזער פֿאָלקס־געמיינשאַפֿט זאָל בלײַבן אַקטיוו אין גבול פון ייִדישן וועלטפֿאָלק, אָן צו שעפּן פון דעם טיפֿן, שפּרודלדיקן קוואַל פון דער גאָלדענער מזרח־אייראָפּעיִשער תּקופֿה אין אונדזער געשיכטע?

אַוודאי האָט נישט דער "בונד" קיין מאָנאָפּאָל אויף יענער עפּאָכע. אָבער דאָס האָט דאָך ער, דער ערשטער ווי אַן אָרגאַניזירטע באַוועגונג, געריסן מיט אַ שטייגער וואָס האָט, ווי מענדעלע האָט עס אַזוי פּאַטעטיש געשילדערט, געהאַלטן בײַם פֿאַרגליווערט און פֿאַרשטאַרט ווערן. די אַמאָליקע גרויסע חסידישע פֿאָלקס־רעוואָלוציע האָט, ווי אַ רעוואָלוציע, זיך שוין לאַנג געהאַט אויסגעוועפּט און אויפֿגעהערט צו אינספּירירן די מער פֿילבאַרע יוגנט און אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך געריסן צו דער אָפֿענער וועלט, אַרויס פון דעם תּחום־המושב. די אַסימילאַציע האָט גענומען רײַסן שטיקער, און האָט קודם־כּל באַאײַנפֿלוסט די דאָזיקע ייִדישע אינטעליגענץ. די אינטעליגענץ האָט גוט געקענט דעם דחקות און די שרעקלעכע אָרעמקייט, אין וועלכער די ייִדישע מאַסן, "די פֿאַריער פון די פֿאַריער", האָבן געלעבט. דער ייִדישער בעל־גוף, דער גביר און כּמו־גביר, דער אַרויפֿגעאַרבעטער אונטערנעמער, האָט שוין לאַנג פֿאַרגעסן די לויטערער נביאיש־עטישע פּרינציפּן.

הגם געליטן ווי ייִדן פון צאַרישן רעזשים, האָט אָבער דער קלאַסן־אינסטינקט פון דער ייִדישער בורזשואַזיע אָפֿט גורם געווען דאָס אויסנוצן דעם כּוח פון דער קאָזאַקישער נאַהײַקע קעגן דעם אויסגעמאַטערטן אַרבעטס־מענטש. ער, דער אַרבעטס־מענטש, האָט יאָמערלעך געליטן און טאַקע בלית־ברירה איז ער געוואָרן הכנעהדיק, כּדי צו ראַטעווען דאָס חיות פון זײַנע נאָענטסטע.

נישט קיין וווּנדער, אַז די וואָס זײַנען אָנגעשטעקט געוואָרן מיט די נײַע סאָציאַליסטישע אידייען, זײַנען אַוועק צו אַנדערע פֿעלקער זוכן אַ תּיקון פֿאַר זייערע עטיש־מאָראַלישע וויזיעס.

ערשט דער "בונד" האָט אויפֿגעפּראַלט גײַסטיקע טיר־און־טויערן צו דער ברייטער וועלט, אָן צו אַנטלויפֿן פונעם אייגענעם פֿאָלק.

גלײַכצײַטיק האָט דער "בונד" געמוזט קעמפֿן מיט געוואַלדיקן מסירת־נפֿש קעגן דער ברוטאַלער דראַקאָנישער מאַכט, דער רוסישער, פון איין זײַט, און דעם טראַדיציאָנעלן שטעטלשן לעבן, פון דער אַנדערער זײַט. דאָס וואָלט לחלוטין נישט מעגלעך געווען אָן דער נײַער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו

פון פֿאַרבינדן נאַציאָנאַלע וויטאַליטעט מיט גרויסע, דערהויבענע סאָציאַלע וויזיעס פֿאַר דער גאַנצער מענטשהייט. אין דעם־אָ סינטעז האָט זיך פֿאָרמירט די אייגנאַרטיקע ראָל פֿון "בונד".

אָט דער פֿונדאַמענטאַלער צוגאַנג האָט בשעתו אַרויסגערופֿן אַ פֿאַרעקשנטן ווידערשטאַנד מצד דער רוסישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג — סײַ מצד די מענשעוויקעס און סײַ מצד די באָלשעוויקעס. ביידע האָבן פֿאַרביסן באַקעמפֿט דעם "בונד" פֿאַר זײַן כּלומרשטן נאַציאָנאַליזם. ווען ס'איז געשאַפֿן געוואָרן דער קאָמינטערן און ס'איז געוואַקסן די קאָמוניסטישע השפּעה אויף דער ייִדישער גאַס, איז ווידעראַמאָל איינע פֿון די עיקרדיקע צילברעטער, אין וועלכע דער קאָמוניזם האָט געשאָסן, געווען דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פֿון "בונד".

שוין אין יאָר 1903 (בעת דעם באַרימטן לאָנדאָנער צוזאַמענפֿאָר פֿון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי) איז דאָס "זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט פֿאַר ייִדן אין די ראַמען פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג" געווען אַן עיקר־פּרינציפּ פֿון "בונד". די אַנטשלאָסענע האַלטונג פֿון "בונד" איז געווען אַ פּרעלודיע צו דעם בונדישן פּראָגראַם פֿון "נאַציאָנאַלער קולטורעלער אויטאָנאָמיע" פֿאָרמולירט דורך וולאַדימיר מעדעמען אין 1905. דער געוואַלדיקער רעוואָלוציאָנערער אויפֿשוווּנג אין 1905־6, וואָס האָט צוו"אַנד אויך צוגעגרייט דעם באָדן פֿאַר דער העלדישער זעלבסטשוץ אין אַ סך שטעט, האָט אַרויסגעפֿירט די ביז דאַן אומלעגאַלע סכאָדקע־באַוועגונג אויף דער ברייטער אויבערפֿלאַך און געשטאַרקט די ווירדע און העראָישע האַלטונג פֿון ייִדישן אַרבעטער און פֿאָלקס־מענטש.

די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פּלאַטפֿאָרם פֿון "בונד" האָט אַרויסגערופֿן גרויס באַגײַסטערונג בײַ י.ל. פּרצן און בײַם גרעסטן טייל פֿון דער פּלע־יאַדע ייִדישע שרײַבער פֿון יענער צײַט. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה נעמט וואַקסן די ייִדיש־וועלטלעכע שול־באַוועגונג, וואָס פֿירט צו דער גרינדונג פֿון דער צענטראַלער ייִדישער שול־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אויך אַרומגענומען די לינקע פּועלי־ציון און אַ גרעסערע צאָל אומפּאַרטייאישע פּערזענלעכקייטן.

די ציש"אָ שרײַבט אַרײַן אומפֿאַרגעסלעכע בלעטער אין דעם מאָדערנעם ייִדישן לעבן. ביבליאָטעקן, כאָרן, אָוונט־שולן מערן זיך ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן אין די שטעט און שטעטלעך פֿון פּוילן, אין וועלכע דער "בונד" שפּילט אַ ביז גאָר גרויסע ראָל.

דער ייִדישער שרײַבער דערשפּירט דעם הייסן אָטעם פֿון דער ענטוזיאַס־טישער גרויסער פֿאָלקס־באַוועגונג און דערשאַצט אַלץ מער און מער די באַדײַטונג פֿון דעם רענעסאַנס פֿון ייִדישן פֿאָלקס־לעבן אינעם צווישן־מלחמה פּעריאָד אין פּוילן. נישט געקוקט אויף דעם וואַקסנדיקן אַנטיסעמיטיזם, לעבט

דאָך דער ייִשוב איבער אַן אמתן גײַסטיקן שטורעם־און־דראַנג־פּעריאָד.

כאָטש דער "בונד" ווירקט שוין מער נישט אַליין אין אָט דער דינאַמישער, פּולסירנדיקער סביבה, שפּילט ער אָבער בלי ספק אַ ביז גאָר צענטראַלע ראָל. די השפּעה פון "בונד" וואַקסט שטאַרק אויס. זײַנע פאָרשטייער ווערן די פירנדיקע רעפּרעזענטאַנטן אין די שטאָטראַטן. און ווען עס קומט דער מוראדיקער חורבן, צייכנט די בונדישע באַוועגונג זיך אויס מיט אַ גײַסטיקן און פיזישן ווידערשטאַנד, וואָס שטײַגט ווײַט אַריבער די סאַמע געוואַגסטע פאָרשטעלונג.

אַרטור זיגעלבוים האָט די קדושה פון די געטאָ־קעמפּערס מיטדעמאָנסט־רירט אויף אַן אופן, וואָס וועט בלײַבן ווי אַן עמוד אש, אַ פײַער־זײַל, אין דער ייִדישער מאַרטיראָלאָגיע; די צוויי אומשולדיקע קרבנות, די איידעלע, קרישטאָל־ריינע פירערס פון "בונד" אין פוילן, הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער, וועלכע זענען אומגעקומען אין די קעלערן פון דער נ.ק.וו.ד., געהערן צו דער זעלבער גרויסער עפּאָפּייע פון אונדזער דור.

נישט געקוקט אויף דער ריזיקער אידעיִשער אָנלאָדונג פון פּוילישן "בונד", איז זײַן השפּעה אויף די נײַע תּפוצות, אַרײַנגערעכנט די פּאַראייניקטע שטאַטן, געווען אַ סך קלענער ווי די ספּעציפישע אידעאָלאָגישע וואָג זײַנע. ווי שוין פריִער דערמאָנט, האָט דער "בונד" ביז צום סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה נאָך נישט געהאַט אַקצעפּטירט דעם פּרינציפּ פון אַ ייִדיש וועלטפאָלק, און במילא נישט פאָרמירט קיין בונדישע וועלט־באַוועגונג. דאָס מיינט נישט, אַז די דאָזיקע ייִשובים וואָלטן טאַקע געקאָנט ממשיך זײַן אין דער פולער מאָס דעם בונדישן צוגאַנג אין זייער אַנטוויקלונג. אָבער אַ באַשטימטע ווירקונג וואָלט דאָך געהאַט אויף די דאָזיקע ייִשובים די עקזיסטענץ פון אַ בונדישער וועלט־באַוועגונג נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

גראָד נאָכן חורבן קען אונדזער פאָלק בשום־אופן זיך נישט דערלויבן צו פאַרזען די דויערנדיקע ווערטן, וואָס דער "בונד" האָט אין משך פון די 80 יאָר אַרײַנגעבראַכט אין ייִדישן פאָלקס־לעבן.

"די ייִדישע געשיכטע האָט אין די פּוילישע ייִדן דערגרייכט אַ שפּיץ פון איר מיזאַמען באַרג" — האָט י.י. טרונק געשריבן אין ד־טן באַנד פון זײַן מאָנומענטאַלן ווערק "פּוילן".

ווען דער רויך פון די קרעמאַטאָריעס האָט זיך ענדלעך געזעצט, ווען דער צער פונעם אומקום פון מיליאָנען האָט זיך אַנטפּלעקט אין דער פולער גרויל — זײַנען מיר ייִדן דאַן געפּלעפטע און דערשיטערטע געשטאַנען פאַר דער טראַגישער דילעמע פון ווענדן אונדזער צאָרן צו דער גאַנצער וועלט, וועלכע האָט (מיט קליינע אויסנאַמען), אין שרעקלעכסטן מאָמענט אונדז פאַרלאָזט, און דערמיט דערפירט זיך אַליין צו אַ פולשטענדיקן מאָראַלישן באַנקראָט.

די מזרח־אייראָפּעיִשע ייִשובים זייַנען געבליבן ווי חורבות נאָך אַן ערד־ציטערניש. אַנדערע האָבן געהאַט די אילוזיע, אַז דורך דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל איז דער קיום פון ייִדישן פאָלק פאַרזיכערט. שטימונגען פון דעפּעטיזם בנוגע די פּערספּעקטיוון פון ייִדישן קיום אין דער וועלט, האָבן זיך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער געמערט. גייַסטיקער איזאָלאַציאָניזם האָט באַהערשט די ייִדישע וועלט, אַ גרייטקייט צו שטעלן אַ קרייץ אויף יעטווועדער האָפענונג. אַן אַפּאַטיע און אַ רעזיגנירטקייט צו די פּרווון דאָך צו שטעלן אויף דעם עווענטועלן וווקס פון די פּאָזיטיווע כּוחות, וואָס שטרעבן צו שלמות פון דעם מענטשלעכן מין, האָט אַרומגעכאַפּט אונדזער פאָלק.

צו ביסלעך האָט אָבער געמוזט שטייַגן די איבערצייַגונג, אַז אָן אַזאַ וויזיע קען אויך דאָס ייִדישע פאָלק נישט געדייַען. נישט אין ישראל און נישט אין די תּפוצות.

כּדי טאַקע צו שטעלן אַ גייַסטיקן ווידערשטאַנד די דעסטרוקטיווע שטימונגען פון אונדזער פאָלק, שעפּן מיר פון טיפן קוואַל פון זייַן העראָיִשן נעכטן, פון דער קדושה, וואָס האָט באַלויכטן דעם שווערן דערנערווועג פון אונדזער דראַנג צו גאולה פאַרן ייִדישן פאָלק, ווי אויך פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

דערפאַר מוז דער היסטאָרישער בייַטראָג פון "בונד" באַטראַכט ווערן ווי אַ ריזיקער נאַציאָנאַלער אוצר פאַרן הייַנט און מאָרגן פון ייִדישן פאָלק.

אַכציק יאָר פון אַזאַ אידעיִשער באַוועגונג וואַקסן אין זייער באַדייַטונג ווייַט אַריבער די ראַמען פון אַ פּאַרטיי־יום־טוב, פאַרוואַנדלען אים אין אַ היסטאָרישן פאָלקס־יובל, און ווי אַזעלכן דאַרף טאַקע די גאַנצע ייִדישע געזעלשאַפטלעכקייט באַטראַכטן דעם 80־יאָריקן יובל פון "בונד".

80 יאָר, וואָס האָבן אויפגעטרייסלט דאָס ייִדישע לעבן, מוזן דינען ווי אַ מעכטיקער גייַסטיקער הייבער אין ווייַטערדיקן קאַמף פאַרן קיום און המשך פון אונדזער שווער געפּרוווטן פאָלק.

וואָס גרעסער די סכּנות, וואָס לויערן אויף אונדזער פאָלק צוליב אינערלעכע און אויסערלעכע געפאַרן, אַלץ גרעסער די באַדייַטונג פון די אָנגעזאַמלטע גייַסטיקע אוצרות פון נעכטן פאַר דער צוקונפט פון ייִדישן קיום.

"די צוקונפט", נאָוועמבער 1977

## וואָס עמנואל שערער (1901 – 1977) איז געווען...

גרויזאַם איז יעדער טויט, אָבער נאָך פיל טיפער איז די פּייַן ווען עס פּאַלט אַ צענטראַלע זייַל פון דייַן פּאַרטייאישער באַוועגונג. ווי האַרצרייַסנדיק דאָס זאָל נישט קלינגען, געזעגענען מיר זיך הייַנט מיט דיר אויף אייביק, טייַערער מונדעק, ווי מיר פּלעגן דיך רופן אין אונדזער היימשטאָט קראָקע.

דער "בונד" אין קראָקע איז געווען געבענטשט מיט אַן אידעאַליסטישער אינטעליגענץ. נאָך בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה שליסט אויך עמנואל שערער זיך אָן אין דער גרויסער בונדישער באַוועגונג פון גימנאַזיע־שילער, Zjednoczenie (פּאַראייניקונג). שפּעטער ווערט ער שטאַרק אַקטיוו אין דער בונדישער סטודענטן־אָרגאַניזאַציע און אין יוגנט־בונד "צוקונפט".

עמנואל שערערס שם ווי אַן עילוי אין יוריספּרודענץ, ווי אַ גלענצנדיקער פּאָלעמיסט און טיפער דענקער, פאַרשפּרייט זיך בליץ־שנעל. די פירערשאַפט פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג מאַכט אַלע באַמיִונגען אים אַרייַנצוציִען אין דער פּ.פּ.ס. נישט געקוקט דערויף, וואָס אַ גרויסע פּאָליטישע קאַריערע וואָלט זיך פאַר אים געעפנט, קלייבט ער אויס דעם שווערן דערנער־וועג. ער באַהעפט זיך גאָר פרי מיטן "בונד" און בלייַבט אים טרייַ ביז דעם לעצטן אָטעם־צוג פון זייַן ערלעבן, קרישטאָל־ריינעם, אידעאַליסטישן לעבן.

מיט זייַן שאַרפזין און הויכער אינטעליגענץ האָט ער געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין אָפּשלאָגן דעם אָנגריף פון קאָמוניזם אויף דער בונדישער ראַדיקאַל געשטימטער יוגנט אין קראָקע. אויב דער יוגנט־בונד "צוקונפט" האָט אין די אָנהויב צוואַנציקער יאָרן אויסגעמיטן אין קראָקע אַ שפּאַלטונג, איז עס אין אַ גאָר גרויסער מאָס געווען זייַן, ד"ר שערערס, פאַרדינסט.

ווען דער "בונד" באַשליסט אַרויסצוגעבן אַ פּוילישן טעאָרעטישן אָרגאַן אין קראָקע, א"נ "Walka", אונטער דער רעדאַקציע פון ד"ר באָריס יאָפּע, ווערט עמנואל שערער דער סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע.

די "וואַלקאַ" האָט זיך גיך קונה־שם געווען, און דער צ.ק. פון "בונד" האָט באַשלאָסן איבערצונעמען איבער איר די אַפּוטרופּסות. אין שייַכות מיט דעם באַזעצט זיך עמנואל שערער אין וואַרשע, ווו ער האָט שפּעטער פאַרנומען דעם אַמט פון גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער צענטראַלע פונעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די האַנדלס־ און ביוראָ־אָנגעשטעלטע אין פּוילן

ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אַ קורצע ציַיט האָט ער צוזאַמען מיט וויקטאָר אַלטערן רעדאַגירט אַ בונדישע פּוילישע טאָג־ציַיטונג אין וואַרשע.

די נאָענטע אידעיִשע און פּערזענלעכע פריַינדשאַפט מיט וויקטאָר אַלטערן, מיט הענריק ערליכן און אַנדערע פּערזענלעכקייטן אין „בונד", האָט אָן ספק געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל פאַר דער צוקונפטיקער פּאָזיציע, וואָס ד״ר שערער האָט פאַרנומען אין „בונד". נישט קיין וווּנדער, וואָס נאָך דער עקידה זיגעלבוים איז אויף אים געפאַלן די אויפגאַבע ממשיך צו זיַין אין פּוילישן גלות־פּאַרלאַמענט אין לאָנדאָן דעם שווערן געראַנגל פאַר אונדזער יידישער און מענטשלעכער ווירדע. ער האָט דערביַי געבראַכט אַ גאָר גרויסן פּערזענלעכן קרבן פון לאָזן אין ניו־יאָרק זיַין פרוי מיט אַ קליין קינד. זיַין באַציִונג צו בראָנקען, זיַין פרוי, איז געווען אַ באַזונדערס רירנדיקע. ער האָט כּסדר געמוזט זאָרגן פאַר איר אין די לאַנגע יאָרן פון אירע ליַידן צוליב אומהיילבאַרע קראַנקייטן, בפרט פון די אויגן. אויך זי פלעגט אים צוגעבן מוט און קוראַזש אויסצוהאַלטן די אָפטע באַמבאַרדירונגען אין לאָנדאָן און די שווערע נסיונות, אויף וועלכע ער איז כּסדר געווען אויסגעשטעלט אין די היטלער־יאָרן, ווי אַ שליח ציבור פון יידישן פאָלק אין פּוילן.

אַוודאי האָט די העראָיִשע באַוועגונג, מיט וועלכער ער האָט זיך פאַרבונדן, געהאָלפן פאָרמירן זיַין כאַראַקטער. אָבער היות ווי איך האָב גוט געקענט זיַין פאָטער — די מוטער איז געשטאָרבן בעת ער איז נאָך אַ קינד געווען — קען איך אויך די השפּעה פון זיַין היים. דער פאָטער, אַן אינטעליגענטער שניַידער־מיַיסטער, האָט געגעבן זיַין זון, ווי דער שטייגער איז געווען אין קראָקע, אַ פּוילישע דערציִונג. עמנואל האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז כּדי צו אידענטיפיצירן זיך מיטן „בונד", מוז ער זיך אויסלערנען ייִדיש. האָט ער טאַקע אַנטוויקלט אַ גאָר פיַינעם יידישן סטיל אין שריפט און אין שפּראַך. זיַינע אינטעלעקטועלע אינטערעסן זיַינען וויַיט איבערגעשטיגן די גרענעצן פון די סאָציאַל־עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן. חוץ טיפער קענטעניש פון מאַרקסיזם, איז ער געווען באַהאַוונט אין עקזאַקטע וויסנשאַפטן, באַזונדערס אין טעאָרעטישער פיזיק (אַ געביט, אין וועלכן ס׳איז, אגב, אַריַין זיַין גראָטענער איינציקער זון). שערער האָט אויך ליב געהאַט און איז געווען אַ קענער פון מוזיק און קונסט. ער האָט געזוכט שלמות און פולע האַרמאָניע פון אויסגעאיידלטן מענטש און ייִד. זיַין ראַם פון דענקען איז געווען דער גאַנצער אוניווערס.

נאָכן צוריקקערן זיך פון לאָנדאָן קיין ניו־יאָרק, עפענען זיך גאָר גרויסע מעגלעכקייטן פאַר שערערן, דעם שפּראַכן־קענער און יוריסט. שערער קליַיבט אָבער אויס דעם שווערן, באַרגיקן וועג פון דינען דעם „בונד" מיט ליַיב און לעבן. צוערשט ווי אַ רעדאַקטאָר פון „אונזער ציַיט", און שפּעטער אויך ווי

דער סעקרעטאַר פון דעם קאָאָרדינירֿקאָמיטעט פון ״בונד״.

מיט אויסערגעוויינטלעכן מסירות־נפש און טיפער אַנאַליטישער קראַפט באַגעגנט ער שווערע נסיונות, כּדי צו פֿאַרזיכערן דעם ״בונד״ אין דעם ריינסטן — ווי ער האָט דאָס באַנומען — אידעיִשן מהות. באַזונדערס האָט ער געזוכט אַ וועג צו דער יוגנט.

שערער וועט בלי ספק אַריַין אין דער געשיכטע פון ״בונד״ ווי איינער פון די סאַמע דערהויבנסטע פירער און גייַסטיקע אַרכיטעקטן אין דער שווערסטער נאָך־חורבן־תּקופה פון ״בונד״.

נישט יעדער האָט געמוזט מסכּים זייַן מיט אַלע זייַנע קאָנקרעטע אויספירן, באַזונדערס בנוגע מדינת ישראל. אָבער קיינער קען נישט צווייפלען אין שערערס אויפריכטיקן ווילן צו פֿאַרזיכערן דעם שלום און העלפן ישראל זיך אַרויסצורייַסן פון דער טראַגישער אַרומרינגלונג. אַחוץ דעם מוז ישראל פטור ווערן, פלעגט ער מאָנען, פון שאָוויניזם.

באמונה שלמה האָט ער געגלויבט אין המשך פון ייִדישן וועלטפאָלק און געהאַלטן, אַז קיין שום ייִשוב — אַרייַנגערעכנט מדינת ישראל — טאָר נישט דאָמינירן איבער אַנדערע ייִשובים. מיט זייַן טיפער איבערצייַגונג האָט ער פֿאַרטיידיקט די אייגנאַרטיקע אידעיִשע פּאָזיציע פון ״בונד״ אין סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, ווי דער לעגיטימער יורש פון אויסגעהרגעטן פאָלק. ער האָט שטאַרק געגלויבט, אַז דער ״בונד״ האָט אויך ווייַטער גאָר אַ גרויסע ראָל צו שפּילן אין ייִדישן לעבן. אין בעסטן פאַל קען ישראל אַליין נישט לייזן די ייִדן־פראַגע. כּדי זי זאָל קענען אַפילו טיילווייַז דערפילן איר אויפגאַבע, מוז זי גופא זיך איבערשטעלן אויף אַנדערע אידעיִשע, נאַציאָנאַלע, פּאָליטישע, סאָציאַלע און קולטור־רעלסן.

נישט געקוקט אויף דער פאַרהאַרטעוועטקייט פון אַן עכטן גייַסטיקן רעוואָלוציאָנער, האָט ד״ר שערער נישט איינעם ממש פאַרחידושט מיט זייַן סובטעל־האַרציקער באַציִונג צו לייַדנדיקע, קראַנקע און עלנטע חברים. זייַן איבערגעגעבנקייט צו זיי איז באמת געווען צו באַוווּנדערן. זייַן צאַרטקייט האָט שטאַרק פאַרכאַפּט. ער האָט בחוש געשפּירט די פולע האַרמאָניע צווישן זייַן קדושהדיקער באַציִונג צו אונדזערע אידעאַלן און צו דעם מין מענטש, וואָס מוז זייַן דער יסוד פון אָט די לויטערע אידייען.

דו, טייַערער מונדעק, האָסט געקענט אַזוי דרייסט אַריבערשפּרינגען מיט דייַנע בליקן איבער דעם טרויעריקן הייַנט צו אַן אויסגעלייַטערטער וועלט בכלל און ייִדיש לעבן בפרט.

אין טיפן צער, מיט הערצער צעקלעמטע און צעווייטיקטע, גיבן מיר דיר און זיך אַ נדר אָפּצוהיטן דייַן גייַסטיקע צוואה ביז אונדזער לעצטן אָטעם־צוג.

״אונזער צייַט״, יוני 1977

## "בונדיזם" אין די מיטל־אַכציקער יאָרן

אויבנאויפיק איז דער זאָג "בונדיזם" אין די מיטל־אַכציקער יאָרן אַ מאָד־דערנער. איז דען נישט דער עצם מהות פון דעם בונדישן אני מאמין אַ געגעבענער און איז פאָרמירט געוואָרן אין משך פון די שוין קרוב 90 יאָר עקזיסטענץ פון אונדזער באַוועגונג? איז דאָך תּמיד געווען אַ נפקא מינה צווישן דעם באַגריף "בונדיזם" און די לויפנדיקע אָנווענדונגען, וועלכע האָבן, נאַטירלעך, געמוזט בלית ברירה זיך אָריענטירן אויף די אַקטועלע אומשטענדן. זייער אָפט איז אָט דער אונטערשיד באַצייכנט געוואָרן ווי דער "מאַקסימום־פּראָגראַם" און "מינימום־פּראָגראַם". אין תּוך גענומען איז דער פאַרגלייַך נישט קיין פולשטענדיק פּינקטלעכער, אָבער עס איז פאָרט פאַראַן אַ געוויסע ענלעכקייט צווישן שטרעבן צום ענדציל און דעם רעאַגירן אויף לויפנדיקע סיטואַציעס.

אַזוי איז טאַקע פון שטענדיק אָן געווען. פאַר בונדיסטן איז פון קדמונים אָן די געפאַר פון אַ מעגלעכער שער צווישן די אידעאָלאָגישע יסודות און דער אַ"ג קורצטערמיניקער אַקציע געווען גאָר אַן ערנסט פּראָבלעם.

ווייניק, גאָר ווייניק פּאָליטישע מאַסן־באַוועגונגען האָבן, מיט רעכט, אַזוי געציטערט און אָפּגעהיטן, ממש ווי אַ הייליקייט, דאָס אויפהאַלטן און שטאַרקן די מאַקסימאַלע האַרמאָניע צווישןביידע דימענסיעס. אָט די אַזוי כאַראַקטעריסטישע בונדישע טראַדיציע האָט אונדז בונדיסטן תּמיד, און אויך הייַנט, אָנגעפילט מיט אויפריכטיקן שטאָלץ. אינטערעסאַנט, אַז די־אָ טיף פאַרוואָרצלטע טענדענץ האָט פון דעסטוועגן נישט פאַרוואַנדלט דעם בונדיזם אין אַ דאָגמאַטישער דאָקטרין.

סייַ אין באַצוג צו טיף־פּראָגראַמאַטישע אַנטוויקלונגען און, נאָך מער, וואָס שייַך דער לויפנדיקער פּאָליטיק, וואָלט אונדז ניט שווער געווען צו באַקרעפטיקן אָט די אָבסערוואַציע מיט כּלערליי פאַקטן. דאָס וואָלט אונדז אָבער אַוועקגעפירט פון דער הויפּט־טעזע, וועלכע מיר ווילן פאָרמולירן ערב דער וועלט־קאָנפערענץ פון בונד, וואָס איז פּראָיעקטירט אויף אָקטאָבער פון דעם יאָר.

בלויז דורך דערמאָנען (אָן פּרטים) די עוואָלוציע פון דעם נאַציאָנאַלן פּראָגראַם און די ראָל פון דיקטאַטור און דעמאָקראַטיע אין בונדישן מהות פון סאָציאַליזם, ווי אויך דעם, צו יענער צײַט ביז גאָר וואָגיקן באַשלוס, למשל, אָנטיילצונעמען אין די רעליגיעזע קהילות אין פּוילן, כּדי מיר זאָלן פאַרשפּאָרן באריכותדיק צו באַווײַזן אָט די אָפּשאַצונג פון דער האַרמאָניע צווישן אַלע באַשטאַנדטיילן פון דעם באַגריף "בונדיזם".

דאָך איז ביז גאָר וויכטיק אונטערצושיידן צווישן אַמאָליקע (ביז דעם חורבן) סאָציאַל־פּאָליטישע ראַמען, אין וועלכע די עוואָלוציע פון בונדיזם איז פאָרגעקומען, און דעם־אָ פּראָצעס זינט דעם סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

גראָד בעת אָט דעם צווייטן פּעריאָד (קאַלענדאַריש כּמעט אַ העלפט פון אונדזער עקזיסטענץ) איז די אינסטינקטיווע און ראַציאָנעלע האַרמאָניע צווישן דעם פּראָגראַמאַטישן און דעם אַקטועלן געוואָרן שטאַרק אָפּגע־שוואַכט. אייגנטלעך איז נישט קיין חידוש, ווײַל די האַרבע און ביטערע ווירקלעכקייט האָט אונדז נישט נאָר צום שווערסטן אין ייִדישן לעבן געטראָפן, נאָר אויך געענדערט די געאָגראַפישע און היסטאָרישע נאַציאָנאַלע, ווי אויך סאָציאַלע אויסמעסטונגען פאַר אונדזער באַוועגונג.

איך האָב זיך געשטעלט אַ ציל אַזוי קורץ ווי מעגלעך אויף אַ קאָנדענסירטן אופן אַוועקצושטעלן די דרײַ הויפּט־געביטן פון אונדזער פּראָגראַמאַטישן צוגאַנג נאָך דער דערפאַרונג פון די אַן ערך 45 יאָר זינט דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

איך געפין פאַר נויטיק, נאָך פאַרן אַנאַליז, וועלכן איך וויל איצט אונטער־נעמען, פעסטצושטעלן, אַז נעמענדיק אין אַכט די זייער מטושטישע און ביז גאָר קאָמפּליצירטע, אומבאַשטימטע באַדינגונגען פון נאָכן חורבן, איז פונעם שטאַנדפּונקט פון אויפהאַלטן דאָס פונדאַמענטאַלע אין "בונד", געווען בעסער צו זינדיקן מיט שטאַרקער אויסגעהאַלטנקייט, ווי פאַרקערט. דערפאַר האָב איך, למשל, מיט גרויס פּיעטעט געקוקט אויף ד"ר עמנואל שערערס אָריענטאַציע, הגם איך האָב בחוש געפילט, אַז מיר דאַרפן מיט דער צײַט אַרויסווײַזן אַ סך מער גרייטקייט צו קאָנפראָנטירן אונדזערע אידעאָלאָגישע גרונט־הנחות מיט די אַזוי דיאַמעטראַל געענדערטע אָביעקטיווע און סוביעק־טיווע באַדינגונגען פון אונדזער פאָלקס־געמיינשאַפט ווי פאַר סאָציאַליסטן בכלל.

ווי שוין פריִער געזאָגט, איז געקומען די צײַט צו פאַרטיפן זיך אין די פונדאַמענטאַלע אידעאָלאָגישע הנחות מיטן אויסבליק אויף דעם מאָרגן פון בונדיזם.

ראשית־כּל, וואָס שײַך אונדזער סאָציאַליסטישן אני מאמין, האָבן מיר אייגנטלעך נישט קיין גרויסע מיינונגס־פאַרשידנקייטן צווישן אונדז.

מיר בלײַבן אַנטשלאָסן אין אונדזער סאָציאַליסטישער איבערצײַגונג. מער נישט, וואָס דער שווערפּונקט האָט זיך נאָך מער איבערגעטראָגן אויף דעם מענטשלעכן אינעם מהות פון סאָציאַליזם. גראָד דערפאַר, ווײַל די ברוּ־טאַלקייט פון קאָמוניזם האָט אַזוי דראַסטיש אַוועקגעשטעלט די ראָל פון די, וועלכע שטייען בײַ דער מאַכט, אַז עס מוז פּילפּאַכיק פאַרשטאַרקט ווערן דער גײַסטיקער און סאָציאַל־קאָנסטיטוציאָנעלער ווידערשטאַנד קעגן דעם ווילקיר פון מענטשלעכן מין. אַוודאי טאָר מען נישט פאַראַלגעמיינערן די עגאָ־צענטרישקייט און מאַכטגיריקייט פון יחידים. אָבער, לײדער האָבן אונדזערע אַמאָליקע באַגריפן וועגן מענטש זיך באַזירט אויף דער איבערצײַגונג, אַז דער מענטש איז אַזוי נאַטירלעך גוט, אַז נאָר באַדינגונגען, וועלכע קענען און דאַרפן באַזײַטיקט ווערן, פאַרדאַרבן אים.

אַפילו דער ציל צו דערגרייכן אַבסאָלוטע גלײַכהייט האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר פּראָבלעמאַטיש, קודם־כּל מחמת די נעגאַטיווע עקאָנאָמישע רעזולטאַטן, ווי למשל, דער כינעזישער עקספּערימענט א״אַ האָבן עס באַוויזן. מאַקסימאַל מעגלעכע גלײַכהייט אין די ראַמען פון אָפּטימאַלע ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען צו הייבן דעם אַלגעמיינעם לעבנס־ניוואָ און קוואַליטעט פון לעבן, שײַנט צו נעמען די אויבערהאַנט אין דעם איצטיקן מהות פון סאָציאַליזם.

די אַמאָליקע לאָזונג פון נאַציאָנאַליזירן לכל הפּחות די גרויס־פּראָדוקציע האָט זיך אין אָנבליק פון דער ווירקלעכקייט אַרויסגעוויזן פאַר פאַרפירעריש ווי אַ ראַדיקאַלע פאָרם פון איבערבויען די סטרוקטור פון דער ווירטשאַפט. אָט, למשל, אַזאַ לאַנד ווי שוועדן, וואָס האָט דערגרייכט די העכסטע נאַציאָנאַלע הכנסה פּער קאָפּ און איז שטאַרק אַוואַנסירט אויפן וועג צו פולער סאָציאַלער דעמאָקראַטיע — האָט גאָר די קלענסטע פּראָפּאָרץ פון נאַציאָנאַליזירטע קאָרפּאָראַציעס אין דער גאַנצער מערב־וועלט.

מיר זענען ווײַט פון פולשטענדיקן אָפּשאַפן פון קלאַסן־אונטערשידן אין דער איצטיקער קאָנצעפּציע פון סאָציאַליזם. אָנשטאָט קלאַסן־היפּוכים, באַזירטע דער עיקר אויף עקספּלואַטאַציע, זע איך פאַר זיך אַ געזעלשאַפט מיט פאַרשיידענע גרופּן־אינטערעסן. אָט די אונטערשידן דאַרפן אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט קעגנזײַטיק האַרמאָניזירט ווערן אין די אינטערעסן פונעם כּלל. אַן עכט דעמאָקראַטישער סאָציאַליסטישער מלוכה־סיסטעם וועט האָבן די אויפגאַבע צו האַרמאָניזירן די גרופּן־אינטערעסן לטובֿת הכּלל.

אין אַ געוויסער מאָס האָט האָלאַנד האַרט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה דאָס דערגרייכט מיט דער הילף פון אַ צענטראַלער עקאָנאָמישער פּלאַנירונגס־קאָמיסיע און פון אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישן ראַט. מיר איז אויסגעקומען גרינטלעך צו פאָרשן אָט דעם סיסטעם. לײדער קען איך נישט אַרײַנגיין

אין קיין פּרטים, אָבער ס׳איז פֿאַר מיר קלאָר געוואָרן (מיר איז וועגן דעם אויסגעקומען ברייטער זיך אָפּצושטעלן אין אַ ספּעציעלער ענגלישער אויסגאַבע), אַז הגם לעת עתּה איז נאָך דער סיסטעם ווײַט פֿון אַן אידעאַל, פֿאַרמאָגט ער אָבער אַ סך פּאָטענצן צו העלפֿן דער עוואָלוציע צום דעמאָ־קראַטישן סאָציאַליזם.

דער וווילשטאַנד־שטאַט איז געוועזן אַ וויכטיקער עטאַפּ צום סאָציאַליזם, אָבער נאָר אַן עטאַפּ. ער מוז אויסגעברייטערט ווערן מחוץ דעם ריין עקאָנאָמיש־סאָציאַלן גבול, ווי למשל — דערציִונג, יורידישער סיסטעם אאַ״וו. אויך אין דעם פֿאַל קען שווערן דינען מיט איר גאַנץ באַדײַטנדיקער דערפֿאַרונג.

דער דעמאָקראַטישער סאָציאַליזם טאָר בשום אופֿן נישט ווערן סטאַטיש, נאָר דורך מיליטאַנטיש־דינאַמישן אידעאָלאָגישן אָנגריף קען דער ציל צו סאָציאַליסטישער אַנטוויקלונג דערגרייכט ווערן. לײדער ווערן אָבער איצט, צוליב כּמה טעמים, די רעאַקציאָנערע כּוחות אַ סך שטאַרקער. יעדע אילוזיע, אַז מיר וועלן דורך דעם עוואָלוציאָנערן פּראָצעס אַרײַנוואַקסן אין סאָציאַליזם (טיילווײַז לויטן נוסח פֿון היסטאָרישן דעטערמיניזם), איז שעדלעך. וואַכזאַמקייט, אידעאַליסטישע באַנעמונג פֿון עכטן סאָציאַליזם מיט אַ מענטשלעך פּנים, אין פֿולן זין פֿון דעם וואָרט, מוז ווערן די שלאָג־אויפֿגאַבע פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. הגם עס זײַנען פֿאַראַן גענוג אָביעקטיווע און סוביעקטיווע סיבות, צוליב וועלכע סאָציאַליזם בײַ ייִדן האָט מער נישט די אַמאָליקע צוציִונגס־קראַפֿט, כאָטש אייגנטלעך איז דאָך דער עטישער סאָציאַליזם (און קיין אַנדערער איז דאָך נישט קיין סאָציאַליסטישער) אַרויסגעוואַקסן פֿון דער נביאישער טראַדיציע — דאָך, און טאַקע דערפֿאַר מוזן מיר, די איינציקע, וואָס זענען געבליבן געטרײַ דעם אידעאַל פֿון סאָציאַליזם אויף דער ייִדישער גאַס, נאָך שטאַרקער אַקצענטירן אונדזער אַבסאָלוטע אידענטיפֿיקאַציע מיט דער וויזיע פֿון סאָציאַליזם.

וואָס מער מיר וועלן זיך פֿולשטענדיק באַפֿרײַען פֿון די לעצטע אָפּקלאַנגען פֿון די אַמאָל פּאָפּולערע באַגריפֿן פֿון ״דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט״, פֿון ״סאָציאַליזם צומאָרגנס נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע״ אאַ״וו, אאַ״וו — אַלץ שטאַרקער וועט ווערן אונדזער השפּעה אויף דעם מאָדערנעם, אַזוי עלנטן מענטש.

מיר האָבן זיך פֿון אונדזער סאַמע בראשית באַטראַכט ווי אַ קאָנסעקווענטע מאַרקסיסטישע באַוועגונג. דער שײַכות צווישן עוואָלוציע (בהדרגהדיקע אַנטוויקלונג) און סאָציאַלער רעוואָלוציע איז געווען בײַ אונדז אַ נאַטיר־לעכער און אין פֿולן הסכּם מיט דער מאַרקסיסטיש דיאַלעקטישער באַנעמונג פֿון דעם געשיכטלעכן פּראָצעס.

דער אַזויגערופֿענער היסטאָרישער שפּרונג צו אַ נײַער תּקופֿה האָט

זיך געקענט אויסדריקן נאָר אין אַן אומבאַדינגטן אויפשטײַג צו אַ נײַעם סינטעז אויף אַ העכערער ווי פריִער מדרגה צו אַבסאָלוטער שלמות, צו אַ פולשטענדיק עגאַליטאַרער געזעלשאַפט, צום סאָציאַליזם.

אויב די געשיכטע איז אַ דעטערמינירטע, לויט אַן איין און איינציקער אַנטוויקלונג־סכעמע, ווערן במילא די היטער פון אָט דעם פּראָצעס מאָראַליש „באַרעכטיקט״ אָנצוווענדן אַלע מיטלען צו זײַן „די הייב־אַם״, ביז צום פּאַרטיידיקן זי קעגן אַלע „געפאַרן״.

אייגנטלעך ליגט שוין אין אָט דער טריוויאַלער קאָנצעפּציע דער הויפּט־שטויס צו פּאַקטישער דיקטאַטור מיט אַלע טרויעריקע קאָנסעקווענצן, פון וועלכע מיר זײַנען עדות זינט 1917.

ווען מאַרקס האָט רעוואָלוציאָניזירט דעם סאָציאַלן געדאַנק אין זײַן צײַט, זײַנען סײַ סאָציאָלאָגיע, און אַוודאי סאָציאַל־פּסיכאָלאָגיע געווען ערשט אין די וויקעלעך. דאָס אָפּוואַרפן דורך מאַרקסן די היסטאָרישע ראָל פון דעמאָקראַטיע און דעם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט איז, נאַטירלעך, אין אָנבליק פון זײַן צײַט אין אייראָפּע געווען גאַנץ אַקטועל. אַפילו זײַנע גרויסע באַוואָרענישן קעגן דער ראָל פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין קאַמף בײַצוקומען די אומפּאַרמײַדלעכקייט פון דעם פּאַראָרעמונגס־פּראָצעס פון די מאַסן אונטער קאַפּיטאַליזם, האָבן געהאַט אַ גאַנץ רעאַלע באַזע. אָבער דאָס צושרײַבן מאַרקסן די נביאישע קראַפט פון פּאָרויסזען דורך איין און איינציקער לייזונג פון דעם דיאַלעקטישן פּראָצעס (צוזאַמענשטויס פון קעגנזעצלעכע טענדענצן און אינטערעסן) פאַר אַלע לענדער, אומאָפּהענגיק פון זייער קולטור און טראַדיציע — איז אַוודאי און אַוודאי ביז גאָר דאָגמאַטיש.

אונדזער שאַרפזיניקער דענקער וויקטאָר אַלטער האָט בשעתו זיך גאָר אַ סך פאַרנומען מיט אָט דעם פּראָבלעם.

אין אָנבליק פון דער דערפאַרונג פון די לעצטע דורות מוזן מיר נאָך מער אַנטשלאָסן זיך אָפּגרענעצן פון דעם פלאַכן, וווּלגאַרן דאָקטרינערישן צוגאַנג צום מאַרקסיזם. מיר טאָרן, פון איין זײַט, בשום אופן נישט אונטערשאַצן די ראָל פון די קלאַסן־היפוכים און פון די עקאָנאָמישע כּוחות אין דעם היסטאָרישן גאַנג פון דער געזעלשאַפט, און דערמיט דערשאַצן די קאָלאָסאַלע היסטאָרישע ראָל פון קאַרל מאַרקסן און געבן די ווירטשאַפטלעכע פאַקטאָרן זייער פולע עפעקטיווע וואָג; פון דער אַנדערער זײַט אָבער, מחמת דער ביטערער דערפאַרונג וועגן דער מענטאַליטעט פון מענטש און די סכּנות, וואָס לויערן צוליב דער ווײַט צו נאַיִווער מאַרקסיסטישער אָפּשאַצונג וועגן דער האַלטונג און מאָראַלישן מהות פונעם דורכשניטלעכן מענטש — דאַרף מען אַריבערטראָגן דעם שווערפּונקט אַלץ מער און מער צום שטאַרקן די עטישע ראָל פון עכטן פרײַהייטלעכן סאָציאַליזם.

מאָראַלישע שלמות איז נישט נאָר אַ פונקציע פון אָביעקטיווע היסטאָרישע כּוחות, נאָר זי ליגט שטאַרק אינעם גבול פון אָביעקטיווער אויסלייטערונג, וואָס קען נאָר גערדיײַען כּל־זמן ס'וועט גילטן דאָס שטרעבן צום סאָציאַליזם.

מיײַנע לייענער קענען, פאַרשטייט זיך, איינוווענדן הלמאי איך גיב זיך אָפּ מיט ריין טעאָרעטישע באַטראַכטונגען אין דער צײַט ווען מיר דאַרפן דאָך ענטפערן אויף די לויפנדיקע פּראָבלעמען. מיר האָבן אָבער טאַקע, אין אָנבליק פון דעם וואַקסנדיקן דרוק פון די אַקטועלע פּראָבלעמען, פאַרזען דאָס פאַרטיפן זיך אין אונדזער אידעאָלאָגישן אני מאמין. אין רעזולטאַט פאַרלירן מיר גאָר אַ סך פון אונדזער השפעה, ווײַל מיט איבערחזרן אַ סך מאָל סאָציאַליזם ווי אַ לאָזונג, קענען מיר נישט אַדורכברעכן די אָנגעזאַמלטע פאָראורטיילן, וואָס הערשן אויף דער ייִדישער גאַס בנוגע דעם באַגריף פון סאָציאַליזם.

דורך אויסמײַדן אָט די מכלומרשט טעאָרעטישע טעמאַטיק טוען מיר אַ בערישע טובה אונדזער סאָציאַליסטישער וועלט־אָנשויונג, וועלכע פאַר־פליכטעט מיט אַנטשלאָסנקייט און טיפער איבערצײַגונג צו טראָגן אונדזער בונדישע שליחות צום פאָלק, נישט נאָר אין שײַכות מיט די אוממיטלבאַרע נאַציאָנאַלע פראַגן.

"אונזער צײַט", מאַי 1985

## ברוך שעפּנער (1977 – 1894)

ברוך שעפּנערס שפּרודלדיקער הומאָר איז נישט געווען געצילט סתּם צו פֿאַרווײַלן, נאָר קודם־כּל צו לײַטערן זײַן מיטמענטש.

זײַן בײַסיקע סאַטירע האָט געריסן פּאַסן פֿון אַלע מינים סאַטראַפּן פֿון אַלערליי קאָלירן. סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז געווען אַן אַבסאָלוטער אידעיִשער געבאָט אין זײַן לעבן.

בעת ער איז געווען דער קאָרעספּאָנדענט אין פּוילישן פּאַרלאַמענט פֿאַר דער בונדישער ״פֿאָלקסצײַטונג״ האָט ער מיט טיפֿן צער באַשריבן ווי ס׳האָבן געצאַנקט די לעצטע פֿײַערן פֿון דער פּוילישער דעמאָקראַטיע.

דער געוועזענער ישיבה־בחור האָט זײַן אינספּיראַציע און לעבנס־ציל געפֿונען אין סאָציאַליזם, אין בונדיזם, און אויף אַזאַ אופֿן איז געשלאָסן געוואָרן דער הייליקער בונד אין זײַן מחשבה, געמיט און נשמה פֿון ייִד און מענטש.

אַפֿילו נאָכן חורבן האָט ער קיינמאָל נישט פֿאַרלוירן דעם טיפֿן גלויבן אין דער גאולה פֿון פֿרײַען מענטש.

נאָכן קומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1941 האָט ער געהאָלפֿן צוריק אויפֿבויען די בונדישע באַוועגונג. ער האָט בלב ובנפש געגלויבט, אַז דער ״בונד״ רעפּרעזענטירט דעם גרויסן סינטעז צווישן ייִד און וועלט.

ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש איז געווען שעפּנערס ווונדערלעכער פּיעטעט פֿאַר שלום־עליכמען, וועלכן ער האָט אַזוי גוט פֿאַרשטאַנען און ממש מײַסטערהאַפֿט כּמעט ווי אויסגעשפּילט מנחם־מענדלען, טוביה דעם מילכיקן און מאָטל פּייסי דעם חזנס בעת זײַנע צאָלרײַכע לעקציעס איבערן גאַנצן אַמעריקאַנער קאָנטינענט.

אַפֿילו דער שרעקלעכער חורבן פֿון אונדזער פֿאָלק האָט נישט צעשטערט שעפּנערס טיפֿע אמונה אין אַבסאָלוטן אַלמענטשלעכן אמת. אין אויפֿהאַלטן די הומאַניטאַרע פּרינציפּן האָט ער געזען די וויכטיקסטע היסטאָרישע ראָל פֿון ״בונד״.

מיט אָט די אידייען האָט ער באַגײַסטערט און אינספּירירט די מאַסן

לייענער און צוהערער אין אַמאָליקן פוילן. מען קאָן זיך פאָרשטעלן וויאַזוי די דאָזיקע פאַרערער וואָלטן איצט באַגלייט צו זײַן אייביקער רו זייער באַליבטן שרײַבער, עסעיִסט, פעליעטאָניסט און רעדנער. אויך דאָ, אין אַמעריקע און קאַנאַדע, האָט שעפנערס אַרויסטריט געמונטערט און געשטאַרקט.

ברוך שעפנערס גײַסטיקע צוואה וועט אונדז תּמיד דינען ווי אַ ריכט־שנור אין אונדזער ביטערער וועלט. כּל־זמן ס׳וועט טליִען אין אונדז אַ ניצוץ פון לעבן, וועלן מיר דיך, טײַערער ברוך שעפנער, שטענדיק געדענקען ווי דעם שטאָלצן, ווירדיקן מענטש, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, וועמענס בליקן האָבן געגרייכט צו די ווײַטסטע קאָסמישע הייכן אין דײַן נישט געשטילטן דראַנג צו אַן אויסגעלייטערטן און פרײַען מענטש.

„אונזער צײַט“, סעפּטעמבער 1977

## ייִדישע גורל־געמיינשאַפט — און
## דאָס פּראָבלעם פון ישׂראל, ציוניזם און די תּפוצות

וי בונדיסטן, זײַנען מיר גאָרנישט שלום ושלוה מיטן באַגריף פון גורל־געמיינשאַפט. פּשוט ווײַל מיר האָבן תּמיד דערהויפּט אַרויסגעהויבן קודם־כּל קלאַסן־היפּוכים און, מיט רעכט, געשטרעבט קעגנצווווירקן דעם טראַדיציאָנעלן כּלל־ישׂראל־סינדראָם פון אַ מאָנאָליטיש פאָלק (סינדראָם איז אַ מעדיצינישער באַגריף, וואָס דריקט אויס אַ כראָנישע, און בדרך־כּלל געפערלעכע שוואַכקייט). אחדות האָט פון קדמונים געדינט צו קאָנסערווירן די שטרענג רעליגיעזע ציוויליזאַציע, וואָס כּלפּי פּנים האָט זי טאַקע פאַרמאָגט כּלערליי גאַנץ שאַרפע ניואַנסן, אָבער כּלפּי חוץ כּלומרשט געגאָלטן ווי פון איין גוס געגאָסן, פאַרוואָרצלט אין דער לאַנגער קאָמפּליצירטער געשיכטע פון עקשנותדיקן ווידערשטאַנד קעגן נײַע ווינטן, וואָס פלעגן בלאָזן בײַ די אומות העולם.

וואָס מער אָרטאָדאָקסיש, אַלץ מער פאַרפאַנצערט האָט געשײַנט צו זײַן דער עבר. אָט דער פּאָפּולערער, נישט אַזוי אין ווירקלעכקייט, ווי אין דער ייִדישער מסורה, "אידעאַל", האָט נישט נאָר געהאָלפן אויפהאַלטן דעם אַבסאָלוטן כּוח פון כּלי־קודש, און טאַקע פונעם רעליגיעזן שטייגערלעבן בכלל, נאָר האָט אויך געדינט ווי אַ באַקוועמער שילד קעגן דעם וווקס פון קלאַסן־ווידעראַנאַנדן אויף דער ייִדישער גאַס. פון אַ פאָלק, טראַדיציאָנעל צעטיילט צווישן גבירים און קבצנים, האָבן אָבער צום סוף פון 19־טן י״ה אין תּחום־המושב קלאַסן־קעגנזאַצן גענומען זיך כּסדר אַלץ מער און מער פאַרשאַרפן און האָבן דערפירט צו דעם פענאָמענאַלן וווקס פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג.

אין דער זעלבער צײַט האָט אויך דער דעמאָלט אויפוואַכנדיקער ייִדישער נאַציאָנאַליזם זיך שטאַרק אָנגעכאַפּט אָן דעם עטאָס פון אחדות, און האָט דערמיט אויך געדינט ווי אַ בליץ־אָפּלייטער פונעם שטײַגנדיקן קלאַסן־קאַמף, מיט זײַן רעוואָלוציאָנערן אימפּעט, וואָס האָט אויפגעטרייסלט דאָס ייִדישע פאָלקס־לעבן. איז דען אַ וווּנדער, וואָס איינער פון די סאַמע גרונט־שטיינער פון דעם בונדישן אני־מאמין איז געוווען צו באַקעמפן שאַרף

די שעדלעכע אילוזיע פון כּלומרשטער נאַציאָנאַלער אחדות?

דורך אויפפּראַלן די טויערן צו אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט האָט זיך געעפנט אַ נײַע דינאַמישע תּקופה אין ייִדישן לעבן און האָט צוריק אָנגעקנופּט צו דער עכט נביאישער וויזיע פון אוניווערסאַליזם און צווישנמענטשלעכער סאָלידאַריטעט. אגב האָבן אַ סך בונדיסטן מיט גאָר אַ סך ענטוזיאַזם טאַקע אָנגעוויזן אויף אָט דעם סאָציאַל־נאַציאָנאַלן מהות פון בונדיזם. באַזונדערס האָט אין דעם זיך אויסגעצייכנט דער שרײַבער י. י. טרונק מיט פּאַרטיפן דעם שײַכות צווישן בונדיזם און די עטיש מאָראַלישע אידייען פון עכטער ייִדישקייט.

עס איז אַוודאי נישט געווען קיין צופאַל, וואָס אויף דער מאָנטרעאָלער וועלט־קאָנפערענץ פון "בונד" אין 1955 האָבן אַ ריי פּירנדיקע פּערזענלעכ־קייטן אונדזערע, אין דער ערשטער ריי פּראָפ׳ ליבמאַן הערש, עמנואל נאָוואָ־גרודזקי, א״אַ שטאַרק אַרויסגעהויבן י. י. טרונקס אינטערפּרעטאַציע פון בונדיזם און דער אַנטיקער נביאישער עטיק.

קודם־כּל וועגן דעם באַגריף גורל־געמיינשאַפט פון ייִדישן פאָלק. פּראָפ׳ שמעון דובנאָוו האָט עס אַזוי פאָרמולירט: "דער הויפּט־כּוח, וואָס האַלט־אויף אַ נאַציאָנאַלן קאָלעקטיוו, איז דער געמיינזאַמער ווילן צו לעבן באַזירט אויף אַ געמיינזאַמען היסטאָרישן גורל". אַ קורצע דעפיניציע פון גורל־געמיינשאפט לאָזט זיך פאָרמולירן אויף אַזאַ אופן:

אַ פאָלק איז אַ קאָלעקטיוו, וואָס זאַמלט אין זײַן קולטור־שפּײַכלער פון דויערנדיקע איבערלעבונגען, עטישע ווערטן אין זין פון זײַן קיום און המשך, זײַן שפּראַך אָדער שפּראַכן, דערפאַרונגען פון פריידן און לײַדן, דורך מנהגים, נגינה, כּלערליי אימאַזשן, ריטואַלן און — קודם־כּל דורך פאָלקלאָר, און איבער דעם אַלעם — זײַן ליטעראַטור. די פונדאַמענטאַלע דימענסיעס זײַנען סײַ ווערטיקאַלע פאַרבונדנקייט (וואָס גייט צוריק אין צײַט), און האָריזאָנטאַלע (דורך קעגנזײַטיקער הײַנטצײַטיקער סאָלידאַרי־טעט צווישן נאָענטע און ווײַט צעשפּרייטע טיילן פונעם פאָלק איצט).

פּראָפ׳ שמעון ראַווידאָוויטש האָט בשעתו, נאָך דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל געוואָרנט, אַז "אַ ייִד האָט זיך געפילט געקנופּט מיט דער נשמה און מיטן גוף פון אַ צווייטן ייִד ערגעץ אין דער ווײַטסטער וועלט. אין דעם איז געלעגן די גרויסקייט זײַנע. ווער עס צעטיילט ייִדן אויף מינדערוויכטיקע און מער וויכטיקע, דער גראָבט אונטער דעם יסוד פון אונדזער פאָלק".

די נאָכן־חורבן בריסעלער קאָנפערענץ פון "בונד" (1948) האָט ענדגילטיק אַקצעפּטירט דעם גלאָבאַלן באַגריף פון דער ייִדישער פאָלקסגעמיינשאַפט. דער באַשלוס איז בלי שום ספק געקומען נישט נאָר מחמת די שרעקלעכע חורבן־קאָנסעקווענצן פאַרן "בונד", וועלכער האָט דאָך מער ווי אַלע אַנדערע ריכטונגען געליטן פונעם חורבן. די אידעיִשע עוואָלוציע איז

רײַף געוואָרן אַדאַנק דעם אַלץ מער שטײַגנדיקן פּאָלקישן כאַראַקטער פֿון אונדזער באַוועגונג, באַזונדערס בעת דעם צווישן־מלחמות־פּעריאָד אין פּוילן. אַ פּראָצעס לחלוטין נישט אין סתירה מיט דעם עצם קאָנסעקווענטן סאָציאַליסטישן מהות אונדזערן.

ד״ר ז. ל. זשיטלאָווסקיס גאָר פֿריִע קאָנצעפּציע וועגן צוויי זיך דערגענצנדיקע דימענסיעס, די קלאַסן־ און די נאַציאָנאַלע, שליסן זיך לחלוטין נישט אויס. אין רעאַלן לעבן האָט דער ״בונד״ דאָס באַשטעטיקט אין משך פֿון זײַן היסטאָרישער אַנטוויקלונג. מער נישט, וואָס כּלערליי אידעאָלאָגישע טאָרמאָזן און אידעיִשע פּריאָריטעטן, און באַזונדערס דער שווערער קאַמף מיט דעם וואַקסנדיקן ייִדישן נאַציאָנאַליזם, האָבן שטאַרק אָפּגעהאַלטן די עוואָלוציע פֿון דעם נאַציאָנאַלן גערדאַנק אין ״בונד״ ביז דעם נאָכן־חורבן־פּעריאָד.

עס איז שוין נישט איין מאָל גערעדט געוואָרן — און ס׳איז אַוודאי כּדאי דאָס בולט איבערצוחזרן — אַז דאָס עצם גרינדן פֿון דעם וועלט־קאָאָרדינירקאָמיטעט האָט ווײַטגייענדיקע קאָנסעקווענצן וואָס שײַך דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ פֿון דער ייִדישער גורל־געמיינשאַפֿט אין ״בונד״. ליידער דערלויבט אונדז נישט די ראַם פֿון אַן ערבֿ־קאָנפֿערענץ־אַרטיקל צו ציטירן, למשל, וולאַדימיר מעדעמס, צי פּראָפֿ׳ הערשס א״אַ מיינונגען וועגן אויטאָנאָמיזם און ייִדישע קהילות, דורך וועלכע ס׳איז אַזוי קלאָר געקומען צום אויסדרוקן דאָס פּאַקטישע אַקצעפּטירן דורך זיי דעם פּרינציפּ פֿון אַ ייִדישער גורל־געמיינשאַפֿט.

די האַסטיקע ענדערונגען פֿון אונדזער סאָציאַל־עקאָנאָמישער סטרוקטור אומעטום וווּ מיר לעבן, צווינגט אונדז הײַנט מער ווי ווען־נישט־איז גאָר ערנסט אַוועקצושטעלן דעם שײַכות צווישן די קלאַסן־ און נאַציאָנאַלע קאָמפּאָנענטן פֿון בונדיזם. די דיאַמעטראַל געענדערטע עקאָנאָמישע, געאָגראַפֿישע א״אַ״וו באַדינגונגען פֿאַרלאַנגען צו רעפֿאָרמולירן, אויפֿן סמך פֿון אונדזער ווײַטערדיקער דערפֿאַרונג פֿון בונדיזם אין מיטן פֿון די 80־קער יאָרן צו האַרמאָניזירן ביידע עיקר־יסודות — דעם סאָציאַלן און דעם נאַציאָנאַלן.

ס׳איז קיין צופֿאַל נישט, וואָס איך האָב אויסגעקליבן ״סאָציאַליזם״ ווי די ערשטע טעמע פֿון דעם פּראָיעקטירטן דרײַ־טייליקן באַטראַכטן די טעמאַטיק פֿון דער וועלט־קאָנפֿערענץ. דאָס באַקרעפֿטיקן דעם סינטעז צווישן דעם נאַציאָנאַלן און אוניווערסאַל סאָציאַלן, מוז בלײַבן אַ חוק ולא יעבור פֿאַר אונדז. דאָס אָפּשוואַכן דעם סאָציאַליסטישן עלעמענט ווי אַ רעזולטאַט פֿון די דערפֿאַרונגען אין דער לעצטער תּקופֿה, איז געפֿערלעך פֿאַר דעם עצם מהות פֿון בונדיזם.

און איצט טאַקע צוריק צום נאַציאָנאַלן פּראָבלעם. ראשית־כּל דאַרף געזאָגט ווערן, אַז נאָך דער אַנטשטייונג פֿון דער מדינה שטייט נישט

מער פאַר אונדז דער שאַרפער קאָנטראַסט פון דאָ אָדער דאָרט. היינט גילט בפירוש דער פרינציפּ פון דאָ און דאָרט. אַ וועזנטלעכער שינוי. נו, איז דען דעריבער דער גרויסער ריס צווישןביידע נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיעס פאַרשוווּנדן?

דער ציוניזם האָט אפשר פאַרלוירן די עקסטרעמקייט פון דעם הערצליאַנער דעפעטיזם. אָבער מיט זיין שלילת־הגלות־קאָנצעפּציע איז די אידעאָלאָגישע אינערץ פון דעם פונדאַמענטאַליזם געבליבן, מיט קליינע אויסנאַמען, דער סימן מובהק פון דעם ציוניסטישן לאַגער ביזן היינטיקן טאָג. אַפילו אין דער פּראָפּאָרץ פון איבער 70 צו קרוב 30 פּראָצענט צווישן די תּפוצות און ישראל, און די שטאַרקע מאַטעריעלע און פּאָליטישע אָפּהענגיקייט פון ישראל, האָט נישט ממשותדיק אָפּגעשוואַכט אָט די פּרימערע טראַדיציאָנעלע טענדענץ אין ציוניזם. פון דער אַנדערע זייט האָט אויך די אַמאָליקע בונדישע אָפּטימיסטישע פּערספּעקטיוו פאַר אַ שעפערישן המשך אין די תּפוצות פאַרלוירן גאָר אַ סך פון דער אַמאָליקער זיכערקייט.

דער דעמאָגראַפישער פּראָצעס (דאָס פאַלן פון געבורטן, די ירידה פון דער משפּחה און דער האַסטיקער וווּקס פון געמישטע חתונות אאַ״וו), ווי אויך די כּלערליי סימפּטאָמען פון אָפּשוואַכן דעם באַגער פאַר אינטענסיווער ייִדישקייט, חוץ דער רעליגיעזער, ביי אַ טייל ייִדן, וואָס נעמט אָן זייער דראַסטישע פאָרמען אין די נייע צענטערס, שוין אָפּגערעדט פון ביטערן גורל פון דעם רוסישן ייִדישן ייִשוב — האָט פאַר אונדז בונדיסטן אַוועקגעשטעלט דאָס פּראָבלעם פון דאָ און דאָרט אין גאָר אַן אַנדערן ליכט.

אין דער צייט ווען דער ציוניזם האַלט־אויף די אַבסאָלוטע סופּרעמאַציע פון ״דאָרט״, ווי אַ רעטונגס־גאַרטל פאַר ייִדישן קיום, איז דער טרויעריקער גורל אין די תּפוצות (פונעם שטאַנדפּונקט פון נאַציאָנאַלן המשך) אַן אַרויספאָדערונג צו אַ פאַרשטאַרקטער קאָנטער־אָפענסיווע מצד אונדזערע פאָלקס־כּוחות. נישט דורך אַקצעפּטירן די רעאַליטעט איז דאָך ישראל געבויט געוואָרן, און נישט דורך אַ פּאָליטישן טאָלערירן די גאַלאָפּירנדיקע אַסימילאַציע מיט אַלע סכּנות אין די תּפוצות קענען מיר זיך פאַרמעסטן מיט די דעסטרוקטיווע טענדענצן, וואָס האַלטן אין איין וואַקסן אין זיי.

אַפילו ישראל גופא איז אויך נישט אויסגעהיטן פון דער ירידה. מחמת כּלערליי סיבות, צווישן וועלכע די דעמאָגראַפישע פּראָפּאָרץ צווישן אַשכּנזים און ספרדים איז פון אַ באַזונדערער באַדייטונג. קעגנזייטיקע קולטור־באַפרוכפערונג צווישן די תּפוצות און ישראל איז בלי שום ספק אַן אומבאַדינגטער תּנאי פאַר אויפהאַלטן די וויטאַליטעט פון עם ישראל.

ווידעראַמאָל איז כּדאי צו ציטירן פּראָפ׳ שמעון ראַווידאָוויטשן: ״מדינת ישראל און תּפוצות ישראל זיינען אונטערבאַגריפן פון דעם העכערן באַגריף, וואָס הייסט ישראל. ביידע מוזן לעבן מיט קעגנזייטיקער שעפע־

רישער שאַפונג". פּראָפ׳ ראַווידאָוויטש, אַ לעבנסלאַנגער ציוניסט, איז בשעתו פאַרשריגן געוואָרן ווען ער האָט געשריבן, אַז "ישראל האָט באַקומען אָנערקענונג פון די תּפוצות, אָבער פאַרקערט — נאָך נישט".

קנאַפּע פערציק יאָר זינט ער האָט דאָס געשריבן, און הגם מיר קענען באַצייכענען באַשיידענע שינויים, איז זיין וואָרענונג נאָך אַלץ גאָר שטאַרק אַקטועל.

די אַנטשטייונג פונעם וועלטראַט פאַר ייִדיש איז אַ טייל פון אָט דעם ווייַט צו פאַמעלעכדיקן פּראָצעס. נישט נאָר אינעם קולטור־געביט האַלטן מיר נאָך גאָר ווייַט פון אַ ממשותדיקער לייזונג, נאָר אַפילו, און אפשר נאָך שאַרפער, שטייט דאָס פּאָליטישע פּראָבלעם פון ייִדישן וועלטפאָלק אין שייַכות מיט מדינת ישראל. דער הערצליאַנער פונדאַמענטאַליזם פאַרליִרט כסדר אין אָנבליק פון דער רעאַלער ווירקלעכקייט. איז אָבער אויפגעקומען אַ נייַע דאָגמע, לויט וועלכער ישראל זאָל זייַן דער צענטער, אַרומגערינגלט מיט תּפוצות ווי סאַטעליטן, וועלכע דאַרפן טאַקע העלפן דער מדינה, אָבער נישט האָבן קיין שום דעה, און אַפילו קיין זעלבשטענדיקע מיינונג וועגן דער פּאָליטיק פון דער מדינה.

יעטוועדער ווידערשטאַנד אין ציוניסטישן לאַגער גופא קעגן אָט דער אַנטי־דעמאָקראַטישער און, דער עיקר, אַנטי־נאַציאָנאַלער (ווי פאַר אַ גלאָבאַלער גורל־געמיינשאַפט) אייַנשטעלונג ווערט שאַרף באַקעמפט. דער אופן ווי אַזוי דער געוועזענער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, ד"ר גאָלדמאַן, איז געוואָרן באַהאַנדלט, איז צו גוט באַקאַנט, אז איך זאָל דאַרפן ברענגען פּרטים.

אידעאָלאָגישע אינערץ באַהאַלט זיך הינטער אָט דער נעאָ־פונדאַמענטאַליסטישער דאָקטרין מיט אַלע קאָנסעקווענצן, וואָס דראָען דעם ייִדישן וועלטפאָלק. די וואָס פאַלן קרבנות פון דער פאַלשער הנחה, אַז דער אידעיִשער וויכּוח צווישן בונדיזם און ציוניזם איז אַ פאַרענדיקטער, פאַרזעען די וואַקסנדיקע סכּנות, וואָס דרינגען אַרויס פון דעם־אָ שעדלעכן און בפירוש געפערלעכן שטאַנדפונקט. אמת, עס וואַקסט די קעגנערשאַפט אין די תּפוצות צו אָט דער איינזייַטיקייט. ליידער איז אָבער דער כּמותדיקער ציוניסטישער כּוח אַזאַ, אַז עס פעלט אַ גרעסערע אַנטשלאָסנקייט און קלאָרקייט מצד דער פירערשאַפט פון די ייִשובים אין די תּפוצות. דאָס וואָס עס פעלט אַ בונדישער מאַסן־כּוח מיט זייַן דירעקטן און אומדירעקטן אייַנפלוס, טאָרמאָזירט, צום באַדויערן, דעם לאַנגזאַמען פּראָצעס פון גייַסטיקן, און פּראַקטיש עפעקטיוון ווידערשטאַנד קעגן דעם פּרינציפּ פון ישראלס צענטראַליטעט. דאָס ברענגט אונדז צו אונדזער בונדישער ראָל אין ייִדישן לעבן בכל התפוצות און מדינת ישראל.

היסטאָריש איז דער "בונד" געבליבן דער איינציקער אידעאָלאָגישער כּוח

אויף דער ייִדישער גאַס, וועלכער האָט פּאָרויסגעזען די געפאַרן, וועגן וועלכע דער ציוניסט פּראָפ׳ ראַווידאָוויטש האָט אַזוי טרעפלעך געוואָרנט. דער חורבן האָט דעם־אָ נאַציאָנאַלן כּוח טראַגיש רעדוצירט. דאָס ייִדישע לעבן קען אָבער נישט געדייַען און טאָלערירן אַזאַ וואַקום אין אונדזער פאָלקס־לעבן. אויף די ניצול־געוואָרענע בונדיסטן ליגט דעריבער אַ גרויסער היסטאָרישער חוב אַזוי צו רעפאָרמולירן אונדזער אני־מאמין, כּדי צו קענען דערפילן אָט די פּאָזיטיווע ראָל אין אונדזער גלאָבאַלער פאָלקסגעמיינשאַפט.

דאָס פּראָבלעם איז, נאַטירלעך — ווי אַזוי?

צי דען קען אונדזער נומעריש אַזוי טראַגיש אָפּגעשוואַכטער כּוח זיך פּאַרמעסטן אין ייִדישן וועלט־מאַסשטאַב? קיין זאַך איז נישט אייביק, חוץ דער גרויסער אידייע פון מענטשלעכער שלמות, אייַנשליסנדיק די נאַציאָנאַלע, אין לעבן פון דער מענטשהייט — האָט בשעתו געזאָגט אַ גרויסער פילאָסאָף. דאָס איז אַוודאי־און־אַוודאי חל אויף דער דיספּראָפּאָרץ צווישן אונדזער אידעאָלאָגיע און דעם כּמותדיקן כּוח. יאָ, וויבאַלד סוביעקטיווע אידייען ענטפערן אויף אָביעקטיווע טענדענצן אין מענטשלעכן לעבן, טאָר אַפילו דער איצטיקער (צאָלמעסיק) שווערער צושטאַנד פון אונדזער באַוועגונג בשום אופן נישט פּאַרמינערן אונדזער אַנטשלאָסנקייט צו באַקעמפן דעם שטייַגנדיקן שאָוויניזם אין אַלע זייַנע פאָרמען אויף די ערטער און אין דער מדינה גופא.

דער ציוניזם נאָך דער ווידער־אַנטשטייונג פון דער מדינה, ווען זייַן גרונט־ציל איז אַ דערגרייכטער, ווערט ערשט רעכט געפערלעך פאַר אונדזער גורל־געמיינשאַפט. נאָר אַזאַ באַוועגונג, וואָס באַטראַכט די פולע פלוראַלע ייִדישע גורל־געמיינשאַפט ווי אַ באַדינג פאַר שעפערישן המשך, קען פאַרהיטן דאָס ייִדישע פאָלק פון די קאַטאַסטראָפאַלע פועל־יוצאת פון ציוניסטישן אַנאַכראָניזם. די לבנונישע אַוואַנטורע און די טיפע מאָראַלישע ירידה, וואָס הערשט איצט אין דער מדינה, באַווייַזן באַשייַמפּערלעך, ווי צייַטיק עס איז אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין דעם הייַנטצייַטיקן באַגריף פון ייִדישן וועלטפאָלק. אַזאַ צוגאַנג, וואָס קלינגט טאַקע אפשר צו זייַן גאָר געוואַגט אין אָנבליק פון דער האַרבער ווירקלעכקייט, האָט אָבער גאָר גרויסע שאַנסן. וויבאַלד די תּפוצות זוכן פאַרט גובר צו זייַן די כּלערליי דעסטרוקטיווע כּוחות וואָס באַדראָען זייער מאָרגן, קומען זיי אין אַ קאָנפליקט מיט די טענדענצן, וואָס באַהערשן איצט דעם ציוניזם (די צענטראַליטעט פון ישראל אאַ״וו) מיט אַלע קאָנסעקווענצן, וועלכע מיר האָבן אַנאַליזירט פריִער.

ווו און וויאַזוי קענען מיר געפינען פאַרבינדעטע אין גערעאַנגל פאַר אַ פאָזיטיווער אידעאָלאָגישער אָריענטאַציע פאַר דער ייִדישער גורל־געמיינשאַפט?

אומעטום ווו נאָר ס׳געפינען זיך פאַראינטערעסירטע אין שטאַרקן די

אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן פֿאַר אַ שעפֿעריש נאַציאָנאַל לעבן אין די תּפֿוצות און אין דער מדינה, צוזאַמען מיט דער מיטזאָרג פֿאַר ישראל און אין דערוואַרטונג פֿון ישׂראלס עמאַנציפּאַציע פֿון אָפּגעלעבטן ציוניסטישן פֿונדאַמענטאַליזם, ליגט די פּאָטענציעלע ווירקונגס־מעגלעכקייט פֿון בונדישן געדאַנק אין די 80־ער יאָרן און ווײַטער.

אין יעטוועדן ייִשוב וואַקסט אויס, פֿריִער צי שפּעטער, אַ פֿרײַוויליקע אויטאָנאָמע פֿאָרם פֿון אַ כּמו קהילה־אָרגאַניזאַציע. אמת, פֿרײַוויליקע קהילה־אָרגאַניזאַציעס זײַנען זייער ווײַט פֿון צוואַנג־קהילות, וואָס האָבן עקזיסטירט הונדערטער יאָרן אין מזרח־אייראָפּע. זיי באַשטעטיקן אָבער ווי ווײַט פֿאָרמען פֿון אויטאָנאָמיזם ברעכן זיך אַדורך אַפֿילו ווען די פּאָליטישע סטרוקטור פֿון די דעמאָקראַטישע נײַע אײַנוואַנדערונגס־לענדער שליסט אויס נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע. די גרויסע מעלה פֿון אָט דעם כּמעט ספּאָנטאַנעם פּראָצעס איז דאָס, וואָס אָרגאַניזירטע צילבאַוווסטזיניקע כּוחות קענען ממשותדיק משפּיע זײַן אָט די אויטאָנאָמע אינסטיטוציעס, ווײַל די רעליגיעזע איזאָלירן זיך ס׳רוב פֿונעם כּלל, באַזונדערס אין שײַכות מיט רעליגיעזע אינסטיטוציאָנעלע און אַנדערע נויטן. והשלישית — זיי ווײַזן אויך אַרויס אַ באַשײַמפּערלעכע טענדענץ צו פֿאַרבינדן זיך אין לאַנדמאַס־שטאַב, מחמת זיי ווערן אָפּט אָנערקענט ווי די פֿאַרטרעטער פֿון ייִדישן ייִשוב, און אויף אַזאַ אופֿן באַקומען זיי אַ מין אָפֿיציעלן סטאַטוס. ווען די אַלגעמיינע קולטור־פּאָליטישע באַדינגונגען ווערן גינסטיק פֿאַר די פּרינציפּן פֿון ״קולטור־פּלוראַליזם״, ווי למשל אין קאַנאַדע, נעמען אָן אָט די רעפּרעזענטאַטיווע אָרגאַניזאַציעס (אין קאַנאַדע איז דאָס דער קאַנאַדער ייִדישער קאָנגרעס) אַ האַלב־אָפֿיציעלע פֿאָרם.

בכּלל דאַרף מען באַטראַכטן אָט די ביז גאָר וויכטיקע סאָציאָלאָגישע אַנטוויקלונג ווי אַ שטאַרק פּאָזיטיווע. אַקטיוו העלפֿן דער דאָזיקער עוואָלוציע אין ייִדישן לעבן איז פֿון גאָר גרויסער באַדײַטונג פֿאַר בונדיסטן. וועגן דער פּאָטענץ פֿון אָפֿיציעלע, ווי אין מזרח־אייראָפּע, און טיילווײַז אויך וואָלונטאַרע געמיינדעס, איז כּדאַי צו ציטירן מעדעמען, דעם הויפּט־איניציאַטאָר פֿון אונדזער פּראָגראַם פֿון נאַציאָנאַלער קולטור־אויטאָנאָמיע: ״אויף דער קהילה״ — האָט ער געשריבן — ״קוקן מיר ווי אויף דעם קערנדל פֿון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. קליין איז דאָס קערנדל און שוואַך און אומפּולקאָמען, נאָר מיט דער צײַט ווען מען וועט אַרײַנלייגן פֿיל אָנגעשטרענגטע אַרבעט, וועט פֿון אים אויסוואַקסן אַ גאַנצער סיסטעם פֿון דעמאָקראַטישע אײַנריכטונגען״.

אויך פּראָפֿ׳ ליבמאַן הערש האָט זיך גאָר קלאָר אַרויסגעזאָגט וועגן דער ראָל פֿון די קהילות: ״די טויזנטיאָריקע דערפֿאַרונג באַווײַזט, אַז די קהילות שאַפֿן דעם וויכטיקסטן שטיצפּונקט פֿון אונדזער קיום. אין די הײַנטיקע

צײַטן קען דאָס נישט זײַן אַ רעליגיעזע קהילה, וואָס וואָלט אָפּגעשטויסן פון זיך דעם וועלטלעכן ייִד".

דאָס מיינט אָבער אויך נישט קיין קהילה פון פרײַדענקער, און אויך נישט קיין וועלטלעכע קהילה, ווײַל דאָס וואָלט אָפּגעשטויסן דעם אָרטאָדאָקסישן ייִד — נאָר אַ נאַציאָנאַלע קהילה, וואָס זאָל אַרײַננעמען פאַרשיידענע ריכטונגען. **אָנגעהעריקייט איז אַ מאָראַלישער חוב.**

עס איז אונדז שוין אָפּט אויסגעקומען בײַ פאַרשיידענע דיסקוסיעס צו באַהאַנדלען דעם וויכטיקן פענאָמען פון אונדזער וועלט־צעשפרייטונג, וויל איך דעריבער נישט אַרײַנגיין אין מער פּרטים. וואָס איך וויל אָבער יאָ טאָן, איז — זיך סומך זײַן אויף דעם קאַנאַדישן בײַשפּיל פון פרײַוויליקן אויטאָנאָמיזם ווי אַ מאָדעל, וועלכער קען דינען צו געבן אַ קאָנקרעטן לבוש דער טעאָרעטישער פאָרמולירונג פון דער ראָל פון די אָרטיקע "קהילה"־אָרגאַניזאַציעס, ווו בונדיזם האָט גאָר גרויסע שאַנסן פאַר אידעאָלאָגישן דערפאָלג.

פאַרשטייט זיך, אַז פאַר אונדז בלײַבט נאָך אַלץ אָפן די געפאַר פון דער שעדלעכער כּלל־ישראל פּראָבלעמאַטיק. אַוודאי עקזיסטירט זי, אָבער די דערפאַרונג באַשטעטיקט, אַז גראָד ווען מיר געפינען זיך אינעווייניק אין אָרגאַניזירטן ייִדישן לעבן, ווערן אונדזערע אידעאָלאָגישע קאָנטורן אַ סך בולטער און שטאַרקער אַקצענטירט.

איך דערמאָן זיך אַ געשפּרעך מיטן חבֿר שערער ערבֿ דעם אָנשליסן זיך פונעם מאָנטרעאָלער אַרבעטער־רינג אין קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס. ער האָט דאַן געזאָגט, אַז ער פאַרשטייט גוט אונדזערע מאָטיוון, אָבער ער האָט מורא, אַז מיר וועלן בטל בשישים ווערן אין דער דאָרט הערשנדיקער אַטמאָספער. דיווירקלעכקייט האָט באַשטעטיקט דאָס פאַרקערטע. אין אַלע אַלגעמיין־סאָציאַלע פּראָבלעמען האָט דער קאָנגרעס זיך געשטעלט אויף דער זײַט פון דער אַרבעטערשאַפט, אַפילו ווען בעלי־גופים האָבן געדראָט מיט אָפּשטעלן זייערע באַשטײַערונגען, און האָט געשטיצט דעם דעמאָלט לאַנג פאַרצויגענעם ווײַנטרויבן־באָיקאָט אין קאַליפאָרניע אד"גל.

נישטאָ קיין מעגלעכקייט אין דעם אַרטיקל צו ברענגען אויך אַנדערע בײַשפּילן. לאָמיר דעריבער זיך באַגרענעצן נאָר צו איינעם. ס'איז געווען האַרט נאָך דער אַנטשטייונג פון דער מדינה. די פירערשאַפט פון דעם קאָנגרעס, וועלכע האָט, נאַטירלעך, וואַרעם געשטיצט ישראל, איז אָבער געוואָרן שטאַרק באַזאָרגט צוליב דער שאָוויניסטישער שטימונג, וועלכע האָט באַהערשט די דעמאָלט שוין גאַנץ אַנטוויקלטע ייִדישע שול־נעץ אין לאַנד. איז דאַן געגרינדעט געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָנגרעס־קאָמיסיע פאַר צווישן־קולטור־דערציִונג, מיטן טראָפּ אויף באַציִונג צו קאַנאַדע, און דער פאָרזיץ פון דער קאָמיסיע איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ בונדיסט — מחמת ער

האָט בײַ פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן געבראַכט צום אויסדרוק זײַן אומרו צוליב דעם נעגאַטיוון דערציִונגס־עפֿעקט פֿון אַזאַ איינזײַטיקן צוגאַנג, וועלכער האָט דאָמינירט דאָס ייִדישע שולוועזן.

אינטערעסאַנט איז צו באַמערקן, אַז די סאַמע עקסטרעמסטע ציוניסטן פּעדאַגאָגן אינעם שולוועזן האָבן זיך דערשראָקן פֿאַר דער געפֿאַר פֿון שאַפֿן בײַם קינד קאָמפּלעקסן בנוגע קאַנאַדע, און זיי האָבן נישט נאָר מיטגעאַרבעט מיט דער קאָמיסיע, נאָר בפֿירוש ענטוזיאַסטיש זיך אַנגאַזשירט אין זוכן אַ באַלאַנס צווישן "דאָ" און "דאָרט". די־אָ קאָמיסיע האָט, אגב, פֿאָרמולירט די גרונט־פּרינציפּן פֿון קולטור־פּלוראַליזם אין דער קאַנאַדער אַנטוויקלונג. און, להכעיס די גאַנץ אײַנפֿלוסרײַכע שטימונגען מצד מער אַסימילירטע פּירער, וועלכע האָבן שטאַרק אידענטיפֿיצירט ייִדן מיט אַנגלאָ־זאַקסן אין לאַנד, האָט די קאָמיסיע פֿאָרט אַרויסגעגעבן אַ באַראָשור אין 1955, וועלכע האָט אגב, ווי די ערשטע אין לאַנד, געהאַט אַ גרויסן אײַנפֿלוס אויף דער שפּעטערדיקער אָפֿיציעלער פּאָליטיק לגבי "מולטי־קולטוראַליזם", וואָס איז ערשט אין די 60־ער יאָרן פּראָקלאַמירט געוואָרן דורך דער רעגירונג פֿון טרודאָ.

אויך דער פֿאַקט, אַז דער קאַנאַדער ייִדישער קאָנגרעס האָט אין 1969 גערופֿן אַן אַל־קאַנאַדישע קאָנפֿערענץ פֿאַר ייִדיש, און נאָך דעם ווי זי איז אַזוי אימפּאָזאַנט אויסגעפֿאַלן אין כּמות און אין איכות, געעפֿנט אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פֿאַר ייִדיש. איז עס טאַקע ווערט אונטערצושטרײַכן, אַז דער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט פֿאַר ייִדיש האָט זינט דאַן אַנטוויקלט אַ ברייטע, אָפּטמאָל גאַנץ דערפֿאָלגרײַכע טעטיקייט, און איז צוו"אַנד געווען אינסטרומענטאַל אין צוזאַמענרופֿן די ירושלימער קאָנפֿערענץ פֿאַר ייִדיש.

אויף אַזאַ אופֿן איז געשאַפֿן געוואָרן אַ היסטאָרישער פּרעצעדענט פֿון נעמען אויף זיך, דורך דער פּאַקטישער קהילה־מיטפֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, אויפֿצוהאַלטן דעם אוצר פֿון ייִדיש־קולטור. ווידעראַמאָל בעט זיך ממש פֿעסטצושטעלן, אַז אָן אונדז — ווי באַשיידן אין צאָל מיר זאָלן נישט זײַן — וואָלט דאָס נישט געווען מעגלעך. פֿאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן געוווּנען גאָר ווערטפֿולע פֿאַרבינדעטע, און האָבן באמת אָן אַ גוזמא געהויבן די מערכה פֿון ייִדיש צוזאַמען מיט אַ ביז גאָר וויכטיקן דורכברוך מיט אַן אָפּקלאַנג, וואָס האָט דערגרייכט ווײַט אַריבער די גרענעצן פֿון קאַנאַדע.

על־כּן קומען מיר צום סוף פֿון אונדזער עסיי. ס'איז איבעריק צו סומירן איבעראַנײַס אונדזערע אויספֿירן. זיי זײַנען דאָך זייער קלאָר באַזירט נישט נאָר אויף אינטראָספּעקטיווע אַנאַליזן פֿון יסודותדיקן בונדישן צוגאַנג צום כאַראַקטער פֿון דער ייִדישער גורל־געמיינשאַפֿט, נאָר אויך אויף דער נײַער, שווין איבער 40־יאָריקער דערפֿאַרונג אין די נײַע ייִשובים — דער עיקר נאָך דער אַנטשטייונג פֿון מדינת ישראל און דער רעלאַטיווער סטאַביליזאַציע פֿון דער כּמותדיקער פּראָפּאָרץ צווישן די תּפֿוצות און דער מדינה.

ליידער דערלויבט נישט אַן ערב קאָנפערענץ־עסיי אויסצושעפּן דעם גאַנצן גבול פון דער טעמאַטיק. אַפילו דער באַגריף פון דער ייִדישער גורל־געמיינשאַפט פאַרלאַנגט נאָך אַן אויספירלעכע באַהאַנדלונג, באַזונדערס צוליב דעם מולטי־קולטור־כאַראַקטער פון ייִדישן פאָלק, וואָס איז פאַרטיילט אויף ספרדים און אַשכנזים, ווי אויך אויף כּלערליי אַנדערע באַשטאַנדטיילן. דאָך בלײַבט דער פענאָמען פון אונדזער פאָלקסגעמיינשאַפט אַ קאַרדינאַלער פאַקט, אָן וועלכן קיין שום נאַציאָנאַלער פּראָגראַם קען נישט געדײַען.

דער גורל פון ישראל האָט אַ דירעקטן אײַנפלוס אויף די תּפוצות, און פאַרקערט. דאָס מוז זײַן דער אויסגאַנגס־פּונקט צו אַ פּאָזיטיווער באַנעמונג פון ייִדישן שעפערישן קיום.

**(1985)**

## ד״ר אַלעקסאַנדער גאָלדשמיד (1995 – 1906)

ווער נאָר ס׳איז געקומען אין באַרירונג מיט אָלעקן, וועט בלי ספק מסכים זייַן מיט דער באַצייכענונג פון אַ ליכטיקער געשטאַלט. אַ בלאָנדער, אַ מונטערער, פול מיט לעבן, הומאָר און פרייַנדשאַפט, האָט אָלעק זיך דערוואָרבן אָן אַ שיעור פרייַנד אין פאַרשיידענע סביבות. גאָר באַזונדערס האָט די קראָקעווער ״צוקונפט״־אָרגאַניזאַציע דערשאַצט דעם איידעלן, ביז גאָר אויפריכטיקן אידעאַליסט, געבוירן אין אַפּריל 1906 אין אַ באַלעבאַטישער משפּחה אין קראָקע.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז גראָד דרייַ פון זייַנע פיר פעטערס (דער מאַמעס ברידער) זייַנען געווען בונדיסטן, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסן אייַנפלוס אויף דעם יונגן באַגאַבטן גימנאַזיסט. גאָר פרי שליסט טאַקע אָלעק זיך אָן אין דער בונדישער סטודענטן־אָרגאַניזאַציע ״זיעדנאָטשעניע״ (פאַראייניקונג), בייַם יוגנט־בונד ״צוקונפט״. גאָר גיך איז ער געוואָרן אַקטיוו אין דער ״צוקונפט״־אָרגאַניזאַציע גופא. ער האָט זיך גיך באַפרייַנדעט מיט עמנואל שערער. פון דעסטוועגן זייַנען זיי זיך שטאַרק פונאַנדערגעגאַנגען אין זייער בליק אויף דער אַקטועלער אָריענטאַציע אין סאָציאַליסטישן לאַגער. אָלעק איז דאַן היפּשלעך ווייַט פאַרגאַנגען אין זייַן לינקער אָריענטאַציע אין ״בונד״. אָבער ווען די ״קאָמצוקונפט״ האָט פּרובירט שפּאַלטן די מוסטערהאַפטע קראָקעווער אָרגאַניזאַציע, איז אָלעק געבליבן מיט דער ״צוקונפט״, און אין זייַן לאַנגן אינהאַלטרייַכן לעבן זיך קיינמאָל נישט אייַנגעבראָכן אין זייַן אַבסאָלוטער אידענטיפיקאַציע מיטן ״בונד״ און בונדיזם.

אָלעק האָט דערגרייכט אַ גאָר הויכע מדרגה אין מעדיצין, מיט אַ ספּעציאַליטעט אין צוקער־קראַנקייט. זייַן שם איז דערגאַנגען ווייַט איבער די ברעגן פון זייַן היימשטאָט. חתונה־געהאַט מיט אַ לאָדזשער סטודענטין, האָט ער מיט דער צייַט זיך אַריבערגעטראָגן קיין לאָדזש, ווו מיר האָבן ווידער אָנגעקניפּט אונדזער האַרציקע יוגנט־פרייַנדשאַפט פון די גאָר פריִע יאָרן אין קראָקע.

ווי אַן אָפיציר אין דער פּוילישער אַרמיי, איז אָלעק מאָביליזירט געוואָרן האַרט ערב דער היטלער־מלחמה. צוזאַמען מיט דער אַרמיי איז ער גע־בליבן שטעקן אין מזרח־גאַליציע. זייַן משפּחה איז פאַרשיקט געוואָרן קיין

באַשקיריע, אין טיף־רוסלאַנד. ממש על־פּי נס האָט ער אויסגעמיטן די שחיטה פון די פּוילישע אָפיצירן אין קאַטין (גראָד דאַן איז ער געווען אויף אַ מעדיצינשער מיסיע, אַוועק פון זײַן וווין־אָרט). נאָכן צוריקקערן זיך קיין פּוילן, נאָכן סוף פון דער מלחמה, איז ער געוואָרן דער פירנדיקער דאָקטער פון באַנײַטן לובלינער אוניווערסיטעט און איז גאָר גיך אַריבער פון דאָרט קיין לאָדזש, וווּ ער ווערט רעקטאָר פון דער דאָרטיקער מעדיצינישער אַקאַדעמיע.

אין 1957 פאַרלאָזט אָלעק מיט זײַן משפחה פּוילן, און באַזעצט זיך אין ישראל. אויך דאָ האָט ער באַלד פאַרנומען די פּאָזיציע פון אַ שפּיטאָל־דירעקטאָר, און שפּעטער ווי דער שעף פון ״געריאַטריקס״ אין ״הדסה״־שפּיטאָל אין תּל־אָביב. כּמעט ביזן סוף פון זײַן לעבן האָט ער נאָך אַלץ פּראַקטיצירט אין זײַן מעדיצינישן באַרוף.

*

אָלעק האָט קיינמאָל נישט פאַרלוירן זײַן טיפן אינטערעס פאַרן ״בונד״ און בונדיזם. אַלע בונדישע אויסגאַבעס האָט ער געלייענט און זיך מיטבאַטייליקט אין דער פּראָבלעמאַטיק פון אונדזער שווערער מערכה נאָכן חורבן. אין אים האָט נאָך אַלץ געטליִעט די השפּעה פון דער אידעאַליסטישער אַטמאָספער, וועלכע האָט געהערשט אין דער קראָקעווער בונדישער באַוועגונג. אידעאָלאָגיש האָט זי זיך אויספאָרמירט נאָך דעם, ווי אַ באַדײַטנדיקער טייל ייִדן, וואָס האָבן פאַר יוני 1905 געהערט צו דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, האָבן פאַרלאָזט די פּ.פּ.ס. און געגרינדעט אין יוני 1905 די זש.פּ.ס. אַ גאָר גרויסער טייל פון די גרינדער פון גאַליציאַנער און בוקאָווינער ״בונד״ האָט אויף אַזאַ אופן אָפּגעוואָרפן די אַסימילאַטאָרישע פילאָזאָפיע פון פּ.פּ.ס. און אָנגענומען דעם נאַציאָנאַלן פּראָגראַם פון ״בונד״. האַרט נאָך דער באַנײַונג פון אומאָפּהענגיקן פּוילן האָט די זש.פּ.ס. זיך אָנגעשלאָסן צום פּוילישן ״בונד״.

הגם אָט די פאַקטן זײַנען גוט באַקאַנט אין אונדזער סביבה, איז דאָך כּדאי זיי צו דערמאָנען אַפילו פאַר אונדז גופא. אין דער זש.פּ.ס. איז די פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ געווען היפּשלעך פאַרטראָטן. גאָר גיך האָבן זיי טאַקע אָרגאַניזירט די גימנאַזיסטישע סטודענטן־באַוועגונג ״זיודנאָטשעניע״, וועלכע האָט גרופּירט אַרום זיך אַ באַדײַטנדיקע צאָל מיטגלידער. פון דאַנען האָט זיך עס גענומען, אַז די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט צווישן איר געציילט נישט ווייניקער פּראָפעסיאָנאַלן, ווי אַרבעטער. ד״ר עמנואל שערער, צווישן זיי, האָט שוין געהערט צום ייִנגערן דור. אויך ד״ר אַלעקסאַנדער גאָלדשמיד (אָלעק) האָט זיך אַרײַנגעפּאַסט אין אָט דער פּלעיאַדע בונדיסטן, בראָש מיט אַזעלכע נעמען, ווי ד״ר מיכאל שולדענפרײַ, ד״ר לעאָן פײַנער, די ברידער אַלעקסאַנדראָוויטש און זייער שוועסטער, א״אַנד.

ס׳וואָלט געווען אַן עוולה צו דערמאָנען אָלעקס דירעקטע באַטייליקונג בלויז אין דער בונדישער באַוועגונג, וואָרעם ער איז געווען אַ פּירנדיקע פּערזענלעכקייט אויך צווישן דער ייִדישער שטודירנדיקער יוגנט. אַ ריי יאָרן האָט ער אָנגעפירט מיט סטודענטן־קאָלאָניעס אין די קאַרפּאַטן און זיך דערוואָרבן אַן אויסערגעוויינלעכן שם צווישן די פּיל קאָלאָניסטן פון גאַנצן לאַנד.

אָלעק האָט מיט דער צײַט זיך היפּשלעך גוט אויסגעלערנט ייִדיש און איז אויפגעטראָטן אין אַ סך שטעט מיט ייִדישע רעפעראַטן. ער האָט זיך אויסגעצייכנט אויף אַלע געביטן, אין וועלכע ער איז געווען אַקטיוו.

מיט אַ ריי יאָרן צוריק איז געשטאָרבן זײַן פרוי; ער האָט אויך פאַרלוירן זײַן געראָטענעם זון.

אַן עלנטער, האָט דער אַמאָל שפּרודלדיקער דינאַמישער מענטש זיך שטאַרקער געקלאַמערט אין זײַן דמיון און געמיט אין די דורך אים פאַרהייליקטע עיקרים פון בונדיזם.

מיט זײַן פּטירה האָב איך פאַרלוירן מײַן נאָענטסטן יוגנט־פרײַנד, אַ טײַערן אומפאַרגעסלעכן חבר. מיר האָבן אָנגעהאַלטן אַ נאָענטן קאָנטאַקט ביזן סוף פון זײַן לעבן.

ס׳איז אַוועק אין דער אייביקייט אַ מוסטערהאַפטער מענטש. ער לאָזט נאָך זיך אַ בלויז פאַר די אַלע, וועלכע געדענקען אים גוט פון זײַנע שטורמישע און שקיעה־יאָרן. ער האָט געהערט צו די לעצטע מאָהיקאַנער פון דער וווּנדערלעכער קראָקעווער בונדישער באַוועגונג. כּבוד זײַן ליכטיקן אָנדענק.

„אונדזער צײַט“, נאָוועמבער־דעצעמבער 1995

# ישראל פאַלק (1904 – 1996)

זיַין גאַנץ באַוווּסטזיניק לעבן פלעגט ישראל פאַלק מיט הייליקן ציטער ממש אָפּהיטן דעם גרענעצלאָזן תּקיעת כּף זיַינעם מיטן „בונד“, ביז ער האָט אין שווערע אַנגסטן אויסגעהויכט זיַין נשמה. געבוירן איז פאַלק אין פּראַגע, די מזרחדיקע פאָרשטאָט פון וואַרשע אויף „יענער זיַיט“ פון דער וויַיסל. דער טאַטע אַ שניַידער, אַ קינסטלער אין זיַין פאַך, האָט צוזאַמען מיט דער טריַיער מאַמען אויפגעהאַלטן אַ וואַרעמע, פיַינע היים. געלערנט האָט פאַלק לכתּחילה אין אַ חדר, און שפּעטער באַזוכט מלוכישע שולן. נאָך דער גימנאַזיע אַריַינגעטראָטן אין דער טעכנישער הויכשול א״נ פון „וואַוועלבערג“ אין וואַרשע.

גאָר פרי האָט ישראל פאַלק זיך אָנגעשלאָסן צום „שומר הצעיר“, און איז אָבער גיך אַריבער צום יוגנט־בונד „צוקונפט“ אין די סאַמע שטורעם־און־דראַנג יאָרן פון אָט דער אידעאַליסטישער יוגנט־באַוועגונג. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, און זיַינע גרויסע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעיִקייטן זיַינען געוואָרן אַ שם דבר — סיַי אין דער באַוועגונג און סיַי אין זיַינע פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייטן. די דאַן זייער פּאָפּולערע ייִדישע קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט־צענטראַלע האָט זיך גיך דערקענט אויף אים און האָט אים פון ציַיט צו ציַיט אָנפאַרטרויט פאַרשיידענע אויפגאַבעס.

אַ ציַיט לאַנג האָט פאַלק געאַרבעט אין דער פילם־אינדוסטריע, און אויך אויף אַנדערע געביטן. ספּעציאַליזירט האָט ער זיך אָבער ווי אַ געניטער בוכהאַלטער־קאָנטראָלער.

ישראל פאַלקס גוטער פּויליש פלעגט אָפט אויסגענוצט ווערן דורך דער פּאַרטיי אויף אינטערנאַציאָנאַלע ו־מאַי דעמאָנסטראַציעס. איינמאָל איז אים אויסגעקומען, בעת אַ שטורמישער מאַי־דעמאנסטראַציע אונטערן האָגל פון ענדעקישע אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן, צו זיַין איינער פון די בונדישע רעדנערס אויפן טעאַטער־פּלאַץ אין וואַרשע. זייער אָפט פלעגט פאַלקס נאָמען זיך באַוויַיזן אין געדיכטן רעפּעראַטן־קעסטל אין דער וואַרשעווער בונדישער „פאָלקסציַיטונג“.

פאַלק האָט באַזונדערס זיך אויסגעצייכנט אין דעם פאַראיין פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע, ווו ער האָט אַ לאַנגע ציַיט פאַרנומען דעם אַמט פון

וויצע־פּאָרזיצער פון דער צענטראַלע.

פּאַלק האָט אויך געהאָלפן דער געזעלשאַפט ״פרייַנד פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע״. אַפילו ווען ער האָט געדינט אין דער פּוילישער אַרמיי אין ביאַליסטאָק, האָט ער מיט וואָס עס איז נאָר לעגאַל מעגלעך געווען געדינט דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין דער שטאָט.

די צווייטע וועלט־מלחמה האָט פּאַלקן פאַרכאַפּט אין וואַרשע. ער איז גלייַך אַרייַנגעצויגן געוואָרן אין דער אָנפירערשאַפט פון דער בונדישער אונטערערדישער אַרבעט.

ווען די רעשטלעך פון דער ״דזשאָינט״־אָנפירונג אין פּוילן זייַנען קורץ־ווייַליק ניצול געוואָרן, האָבן זיי דורך פאַרשיידענע וועגן און שטעגן דאָך גע־פונען באַשיידענע מיטלען צו העלפן כאָטש אַ טייל פון די באַהאַלטענע אויף דער ״אַרישער זייַט״. אין ישראל פּאַלקן האָבן זיי געפונען אַ פאַרלעסלעכן געוואַגטן שליח צו העלפן אויף ביידע זייַטן פון דער געטאָ־מויער. נישט געקוקט אויף פּאַלקס אייַנפאַלערישקייט, איז ער צום סוף אַרייַנגעפאַלן אין אַ רייע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, און פון אוישוויץ איז ער, ווי אַ ״שינדלער־בוי״, ניצול געוואָרן אין דער טשעכאָסלאָוואַקייַ, פון וואַנען ער איז אין 1945־טן יאָר געוואָרן באַפרייַט און איז צופוס דערגאַנגען איבער קראָקע קיין וואַרשע. דאָ האָט ערשט רעכט זיך צעבליט זייַן גרויסער אָרגאַניזאַציאָנעלער טאַלאַנט. ער ווערט די נשמה פון דעם ייִדישן צענטראַל־קאָמיטעט און צייכנט באַזונדערס זיך אויס בשעת דער מאַסן־רעפּאַטריאַציע פון די ייִדישע פּליטים פון ראַטן־פאַרבאַנד.

זייַענדיק אינטענסיוו אַרייַנגעצויגן אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דעם אויף די חורבות ניצול־געוואָרענעם קליינעם ייִדישן ייִשוב אין פּוילן, האָט ישראל פּאַלק צום סוף זיך אַנטוישט אין דער אילוזיע וועגן דער מעגלעכקייט צוריק אויפצובויען דאָרט אַ ייִדיש לעבן. ער דערשלאָגט זיך ענדלעך, איבער דער שווייץ און פּאַריז, קיין מאָנטרעאָל, ווו ער ווערט אַן ענטוזיאַסטיש אַקטיווער תּושב ביז זייַן לעצטן אָטעם. דאָ וואַרפט ער זיך אַרייַן אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, און ער פילט זיך אין איר ווי אַ פיש אין וואַסער.

ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט, און ער ווערט דער סעקרעטאַר פון קאַנאַדער ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט. נאַטירלעך ווערט ער ביז גאָר אַקטיוו אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, און העלפט מיט גרויס וויזיע אָרגאַניזירן די אימפּאָ־זאַנטע מאָנטרעאָלער וועלט־קאָנפערענץ פון ״בונד״ אין יאָר 1955.

אויך אין ״אַרבעטער־רינג״ פאַרנעמט פּאַלק אַ פירנדיקע פּאָזיציע. פאַר אַ צייַט לאַנג ווערט ער פּאָרזיצער פון שטאָט־קאָמיטעט. דאַן דערגרייכט ער דעם סאַמען הויכפּונקט פון זייַן שם, דורך אָרגאַניזירן די גראַנדיעזע אַל־אַמעריקאַנער מאָנטרעאָלער קאָנווענשן פון דעם ״אַרבעטער־רינג״.

ווען מ׳וואַרפט אַ בליק אויף צוריק צו ישראל פּאַלקס ראָל אין די נאָכן־

חורבן־יאָרן אין מאָנטרעאָל, מוז מען באַוווּנדערן וויאַזוי אָט דער מענטש, וואָס האָט אַדורכגעמאַכט די שבעה מדורי גיהנום, האָט געקענט מאָביליזירן אַזויפיל גײַסטיקע כּוחות צוריק צו געווינען דעם סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן פּאַטאָס פֿאַר דעם אַלגעמיינעם און ייִדישן לעבן.

זײַן בונדישער אידעאַליזם האָט בלי ספק צוגעהאָלפֿן דערצו, נישט געקוקט אויף די אָפּטע קאָשמאַרן, וואָס פּלעגן אים פֿאַרפֿאָלגן אין ביטערע נעכט.

מיט אמתער קדושה האָט פֿאַלק זיך געגרייט צו פֿײַערן דעם 100־יאָריקן יובֿל פֿון "בונד". לײדער האָט דער גורל אַוועקגענומען פֿון אים אָט דעם גרויסן זכות. ווען מיר וועלן אָפּגעבן דעם פֿאַרדינטן כּבֿוד דער אומפֿאַר־געסלעכער פּלעיאַדע בונדיסטן־אידעאַליסטן, וועט דער נאָמען פֿון ישראל פֿאַלק דערמאָנט ווערן מיט טיפֿן אַכפּער און גרויסן כּבֿוד.

"אונזער צײַט", מערץ־אַפּריל 1997

# צום הונדערטסטן געבוירנטאָג פֿון
# אפרים לוזער זעלמאַנאָוויטש

**ג**ענוי אַזוי ווי אַ וועלט אַ גאַנצע שפּיגלט זיך אָפּ אין אַ טראָפּן וואַסער, — ווי עס זאָגט זיך אין דעם פּאָפּולערן גלײַכװערטל — אַזוי קענען יחידי סגולה זוכה זײַן אויסצודריקן אין זייער מהות די וויזיע און גײַסטיקע דערהויבונג פֿון אַן אידעאַליסטישער מאַסן־באַוועגונג.

דער "בונד" קען זיך גרויסן מיט אַ צאָלרײַכער פּלעיאַדע פֿון אַזעלכע געשטאַלטן. נישט ווײַל בונדיסטן געהערן עפּעס צו אַן אויסדערוויילטן שבט, נאָר גאָר פּשוט: ווײַל סײַ די היסטאָרישע באַדינגונגען און סײַ זײַן אידעאָלאָגישער אני־מאמין האָבן צוגעצויגן און באַווירקט אַזעלכע פּערזענלעכקייטן, ווי זײַנע פֿירער, וועלכער האָבן אַנטשפּראָכן אַזאַ געלייטערטער ראָל. ווער ס׳האָט גוט געקענט, למשל, די פֿאַרשיידענע שטעט און ראַיאָנען אין צווישן־מלחמהדיקן פּוילן, דער קען כּמעט אומעטום אָנרופֿן אַזעלכע לאָקאַלע פֿירער, פּונקט אַזוי ווי די פֿירער פֿון דער גאַנצער באַוועגונג.

לאָדזש איז געווען גאָר באַזונדערס מזלדיק אין אַ גאַנצער גאַלעריע פֿון פּעיִקע, הויך־עטישע קרבנות־גרייטע פֿירער און טוער.

אפרים לוזער זעלמאַנאָוויטש, דער טריבון פֿון דער ייִדישער אָרעמקייט פֿון לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט, האָט בלי ספק געהאַט אַ גאָר באַזונדערן שם מיט זײַן טעמפּעראַמענט, התלהבות און אויפֿריכטיקן געפֿיל פֿאַר באַעוולטע: ער איז געווען זייער מליץ־יושר פֿון דער טריבונע אין דער קהילה, אויף מאַסן־מיטינגען, ווי בכלל אין דער טאָגטעגלעכער זאָרג פֿאַר דעם לײַדנדיקן מאַסן־מענטש.

אַ סך יאָרן זײַנען שוין פֿאַרבײַ זינט פֿראָים לוזער — ווי ער האָט זיך גערופֿן — איז אַוועק פֿון דער וועלט. און דאָך איז גענוג צו דערמאָנען זײַן נאָמען, כּדי אַרויסצורופֿן די וואַרעמסטע געפֿילן בײַ די אַלע, וואָס זײַנען געקומען אין דירעקטער באַרירונג מיט אים, אין לאָדזש אָדער אויסער לאָדזש. אָן אַ שיעור דערינערונגען טויכן־אויף אין זכּרון און בעטן זיך דערמאָנט צו ווערן צו דער געלעגנהייט פֿון זײַן הונדערטסטן געבורטסטאָג. אפרים לוזער האָט עס אונדז פֿאַרלײַכטערט מיטן אַרויסגעבן אין יאָר 1956 אַ בוך זכרונות א"נ עפּיזאָדן פֿון מײַן לעבן. הגם איך בין

גאָר גוט באַקאַנט מיט זײַנע "עפּיזאָדן" מחמת אונדזער נאָענטער פֿרײַנד־שאַפֿט, זינט איך האָב געהאַט זיך באַזעצט אין די פֿריִע 30־ער יאָרן אין לאָדזש, האָב איך פֿון דעסטוועגן ווידער געשלונגען די אַזוי שטאַרק שפּאַנענדיקע בלעטער פֿון זײַן בוך.

ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ גייען אַדורך פֿאַר מײַנע אויגן יענע פּאָרכטיקע איבערלעבונגען פֿון האַסטיקן איבערגאַנג פֿון דעם חדר, פֿון בית־מדרש — צו דער רעוואָלוציאָנערער, פֿול מיט גרויסע געפֿאַרן, בונדישער באַוועגונג. וואָס פֿאַר אַ מוט אָט דער גײַסטיקער שפּרונג האָט פֿאַרלאַנגט פֿון אַ נאַיִוון יונגטלעכן! דער ריס מיט טאַטע־מאַמע, מיט אַלע קאָנסעקווענצן פֿון סכּנות און מרידה, קלינגט אַזוי עכט ווען ער דערציילט וועגן דעם ווי אַ פּילבאַרער בחור, וועלכער האָט, אגב, גרויס אַכטונג געהאַט פֿאַרן טאַטן, און ליבשאַפֿט פֿאַר דער גאַנצער משפּחה.

אַ "מזל" האָט ער אָבער געהאַט צו פֿאַלן אַ קרבן פֿון אָן אַ שיעור דורכפֿאַלן. אַרעסטן האָבן זיך גענומען שיטן אויף אים — סײַ אין צאַרישן רוסלאַנד, סײַ אין דער צײַט פֿון דער דײַטשישער אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, און שפּעטער אין אומאָפּהענגיקן פּוילן. אין יאָר 1937 איז פּראָיִם לוזער פֿאַרשיקט געוואָרן אין דעם טרויעריק־באַרימטן לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע. אָט וויאַזוי דער מחבר שרײַבט וועגן דעם:

„אין צאַרישן רוסלאַנד בין איך אַרעסטירט געוואָרן 9 מאָל און פֿאַרבראַכט אין טורמע העכער דרײַ יאָר. אַדורכגעמאַכט פֿאַרשיידענע נגישות, געפּירט הונגער־שטרײַקן. בין איך דאָך געזעסן אין תּפֿיסה בײַ די דעמאָקראַטישע דײַטשן אין 1916, און איבערגעלעבט באַליי־דיקונגען; אויך געזעסן אין תּפֿיסה אין 1920 אין אומאָפּהענגיקן פּוילן און כ'האָב דאָך אַדורכגעמאַכט קאַרטוז־בערעזע אין 1937" (ז' 250). דאָס אַלץ איז מעגלעך געוועז אום זיך נישט אײַנברעכן, שרײַבט ער. „ביז 18 יאָר בין איך געווען פֿרום און געהאַט אַ טיפֿן גלויבן אין גאָט. שפּעטער בין איך געוואָרן אַ בונדיסט, האָב איך ווײַטער געהאַט דעם טיפֿן און ליכטיקן גלויבן אין דער באַוועגונג, אין דעם אינטערנאַציאָנאַליזם און אין דער ערלעכקייט און ריינקייט פֿון דעם צוקונפֿטיקן אויסגעלייזטן מענטש".

טיפֿע אמונה און גרענעצלאָזע באַגײַסטערונג פֿאַר סאָציאַליזם איז געווען אפֿרים לוזערס לעבנסוועג. זײַן מסירת־נפֿש און אַבסאָלוטע טרײַהייט צו דער בונדישער וויזיע פֿון אַ באַפֿרײַטן מענטש און ייִד, זײַנען בײַגעקומען אַלע ביטערע נסיונות, אויף וועלכע ער איז אַזוי אָפֿט געוואָרן אויסגעשטעלט אין זײַן שווערן גורל.

אפֿרים לוזערס הייסע און אַזוי עכט נאַציאָנאַלע איבערצײַגונגען, וואָס

האָבן אים אויסגעפּילט זײַן לעבן פון די סאַמע ייִנגסטע יאָרן אָן, האָבן אָבער נישט געמינערט זײַן ראָל ווי דער מאַן פון יענטען, דער איניציאַטיװ־פולער קלוגער אשת חיל, די מוטער פון זײַנעביידע זין, מאָטל און שלאַמעק — און אין דער זעלבער צײַט זײַן אַ מוסטער־פּאָטער מיט ציטער, זאָרג און ממש פּאַרליבטקייט. מען האָט געדאַרפט זײַן אַן אָפּטער אײַנגייער אין זייער וואַרעמער היים (די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן) אויף דער ו־מאַי גאַס אין לאָדזש, כּדי צו דערשפּירן די אינטימע, סובטעלע באַציִונגען אין אָט דער משפּחה, וואָס האָט ממש געפּיבערט מיט אַלעם, וואָס פראָים לוזער האָט געגלויבט צו זײַן: דער גאַנג צו דער גאולה אין גײַסט פון "בונד".

אַפילו בעת דער שווידערלעכער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער מיט געוואַלדיקע אָנשטרענגונגען סוף־כּל־סוף דערפירט צו דעם ווידערבאַהעפטן זיך פון דער גאַנצער משפּחה. דער בעסטער סימן איז בלי ספק זײַן צוריקגיין פון וואַרשע קיין לאָדזש אין יאָר 1939, וואָס קלינגט ממש אומגלויבלעך, ווען די פירערשאַפט פון "בונד" אין לאָדזש, וועלכע איז געבליבן אין שטאָט, איז שוין געהאַט פאַרצוקט געוואָרן פון די נאַצישע מערדער. נאָר איבערמענטשלעכע ליבשאַפט האָט געקענט גורם זײַן אַזאַ געוואַגטקייט. צום גליק האָט זיך די "אַוואַנטורע" דאָך געענדיקט מיט זייער ראַטעווען זיך קיין ווילנע.

געשמט האָט פראָים לוזער ווי **דער פאָלקס־טריבון פון לאָדזשער ייִדישן פּראָלעטאַריאַט.** מיט זײַנע געפּילפולע, ביז גאָר פײַערדיקע מוטיקע אַרויס־טרעטונגען, אַפילו ווען שוין אין אומאָפּהענגיקן פוילן פלעגן "שפּיצלעס" (געהיים־אַגענטן) "טשאַטעווען" אויף זײַנע שאַרפע אַטאַקעס. אַפילו נאָכן באַפרײַט ווערן פון קאַרטוז־בערעזע בתּנאי, אַז ער וועט זיך אָפּהאַלטן פון אַקטיוויטעטן בפרהסיא, געדענק איך ווי ער האָט אויף אַ פאָלקס־מיטינג אין דעם גרויסן לאָדזשער פילהאַרמאָניע־זאַל געהאַלטן איינע פון זײַנע פלאַמיקסטע רעדעס.

ער דערציילט אין זײַנע עפּיזאָדן אַזוי וועגן אָט דעם מיטינג:

"ווען דער 'בונד' האָט אײַנגעאָרדנט דעם ערשטן פּאָליטישן מיטינג נאָך מײַן באַפרײַונג אין דעם פילהאַרמאָניע־זאַל און באַשטימט די רעדנער, בין איך צווישן זיי נישט געווען. איך פרעג, וואָס זאָל דאָס באַדײַטן?, האָט איינער נאָך דעם אַנדערן מיר דערקלערט: עס איז אַ באַקאַנטע זאַך, אַז ווער עס פאַלט אַרײַן צום צווייטן מאָל אין קאַרטוז־בערעזע, איז שוין זייער שווער ער זאָל צוריק אַרויסקומען"

אפרים לוזער איז אָבער געווען אַזוי צודרינגלעך, אַז דער קאָמיטעט האָט אים לסוף געמוזט באַשטימען צווישן די רעדנער, אָבער געוואָרנט אים: "געדענק כאָטש, אַז דו ביסט נאָרוואָס באַפרײַט געוואָרן!"

די אויפנאַמע פון די פאַרזאַמלטע ווען אפרים לוזער האָט זיך באַוויזן

אויף דער טריבונע, דער שטורעם אין זאַל, וואָס האָט נישט נאָכגעלאָזט, האָט אים אַזוי געריירט, אַז ער האָט מצליח געווען אויסצודריקן מיט ווערטער זײַן האַרציקע צוגעבונדנקייט צו די ייִדישע אַרבעטער און פֿאָלקס־מאַסן.

אויב מיר זאָלן אונטערשיידן צווישן בונדישע פֿירער און טוער, וועלכע האָבן דער עיקר אַרויסגעהויבן דאָס עמאָציאָנעלע, און די אַנדערע, וועלכע פֿלעגן זײַן מער אַנאַליטיש און ראַציאָנעל, האָט פֿראָפּ לוזער, פֿאַרשטייט זיך, געהערט צו דעם ערשטן טיפּ אַגיטאַטאָרן און וועגווײַזער. עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז ער האָט נאָר געקענט מיטגעריסן ווערן דורך עמאָציאָנעלער שפּאַנונג.

מען האָט באַדאַרפֿט אים אָבסערווירן אויף ענגע קאָמיטעט־זיצונגען בעת עס זײַנען באַהאַנדלט געוואָרן אויסערגעוויינטלעך קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען: ווען אין דרויסן האָבן געבושעוועט אַנטיסעמיטישע באַנדעס און אָנגעוואָרפֿן אַ שרעק — ווי ניכטער און מיט וויפֿל קלאָרקייט פֿראָפּ לוזער פֿלעגט צוגיין צום זוכן אַן אויסוועג. אַ סך מענטשן פֿלעגן אין יענע צײַטן מיט נאַציאָנאַליסטישער היסטעריע אָפּוואַרפֿן, למשל, די מעגלעכקייט צו געניסן פֿון דער סאָלידאַריטעט פֿון פּוילישן אַרבעטער אין קאַמף מיט דער פֿאַשיסטישער וואַקכאַנאַליע. אָבער גראָד אין לאָדזש האָט זיך אײַנגעגעבן אויסצומײַדן פּאָגראָמען, און אַפֿילו פּאָגראָם־שטימונגען פֿון דער ברייטער מאַסע, מחמת דער האַלטונג פֿון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ.פּ.ס) און אירע אָנהענגער.

דער ריזיקער דערפֿאָלג פֿון "בונד" אין די וואַלן צום לאָדזשער שטאָטראַט אין יאָר 1938 איז, חוץ אַלע אַנדערע וואָגיקע סיבות, אויך געווען אַ רעזולטאַט פֿון דער גאַנץ באַזונדערער לאַגע אין לאָדזש וואָס שײַך די באַציִונגען צווישן דעם פּוילישן און דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט. דער סאָציאַליסטישער וואַל־זיג האָט באַשאַפֿן דעם סאָציאַליסטישן מאַגיסטראַט אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿון יאַן קוואַפּינסקי (פֿירער פֿון פּ.פּ.ס.), אין וועלכן ס'האָט זיך באַטייליקט שמואל מילמאַן (פֿון "בונד") ווי אַ לאַווניק.

גאָר אַ באַזונדער און אינטערעסאַנט קאַפּיטל איז פֿראָפּ לוזערס ראָל ווי אַ פּרנס אין דער לאָדזשער קהילה. סײַ די פֿירערשאַפֿט מיט דעם אגודהניק לייבעלע מינצבערג בראָש, סײַ די ציוניסטן פֿון אַלע פֿראַקציעס, האָבן מיט גרויס דרך ארץ זיך צוגעהערט צו פֿראָפּ לוזערס דרייסטע פֿאָדערונגען צו העלפֿן דעם פֿאַראָרעמטן מאַסן־מענטש.

איינמאָל, ווען דער קהילה־ראַט האָט באַהאַנדלט די פֿראַגע פֿון צוטיילן קוילן די נויטבאַדערפֿטיקע אין סאַמע מיטן פֿון אַ קנאַקנדיקן פֿראָסט, איז דערווײַל געוואָרן שפּעט, עס האָט שוין געהאַלטן נאָענט צו שבת, האָט דער פֿאָרזיצער לייבעלע מינצבערג געהאַלטן בײַם שליסן די זיצונג. דאָ האָט פֿראָפּ לוזער זיך אויפֿגעשטעלט און אַפּעלירט צו דער גאַלעריע,

ווו עס האָבן זיך געפונען ייִדן, פרויען און מענער, באַרעכטיקטע צו אָט דער הילף, און האָט געזאָגט: "מיר וועלן פון דאַנען זיך נישט רירן! אַפילו ווען דער שבת קומט שוין אָן. סכּנת נפשות איז איבער אַלץ! עס איז אַ פּראָסטיקע קעלט אין די שטובן פון באַלוט (די געגנט פון דער ייִדישער אָרעמקייט). קוילן מוזן גלײַך פאַרטײלט ווערן!"

הכּלל, עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. דאָס פּרעזידיום האָט געמוזט נאָכגעבן פראַים-לוזערס אולטימאַטום. ער האָט נישט בלויז פון דער טריבונע גערעדט וועגן דעם גורל פון דעם אָרעמען האָרעפּאַשניק, נאָר האָט אויך כּלערליי אופנים אַרויסגעוויזן פּערזענלעכן אינטערעס, האַרץ און זאָרג פאַרן יחיד.

ביז גאָר אײַנדרוקספול איז געווען אפרים לוזערס צאַפּלען איבער דעם גורל פון דער יוגנט־באַוועגונג. ער איז געווען דער שטענדיקער פאָרשטייער פון דער פאַרטיי צום יוגנט־קאָמיטעט. זײַן צאַרטקייט צו זײַנע אייגענע קינדער פלעגט ער אַריבערטראָגן צו די צוקונפטיסטן בכלל און צו דער יוגנט־אָנפירערשאַפט בפרט.

*

ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרעסטן פון אונדזערע חברים אין ווילנע אין יאָר 1940 מצד דער נקוו"ד, האָבן אונדזערעביידע משפחות זיך אויסבאַהאַלטן אין דער אַ"ג "מאַגיסטראַצקע קאָלאָניע" הינטער ווילנע. דעמאָלט איז אונדז אויסגעקומען צו שמועסן און קאָמענטירן וועגן די ברענענדיקע ענינים פון דער צײַט. די שווערע צײַטן האָט אפרים לוזער זייער שווער איבערגעלעבט. אין דעם קאַפּיטל "מײַן ווידוי" אין די עפּיזאָדן שרײַבט דער מחבר אַזוי:

"מיט מײַן ווידוי מיין איך נישט זיך מודה זײַן אין מײַנע 'זינד', וואָס איך בין באַגאַנגען קעגן דעם רבונו־של־עולם. איך האָב טאַקע געזינדיקט, אָבער נאָר קעגן די אומגעקומענע ייִדן פון מײַן שטאָט לאָדזש, און קעגן די לעבן־געבליבענע בונדיסטן, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט דעם געטאָ, די לאַגערן בײַ די דײַטשן. אין משך פון 37 יאָר האָבן די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן אין לאָדזש מיך באַטראַכט ווי זייער וואָרטזאָגער, ווי זייער מאָנער. בין איך דאָך אַוועק פון לאָדזש און געלאָזט די ייִדן אויף הפקר". ווײַטער זאָגט דער מחבר: "איך האָב קיינעם נישט דערציילט, אַז פון ווייטאָג ווערט מײַן האַרץ צעריסן פאַרוואָס איך האָב נישט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען און נישט געבליבן מיט אַלעמען אינדערהיים".

אין כּלערליי אינטימע געשפּרעכן פלעגט אפרים לוזער אויף פּאַר שיידענע אופנים זיך טיילן מיט מיר מיט זײַן נאָגנדיקן צער, און וויפל איך האָב נישט פּרובירט אים איבערצוצײַגן מיט האַרבע פאַקטן וועגן דעם

אומקום, אין סאַמע אָנהויב פון דער מלחמה, פון אונדזערע בעסטע מענטשן אין לאָדזש, איז מיט וואָס וואָלט ער, פּראָיִם לווער געקענט העלפן די פאַרבליבענע? — האָט עס בשום אופן נישט געהאָלפן.

נאָכן סוף פון דער מלחמה האָט ער געהאָפט, אַז דאָך וועט אין דעם באַפרײַטן פּוילן צוריק באַנײַט ווערן אַ ייִדיש לעבן, און ער האָט בײַ זיך אָפּגעמאַכט, נאָך דעם ווידערגעבורט פון אַ "בונד" אין פּוילן, אַז ער וועט פאָרן קיין לאָדזש כאָטש בלויז ווי אַ גאַסט פאַר אַ קורצער צײַט. יענטע, זײַן פרוי, האָט זיך קאַטעגאָריש קעגנגעשטעלט, צוליב זײַן שטימונג און געזונט־צושטאַנד. און, טאַקע, אין יענע חדשים איז אפרים לווער אַרײַנגעפאַלן אין אַ שטאַרק דעפּרעסירטן געמיט. ס'איז דעריבער קיין ווונדער נישט, וואָס ער האָט זײַנע עפּיזאָדן אָפּגעשלאָסן מיט אַן אויסרוף:

"שולדיק פיל איך זיך דאָך! דאָס וויל איך אויסשרײַען הויך אויפן קול, אַז אַלע זאָלן הערן!"

"אונזער צײַט", יאַנואַר 1987

## צומאָרגנס נאָך די פּײַערונגען
## צום אָפּמערקן 100 יאָר "בונד"

(אין אָנבליק פון דעם קריזיס פון שעפערישן המשך
אין ייִדישן לעבן אין די פרײַע דעמאָקראַטישע לענדער)

ס׳ רוב פון די תּפוצות געפינען זיך איצט אין אַן אָפענער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט. אויסערלעכע סכּנות פאַר אונדזער קיום זײַנען כּמעט פאַרשווּנדן. פאַרקערט, ס׳איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזאַ צײַט, ווען ייִדן האָבן גענאָסן נישט נאָר פון גלײַכע ציווילע רעכט, נאָר זײַנען גאָר טיף אַרײַנגעדרונגען אין ברייטן סאָציאַל־פּאָליטישן און עקאָנאָמישן שטראָם פון דער גרעסטער תּפוצה — די פאַראייניקטע שטאַטן.

דווקא ווען די עקאָנאָמישע קאָניונקטור אין אַמעריקע איז ביז גאָר גינסטיק און האַלט אָן לענגער ווי ווען־נישט־איז, מערן זיך ממש כּסדר אַלץ מער דראַמאַטישע שטימען וועגן דער צוקונפט פון דער ייִדישער פאָלקס־געמיינשאַפט.

אין מײַן סעריע אַרטיקלען אד״ט "באַגריף פון ייִדישן וועלטפאָלק" אין די תּל־אָביבער "לעבנס־פראַגן", האָב איך באַריכותדיק זיך אָפּגעשטעלט אויף פּראָפ׳ אַלאַן דערשאָוויטשעס ווײי־געשריי וועגן דער געפאַר פון אונטערגאַנג פון אַ ייִדישער אידענטיטעט אין דער אָפענער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט. איצט ליגט פאַר מיר אַ נאָרוואָס דערשינען בוך פון עליאָט אַבראַמס א״נ "גלויבן און שרעק", מיט אַ גאָר כאַראַקטעריסטיש אונטער־קעפּל "(ווי ווייניק ייִדן קענען בלײַבן ייִדן אין אַ קריסטלעכער אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע)". עליאָט אַבראַמס איז געווען וויצע־שטאַט־סעקרעטאַר אונטער פּרעזידענט רייגען. הײַנט איז ער פּרעזידענט פון דעם "עטישן צענטער" אין וואַשינגטאָן. זײַן פאַרצווייפלטער רוף קלינגט ממש ווי אַ קול־קורא במדבר ווען ער זאָגט, אַז "ייִדישע אידענטיטעט, אַמאָל זייער אַ שטאַרקע, מוז הײַנט ווערן מיט אַנטשלאָסנקייט רעוויטאַליזירט", ווי ער דריקט זיך אויס, "אַזיסטן פירט עס מיך צו דער טראַגישער מסקנא, אַז ווי אַ פאָלקס־געמיינשאַפט אין אַמעריקע וועלן מיר פאַרשווינדן. אפשר וועלן מיר נאָך אַ דור אויסהאַלטן".

זײַנע טראַגישע האָראָסקאָפּן באַקרעפּטיקט ער מיט אָן אַ שיעור באַװײַזן. "נאָר אַ קלײנער איזאָלירטער שבט פֿון אולטראַ־אָרטאָדאָקסאַלע ייִדן װעט בלײַבן אין אַ געטאָ; װאָס װײַטער װעט דער ריס צװישן ירושלים און תּל־אָבֿיבֿ האַלטן אין אײן שטײַגן און נאָך מער צעשטערן די פּערספּעקטיװן פֿון אַ שעפֿעריש ייִדיש לעבן אויך אין די תּפֿוצות".

װיאַזוי רעאַגירט די פּירערשאַפֿט פֿונעם אָרגאַניזירטן ייִדישן לעבן, דער עיקר קאָנצענטרירט אין די צדקה־פֿעדעראַציעס, אויף אָט דעם שטײַגנדיקן שטראָם פֿון פֿער־שװאַרצן פּעסימיזם?

דאָ און דאָרט הערן זיך שטימען צװישן די מנהיגים, אַז מען מוז זאָרגן מער װעגן אָרטיקן לעבן דורך שטאַרקן ייִדישע דערציִונג אד"גל. זײער הילפֿלאָזיקײט װאַקסט צוזאַמען מיטן שטײַגנדיקן אומרו. ס'איז נישט קײן װוּנדער, װײַל קײן ריכטונג אין ייִדישן לעבן איז נישט גרײט אָפֿן אויפֿצונעמען די אַרויספֿאָדערונג, װאָרום עס פֿעלט זײ די גרונט־פֿילאָסאָפֿיע און די גרײטקײט צו געװאַגטע שריט קעגנאיבער דער טרויעריקער װירקלעכקײט.

דער אײנציקער צװישן די צאָלרײַכע פּעסימיסטישע מחברים, װעלכער װאַגט, נישט געקוקט אויף זײַן אָרטאָדאָקסישן הינטערגרונט, צו רופֿן צו שטאַרקן די װעלטלעכע קולטור־װערטן, אַלטע און נײַע, כּדי צו ראַטעװען די מאָדערנע ייִדישקײט פֿון אונטערגאַנג, איז דער אַדװאָקאַט פּראָפֿ' אַלאַן דערשאָװיטש. זײַנע אויספֿירן קלינגען ממש װי געשעפּט פֿון דעם בונדישן נאַציאָנאַלן געדאַנקענגאַנג. אין דער אמתן איז טאַקע דער "בונד" דער אײנ־ציקער, װאָס איז טעאָרעטיש צוגעגרײט אויפֿצונעמען די אַרויספֿאָדערונג פֿון דער צײַט אינעם קאַמף פֿאַר אַ שעפֿערישן ייִדישן קיום אין אַן אָפֿענער מאָדערנער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפֿט, כאָטש מיר זײַנען אַרויסגעװאַקסן פֿון אַ דיאַמעטראַל אַנדערער סבֿיבֿה, און אונדזער כּמותדיקער כּוח איז אַזױ אומבארחמנותדיק פֿאַרשניטן געװאָרן.

מיר דאַרפֿן דורכאויס אונטערשײדן צװישן "בונד" װי אַ באַװעגונג, אָפּ־הענגיק פֿון דער צאָלמעסיקער השפּעה, און דעם בונדיזם װי אַ נאַציאָנאַל־אוניװערסאַלע פֿילאָסאָפֿיע, אין װעלכער דאָס ייִדישע לעבן נויטיקט זיך, כּדי אויסצופֿילן אַ טראַגישן בלויז אין דער נײַער געאָפּאָליטישער נאַציאָנאַלער לאַגע אין די תּפֿוצות אין דער אָפֿענער אַרומיקער געזעלשאַפֿט. אין אָט דעם גײַסט דאַרפֿן מיר באַגעגענען די נסיונות פֿון "צומאָרגנס נאָך די יובֿל־פֿײַערונגען".

עס דערמאָנט זיך מיר װי אויפֿן צװײטן מאָנטרעאָלער װעלט־צוזאַמענפֿאָר פֿון "בונד" נאָך דעם חורבן, האָט אַזאַ טיף אַנגאַזשירטע בונדישע פּערזענלעכקײט, װי יעקבֿ פּאַט, זיך געשלאָגן על־חטא, מחמת ער האָט האַרט נאָך דער מלחמה געהאַט דערקלערט, אַז דער "היסטאָרישער ריס פּוט צװישן 'בונד' און ציוניזם האָט זיך פֿאַרענדיקט". די אַנטשטײונג פֿון דער

מדינה האָט כּלומרשט גורם געווען דעם סוף פֿונעם וויכּוח צווישן ציוניזם און בונדיזם.

הײַנט איז שוין ביז גאָר באַשײַמפּערלעך, אַז דער ציוניזם האָט צוליב כּמה וכּמה טעמים, נאָך דער רעאַליזאַציע פֿון זײַן טעריטאָריאַלן ציל, אויפֿגעהערט צו קענען ענטפֿערן אויף די ראַדיקאַל געענדערטע באַדינגונגען אין דער וועלט־פֿאַרשפּרייטקייט פֿון פֿאָלק. אַ נײַע היסטאָרישע סיטואַציע האָט זיך געשאַפֿן און מאָנט אַ לייזונג, לכל הפּחות אַ פֿילאָסאָפֿישן צוגאַנג צו דער גיך וואַקסנדיקער פּראָבלעמאַטיק פֿון אַ ייִדיש לעבן אין די ראַדיקאַל געענדערטע באַדינגונגען.

אינטערעסאַנט איז, אַז אין דער צײַט ווען דער ציוניזם מאַכט בכלל אַדורך אַ בפֿירושדיקע אידעאָלאָגישע סטאַגנאַציע, איז דאָס נאָך חל אויף אַלע זײַנע אונטערשטראָמען, ווי פּועלי ציון, ״פּאַראייניקטע״ א״אַנד, וואָס פּלעגן זוכן קאָמפּראָמיסן צווישן נאַציאָנאַליזם און אוניווערסאַלע ווערטן. אידעיִש באַנקראָטירט אין באַצוג צום ווײַטערדיקן גורל פֿון ייִדישן וועלטפֿאָלק, שטייט די ציוניסטישע באַוועגונג אָ הילפֿלאָזע, נאָר מיטן כּוח פֿון אינערץ פֿאַר שווערע נסיונות, וועלכע שטייען פֿאַרן מאָרגן פֿונעם ייִדישן וועלטפֿאָלק.

דער אַבסאָלוטער ציל פֿון מלוכישקייט שליסט אויס יעטוועדן פּרווו מצד דער ציוניסטישער באַוועגונג די נויטיק צײַטיקע דינאַמיק, אין דער צײַט ווען דער בונדיזם, אָפּשאַצנדיק דעם היסטאָרישן פֿאַקט פֿון דער ראָל פֿון דער מדינה (זע דעם פּראָטאָקאָל פֿון דער ערשטער וועלט־קאָנפֿערענץ נאָכן חורבן, אָפּגעהאַלטן אין בריסל), רוקט אָבער אַנטשלאָסן אַרויס די ראָל פֿון קאַמף פֿאַרן קיום און המשך אין וועלט־פֿאַרנעם, אויפֿן סמך פֿון זאָרג פֿאַר אונדזער קולטור־ירושה, אײַנשליסנדיק דעם פֿענאָמענאַלן וווקס ביז צום חורבן פֿון אונדזער כּמעט טויזנט־יאָריקער פֿאָלקס־קולטור אין ייִדיש.

גענוי ווי קיין שום ריכטונג אין ייִדישן לעבן איז נישט צוגעגרייט צום רעטעניש וויאַזוי צו באַלאַנסירן ייִדישע נאַציאָנאַלע אידענטיטעט מיט דער מאָדערנער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפֿט, איז אויך נישט פֿאַראַן קיין שום אָרגאַניזירטער כּוח אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿט אויפֿצונעמען דעם קאַמף מיטן קלעריקאַליזם און דער רעליגיעזער, ווי אויך פּסעוודאָ־רעליגיעזער השפּעה, וואָס באַהערשט אַלץ מער און מער די אָפּהענטיקע ייִדישע עפֿנטלעכע מיינונג. דער אויפֿשטײַג פֿון די לובאַוויטשער איז אַ קאַפּולע וואָרענונג. דער פֿאַקטישער בירגער־קאַמף, וואָס אַנטוויקלט זיך לעצטנס אַלץ מער און מער צווישן דעם אולטראַ־אָרטאָדאָקסישן לאַגער אין ישׂראל און דעם וועלטלעכן, האָט זײַן בולטסטן אויסדרוק באַקומען בײַם אויבן ציטירטן עליאָט אַבראַמס, וועלכער באַטראַכט אָט די העסלעכע אַנטוויקלונג ווי נאָך אַ פּאָטענציעלע דעסטרוקטיווע דערשײַנונג פֿון דעם מאָרגן פֿון ייִדיש־זײַן אין די תּפֿוצות.

דער בונדיזם האָט קיינמאָל נישט געפּרעדיקט קיין אַטעיִזם. נישט איין מאָל האָט ער ממשותדיק געקעמפּט פֿאַר פֿולער רעליגיעזער פֿרייַהייט פֿון ייִדן און האָט זיך זייער אַקטיוו אַנגאַזשירט אין אָט דעם קאַמף. דאָס פּאַרטיידיקן די רעכט אויף כּשרער שחיטה, למשל, אין אומאָפּהענגיקן פּאַרמלחמהדיקן פּוילן, באַשטעטיקט דאָס געזאָגטע מיט איינעם פֿון אַ סך קאָנקרעטע פֿאַקטן.

מיט גרויס באַגייַסטערונג טוען בונדיסטן תּמיד ארויסהייבן דעם פֿאַקט, אַז אונדזער אוניווערסאַלע סאָציאַלע וויזיע האָט אירע טיפֿע וואָרצלען אין נבֿואישן סאָציאַלן פּאַטאָס.

יאָ, מיר קענען דרייסט, מיט טיפֿער און פֿולער איבערצייגונג ברענגען צום אויסדרוק, אַז אויך נאָך דעם 100־יאָריקן יובֿל בלייַבט פֿאַרן בונדיזם ממשיך צו זייַן די ראָל פֿון דערפֿילן בשלימות זייַן דואַליסטישע נאַציאָנאַלע און סאָציאַליסטישע שליחות אויך אין די דיאַמעטראַל געענדערטע באַדינגונגען.

„לעבנס־פֿראַגן“, סעפּטעמבער־אָקטאָבער 1997

## מיט זעלטענער ליבשאַפט

איז געשריבן געוואָרן דאָס "געדענקבוך פון באַנאָ ווינער" *

אַזוי פּלוצים, אין סאַמע מיטן פון זײַן בלִיענדיקן אידעאַליסטישן לעבנסגאַנג, האָט דער אומברחמנותדיקער גורל אַרויסגעריסן פון אונדזערע רייען אונדזער אומפּאַרגעסלעכן חבר און פרײַנד. וויפל אמת ליגט אין דעם אויסדרוקפולן זאַץ, וואָס אויפן שער־בלאַט: "באַנאָ ווינער, דער זון פון זײַן דור".

אַ דור, וואָס האָט סײַ געגאָסן און סײַ אָן אַ שיעור צוגעטראָגן צו דעם פענאָמענאַלן וווקס פון דער יִדיש־וועלטלעכער קולטור אין דער טראַגיש פאַרשניטענער תקופה. גלײַכצײַטיק האָט דער דאָזיקער דור אויך געשעפּט פונעם אַלטן טיף אײַנגעוואָרצלטן יִדישן קולטור־אוצר פון אַלע צײַטן.

אויבנאויפיק האָבן מיר פאַר זיך נאָר אַ זאַמלונג פון לפי ערך קורצע דערינערונגען פון באַנאָן גופא, וועלכע ער האָט נאָך באַוויזן בעל־פּה איבערצוגעבן חוהן, און דו באַקומסט דעם אײַנדרוק פון אַ גוט געבויטן גאַנצן ספר, באַגלייט מיט חוהס רירנדיקן "געפאַלן איז אַ דעמב".

אומגעציילטע פאַקטן קריצן זיך אײַן אין זכרון וועגן באַנאָס העראָישער האַלטונג פנים אל פנים מיט דעם שוידערלעכן נאַצי־געשפּענסט. אָט, למשל, שרײַבט חוה:

"באַנאָ איז געווען אַ געוויקסיקער, זײַן בליק אַן אָפענער און דרײַסטער. הכנעה איז אים פרעמד געווען. האָט ער טאַקע געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די דײַטשע 'וואַך־פּאָסטנס'. מען האָט אים באַשולדיקט אין נישט־געשטויגענע זינד, און ער האָט אָפּט געכאַפּט קלעפּ. איינעם אַ טאָג — ווען ער האָט זיך שוין געפונען אין לאַגער מאַטהאַוזען, ווו מ'האָט אים אָפּטראַנספּאָרטירט פון אוישוויץ — האָט מען אים אַרײַנגעצימבלט פופצן שמיץ אויפן בלויזן זײַט־זשע־מוחל. דער שמײַסער האָט געשמיסן מיט הויט־שנײַדנדיקע ריטער. באַנאָ האָט קיין קרעכץ נישט אַרויסגעלאָזט, נאָר האָט הויך אויף אַ קול געציילט יעדן שמיץ וואָס ער האָט באַקומען, איין שמיץ נאָכן אַנדערן. ער איז געווען אַן עקשן" (ז' 37).

באַנאָס העלדישקייט אין געטאָ איז בכלל געווען אין לשער. צווישן אַנדערע,

האָט ער געשפּילט מיטן לעבן בײַ יעדן אויפֿנעמען פֿון ראַדיאָ־ידיעות פֿון אויסלאַנד, וועלכע ער האָט תּיכּף ומיד פֿאַרשפּרייט צווישן חבֿרים דורך פֿלוגבלעטער צו פֿינף אין אַ שטויס. איין מאָל, צוויי מאָל אַ טאָג, האָט באַנאַ אין פֿאַרשיידענע באַהעלטענישן געהערט די אווידיציעס פֿון בי. בי. סי און פֿון דער פּוילישער ראַדיאָ־סטאַציע "שוויט".

"בשעת די דײַטשן האָבן אַרעסטירט 17 אומלעגאַלע ראַדיאָ־הערערס און זײ דערשאָסן, איז באַנאַ מיט נסים אַנטרונען פֿון די רוצחימס הענט, און אין דעם ברוסט־טעשל פֿון דער מאַרינאַרקע האָט ער אַרומגעטראָגן אַ ציאַנקאַלי־פּיל. ער האָט מורא געהאַט, אַז אין פֿאַל ווען ער וועט אַרײַנפֿאַלן אין דײַטשישע הענט, זאָל ער זיך, חלילה, נישט אײַנברעכן בשעת אַן אויספֿאָרשונג. ער האָט צופֿיל געוווּסט" (ז' 35).

אין דעם בוך באַקענט זיך דער לייענער מיט באַנאַס קינדהייט, בשעת וועלכער די צוויי ברידער (פּינטשע, וועלכער איז עלטער פֿון באַנאַן) זײַנען דערצויגן געוואָרן אין אַ ביז גאָר וואַרעמער, אינטימער בונדישער משפּחה: אַ טאַטן, וועלכן חוה כאַראַקטעריזירט ווי אַ מענטש, וואָס האָט ממש מיט רעליגיעזער כּוונה געגלויבט אין דער דערהויבנקייט פֿון בונדיזם. חוה דערציילט ווי גרויס באַנאַס ליבשאַפֿט איז געווען צום טאַטן.

"ווען דער טאַטע איז געווען אינדערהיים" — שרײַבט זי — "איז דאָס געווען די גרעסטע פֿרייד פֿאַר בינעמען.

"דאָס גאַנצע לעבן זײַנס האָט ער געדענקט אַ גאָרטן־פֿאַרווײַלונג לטובֿת דער "מעדעם־סאַנאַטאָריע" אין פּאַרק "העלענוווּעק".

"אַן ענלעך געפֿיל פֿון זײַן אויפֿן שפּיץ פֿון דער וועלט, האָט בינעם געהאַט ווען די מאַמע איז פֿאָרן שלאָפֿן גיין געזעסן נעבן זײַן בעט און אים פֿאָרגעלייענט מעשׂהלעך און פֿאָעמעס פֿון ייִדישע קינדער־ביכלעך" (ז' 16).

גאָר באַזונדערס איז געווען די קעגנזײַטיקע באַציִונג צווישן ביידע ברידער. מ'קאָן זיך קוים פֿאָרשטעלן אַזאַ האַרציקע נאָענטשאַפֿט צווישן צוויי מענטשן.

ניט איין מאָל שטרײַכט די מחבּרטע אונטער די כאַראַקטער־גאַנצקייט פֿון בינעמען. ס'איז קיין צופֿאַל ניט, וואָס גאָר אַ גרויסן חלק האָט אין דעם געהאַט זײַן אויסנעמלעכע משפּחה.

אַ צופֿאַל האָט געוואָלט, אַז באַנאַס טאַטע האָט זיך שטאַרק געחבֿרט מיט מײַן שווער, אבֿרהם גערטלער. ער פֿלעגט אים אָפֿט באַזוכן, און איך האָב באַוווּנדערט די קלאָרקייט פֿון משה ווינערס — דעם "מעדעמאָוויעץ", ווי חוה דריקט זיך אויס — קאָנסעקווענטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע איבערצײַגונגען, ווען ס'האָט אין די דרײַסיקער יאָרן געהערשט אין "בונד" אַ מין לינקע אינערץ.

צו 9 יאָר ווערט באַנאָ אַ „סקיפּיסט" אין דער בלי־צײַט פון אָט דער סאָציאַ־ליסטישער קינדער־אָרגאַניזאַציע. גאָר שטאַרק זײַנען געווען די אײַנפלוסן סײַ פון „סקיף" און סײַ פון דער מעדעם־שול אויף בינעמס גאַנצן לעבן.

אַ באַזונדערע ראָל האָבן געשפּילט די זומער־לאַגערן פון „סקיף" אין גע־שטאַלטן דעם נײַעם מענטש. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם פלעגט ער אויפנעמען די העראָישע פאַקטן פון העלדישן קאַמף, וואָס בונדיסטן האָבן געפירט אין צאַרישן רוסלאַנד, און וואָס צווישן זיי איז געווען, ווי עס דערציילט חוה, זײַן אייגענער טאַטע, וועלכער האָט געקעמפט אויף די באַריקאַדן אין לאָדזש אין 1905־טן יאָר.

זי דערציילט וועגן באַנאָ:

„סוף־כּל־סוף איז די בונדישע אידעאָלאָגיע געווען אַ פּשוטע: שלום אויף דער וועלט, יושר און גערעכטיקייט פאַר יעדן גלײַך, אָפּשאַפן הונגער; חברישקייט צווישן מענטשן, ליבשאַפט צו דער נאַטור און צו אַלעם לעבעדיקן, און אַ ליבשאַפט פאַר ייִדיש" (ז' 27).

מיט אַזאַ גײַסט זײַנען געווען באַהויכט די זומער־לאַגערן פון „סקיף" און די אַטמאָספער אין דער „מעדעם־שול", וועלכע חוה באַצייכנט ווי „די שענסטע אינסטיטוציע, מיט וועלכער באַנאָ איז ווען־ניט־איז געקומען אין באַרירונג אין זײַן לעבן" (ז' 25).

*

איך האָף, אַז דער לייענער וועט מיר מוחל זײַן אויב איך וועל בײַ דער געלעגנהייט ברענגען מײַן אייגענע דערמאָנונג פון דער לאָדזשער מעדעם־שול. ס'איז געווען אין יאָר 1932, ווען דער אַכטער קלאַס פון דער מעדעם־שול איז נאָך זײַן גראַדויִרן געקומען קיין קראָקע אויף אַ באַזוך. מען האָט מיר אָנגעטרויט זיי צו פירן איבער דער באַרימטער קרוינשטאָט פון פוילן. דער קלאַס איז פון קראָקע אַוועק קיין זאַקאָפּאַנע און האָט דורכאויס באַשטאַנען איך זאָל מיט זיי מיטפאָרן. איך בין געוואָרן פון זיי אַזוי שטאַרק באַאײַנפלוסט, אַז זיי האָבן נאָכן אויספרעגן בּפרוטרוט, באַזונדערס דעם לערער גרונדמאַן, וועלכער איז אַליין געווען אַ גראַדויִרטער און האָט שפּעטער געלערנט אין ווילנער ייִדישן לערער־סעמינאַר, באַשלאָסן זיך צוצוגרייטן, בּכדי צו קענען אָנקומען אין דעם ווילנער סעמינאַר.

עס ברעכט אויס די צווייטע שוידערלעכע וועלט־מלחמה, וואָס האָט געבראַכט אויף ייִדן דעם חורבן.

אָבער אַפילו די פינצטערע געטאָ, די טויט־לאַגערן און די שרעקלעכע אַנטוישונגען, וואָס ער האָט ווידער איבערגעלעבט אין דעם נאָכמלחמהדיקן קאָמוניסטישן פוילן, האָבן נישט געקענט אײַנברעכן באַנאָ ווינערן. דאָך פּרובירט באַנאָ מיט זײַן כאַראַקטעריסטישן ענטוזיאַזם צו העלפן צוריק

אויפבויען די באַוועגונג. ספּעציעל האָט ער זיך אַריַינגעוואָרפן אין דער קינדער־ און יוגנט־באַוועגונג. ליידער איז געוואָרן שווערער און שווערער אין דעם קאָמוניסטיש באַהערשטן פּוילן.

צום סוף האָבן ביידע ברידער זיך ווידער געלאָזט אין אַ וויַיטער נסיעה, ביז צום פריַיען אויסטראַליע.

דאָ הייבט זיך אָן אַ ניַיע תּקופה אין באָנאָס און אין פּינטשעס לעבן. אַ פּעריאָד פון גרויסע דערגרייכונגען אויף אַלערליי געביטן — סיַי פונעם קהילה־לעבן בכלל, און סיַי אין דער בונדישער טעטיקייט בפרט. ווידעראַמאָל לייגט באָנאָ דעם שווערפּונקט אויף דערציִונג פון קינדער ("סקיפּ") און יוגנט ("צוקונפט"). ער ווערט דער אָנפירער פון דער בונדישער פּראַקציע אין דער דעמאָקראַטיש געוויילטער קהילה, העלפט ממשותדיק בויען די פּרץ טאָג־שול, בויט דעם מוסטערהאַפטן חורבן־צענטער אין מעלבורן. סאָציאַלע הילף פאַרנעמט אַ גאָר וויכטיק אָרט אין זיַין אינטענסיווער טעטיקייט. ער באַטייליקט זיך אין דער "קדימה".

גאָר באַזונדערס זאָרגט ער פאַר דעם בונדישן "וואַקס־הויז", אויפן נאָמען פון דעם פאַרדינסטפולן ביאַליסטאָקער בונדישן טוער, וועלכער האָט נאָכן קומען קיין אויסטראַליע בייַם אָנהויב פון דער מלחמה געפּועלט ביַי דער אויסטראַלישער אַרבעטער־רעגירונג צו עפענען ברייטער די טויערן פאַר דער שארית הפליטה. גליַיכציַיטיק האָט ער, אין הסכּם מיט די גרונט־פּרינציפּן פון בונדיזם, מקיים געווען די מצווה פון אַקטיוון מיטאַרבעטן מיט דער סאָציאַליסטישער לאַנד־פּאַרטיי. אינעם בוך באַטייליקן זיך אויך מיט זכרונות און אָפּשאַצונגען וועגן דעם נפטר די פּאָלגנדיקע חברים און לאַנדסלייט: **העניע רייַנהאַרץ, שלאַמעק זעלמאַנאָוויטש, מאָטל זעלמאַנאָוויטש, פּראָפ' אַרטור לערמער, יעקב לעווין, יעקב ראָזענבערג, פּראָפ' ישראל גוטמאַן** (ירושלים), **העניעק באָרענשטיין, הערשל לעדערהענדלער, יצחק לודען, משה איַיזענבוד, יהודה עלבערג, שרה ראָזענפעלד, יוסף ווינקלער, לילקע מיַיזנער,** און **דאָבקע אַפּעלאָוויטש** מיט אַ געפּילפּולער פּאָעמע.

דער פּאָלגנדיקער אַרטיקל איז געווידמעט באָנאָס געטאָ־טאָגבוך. חוה שריַיבט: וויפל הייליקייט שלאָגט פון די דאָזיקע קדושהדיקע ווערטער. ווי אַ קאָשמאַר באַגלייט מיט אַ זעלטענעם געפיל פון גיַיסטיקער גבורה גייען די שורות אַדורך פאַר דיַינע אויגן. אין אַ בריוו, וואָס באָנאָ האָט געשריבן צו חברים גליַיך נאָך דער באַפריַיונג, הייבט ער אָן מיט אַ דערמוטיקנדיקן, אַרויסרופערישן "סערוווּס, יאַטן!"... דער דאָזיקער רוף שפּיגלט אָפּ אַזוי עכט באָנאָן. באָנאָ דערמאָנט זיַין דערנער־וועג פון אוישוויץ איבער מאַטהאַוזען און גוזען (נישט פּוילן איז דאַן געווען זיַין דירעקטער ציל. לעת־עתּה וועט ער אַוועק קיין ביַיערן), כּדי אין מינכען און אומגעבונג אָנצוהייבן עפּעס וואָס צו טאָן.

״הערט, חברה, שרײַבט מיר אַלץ. אויב עס זײַנעןווירקלעך פֿאַראַן מעגלעכ־קייטן פֿון פּראָדוקטיווער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט, קאָן איך קומען״... ״מײַן לעבן האָט אַ ציל, אַרבעטן פֿאַר ייִדן, פֿאַר דעם פֿאָלק, פֿון וועלכן איך שטאַם, און אַרבעטן פֿאַרן סאָציאַליזם״ (ז׳ 159).

דער באַדײַטנדיקער ענגלישער טייל פֿון 70 זײַטן גיט צו אַ באַזונדערן כאַראַקטער דעם בוך. ער חזרט לחלוטין ניט איבער די ביז גאָר וואַרעמע אָפּרופֿן אין ייִדישן טייל. לעת־עתּה וויל איך בלויז דערמאָנען די, וואָס האָבן צוגעטראָגן זייער אײַנדרוקספֿולן חלק צום בוך.

קודם־כּל — חוהס איבערזעצונג פֿון ״איז געפֿאַלן אַ דעמב״; באַרי דזשאָנס — געוועזענער פּאָרזיצער פֿון דער אויסטראַלישער לייבאָר־פּאַרטיי און זײַן פֿרוי ראָוזמאַרי האַנבוריס, עסייען. איזי לײַבלער — באָנאָ ווינערס שותּף אין דער טוריסטיק־געזעלשאַפֿט, לאַנגיאָריקער פּרעזידענט פֿון אויסטראַלישן ייִדישן ייִשוב, פּאָרזיצער פֿון דער עקזעקוטיווע פֿון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס.

אברהם גאָלדבערג, (באָנאָס מיטאַרבעטער בײַ דער ראַדיאָ־אַקטיוויטעט אין געטאָ): ״איין טאָג אין געטאָ״.

שמואל ראָזנקראַנץ — קאָ־פּרעזידענט פֿון מעלבורן חורבן־צענטער, און אַרנאָלד זייבלס עסיי ״אין כּבֿוד פֿון באָנאָ ווינער״.

טיף רירנדיק ביז גאָר איז אַ דערינערונג, מיט וועלכער חוה פֿאַרענדיקט איר ״געפֿאַלן איז אַ דעמב״ — דהײַנו: בײַם אָפּשלוס פֿון אַ ״סקיפּ״־לאַגער אין יאָר 1937 אין סידעראַנצע איז אַרויף אויף אַ ברעטער־טריבונע אַ געוועזענע שילערין פֿון דער מעדעם־שול אין לאָדזש. זי האָט געהאַט לאַנגע ברוינע צעפּ, און מיט אַ קלאָר קלינגעוודיקן קול האָט זי רעציטירט אברהם רייזענס ליד:

און זאָל ווי ווײַט נאָך זײַן די צײַט
פֿון ליבע און פֿון שלום,
דאָך קומען וועט, צי פֿרי צי שפּעט
די צײַט — עס איז קיין חלום.

דער נאָמען פֿון דעם מיידל איז געווען: כאַוטשע. חוה ראָזנפֿאַרב.

באָנאָ ווינער, דער פּראָטאָטיפּ פֿון אַן אידעאַליסט־בונדיסט, דערצויגן אינעם שטורעם־און־דראַנג פֿעריאָד צווישן ביידע וועלט־מלחמות אין פּוילן, האָט מיט אומגעוויינלעכער ווירדע פּערסאָניפֿיצירט די שענסטע אידעאַלן פֿון ״בונד״.

״אונזער צײַט״, יאַנואַר־פֿעברואַר 1998

*דאָס באָנאָ ווינער געדענקבוך, רעדאַגירט פֿון חוה ראָזענפֿאַרב. אַרויסגעגעבן צו באָנאָס צוועיטער יאָרצײַט. מעלבורן 1997.

## י. י. טרונק

(צו זיַין צוואַנציקסטער יאָרצײַט)

דעם 7־טן יולי 1961 איז אַוועק פון דער וועלט **יחיאל־ישעיהו טרונק**, אַ ביז גאָר פּאָפּולערער שרײַבער בײַם לעבן, באַזונדערס אין זײַן סאַמע שעפערישסטן אַמעריקאַנער פּעריאָד פון זײַנע לעצטע צוואַנציק יאָר — פון 1941 ביז 1961 — איז ער איצט, צוואַנציק יאָר נאָך זײַן טויט, כּמעט ווי פאַרגעסן געוואָרן.

פאַר די וואָס האָבן געהאַט די זכיה צו קענען נאָענטער דעם קלוגן, גוטהאַרציקן, בליציקן שרײַבער און דענקער, דעם צאַרטן, ביז גאָר סענסיטיוון מענטש, פרײַנד און אידעאַליסט, איז דאָס אָפּמערקן זײַן צוואַנציקסטן יאָרטאָג אַ געלעגנהייט אויפצוּוועקן דעם דורך אים אַזוי כּשר פאַרדינטן אינטערעס אין דער ייִדישער וועלט.

*

י.י. טרונק איז געבוירן געוואָרן אין דאָרף אָסמולסק, נעבן לוויוויטש, דעם 15־טן מערץ 1887, און איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק דעם 7־טן יולי 1961. פון פאָטערס צד — אַן אייניקל פון רבי ר׳ יצחק וואָרקער און פון דעם קוטנער גאָון ר׳ יהושע׳לע קוטנער. פון דער מוטערס צד — אַן אייניקל פון ברוך גזשיוואַטש, אַ רײַכער גוטבאַזיצער.

געלערנט האָט ער ס׳רוב בײַ פּריוואַטע מלמדים און לערערס. חתונה געהאַט מיט אַן אייניקל פון יהושע פּריוועס, דעם גרעסטן ייִדישן אײַזן־מאַגנאַט אין פּוילן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

ער איז גאָר אַ סך אַרומגעפאָרן איבער דער וועלט. אין 1913־1914 פאַרבראַכט כּמעט אַ יאָר אין ארץ־ישראל, צוזאַמען מיט זײַן פרוי, און אויפן וועג אַהיים געבליבן שטעקן אין דער שווייץ מחמת דער מלחמה. דאָרט האָט ער געהאַט די געלעגנהייט אַ סך צו לייענען און צו פאַפּולקאָמען זײַן וויסן מיט דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור און פילאָסאָפיע.

אין די יאָרן 1919־1925 וווינט ער אין לאָדזש, וווּהין ער קערט זיך אָפּט צוריק אויך אין זײַן שפּעטערדיקן וואַרשעווער פּעריאָד (1925־1939). בײַם אָנהייב פון דער היטלער־מלחמה לאָזט ער זיך אינאיינעם מיט זײַן פרוי און

און טאָכטער אַוועק קיין אַמעריקע — איבער ווילנע, רוסלאַנד, יאַפּאַן — און קומט אָן אין ניו־יאָרק אין 1940, מיט דער הילף פון ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט.

י. י. טרונק איז פרי געוואָרן אַן אײַנגייער בײַ י. ל. פרצן, וועלכער האָט טאַקע געהאַט אויף אים אַ געוואַלדיקע השפעה. די ערשטע דערציילונג, וואָס ער האָט געוויזן פרצן, איז געווען אויף העברעיִש, הגם ער האָט שוין פריִער געהאַט געשריבן פון צײַט צו צײַט ייִדיש. בײַ דער ערשטער באַגעגעניש האָט אים פרץ אַ פרעג געטאָן: ״פאַרוואָס שרײַבט איר נישט ייִדיש? עס שטייט נישט אָן אַן איידעם פון די פריוועסעס די שפּראַך פון די שנײַדער־יונגען?״ (פוילן, באַנד 4, ז׳ 289)

זײַן ערשטע גרעסערע אַרבעט איז געווען אַ טאָגבוך פון דער רעוואָלוציע אין לאָדזש אין 1905, געשריבן אויף העברעיִש. ער שליסט זיך אָן צום ״בונד״ (1923) און בלײַבט אים געטרײַ ביזן לעצטן אָטעם.

אין 1907 שרײַבט י. י. טרונק אויף העברעיִש זײַן ערשטן ביאָגראַפישן ראָמאַן וועגן רעוואָלוציאָנערן אין ייִדישן לעבן. זײַן ערשטער ייִדישער עסיי באַווײַזט זיך אין אָרטאָדאָקסישן ״הקול״ (וואַרשע); אין 1908 גייט ער אינגאַנצן אַריבער צו ייִדיש און י. ל. פּרצעס ייִדישע וואָכנשריפט דרוקט זײַנע פריִע דערציילונגען, רײַזע־באַשרײַבונגען וכדומה. אין 1917 ווערן זײַנע נאָוועלן געדרוקט אין ״דער פרײַנד״, און שפּעטער אין ״הײַנט״.

הגם ער איז דערצויגן געוואָרן אויפן תּלמוד און זוהר, איז ער שפּעטער געוואָרן אַ גרויסער מומחה אויף קאַנט, העגעל, מאַרקס און פרויד. מלך ראַוויטש, זײַן נאָענטער פרײַנד און פאַרערער, שרײַבט וועגן אים אין זײַן פענפּראָפיל: ״מיר האָבן טרונקן, דעם לאַנגיאָריקן פּרעזידענט פון ייִדישן פען־קלוב אין וואַרשע, עקספּלואַטירט וויפל נאָר עס האָט זיך געלאָזט. די קבצנים האָבן דאָס געטאָן שטיל און פאָרזיכטיק, דורך די הינטערטירן. די מער דרייסטע — מיט אַ קלאַפּ אין פּלייצע, און טרונק האָט קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט״.

די לעצטע יאָרן אין ניו־יאָרק האָט י. י. טרונק געלעבט ווי אַ בלוטיקער אָרעמאַן. ער האָט שווער איבערגעלעבט דעם חורבן, וואָס האָט פאַרשלונגען אין פוילן אַלע זײַנע נאָענטע. די איינציקע טאָכטער, וואָס איז אַוועק פון ווילנע צוריק קיין וואַרשע מיט אַ פוילישן קאָמוניסט, האָט זיך געשמדט און האָט געלעבט מחוץ דעם געטאָ.

*

מיר וועלן דער עיקר זיך אָפּשטעלן אויף איין ווערק פון י. י. טרונק — פוילן. אין אַלע זײַנע שריפטן האָט זיך געפילט דער אָטעם פון כּמעט טויזנט־יאָריקן ייִדישן ייִשוב אין פוילן. אין דעם מאָנומענטאַלן זיבן־בענדיקן ווערק איז ער דערגאַנגען צו דעם סאַמע הויכפּונקט פון זײַן שעפערישקייט.

גרויספּוילן האָט ביז צו דער צעטיילונג אין 1795 זיך געצויגן פֿון שוואַרצן ביזן באַלטישן ים. די גאָר לאַנגע פּוילישע תּקופֿה אין דער ייִדישער געשיכטע האָט אויך אַרומגענומען דעם רוב פֿון אוקראַיִנע, ליטע, ווײַסרוסלאַנד — מיט איין וואָרט: דעם גאַנצן שפּעטערדיקן תּחום המושב אין דער רוסישער אימפּעריע ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה. פּוילן איז געווען דאָס איינציקע לאַנד וועמעס הערשער, באָלעסלאַוו קאַליסקי, האָט בשעתו אָפּיציעל פֿאַרבעטן ייִדן זיך צו באַזעצן אין דעם לאַנד און האָט זיי פֿאַרזיכערט באַדײַטנדיקע פּריווילעגיעס, ווי אַ באַזונדערער שטאַנד. דער קאַלישער סטאַטוס פֿון 1242 האָט קלאָר פֿאָרמולירט די רעכט און די פֿליכטן פֿון פּוילישע ייִדן. באַזונדערס אין צענטראַל־פּוילן האָבן ייִדן גענאָסן פֿון אַ רעלאַטיווער מנוחה און אויטאָנאָמיע אין משך פֿון גאָר אַ לאַנגער צײַט, וואָס האָט זיך לסוף אויסגעדריקט אין דעם ועד ארבע ארצות, דעם גרויספּויליש־ייִדישן פּאַרלאַמענט אין לובלין.

ס׳איז דעריבער קיין ווונדער נישט, וואָס די השפּעה פֿון פּוילישן לומדות און חריפֿות האָט זיך קונה־שם געווען איבער אַלע ייִשובים אין דער ייִדישער וועלט. הגם אין רוב פּוילישע געגנטן האָבן געגאָלטן שאַרפֿע אַנטי־ייִדישע געזעצן, ווי למשל דער פֿאַרבאָט צו באַזיצן ערד, האָבן גראָד אין שפּעטערדיקן קאָנגרעס־פּוילן, נאָך דער קורצער נאַפּאָלעאָנישער הערשאַפֿט, זיך געביטן אַ רייע געזעצן און אַ היפּשע צאָל ייִדן האָבן זיך אַפֿילו אַרײַנגעריסן אין לאַנדבאַזיץ, אַרײַנגעדרונגען אין דער גרויסער אַגראַר־ און לאַנד־ווירטשאַפֿט.

כּידוע, האָבן ייִדן מיט דער צײַט אויך גענומען שפּילן אַ גרויסע ראָל אין דעם אינדוסטריאַליזאַציע־פּראָצעס אונטער דער צאַרישער הערשאַפֿט. אין משך פֿון אַ גאָר לאַנגער צײַט, כּמעט ביזן אָנהייב פֿון XX יאָרהונדערט, האָט אָבער דאָס שטעטל נאָך אַלץ געשפּילט די צענטראַלע ראָל אינעם ייִשוב. ס׳רוב האָבן ייִדן דאָרט דאָמינירט סײַ אין כּמות, און סײַ מיט זייער לעבנס־שטייגער. גאָר אַ לאַנגע צײַט האָבן אַפֿילו די גרויסע שטעט, ווי וואַרשע, לאָדזש, לובלין, ביאַליסטאָק, קראָקע, לעמבערג און אַנדערע, נאָך אַלץ געצויגן זייער גײַסטיקע יניקה פֿון שטעטל, ווו די גרויסע רבנישע דינאַסטיעס האָבן נאָך אָנגעהאַלטן זייער השפּעה, אַפֿילו נאָך דעם ווי די גרויסע שטאָט איז געוואָרן דער צענטער פֿון מאָדערנעם לעבן. פֿון אַזאַ "שוואַרצערד" ווי דאָס שטעטל, זײַנען אַרויסגעוואַקסן גרויסע קינסטלער, שרײַבער און דענקער. יחיאל־ישעיהו טרונק איז בלי ספֿק איינער פֿון זיי.

די ייִדישע ליטעראַטור האָט בכלל געדינט ווי אַ פֿעסטע בריק צווישן עבר און עתיד. י. י. טרונק איז אין דעם פּרט געגאַנגען אין י. ל. פּרצעס וועגן, און הגם ער איז געווען אַן ענטוזיאַסטישער בונדיסט, האָט ער כּסדר געזוכט אַ שייַכות צווישן נעכטן און מאָרגן פֿון ייִדישן "דאָזיַן", ווי ער האָט זיך אָפּט אויסגעדריקט.

*

אינעם אַרײַנפיר צום זיבעטן באַנד זאָגן די אַרויסגעבערס, אַז הגם י. י. טרונק איז מיט זײַן פּוילן געקומען שפּעט, האָט ער נישט איבערגעחזרט אַזוינס, וואָס איז שוין געזאָגט געוואָרן. "ער האָט געוויזן אַנדערע ייִדן, און אַפילו די זעלביקע ייִדן, אַנדערש".

די עפּאָפּייע פּוילן איז געשריבן געוואָרן אין אָנבליק פונעם מוראדיקן חורבן. י. י. טרונק האָט געפונען אַ טרייסט אינעם געמיט פון פּולסירנדיקן ייִדישן לעבן אין נעכטיקן פּוילן. און ווי טיף עס זאָלן נישט זײַן די איכה־קלאַנגען, מיט וועלכע ער באַוויינט די אומגעבראַכטע, האָט ער משמעות דערגרייכט זײַן הויפּטציל, דהײַנו, דאָס קוויקן זיך מיטן אַראָמאַט און געמיט פון דעם קרעפטיקן אידעאַליסטיש־קדושהדיקן לעבן אין פּוילן. "נישט זיי זײַנען אומגעקומען אין זייערע לעצטע טעג, נײַערט זיי הייבן ערשט אָן דעם ייִדישן וועג אין דער וועלט" — רופט ער אויס מיט עכט חסידישער התלהבות.

מישפּטנדיק וועדליק די שלמותדיקע אימאַזשן, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז י. י. טרונק אידעאַליזירט דעם פּוילישן ייִד. אָבער געזען פון דער פּריזמע פון דעם שרײַבערס אייגענער משפּחה, מוז מען קומען צו אַ היפּוכדיקער מסקנא. קודם־כּל וואַרפט זיך אין די אויגן זײַן שפּרודלדיקער הומאָר, וואָס נעמט אָן שטאַרק גראָטעסקישע פאָרמען. שנית, פאַרבייגט ער לחלוטין נישט כּלערליי אינטריגעס און קינאה־שינאה אין די באַציִונגען צווישן די סאַמע נאָענטסטע קרובים, באַזונדערס אין די גבירישע משפּחות, אײַנשליסנדיק די באַרימטע פּריוועסעס אין וואַרשע.

די שאַרפע קאָנפליקטן צווישן די כּל־מיני חסידישע שיטות האָבן אָפט פאַרביטערט דאָס לעבן פון די צדדים און אויך דערפירט צו אָפענע און באַהאַלטענע מסירות, אַזש ביז צו דער צאַרישער מאַכט. אין דעם אַמאָליקן טראַדיציאָנעלן לעבן, באַזירט אויף דעם כּוח פון די כּלי־קודש און פאַרריסענע גבירים, האָט זיך מיט דער צײַט אויך אַרײַנגעריסן אַ פאַרברענטער קלאַסנקאַמף, וואָס האָט אויפגעטרייסלט די שטילקייט. ס'איז נישט קיין צופאַל, וואָס גראָד אין די ערשטע כּתבים געפינען מיר באַריקאַדן, וועלכע דער שרײַבער האָט געזען דורכן פענצטער פון זײַן פאָטערס און זיידנס גבירישע הײַזער אויף דער פּיאָטריקאָווער־גאַס אין לאָדזש.

אין משך פון דעם לאַנגן צײַט־אָפּשניט, וואָס ווערט באַשריבן אין דעם ווערק, פון אויפקום ביז צום חורבן פונעם ייִדישן ייִשוב, זײַנען פאָרגעקומען אומגעהויערע שינויים אין לעבנס־שטייגער. שלום אַש האָט דאָס גאָרנישט געשטערט אין זײַן ראָמאַנטיק פון שטעטל, אָבער י. י. טרונק האָט בולט געוויזן אי ליכט, אי שאָטן.

אַחוץ דעם אַלעמען האָבן צוויי וועלט־מלחמות און דער אויפקום פון אַנטיסעמיטישן אומאָפּהענגיקן פּוילן טיף צעטרייסלט די אַלטע כּלומר־

שטע גלייַכוואָג פון אַמאָל. דער קאַמף צווישן דורות, דער וווּקס פון וועלט־לעכקייט און דער ווידערשטאַנד פון דעם רעליגיעזן אייַנגעפונדעוועטן און שטאַרק דיסציפּלינירטן סעקטאָר, האָבן ממש אויפגעריסן די אַמאָליקע האַר־מאָניע. אידעאָלאָגישע און אַפילו פילאָסאָפישע שטרעמונגען נעמען ריַיסן און שפּאַלטן דעם אַמאָליקן מאָנאָליטישן כאַראַקטער פון תּחום־המושב. אַפילו די שפּאַנונגען צווישן ליטעראַרישע נוסחאות, אידייען און אַמביציעס, ווי למשל דער ריס צווישן פּרציאַנישער נשמה־יתירה און וויַיסנבערגישן נאַטוראַליזם, אָדער די קאָנקורענץ צווישן די צוויי צענטערס פון ייִדישער קולטור — וואַרשע און לאָדזש — האָבן געשפּילט אַ היפּשע ראָל אין דעם וועלטלעכן סעקטאָר.

בקיצור, ס׳פעלט נישט ביַי י. י. טרונקן קיין ניכטערקייט, קיין דעצידירטע גרייטקייט צו קוקן דעם אמת אין פּנים אַריַין. פון דעסטוועגן איז די באַצייכענונג ״פּוילן של מעלה״ וועגן זיַין ווערק נישט איבערגעטריבן. שוין אינעם אַריַינפיר צום ערשטן באַנד געפינען מיר דעם שליסל צו זיַין דראַסטישן דואַליזם: ״פון יענע ייִדן״, שריַיבט ער דאָרט, ״האָט געווייעט דער הייליקער ריח פון לעבעדיקער ייִדישער קאָנטינואיִטעט. אַפילו אין דער ציַיט פון דער טראַגישסטער קאַטאַסטראָפע האָט דער אַלטער ייִדישער הערויִזם תּמיד אַרויסגעלויכטן פון זייערע טראַדיציעס און פון זייערע רעוואָלוציעס, פון זייערע פרומקייטן און פון זייערע אַפּיקורסישקייטן״.

דאָס איז מעגלעך געווען נאָר וויַיל צו־להכעיס אַלע נגישות און אינע־ווייניקסטע ריסן האָט תּמיד געגאָלטן דער אַבסאָלוטער גלויבן אין דעם אייגענעם גאַנג פון ייִדישן פאָלק. די נביאישע וואָרצלען האָבן קיינמאָל נישט פאַרלוירן זייערע זאַפטן, און די כּל־מיני אָפּוויַיכונגען פון זיי האָבן קיינמאָל נישט צעשטערט דעם דראַנג צו גאולה און אוניווערסאַלער שלמות.

בכלל מיַידט אויס י. י. טרונק צו גענעראַליזירן. זיַיט־ביַי־זיַיט מיט פאַר־ריסענע בעלי־גוף זעען מיר פאַר זיך אַזאַ פּאָזיטיווע געשטאַלט ווי זיַין זיידע ברוך גזשיוואַטש. און ווער שמועסט, זיַין מומע בלימע, וואָס האָט זיך קונה־שם געווען מיט איר האַרציקער גוטסקייט און הילפסגרייטקייט, בעתן איַיפערדיקן וואַרטן אויף משיח...

אויב קאָצקער חסידים האָבן זיך געהאַלטן שטרענג דערוויַיטערט פון ערדישקייט, זיַינען די וווּרקער געווען פול מיט לעבנספרייד. און דווקא אין אָט די קאָנטראַסטן האָט טרונק געזען אַ קאָנסטרוקטיוו־דיאַלעקטישן פּראָצעס, אַן אייביקן צוזאַמענשטויס פון טעזע, אַנטיטעזע און סינטעזע.

אַ גאָר וויכטיקע ראָל האָט געשפּילט אין זיַין אָפּטימיזם די מאָביליטעט פון פּשוטן פאָלק, וואָס האָט געשטרעבט צו העכסטער חשיבות. אָט איז זיַין עלטער־זיידע יהושיעלע קוטנער — דער קוטנער גאָון — ״די קרוין פון אונ־דזער משפּחה״, ווי דער שריַיבער רופט אים אָן, געווען אַ זון פון אַן אָרעמער

מאַרק־שטייערקע. לומדות האָט געעפנט טיר־און־טויער, אומאָפּהענגיק פון דעם פריִערדיקן שטאַנד.

*

דער ערשטער באַנד פּוילן איז געהייליקט דעם זיידן בּרוך גזשיוואַטש, ר׳ יהושיעלע קוטנער, דער באָבע לאה, דעם פאָטער, דעם עילוי, דעם אָסמולסקער חריף און דער חתונה פון דעם שרײַבערס טאַטע־מאַמע. די באַשרײַבונג פון אָט דער חתונה איז ממש אַ שעדעווער, כאָטש ס׳איז אויף דער־ טעמע שוין אַזויפיל געשריבן געוואָרן. דער ערשטער באַנד באַזירט זיך אויף דער רײַכער פאָרשטעלונגס־קראַפט פונעם מחבר און אויף פסיכאָלאָגיש־פילאָסאָפישער סוגעסטיע.

אין צווייטן באַנד באַשרײַבט דער מחבר זײַנע קינדער־יאָרן. ווידער אַנט־פּלעקט זיך אַ רײַכע פּאַנאָראַמע פון אַ פאַרצווײַגטער פּאַטריאַרכאַלישער משפחה מיטן קוטנער גאָון בראָש. שימחות און טרויער ברענגען זיי צוזאַמען פון שטעט און שטעטלעך, און אַזוי ציט זיך דער פאָדעם פון קדמונים אויפן נוסח פון ייִדישן פּוילן.

אין מיטן פון דער דאָרפישער און שטעטלדיקער סביבה רײַסט זיך אַרײַן די גרויסע שטאָט לאָדזש. אויף האַרבסט און ווינטער טראָגט זיך איבער דער זיידע בּרוך גזשיוואַטש מיט זײַן גרויסער משפחה קיין לאָדזש, אָבער זומער פאַרברענגט די משפּחה אין דעם גרויסן גוט, וואָס דער זיידע האָט געקויפט. מיט דער צײַט וועט די פולסירנדיקע גרויסשטאָט שפּילן אַן אַלץ וויכטיקערע ראָל אינעם לעבן פון דער משפחה.

אין דריטן באַנד דערציילט דער מחבר וועגן זײַן יוגנט. דאָ באַקענען מיר זיך מיטן דלוטאָווער סאָד און מיט די מחלוקתן צווישן גער און אַלעקסאַנדער. ווען ער קומט צוריק קיין לאָדזש, ווערט ער אַן עדות פון אַ שטורמישער אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע אויף דער פּיאָטריקאָווער־גאַס, אונטער זײַן פענצטער. אינגיכן באַווײַזט זיך אַ בונדישע פּראָקלאַמאַציע אין דער ישיבה, און טרונק באַהאַלט זי דיסקרעט אונטער דער גמרא. די פּראָקלאַמאַציע האָט געמאַכט אַ טיפן אײַנדרוק אויף דעם יונגן און סענסי־טיוון טרונק. ס׳האָט אָבער נאָך געדויערט כּמעט אַכצן יאָר ביז ער האָט זיך אָפיציעל אָנגעשלאָסן אין ״בונד״, אין 1923. אַזוי האָט זיך אָבער גענומען אײַנברעכן זײַן לעבנס־שטייגער, הגם ער האָט נאָך געטראָגן די חסידישע הלבשה. ער האָט זיך אַזוי געקליידט אַפילו אויך שפּעטער, ווען ער איז שוין געוואָרן אַן אינזשעניר בײַ י. ל. פּרצן. דאָס איז געווען אַ לאַנגער פּראָצעס, וואָס האָט זיך בעצם קיינמאָל נישט איבערגעריסן.

דער פערטער באַנד פאַרנעמט זיך דער עיקר מיט דער משפחה פּריוועס, מיט איר ראָל אין וואַרשעווער קהילה־לעבן. דורך שידוכים איז אָט די דינאַסטיע אַרײַנגעדרונגען אין אַנדערע, סאַמע חשובסטע משפּחות.

אַן אַבסאָלוטער כּלל האָט תּמיד געגאָלטן ביַי די פּריוועסעס: צו געפינען די גרעסטע תּלמידי־חכמים פאַר חתנים, און מחמת דער עשירות און דער ממש מאַגישער רעפּוטאַציע איז דאָס זיי גרינג אָנגעקומען.

טרונק באַשריַיבט די הויפּט־פּערסאָנאַזשן און, מיט קליינע אויסנאַמען, האָט ער גאָרנישט קיין דערהויבענע מיינונג וועגן די זעקס זין און איידעמס, ווי אויך וועגן ס׳רוב שנורן. ער אַליין האָט דווקא גוט געטראָפן מיט חנהלען, ישיעה פּריוועסעס אייניקל, זיַין שטילע, צאַרטע, באַשיידענע און קלוגע פרוי.

דער פינפטער באַנד האָט אַן אונטערקעפּל — פּרץ — און איז געהייליקט דעם זכר פון שלמה מענדעלסאָן, טרונקס נאָענטסטער און אינטימסטער חבר. אין דעם באַנד אַנטפּלעקן זיך אַ ריי כאַראַקטער־שטריכן פון י. ל. פּרץ, וואָס זיַינען ביז דעמאָלט נישט געווען באַקאַנט. צווישן אַנדערע באַשריַיבט ער אויך יעקב דינעזאָנען, אָבער דער עיקר שטעלט ער זיך אָפּ אויף דער הילף, וואָס פּרץ האָט אים געגעבן ביַי זיַינע ערשטע שריַיבערישע טריט. פּרץ האָט אים טאָקע באַוויזן אַריבערצוגיין אינגאַנצן אויף ייִדיש. ער באַשריַיבט אויך די העצע פון דוד פרישמאַן קעגן פּרצן, און דעם אופן וויאַזוי פּרץ האָט מיט צאַרטער גוטסקייט אָפּגעצאָלט זיַינע קעגנערס. טרונק איז ממש באַגיַיסטערט פון דעם, וואָס פּרץ האָט זיך געפּעדערט איַינצואָרדענען אַ יובל־פיַיערונג פאַר דוד פרישמאַנען און איז געווען אויף איר דער ערשטער רעדנער. ס׳האָט אים אימפּאָנירט פּרצעס כּוח צו שטעלן זיך העכער איבער די גרילצנדיקע נישטיקייטן און דערזען אומעטום דאָס דערהויבענע און נשמה־יתירהדיקע.

דער זעקסטער באַנד איז אויסגעפּילט מיט י. י. טרונקס לאָדזשער פּעריאָד און מיט דער באַשריַיבונג פון ארץ־ישראל, ווו ער האָט פאַרבראַכט אין 1913־1914. ס׳איז כּדאי צו באַמערקן, אַז אין קיין שום אָפּשניט פון זיַין ווערק פוילן האָט טרונק נישט אַזויפיל מעדיטירט און פילאָסאָפירט, ווי אין דעם טייל וועגן ארץ־ישראל, דער עיקר וועגן ירושלים.

מיט ליבשאַפט און באַוווּנדערונג מאָלט ער דעם דינאַמישן לאָדזשער מענטש. ער שטעלט באַזונדערס זיך אָפּ אויף דער ירידה פון די אַמאָליקע און פון די אויפגעקומענע גבירים נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען איַינ־געפונדעוועטער ייִחוס האָט זיך גענומען ברעכן, ווען געוועזענע שמוגלערס נעמען איבער אַלץ מער און מער די גרויסע פאַרמעגנס.

וויַיטער ציִען פאַרביַי פאַר אונדזערע אויגן שריַיבער, קינסטלער, מוזיקער. מיט אַ באַזונדערער וואַרעמקייט שטעלט ער זיך אָפּ אויף דער היים פון יצחק קאַצענעלסאָן, פון ישראל ליכטענשטיין, משה בראָדערזאָן. „לאָדזשער ייִדישע דאָן־קיכאָטן״ — שריַיבט י. י. טרונק — האָבן געגלייבט, אַז מיט זייערע דאַרע פינגער וועלן זיי אַראָפּציִען אַלע זונען און אַלע שטערן פון די הימלען און איבערקערן אַלע וועלטן מיטן פּנים אויף אַרויף״.

דער לעצטער, דער זיבעטער באַנד, טראָגט דאָס אונטערקעפּל: **וואַרשע צווישן ביידע וועלט־מלחמות.** פון זינט 1925 לעבט דער מחבר אין וואַרשע, ווו ער באַגעגנט זיך מיט דער גרויסער פּלעיאַדע ייִדישע שרײַבער און קינסטלער, אין דער ערשטער ריי מיט מלך ראַוויטשן און מיט ה. ד. נאָמבערגן. דאָרט נעמט ער כּסדר שפּילן אַן אַלץ גרעסערע ראָל אין אָרגאַניזירן דאָס ייִדישע ליטעראַרישע לעבן, ווי דער פּאָרזיצער פון ייִדישן פּען־קלוב.

אין זיבעטן באַנד געפינען מיר אויך גוראַטענע פּאָרטרעטן פון פּרץ מאַרקיש, עוזר וואַרשאַווסקי, הערשעלע, י. י. זינגער, ש. ל. קאַווע א״אַ. מיט גרויס התלהבות באַשרײַבט ער אין דעם באַנד די מנהיגים פון ״בונד״: נח פּאָרטנוי, ביניש מיכאַלעוויטש, שלמה מענדעלסאָן, הענריק ערליך, יוסף כמורנער, עמנואל נאָוואָגרודזקי. ס׳קומט אויך צום אויסדרוק זײַן פּילאָסאָפיע פון בונדיזם, וואָס איז ווײַט געווען פון דעם מאַטעריאַליסטישן וועלט־באַנעם. צום ״בונד״ האָט אים דאָך קודם־כּל געבראַכט זײַן דראַנג צו געפינען עכטע קדושה, פולע ייִדישע און אַלמענטשלעכע גאולה.

מיט אַ טרויעריקן אַקאָרד פאַרענדיקט ער די מעשה־נוראַ פון אַ פאַרשניטן לעבן: ״באַלד אין ערשטן מלחמה־טאָג, צוויי אַזייגער, קלינגט בײַ מיר דער טעלעפאָן. עס רעדט הענריק ערליך. ער גיט מיר אָנצוהערן, אַז ווי דער פּאָרזיצער פון פּען־קלוב, וועלן די נאַציס זיך שנעל אָפּרעכענען. על־כּן דאַרף איך אַנטלויפן״.

״איך האָב אַלצדינג איבערגעלאָזט – די היים און דאָס האָב־און־גוטס, וואָס איז מיר געבליבן פון זיידן בּרוך. איך האָב בלויז אײַנגעפּאַקט אין אַ פּעקל מײַנע כּתבים. איך און מײַן פרוי חנה און מײַן טאָכטער איטע זענען אַרויסגעגאַנגען פון פּאַלאַצל ווי אָרעמעלײַט, מדינה־גייער. דער הונט ניק איז לאַנג געשטאַנען אויף דער גאַס און האָט אונדז נאָכגעקוקט. אַ געטרײַע חיה האָט אַ סך אַנונגען. דער הונט האָט געוווּסט, אַז ער זעט אונדז דאָס לעצטע מאָל. מיר זענען אַוועק צו פוס מיט די זעקלעך אויף די פּלייצעס. די פענצטער פון אַלע הײַזער אין דער שטאָט זענען געווען באַקלעפּט מיט שוואַרץ פּאַפּיר, כּדי בײַנאַכט זאָל וואַרשע ליגן אין פינצטערניש. עס איז אויסגעקומען, אַז מיר גייען אין שוואַרצן טויטן־קאַסטן״.

בײַ יעדער געלעגנהייט, ווען מיר פלעגן זיך טרעפן אין קאָוונע, פלעגט י. י. טרונק ממש רײַסן פּאַסן פון זיך, הלמאי ער האָט איבערגעלאָזט זײַנע באַליבטע ייִדן און איז אַנטלאָפן. ער האָט נישט אויפגעהערט וועגן דעם צו רעדן. ווען ער האָט זיך שפּעטער דערשלאָגן קיין ניו־יאָרק און האָט געוווינט אין אַן אָרעמער, באַשיידענער דירה, האָט ער, דער אַמאָליקער גביר, זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט אויף זײַן דאָליע. ער האָט

גיך צוריקגעוווּנען דעם וווּנדערלעכן הומאָר און דערמיט צוגעדעקט זײַן טיפֿן צער. ער האָט אויסגענוצט איטלעכע שעה און געאַרבעט מיט גרויס התמדה. ער האָט זיך שטאַרק געיאָגט קודם־כּל צו פֿאַרענדיקן די זיבן בענד פּוילן. נאָכן טויט פֿון זײַן פֿרוי האָט ער באַוויזן אויפֿצוהאַלטן זײַן שטרענגע דיסציפּלין און די ציכטיקייט פֿון דער דירה.

ווי אַ קריטישע ראַנד־באַמערקונג מוז געזאָגט ווערן, אַז די פּראָפּאָרץ פֿון באַהאַנדלען באַזונדערע טעמעס און פּערסאָנאַזשן אין די זיבן בענד פּוילן איז ווײַט פֿון צו זײַן אַ באַלאַנסירטע. אין אַן אויטאָביאָגראַפֿיע מוז דאָמינירן דאָס סוביעקטיווע. איז דעריבער שווער צו רעדן וועגן אַן אידעאַלער סטרוקטור פֿון דעם ווערק. דערפֿאַר איז אָבער די שפּראַך אַן אויסערגעוויינלעך רײַכע. אין פֿאַרגלײַך מיט זײַנע אַנדערע ווערק, ווו דאָס לשון איז אָפֿט קאָמפּליצירט און שטאַרק אינטעלעקטועל, מיט אָן אַ שיעור פֿרעמדווערטער, איז אין די זיבן בענד פּוילן דאָס לשון אַ סך פּשוטער און פֿאָלקסטימלעכער.

*

י. י. טרונקס פֿילאָסאָפֿישע געדאַנקען זײַנען פֿאַרשפּרייט איבער אַ סך אַרטיקלען, עסייען, פּאָעמעס, היסטאָרישע און פֿאָלקסטימלעכע ראָמאַנען, קריטישע ווערק און אויך אין זײַן עפּאָפּייע פּוילן. צו די סאַמע עיקרדיקסטע דימענסיעס פֿון אוניווערסאַליזם איז ער צוגעקומען דורך דער ייִדישער פֿילאָסאָפֿיע. דער זוהר איז תּמיד געבליבן זײַן פֿאַרהייליקטער קוואַל, וואָרעם "אין דעם ליגט זייער (די ייִדנס) כּוח צו סוגערירן די אידייע אַלס עקזיסטענץ".

פּרצעס ר' שלמה וויל דורך דעם אייביקן שבת דערהייבן די וויזיע פֿון גאולה, וואָרעם פּרץ, טענהט י. י. טרונק, האָט גערופֿן צו דעם אור־עלעמענט פֿון דעם ייִדישן דאָזײַן, צו אידעאַליזם. פּרצעס דאָן־קיכאָטיזם איז אין תּוך געווען אַ גרויסער גלויבן. "ערגעצוווּ אין מענטש" — שרײַבט ער ווײַטער — "איז דאָ אַ וועג צו גליק. מיר באַמיִען זיך אַרויפֿצוקומען אויף יענעם וועג... אין דער דאָזיקער נאַיִווער אמונה, אין דעם מקריב זײַן אַ גאַנצעווירקלעכקייט פֿאַר אַן אידייע, ליגט שוין דאָס רעוואָלוציאָנערע פֿון דעם ייִדישן אידעאַליזם. קידוש השם איז אין תּוך גענומען פּשוט אַ וועג, דורך וועלכן דאָס ייִדישע וועלט־דאָזײַן זוכט זיך אַרויסצורײַסן מיט אַלע וואָרצלען פֿון דער ווירקלעכקייט".

וויאַזוי אַזעלכע געדאַנקען פּאָרן זיך מיט טרונקס טיפֿער לאָיאַליטעט צו אַ מאַרקסיסטיש אָריענטירטער פּאַרטיי, איז שווער צו פֿאַרשטיין. בײַ פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן האָט ער פּרובירט דאָס צו דערקלערן. די אידייע, האָט ער געטענהט, איז אַ פּרימערער פֿאַקט, אַן אַרויסגאַנגס־פּונקט צו שלמות; דאָס רעאַליזירן די אידייע איז שוין אויסגעשטעלט אויף כּל המינים עקאָנאָמישע, פּסיכאָלאָגישע און אַנדערע טאָרמאָזן. אָט די טאָרמאָזירנדיקע כּוחות מאַכן אַדורך אַן עוואָלוציאָנערן פּראָצעס, וואָס וועט דורך שאַרפֿן

קלאַסנקאַמף דערפירן צו סאָציאַליזם און וועט באַפרײַען דעם מענטש פון די דעסטרוקטיווע טרײַב־כּוחות. ווען די גרויסע אידייע פון אוניווערסאַלער מענטשלעכער פרײַהייט וועט טריומפירן, וועלן זיך עפענען טיר־און־טויער פאַר מענטשלעכער גלײַכװערטיקייט.

טרונק האָט אין דער העגעליאַנישער דיאַלעקטיק געפונען אַ שטאַרקן אָנשפּאַר. אַלץ וואָס לעבט, ציט צום אַבסאָלוט, צו פולער געטלעכקייט, און דער מענטש איז אַן אַוואַנגאַרד אין אָט דעם פּראָצעס, ער איז אויטאָנאָם. דער מענטש וועט דערגרייכן צו זײַן ציל נאָר אַדאַנק די אינעווייניקסטע קאָנפליקטן — טעזע, אַנטיטעזע און סינטעזע — די צווייטע סינטעזע וועט דעם מענטש ברענגען נאָענטער צו דעם אַבסאָלוט ווי די פריִערדיקע, און אַזוי ווײַטער און ווײַטער. אָבער צום סאַמע ציל וועט דער מענטש קיינמאָל נישט דערגרייכן, ווײַל דעמאָלט וואָלט ער געוואָרן אויס מענטש — ער וואָלט געוואָרן גאָט אַליין. ער קען זיך נאָר דערנענטערן צו שלמות.

אָט דער היסטאָרישער פּראָצעס, ווי העגעל האָט אים פאָרמולירט, פאָדערט מוט און גרייטקייט צו קאַמף. און דאָס האָט י. י. טרונק געפונען אין „בונד", בײַ אַ פאָלק, וואָס איז מחמת דעם עטישן מאָנאָטעיִזם אַ סך נענטער צו עכטן אוניווערסאַליזם. און טרונק איז געווען קאָנסעקווענט אין זײַן אָפּטימיסטישער היסטאָריאָזאָפיע. אַפילו די ביטערע פוילישע רעאַליטעט פון צווישן ביידע וועלט־מלחמות האָט נישט באַוויזן אָפּצושוואַכן זײַן גלויבן אין קאַנטס פּרינציפּ פון קאַטעגאָרישן מאָראַלישן אימפּעראַטיוו און העגעלס דראַנג צו אַבסאָלוטער שלמות.

ערשט אין זײַן אַמעריקאַנער פּעריאָד האָט ער זיך דערנענטערט צו די אידייען פון זיגמונד פרויד, דעם טרעגער פון פּעסימיזם. בעצם איז זײַן געמיט און זײַן אויסבליק אויף דער צוקונפט געוואָרן אַלץ שוואַרצער נאָך פריִער, מיטן דערנענטערן זיך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און דעם חורבן. פּעסימיסטישע מאָטיוון געפינען מיר אויסגעדריקט שוין אין זײַן בוך וועלט־חשבון (פּראָזע און לידער וועגן דער וועלט), וואָס איז אַרויס אין 1938 אין וואַרשע. אין דער פּאָעמע **„געזאַנג צו די מוזעס"** לייענען מיר אַזעלכע שורות:

פון די הימלען איז די זון אַנטלאָפן.
פינצטער איז דער וועג. איך האָב נישט מער צו האָפן.
אָפּגרונטן און סופן.

און אין זײַן עסיי **„משיח און אַנטי־משיח"** שרײַבט ער: „הינטער דער ווײַסער מענטשלעכער הויט פון אונדזער פּנים, באַהאַלט זיך ווי הינטער אַ מאַסקע אַן אומהיימלעכער טײַוולקאָפּ".

דעם הויכפּונקט פון פינצטערן אימאַזש פון דער וועלט דערגרייכט י. י. טרונק אין זײַן פּאָעמע פון דער זאַמלונג **„וועלט־סוף"**. אָט די פּאָעמע קלינגט

ממש אַפּאָקאַליפּטיש, נאָך איידער די אַטאָם־באָמבע איז געוואָרן דערפונדן. די וועלט פיבערט און ברענט גיך אויס, ווי אַ רעזולטאַט פון מענטשנס טיַיוולאָנישער מעכאַניזאַציע. דער ייִד איז דער ערשטער קרבן, ער בליַיבט אָבער אויך דער לעצטער, מחמת זיַין אידעאַליזם און זיַין סובלימירטער מענטשלעכקייט. די פּאָעמע פאַרענדיקט זיך מיט אָט אַזעלכע טרויעריקע אַקצענטן:

עס קומט־אָן־צו־גיין דער לעצטער ייִד.
אַ גרויער אייַנגעהויקערטער ייִד,
און לייגט אויס פאַר דער וועלט
זיַין איינציקע סחורה:
פון אַלע ווירקלעכקייטן ברענגט ער – די אומדערגרייכטע טרוימען,
פון אַלע וועלטן ברענגט ער אַהער די פּוסטע רוימען –
– – – –
און ער זאָגט:
דאָס שפּיל איז צו ענד –
צו ענד די לייַדן און פרייַדן.
מיר מוזן זיך שיידן.
און עס גיט אַ צימבל אויף זיַין שטעקן
דער לעצטער ייִד פונעם לעצטן יאַריד
און זינגט דאָס לעצטע ליד:
„פון אייַך אַלעמען, פון אייַך אַלעמען –
פעלקער, מלכים, פילאָסאָפן,
האָט מיך דער לעצטער וועלט־טאָג צום וויַנציקסטן געטראָפן.
– – – –
איר האָט נאָכגעיאָגט די וועלט –
איך בין פון איר אַנטלאָפן".
– – – –
דאַן האָט דער ייִד זיך אָנגעטאָן טלית און תּפילין
און געטאָן דעם לעצטן זיפץ פון דער וועלט –
אַ זיפץ אַ שטילן.
דאַן האָט דער ייִד אַ וואָרף געטאָן דער וועלט זיַין לעצטן גראָשן –
און זי האָט זיך פאַרלאָשן.



ווי אַ קריטיקער האָט י. י. טרונק אָנגעהויבן מיט זיַין אַרבעט א"נ נאַטוראַליזם און אידעאַליזם אין דער ייִדישער ליטעראַטור. פון איין זיַיט שטעלט ער אַוועק פּרצן און שלום אַשן מיט זייער אידעאַליסטישן צוגאַנג, און פון דער אַנדערער זיַיט – די נאַטוראַליסטישע אָריענטאַציע פון וויַיסנבערג,

וואַרשאַווסקי און האָראָנטשיק. שלום־עליכם איז אַ קאַפּיטל פֿאַר זיך.

טרונק איז, פֿאַרשטייט זיך, נוטה צו דער אידעאַליסטישער פֿילאָסאָפֿיע, וואָרעם „דער ייִדישער נאַטוראַליסט איז געבליבן אָרעם, דער וואַנדער־שטעקן אין זײַן האַנט איז געבליבן דער שטעקן פֿון אָפּגעריסענעם בעטלער; בעת דער ייִדישער אידעאַליסט האָט דעם סאָציאַלן אונטערשייד, אַלס היסטאָרישע טרײַבקראַפֿט פֿון קלאַסנקאַמף, זיך באַמיט אויסצוניצן פֿאַר זײַן ייִדישן וועלטגעפֿיל, איז דער נאַטוראַליסט געשטאַנען ווי פֿאַר פֿיזיש־מאַטעריעלע פֿאַקטן. שלום אַשס ר׳שלמה נגיד איז פֿאַר ווײַסנבערגן אַ פּשוטער בורזשוי, דער גאָסטינינער רבי — עפּעס אַ פּאַראַזיטיש רבל״.

ווײַטער פֿירט טרונק אויס, אַז ווײַסנבערג האָט גאָרנישט געוואָלט און ממילא איז גאָרנישט געוואָרן פֿון זײַן „איזם״. נאָכן שטעטל, ווען ער האָט אויפֿגעבליצט, איז ווײַסנבערג כּסדר געגאַנגען באַרג־אַראָפּ. ווערדליק טרונקן, איז ער סײַ ווי אַ מענטש און סײַ ווי אַ שרײַבער אַראָפּ פֿון די הויפּטרעלסן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור.

טרונקס קאָנצעפּציע וועגן דעם קאָנטראַסט צווישן אידעאַליזם און נאַטוראַליזם אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז, פֿאַרשטייט זיך, ביז גאָר סוביעקטיוו און האָט זיך דער עיקר קאָנצענטרירט אויף אַן אידעאָלאָגישן, און נישט אויף אַ קריטישן, צוגאַנג צו ליטעראַטור. אַ גאָר הויכע מדרגה פֿון אַ קריטיקער האָט י. י. טרונק דערגרייכט ערשט מיט זײַן טרילאָגיע וועגן שלום־עליכמען.

י. י. טרונק איז זיך מודה, אַז לכתּחילה האָט ער שלום־עליכמען נישט פֿאַרשטאַנען. ער איז טאַקע נישט געווען קיין שותּף צו דעם אויסערגעוויינלעכן ענטוזיאַזם, וואָס י. ל. פּרץ האָט אַרויסגעוויזן פֿאַר שלום־עליכמען. מיט דער צײַט איז ער אָבער געוואָרן שלום־עליכמס אַ גרויסער חסיד און האָט אָנגעשריבן וועגן אים די דרײַ ביכער.

„מיט שלום־עליכמען״ — שרײַבט ער — „הייבט זיך אָן דער קינסטלערישער רענעסאַנס אין דער ייִדישער ליטעראַטור. זײַנע שאַפֿונגען האָבן אַנטפּלעקט פֿרישע לעבנס־קוואַלן אין אונדזער עקזיסטענץ. איידער ער [שלום־עליכם] איז געקומען, זענען אַלע טירן צו דעם היסטאָרישן מעכאַניזם פֿון דער ייִדישער פּסיכיק געווען כּמעט ווי פֿאַרשלאָסן״.

ער גיט נישט קיין ריין ליטעראַרישע אָפּשאַצונג פֿון די ווערק, נאָר באַטאָנט, אַז אים אינטערעסירט שלום־עליכם אין ליכט פֿון דער ייִדישער געשיכטע. אין טוביה דער מילכיקער זעט ער טאַקע די דיאַלעקטיק פֿון ייִדישן לעבן אין דער לעצטער תּקופֿה און כאַראַקטעריזירט דאָס ווערק ווי „גורל און בטחון״. אין מנחם־מענדלען זעט ער „גורל און שפּיל״, און אין מאָטל פּייסי

דעם חזנס — "גוֹרל און גליקזעליקייט".

דער וועלטלעכער קולטור־רענעסאַנס פון די ייִדישע מאַסן איז ווערדליק טרונקן באַשטאַנען אין דעם, וואָס "דער קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו פון ייִדישן נאַציאָנאַל־עטישן באַוווסטזייַן איז נישט מער געווען די טעאָלאָגישע נאָרמע, נאָר אַן אַקטיווע לעבנס־רעאַקציע פון דער ייִדישער געזעלשאַפט אויף איר היסטאָרישער לעבנס־פונקציע". פון אַ רעליגיעז־ראָמאַנטישן קידוש־השם — פּירט ער אויס ווייַטער — האָט זיך דער ייִדישער העראָיִזם פאַרוואַנדלט אין אַ העראָיִזם פון ייִדישער גייַסטיקער פרייַהייט.

פּאַראַפראַזירנדיק זיגמונד פרוידן, שרייַבט י. י. טרונק: "אויפן פינצטערן הינטערגרונט פון דעם מיסטישן ייִדנהאַס שיילט זיך אויס די טראַגיש־אָפּטימיסטישע ייִדישע וועלט־שפּיל פון שלום־עליכמס העלדן אין אַ רעמ־בראַנדטיש ליכט". דורך מנחם־מענדלען און טוביה דעם מילכיקן האָט שלום־עליכם אַנטפּלעקט דעם סוד פון דער ייִדישער וועלט־עקזיסטענץ, וואָרעם ייִדן קוקן אויס אויפן טעלערל פון הימל און בויען אויף דעם זייער אייגענע צוקונפט.

און אָט ווי ער פאַרבינדט זייַן אויסגעוואַקסענעם אינטערעס פאַר שלום־עליכמען מיט דער ביטערער צייַט פון נאַציזם, ווען ער האָט געשריבן דאָס ווערק:

"די וועלטנאַכט האָט אָנגעהויבן צו שמעקן מיטן פּעך פון גיהנום. די חיה אינעם מענטשן איז אַרויסגעקראָכן פון אירע היילן... אין אָט דער וועלטנאַכט האָב איך זיך פאַרטיפט אין שלום־עליכמען און אָנגעהויבן דערציילן פון אים אין גאַנצע דריַי ביכער... געמאַטערט און געפּייַניקט פון ספקות וועגן מענטש און ייִד, האָב איך מיט עקשנות זיך אָפּגעזונדערט בייַם שרייַבטיש און כ'האָב מיט דער פּעדער אָנגעהויבן אַנאַליזירן אַן אָנמאַכטיקייט... איך האָב אויסגעזען ווי מנחם־מענדל פון יעהופּעץ. איך האָב געהאַט דעם מנחם־מענדלשן מוט אייַנצושליסן זיך אין מייַן בוידעם־שטיבל און צו דערציילן פון די גאָלדענע לענדער און פון די גרויסע האָפענונגספולע אויסלייזערישע פאַרמעסטן פון היסטאָרישן ייִדישן קאָלעקטיוו... מנחם־מענדל איז די פאַרקערפּערונג פון ייִדישן דאָן־קיכאָטיזם. אונדזער רעטונג איז די געשיכטע. מנחם־מענדל פון קאַסרילעווקע ברעכט זיך דורך זייַן וועג צום מאָרגן. ס'איז די ייִדישע געשיכטע אין אַן אינדיווידועלער מיניאַטור־פאָרעם..."

"די גאָלדענע קייט" נומ' 106, תּל־אָביב 1981

# זכרונות וועגן דעם ווילנער לערער־סעמינאַר

I.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה בין איך מיט מײַן מאַמען געווען גאַנצע פיר יאָר אין די סודעטן, דעם דײַטשישן טייל פון טשעכיע, וווּהין מיר זײַנען אָנגעקומען פון מײַן היימשטאָט, קראָקע. דאָרט האָב איך באַזוכט אַ דײַטשישע עלעמענטאַר־שול. נאָכן אומקערן זיך קיין קראָקע, האָב איך ממשיך געווען מײַן דײַטשישע אויסשולונג, ביז וואַנען איך בין גרייט געוואָרן איבערצוגיין אין אַ פּוילישער גימנאַזיע. דײַטש און פּויליש זײַנען דעריבער געווען מײַנע לערן־שפּראַכן און פֿרײַע קולטור־אײַנפלוסן. די פּריוואַט מלמדים מײַנע און דער חדר האָבן זיך נישט געקענט פאַרגלײַכן מיט אָט דער דײַטשיש־פּוילישער השפּעה.

ווען איך בין, אין עלטער פון עלף מיט אַ האַלבן יאָר, געוואָרן אַ מיטגליד אין דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע "צוקונפט", האָב איך גענומען לערנען ייִדיש. די רייד־שפּראַך האָב איך נאָך פריִער אַ ביסל געכאַפּט פון מײַן מאַמען, אַ רבס אַ טאָכטער, אָבער לייענען האָב איך זיך געלערנט ערשט לויט דער צײַטונג "יוגנט־וועקער", דעם אָרגאַן פון דער "צוקונפט". כ׳בין געוואָרן אַ פרײַוויליקער אַרבעטער אין דער ביבליאָטעק, וואָס איז געווען בײַם יוגנט־קלוב, און מיט דער צײַט זיך צוגעכאַפּט צום לייענען ייִדישע ליטעראַטור. לסוף האָט מען מיר אַפילו אָנגעטרויט צו ווײַזן אונדזער פּראַכטפולע שטאָט קראָקע צו אַן אויספלוג פון דער פּרץ־שול אין לאָדזש.

אַזוי האָב איך זיך באַקענט מיט דער וווּנדערלעכער גרופּע שילער, וועלכע האָבן געענדיקט אַכט קלאַסן פון דער פּרץ־שול. סײַ זיי און סײַ זייערע לערער האָבן געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן אײַנדרוק. זיי האָבן מיך מיטגענומען קיין זאַקאָפּאַנע, אין די טאַטרען־בערג, אַזוי אַז אין משך פון דער גאַנצער וואָך האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו זײַן אין זייער סביבה און צו באַקומען אַ פאָרשטעלונג וועגן דער אַנדערשקייט פון דעם דערציִונגס־נוסח אין אַ וועלטלעכער ייִדישער שולע.

כ׳האָב נישט לאַנג געטראַכט און באַשלאָסן צו פאָרן קיין ווילנע, כּדי דאָרט אַרײַנצוטרעטן אין ייִדישען לערער־סעמינאַר, און טאַקע אויך ווערן אַ לערער.

מיר איז געווען באַוווּסט, אַז די ייִדישע לערער האָבן, וואָס שייך פּרנסה, געהאַט "צו זינגען און צו זאָגן". דאָך האָב איך כּמעט אַ גאַנץ יאָר זיך געגרייט אָנצוקומען אין ווילנער סעמינאַר, באַזוכנדיק דערוויַיל די גימנאַזיע.

אין סעפּטעמבער 1924 האָב איך זיך צוגעשטעלט צום אַריַינטריט־עקזאַמען אין ייִדישן לערער־סעמינאַר. כ'האָב גליַיך געבעטן די עקזאַמיניר־קאָמיסיע, זי זאָל מיר דערלויבן אָפּלייגן דעם עקזאַמען איבער אַ טייל ייִדישע לימודים אויף שפּעטער. צו מיַין מזל איז די קאָמיסיע מסכּים געווען צו באַפרידיקן מיַין בקשה. איינער פון די לערער, וואָס האָבן וויליק אָפּגעלייגט מיַין עקזאַמען, איז געווען משה קולבאַק.

.II

און אָט קום איך אַריַין אין קלאַס, אויף משה קולבאַקס ערשטער לעקציע. ס'איז געווען גליַיך נאָך אַ לענגערער הפסקה. איך זע אַ געלויף פון אַלע זיַיטן. אויף קיין שום אַנדערער לעקציע איז נישט געווען אַזאַ איַילעניש, ווי אויף קולבאַקס קלאַס.

קולבאַק קומט אַריַין, פאַרוואָרפן אַ ביסל דעם קאָפּ אָן אַ זיַיט, מיט אַ גערדיכטער שוואַרצער טשופּרינע, און אויגן פריַינטלעכע, עטוואָס פאַרחלומטע, פינקלען זיי מיט אַ דורכנעמענדיקן בליק. ער זעצט זיך צו צום טיש. אַ וויַילע שוויַיגט ער. ענדלעך באַגריסט ער אונדז און הייבט גליַיך אָן זיַין לעקציע מיט אַ פראַגע:

— ווער האָט געלייענט אַשס שטעטל?

דער רוב שילער זיַינען אָנגעקומען אין סעמינאַר פון ייִדישע גרונטשולן, און אייניקע אַפילו פון ייִדישע גימנאַזיעס. קיין ווונדער נישט, וואָס כּמעט אַלע האָבן געהויבן די הענט. כ'האָב זיך דערפרייט, וואָס אויך איך האָב ערשט נישט לאַנג צוריק איבערגעלייענט דעם ראָמאַן.

באַלד קומט די צווייטע פראַגע.

— נו, זאָגט מיר, וועלכער עפּיזאָד האָט אויף איַיך געמאַכט דעם גרעסטן איַינדרוק?

כּלערליי תּשובות האָבן זיך געשאָטן פון אַלע זיַיטן. מיַין ענטפער איז געווען:

— ווען ברידער שטעלן זיך באַגינען דאַווענען אויף די טראַטוועס, וואָס שווימען אויפן טיַיך.

— אָט, אָט, אָט! דאָס געפעלט מיר. זאָגט מיר פאַרוואָס!

— איך בין נאָך נישט געווען געוווינט צו רעדן ייִדיש גענוג פליסיק, בפרט נאָך אין אַזאַ שפּאַנונג, פאַר אַ גאַנצן קלאַס, און כ'האָב, פאַרשטייט זיך, גענומען שטאַמלען. קולבאַק האָט מיר אַרויסגעהאָלפן און מיך געבעטן

רעדן מיט אים נאָך דער לעקציע. איך האָב זיך איבערגעשראָקן — ווער ווייס וואָס עס דערוואַרט מיך. קולבאַק האָט אָבער גערעדט מיט מיר זייער פרייַנטלעך און צום סוף מיר געזאָגט די גוטע בשורה, אַז ער לייגט אָפּ מייַן עקזאַמען אויף אַ האַלב שוליאָר. איך האָב פּאַר דער צייַט זיך אַזוי ווייַט אַרייַנגעצויגן אין שלינגען וואָס מער ביכער, און אַפּנים אַרויסגעוויזן אַזאַ אַקטיוויטעט, אַז צום סוף האָט ער מיך בכלל באַפרייַט פון דעם עקזאַמען.

קולבאַקס לעקציעס פלעגן זייַן פּאַר אונדז אמתע יום־טובים. זייַן לערערישער טאַלאַנט, צוזאַמען מיט זייַנע אויסערגעוויינלעכע קענטעענישן פון דער וועלט־ליטעראַטור, חוץ דער ייִדישער, האָבן געהאָלפן שטאַרקן דעם באַזונדערן חן, וואָס זייַן פּערזענלעכקייט האָט ממש אויסגעשטראַלט בעת די לעקציעס. וויסנדיק, ווי פאַרנומען ער איז געווען אין דרייַ שולן (צוויי גימנאַזיעס און דעם סעמינאַר), מיט זעקס לעקציעס אַ טאָג, האָבן מיר אים מוחל געווען וואָס ער האָט קיינמאָל נישט קאָנטראָלירט אונדזערע שריפטלעכע אַרבעטן. ערשט אין צווייטן יאָר האָט ער באַשלאָסן צו געבן אונדז אָפטע שריפטלעכע אַרבעטן און געלייזט דאָס פּראָבלעם פון פאַרריכטן די גרייַזן — דורך דעם, וואָס איין סטודענט האָט קאָנטראָלירט די אַרבעטן פון דעם אַנדערן. פאַר אונדז, שילער, איז עס געווען פאַרבונדן נישט נאָר מיט מער אַרבעט, נאָר מיט אַ סך אַ שאַרפערער קריטיק. דאָך האָבן מיר עס גערן אַקצעפּטירט.

קולבאַק האָט נישט געהאַלטן צו שטאַרק פון קיין פאָרמעלן פּראָגראַם. נאָכן באַהאַנדלען אַ שרייַבער פלעגט ער אונדז פרעגן, וואָס פאַר אַ שרייַבער ווילן מיר אויסקלייבן. אונדזער ענטפער איז תמיד געווען: משה קולבאַק. ער פלעגט זיך דאַן אַ ביסל פאַררויטלען, אַ טראַכט טאָן אַ ווייַלע, און אָנרופן אַ שרייַבער, וועלכן ער האָט אויסגעוויילט. ערשט אַ סך שפּעטער, שוין בעת אונדזער פערטן לערניאָר, ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז קולבאַק האַלט בייַם אַוועקפאָרן קיין רוסלאַנד, זייַנען מיר צו אים צוגעשטאַנען ער זאָל דערציילן וועגן זייַן לעבן און זאָל באַהאַנדלען אויך זייַנע ווערק. ווי איבערראַשט זייַנען מיר געווען, ווען ער האָט דאָס מאָל באַוויליקט נאָכצוגעבן אונדזער בקשה — און אין משך פון אַרום זעקס וואָכן האָבן מיר גערעדט אויסשליסלעך וועגן קולבאַקס שאַפן און, דער עיקר, וועגן זייַן אינטערעסאַנטן לעבנסוועג. דאָס זייַנען געווען די סאַמע דערהויבנסטע וואָכן אין אונדזער גאַנצער פינפיאָריקער דערפאַרונג אין דעם לערער־סעמינאַר.

מיר האָבן געוווינט אין אַן אינטערנאַט, ווו פון צייַט צו צייַט פלעגן מיר דאַרפן באַדינען די קראַנקע, הייצן די קאָלעקטיווע אויוונס, צוגרייטן "קיפּיאַטאָק" (הייס וואַסער), זען אַז די קאָרידאָרן און די קאָלעקטיווע צימערן זאָלן זייַן ריין, אד"גל. קיין שום געדונגענע אַרבעטס־הילף האָבן מיר נישט

געהאַט. ס׳איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז די אָנפירונג פונעם סעמינאַר האָט אונדז גראָד יאָ פאָרגעלייגט צו געבן אַזאַ הילף, אָבער מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט. איך דערצייל דאָס אַקעגן דעם, וואָס אין די טעג ווען מיר זײַנען געווען "משגיחים", פלעגן מיר נישט גיין אין סעמינאַר. אָבער בעת די "קולבאַק־וואָכן" פלעגן מיר אויסזוכן כּלערליי תּירוצים, כּדי איבערצוטראָגן אונדזער דעזשורסטווע אויף די טעג, ווען קולבאַק האָט נישט געלערנט.

דעם מהלך פון עטלעכע וויאָרסט פון דעם אינטערנאַט ביז צום סעמינאַר האָבן מיר געמוזט אַדורכמאַכן צופוס. די טראָטואַרן זײַנען געווען הילצערנע, אַזוי אַז ווען ס׳פלעגט גיסן אַ רעגן, פלעגן מיר אין אונדזער שטענדיקן געאײַל שפּרינגען איבער די נאַסע ברעטער, און קומען אין סעמינאַר פאַריאַכמערטע און פאַרבלאָטיקטע. אין אַזאַ מעמד פלעגן מיר אַרײַנלויפן אין קולבאַקס קלאַס, כּדי חלילה נישט צו פאַרשפּעטיקן.

קולבאַק האָט לחלוטין נישט געהאַט בדעה צו פאָרן קיין רוסלאַנד מחמת אידעאָלאָגישע מאָטיוון. אויב ער האָט בכלל געהאַט וועלכע עס־איז־נישט פּאָליטישע סימפּאַטיעס, זײַנען זיי גיכער געווען פאַרבונדן מיטן "בונד". דעם ערשטן מאַי 1923 איז ער געוואָרן פאַרוווּנדעט בשעת אַ בונדישער דעמאָנסטראַציע אין ווילנע. אָט פאַרוואָס איז עס פאַר אונדז געווען אַזאַ איבערראַשונג, ווען קולבאַק האָט אויף אַ געזעגענונגס־אָוונט אין וואַרשעווער ייִדישן ליטעראַטן־פאַריין (אויף טלאָמאַצקע 13) געניצט שאַרפע ווערטער קעגן די "בורזשואַזע" שרײַבער אין פּוילן.

אַן ערך אַ יאָר פאַר קולבאַקס באַשלוס אָפּצופאָרן פון ווילנע, האָט דער ייִדישער סטודענטן־פאַראיין אײַנגעאָרדנט אַ סעריע לעקציעס פאַר מאַקס עריקן. זײַנע לעקציעס האָבן געהייסן "נײַעסטע טענדענצן אין דער ייִדישער ליטעראַטור". אויף איינער פון די לעקציעס האָט עריק הילכיק אויסגערופן, אַז "לייוויקן און אַשן דאַרף מען עוקר מן השורש זײַן פון יעדער אַרבעטער־ביבליאָטעק, מחמת זייער פילאָסאָפיע".

וואָס שײַך לייוויקן, איז אָט דער דראַסטישער אַרויסרוף געקומען נאָך אַ לענגערן אַנאַליז פון לייוויקס "גולם". איך בין דאַן געזעסן נעבן קולבאַקן. ווי נאָר ער האָט דערהערט עריקס פּסק, האָט ער זיך אײַנגעבויגן צו מיר און האָט מיר אַ פליסטער געטאָן אין אויער: "אַהאַ, ער מאַכט זיך שוין אַ וויזע קיין רוסלאַנד". אַפּנים, אַז אויך קולבאַק האָט זיך אין וואַרשע אַ ביסל פאַרגאַלאָפּירט. איך האַלט נאָך אַלץ, אַז הגם ער האָט געהאָפט אויף אַ ווײַטערדיקן וווּקס פון דער ייִדישער קולטור אין רוסלאַנד, ווי עס האָט געקענט זיך אויסווײַזן אין די צוואַנציקער יאָרן, איז ער קיינמאָל קיין קאָמוניסט נישט געווען.

אין 1928 האָט דער ווילנער ליטעראַטן־פאַראיין אײַנגעאָרדנט אַ געזעגענונגס־אָוונט צו קולבאַקס אָפּפאָר. דער אָוונט איז פאָרגעקומען אין

גרויסן זאַל פונעם צירק אויף דער לודוויסאָצקער גאַס. נישט נאָר איז דער ריזיקער זאַל געווען אָנגעפּאַקט ביז איבער די ברעגן אויף אַלע שטאָקן, נאָר אויך די גאַס איז געווען שוואַרץ פון מענטשן. די רײַטער־פּאָליציי האָט צום סוף צעטריבן די מאַסע, וואָס האָט נישט געקענט אַרײַן אין זאַל.

זלמן רייזען האָט געפירט דעם פּאָרזיץ. ער האָט אויסגעדריקט די געפילן פון דער ווילנער קולטור־סביבה צו איר באַליבטן גרויסן שרײַבער און זעלטענער פערזענלעכקייט. איך בין נישט אויסן אָפּצוגעבן אַ באַריכט פון יענעם גראַנדיעזן אָוונט, וועלכער וועט בלײַבן אינעם זכרון פון די אַלע, וואָס זײַנען דאָרט געווען, אַזוי לאַנג ווי זיי וועלן לעבן. נאָר אויף איין פּרט וועל איך זיך אָפּשטעלן.

מען האָט אונדז, שילער פון אַלע מיטלשולן און פון דעם סעמינאַר, געלאָזט וויסן, אַז אונדזערס אַ פּאָרשטייער וועט האָבן אַ געלעגנהייט צו געזעגענען קולבאַקן אין נאָמען פון דער שילער־יוגנט. ווי גרויס איז געווען מײַן שמחה, ווען מיר איז צוגעפאַלן אָט די אויפגאַבע צו רעדן אין נאָמען פון קולבאַקס אַלע תּלמידים. זלמן כּישוף אין סעמינאַרו־מאָרגנס דערציילט וועגן דעם אין "ווילנער טאָג", ווו ער האָט געשריבן וועגן די געפילן און ווונטשן פון קולבאַקס תּלמידים, וועלכע האָבן אים באַגלייט אין זײַן נײַעם גלגול.

## .III

זייער פּאָפּולער איז בײַ אונדז אין סעמינאַר געווען – מוזיק. דאָס האָט דער לערער גערשטיין אונדז אָנגעשטעקט מיט זײַן התלהבות. אַ סך סעמינאַריסטן האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט קאָנצערטינעס (מיניאַטור־אַקאָרדיאָנען), און מיר פלעגן אונטערכאַפּן די טענער, וואָס אונדזער אויסגעצייכנטער כאָר, אַ שם דבר אין דער שטאָט, האָט גראָד דאַן רעפּעטירט.

יעדן שבת נאָכמיטאָג איז, למשל, געווען אָפּערע־צײַט, ד״ה אַז אַ רוסישער פּראָפעסאָר פון מוזיק, מיטן נאָמען גאַלקאָווסקי, אַ פּליט פון רוסלאַנד, פלעגט אויספירן אַריעס אויף דער פּיאַנע און זיי אויספירלעך, מיט גרויס בקיאות, אינטערפּרעטירן. און כאָטש דער עולם איז געווען שטאַרק פאַרנומען – נישט נאָר מיט לערנען, נאָר אויך מיט צו פאַרדינען אויף חיונה, איז דער זאַל, ווו גאַלקאָווסקי האָט במשך פון עטלעכע יאָר געגעבן זײַנע ווונדערלעכע לימודים, תּמיד געווען פול געפּאַקט.

צוויי סעמינאַריסטן פון דעם ערשטן אַרויסלאָז (דער סעמינאַר איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1921), גילינסקי (באַקאַנט אַלס "באַטקע") און טרופּיאַנסקי, האָבן אָנגעשריבן עטלעכע קורצע אָפּערעס. די סאַמע געלונגענסטע איז געווען "המן־טאַשן", וואָס אירע מעלאָדיעס זײַנען אַרײַן

ווי מיט אַ כּישוף אין סעמינאַר.

אין דער שטאָט האָבן שטאַרק אויסגענומען צוויי ייִדישע כאָרן: דער כאָר אונטער דער אָנפירונג פון סליעפּן — דער "ווילנער כאָר" ביַי דער שטאָטישער בילדונגס־געזעלשאַפט, און דער כאָר פון דעם סעמינאַר. פאַר דעם סעמינאַר־כאָר, ווו עס ביַיטן זיך כּסדר די תּלמידים, איז געווען גאָר נישט גרינג צו דערגרייכן אַזאַ מדרגה, ווי זי איז געווען ביַים "ווילנער כאָר". אָבער גערשטיינען האָט זיך איַינגעגעבן צו שאַפן אַזאַ מוזיקאַלישע אַטמאָספער, אַז ער האָט אַפילו געקענט אָנהאַלטן זיַין פילאָסאָפיע, לויט וועלכער יעדער מענטש ("סיַידן אַ פולשטענדיק טויבער") קען זינגען אין אַ כאָר. הכּלל, נגינה האָט זיך שטאַרק געפּאָרט מיט דעם באמת עכטן כּמו חסידיש־געלייטערטן צויבער פון מוזיק.

באַנאַנד מיט פּראָפעסאָר גאַלקאָווסקי, וועלכער האָט אונדז אַריַינגעפירט אין היכל פון דער סובלימירטער אָפּערע־וועלט, האָט אויך גערשטיין דורכגעפלאָכטן זיַין רײַכן רעפּערטואַר מיט אַריעס, צו וועלכע ער האָט אַליין געמאַכט ייִדישע איבערזעצונגען פון די ליברעטאָס. באַזונדערס אָפט פלעגט ער מיט גרויס עקסטאַז זיך אומקערן צו דזשוזעפּע ווערדיס אָפּערע "אַיִדאַ".

זעלטן ווען קריצט אַ געשטאַלט פון אַ מענטש זיך איַין אַזוי שטאַרק אין זכּרון, ווי גערשטיין. אַ הדרת־פּנים מיט אַ מאַיעסטעטישן קאָפּ, האָט ער אַרויסגערופן צו זיך נישט נאָר דרך־ארץ, נאָר עכטע ליבשאַפט ביַי אַלע, וואָס זיַינען געקומען מיט אים אין קאָנטאַקט, און אַוודאי און אַוודאי ביַי אונדז, זיַינע תּלמידים. באַזונדערס רירנדיק איז פאַר אונדז געווען די גאָר נאָענטע פריַינטשאַפט צווישן גערשטיינען און משה קולבאַקן. גערשטיין האָט שטאַרק געליטן פון קולבאַקס פאַרלאָזן די שטאָט אין 1928, ווען דער דיכטער איז אַוועק קיין מינסק.

דער סעמינאַר האָט געפונען אויך ציַיט און ענערגיע, כּדי צו אַנטוויקלען אַ ברייטע און אינטענסיווע טעאַטראַלע אַקטיוויטעט. דער עיקר האָבן זיך אויסגעצייכנט די שפּילן, וואָס זיַינען געווען פאַרבונדן מיט שטודירן פאָלקלאָר. די סאַמע פּאָפּולערסטע איז געווען די פּיעסע "מכירת יוסף", געשריבן פון מאַקס וויַינרייַכן און רעזשיסירט פון משה קולבאַק. אַנדערע פּורים־שפּילן זיַינען געווען "דוד און גולית־שפּיל", "עקידת יצחק", די שוין דערמאָנטע אָפּערע "המן־טאַשן" א׳אַ. מיר האָבן זיך נישט באַגרענעצט מיט ייִדישן פאָלקלאָר — אַזעלכע דראַמעס, ווי אָסקאַר וויַילדס "סאַלאָמעאַ", "הינטער די ווענט פון אַ הויז", פון טשאַרלז דיקענס, האָבן באַריַיכערט דעם טעאַטער־פּראָגראַם במשך פון די פינף יאָר, וואָס איך בין געווען אין סעמינאַר. אונדזער פרייד איז געווען אין לשער, ווען מיר זיַינען געוואָרן איַינגעלאַדן פאָרצושטעלן דעם ספּעקטאַקל "מכירת יוסף" אויף דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער צענטראַלער ייִדישער שול־אָרגאַניזאַציע,

וועלכע האָט געדאַרפֿט פֿאָרקומען אין מאַי 1925. דאָס פֿאָרן קיין וואַרשע און, דער עיקר, דאָס אויפֿטרעטן בעת אָט דעם אימפּאָזאַנטן קאָנגרעס, האָט שטאַרק אימפּאָנירט. אַ ציטער איז דורכגעגאַנגען ווען שלום אַש האָט בעת דעם ערשטן אַנטראַקט זיך באַוויזן אַ שטייענדיקער אין אַ לאָזשע נאָענט צו דער סצענע. אַ באַגײַסטערטער האָט ער לאַנג אונדז אַפּלאָדירט און געלויבט.

.IV

יעדער איינער פֿון די סטודענטן אינעם לערער־סעמינאַר האָט זיך אידענטיפֿיצירט מיט אַ באַשטימטער אידעאָלאָגישער ריכטונג. עס האָבן זיך אויסגעטיילט דרײַ עיקרדיקע גרופּעס: בונדיסטן, פּועלי־ציוניסטן און אומפּאַרטייאישע, וועלכע מ׳האָט אָפֿט גערופֿן "קולטוריסטן". וואָס עס האָט גאָר באַזונדערס אימפּאָנירט, איז — דער דרך־ארץ און די טאָלעראַנץ פֿון איין ריכטונג צו דער אַנדערער.
דער פּאַקטישער דירעקטאָר פֿון דעם סעמינאַר איז געווען אברהם גאָלאָמב ("פּאַקטישער" — ווײַל ער האָט נישט געהאַט קיין גילטיקע פּוילישע דאָקומענטן אויף צו פֿאַרנעמען אַזאַ שטעלע). מיר איז שוין אויסגעקומען צו שרײַבן וועגן גאָלאָמבן (לערמער 1986), וועגן זײַן "האַרמאָניע צווישן דער עמאָציאָנעלער און אינטערנאַציאָנאַלער שפּאַנונג". ער פֿלעגט מאַכן אַלע באַמיִונגען, אַז מיר זאָלן באַטראַכטן דעם סעמינאַר ווי אַ מין שטעטל. גלײַכצײַטיק האָט ער געקוקט ממש קרום אויף יענע סעמינאַריסטן, וועלכע זענען געווען שטאַרק אַנגאַזשירט אין אידעאָלאָגישע באַוועגונגען. היות ווי די קאָמוניסטיש געשטימטע זײַנען געווען פֿאַרקאָנספּירירט, האָט ער זײַן אומווילן אויסגעלאָזט צו די בונדיסטן און פּועלי־ציוניסטן.
בײַם אָנקומען אין סעמינאַר האָט יעדער פֿון אונדז געמוזט אָנשרײַבן אַ גאַנץ אויספֿירלעכע אויטאָביאָגראַפֿיע. פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דערציילט וואָס עס האָט מיך באַוויגן צו קומען אין סעמינאַר. נאָכן איבערלייענען מײַן אַרבעט האָט גאָלאָמב מיך פֿאַרבעטן אויף אַ פּריוואַטן שמועס, און צו מײַן שטוינונג געזאָגט: "איך פֿאַרשטיי וואָס עס האָט אײַך מאָטיווירט צו קומען אין סעמינאַר. אָבער דאָ איז נישטאָ קיין פּלאַץ פֿאַר קיין שום פּאַרטייאיש־פּאָליטישער טעטיקייט". מײַן ענטפֿער איז געווען, אַז איך קען דאָס נישט צוזאָגן, און דערפֿאַר האָב איך זיך געריכט, אַז כ׳וועל צוליב דעם נישט ווערן צוגעלאָזט, וואָרעם אַזוי שטאַרק האָט געקלונגען גאָלאָמבס וואָרענונג. צו מײַן איבעררראַשונג און גליק בין איך אָבער מיט מזל געוואָרן אַ סעמינאַריסט.
בינו לבינו האָבן מיר, בונדיסטן, געפֿירט שטילערהייט אונדזער אַרבעט,

און ווען ס׳איז געקומען צו אַ קאָנפראָנטאַציע מיט דער אַגרעסיווער און צילבאַוווסטזיניקער קאָמוניסטישער גרופּע, איז זיי קיינמאָל נישט געלונגען צו באַהערשן די מערהייט. מיר, און אַ פאָרשטייער פון דער קלענערער גרופּע פּועלי־ציוניסטן, דעם שפּעטער גוט באַקאַנט־געוואָרענעם פּעדאַגאָג יחיאל שטערן, האָט די גרויסע מערהייט תּלמידים אָנפאַרטרויט צו זײַן זייער פאָרשטייער אין דעם פּעדאַגאָגישן ראַט. יחיאל שטערן אין אין משך פון דרײַ יאָר געווען דער פּאָרזיצער פון דעם ראַט, און איך — דער סעקרעטאַר.

במעט אַ גאַנץ יאָר האָבן מיר געפירט אונדזער בונדישע טעטיקייט שטרענג אומלעגאַל. ס׳האָט אַפילו געהאַט עפּעס אַ ראָמאַנטיק אין זיך: מיר פלעגן זיך טרעפן אין אַ מיל אויף אַ זײַטיק געסל נעבן דער טראָקער גאַס. אין דער זעלבער צײַט האָבן מיר געפילט, אַז ס׳איז אַ מאָדנער מצב — צו זײַן פאַרקאָנספּירירט אין ייִדישן לערער־סעמינאַר, וואָס טראָגט וולאַדימיר מעדעמס נאָמען. דאָך זײַנען מיר געווען לאָיאַל צו אברהם גאָלאָמבן. איצט, אין דער פּערספּעקטיוו פון צײַט, ווערט נאָך קלאָרער, וויפל טאַקט מיר האָבן דאַן אַרויסגעוויזן צו אונדזער דירעקטאָר.

נאָך דעם צווייטן שול־צוזאַמענפאָר זײַנען מיר צוריקגעפאָרן פון וואַרשע צוזאַמען מיט גאָלאָמבן אין אַ וואַגאָן פון דריטן קלאַס. אין אַ דערבײַיִקן וואַגאָן פון צווייטן קלאַס זײַנען געפאָרן די בונדישע פירער פון ווילנע, אַננאַ ראָזענטאַל און ווירגילי כהן. ווירגילי איז געווען זייער נאָענט צו אונדז, סעמינאַריסטן. ער האָט געהערט צו אַ קאָמיטעט, וואָס איז געווען אַ מין אַפּוטרופּוס איבער די מיטלשולן און איבער דעם סעמינאַר, און מיר פלעגן אים רופן דער "טאַטע" פון די סעמינאַריסטן. אַננאַ ראָזענטאַל און ווירגילי כהן זײַנען אַרײַנגעקומען צו אונדז אין וואַגאָן, און שמועסנדיק מיט גאָלאָמבן, האָט ווירגילי אַ זאָג געטאָן: "איך ווייס דאָך, אַז די בונדישע השפּעה איז זייער שטאַרק אינעם סעמינאַר". גאָלאָמב האָט נאָך אַלץ געמיינט, אַז דאָס רעדט ווירגילי נאָר וועגן דער גײַסטיקע השפּעה פון בונדיזם, "וואָרעם, ווי איך ווייס, איז נישט פאַראַן קיין אָרגאַניזירטע בונדישע גרופּע אין סעמינאַר". פאַרשטייט זיך, אַז ס׳האָט לאַנג נישט גערדויערט, און ווירגילי האָט גאָלאָמבן אַרויסגעפירט פון דעם טעות...

אויף אַזאַ אופן זײַנען מיר ענדלעך אַרויס אויף דער "אויבערפלאַך". עס האָבן זיך גלײַך געיאַוועט אויך אַנדערע גרופּעס, דער עיקר די קאָמוניסטן. גאָלאָמב האָט בלית־ברירה געמוזט אויפגעבן זײַן חלום וועגן אַן אידעאַלער אומפּאַרטייאישקייט, וואָס האָט געהאַט בײַ אים אַ שטאַרקע, כמו־פּאָלקיסטישע, באַפאַרבונג.

צוויי יאָר שפּעטער, נאָך מײַן גראַדואירן, איז דער סעמינאַר געשלאָסן געוואָרן דורך דער פּוילישער מאַכט. צווישן די קאָמוניסטן האָבן זיך געפונען

פּראָוואָקאַטאָרן, וואָס האָבן בכּיוון געשטויסן צו צערייצן די מאַכטהאָבער. איינער פון אָט די פּראָוואָקאַטאָרן, אברהם קאַפּלאַן, איז שפּעטער געוואָרן דעמאַסקירט. מען דאַרף אָבער זאָגן, אַז אין אַלגעמיין גענומען האָבן מיר געהאַט מזל מיטן רוב קאָמוניסטישע שילער. אַ סך פון זיי זײַנען בלי ספק געווען אידעאַליסטן און האָבן געוואָלט ווערן ייִדישע לערער.

V.

אין יאָר 1928 איז קיין פּוילן געקומען איציק מאַנגער. אין וואַרשע האָט ער לכתּחילה נישט געקענט זיך אײַנאָרדענען, האָט דעריבער זײַן וועג געפֿירט גלײַך צום אינטערנאַט, ווו עס האָבן געלעבט די ווילנער סעמינאַריסטן.

מיר האָבן דעם דיכטער, פֿאַרשטייט זיך, אויפֿגענומען מיט אָפֿענע אָרעמס. די לאַנגע וואָכן, וואָס ער האָט מיט אונדז געוווינט, זײַנען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין יום־טוב טעג. ער האָט זיך געפֿילט ממש ווי אַ פֿיש אין וואַסער מיט אונדז, און אַזוי אויך מיר מיט אים. יעדן פּריוואַטיק־צונאַכט פֿלעגט ער אויסשפּילן, אויסזינגען און אויספֿירלעך רעדן וועגן פֿאָלקלאָר בכלל, און דעם ייִדישן פֿאָלקלאָר בפֿרט. אַדאַנק אים האָט זיך פֿאַר אונדז מער אַנטפּלעקט די זאַפֿטיקייט פֿון דער רומעניש־ייִדישער ליטעראַטור. באַזונדערס אָפֿט האָט ער גערעדט וועגן אליעזר שטיינבאַרגן.

מאַנגערס לבוש, און בכלל זײַן גאַנצער אויסערלעכער מעמד, איז געווען ווי פֿון אַן אָרעמאַן. איינמאָל אין קלאַס האָבן מיר געזאָגט גאָלאָמבן וועגן אונדזער מיטלײַד צו מאַנגערן, וואָס ער האָט מחמת אָרעמקייט אַזוי נאַכלעסיק אויסגעזען. גאָלאָמב האָט אויף דעם געענטפֿערט: ״דאָס איז נישט צוליב אָרעמקייט, נאָר דערפֿאַר, ווײַל מאַנגער איז אין תּוך אַ ציגײַנער״. און ער האָט פֿאַרגעזעצט: ״מיר אימפּאָנירט דאָס דווקא, וואָרעם אַז איך טו אָן אַ נײַעם קאָסטיום, לייג איך זיך אין אים שלאָפֿן, ער זאָל זיך גוט אויסקנײַטשן. דעמאָלט פֿיל איך זיך אין אים היימיש. הלבשה דאַרף שפּילן די קלענסטע ראָל. דער שעפֿערישער פּונקט אין מאַנגערן איז דער עיקר. און דאָס האָט דאָך מאַנגער כּפֿל כּפֿליים״.

פֿאַרשטייט זיך, אַז מיר זײַנען תּיכף מסכּים געווען מיט אים. הגם אינגאַנצן טיילן זײַן מיינונג וועגן דער עקסטרעמער באָהעמישער שוואַכקייט מאַנגערס, האָבן ס׳רוב פֿון אונדז נישט געקענט.

אויך קולבאַק פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט שטאַרק לויבן מאַנגערס טאַלאַנט. דעמאָלט האָט נאָך מאַנגער נישט געהאַט זיך אַזוי צעבליט, ווי שפּעטער, אַזוי אַז קולבאַק האָט אים נישט געהאַט אַרײַנגעגלידערט אין זײַן פּראָגראַם.

## VI.

מאַקס ווײַנרײַך איז געווען אונדזער לערער אין משך פון גאַנצע פינף יאָר, מיט אַן איבעררײַס אויף דער צײַט, ווען ער האָט פֿאַרבראַכט אין אָקספֿאָרד. נאָך זײַן צוריקקומען, ווען ער האָט געאַרבעט איבער די צונויפֿגעקליבענע פֿאָרש־מאַטעריאַלן פֿאַר בוך ״בילדער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור־געשיכטע״ (אַרויס אין ווילנע אין 1928), האָט ווײַנרײַך זיך געטיילט מיט אונדז אין קלאַס וועגן דעם גאַנג פֿון זײַן אַרבעט.

ווײַנרײַך האָט אָנגעהאַלטן אַ באַשײַמפֿערלעכע דיסטאַנס פֿון זײַנע שילער. פֿאַרריסן בײַ זיך איז ער אָבער אויך נישט געווען. ער פֿלעגט זיך באַציִען מיט גרויס דרך־ארץ צו יעדן תּלמיד. אַ באַזונדערן אינטערעס פֿלעגן בײַ אים אַרויסרופֿן תּלמידים, וואָס האָבן געשטאַמט פֿון ווײַטע מקומות און וואָס האָבן אויפֿגעהיט זייער אייגנאַרטיקן דיאַלעקט. מיר האָבן געהאַט אַ סעמינאַריסט, וואָס האָט געשטאַמט פֿון בעסאַראַביע. זינבערג האָט ער געהייסן (אַגב, האָט ער אונדז שוין נאָך צוויי יאָר פֿאַרלאָזט. ער איז אַוועק קיין ארץ ישראל, און איז דאָרט אומגעקומען בעת די אַראַבישע אָנפֿאַלן). יעדן קלאַנג פֿון זײַן דיאַלעקט פֿלעגט ווײַנרײַך אויפֿכאַפּן און ער האָט זיך געקוויקט מיט זײַן אַנדערשקייט.

אים האָט דערנערווירט ווען סעמינאַריסטן פֿון ״קרוין־פּוילן״ פֿלעגן זיך ברעכן זייערע צינגער, כּדי צו רעדן ווי ליטווישע ייִדן, באַזונדערס ווען בײַ זיי פֿלעגט זיך אַרויסכאַפּן ״קונדער״ אָנשטאָט ״קינדער״ אד״גל. אָבער, וואָס שײַך דעם באַנוצן זיך מיט די באַשטימטע אַרטיקלען, האָט ווײַנרײַך תּמיד גיכער זיך צוגעהערט צו די ״פּוילישע״ סעמינאַריסטן. אָפּטמאָל פֿלעגן מיר הערן פֿון אים: ״ליטוואַקעס טאָר מען נישט אָנטרויען קיין אַרטיקלען״.

ווײַנרײַכס כּסדרדיק זוכן די שײַכותן צווישן אַלט־ייִדיש און דעם הײַנטצײַטיקן ליטעראַרישן ייִדיש האָט פֿאַרשטאַרקט אונדזער געפֿיל, אַז ער פֿירט אַרײַן דעם קלאַס אין דער לאַבאָראַטאָריע פֿון שפּראַך־פֿאָרשונג. קיין חידוש נישט, וואָס אייניקע סטודענטן האָבן טאַקע שפּעטער זיך ספּעציאַליזירט אין לינגוויסטיק.

## VII.

צוליב מײַן ספּעציעלער פֿאַראינטערעסירטקייט אין געשיכטע, סײַ אַלגעמיינע און סײַ ייִדישע, איז מיר אויסגעקומען גאָר נאָענט צו ווערן מיט אונדזער לערער פֿון געשיכטע, דעם צאַרטן און גוטמוטיקן דענקער, ד״ר העלער. אַ נידעריקער, מיט אַ ביסל אַ געהעכערטער פּלייצע, מיט גרויסע וואַרעמע, און גלײַכצײַטיקע שאַרפֿע, קאַרע אויגן, איז ער געווען דער באַליבטסטער

לערער אין סעמינאַר. מיר האָבן באַוווּנדערט העלערס פענאָמענאַלן זכּרון און גרייטקייט צו געבן אונדז אָן אַ שיעור אויפמערקזאַמקייט (חוץ די קלאַסן האָט ער געפירט ספּעציעלע סעמינאַרן). נאָך דעם, ווי מען האָט פֿאַרמאַכט דעם סעמינאַר, איז ער געווען אַ לערער אין די מיטלשולן. צוזאַמען מיט אַנדערע קדושים איז ער אומגעבראַכט געוואָרן אין פּאָנאַר.

העלערס אַ לאַנדסמאַן, אויך אַ גאַליציאַנער, איז געווען נפֿתּלי ווײַנער, וועלכער האָט געלייענט אין סעמינאַר פּויליש און פּוילישע ליטעראַטור. ער האָט אויך שטאַרק אויסגענומען בײַ די תּלמידים, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דער רוב פֿון אונדזערע שילער האָבן געשטאַמט פֿון די אַזוי־גערופֿענע "קרעסן" אין פּוילן (וואָלין, פּאָלעסיע און ליטע), און זייער קענטעניש פֿון דער פּוילישער שפּראַך איז געווײנלעך געווען אַ גאַנץ שוואַכע.

אין 1928 האָט דאָס פּוילישע בילדונגס־מיניסטעריום ענדלעך געגעבן דעם סעמינאַר פּולע מאַטור־רעכט, ד"ה אַז מיט אונדזערע דיפּלאָמען האָבן מיר געקענט אַרבעטן אין די שולן, און ס'איז אַפֿילו טיילווײַז געלייזט געוואָרן דאָס פּראָבלעם פֿון אָננעמען סעמינאַר־תּלמידים אין די אוניווערסיטעטן. פֿאַרשטייט זיך, אַז דער פּויליש־לימוד האָט געמוזט פֿאַרטיפֿט ווערן.

נפֿתּלי ווײַנער איז גאָר געווען אַ ייִדיש־ייִדישער עסעיִסט און קריטיקער, אָבער מיט אונדז האָט ער געמוזט קנעלן פּויליש. מיך האָט פֿאַרבונדן מיט אים אַ נאָענטע פֿרײַנדשאַפֿט, כאָטש ער איז געווען אַ לינקער פּועלי־ציוניסט, און מיר זײַנען זיך שטאַרק פֿאַנאַנדערגעגאַנגען אידעאָלאָגיש. אויך ווײַנער, צוזאַמען מיט זײַן משפּחה — צווישן די קרבנות פֿון פּאָנאַר.

דער לערער פֿון מאַטעמאַטיק איז בײַ אונדז געווען אַרקאַדי קרעמער — די צענטראַלע פֿיגור אין גרינדן דעם "בונד" אין 1897. אויסגעזען האָט ער זייער שטרענג, אָבער די אויסערלעכע שטרענגקייט האָט אים לחלוטין נישט געשטערט צו זײַן דער סאַמע מילדסטער לערער בײַם געבן די צייכנס פֿאַרן יאָר. ווי אַ פֿאָרשטייער פֿון דעם ווילנער קאָמיטעט פֿון יוגנט־בונד "צוקונפֿט", האָב איך געהאַט דאָס גרויסע פֿאַרגעניגן אים צו אָבסערווירן ווי דעם פֿאָרזיצער פֿונעם קאָמיטעט. ס'רוב פֿלעגן די זיצונגען פֿון דעם קאָמיטעט פֿאָרקומען אין דער היים פֿון אַרקאַדי און פּאַטי קרעמער (אגב, איז אויך פּאַטי געווען אַ פּערזענלעכקייט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און איז געשטאָרבן ווי אַ העלדין אין ווילנער געטאָ).

עס ווילט זיך אויך דערמאָנען די סעמינאַריסטן גופֿא. צווישן זיי האָבן זיך אַרויסגערוקט ערשטראַנגיקע לערער, וואָס האָבן בפֿירוש זיך מוסר־נפֿש געווען צו שטאַרקן די מערכה פֿון דער ייִדישער קולטור. נאָר געציילטע פֿון זיי זײַנען ניצול געוואָרן פֿונעם חורבן. כ'האָב טייל פֿון זיי באַגעגנט בעת מײַנע אָפֿטע לעקציע־טורן איבער דרום־אַפֿריקע, דרום־אַמעריקע, אויסטראַליע...

"אָקספֿאָרד ייִדיש", יאַנואַר 1995

# אברהם גאָלאָמב

## אַ זײַל פון דער אינטעגראַלער ייִדישקייט

אומזיסט ווען מיר זוכן אין גאָלאָמבס צאָלרײַכע עסייען און אויספּירלעכע ווערק אַן עקזאַקטע דעפיניציע פון אינטעגראַלער ייִדישקייט. פאַר די פון אונדז, וואָס האָבן געהאַט די זכיה צו זײַן זײַנע תּלמידים; בײַ די וואָס האָבן אים געזען בײַ זײַן אומדערמידלעכער אַרבעט ווי דער דירעקטאָר און נשמה פון ווילנער ייִדישן לערער־סעמינאַר און באַוווּנדערט זײַן ממש חסידישע התלהבות פון אַ מוסטערהאַפטן דערציִער, איז דער באַגריף פון אינטעגראַלער ייִדישקייט שוין גאָרנישט קיין מטושטישער. אדרבא, וואָס נעענטער זײַנע תּלמידים זײַנען מיט אים געוואָרן, אַלץ שטאַרקער איז בײַ ס׳רוב פון זיי געוואַקסן די אַבסאָלוטע איבערצײַגונג אין גאָלאָמבס האַרמאָניע צווישן זײַן עמאָציאָנעלער און אינטעלעקטועלער שפּאַנונג.

ווי שוין געזאָגט, ווען מיר מוזן דעם פולן באַשײַד פונעם באַגריף אינטעגראַלע ייִדישקייט זוכן נישט אין גאָלאָמבס דעפיניציע, נאָר דורך גרינטלעך שטודירן זײַנע וויכטיקסטע שריפטן.

גאָלאָמבס באַגײַסטערטע תּלמידים האָבן ממש אינטויִטיוו דורך זײַער דירעקטן קאָנטאַקט מיט אים דערשפּירט זײַן באַגריף און זײַן עכטע ייִדישקייט. מענדל מאַן קען אונדז דינען ווי אַן עדות: ״איך בין״, האָט ער געשריבן, ״נאָך קיין בר־מצווה־ייִנגל נישט געווען ווען מײַן עלטערער ברודער איז געקומען פון ווילנער לערער־סעמינאַר אויף זומער־פּעריען. איינער פון זײַנע לערער איז געווען אברהם גאָלאָמב. מען וואָלט געקענט אָנשרײַבן אַ בוך וועגן גאָלאָמבס השפּעה אויף די שילער״. — — ״איך האָב די השפּעה געפילט בײַ אַלע סעמינאַריסטן״. — — ״אַ באַדײַטנדיקער פּעדאַגאָג, אַ מענטש, וואָס האָט געעפנט די אויגן צו דער וועלט, און די דאָזיקע פרעמדע וועלט פאַרייִדישט. אַ פאַרקנופּטער מיט דער ייִדישקייט, וואָס אירע וואָרצלען זײַנען טיפע און גרייכן ווײַט אין דער ייִדישער געשיכטע אַרײַן און אין אירע קוואַלן, אָט די אונטערערדישע, וואָס ריזלען פון דעם לאַנד פון תּנ״ך. אַ ייִד זוכט נײַע וועגן, כּדי צו דערגיין צום גרויסן שליאַך פון אייביקער ייִדישקייט״.

ווי אַ שליסל צו גאָלאָמבס אינטעגראַלער ייִדישקייט קענען אונדז דינען אַ פּאָר שורות פון י. בילעצקיס אַ פייַנער פּאָעמע:

„האָט אַ ייִד אַן אַנדער וועג? —
פון רמב״ם, יהודה הלוי צו לייוויק.
אַ גאַנג דורך צייַטן, דורך תּקופות און דורות,
פון נצח ביז נצח, אייביק!!!״

„...פון נהרות בבל ביז ׳זאָגט נישט קיינמאָל׳
פאַרנעם אַלע קולות פון ייִדישן כאָר״.

אַזוי ווי דער באַגריף פון אינטעגראַלער ייִדישקייט האָט מינימום צוויי דימענסיעס, צייַט און רוים, וועלן מיר בילעצקיס פּאַטעטיש טיפע שורות באַטראַכטן ווי אַ מין קאָמערטאָן צו דער היסטאָרישער, אָדער, ווי מיר וועלן זי רופן, ווערטיקאַלער דימענסיע, און זיך ווייַטער לאָזן אין וועג אַרייַן צו געפינען דעם באַשייַד צו דער האָריזאָנטאַלער דימענסיע פון ייִדישן וועלטפאָלק.

מיר קענען שוין איצט דרייסט פּרובירן, לכל הפּחות טענטאַטיוו דעפינירן גאָלאָמבס קאָנצעפּציע פון אינטעגראַלער ייִדישקייט.

אינטעגראַלע ייִדישקייט איז כּולל די גייַסטיקע דויערנדיקע ווערטן פון ייִדישן פאָלק אין צייַט און רוים ווי אַ קוואַל אין שווערן קאַמף פאַר שעפערישן קיום און המשך אין דער תּקופה, ווען די עצם עקזיסטענץ פון אונדזער פאָלק איז שטאַרק באַדראָט נאָכן פאַלן פון דער תּלמודיש־שטעטלשער ציוויליזאַציע (ווי גאָלאָמב פלעגט אָפט זיך אויסדריקן אין זייַנע שריפטן).

אין דער הקדמה צום פריִער דערמאָנטן יובל־בוך זאָגט גאָלאָמב, אַזוי צו זאָגן:

„די געדאַנקען, וואָס איך גיי דאָ שרייַבן, זייַנען נישט קיין קאַלטע אָביעקטיווע פאָרשונג אויסגערעכנט מיט גלאַסענעם שׂכל 2 מאָל 2 איז 4. דאָס וואָס איך שרייַב דאָ ווייַטער, איז מער אַ זאַך פון אמונה, אַ טיפער גלויבן — איך וויל אַזוי, ווייַל איך פיל אַזוי״ (ציטירט פון גאָלאָמבס נאָטיצן „ייִדישקייט — פאָלקישקייט — געטלעכקייט, לכבוד דעם נשיא זלמן שזר״, ז׳ 837 — אינעם יובל־בוך).

על כּן גילט בייַ אים קודם־כּל אהבת ישׂראל, דער קדושהדיקער גאַנג פון שלמות און גאולה. אַזוי דריקט ער טאַקע אויס זייַן אני מאמין:

„פולע אינטעגראַלע ייִדישקייט כּפי זי האָט זיך אַנטוויקלט אין משך פון טויזנטער יאָרן דורך אַלע גלותן. זי קען זיך אומקערן צוערשט אין דער ייִדישער מדינה אַרייַן, און פון דאָרט צום ייִדישן פאָלק אין אַלע תּפוצות, וואָס וועלן נישט בטל ווערן. דאָס איז די גאולה שלמה, און נישט בלויז

בײַ ייִדן (ז׳ 898).

אַלץ וואָס היט אָפּ דעם היסטאָריש אַנדערן גײַסטיקן גאַנג פון ייִדישן פאָלק, אינספּירירט דורך דער עטיש־מאָראַלישער שליחות צו אײגענער און אוניווערסאַלער גאולה, איז דער קווינט־עסענס פון אינטעגראַלער ייִדישקייט.

ייִדישקייט האָט, לויט גאָלאָמבן, אויסגעהאַלטן די פּריִערדיקע פּײַער־פּראָבעס פון אַלע גלותן, ווײַל זי האָט, להכעיס אַלע נסיונות, נישט פאַרלוירן דעם צלם אלוקים. אָבער נאָכן חורבן פונעם שטעטל האָבן מיר פאַרלוירן די נויטיקע סאָציאָלאָגישע באַדינגונגען פאַר קולטיווירן די אויסנעמלעכע אייגנאַרטיקייט פון ייִדישן פאָלק. אַ״ג עגאָפּאָביע, ווי גאָלאָמב רופט אָן די הויפּט־סיבה פון דער שפּראַכלעכער און קולטור־אַסימילאַציע, רײַסט שטיקער פון עכטער ייִדישקייט. על כּן קומט גאָלאָמב צו דער איבערצײַגונג, אַז נאָר די מדינה קען, אַדאַנק איר סאָציאַל־עקאָנאָמישער, דעמאָגראַפישער און פּאָליטישער סטרוקטור, ראַטעווען דאָס ייִדישע פאָלק אין וועלט־מאַסשטאַב, און דערמיט ראַטעווען אויך די היסטאָרישע שליחות אונדזערע. דאָס קען אָבער נאָר דאַן געמאָלט זײַן, ווען ישראל וועט פולשטענדיק פאַרוואָרפן די ״קללה פון שלילת הגלות״ און אויסברייטערן איר גײַסטיקע השפּעה אויף דער גרויסער מערהייט פון ייִדישן פאָלק, וואָס לעבט אין די תּפוצות, מיטן כּוח פון ״גאולת השכינה״, לויט גאָלאָמבס אַן אויסדרוק.

ווי פּעסימיסטיש ער זאָל נישט זײַן צוליב דער ראַשיקער מאַסן־אַסימי־לאַציע, גלויבט אָבער גאָלאָמב פאָרט אין דער רעאַלקייט פון זײַנע אידייען, ״וואָס לעבן טיף דורותדיק אין אונדזער פאָלק״ (ז׳ 837). און דאָס, הגם ״די אַסימילאַציע האָט זיי בײַ ייִדן שטאַרק צעפּלאָנטערט״ (ז׳ 852).

אָבער, טרייסט זיך גאָלאָמב: ״פּונקט ווי ס׳איז נישטאָ קיין הפקר אין קאָסמאָס, אַזוי דאַרף ייִדיש לעבן גיין לויט אײַזערנע געזעצן — נישט ווײַל גאָט וויל אַזוי, נאָר ווײַל ער איז אין אייביקן ייִדישן גאַנג״ (ז׳ 852).

דער אַבסאָלוטער אחד צווישן גאָט און תּורה ליגט אייגנטלעך טיף פאַרבאָרגן אין דער נשמה פון יעדן ייִד, וואָרום: ״איטלעכער ייִד האָט אַ פּינטעלע, אַ פּונקעלע אין האַרצן, און עס נעמען זיך צונויף די פּינטעלעך, די פּונקעלעך, ווערט אַ גאַנצע זון״ (ז׳ 852).

אײַ וואָס די ווירקלעכקייט איז פאָרט אַזאַ טרויעריקע נאָכן אונטערגאַנג פון דער שטעטל־ציוויליזאַציע? — טרייסט זיך גאָלאָמב ווידער מיט אַ היסטאָרישן געזעץ בײַ ייִדן, דהײַנו: ״פון אייביק אָן איז בײַ ייִדן געווען אַ גרויסע שוועריקייט מיט דעם אַריבערגיין פון איין תּקופה אין דער צווייטער״.

אָפּט, גאָר אָפּט פלעגט מען הערן פאָרווורפן אויף גאָלאָמבס אַדרעס, אַז ער קעמפט, ווי דאָן קישאָט, מיט ווינט־מילן, מיט זײַן באַשטיין, אַז

נאָר די שטעטלשע ציוויליזאַציע, אָדער לכל הפחות אירע וויכטיקסטע אַטריבוטן, זײַנען אַן אומבאַדינגטער תּנאי פֿאַר שעפֿערישן המשך. אויף דעם ענטפֿערט גאָלאָמב, אַזוי צו זאָגן: "קיינער חלומט נישט וועגן אומקערן זיך אין כּמו שטעטל אַרײַן. אָבער כּל־זמן מיר וועלן אין אורבאַניזם נישט אויפֿבויען קיין פֿאַרזיכיקע ייִדישקייט און פּשוטן שטייגער, איז דער קיום פֿון פֿאָלק אין פּולער סכּנה.

וויאַזוי איז אָבער פֿאָרט מעגלעך צו לייזן דאָס גרויסע רעטעניש? אויף דעם גיט דער מחבר אַ קלאָרע תּשובה: "כּל־זמן דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט געקענט לעבן מיט זײַן אחד, האָט עס דעמאַטעריאַליזירט נישט בלויז זײַן גאָט, נײַערט אויך זײַן מדינה. זײַנען געוווען גלותדיקע ירושלימס, וואָס האָבן מיט זייער נשמה פֿון ירושלים איבערגעשטיגן זייער שעפֿערישקייט די ערדישע ירושלים. זײַנען אין יעדן שטעטל אַרומגעגאַנגען לעבעדיקע "הר סיני־ס", אָבער אַזוי ווי ס׳איז קיין צוריק נישטאָ, מוז ירושלים של מעלה אין דער מדינה איבערנעמען די דאָזיקע היסטאָרישע ראָל". גאָלאָמב איז ווײַט נישט גליקלעך מיט אָט דער איינציק מעגלעכער לייזונג, מחמת "בדרך כּלל גלויב איך נישט אין מדינות", ווײַל "כּל־זמן עס וועלן זײַן מדינות וועלן נישט אויפֿהערן מלחמות און אויסראָטונג פֿון דער וועלט". די ייִדישע מדינה האָט גאָר אַנדערע אויפֿגאַבעס: "זי איז געבוירן געוואָרן ערשט ווען די נשמה פֿון ייִדישן פֿאָלק האָט פֿאַרלוירן איר גוף" (זז׳ 898 און 899).

די שלאָג־אויפֿגאַבע פֿון דער מדינה מוז דער עיקר זײַן אויפֿצוהאַלטן די גרויסע גײַסטיקע ירושה אונדזערע נישט נאָר אין אירע אייגענע דלת אמות, נאָר זי מוז אויסשטראַלן די אייביקע ייִדישע קדושה איבער אַלע תּפֿוצות. ווען וועט דאָס טאַקע מקוים ווערן? — נאָר דאַן, ווען "ירושלים וועט זיך בויען פֿון די גלותדיקע בּתּי מדרשים און בתּי כּנסיות (גמרא, מגילה י״ט א׳). די מדינה וועט קענען היילן די ווונדן פֿון שווער געפּרוּווטן פֿאָלק פֿון דער חולאת פֿון אַנטלויפֿן פֿון ייִדישקייט. אָט פֿאַרוואָס ישראל מוז אַליין זײַן פֿרײַ פֿון דער זעלביקער קראַנקייט, ווען אין דער מדינה וועט הערשן די ייִדישקייט פֿון דער גלות־טראַדיציע" (ז׳906).

היות ווי דער עם הספר האָט נאָך אַלע גרויסע גײַסטיקע רעסורסן, האָט די קעגנזײַטיקע השפּעה צווישן אַ גײַסטיק קראַפֿטיקער מדינה און וויטאַלע תּפֿוצות גרויסע שאַנסן צוריק אָנצוקניפּן צו דעם אייביקן ייִדישן גאַנג אין דער געשיכטע פֿון אונדזער פֿאָלק.

געגנוי ווי חיים גרינבערג בשעתו און אַנדערע, קומט גאָלאָמב צום אויספֿיר, אַז "די גרענעצן פֿון דער מדינה זײַנען נישט נאָר אין אילת אָדער בײַם ירדן, נאָר אין ניו־יאָרק, בוענאָס אײַרעס, אומעטום וווּ עס זײַנען פֿאַראַן לעבעדיקע ייִדישע ייִשובֿים" (געקליבענע שריפֿטן, ז׳ 207). וואָרום "יעדער ציוניסט וואָס מיינט, אַז עס איז גענוג צו געבן דעם פֿאָלק אין

גלות איין שטרעבונג ער זאָל מיט איר דערהאַלטן זײַן ייִדישקייט, איבער־לאָזנדיק אויף הפקר אַנדערע קולטור־פֿונקציעס אין פֿאָלקס־לעבן, האָט אַ טעות מיינענדיק, אַז אַן אָרגאַניזם קען לעבן ווען אַלע זײַנע אָרגאַנישע פֿונקציעס הערן אויף און עס בלײַבט בלויז דאָס האַרץ". גאָלאָמב האָט נישט אַקצעפּטירט די פּאָפּולערע טעאָריע פֿון ישראלס צענטראַליטעט, פּשוט ווײַל ער האָט טיפֿן בטחון אין דער קעגנזײַטיקער ווירקונג פֿון מדינה און עם ישראל, ווײַבאַלד סײַ די מדינה, סײַ די תּפֿוצות וועלן ממשיך זײַן ווי ווײַט מעגלעך די גרויסע גײַסטיקע ירושה פֿון מזרח־אייראָפּע. פֿון זײַנע צאָלרײַכע שריפֿטן איז געדרונגען, אַז גאָלאָמב איז אַ גאָר שטאַרקער חסיד פֿון דער טעאָריע, אַז נישט קוקנדיק אויף ישראלס ספּעציפֿישער און ביז גאָר וויכטיקער ראָל, מוזן מיר זיך באַטראַכטן ווי אַ וועלטפֿאָלק.

גאָלאָמב שרײַבט־צו די סאַמע וויכטיקסטע ראָל אין קאַמף פֿאַרן שעפֿערישן המשך פֿון ייִדישן פֿאָלק — דער דערציִונג. ווי אַ גאָט־געבענטשטער פּעדאַגאָג האָט ער פֿאַר זײַן לעבנס־אויפֿגאַבע געמאַכט דאָס בויען און אַנטוויקלען די ייִדישע שול. צוליב דער שטאַרק אָפּגעשוואַכטער ייִדישקייט פֿון דער היים, טראָגט איצט די שול די הויפּט־פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר אונדזער נאַציאָנאַלן קיום. גאָלאָמב האָט טאַקע מקיים געווען די דאָזיקע מצווה זײַן גאַנץ באַוווּסטזיניק לעבן.

ס'איז אָבער אַ פֿראַגע: ווײַבאַלד אַסימילאַציע האָט שוין געריסן שטיקער פֿון אונדזער פֿאָלקס־לעבן, וועט די שול נאָך אַלץ קענען ראַטעווען די מערכה פֿון ייִדישקייט?

גאָלאָמב גיט נישט קיין דירעקטע תּשובה אויף אָט דער שווערער פֿראַגע. מיר קענען אָבער פֿאָרט געפֿינען כאָטש אַ טייל ווײַזן ענטפֿער אויף איר אין זײַנע כּתבים. צום גליק האָט דער גורל אָפּגעראַטעוועט מסירות־נפֿשדיקע טרעגערס פֿון אונדזער רײַכער פֿאָלקס־ירושה, און צווישן זיי קודם־כּל די ייִדישע לערער. מיט דער צײַט וועט, האָפֿט ער, ווידער קומען צו אַ דערנענטערונג צווישן דער שול און דער היים. ווי אַן אַבסאָלוטן תּנאַי באַטראַכט ער דאָס אויפֿהאַלטן מיט אײַזערנע צוואַנגען די פֿאָלקס־קולטור, און אין דער ערשטער רײ ייִדיש אין פֿולער האַרמאָניע מיט העברעיִש.

"ייִדיש, וואָס טראָגט דעם נאָמען פֿון ייִדישן פֿאָלק", שרײַבט גאָלאָמב (ז' 879), "האָט געשאַפֿן גרויסע גײַסטיקע ווערטן פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק. ייִדיש העלפֿט אויך דעם הײַנטיקן עבֿרית מיט איר פֿאָלקסטימלעכקייט, מיט איר ווייכקייט און מיט אַנדערע עלעמענטן, וואָס האָבן געפֿעלט אין דער העברעיִשער שפּראַך". ייִדיש דאַרף אויך זײַן פֿאַרפּליכטנדיק צו לערנען אין ישראל, פּונקט ווי העברעיִש אין די תּפֿוצות.

איבער אַלעם מוז גילטן דאָס געפֿיל פֿון עכטער קדושה. וואָרום, טענהט ער, "דינען דעם פֿאָלק און זײַן קיום — דאָס איז בײַ ייִדן דינען גאָט".

דאָס ברענגט אונדז צו גאָלאָמבס שײַכות צווישן רעליגיע און וועלט־לעכקייט. אמונה, גאולה, בטחון, קדושה, שכינה אאַ״וו, זײַנען ווערטער, וואָס וואַרפֿן כּסדר זיך דורך אין זײַנע שריפֿטן, שוין אָפּגערעדט פֿון די אומצאָליקע פּסוקים, ווי ראיות צו באַשטעטיקן זײַנע מיינונגען. דאָך האָט ער, מיט רעכט, זיך געהאַלטן פֿאַר אַ וועלטלעכן ייִד. וויאַזוי האָט ער דאָס מאָטיווירט?

ווי אַן אויסגאַנגס־פּונקט דינט אים זײַן איבערצײַגונג, אַז ״נישט גאָט, נאָר געטלעכקייט איז אמונת ישראל״ (ז׳852). וואָרום ״גאָט ווי אַ סוביעקט איז פֿרעמד דעם ייִדישן געדאַנק. הייליקייט ליגט אין מענטשן גופֿא״. ווײַטער פֿירט ער אויס: ״נישט זוכן קיין באַזונדערן גאָט, נאָר זוכן דאָס געטלעכע אין קאָסמאָס, אין אַלוועלט, פֿאָרשן די וועלט און זוכן גאָט, נישט גאָט און זײַן באַשאַף, נײַערט דאָס געטלעכע אינעם באַשאַף איז גאָט״. דאָס קלינגט שיעור נישט שפּינאָזיש. אָבער גאָלאָמב איז הימל־ווײַט פֿון פּאַנטעיִזם, מחמת זײַן טיפֿער און התלהבותדיקער פֿאָלקישקייט, וואָס איז, נאַטירלעך, פֿרעמד געווען שפּינאָזען.

מיט גרויס אַנטשלאָסנקייט דערקלערט גאָלאָמב: ״אַוודאי בין איך אַ וועלט־לעכער, זיכער בין איך נישט מסכּים מיט רבנים, וואָס גאָר אָפּט באַמיִען זיי זיך צו פֿאַרוואַנדלען דעם אייביק־ייִדישן שטראָם אין אַ שטייענדיק וואַסער, וואָס איז נישט פֿאַרבונדן מער מיטן לעבן פֿון פֿאָלק. דאָס לעבן גייט זײַן וועג, נײַע דורות, נײַע אידייען, נײַע ׳תּורות׳, און די רעליגיעזע ווילן פֿון דעם נישט וויסן. וועלטלעכע ייִדישקייט איז נישט קיין באַשעפֿעניש, וואָס איז אַרויסגעשפּרונגען פֿון גאָרנישט, אַ נײַע ייִדישקייט אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען. ניין! אויך די וועלטלעכע ייִדישקייט זאָגט זיך נישט אָפּ פֿון גאָרנישט, וואָס דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט געשאַפֿן ביז צו אונדז אין דעם אייביקן ייִדישקייט־שטראָם״.

נײַע טײַכן זאַפּן אײַן אין זיך נײַע קוואַלן און אינטעגרירן זיי אין דעם אייביקן שטראָם. וואָרום אין תּוך גענומען איז דאָך די תּורה גופֿא אַ רעזולטאַט דערפֿון, וואָס דער מענטש ציט זיך צום כּסא הכּבוד. גאָלאָמב ציטירט פּרצעס ״גאָלדענע קייט״. יאָ, ״ייִדישקייט איז איינציק, אַנדערש, אייניק און גאַנץ אין דער אייניקייט פֿון צײַט און שטח. געשיכטלעך און געאָגראַפֿיש״ (ז׳ 16), און אין דער גרונטיקער אַנדערשקייט אונדזערער ליגט דער שליסל צום אייביקן געראַנגל פֿאַר ייִדישקייט. אין דעם פּרט האָט אונדז דאָס שטעטל געגעבן אַ מעכטיקן כּלי־זין. ״דאָס חרובֿע שטעטל לעבט נאָך אין אונדז, אין אונדזער געמיט און גײַסט, אין אונדזער אימפּעט און געדאַנק, אין אַלע אונדזערע שאַפֿונגען און אין מעשׂים, אַפֿילו אין דער נײַער מדינה״ (ז׳ 18).

די היסטאָרישע אַנדערשקייט פֿון ייִדישן פֿאָלק איז באַזירט אויף דרײַ

יסודות: **תּורה, קולטור און רעליגיע.** טאָמער שליסט מען אויס פונעם גבול פון ייִדישקייט אַפילו איין זײַל, מוז דער גאַנצער בנין זיך אײַנברעכן. די אָרטאָדאָקסן, למשל, זאָגן זיך אָפּ פון קולטור, אַזוי ווי די פרומע צדוקים פאַרצײַטנס, אַזוי זאָגן די הײַנטיקע פרומע זיך אָפּ אָנצונעמען די גאַנצע תּורה שבעל פּה. פון דער אַנדערער זײַט וואַרפן די וועלטלעכע אַראָפּ פון זיך אַלץ פון ייִדישן שטייגער, וואָס איז נישט פאַרשריבן אין שולחן ערוך. "אייגנטלעך איז דאָס לעבן לכתּחילה געווען וועלטלעך, פאָלקיש, פּשוט, און איז פאַרהייליקט געוואָרן ערשט שפּעטער". אויף אַזאַ אופן האָט גאָלאָמב געפונען אַ לייזונג פאַר זײַן סינטעז צווישן וועלטלעכער און רעליגיעזער ייִדישקייט. אין אָט דעם גײַסט מאַכט ער דעם פאָלגנדיקן ווײַטגייענדיקן אויספיר: "אַוודאי איז ייִדישקייט אַן אמונה, אָבער דאָס וואָרט אמונה מיינט נישט דווקא גלויבן. עס מיינט אויך געטרײַקייט. דאַרף אַ וועלטלעכער ייִד זײַן געטרײַ דער היסטאָרישער ייִדישקייט", אָבער אויך פאַרקערט, מוז אַ רעליגיעזער ייִד "אָנערקענען די וויכטיקייט, טײַערקייט, און טאַקע הייליקייט פון דער אָנגעוואַקסענער נײַער קולטור".

**די היים און די פרעמד** — שוין דאַן ווען דער בית המקדש איז חרוב געוואָרן (דעם ערשטן מאָל) "האָבן ייִדן זיך אויסגעלערנט מיטצונעמען זייער היים אין אַלע זייערע 'לך לך'. די היים איז געווען דאָס לערנען תּורה". מסירות נפש האָט געראַטעוועט ייִדן דאַן, און מוז אויך הײַנט ראַטעווען, אין שווערסטן קאַמף פאַרן קיום.

**סאָציאַלער יושר.** אוניווערסאַליזם ווי אַן אַבסאָלוטער ציל איז דורך די נביאים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הייליקן חוק ולא יעבור: "עס דערגייט אַזוי ווײַט" — זאָגט גאָלאָמב — "אַז ירמיהו האָט שוין בשעתו פאָרמולירט אָט די גאַנצע ייִדישקייט, וואָס גאָט פאַרלאַנגט פון זײַן פאָלק, ווי — שטיצן דעם שוואַכן, די אלמנה און דעם יתום — **משפּט און צדקה.** עס איז אַ רעליגיע פון סאָציאַלער גערעכטיקייט" (ז' 57).

דאָס האָבן שוין די "נביאים מער געטראַכט וועגן די תּלמוד-הויבנקייט אין פאָלק, איידער וועגן גאָט ווי אַזאַ". — — "מיט דעם סוף פון איין קולטור-תּקופה איז דאָס פאָלק נישט אונטערגעגאַנגען, און עס האָט אַנטוויקלט אַ נײַע, אַ צווייטע קולטור, וואָס האָט געירשנט די ערשטע און אַרײַנגעקנאָטן זי אין זײַן נײַער קולטור". אַזוי איז, למשל, די תּלמודישע קולטור אין גרונט גענומען אַנדערש פון דער תּנכישער קולטור. די "תּלמודיש שטעטלשע" איז, לויט גאָלאָמבן, געווען די לענגסטע און רײַכסטע. "די תּנכישע האָט אונדז געמאַכט פאַר אַ פאָלק ווי אַלע פעלקער. די צווייטע — די תּלמודישע — האָט אונדז געמאַכט פאַר אַן אויסנאַם-פאָלק" (ז' 138). אָט די דאָזיקע אַנדערשקייט דאַרף אַרײַנגעפלאָכטן ווערן אין דער דינאַמיק פון דער נײַער תּקופה פון עם- און מדינת-ישראל. מיט דעם

האָבן מיר אונטערגעצויגן אַ מין סך־הכּל פון גאָלאָמבס היסטאָריאָזאָפיע פון געלייטערטן ייִדישן פאָלק אין דער שווערסטער צײַט, אין דער גאַנצער גײַסטיקער געשיכטע אונדזערער.

ס׳וואָלט באמת געווען אַ גרויסע עוולה, ווען מיר וואָלטן זיך באַגרענעצט נאָר צו אברהם גאָלאָמבס מחשבות און נישט אָפּגעשטעלט זיך אויף זײַן קאָלירפולער פערזענלעכקייט. איז היות ווי צײַט דערלויבט אונדז נישט אויף קיין באריכותדיקער באַהאַנדלונג פון גאָלאָמבס אייגנאַרטיקער ביאָגראַפיע, בפרט ווען אַ תּלמיד וואָלט זי דערציילט, וועלן מיר מוזן בלית ברירה שטאַרק מקצר זײַן און זיך אָפּשטעלן נאָר אויף די סאַמע וויכטיקסטע פּרטים. מיר האָבן אָפּט באַוווּנדערט וויאַזוי דער דאָזיקער תּלמיד חכם פלעגט פאַרשאַרצן די אַרבל און העלפן אונדז אויף כּלערליי אופנים ביז צו טראָגן קוילן אויפן פינפטן שטאָק. איר קענט זיך שוין פאָרשטעלן וואָס פאַראַ מינים לוקסוס־עלעווייטאָרס עס האָבן געהאַט די אָרעמע הײַזער אויף סובאָטש אין ווילנע... דאָרט האָט זיך געפונען אונדזער אינטערנאַט. מיר, די סעמינאַריסטן, האָבן צו אים אַרויפגעקוקט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער באַוווּנדערונג.

**אברהם יצחק בן הרב רבי יהודה־לייב הכּהן גאָלאָמב** איז געבוירן געוואָרן דעם 20־טן יולי 1888 נעבן ווילנע. ביז 18 יאָר לערנט ער אין באַרימטע ישיבות. עס ציט אים אָבער גאָר פרי צו לערערײַ, און גאָלאָמב ווערט אַ שילער אין די מפיצי השׂכּלה לערער־קורסן אין גראָדנע. אַזוי הייבט זיך אָן דער וועלטלעכער פּעריאָד אין זײַן לעבן. מיט באַזונדערער התמדה כאַפּט ער זיך צו צו נאַטור־וויסנשאַפט.

אָנגעהויבן האָט ער זײַן וווּנדערלעכע פּעדאַגאָגישע קאַריערע אין דער וויטעבסקער תּלמוד־תּורה. שפּעטער טראָגט ער זיך איבער אין פאַרשיידענע שטעט אין אוקראַיִנע. די רעוואָלוציע האָט אים פאַרכאַפּט אין פּעטראָגראַד און אין קיִעוו. ער שטודירט אין דעם דאָרטיקן אוניווערסיטעט. צום גליק באַוויַזט גאָלאָמב זיך איבערצוטראָגן קיין ווילנע. צווישן 1922 און 1931 פאַרנעמט ער דעם אַמט פון דירעקטאָר פון ייִדישן לערער־סעמינאַר אין ווילנע. דאָ צעבליט זיך ערשט זײַן דערציִערישער, אָרגאַניזאַציאָנעלער, שרײַבערישער און רעדנער־טאַלאַנט. זײַן התלהבות און אידעאַליזם האָט מיטגעריסן די סעמינאַריסטן און געשאַפן אַפילו אַ מין אומפּאַרטייאישע אַזויגערופענע גאָלאָמביאַנער ריכטונג. גאָלאָמב ווערט אויך איינער פון די גרינדער פון ייִוו״אָ אין ווילנע און אַרבעט־מיט מיט אַלע וויכטיקע קולטור־אָרגאַניזאַציעס אין דער שטאָט.

נאָך דעם ווי די פּוילישע מאַכט האָט געשלאָסן דעם סעמינאַר, האָט ער ווידער גענומען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט. דאָס מאָל שוין מיט זײַן פרוי און אַ תּלמידה, רבקה סאַוויטש, און פאָרט אַריבער קיין ארץ ישׂראל. אויך דאָ ווערט ער אַ לערער אין אַ רייע וויכטיקע שולן. עס נעמט אָבער נישט

לאַנג. גאָלאָמב לעבט איבער אַ טיפע אַנטוישונג צוליב דער הערשנדיקער דאָגמע פון „שלילת הגלות", וואָס מיינט פשוט אַ דורכאויס נעגאַטיווע באַציִונג צו דער גײַסטיקער ירושה פון ייִדישן פאָלק. די משפחה באַזעצט זיך דאַן אין וויניפּעג, קאַנאַדע. גאָלאָמב ווערט דער דירעקטאָר פון דער י.ל. פּרץ־שול אוןווידמעט זיך פאַרצווייַגטע פּעדאַגאָגישע און געזעל־שאַפטלעכע טעטיקייטן. נאָך 6 יאָר טראָגט די גאָלאָמב־משפחה זיך איבער קיין מעקסיקאָ, ווו ער איז ממשיך זײַן אַדמיניסטראַטיווע און פּעדאַגאָגישע טעטיקייט אין משך פון גאַנצע 20 יאָר. דאָ געווינט ער אַ סך חסידים און אויך אַנטאַגאָניסטן, באַזונדערס צוליב זײַנע איבערצײַגונגען וועגן די ישראַל־ און תּפוצות־באַציִונגען. צוואַנציק יאָר שפּעטער ציט גאָלאָמב זיך צוריק פון אַקטיווער פּעדאַגאָגישער אַרבעט. ער באַזעצט זיך אין לאָס־אַנדזשעלעס, ווו ער ווידמעט זיך דער עיקר זײַן אינטענסיווער שרײַבערישער טעטיקייט.

אין עלטער פון 94 יאָר האָט ער זומער 1982 אויסגעהויכט זײַן נשמה.

„בײַ זיך" נומ׳ 29, יולי 1986

# משה קולבאַק — מייַן לערער

משה קולבאַק, דער דיכטער און וויזיאָנער, אַ קרבן פון שוידערלעכע עינויים ביז צום פאַרשפּאַרט ווערן אין אַ משוגעים־הויז, איז אויסגעגאַנגען אין אַנגסטן נאָך פאַר דער מאַסן־דערמאָרדונג פון די סאַמע טאַלאַנטפולסטע יידישע שרייַבער אין רוסלאַנד אין יאָר 1952.

יאָרן לאַנג האָט געדויערט דאָס פּייַניקן אים דורך דער סטאַליניסטישער אינקוויזיציע.

די ממש ווי מיט נסים ניצול געוואָרענע שילער זייַנע פילן די טראַגיק פון קולבאַקס גרויליקער פאַרפּייַניקונג מיט אַ באַזונדערער שאַרפקייט. אָבער, צוזאַמען מיט בייַלן די פּויסטן קעגן די אכזריותדיקע הענקער קענען מיר, די וואָס האָבן געהאַט די זכיה צו געניסן פון זייַן וויסן און חכמה, צום בעסטן אויסדריקן אונדזער באַציִונג צו דער ווונדערלעכער צאַרטער געשטאַלט פון אונדזער לערער, דורך פאַרטיפן זיך אין זייַן ביז גאָר רייַכער שעפערישער ירושה. קודם־כּל מוזן מיר אַרייַנבליקן אין דעם דיכטערס ביאָגראַפיע.

פאַראַן בלי ספק שרייַבער אינטערוועווערטן. קולבאַק איז אָבער געווען אַן עקסטראַוועווערט אין פולן זין פון דעם וואָרט. באַזונדערס באַרעדעוודיק איז ער געווען אין דעם קאָנטאַקט מיט זייַנע שילער.

דער פאַרשטאָרבענער פּעדאַגאָג י. גיליגיטש האָט אין אַן עסיי, פאַרעפנט לעבט אין נומ. 43 „גאָלדענע קייט" (ת"א 1962, ז' 28 — 123) געשריבן וועגן „משה קולבאַק דער לערער, דער רעזשיסער, דער מענטש":

„משה קולבאַק איז געווען אַ גרויסער מייַסטער לערער. אַליין פאַרליבט אין דער יידישער ליטעראַטור, פלעגט ער מיט זייַן ענטוזיאַזם אָנשטעקן אויך זייַנע שילער. זיי פלעגן זיצן מיט אָפענע מייַלער און שלינגען יעדעס וואָרט.

אַ צאַרטע פּאָעטישע נשמה, פלעגט ער ממש פאַרכּישופן די קינדער — יונגע און עלטערע".

ווי קולבאַקס אַ תּלמיד, קען איך באַשטעטיקן, אַז גיליגיטש איז לחלוטין נישט מגזים אין זייַן שילדערן די אינספּירירנדיקע ווירקונג פון דעם קינסטלער־

לערער משה קולבאַק. פיר יאָר (1924—1928) האָב איך געהאַט דאָס מזל צו זײַן צווישן אָט די „פּאַרכישופטע תּלמידים".

געבוירן איז קולבאַק מוצאי פּסח 1896 אין סמאָרגאָן, ווילנער געגנט. זײַן פֿאָטער איז געווען אַ וואַלד־שאַצער. די מוטער האָט געשטאַמט פֿון יִשובֿניקעס. ביידע האָבן געהאַט אַ גאָר גרויסע השפּעה אויף משה קולבאַקס חוש פֿאַר דער נאַטור. כאָטש פֿרומע ייִדן, האָבן זיי אָבער געגעבן זייער זון אַ מאָדערנע דערציִונג, ווי ס'איז דאַן געווען דער שטייגער. אָנשטאָט צו גיין אַ גאַנצן טאָג אין חדר, האָט משה קולבאַק באַזוכט אַ חדר מתוקן נאָר אַ האַלבן טאָג, און דעם צווייטן האַלבן טאָג האָט ער געלערנט אין אַ קרויניש־ייִדישער פֿאָלקס־שול. שפּעטער האָט ער געלערנט בײַ אַ גמרא־מלמד, און נאָך דעם אין דער סווענציאַנער און וואָלאָזשינער ישיבֿה, ביז ער איז אַלט געוואָרן 18 יאָר. נאָך ווי אַ ישיבֿה־בחור האָט ער געשלונגען וועלטלעכע ליטעראַטור אין העברעיִש, ייִדיש און רוסיש. חוץ די דערמאָנטע דרײַ שפּראַכן, האָט ער שפּעטער אויך גוט באַהערשט דײַטש.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געפֿינט ער זיך אין קאָוונע אונטער דער דײַטשישער אָקופּאַציע, וווּ ער אַרבעט אין אַ יתומים־הויז און גיט אויך פּריוואַטע העברעיִשע לעקציעס. אונטער דער השפּעה פֿון אחד העם האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן שירים אין העברעיִש.

אין 1916 דעביוטירט ער מיט זײַן ערשטן ליד „שטערנדל", וואָס זלמן רייזען האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אין די „ווילנער ליטעראַרישע העפֿטן". אַ ליד מיט טויזנט חנען, איז עס אויפֿגענומען געוואָרן ווי אַ פֿאָלקס־ליד. באַלד נאָך דעם האָט זלמן רייזען אָפּגעדרוקט אין די „לעצטע נײַעס" די פּאָעמע **„די צעשטערונג פֿון בבֿל".**

אין 1919 באַזעצט ער זיך אויף אַ צײַט אין ווילנע, וווּ ער ווערט לערער אין די פֿאָלקס־שולן. דאַן דריקט ער זיך אָפּט אין בונדישן „וועקער". אין 1920 באַווײַזט זיך זײַן פּאָעמע „די שטאָט" אין דער „נײַע וועלט", אונטער דער רעדאַקציע פֿון ש. ניגער.

בערלין איז דאַן געוואָרן אַ וויכטיקער ייִדיש־ליטעראַרישער צענטער. קולבאַקן האָט שוין לאַנג געצויגן צו קומען אין אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט דער אייראָפּעיִשער קולטור. ער באַזעצט זיך טאַקע אין 1920 אין בערלין. דאָרט האָט ער זיך גאָר שטאַרק באַפֿרײַנדעט און געוווינט צוזאַמען מיט ה. ד. נאָמבערגן. סײַ צוליב זײַן גרויסן אינטערעס פֿאַר טעאַטער, און סײַ צוליב פּרנסה, ווערט ער אַ סופֿליאָר אין דער „ווילנער טרופּע" — אייגנטלעך, פֿון אַ טייל פֿון דער „ווילנער טרופּע", צו וועלכער ס'האָט אויך געהערט הערץ גראָסבאַרד. פֿאָרמעל איז ער טאַקע געווען נאָר אַ סופֿליאָר, אָבער גאָר אָפֿט פֿלעגט ער אויך געבן רעזשיסערישע עצות. באַזונדערס האָט ער זיך אַקטיוו באַטייליקט אין רעזשיסירן דעם „דיבוק".

אין זײַן בערלינער פּעריאָד האָט קולבאַק אויסגענוצט די צײַט אויף באַזוכן ביבליאָטעקן און מוזייען, געלייענט מיט התמדה און געשריבן ווייער אינטענסיוו. זײַן ערשטע זאַמלונג לידער, אונטערן נאָמען „שירים”, איז אַרויס אין ווילנע אין פֿאַרלאַג פֿון די ייִדישע פֿאָלקס־שולן.

אין 1922 גיט אַרויס דער פֿאַרלאַג „קולטור־ליגע” אין וואַרשע קולבאַקס **„נײַע לידער”**. אין זעלבן פּעריאָד שרײַבט ער זײַן דרײַ־אַקטיקע דראַמע **„יעקב פֿראַנק”** און דעם ערשטן ראָמאַן **„משיח בן־אפרים”**. צוליב זײַן באַטייליקונג אין אַ שטרײַק אינעם טעאַטער, פֿאַרלירט ער זײַן פּאָסטן. ווי אַ פּועל־יוצא דערפֿון קערט ער זיך אום אין 1923 קיין ווילנע. דאָ פֿאַרברענגט ער ביז 1928. די דאָזיקע פֿינף יאָר געהערן בלי ספק צו קולבאַקס בעסטע יאָרן — פֿון אַלע שטאַנדפּונקטן. ער ווערט לערער אין די עלטערע קלאַסן פֿון דער רעאַל־גימנאַזיע, אין דער הומאַניסטישער גימנאַזיע און אין ייִדישן לערער־סעמינאַר. ער טרעט אַרויס מיט רעפֿעראַטן, דרוקט קריטישע אָפּהאַנדלונגען, שרײַבט וועגן קונסט אין „ווילנער טאָג”, לייענט אָפּט מיט גרויס דערפֿאָלג זײַנע שאַפֿונגען פֿאַר פֿול־געפּאַקטע זאַלן.

בעת אַן 1 מאַי־דעמאָנסטראַציע אין יאָר 1923 ווערט ער גאַנץ ערנסט פֿאַר־וווּנדעט, מאַרשירנדיק אין בונדישן צוג.

אין דעם זעלביקן פּעריאָד פֿאַרעפֿנטלעכט ער דעם באַרימטן ראָמאַן „מאָנטיק”. אין דער זעלבער צײַט רעזשיסירט ער אָפּט מיט זײַנע תּלמידים טעאַטער־פּיעסן, באַזונדערס שעקספּירס דראַמעס. באַגײַסטערטע רעצענזיעס פֿירן אים מיט זײַנע שילער, ביז צו גאַסטראָלירן אין וואַרשע.

אין 1927 ווערט ער אויסגעוויילט ווי דער ערשטער פּרעזיצער פֿון ווילנער פּ.ע.נ.־קלוב־צענטער. די באַציִונג פֿון אונדז, תּלמידים, צו קולבאַקן איז געווען פֿול מיט ענטוזיאַזם און באַוווּנדערונג. זעלטן־ווען אַ לערער קען אַרויסרופֿן אַזאַ אינטערעס, אַזאַ התמדה צו לערנען, ווי קולבאַק האָט דאָס געקענט. צו זײַנער אַ לעקציע איז מען אַפֿילו קראַנקערהייט געקומען צו לויפֿן. זײַנע אָפּהאַנדלונגען און פֿאַראַלעלן מיט דער וועלט־ליטעראַטור האָבן ממש מיטגעריסן די וויסן־דורשטיקע צוהערערס.

מיט אַ זעלטענער אינטויִציע פֿלעגט ער אַרויסבאַקומען פֿון אונדז די סאַמע טרעפֿלעכסטע תּשובֿות. ווען ער פֿלעגט נאָר, נאָכן פֿאַרענדיקן דאָס באַהאַנדלען אַ שרײַבער, זיך מיט אונדז מישבֿ־זײַן וועלכן שרײַבער אויסצו־ווײַלן, כּדי צו באַהאַנדלען אויף די קומענדיקע לעקציעס, האָבן מיר תּמיד אין איין קול פֿאַרלאַנגט: **משה קולבאַק**. ער פֿלעגט אונדז אָבער שטענדיק „פֿאַר־רעדן די צײַן” און האַסטיק אָנמעלדן דעם נאָמען פֿון אַן אַנדערן שרײַבער. נאָר איין מאָל האָבן מיר ענדלעך דורכגעבראָכן די וואַנט. דאָס איז געווען פֿרילינג 1928, האַרט פֿאַר זײַן אָפּפֿאָר קיין רוסלאַנד.

אונדזער קלאַס איז געווען אויסער זיך ווען מיר האָבן געהערט, אַז ער

קלייבט זיך אַוועקצופאָרן אַהין. די פאַרוווּנדערונג איז געווען אין לשער, וואָרום גאָר אָפּט פלעגט קולבאַק קריטיקירן די ברוטאַלקייט פון קאָמוניזם, באַזונדערס די באַציִונג צו שרײַבער און קינסטלער.

ס׳טײַטש? — האָבן מיר מיט חידוש געפרעגט. — איר, וואָס פאַרטיידיקט מיט אַזוי פיל ברען דעם פּרינציפּ פון פרײַער קונסט, אַ מיינונג, וואָס מיר, מיליטאַנטישע סאָציאַליסטן פלעגן אָפּט אַזוי שטאַרק אָפּאָנירן, "ווי קענט איר זיך דעצידירן אַרײַנצופאַלן צווישן דעם טיגערס ציין?".

סך־הכּל מיט אַ יאָר פריִער איז מיר אויסגעקומען צו זיצן אין ייִדישן סטודענטן־פאַרבאַנד נעבן קולבאַקן בעת אַ ציקל לעקציעס פון מאַקס עריק וועגן דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט עריק פּאַטעטיש אויסגערופן: "שלום אַש און ה. לייוויקן דאַרף מען עוקר מן השורש זײַן פון אַ ייִדישער אַרבעטער־ביבליאָטעק, צוליב זייערע רעאַקציאָנערע אידייען". באַזונדערס האָט זיך עריק אָפּגעשטעלט אויף די "רעאַקציאָנערע" מאָמענטן אין "גולם".

קולבאַק האָט זיך דאַן צוגעבויגן צו מיר און מיר אַרײַנגעשושקעט אין אויער: "אַהאַ, ער מאַכט זיך שוין אַ וויזע קיין רוסלאַנד". און כך הווה, אַזוי איז עס טאַקע געשען. עריק איז קורץ נאָך דעם געפאָרן קיין רוסלאַנד און האָט טײַער באַצאָלט פאַר אָט דער רײַזע. ווען מיר האָבן קולבאַקן געפרעגט די דערמאָנטע פראַגע, האָט ער מיט אַ ציטערדיקער שטים געענטפערט: "ווער ווייסט וואָס עס וואַרט אויף מיר. און דאָך האָב איך זיך דעצידירט צו פאָרן קיין רוסלאַנד צוליב מײַן באַגער זיך אינגאַנצן צו ווידמען דעם שרײַבן, וואָרום דאָס לערנען אין דרײַ אַנשטאַלטן יעדן טאָג שלינגט אײַן אָן אַ שיעור צײַט. שרײַב איך דעריבער נאָר אין די נעכט און שטייִ־אויף אַ מידער, כּדי צו זײַן 8 אַזייגער אינדערפרי בײַ דער אַרבעט".

אין יאָר 1928 האָט דאָס שול־ און פרעסע־וועזן אין רוסלאַנד נאָך געבליט. אַ רייע אַקאַדעמיעס האָבן אַרײַנגענומען ייִדיש אין זייערע פּראָגראַמען. האָט ער דעריבער געגלויבט, אַז ס׳וועט אים געלינגען זיך צו באַפרײַען ווי אַ שרײַבער פון דאגות פרנסה. ער האָט גוט געוווּסט, אַז מ׳וועט פאַרלאַנגען פון אים, ווי ס׳איז געווען דער שטייגער אין רוסלאַנד, ער זאָל זיך "אַוועקלייגן אויפן בענקל" און זיך אַליין "אַרײַנשמײַסן" פאַר זײַנע בורזשואַזע קאָנטררעוואָלוציאָנערע זינד אין ווילנע. מיט אַנטשלאָסנקייט האָט ער אונדז אָבער געענטפערט בזה הלשון: "איין זאַך זאָג איך אײַך צו, אַז איך וועל נישט לאָזן זיך דערנידעריקן און בשום אופן נישט אײַנגיין אויף דער דאָזיקער אינקוויזיטאָרישער צערעמאָניע".

אַזוי איז טאַקע געשען. מען האָט קולבאַקן נישט געמאַכט קיין קבלת־פּנים און אים צוגעטיילט בלויז דעם פּאָסטן פון אַן איבערזעצער אין "אָקטיאַבער", וואָס איז נאָך דאַן דערשינען אין מינסק.

געווען נאָך אַ מאָטיוו, וואָס האָט קולבאַקן באַוויגן צו עמיגרירן קיין רוסלאַנד. דאָס איז געווען דער שטאַרקער באַגער זיך ווידער צו טרעפן מיט זײַנע עלטערן, וועלכע ער האָט נישט געזען זינט 1919. די אויסערגעוויינלעכע ליבשאַפט צו זײַן משפּחה, און באַזונדערס צו זײַנע עלטערן, איז אַזוי בולט געקומען צום אויסדרוק אין זײַנע ווערק, באַזונדערס אין "**רײַסן**".

קולבאַק האָט געקענט לעגאַל עמיגרירן קיין רוסלאַנד, ווײַל ער האָט קיינמאָל נישט אָנגענומען די פּוילישע בירגערשאַפט און האָט אָנגעהאַלטן די רוסישע. דאָס האָט אויך מעגלעך געמאַכט, אַז זײַן פרוי און קינד זאָלן שפּעטער קענען לעגאַל אַריבערפאָרן קיין מינסק.

על־כן, נישט אידעאָלאָגישע, נאָר ריין פּערזענלעכע מאָטיוון האָבן באַוויגן קולבאַקן צו פאָרן קיין רוסלאַנד. אַפילו א. לעיעלעס, משה קולבאַקס גרויסער חסיד און אַ ביז גאָר נאָענטער פרײַנד, שרײַבט אין די "זאַמלביכער" ב' זז' 8 — 20, 1952:

> "קולבאַק האָט זיך געפילט אײַנגעקלעמט אין דער לופט פון דעם האַלב־פאַשיסטישן פּוילן. ער האָט אין קאָמוניסטישן רוסלאַנד געזען די מעגלעכקייט פאַנאַנדערצונעמען זײַנע דיכטערישע פליגל".

לעיעלעס זאָגט ווײַטער:

> "ער איז געפאָרן האָפערדיק. ער האָט מיטגעפירט אויף זײַן לפי ערך קורצער נסיעה פון ווילנע קיין מינסק גרויסע פּעק מיט האָפענונגען און חלומות".

איך ספק אין קולבאַקס האָפערדיקייט. פאַרקערט, מיט גאָר אַ סך זאָרג האָט ער, אין די שמועסן מיט אונדז, אויסגעדריקט גרויס אומרו. באַזונדערס איז עס געקומען צום אויסדרוק נאָך דער ריזיקער געזעגענונגס־אַקאַדעמיע, וואָס איז פאָרגעקומען האַרט פאַר זײַן אָפּפאָר אין גרויסן צירק אויף לודוויסאָצקע־גאַס אין ווילנע. אַזוי געפּאַקט איז געווען דער איבער טויזנט־קעפּיקער זאַל, אַז אָן אַ שיעור מענטשן האָבן פאַרפולט די דערבײַיאיקע גאַסן, ביז וואַנען רײַטער־פּאָלציי האָט צעטריבן די ריזיקע מאַסע. אינעווייניק אין זאַל האָט דעם עולם באַהערשט אַן אמתער חסידישער עקסטאַז.

די ווילנער אידעאַליסטישע יוגנט איז געקומען זיך געזעגענען מיט איר באַליבטן לערער און דיכטער. די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט עכטער התלהבות. קולבאַק, אַ טיף געריירטער, האָט מיט טרערן אין די אויגן גענומען אָפּשייד פון זײַנע פאַרערער און גאַנץ קלאָר אונדז געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אַזאַ מסיבה קען ער דאָרט נישט דערוואַרטן. קיינער וועט נישט פאַרגעסן יענעם ציטער, וואָס האָט דאַן אַלעמען דורכגענומען. מיר האָבן זיך גאָר נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, אַז נישט נאָר וועט דאָס זײַן די לעצטע געלעגנהייט צו זען און צו הערן קולבאַקן,

נאָר אַז זײַן יונג לעבן וועט ווערן אַזוי גיך און אַזוי טראַגיש פֿאַרשניטן.

זאָל מיר דאָ דערלויבט זײַן צו דערמאָנען דעם פֿאַקט, אַז די פֿאַרשטייער פֿון אַלע שילער־ראַטן פֿון די מיטלשולן אין ווילנע, אַרײַנגערעכנט דעם ייִדישן לערער־סעמינאַר, האָבן מיר אָנפֿאַרטרויט צו געזעגענען קולבאַקן אין זייער נאָמען. דאָס איז געווען איינער פֿון די סאַמע דערהויבנסטע מאָמענטן אין מײַן לעבן.

*

און איצט — צו דער ביבליאָגראַפֿיע פֿון דעם מחבר.

"אַלע ווערק" פֿון משה קולבאַק, דערשינען שוין נאָך זײַן אָפּפֿאָרן פֿון ווילנע אין ב. קלעצקין־פֿאַרלאַג.

אין רוסלאַנד איז אין 1931 דערשינען דער ערשטער באַנד "זעלמעניאַנער" אין צענטראַלן פֿעלקער־פֿאַרלאַג אין ס.ס.ס.ר., און אין 1933 — דער צווייטער באַנד "זעלמעניאַנער", אַרויסגעגעבן דורכן מלוכה־פֿאַרלאַג אין ווײַסרוסלאַנד. דאָ דערשײַנט אויך זײַן "דיסנער טשײַלד העראָלד".

אין 1930 ווערט זײַן דראַמע "בויטרע" אויפֿגעפֿירט אין מאָסקווער ייִדישן מלוכה־טעאַטער. זײַנס אַ פּיעסע, "בנימין מאַגידאָוו", איז רעפּעטירט געוואָרן דורך דעם מלוכה־טעאַטער ווען קולבאַק איז פּלוצים אַרעסטירט געוואָרן, און דאַן זענען, פֿאַרשטייט זיך, די רעפּעטיציעס גלײַך געוואָרן איבערגעריסן.

אויסגעגאַנגען איז קולבאַק אין גרויסע יסורים, אַפֿנים פֿרילינג־צײַט 1941, נאָך פֿאַר דער סאָוועטיש־דײַטשער מלחמה. אַזוי איז אַוועק פֿון אונדז אין עלטער פֿון 45 יאָר איינער פֿון די באַדײַטנדיקסטע, אָריגינעלסטע, פֿילפֿאַרביקסטע און צאַרטסטע וויזיאָנערן־דיכטער.

צוויי וועגן פֿירן צו אַן אַנאַליז פֿון קולבאַקס שאַפֿן. איינער פּשוט דורך באַהאַנדלען כראָנאָלאָגיש זײַנע וויכטיקסטע ווערק, און דער צווייטער — דורך פֿאַרטיפֿן זיך אין זײַנע צענטראַלע טעמעס, וואָס שלענגלען זיך דורך זײַנע פֿאַרשיידענע שאַפֿונגען און קענען אונדז געבן אַ קלאָרן באַגריף פֿון זײַן וועלט־באַנעם, זײַן קינסטלערישן שווונג, זײַן סטיל, שפּראַך, ריטם, די אימאַזשן אאַ״וו.

לשם קלאָרקייט וועלן מיר אויסקלײַבן דעם ערשטן וועג.

*

"שירים", קולבאַקס ערשטע לידער־זאַמלונג אין 1920. אינטערעסאַנט איז צו באַמערקן, אַז שוין אין זײַן ערשטער זאַמלונג האָט קולבאַק געווענדט זײַנע קינסטלערישע בליקן צו דער גרויסער וועלט — און טאַקע אַזוי האָט ער אָנגערופֿן זײַן הויפּט־פּאָעמע. דאָס האָט אים לחלוטין נישט געשטערט צו זײַן איינער פֿון אונדזערע פֿאָלקסטימלעכע דיכטער. פּונקט אַזוי ווי ער פֿלעגט אין קלאַס אָפּטמאָל אונטערשטרײַכן, אַז שלום־עליכם איז געווען דער אוניווערסאַלסטער שרײַבער בײַ ייִדן דווקא ווײַל

ער איז געווען אַזוי טיף נאַציאָנאַל וואָרצלדיק, מער נישט, וואָס ביַי שלום־עליכמען איז דער אוניווערסאַלער מוסר־השכּל געקומען אומדירעקט, אין דער ציַיט ווען ביַי קולבאַקן איז דאָס פּראָבלעם פון פּראָסטן מאַסן־מענטש און וועלט געווען ענג געקנופּט און געבונדן.

אָט ווי אַזוי קולבאַק רעדט צו דער וועלט:

„אין טויזנט פנימער פאַרשטעלט
איך גיי צו דיר אויף טויזנט וועגן –
וווּהין? איך ווייס נישט ווו...
איך וויל אינגאַנצן דיך פאַר מיַינעטוועגן
איך בין דו!"

שוין אין אָט דער פּאָעמע אַנטפּלעקט זיך מיט דער פולער קראַפט קולבאַקס קולט פאַר דער נאַטור מיט דעם מענטשן אין סאַמע צענטער. וואָס וויַיטער וואַקסט אַלץ שטאַרקער זיַין פּאַנטעיִסטישער וועלט־באַנעם. אָפּט, גאַנץ אָפּט, פלעגט ער ביַי פאַרשיידענע געלעגנהייטן ברענגען אין קלאַס צום אויסדרוק זיַין באַהאַוונטקייט און באַוווּנדערונג פאַר ברוך שפּינאָזאַ. דער עיקר איז ביַי אים געווען נישט אַזוי דער סינטעז צווישן שכינה און דער נאַטור, נאָר דער אַבסאָלוטער סימביאָז צווישן מענטש און נאַטור, אַ מין פּאַנטעיִזם אין אַ הומאַנעם לבוש.

„דער פרישער רוף
פון דיַין זאַפטיק־רויען געמיט
רינט טיף אין מיַין געמיט;
איך וויל אַרומנעמען דיַין מעכטיק־ווילדן גוף
פון פלאַנצן
און געשטיינען
און פאַלנדיק צעקושן דיַינע טריט,
און האָבן דיך אינגאַנצן.
וועלט!
וועלט!
איך גיי אַ שיכּורער דיַין גוטס אַנטקעגן
פון אַלץ זיך אויסגעטאָן,
און הפקרדיק, מיט זיך,
צעשטראַלט, צעהאַלט,
איך גיי אויף דיַינע וועגן,
דו ביסט איך".

אויף זיַינע „וועלפישע לידער" דריקן בולט אויס די זעלביקע פילאָזאָפיע:

„איך וועל אַוועק צום דאָרף דעם אויסגעמאָנדאַלינעטן

און אויף די פעלדער, אין די גערטנער די מייַאיקע
אַ טאַנץ טאָן הפקרדיק, טרויעריק, און שטומערהייט — "

אַזוי לאַנג ווי קולבאַק באַזינגט די נאַטור, פילט זיך אַ גראַניט־גאַנצקייט (אַגב, באַנוצט ער זיך אָפט מיט דערמאָנען שטיינער, גראַניטן אאַ"וו). ווי נאָר ער רירט זיך צו צום מענטש, ווערט אים אָבער "שווער צו טראָגן דעם קאָפּ דעם באַטשופּרינעטן".

אין שטומקייט געפינט דער דיכטער אַ ביסל רו פון דעם אורבאַניסטישן הור־האַ, וואָס רינגלט אים אַרום. ער ווידמעט אַ ספּעציעל ליד דער "שטומקייט" און זאָגט:

"איך בין פון עפּעס אַ שטומקייט אַ גרויסער געבוירן געוואָרן.
כ'וואָלט אויסהאַקן כאָטש פון דער שטומקייט אַן איינציקן פונק,
אַז אין האַרץ זאָל אַ גלי טאָן דער ניגון פון פאַרן געבוירן...
ס'זאָל פּלוצלונג אַ לייַכט טאָן פון טיפקייט אַ גליִענדיקער ווונק
פון דעם אורגאָט, וואָס איז אויסגעלאָשן געוואָרן".

דער אורמענטש רופט בייַ קולבאַקן אַרויס גרויס באַוווּנדערונג. וואָס ווייַטער פאַרלירט דער מענטש די ספּאָנטאַנישקייט פון זייַן אַבסאָלוטער האַרמאָניע מיט דער נאַטור. אין אַ ליד "האָסטו ברויט?" ענטפערט דער געפרעגטער:

"ליידער, ליידער איצטער נישט...
אַמאָל האָב איך געגעסן אַלץ,
אי ברויט, אי מערעלעך,
אי רעטעכלעך מיט שמאַלץ,
נאָר איצטער נישט..."

פון דער אָדע צו "שטומקייט" גייט ער איבער צו פליסטערן זייַן ווידוי "אין דער שטיל". דאָ אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז דער עלנטער מענטש, דער ציוויליזירטער, וואָס האָט שוין זייַן גאָט פאַרלאָרן און האָט נאָך קיין ניַיעם נישט געפונען:

"פאַר גאָט האָט מען אין אונדזער הויז מיך אָפּגעגעבן.
כ'האָב ניט געגלויבט אין אים,
בלויז ציטריק אָפּגעוואַרט.
מיר האָבן לאַנג זיך איינס דעם אַנדערן גענאַרט,
ביז ער האָט זיך אָפּגעקערט פון מיר און פון מייַן לעבן.
איך שטיי אין גרויעניש אַן גלויבן, אָן גאָט און גאָר אָן שטערן,
אַ ליימיק פינצטערער, פון לעבן אויסגעטאָן,
ווי ס'שטייט אַן אָפּגעפּרוירענער אַ יעסנדיקער קליאָן
מיט אַלע הוילע צווייַגן אָפּגעטונקט אין שייַערן

איך האָב געהאַסט. איך האָב געזיגט. איך האָב געוווּנען.
עס האָט דערווייַל דער מענטש פון מיר אַרויסגערונען.

נישט קיין ווונדער דעריבער, אַז:

"אונדזער תּפילה איז גרוי.
אונדזער גאָט איז די פּוסטקייט די וויסטע אַרום.
קום, אַרויסגיין מיט אונדז אויף דעם האַרטן געלעגער פון שטרוי!
קום!

אין אַ ליד מיטן נאָמען "אחד העם" באַוויינט דער דיכטער:

"די שול פון גאָט פאַרלאָזן,
ס'פאַרוואַקסט פון מאָך די ווענט, צום פּאָליש און די טירן,
צום עזרת נשים קרומע פוילע טרעפּלעך פירן.
אין שול איז אומקלאָר ציטערדיק, די עצבות זינגט פאַרבאָרגן,
אַ שטילער מנין אָנגעקומענע פון שטעט און לענדער,
ס'בעט איטלעכער פאַר זיך, געבויגן אויף זייַן שטענדער:
אַ שומר ווען נעמט נאַכט אַ סוף? אַ וועכטער ווען ווערט מאָרגן!...
שלייַכט צום עמוד ווער, געזאַלבט פון אַלטן טרויער:
ס'איז ער דער העלער, מירמל קאַלטער דיכטער,
דאָס קינד פון יבנה דאָרשט דאָס ליכט וואָס גייט פאַרלאָרן
די ספרים גוססן אין טונקלקייט פון ארון..."

ניין, "די שול פון גאָט פאַרלאָזן" קען אַוודאי און אַוודאי דעם עלנטן מענטשן נישט טרייסטן. פאַרקערט, זי קען נאָר פאַרטיפן דעם טרויער.
פון גרויס צער לאָזט זיך קולבאַק באַרוישן דורך דעם געפילדער און טראַסק פון דער שטאָט, ווייַל אין איר דערזעט ער דאָס אויפגיין פון נייַע האָפענונגען, נייַע דערוואַרטונגען:

"די שטאָט, מיך האָט אַ ריינער מלאך אָנגעווייט
אַ העלן טרוים פון שטילן, פינקלדיקן אָוונטרויט,
ווען כ'בין אין שטאָט אַרייַן...
עס ברומט די שטיינערשטים אין יאָך פון שטאָל,
דאָך האָב איך געבענטשט מייַן יעדן טראָט:
שווער־שווער האָב איך געפילט דעם שטיין, מעטאַל און אַרץ,
דאָס ביסל הימל בלוי, די ראָגן, שילדן גאָלד און שוואַרץ,
די גאַסן פול מיט קלאַנג פון טריט, מיט קלאַנג פון דעם גאַלאָפּ,
און אויגן בלויז אין פלאַם, אין שטראָמיקייט פון קאָפּ אויף קאָפּ".

קולבאַק אַקצעפּטירט בלית ברירה דעם שטאָלענעם געברום פון דער שטאָט, אָבער זייַן געמיט רעאַגירט נאָך אַלץ שטאַרקער ווען זי, די שטאָט, רוט

בייַנאַכט — חצות — ווען דאָס יתומדיקע ווינטעלע ווייַנט, דאַן ווענן זיך:

"בראָנזענע יונגען וואָס
באַפאַלן איז דעמלט אַ ווילן
צו שטילן
דעם צאָרן
פון יאָרן,
וואָס זייַנען פאַרלאָרן
און ס'האָבן די גלעקער געקלונגען!
העי, לאָמיר גיין! לאָמיר דאָ איבערלאָזן די שוואַכע..."

קלאַנגען פון האָפענונג, דער אַראָמאַט פון שטייַגנדיקן מוט און פון גרויסער דערוואַרטונג טראָגן זיך פון די ווי כוואַליעס צעברויזטע שורות:

"די טירן פון ווייַט זייַנען ברייט, זייַנען פרייַ,
אונדזער וועג איז באַהויכט מיט אַ טוי און איז נייַ,
לאָמיר צייכנען די טריט — יעדן טראָט מיט אַ שטיין —
לאָמיר גיין! לאָמיר גיין!
לאָמיר דאָ איבערלאָזן די שוואַכע".

אויבנאויפיק דוכט זיך, אַז "די שטאָט" איז די סאַמע רעוואָלוציאָנערסטע פּאָעמע קולבאַקס. ווען דו פאַרטיפסט זיך אָבער מער און מער, פילסטו אַז דאָס כסדרדיקע אויסרופן **"זאָלסט דאָס לעבן ליבן"** איז אַ סימן ווי קולבאַק איז אינערלעך געווען ווייַט מיטצומאַכן דאָס קנאַלערייַ פון פוסטער בראַוווּרע.

די סאָציאַליסטישע יוגנט אין פּוילן איז געווען פאַרכאַפּט און האָט זייער אָפּט דעקלאַמירט כאָראַל "די שטאָט". עס איז אָבער כאַראַקטעריסטיש, אַז נאָר דאָס הויכקלינגעוודיקע, צום לעבן און צו זון רופנדיקע, איז געוואָרן רעציטירט. די רעזשיסערן פון יענע רעטשיטאַטיוון האָבן לחלוטין פאַרזען אַזעלכע שורות, ווי "ס'איז אַ וואָגשאָל און ווער ווייס, צי כ'געווין די זעל! צי כ'פאַרליר". קולבאַק פאַרענדיקט אָט די אויסערגעוויינלעך בילדערישע און ריטמישע פּאָעמע וועגן שאָטן און ליכט (נאַכט און באַגינען), פון אויפברויז און נשמה־ראַנגלענישן מיט אַזעלכע שורות, ווי:

"אָ, וועלדער וועלט־טיטאַנען!
ס'פאַרטרייַבן הייזעריקע אייַזנבאַנען
די שטילע וועלט...
ס'איז וויסטע קעלט!"

ניין, אַפילו די "שטאָט" איז ווייַט פון פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור, געשריבן אין סאַמע מיטן פון דעם שטורעם־און־דראַנג פעריאָד באַלד נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע. אַפילו אין דער "שטאָט" דערפילסטו דעם סקעפּטיקער,

דעם לייַדנשאַפטלעכן זוכער פון צלם אלקים, וואָס קומט אַזוי סובטעל צום אויסדרוק אין דער גרויסער פּאָעמע "ווילנע".

"דייַן פרייד און טרויער פון טיפע בעסער
אין קאַפּעליע, אַ שוואַרצער איז דייַן שטילער פרילינג
פיל מער ווי די בראַזגערייַ פון טרומפּייטן
און דאָס שאַלן פון פאָנפאַרן".

און דער אויספיר פון אָט דער ווונדערלעכער פּאָעמע:

"און אויף דער אַלטער שול אַ וואַסערטרעגער אַ געפּראָרענער –
דאָס בערדעלע פאַרקאַשערט שטייט און ציילט די שטערן".

וויפל טיפער פּאַטאָס שלאָגט פון קולבאַקס אָדע צו ווילנע, צו דער שטאָט, וואָס:

"דו ביסט אַ תּהילים אויסגעלייגט פון ליים און אייַזן;
אַ תּפילה איעדער שטיין, אַ ניגון יעדע וואַנט
ווען די לבנה רינט אַראָפּ אין דייַנע געסלעך פון קבלה,
און ס׳בלייכט אַרויס די נאַקעטע און מיאוס קאַלטע פּראַכט".

פאַרליבט אין ירושלים דליטא, אין ווילנע של מעלה, האָט ער זי באַזונגען מיט די סאַמע צאַרטסטע מינאָר־טענער און געזוכט אינ ספּיראַציע אינעם אויפשטייַג פון וואַסערטרעגער פון די טרויעריקע פּערעוולקעס צו דעם "ציילער פון די שטערן" "ווען די לבנה רינט אַראָפּ אין דייַנע געסלעך פון קבלה".

*

אויב דער דיכטער האָט מיט זייַנע שטילע, דינע צווישנטענער דערשפּירט די טרויעריקע הייליקייט פון ווילנע, ווערט ער אָבער אין דער פּאָעמע "רייַסן" ממש פאַרכלינעט פון פרייַד, וואָס שלאָגט פון ייִדן פּראָסטע, פּאַרהיימישטע מיט זייערע בעלי־חיים, טיף פאַרוואָרצלטע אין דער ווייַסרוסישער ערד.

בעת מאַרק שאַגאַלס היימלאָזער ייִד שוועבט אַ האָריזאָנטאַלער צו אומבאַשטימטע וועלטן, זוכן קולבאַקס העלדן זייער באַשייד סייַ אין דער שוואַרץ־ערד אין "רייַסן", און סייַ אין דעם הימל, צו וועלכן ס׳ציט זיך דער סימבאָלישער וואַסערטרעגער. קולבאַקס העלדן באַוועגן זיך גיכער אין אַ ווערטיקאַלער פּאָזיציע. אין "רייַסן":

אָ, דער זיידע פון קאָבילניק איז אַ ייִד אַ פּשוטער,
אַ פויער מיט אַ פּעלץ און מיט אַ האַק און מיט אַ פערד...
און מייַנע 16 פעטערס און מייַן טאַטע –
ייִדן פּראָסטע, ייִדן ווי שטיקער ערד,
טרייַבן פליטן אויף די טייַכן, שלעפּן קלעצער פון די וועלדער...

און דעם גאַנצן טאָג געהאָרעוועט, ווי כלאָפּעס,
עסט מען וועטשערע פאַרנאַכט צוזאַמען פון איין שיסל,
און מען פאַלט אַנידער אין די בעטן ווי די סנאָפּעס.

אין אָט דער אויטאָביאָגראַפישער פּאָעמע מיט אירע טויזנט חנען געפינט קולבאַק גראָד אין דעם ראַזאָוון ברוויט אין דער שיסל, אַרום וועלכער די גאַנצע משפחה זאַמלט זיך נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, אַ מיט סובלימירטע האַרמאָנישע גאַנצקייט, וואָס פאַריאָגט יעדן שמץ פון טרויער און שאָטן, וואָס באַגלייט אים ווי נאָר ער דערווייַטערט זיך פון אָט די פּשוטע, געזונטע פּעטערס, מומעס, באָבע־זיידע און ברידער און שוועסטער זייַנע.

פון די געזונטע, פון ווינט פאַרהאַרטעוועטע און גערינצלטע פּנימער שלאָגט אַזאַ אימפּעטיקע ערלעכקייט, אַזאַ טיף מענטשלעכע אויפריכטיקייט, אַז דו ווערסט ממש מיטגעריסן מיט קולבאַקס גרויסער ליבשאַפט און טיפער באַוווּנדערונג פאַר דער סביבה, פון וועלכער ער איז אַרויסגעוואַקסן.

די נעמען פון די קאַפּיטלען אילוסטרירן עס צום בעסטן:

**מען קאָסיעט היי; די באָבעשי; מען טרייַבט פּליטן; די וווּליע און דער ניעמאַן; דער פעטער אברהם פּאַשעט די פערד...; די באָבעשי ע"ה איז אויסגעגאַנגען; נאַסטאַסיע; דער פעטער איצע; ווינטער בייַנאַכט אין דער אַלטיטשקער כאַטע; אַנטאָשע שפּילט אויף דער באַנדורע; דער זיידעניו קומט שטאַרבן.**

פּשוטות גייט דאָ געפּאָרט מיט שפּיל, מעלאָדישקייט, פּאָלקס־געזאַנג נישט נאָר אין האַרמאָנישער גאַנצקייט מיט די שטוב־בעלי־חיים, נאָר אויך מיט די גויִים פון אַרום. מיר האָבן ווייניק, זייער ווייניק אַזעלכע אידיליעס אין דער יִידישער ליטעראַטור. אַלץ איז דאָ אויך ליטעראַריש אויסגעהאַלטן: דער קאָלאָריט, דער סטיל, ריטם, די שילדערונגען, די פּערסאָנאַזשן און אימאַזשן. אַלץ גיסט זיך דאָ צוזאַמען אין איין גרויסער אומפאַרגעסלעכער סימפאָניע. וואָס מער קולבאַק דערווייַטערט זיך פון זייַן רייַסן־סביבה, אַלץ מער און מער נאָגט אים דער צווייפל, צי דער מענטש וועט געפינען אַ תיקון אין זייַן קאַמף צווישן גוטס און בייז. אין "בוניע און בערע אויפן שליאַך" קומט טאַקע גאָר בולט צום אויסדרוק דער דאָזיקער געראַנגל צווישן האָפענונג און פאַרצווייפלונג.

קולבאַק פלעגט מיט באַזונדערער פאַרערונג אָפט רעדן וועגן סערוואַנטעסעס "דאָן קיכאָט", וועלכער וואַנדערט איבער וועגן און שטעגן און באַגעגנט דאָרט כל המינים רשעות. ריטערלעך קעמפט דאָן קיכאָט מיט דעם טייַוולאָנישן אינעם מענטש. בייַ סערוואַנטעסן ראַנגלט זיך אָבער דער נאָבעלער דאָן קיכאָט און בלייַבט מאַכטלאָז אין זייַן גראָטעסקישן געפעכט מיט ווינט־מילן, אין דער צייַט ווען אין "בוניע און בערע אויפן שליאַך" פאַרמעסטן זיך צוויי

גרונטיק פאַרשיידענע פילאָסאָפיעס.
"בוניע ביק, בערע דער פאַלענט, די גראָבע ייִדן קוטשעראַווע" שטייען –
"מיט פיסטאָלן אין די הענט
און די מעסערס אין כאָליאַווע
גייען איינעמען די וועלט
יונגען בראַווע.
עס קלינגט זייער האָפערדיק, מיליטאַנטיש, אָבער ס׳דויערט נישט לאַנג און קולבאַק דער סקעפּטיקער זאָגט דורך בערע דעם פאַלענט:
"ער טראַכט פאַרטיפט, אַז ס׳לוינט זיך נישט די מי
צו ווערן לכתחילה דאָ געבאָרן –
דו עסט און טרינקסט און גאָרנישט, מען איז
קיינמאָל נאָך נישט זאַט געוואָרן".

בוניע דערווידערט אָבער אַ שלאָגפאַרטיקער:
"הער דו, דו נאַר הער צו
דעם סוף פון מענטשס שווערע ליידן –
ס׳וועט שלאָפן גראַם אַ לעמפּערט מיט אַ קו
און ס׳וועט אַ קינד זיך שפּילן מיט זיי ביידן
פרייד וועט זיין און זשאַווערן וועלן
די מעסערס אין די שיידן".
די וויזיע פון ישעיהו הנביא טויכט־אויף אין בוניעס רייד, הגם בערעס פּעסימיזם האַלט טאַקע אין איין אונטערהאַלטן בוניעס פליגלען, ווייל דער דיכטער האָט שוין דאַן געזען די וואַקסנדיקע געפאַר, וואָס לויערט אויף דער וועלט. פון דעסטוועגן באַמיט ער זיך מיט שאַרפזיניקער סאַטירע אָפּצושוואַכן דעם קאָנטראַסט צווישן וויזיע און תהום. און ווען ס׳ווערט אים גאָר שווער אויפן האַרצן, פאַרשרייט ער זיך מיט אַזאַ סלאָגאַן, ווי: "שטיי אויף, פּראָלעטאַריאַט, דיין צאָרן ברויזט,/ אָ, דלות־לעמפּערטן, אָ, קעלער־בערן!".
און ס׳ברומט־צו דער פאַלענט: "ס׳איז כּוח נאָך פאַראַן אַ שמעלט צו איבערקערן!
ס׳איז נישט קיין צופאַל, וואָס ער דערמאָנט שמעלט אָנשטאָט וועלט. אַ קאַפּולע אָנצוהערעניש, אַז דער פּראָלעטאַריאַט קען טאַקע זיין בראַוו און רעוואָלטירן, אָבער ס׳איז דאָך אַ וועלט – וועלט.
אין דער צייט ווען אין רייסן איז דאָס לעבן טיף פאַרוואָרצלט און סטאַביל, פּירט אונדז קולבאַק אין "בוניע און בערע" אַוועק אויפן שליאַך פון אומזיכערקייט, וואָס איז פול מיט געפאַרן אינעם גאַנג צו אומבאַשטימטע וועלטן. וואָס שייך פּאָעטישער קוואַליטעט, געהערט זי צו די בעסטע אין קולבאַקס

שאַפן — מיט איר פּלאַסטישקייט, קלאָרקייט און פּאָעטישער שלמות. ס׳איז זיכער נישט קיין צופאַל, וואָס ער פאַרענדיקט די פּאָעמע מיט אָט אַזעלכע מעלאַנכאָלישע טענער:

„געבליבן איז מען העשערדיק און שטום,
געקוקט מיט הייסע, קיילעכדיקע אויגן
ס׳איז וואָר? אפשר טורעמט זיך אַרום
אַ חלום נישט געשטויגן, נישט געפלויגן?
אַ יאָמער־טאָל! דיין נעפּל איז אַ רויך”...

*

גאָר פּרי אַנטפּלעקט זיך קולבאַקס חוש פאַר טעאַטער, פאַר אַקציע און קאָנפליקט. אים פעלט אָבער די פולע רייפקייט פון אַ דראַמאַטורג ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן אַזעלכע טראַגישע קאָנפליקטן, ווי אַרום דעם פאַלשן משיח יעקב פראַנק: צווישן ר׳ לייב מעזשיבאָזשער, דעם שטרענגן שליח ציבור און טרעגער פון תּורה און הלכה פון איין זייַט, און ר׳ ישראל בעל שם טוב (דער בעש״ט), פון דער אַנדערער זייַט. אין דער דראַמע שטויסן זיך צונויף אין אַ דראַמאַטישן קאָנפליקט ר׳ לייב מעזשיבאָזשערס שטרענגע הלכה־ייִדישקייט, און דעם בעל שם טובס מענטשלעך אינספּירירטער אהבת ישראל מיט דעם איבערריַיס מיט ייִדישקייט, וואָס עס פּרעדיקט יעקב פראַנק. דריַי פילאָסאָפיעס, אַזוי בולט פּערזאָניפיצירט דורך דריַי פּערסאָנאַזשן. ר׳ לייב מעזשיבאָזשער זאָגט צו יעקב פראַנקן: **כלל ישראל שטייט אין סכּנה**, „תּלמידי חכמים האָבן געבויט טויזנטער יאָרן — קומט איר חרוב מאַכן. מיר האָבן אויפגעשטעלט אַ בית המקדש. מיר האָבן אָנגעטאָן קייטן אויפן פאָלק עס זאָל נישט צעפאַלן ווערן, און דו, ירבעם בן נבט, גראָבסט אונטער דאָס הויז אין וועלכן מיר וווינען, פירסט בלינדערהייט ייִדן צום אונטערגאַנג”.

אויף דעם ענטפערט יעקב פראַנק:

„מיר ווילן נישט קיין קייטן! ניין, ר׳ לייב מעזשיבאָזשער, מיר ווילן נישט קיין קייטן. מיר זענען דערשטיקט געוואָרן אונטער דער תּורה, גענוג”.

„עס וועלן נישט זיַין קיין ייִדן אויף דער וועלט? קיינער וועט זיי נישט באַווייגען?”

דער בעש״ט דערווידערט אָבער בזה הלשון:

„ר׳ לייב מעזשיבאָזשער לעסטערט גאָט! ר׳ לייב מעזשיבאָזשער איז אַ כּופר בעיקר! ווו ליגט די תּורה? אָט־אָ־דאָ אין אַלמער? (די אַקציע שפּילט זיך אָפּ אין בית המדרש) און גאָט רוט נאָר אָט־אָ־דאָ אינעם אַלמער אין דער תּורה, האַ? און אַז אַ פויגל זינגט, איז עס נישט גאָט? און אַז עס צעווייינט זיך פלוצעם דאָס האַרץ צו אים קוועלט אַרויס פון אומעטום, וואָס לייַכט אַרויס מיט פרייד צו אונדז, פון אונדז, איז עס אַלץ, אַלץ נישט

גאָט? און אַז אַ וואָלף וויינט בייַנאַכט אויף די פעלדער, איז עס נישט גאָט? איך בין געלעגן אַ פּראָסטער מענטש אין אַ ליימען־גרוב. איך בין געלעגן באַגינען אויף די בערג... עס האָט געלאַרעמט אויף טאָג און איך האָב געהערט ווי גאָט איז אַרומגעגאַנגען איבער די בערג... ער איז אַרומגעשוועמען אין די נעפּלען... הערט, הערט... און אַז עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ רויטער קאַנט פון דער זריחה, אַראָפּגעגאָסן זיך ווי אַ קעסל בלוט פון הימל... איך בין צוגעפאַלן צו דער ערד, כ׳האָט אויסגעשטרעקט די הענט צו אים, כ׳האָב געוויינט צו אים פון פרייד און געקושט די ערד — די ברעגעס פון זייַן קלייד... ייִדן, איך בין געווען אַ ליימען־גרעבער... איך בין געלעגן אין די גריבער צווישן די בערג און צוגעהערט וואָס עס טראַכט די ערד, וואָס טראַכטן די בערג. עס איז דאָ רעיון אין דער וועלט. רעיון, וואָס ווערט אָנגעצונדן אומעטום. ניין, ר׳ לייב מעזשיבאָזשער איז כּופר בעיקר״.

״עס איז דאָ די וועלט אין דער תּורה״, ענטפערט ווידער ר׳ לייב מעזשי־באָזשער. באַלד ווענדט זיך אָבער דער גרימצאָרן פון בעש״ט צו יעקב פראַנקן: **נואף דו, האָסט אומגעבראַכט טויזנטער ייִדן... וועסט פאַרטריבן ווערן פון כּלל ישראל, און דייַן נאָמען וועט בלייַבן צו שאַנד לדור דורות״.**

גאָר שטאַרק רופט אויס דער בעש״ט: ״ר׳ **ישראל בעל שם טוב איז נישט געקומען, חס ושלום, זיך שלאָגן. ער איז געקומען ייִדן ליב האָבן״.**

וואָס פאַר אַ קאָנטראַסט צווישן אַזאַ אהבת ישראל, אהבת המענטש, וואָס שפּראָצט אַרויס אַזוי נאַטירלעך פון קולבאַקס קאָנסעקווענטן פאַנטעיִזם. פון דער אַנדערער זייַט קלינגט ברוטאַל אומברחמנותדיק פון ר׳ לייב מעזשי־באָזשערס צוריקשליידערן זייַן טאָכטערס תּשובה־טאָן נאָך איר אומקערן זיך צום טאַטן, ווען זי האָט איבערגעריסן מיט יעקב פראַנקן. ר׳ לייב מעזשיבאָזשער איז שוין געהאַט געזעסן שבעה נאָך איר און האָט זי עוקר מן השורש געווען פון זייַן געדעכעניש.

קולבאַק האָט דורך שטעמפּלען אָט די אכזריות דעמאָנסטרירט זייַן צאָרן קעגן דער טרוקענער רבנישער קוצו־של־יוד אינטערפּרעטאַציע פון דער תּורה. מיט אַלע ליטעראַרישע שוואַכקייטן אין ״יעקב פראַנק״, גיט אונדז אָבער די היפּשלעך ווערבאַלע טענדענציעזע דראַמע אַ געלעגנהייט צו פאַרשטיין קולבאַקס וועלט־אָנשויאונג, באַזונדערס זייַן טיפן פאַנטעיִזם.

## משיח בן אפרים

די משיח־אידייע האָט קולבאַקן ממש פאַסצינירט. אין פאַרשיידענע פּאָ־עמעס, דראַמעס אד״גל קומט זייַן גאולה־וויזיע צום אויסדרוק אין כּלערליי וואַריאַנטן. ער האָשמחהט אָבער דעם גואל נישט געזוכט אין די ווייַטע הימלען, נאָר צווישן פּראָסטע מענטשן, וואָס טראָגן אין זיך דעם געטלעכן פונק.

יעקב באָטאָשאַנסקי זאָגט אין זײַן הקדמה צום ראָמאַן, אַז "דער ראָמאַן איז נישט נאָר אַ שיינער שטערן אין קולבאַקס קרוין, נאָר אויך די קרוין פון דער ייִדישער פּאָעזיע בכלל". שוין אין קורצן אַרײַנפיר אַנטפּלעקט זיך קולבאַקס מאָטאָ: "די ל"ו וואָס גייען אַרום אָפּגעזונדערטע און עלנטע בײַם ברעג פון דער וועלט". "בײַם ברעג פון דער ערד גייען זיי, גרויסע ייִדן מיט הויכע שטערנס, אײַנגעבויגענע אויף דער בלויקייט פון הימל".

דער מאָטיוו פון פשוטע צדיקים חזרט זיך כסדר איבער אין קולבאַקס ווערק. צווישן זײַנע הויפּט־פּערסאָנאַזשן זוכט ער אים, דעם אויסלייזער. ווידער און ווידער זעט ער, דער מילנער, גאָט, און אָט פאַרשווינדט ער, דער בורא עולם. "אָבער ער האָט דאָך גאָט געזען כאָטש אויף אַ רגע, צו דערהייבן אים אין אָנבליק פון דעם ביטערן גורל פון מענטש. אין זײַן גאָט־זוכעניש שטויסט זיך בעניע אָן אויף אַ מאָדנעם וואַלד־ייִד, ר׳ שמחה פלאַכטע".

שמחה פלאַכטע — אַ נזיר. ער האָט זיך גאָרנישט אויפגעפירט ווי אַ בר־דעת, דער אויסטערליש־איינזאַמער וואַלד־ייִד.

אָבער ר׳ בעניע, ווען ער קומט אין שטאָט, דאַרף ער נישט זוכן וואָס עס איז "הבל און פאַרבלענדעניש". ער דאַרף נאָר "אויסציִען זיך אויף דער ערד, צולייגן צו איר דאָס אויער און צוהערן זיך וואָס עס רעדט די שטאָט בסוד־סודות". וואָס פאַר אַ מין סוד זוכט ער, ר׳ בעניע? ס׳איז קלאָר, אַז דאָס זוכט ער משיחן.

ר׳ בעניע וואַנדערט ווײַטער און טרעפט נאָכאַנאַנד גאָט־לעסטערערס, און ער רעדט, אַזוי צו זאָגן: "מען דאַרף לעסטערן גאָט, ווײַל דער ים איז שענער פאַר גאָט", זאָגט גימפּל, "גאָט — זאָגט ער — האָט מען אויסגעקלערט, כדי צו פאַרשענערן די נאַטור". גימפּל לאַכט, ס׳טוט אים הנאה, אָבער ר׳ שמחה פלאַכטע און ר׳ בעניע לאַכן נישט. אויך קולבאַק לאַכט נישט. אים פאַרפאָלגן כסדר די ספקות וועגן שײַכות צווישן מענטש, גאָט און נאַטור.

די פילאָסאָפישע דיסקוסיע וועגן גשמיות און רוחניות, וועגן די חושים, דעם קערפּער און דעם שכל, ווערן אַלץ הייסער און הייסער. שמחה פלאַכטע מאַכט אָבער אַוועק מיט דער האַנט דאָס גאַנצע פילאָסאָפירן, ווי איינער זאָגט: "נאַ שטאָ מעניע פיזיקאַ?" (צו וואָס מיר די פיזיק?) — אַז סך־הכל מוז מען נאָך אַלץ זוכן די גאולה. ר׳ בעניע רעאַגירט מיט באַווייזן דעם צער פון לעסטערונג, אָבער אַן אומבאַהאָלפענער וואַנדערט ער ווײַטער מיט זײַן וואַנדערשטעקן אין האַנט.

ווען ר׳ בעניע זעט אַ בהמהלע אין זײַן טרוים, ווערט ער אויפגעלייגט, וואָרעם פונקט אַזוי ווי דער מענטש זוכט אויך דאָס בהמהלע אַ וועג צו דער מאַמע ערד, צו איר גענעזונג, גייען זיי שוין אַזוי צוזאַמען זוכן אַ תיקון. אינמיטן דער נאַכט באַווײַזט זיך אָבער לילית און רייצט

זײַן יצר־הרע. די פּלוגתּא צווישן שמחה פּלאַכטען און גימפּלען דעם פילאָסאָף האַלט נאָך אַלץ אָן אין וואַלד. צעריסן דורך די פּלערליי קאָנפליקטן אין מענטש, דערגרייכט דער קידער־ווידער גאָר געפערלעכע מאָסשטאַבן. דאַן באַווײַזן זיך פּלוצעם ל"וואָווניקעס, די הייליקע שליחים פון יענער מיסטעריעזער געטלעכקייט, וואָס דורך איר קען מען אפשר מגלה זײַן דעם סוד פון אַ געלייטערטער עקזיסטענץ פון מענטשן, אַן אומבאַדינגטער תּנאי צו גאולה, צום קומען פון משיחן.

אין אָט דער גײַסטיקער קאָנפראָנטאַציע רײַסט זיך אָבער אַרײַן דער סם פון שנאה צווישן מענטש און מענטש, צווישן גוי און ייִד. דאַן ווען פּאַן וורובעלסקי דער פּריץ גנבעט זיך אַרײַן מיט זײַן הונט אינמיטן דער נאַכט צו געפינען ייִדישע מיידלעך, וואָס ער "האָט ליב געהאַט זיך צו פּאָסמאַקעווען מיט זיי".

ווידער באַגעגנט ר' בעניע וואַנדערנדיק ווײַטער מיט זײַן בהמהלע אַ וואַסערטרעגער, אַ קוימענקערער און סתּם פּאַרהאַרטעוועטע בעל־מלאכות, ל"וואָווניקעס, צדיקים — און פּלוצעם דערזעט ער אויפן שליאַך אַ יויזל, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ פונעם צלם און גייט צוזאַמען מיט אים, ר' בעניען, איבער דער וועלט.

וואָס פאַר אַ שלל פון פאַנטאַזיע פון דעם נאָך דעמאָלט זייער יונגן שרײַבער און זײַן וויזיע פון אוניווערסאַלן פּאַנטעיִזם. אויך לאהלע, די צאַרטע בתולה, גייט און גייט אויף אירע שטעגן צו זוכן גאָט. זי געפינט אַן אַנדער יויזל און שרײַט אויס פון פאַרוווּנדערונג — "אָט דאָס איז גאָט?". אַ שנײַדערל, אַפּנים אַ למדן, וואַקסט פּלוצים אויס און קלערט איר אויף: "טאָכטער מײַנע, דער צלם גייט איבער דער וועלט, פון לאַנד צו לאַנד, ווי אַ שאָטן פון גאָט. דאָס איז די בשורה פון אים, וואָס מוז קומען. דורך תּליות און צלמים, וועט ער גיין... דורך געשטאָרבענע וועלדער צו אונדז... ער איז, פאַרשטייט זיך, משיח". ווידעראַמאָל קומט שמחה פּלאַכטע קאַפּויער. ער האָט נישט קיין גוט וואָרט פאַר **חסידים**, ווײַל זיי "בענקען נאָכן רבין, ציִען זיך צו אים ווי קעלבער צו דער מאַמעס אײַטער". אין גרויס עקסטאַז שרײַט ער אויס צו גימפּלען: "אָט, אפשר ביסטו גערעכט. **די וועלט איז דאָ, נאָר דער מענטש איז נישטאָ**".

פון פאַרצווייפלונג רופט ער אויס: " — גאָטעניו, איך וויל לעבן, פאַרוואָס האָסטו מיך באַשאַפן אַ מענטש? איך וויל לעבן".

ר' בעניע און שמחה פּלאַכטע טרעפן דאַן אָן אַן אסיפה פון ל"וואָווניקעס, קוימענקערערס, באַלעגאַלעס, וואַסערטרעגערס אאַ"וו. אינטערעסאַנט פאַר קולבאַקס דעמאָלטיקער שטימונג איז געווען דאָס, וואָס צווישן די ל"ו איז אויך געווען אַ גוי אַ ל"וואָווניק, קירילע בן פעדאָט, דער באָד־גוי.

איינער פון זיי, ר' וואָלף, הייבט אָן די אסיפה מיט שטעלן די פראַגע:

"וועמען פעלט דער צלם אלוקים?".

"די ימען האָבן די געשטאַלט פון אייביקייט.
די ערד און די הימלען די געשטאַלט פון אייביקייט
די שטערן גייען פון דער אייביקייט אין דער אייביקייט,
נאָר דער מענטש האָט נישט דעם צלם אלוקים".

און ווײַטער: "מענטשן האָבן געזינדיקט, זענען זיי אויך צו יויזלען געקומען ער זאָל פאַר זיי געפײַניקט ווערן".

שטייען אויף אַלע וועגן קרייצן ווי תּליות. פון דעם בלוט וואָס רינט פון זיי, וועט ענדלעך אויפשטיין — ער, משיח בן־דוד. וועלן מיר הערן די ל"ו אויסגעשרייען — בלוט, בלוט. פּלוצעם האָט שמחה דערהערט גלאָקן, און די זון דורכן טריבן פּרימאָרגן־פענצטער ווי ס'רינט פון די שויבן.

פּנים־אל־פּנים מיט אָט דעם שרעק־בילד טראָגט אונדז קולבאַק גאָר גיך אַריבער צו אַ ווונדערלעך בילד ווי אַזוי ר' בעניע קערט זיך אום פון זײַן אָדיסייע צוזאַמען מיט זײַן בהמהלע, וואָס טראָגט אַ צעריסענעם וואָלף אויף די הערנער.

אָט אַזוי מיניען זיך שלום־ושלווה־בילדער מיט טײַוולאָנישע גיהנום־נסיונות. אַזוי טיפּיש פאַר קולבאַקס קאָנצעפּציע פון געראַנגל צווישן גוט און בייז אין מענטשן. און אָט, אין סאַמע מיטן פון אָט די דראַסטיש־דראַמאַטישע ספּעקטאַקלען רײַסט זיך אַרײַן משיח בן־דוד, וועלכער גייט פון לאַנד צו לאַנד און פרעגט מענטשן, פאַרוואָס האָבן זיי נישט ליב איינער דעם אַנדערן? סוף־כּל־סוף ווערט אויך גימפּל דער פילאָסאָף געכאַפּט אויף דער מעשה פון מענטשלעכע ליבע־געפילן, וואָס טריומפירן איבערן שׂכל אין אָנבליק פון לאהלען, וועלכע באַווײַזט זיך פאַר אים אין וואַלד.

ווידער טוט קולבאַק אין דער אויסטערלישער מעשה, וואָס קלינגט גאָרנישט ווי אַ מעשה, נאָר איז באמת ווי אַ מאָדערן סורעאַליסטיש בילד, אַדורכפלעכטן אַ שפּרונג פון משיח בן־דוד, דאָס מאָל וועגן אַרבעט. ר'שמחה פּלאַכטע, וועלכער ליגט אויסגעצויגן ווי אַ פּלאַכטע — אַ רמז אויף ר' שמחהס מהות — וואָרום אין דער אמתן איז מסתמא, זאָגט קולבאַק, "אויך ער אַ צדיק". מאַקאַבריש ליגט ער גאָר אויף אַ מת.

ווי אַזוי ווערט ער פּלוצים גאָר אַ צדיק? דער פּשט קומט אין אַ שטאַרק רעאַליסטישער סצענע. פאַן וורובעלסקי, דער פּריץ, יאָגט זיך און וויל פאַרגוואַלדיקן לאהלען. דאַן וואַקסט אויס שמחה פּלאַכטע און רעכנט זיך אָפּ מיט וורובעלסקין. פיזישע גבורה איז גאָר געוואָרן דער סימן מובהק פון צידקות. אַ קאַפּולע אָנצוהערעניש פון קולבאַקס געמיט און באַגריפן אין יענער רעוואָלוציאָנערער צײַט. פון גרויס עקסטאַז שרײַט אַפילו גימפּל דער פילאָסאָף אויס: "עס וועט קומען משיח".

"משיח זאָל מיר קומען! איר הערט, משיח זאָל מיר קומען!" און גימפּעלע צעוויינט זיך ווי דורך אַ צויבער. דאָן קומען ווידער זיך צונויף אַלע ל"וואָווניקעס ביי ר' בעניען אין דער מיל. "מיר ווילן ר' וואָלף דער עלטסטער ל"ו זיך דורכברעכן צו גאָט".

ענדלעך קומט די נאַכט פון יום הדין. ס'מאַרשירן אַלע ל"ו, שמחה פלאַכטע, גימפּל, ר' בעניע און לאהלע, און אויך דאָס בהמהלע. די גייער בעטן גאָט צו העלפן ליידנדיקע און האָרעפּאַשניקעס. שמחה פלאַכטעס היים איז צעשטערט. ער טראָגט מיט זיך וואָס נאָר ער קען, און שרייט: "איך וועל צוריקקומען!" אַלע הינקענדיקע און בלינדע, ייִדן אין שמאַטעס שליסן זיך אָן אין דעם מאַרש און שפּאַנען מיט.

משיח באַווייַזט זיך כּלומרשט און טענהט, אַז ער איז גאָר געקומען צונעמען די תּורה. קוליעס קלאַפּן אויפן מאַרק, גוססע האָט מען אַרויסגעטראָגן אויף די בעטן. אַלע טאַנצן אַנטקעגן משיחן. אַלע פאַלן כּורעים פאַר משיחן. וואָס פאַר אַ פאַנטאַסטישע דראַמאַטישע סצענע ווען כּלערליי מיט שמאַטעס באַדעקטע קאַליקעס און סתּם אָרעמעלייַט ווענדן זייערע בליקן צום הימל און פאַלן ווידער כּורעים.

ר' בעניע, אַ הילפלאָזער, ווערט ממש פאַרשטיינערט. אַ טויטע שטילקייט באַהערשט די פאַרצווייפלטע מאַסע. מיטאַמאָל שטייט אויף שמחה פלאַכטע און גיט אַ געשריי: "ווערים!" — און שפּרייַזט צוריק אַרייַן אין וואַלד. דאָס בהמהלע שטייט פאַריתומט. נאָר קערילע און דעם פירשט לובאָמירסקיס טאָכטער צערטלען ר' בעניען, משיחן, און ס'חזרט אויף אַזאַ אופן ווידער זיך איבער די יעזוס־געשיכטע. גוייִם בלייַבן ביי זייער אָנמעבטיקן משיח, און נאָכן טויט פון משיח בן־אפרים וואַרטן מיר ווייַטער אויף משיח בן־דוד.

דער ראָמאַן פאַרענדיקט זיך מיט אַ תּפילה פון אַן אָרעמאַן:

"פאַרוואָס ווערט מען געפּייַניקט, גאָט!
בין איך מקנא דעם פויגל און דעם ליים.
וואָס זאָל איך טאָן מיט מייַן האַרץ, וואָס איז מיר איבעריק".

לייַדנדיק, אַנטוישט און דערשלאָגן קערט די וועלט זיך צוריק אום צו מרה־שחורה.

אויבנאויפיק איז טאַקע "משיח בן־אפרים" אַ ראָמאַן, הגם ער פּאַסט זיך לחלוטין נישט אַרייַן אינעם גבול פונן דער פאָרמעלער דעפיניציע פון אַ ראָמאַן. די שילדערונגען פונעם אורוואַלד און פון די הויפּט־פּערסאָנאַזשן זענען היפּער־סורעאַליסטישע, עקסטרעם אַבסטראַקטע און באַשווערן שטאַרק דאָס פאַנאַנדערקלייבן זיך אינעם קנויל פון דער מיסטעריעזער משיח־קאָנצעפּציע פון משה קולבאַק.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט ברייטער אויף דעם סיפּור המעשה, כּדי

זיך צו דערגרונטעווען צו דער מיסטיק פון קולבאַקס גאולה־אידייע. אין דער צײַט ווען אין משיח בן־אפרים ברעכט זיך קולבאַקס מיסטישע וועלט (שמחה פלאַכטע גייט צוריק אין וואַלד אַרײַן, כּדי ווידער צו וואַרטן אויף משיח בן־דוד), גייט קולבאַק איבער אין "מאָנטיק" צום קלאַסן־קאַמף, ווי צום טרעגער פון דער משיח־אידייע: "די שטים פון רעוואָלוציע שאַלט און מאָנט!".

די מאַכט פון דער פּאַרטיי ווערט פּערזאָניפיצירט דורך **מרדכי מאַרקוס. "איך שטיי מיט אַ מעסער אין האַנט, און דו שטייסט מיט אַ מעסער אין האַנט"** — רופט אויס פּאַטעטיש דער רעוואָלוציאָנער צום בורזשוי. אָפענער קאַמף גילט איצט אין דעם תּחום המושב (די אַקציע שפּילט נאָך אַלץ זיך אָפּ אין שטעטל).

"מאָנטיק" איז טאַקע מער רעאַליסטיש, אָבער ס'איז נאָך אַלץ אַ ווערק, וואָס נישט אַקציע איז דער עיקר, נאָר אידייען, וואָס עקבערן דעם מחבר. "ס'קומען נאָך אַלץ צוריק מתים פון יענער וועלט, אָנצוזאָגן די לעבעדיקע, אַז עס איז גאָרנישט נישטאָ דאָרט".

"קיינער האָט מיך נישט באַגעגנט, נישט גאָט און נישט עמעצער. איך בין געגאַנגען אויף די פּוסטע פעלדער פון איין וועלט אין דער אַנדערער. כ'האָב קיינעם נישט געטראָפן".

"ברידער, עס איז שוין דעם לעבעדיקן אַ סך בעסער ווי דעם טויטן".

נישט נאָר פּאַר יחידי סגולה איז געקומען די צײַט, נאָר פּאַר דער מאַסע. "דער פּראָלעטאַריאַט האָט צונויפגעשטײַפט דעם רימען אַרום בויך און איז אַכט אַזייגער געגאַנגען אין שטאָט־טעאַטער".

"ס'פּאַרשמעקט מיט שטיוול, מיט לײַב און מיט פעלץ". אגב, מיט פעלץ באַווײַזט זיך אָפּט אויך שמחה פלאַכטע. ער האָט געטראָגן אַ פעלץ. דאָס איז בײַ קולבאַקן אַ סימבאָל פון גבורה און פּשטות.

"דער מאָגערער קליינבירגער איז אויך אַרײַן".

"פּאַרקליבן זיך אין אַ ווינקעלע שטיל ווי גראָז האָט ער אַרויסגעפּינטלט מיט זײַנע שוועבלדיקע אויגן". קולבאַקס סאַרקאַזם וועגן קליינבירגער אין קעגנזאַץ צו דער גבורה פון פּראָלעטאַריאַט ווערט אַ צענטראַלער מאָטיוו אין "מאָנטיק".

לעדערנע קורטקעס, שטיוול און בערד, באַווײַזן זיך אויף דער בינע. מיר הערן דאָ דעם אָפּקלאַנג פון רוסישן אָקטאָבער, כאָטש געשריבן געוואָרן איז דער ראָמאַן אין די מיטעלע 20־ער יאָרן אין ווילנע — פּוילן.

"נאָר דו ביסט פון בייליק־פלייש, זאָגט דער רעדנער, און איך בין פון זאָדיק־פלייש".

"ווער ביסטו, בורזשואַזיע, איך האָב אויסגעפונען די טײַכן, איך האָב געבויט שטעט, איך האָב געמאַכט פאַבריקן, איך האָב אויסגעלייגט וועגן, איך האָב

אַריבערגעוואָרפן בריקן! איך האָב אַרויסגעשיקט צוגן, איך בין געשוווּמען אויף די ימען. איך האָב געגראָבן אין דער ערד. איך האָב געאַקערט, געפּלאַנצט, געזייט, געשניטן — און דו? און דו האָסט דאָס אַלץ צוגענומען. ווייל איך נישט, איצט איז קלאַסן־קאַמף!".

קולבאַק באַנוצט זיך נישט נאָר מיט ווערטער. די מאַסע האָט זיך איזדיע־קעוועט איבער אַ דאַר ייִדל און אים שיעור נישט צעקוועטשט.

משה קולבאַק האָט, אַפּנים, נאָך דאַן נישט געאַנט צו וואָס אַזאַ ברוטאַלקייט קען דערפירן.

אין "מאָנטיק" האָט ער בפירוש גלאָריפיצירט גוואַלט. אָט דער צאַרטער ליריקער איז גרייט געווען מקריב צו זייַן מענטשלעכקייט פאַר דער רעוואָלוציע און האָט שפּעטער פאַר דעם טייַער באַצאָלט.

און דאָך, אין סאַמע מיטן פון דעם פּראָפּאַגאַנדע־געפילדער כאַפּן זיך אַרייַן ספקות אין מרדכי מאַרקוסעס דמיון. נאָך אַ הייסן וויכּוח מיט מישאַ, דעם פייַערדיקן רעדנער, האָט מרדכי מאַרקוס אַ בלעטער געטאָן דעם ספר איוב. שוין דאָס אַליין באַווייַזט ווי שטאַרק ס'האָבן אַפילו מאַרקוסן געעקבערט ערנסטע ספקות. סוף־כל־סוף אין מיטן פון דעם קאַפּיטל, וואָס רופט זיך טאַקע "מאָנטיק", מעדיטירט קולבאַק ווידעראַמאָל אויף זייַן פילאָסאָפישן שטייגער. עס נאָגט אים דער אומרו מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן פאַר ייִדן. דאָך כאַפּט אים סוף־כל־סוף אַרום אַ געפיל פון פרייד. און ער שרייַט אויס מיט התפעלות: — **"ייִדן, עס איז יום־טוב! איר שטייט בייַם קוואַל פון דער וועלט".**

אויף אַזאַ אופן באַהערשט אויך מרדכי מאַרקוסן דעם ייִד דעם צווייפלער די רעוואָלוציע. ער ווערט איבערגעצייַגט אין דער פילאָסאָפיע פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם און ווערט אַ פּאָלנער מאַרקסיסט, גרייט אויפצונעמען פיזישע שלאַכטן. אָבער ווען ער האָלט שוין, אַ פאַרווונדעטער, בייַם שטאַרבן, זאָגט ער אין זייַן ווידוי: "איך האָב ליב געהאַט דעם טרויער, ווי איר האָט ליב די מוטער איַיערע, נאָר איצט שרעק איך זיך, טאָמער וועל איך דאָרטן פאַרדאַרט ווערן ווי אַ בוים, וואָס וואַקסט אַרויס פון שטיינער".

— — "כאָטש, כ'הער שוין אַ ווייַטן געזאַנג אויף די גאַסן פון יענער זייַט הימל". ווידעראַמאָל דערמאָנט ער איובן און וואָלט וועלן מיטנעמען מיט זיך דאָס ספרל. עס קלינגט ממש ווי נירוואַנאַ.

"אין דער ליכטיקייט האָב איך געזען נאָר אַ ליכט אַ הערלעכס. עס איז די געשטאַלט פון אָרעמאַן!".

מיט אָט די ווערטער געזעגנט זיך מרדכי מאַרקוס מיט דער וועלט.

כאָטש קולבאַקס סימפּאַטיעס זענען מיט מישאַן, דעם רעוואָלוציאָנער פון טאַט, איז אָבער זייַן געמיט אויף פול מיט אומרו. אַנדערש וואָלט ער דאָך נישט געגעבן מרדכי מאַרקוסן דאָס לעצטע וואָרט פון גלאָריפיקאַציע פון טרויער,

און וואָלט נישט געציטערט איבער די אַנגסטן פון איובס יסורים.

עפּעס ווי משה קולבאַק וואָלט אַפּילו דאַן, אין יענע האָפּערדיקע יאָרן שוין דערשפּירט זײַן אייגענעם און זײַן פאָלקס ביטערן גורל אין לאַנד פון דער דעגענערירטער רעוואָלוציע.

"מאָנטיק", אַ ראָמאַן פיל קרעפטיקער פון "משיח בן אפרים", אָבער נאָך אַלץ גיכער אַ סטיליזירטע באַלאַדע אין פּראָזע.

*

די וויכטיקסטע שאַפונג אין זײַן רוסישן פּעריאָד זענען די צוויי בענדער "זעלמעניאַנער", אַרויס אין 1931 באַנד 1, און אין 1933 באַנד 2 אין מלוכה-פאַרלאַג אין רוסלאַנד. אין קעגנזאַץ צו די פריִער דערמאָנטע צוויי ערשטע ראָמאַנען, איז "זעלמעניאַנער" אַ סך נעענטער צום באַגריף ראָמאַן, וואָס שפּיגלט אָפּ אַן עפּאָכע. דורך די הויפּט-העלדן ווערט געשילדערט אַן אַלטער לעבנס-שטייגער, וואָס קומט אין שאַרפן קאָנפליקט מיט נײַע פאָרמען.

שוין די אונטערקעפּלעך פון ביידע ביכער ריידן פאַר זיך אַליין, דער עיקר פונעם ערשטן — **די אַלטע.** דאָס צווייטע טראָגט אַן אונטערקעפּל **בערע**, דער העלד פון נײַעם נאָכרעוואָלוציאָנערן דור. מיט קולבאַקס דינעם הומאָר און ליבשאַפט צו "די אַלטע" שילדערט ער אין אַ גראָטעסקישער פאָרם זייערע פּראָבלעמען פון אויפנעמען די גרויסע טעכנישע שינויִים. **עלעקטריש ליכט** האָט פאַרבלענדט די אויגן און נאָך בולטער באַלויכטן די טוכלע טונקעלע אַלטפרענקישע אײַנגעהויקערטע הײַזקעס און די אָפּגעבלאַקעוועטע אַלטע ווענט אין די שטיבער. דער נײַער דור ווערט מיטגעריסן מיט דעם נײַעם שטייגערלעבן און פאַרלירט אַלץ מער דעם קאָנטאַקט מיט די עלטערע דורות.

"אַזוי האָבן די זעלמעניאַנער צעשלעפּט דעם רעבזע הויף שטיקלעכווײַז געגריזשעט אים שטילערהייט אונטער די ברעטער, ווי אַ כאָפּטע מײַז. געפּאַקט אין די קאַסטנס און צעטראָגן אים ווי איינציקע פעדים פון אַן אַלטן צעטראַכנעטן בגד".

אין "זעלמעניאַנער" אַנטפּלעקט זיך ערשט אין דער פולער מאָס קולבאַק דער פּראָזאַיִקער. גראָד דאַן ווען ער האָט אויך אָט די קאָמפּליצירטע ליטעראַרישע פאָרם גענומען מער באַהערשן, איז זײַן לעבן אַזוי גרויזאַם געוואָרן פאַרשניטן. איז ער דאָך אויסגעגאַנגען אין סאַמע רײַפסטן עלטער, ווען ער האָט דאָך נאָך אַזוי פיל געקענט צוטראָגן צו דער ייִדישער ליטעראַטור.

"בײַ זיך", נומ' 20. מאַרץ 1982

# ד"ר מאַקס ווײַנרײַך און דער רענעסאַנס פון דער ייִדיש־וועלטלעכער קולטור

פאַרצייכענונגען פון אַ תּלמיד

ווען דער צוקונפטיקער היסטאָריקער וועט אָפּשאַצן דעם פעריאָד פון סוף XIX און פולן XX י"ה פון אונדזער פאָלק, וועט ער מוזן, בלי ספק, זיך פאַרטיפן אין דער ראָל און באַדײַטונג פון ד"ר מאַקס ווײַנרײַך בכלל, און זײַן באַדײַט אין דעם פענאָמענאַלן רענעסאַנס פון דער ייִדיש־וועלטלעכער קולטור בפרט.

פאַרוואָס האָב איך, דער ניט־לינגוויסט, אויסגעקליבן די טעמע ווײַנרײַך?

— פּשוט דערפאַר, ווײַל איך בין געווען אַ תּלמיד זײַנער אין ייִדישן לערער־סעמינאַר אין ווילנע במשך פון פיר יאָר (5 יאָר דויערט דער פולער קורס אין סעמינאַר. ווײַנרײַך איז אָבער געווען כמעט אַ גאַנץ יאָר אויף אַ פאָרש־רײַזע אין אָקספאָרד־אוניווערסיטעט), ווילט זיך מיר טיילן מיט דער וווּנדערלעכער דערפאַרונג, פון וועלכער ס'איז מיר געווען באַשערט הנאה צו האָבן.

באַלד נאָך זײַן אומקערן זיך קיין ווילנע האָט זיך באַוויזן נחום שטיפס פּראָיעקט וועגן גרינדן אַ וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, וואָס האָט אין ווײַנרײַכן געפונען אַ באַגײַסטערטן חסיד און ענטוזיאַסטישן רעאַליזאַטאָר. איך געדענק, ווי ס'וואָלט געווען הײַנט, ווען ווײַנרײַך האָט זיך אומגעקערט אין סעמינאַר און האָט אין אונדזער קלאַס אַנטוויקלט די הויפּט־טעזעס פון שטיפס פּראָיעקט. אונדזער באַגײַסטערונג איז געווען אין לשער.

גראָד איז דאָס געווען אין יאָר 1925, ווען מען האָט אין אַפּריל געהאַט געפײַערט דאָס עפענען דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים. הגם איך גלויב ניט, אַז נחום שטיפס פּלאַן איז אויפגעקומען ווי אַ מין אַנטיראַט צום ירושלימער אוניווערסיטעט, האָט פון דעסטוועגן דער צוזאַמענפאַל פון די צוויי דאַטעס געהאַט אַ גאַנץ רעאַלע און סימבאָלישע באַדײַטונג, ווײַל דאָס האָט דער ייִדיש־וועלטלעכער סעקטאָר אין מזרח־אייראָפּע געלייגט דעם גרונטשטיין פון אַ צענטראַלער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוציע מיט ווײַטע און ברייטע פערספעקטיוון, וועגן וועלכע ס'וועט אונדז נאָך שפּעטער אויסקומען ברייטער זיך אָפּצושטעלן.

אין דער שטאַרק צעשפּילטער פֿאַנטאַזיע פֿון יונגע ייִדישע אידעאַליסטן זײַנען אויפֿגעקומען פֿלערליי חלומות, ביז צו דער עווענטועלער גרינדונג פֿון אַן אוניווערסיטעט אין ווילנע — ירושלים דליטע. ווי שטאַרק ווײַנרײַך זאָל ניט האָבן געווען אַרײַנגעצויגן צו יענער צײַט אין דעם ביז גאָר צעהיצטן דיספּוט צווישן העברעיִש און ייִדיש, האָט ער אָבער קיינמאָל ניט פֿאַרלאָרן די עכט פּאַרטיפּטע גלײַכגעוויכט בײַם באַטראַכטן די באַציִונג צווישן ביידע נאַציאָנאַלע שפּראַכן (אַזוי באַצייכנט דורך דער באַרימטער טשערנאָוויצער קאָנפֿערענץ אין 1908), ווי מיר קענען זען פֿון זײַנעם אַן אַרטיקל אין "די צוקונפֿט" 1931, ז' 194, אונטערן נאָמען "וואָס וואָלט ייִדיש געווען אָן העברעיִש?", וואָס דריקט דאָס זייער בולט אויס:

"וואָס האָט דער עלטערער דור געגעבן דעם ייִנגערן? דער טאַטע האָט געגעבן דעם זון דאָס לעבן און לייגט אָוועק פֿאַר אים זײַן געזונט, און פֿאַרט קומט אַ צײַט ווען ער גיט איבער דעם זון דעם שליסל אין דער האַנט; און פֿאַרקערט, קען זײַן, אַז דער עלטערער האָט דעם ייִנגערן קיינמאָל גאָרניט געגעבן, אַחוץ סטוסאַקעס, און פֿאָרט זאָלן אַלע פּסקענען, אַז דער עלטערער זאָל בלײַבן אויבן־אָן".

אין אָט דעם הסבר האָט דער מחבר, אַגב, געשטיצט אויף אַן אַרטיקל פֿון נחום שטיפֿס אַן אַרבעט אין קיִעווער זשורנאַל "די ייִדישע שפּראַך" (נומ' 18־17 פֿון 1929) אויספֿירלעך באַהאַנדלט די קעגנזײַטיקע ווירקונג פֿון ביידע שפּראַכן, באַזונדערס פֿון העברעיִש אויף ייִדיש. מיר דערמאָנען דאָס, דרך אגב, נאָר פֿאַר אונדזער אַנאַליז וועגן ד"ר מאַקס ווײַנרײַכס באַדײַטונג פֿאַר דער ייִדיש־וועלטלעכער קולטור, כּדי צו פֿאַרמײַדן דעם פֿאַלשן אײַנדרוק, אַז דאָס קרוין־ווערק זײַנס, דער ייִוואָ, איז אַנטשטאַנען ווי אַ קעגנגעוויכט צום ירושלימער אוניווערסיטעט.

שוין דאַן, און אַוודאי־און־אַוודאי הײַנט, איז דאָס דערגאַנצן זיך פֿון ביידע שפּראַך־קולטורן דער לייט־מאָטיוו פֿון ווײַנרײַכס גײַסטיקער ירושה פֿאַר דער ייִדישער שפּראַכקולטור־פֿילאָזאָפֿיע. דער פֿונדאַמענטאַלער אויסגאַנגס־פּונקט פֿון ייִוואָ איז אָבער געווען, און איז אַזוי געבליבן עד היום — דאָס פֿאָרשן די קנאַפּע טויזנטיאָריקע גײַסטיקע ירושה פֿון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִד סײַ אין זײַנע אַמאָליקע, און סײַ אין זײַנע הײַנטיקע געאָגראַפֿישע דימענסיעס.

אין דעם פּרט וועט דאָס מער סיסטעמאַטישע באַהאַנדלען ד"ר מאַקס ווײַנרײַכס פּערזענלעכקייט און זײַן בײַשטײַער, הגם שטאַרק באַגרענעצט אין דער פֿאָרם פֿון אַן אַרטיקל, אונדז גאָר אַ סך העלפֿן צו פֿאַרשטיין די תּקופֿה, אין וועלכער זײַן לעבנסווערק איז אויפֿגעגאַנגען און האָט דערגרײַכט אַ צענטראַלע פּאָזיציע אין גרויסן רענעסאַנס פֿון דער ייִדיש־וועלטלעכער קולטור.

קודם־כּל מוזן מיר זיך באַקענען מיט ווײַנרײַכס ביאָגראַפיע, וועלכע וועט אונדז בלי ספק געבן אַ שליסל צו זײַן באַדײַטונג ווי אַ מענטש, דענקער, ערשט־ראַנגיקער לינגוויסט און אַקטיוויסט אין דעם מאָדערנעם מזרח־אייראָפּעיִשן קולטור־אויפשטײַג. דאָס פאַרלייגן אַן אַמעריקאַנער אָפּטיילונג נאָך פאַר דעם חורבן, איז ניט געווען קיין צופאַל. איך דערמאָן זיך ווען ער האָט אונדז געגעבן צו שרײַבן אויפן אָרט אין קלאַס אַן אַרבעט אד״ט: ״אַמעריקע — וואָס מיינען מיר און וואָס דערוואַרטן מיר פון איר בכלל, און פאַר דער ייִדישער קולטור בפרט״. ער האָט ניט געוואַרט ביז וואַנען ער וועט קענען אָפּשאַצן די אַרבעטן אין זײַן היים, און האָט געבעטן וואָלונטערן אויפן אָרט צו לייענען די אַרבעטן.

כּמעט אַלע סעמינאַריסטן האָבן, ווי מיט איין קול, אויסגעדריקט זייער דורכאויס נעגאַטיווע באַציִונג צו אַמעריקע. ווער מיט מער אַקצענטן אויפן סאָציאַל־פּאָליטישן מהות פון די פּאַראייניקטע שטאַטן, און ווער מער אין שײַכות מיט דער טרויעריק באַרימטער שמעלצטאָפּ־אײַנשטעלונג פונעם רוב מנין פון אַמעריקאַנער ייִדן. ס׳איז געווען אין סאַמע מיטן פונעם גאַלאָפּ־אַנטלויפן פון אימיגראַנטן פון דער אייגענער שפּראַך און פון ייִדישער דערציִונג פאַר זייערע קינדער בכלל.

ד״ר מאַקס ווײַנרײַך האָט אויף דעם רעאַגירט מיט אַ סך מער בטחון אין דעם געזונטן נאַציאָנאַלן אינסטינקט פון דעם אַמעריקאַנער ייִדנטום און געזוכט אַ זכות פאַר דער ״קינדער־קראַנקייט״ פונעם יונגן אַמעריקאַנער ייִדישן ייִשוב.

ער האָט אָבער ניט געהאַלטן פון פאַרלאָזן זיך אויף דעם נאַטירלעכן גאַנג, אויף דער אַזויגערופענער נאַטירלעכער אַנטוויקלונג, נאָר אַקטיוו געהאָלפן בײַצוקומען די קולטור־שוועריקייטן פון דעם אַמעריקאַנער ייִדישן ייִשוב. דעריבער האָט ער גלײַך נאָך דער גרינדונג פון ייִוואָ געטראַכט, און טאַקע געהאַנדלט, דורך פאָרלייגן אַן אַמעריקאַנער אָפּטייל פון דעם אינסטיטוט.

יעקב גלאַטשטיין האָט באַזונדערס אַרויסגעהויבן אָט די באמת היסטאָרישע וויזיע אין זײַן פּאָרטרעט פון ד״ר מאַקס ווײַנרײַך (זע ״אין דער וועלט מיט ייִדיש״, אַרויסגעגעבן דורך דעם קולטור־קאָנגרעס נר. 1972, ז׳ 214).

״אין ד״ר מאַקס ווײַנרײַכס ביאָגראַפיע זײַנען פאַראַן עלעמענטן פון מאַרטירערטום, פּערזענלעכע, גײַסטיקע און פיזישע, וואָס דער גײַסט האָט באַצוווּנגען. אָבער דער פאַקט, וואָס אין זײַן ביאָגראַפיע איז ניט אַרײַנגעטראָטן קיין איין אָפּוויַיך און קיין איין אָפּקער פון אַלץ וואָס ער האָט געוואָלט אין זײַן לעבן, איז געווען ד״ר מאַקס ווײַנרײַכס גרעסטער טריומף. ווער רעדט פון המשך, אָבער זײַן לעבנס־גאַנג פון ווילנער ייִוואָ ביז דעם ייִוואָ אין ניו־יאָרק איז געווען אַן אמת מקויים געוואָרענער המשך; אַ וועג, וואָס מאַקס ווײַנרײַך איז אויף אים

געגאַנגען און איז ניט אָפּגעטראָטן פון אים״.

אָט די ציטאַטע ברענגט אונדז טאַקע נעענטער צו זײַן ביאָגראַפיע.

געבוירן דעם 22־טן אַפּריל 1894 אין אַ מיטלקלאַס־משפחה פון סוחרים, אין גאָלדינגען — לאַטוויע. ווי ס'רוב ייִדן אין יענער סביבה איז ער שטאַרק באַאײַנפלוסט געוואָרן פון דער דײַטשער קולטור. זײַן ערשטע שולע איז אָבער געווען — אַ חדר, הגם אַ שטאַרק פאַרוועלטלעכטער, ווי לוסי ס. דאַווידאָוויטש דריקט זיך אויס (זע אַמעריק. ייִד. יאָרבוך 1960, ז' 59). צו 9 יאָר טרעט ער אַרײַן אין אַ מלוכישער גימנאַזיע. נאָך פינף יאָר האָט ער אָבער געמוזט פאַרלאָזן די ראָזיקע גימנאַזיע צוליב דעם פאַרשאַרפטן אַנטיסעמיטיזם און געמוזט ממשיך זײַן שטודירן אין אַ פּריוואַטער גימנאַזיע אין דווינסק. שוין צו 14 יאָר האָט דער יונגער מאַקס דערשפּירט דעם סם פון אַנטיסעמיטיזם.

אין דווינסק באַקענט ער זיך מיט אַ פרײַנד, וועלכער האָט געהערט צום אַ״ג ״קליינעם בונד״. אָט די פרײַנטשאַפט האָט מיטבאַשטימט דעם ווײַטערדיקן לעבנסוועג פון ד״ר מאַקס ווײַנרײַך. דאָס צאַרישע רוסלאַנד איז געווען אין סאַמע ברען פון דער רעוואָלוציע פון 1905. ריזיקע דעמאָנסטראַציעס און שטרײַקן האָבן אויך דערגרייכט די באַלטישע שטעט.

אויך אין זײַן געבורט־שטאָט גאָלדינגען, אַ שטאָט פון צען טויזנט אײַנוווינער, מיט אַן ערך אַ פערטל דערפון ייִדן, האָט דער ״בונד״ געשפּילט אַ פירנדיקע ראָל אין די דעמאָנסטראַציעס. דאָס ברוטאַלע דערשטיקן די רעוואָלוציע האָט דעם פילבאַרן מאַקס נאָך מער דערנעענטערט צום ״קליינעם בונד״. אַ רוסיש־ און דײַטש־רעדנדיקער, האָט דער יונגער בונדיסט געלערנט ייִדיש פון זײַנע אָרעמע יונגע חברים.

צו 13 יאָר הייבט ווײַנרײַך אָן זײַן קאַריערע ווי אַ קאָרעספּאָנדענט פון דער בונדישער טאָג־צײַטונג אין ווילנע. צו 15 יאָר דערשײַנט זײַן ערשטע איבערזעצונג אין ייִדיש פון דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור. צו 16 יאָר שרײַבט ער שוין זײַן ערשטן אַרטיקל אין ייִדיש.

אויף אַזאַ אופן האָט אים דער ״בונד״, ווי ס'איז געווען דער פאַל מיט אַ סך אַנדערע שפּראַכלעך אַסימילירטע אינטעלעקטואַלן, געבראַכט צו ייִדיש. מיט דער צײַט, שרײַבט לוסי ס. דאַווידאָוויטש, האָט די זאָרג פאַר ייִדיש פולשטענדיק פאַרטראָטן פאָליטיק און איז געוואָרן זײַן לעבנס־ציל. צו 18 יאָר טרעט מאַקס אַרײַן אין פּעטערבורגער אוניווערסיטעט, וווּ ער טיילט זיך אויס מיט זײַן אינטעליגענץ און גרויסע וויסנשאַפטלעכע פעיִקייטן. דער רעוואָלוציאָנערער גײַסט האָט דאַן אויך באַהערשט דעם פּעטערבורגער אוניווערסיטעט, וווּ מאַקס ווײַנרײַך שליסט זיך אָן אין אַ בונדישן סטודענטישן קרײַז. דאָ האָט ער שוין געטיילט זײַן ענטוזיאַזם פאַר ייִדיש מיט אינטערעס פאַר פאָליטיק.

נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע פון נאָוועמבער 1917 טראָגט ער זיך איבער קיין ווילנע, ווו ער ווערט רעדאַקטאָר פון דעם בונדישן טעגלעכן אָרגאַן. באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געפינט מען אים אין בערלין, וואָס איז דאַן געווען אַ גרויסער צענטער פון אַ סך ייִדישע קולטור־פּערזענלעכקייטן. אין יאָר 1923 באַקומט ער זײַן דאָקטאָראַט פון אוניווערסיטעט אין מאַרבורג פאַר אַ דיסערטאַציע וועגן דער לינגוויסטישער געשיכטע פון ייִדיש. ער קערט זיך אום קיין ווילנע און האָט חתונה מיט רעגינע שאַבאַד, די טאָכטער פון דעם חשובן עסקן ד״ר צמח שאַבאַד.

ווילנע האָט נאָרוואָס געהאַט אַדורכגעמאַכט ביז גאָר שווערע יאָרן פון דער דײַטשישער אָקופּאַציע, בעת עס האָט געבושעוועט אַ מוראדיקער הונגער. האַרט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען שוין אונטער דער פּוילישער אָקופּאַציע, מיט גענעראַל זשעליגאָווסקי בראָש, האָט זיך צעבושעוועט אַ שרעקלעכער אַנטיסעמיטיזם, איז צוו. אַנד. אויך געווען דער פּראָמינענטסטער קרבן פון דעם מערדערישן רעזשים, דער ביז גאָר באַאַבטער יונגער פּאָעט א. ווײַטער. דאָך האָט דער לפי ערך קליינער ייִשוב פון אַן ערך 56.000 ייִדן זיך אַרויסגעוויזן מיט זײַן אומגעווייִנלעכער וויטאַליטעט. איידער דער קאָלאָניזאַציע־פּראָצעס האָט נאָך באַוויזן זיך צו עטאַבלירן, האָט ס׳רוב פון דער ייִדישער רוסיפיצירטער אינטעליגענץ זיך גיך אַ וואָרף געטאָן אויף ייִדיש און ייִדישער קולטור. אַ ברייטע נעץ פון שולן, מיטלשולן, קינדערהיימען אין ייִדיש און העברעיִש איז גיך אויסגעוואַקסן אין דער שטאָט.

צו אַזאַ־אָ אַטמאָספער האָט ד״ר ווײַנרײַך זיך אומגעקערט און גלײַך זיך אַרײַנגעוואָרפן אין דעם וואַקסנדיקן ענטוזיאַסטישן באַרג־אַרויף, וואָס האָט בלי ספק נאָך מער צוגעיאָגט דאָס באַקומען דעם שם ירושלים ד׳ליטע.

זײַן גרויסער אינטערעס פאַר ייִדישער לינגוויסטיק האָט ערשט געפונען זײַן פולן תּיקון אין ירושלים ד׳ליטע: דאָ איז געגרינדעט געוואָרן דער באַרימטער ייִדישער לערער־סעמינאַר א״נ פון וולאַדימיר מעדעם, ווו דער יונגער געלערנטער האָט געפונען ניט נאָר אַן ענטוזיאַסטישע, אידעאַליסטישע סטודענטשאַפט, נאָר אויך אַ גלענצנדיק פעלד פאַר זײַנע שפּראַך־עקספּע־רימענטן און פאַר רעקרוטירן באַגײַסטערטע יונגע מיטאַרבעטער;

אַ מין שטאַרק זיך דערגאַנצנדיקער טריומווירואַט פון משה קולבאַק, אברהם גאָלאָמב און ד״ר מאַקס ווײַנרײַך, צוזאַמען מיט אַנדערע אידעאַליסטן־לערער, האָט זיכער צוגעטראָגן אַ גרויסן חלק צום פאַרוואַנדלען דעם סעמינאַר אין אַן אמתער הויכשול פון ייִדיש און פון ייִדישער קולטור.

ווי האַרמאָניש און טאָלעראַנט האָבן אין אָט דער קהילה געהויזט די טראַדיציעס פון ווילנער גאָון, פון לומדות, מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם און פון דער שטאָט, ווו ס׳איז געשטאַנען דאָס וויגעלע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג.

חוץ לערנען שפּראַך און ליטעראַטור אין סעמינאַר, איז ער אַ קורצע צײַט געווען דער רעדאַקטאָר פון "ווילנער טאָג", און במשך פון לאַנגע יאָרן קאָרעספּאָנדענט פון ניו־יאָרקער "פאָרווערטס", אונטער פאַרשיידענע פּסעוודאָנימס, ווי אויך אונטער זײַן אייגענעם נאָמען. דאָס אַלץ האָט אים אויך נישט אָפּגעהאַלטן פון אָפטע אַרויסטריטן אין פאָרום פון "ווילביג" (ווילנער בילדונגס־געזעלשאַפט) און פון באַטייליקן זיך אין דעם שטאַרק אַנטוויקלטן אין ווילנע קאָמונאַל־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

דער היסטאָרישער ווענדפּונקט אין זײַן לעבן איז געווען ווען ער האָט מיט גרויס באַגײַסטערונג געענטפערט אויף נחום שטיפס (וועלכער האָט צו יענער צײַט געלעבט אין בערלין) פּראָיעקט צו שאַפן אַ ייִדישע וויסנשאַפטלעכע אַקאַדעמיע. אין אַזאַ קרוין־אינסטיטוציע וואָלט מען שטודירט דער עיקר ייִדישע לינגוויסטיק און ליטעראַטור, ייִדישע געשיכטע, סאָציאַלע וויסנשאַפט, פּעדאַגאָגיק אאַ"וו. אָט די אַקאַדעמיע וואָלט אויך רעגולירט די גראַמאַטיק, אָרטאָגראַפיע אד"גל.

אַ גאָר וויכטיקע אויפגאַבע וואָלט געווען דאָס אויסשולן וויסנשאַפטלער, מאָביליזירן אַלע קרעפטיקע אינטעלעקטועלע כּוחות, וואָס האָבן זיך געפונען אין פאַרשיידענע ייִדישע ייִשובים און געוואַרט אויף אַזאַ צענטראַלער קערפּערשאַפט.

בערלין איז דאַן שוין געווען אַ וויכטיקער צענטער פון אָנערקענטע ייִדישע אינטעלעקטואַלן. אַ צײַט לאַנג איז ווײַנרײַך געווען אַ טייל פון אָט דער וויכטיקער סביבה. מחמת זײַנע וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען און גרויסע קולטור־נאַציאָנאַלע אַמביציעס, איז ער געוואָרן דער אַרכיטעקט־בויער פון ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין דער שטאָט, וועלכע האָט געשפּילט אַ שליסל־ראָל אינעם עטאַבלירן און אַנטוויקלען דעם ייִוואָ.

חוץ די שוין דערמאָנטע סעקציעס, האָט גאָר אינגיכן גענומען אַרבעטן אַן עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישע סעקציע, אונטער דער פירערשאַפט פון יעקב לעשטשינסקי, אויך אַ בערלינער תּושב אין יענע יאָרן. ווײַנרײַך איז גיך געוואָרן די נשמה פון דעם אינסטיטוט. ניט נאָר די וויסנשאַפטלעכע סביבה, די ייִדישע קולטור־געזעלשאַפטלעכקייט, נאָר בפועל ממש אָן אַ שיעור פאָלקס־מענטשן און די ייִדישע יוגנט אין די שטעט און שטעטלעך האָבן זיך ענטוזיאַסטיש אָפּגערופן, באַזונדערס אויף דער לינגוויסטישער ראָל פון ייִוואָ, דורך זאַמלען פאָלקלאָר, פאָלקסווערטלעך, אאַ"וו. אַזאַ מאַסן־אָפּרוף איז בפירוש געווען איבער אַלע דערוואַרטונגען, און האָט אָפּגעשפּיגלט די התלהבותדיקע אַטמאָספער פאַר ייִדיש־וועלטלעכער קולטור, וואָס האָט געהערשט אין דעם פאַראָרעמטן און שווער געפּלאָגטן ייִשוב.

דער ייִוואָ האָט בלי שום ספק גאָר שטאַרק געהאָלפן פאַרוואַנדלען ווילנע אין אַ מין מאָדערנער יבנה.

ד״ר מאַקס ווײַנרײַכס ניו־יאָרקער מיטאַרבעטערין, לוסי דאַווידאָוויטש, דריקט זיך אַזוי אויס וועגן איר וויסנשאַפטלעכן מדריך:

״ער האָט געגלויבט, אַז ער קען רירן וועלטן, אַז ער קען דערגרייכן אַ סך מיט ווייניק מיטלען. ער האָט געניצט זײַן גרויסע ווילנסקראַפט צו רעאַליזירן אַ וויזיע פון ייִדישער וויסנשאַפט אין דינסט פון דעם ייִדישן פאָלק. זײַן יוגנטלעכער ברען פאַר פאָליטיק האָט אַלץ מער זיך אַריבערגעטראָגן צו וויסנשאַפט״.

און כך הווה, זײַן ראָל האָט טאַקע שטאַרק געהויבן דעם ניוואָ פונעם ייִדיש־וועלטלעכן קולטור־רענעסאַנס.

איבער הונדערט יאָר האָט דאָמינירט די דײַטש־ייִדישע מחשבה, דער עיקר באַזירט אויף דער אַפּאָלאָגעטישער ״וויסענשאַפט דעס יודענטומס״, וועלכע האָט דערהויפּט זיך קאָנצענטרירט אויף יודאַיִקאַ, און נישט אויף דעם אַקטועלן ייִדישן לעבן. אַ גרופּע פּיאָנערן, ייִדישע וויסנשאַפטלער פון נײַעם נוסח, האָט זיך לכתּחילה פאָרמירט אין פּעטערבורג אונטער דער פירערשאַפט פון שמעון דובנאָוו. אַחוץ אַ געזעלשאַפט פאַר ייִדישער געשיכטע, האָט זיך אויך געשאַפן אַ ייִדישע עטנאָגראַפישע געזעלשאַפט, מיט דער באַטייליקונג פון ש. אַנ — סקי און אַנדערע.

״אויב״, זאָגט לוסי דאַווידאָוויטש, ״די אַלטע שול האָט געצילט צו העלפן דער פּאָליטישער עמאַנציפּאַציע פון די דײַטשישע ייִדן, האָט ווײַנרײַך באַטראַכט דעם ייִוואָ ווי אַן אינסטרומענט פאַר דער קולטור־עמאַנציפּאַציע פון ייִדיש־ריידנדיקע ייִדן״ (ציטירט פון אַן אַרטיקל פון לוסי דאַווידאָוויטש אין אַמעריק. ייִדישן אַרכיוו, 1969, ז׳ 66).

צום 10־טן יובֿל פון ייִוואָ אין יאָר 1935 אין ווילנע האָט זיך ווײַנרײַך אַזוי אויסגעדריקט:

״אונדזער קאַמף פאַר דער עמאַנציפּאַציע פון ייִדישן פאָלקסמענטש קאָן מען אויסדריקן, על רגל אחת, אין אייניקע זאַצן: מיר ווילן דערגרונטעווען זיך צום ייִדישן לעבן מיט דער הילף פון מאָדערנע פאָרש־מעטאָדן. מיר ווילן עס צוריקברענגען צו די ייִדישע מאַסן״. און ווײַטער: ״דער ייִוואָ וויל ניט נאָר פאָרשן די ראָל פון רבנים, שרײַבער און וויסנשאַפטלער, נאָר אויך דאָס סאָציאַלע לעבן פון פּשוטן מענטש, ניט נאָר זײַן עקאָנאָמישן גורל, נאָר אויך זײַן שפּראַך, ליטעראַטור, געדאַנק און גײַסט״.

קודם־כּל האָט ווײַנרײַך זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פאַראייניהייטלעכן דעם ייִדישן אויסלייג. און, טאַקע, אין יאָר 1930 איז צום ערשטן מאָל, מיט דער הילף פון ציש״אָ (צענטראַלע ייִדישע שול־אָרגאַניזאַציע) גערופן געוואָרן אַן אויסלייג־קאָנפערענץ אין ווילנע. פון דעמאָלט אָן איז דער ייִוואָ־אויסלייג געוואָרן אָבליגאַטאָריש אינעם ייִדיש־וועלטלעכן שולוועזן אין פּוילן.

גלײַכצײַטיק מיט אָפּהיטן וויסנשאַפטלעכע עקזאַקטקייט, פלייסט זיך

ווײַנרײַך צו זײַן זייער פּאָפּולער. דערפֿאַר האָט ער טאַקע געהאַט גרויס דערפֿאַלג ווי אַ זשורנאַליסט. דער זעלביקער באַגער צו ברענגען וועלטלעכע ליטעראַטור צום ייִדישן מאַסן־לייענער האָט אים באַוווּגן צוו״אַנד צו ווערן אַן איבערזעצער. ער האָט אויך רעדאַגירט אַ גרעסערע צאָל לינגוויסטישע אויסגאַבעס, היסטאָרישע ווערק, פֿאָלקלאָריסטישע, סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע אויסגאַבעס. אַפֿילו די סטאַטיסטיק פֿון דער ביבליאָגראַפֿיע פֿאַרבונדן מיט זײַן נאָמען באַווײַזט ווי פּראָדוקטיוו און פּילזײַטיק ער איז געווען: 337 איינסן פֿון ביכער, פּאַמפֿלעטן, פֿאָרש־אַרבעטן, רעצענזיעס, צײַטונגס־אַרטיקלען און איבערזעצונגען (זע לייבל קאַהנס ״ביבליאָגראַפֿיע פֿון מאַקס ווײַנרײַכס שריפֿטן״). נאָך איידער ער איז געוואָרן 40, האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט איניקע ביכער וועגן ייִדישער גראַמאַטיק און אָרטאָגראַפֿיע. ער האָט אויך רעדאַגירט די ייִוואָ־בלעטער אאַ״וו.

אין יאָר 1932 פֿאַרלאָזט ווײַנרײַך ווילנע און פֿאַרברענגט צוויי יאָר אין יעיל־אוניווערסיטעט, אויף אַ ראָקפֿעלער־סטיפּענדיע, אין אַן אינטערנאַציאָנאַלן סעמינאַר אד״ט ״די השפּעה פֿון קולטור אויף דער אינדיווידועלער פּערזענלעכקייט״. אין 1934 קומט ער קיין ווין שטודירן מיטן פּסיכאָאַנאַליטיקער ד״ר זיגמונד בערנפֿעלד, אַ תּלמיד פֿון זיגמונד פֿרויד.

אונטער מאַקס ווײַנרײַכס אײַנפֿלוס האָט דער ייִוואָ אָנגעזאַמלט 300 ביאָגראַפֿיעס פֿון יונגע ייִדן. דאָס האָט צוגעגרייט אַ באַזע פֿאַר זײַן בוך דער וועג פֿון דער יוגנט (ווילנע 1935).

דאָס פּראָבלעם פֿון ייִדישן קולטור־המשך האָט אים כּסדר געעקבערט. הגם ער האָט געהאַט זײַנע פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע וואָרצלען אין ״בונד״, האָט ער פֿון דעסטוועגן אין דער צווייטער העלפֿט פֿון די צוואַנציקער יאָרן אין ווילנע געבויט און טאַקע אָנגעפֿירט מיט אַ קינדער־באַוועגונג מיטן נאָמען ״בינען״ — אַ באַשײַמפּערלעכע ״קאָנקורענץ״ מיטן בונדישן סאָציאַליסטישן קינדער־פֿאַרבאַנד ״סקיף״. דאָס האָט ער געוואָלט לייגן דעם שווערפּונקט אויף דעם נאַציאָנאַל־קולטורעלן און אומפּאַרטייאישן ייִדישן לעבן. אָט די באַוועגונג האָט טאַקע אַ געוויסע צײַט אָנגעריסן אין ווילנע, אָבער דאָך ניט געקענט בײַקומען דעם אידעאָלאָגישן אײַנפֿלוס פֿון דעם בונדישן ״סקיף״. ״די ייִדישע יוגנט מוז״, האָט ווײַנרײַך בפֿירוש אויסגעפֿירט (אין ״וועג צו דער יוגנט״), ״ניצן מאָדערנעם וויסן און אַוואַנסירטע מעטאָדאָלאָגיע צו שטאַרקן די אייגענע זעלבסטווערדע״ דורך קאַטעגאָריש אָפּוואַרפֿן סײַ דעם דעגראַדירנדיקן אײַנפֿלוס פֿון אַנטיסעמיטיזם, און סײַ דעם באַגריף פֿון נעבעכדיקן גלות־ייִד. ווײַנרײַך האָט געשטעלט זײַן טאַלאַנט און דערפֿאַרונג אין דינסט פֿון פֿאָלק צו שטאַרקן און הייבן זײַן חשיבות און מוט אין קאַמף פֿאַר אַ שעפֿערישן קיום.

אין 1935 האָט ווײַנרײַך זיך שטאַרק אַנגאַזשירט אין אַנטוויקלען די אַ״ג

ייוואָ־אַספּיראַנטור. נאָך אין יאָר 1925, ווען ער האָט געטיילט זײַן ענטוזיאַזם מיט אונדזער קלאַס, פלעגט ער ניט איין מאָל אונטערשטרײַכן זײַן חלום צו אַנטוויקלען די אַספּיראַנטור צו אַ פולן אוניווערסיטעט־קורס. איך ספק ניט, אַז ווען ניט דער חורבן, וואָלט ער, ווי תּמיד ווען ער האָט געשטרעבט צו אַ וויכטיקן אויפטו, מיט דער צײַט דערגרייכט זײַן ציל. לוסי דאַווידאָוויטש און אליהו שולמאַן זײַנען טאַקע געוואָרן אַספּיראַנטן, און שפּעטערצו אויך יאָסל מלאָטעק.

די מלוכישע אוניווערסיטעטן האָבן געגעבן יידישע געשיכטע אויפן שפּיץ מעסער, הגם אַפילו אַזוי האָבן די פּראָפעסאָרן משה שאָר און מאיר באַלאַבאַן צוגעצויגן אַ סך סטודענטן. די אַספּיראַנטור האָט געזאָלט קודם־כל אויסשולן יונגע פאָרשער, מיט דער פּערספּעקטיוו פון קוואַנטיטאַטיוון און קוואַליטאַטיוון וווּקס. די אַספּיראַנטור איז געוואָרן ווײַנרײַכס באַליבטער אויפטו.

נאָר דרײַ יאָר האָט די אַספּיראַנטור־אינסטיטוציע, לײדער, אָנגעהאַלטן אין פּוילן. אָבער אויך אין אַמעריקע האָט ד״ר מאַקס ווײַנרײַך ממשיך געווען דעם דאָזיקן פּראָיעקט, אין אַן אַנדערער ווערסיע. אין ניו־יאָרק שאַפט ער דעם צענטער פאַר ייִדישע שטודיעס, וועלכער עקזיסטירט ביזן הײַנטיקן טאָג.

צום גליק האָט ווײַנרײַך, מיט זײַן זייער געראָטענעם זון אוריאל, אין זומער 1939 פאַרלאָזט ווילנע, כּדי אָנטיילצונעמען אין אַן אינטערנאַציאָנאַלער לינגוויסטישער קאָנפערענץ אין בריסל. פון דאָרט זײַנען ביידע אָנגעקומען אין ניו־יאָרק. האַרט נאָך דעם איז זײַן פרוי, ווי אויך זייער צווייטער זון, געקומען קיין אַמעריקע.

ניו־יאָרק האָט נישט געשמט מיט קיין גרויסער סימפּאַטיע צו פרעמדע שפּראַכן און קולטורן. דאָך נעמט ווײַנרײַך זיך אונטער פּאַנאַנדערצובויען די ביז דאַן נאָך שוואַכע אָפּטיילונג. לויט לוסי דאַווידאָוויטשעס אַרטיקל אין Jewish Year Book 1969 ז׳ 66, האָט ווײַנרײַך אין זײַן רעדע אויף דער ייִוואָ־קאָנפערענץ אין יאָר 1941 געזאָגט:

„אַלץ וואָס איז נויטיק, איז ווילנסקראַפט. דער כּוח פון פאַראַנט־וואָרטלעכקייט פאַר נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס איז צו שטאַרקן דעם ווילן פונעם פאָלק״ — — — „מיר האָבן אַ מאָראַלישן חוב צו זיך אַליין און צו אונדזערע ברידער אויף יענער זײַט ים פאַר דער צוקונפט פון ייִדישן פאָלק״.

האַרט נאָך דעם באַוויַזט זיך זײַן בוך היטלערס פּראָפעסאָרן (ניו־יאָרק, ייִוואָ־פאַרלאַג, 1946), אַ ווערק, וואָס האָט אַנטפּלעקט די טרויעריקע ראָל פון דײַטשישע פּראָפעסאָרן אין דינסט פון דער מאָרד־מאַשין.

די לעצטע צוואַנציק יאָר פון זײַן לעבן האָט ווײַנרײַך כּמעט אינגאַנצן אָפּגעגעבן דעם מאָנומענטאַלן ווערק די געשיכטע פון דער ייִדישער שפּראַך.

הגם קודם־כּל אַ פּרעציז לינגוויסטיש ווערק, איז עס פּאָרט ניט קיין טעמאַטיש באַשרענקטע אַרבעט. גאָר אַ סך פון דעם ווערק איז געווידמעט דער שפּראַך־אַנטוויקלונג ווי אַן אינטעגראַלער טייל פון אַשכּנזישן ייִדנטום, ביז צום אויספּירלעכן באַהאַנדלען פון שפּראַך־פּראָבלעמען פאַרבונדענע מיט די באַציִונגען מיט דעם ניט־ייִדישן אַרום. דאָס דאָזיקע מאַסיווע ווערק איז בלי ספק אַ מאָנומענט, ווי לוסי דאַווידאָוויטש דריקט זיך אויס, פאַר דעם אַשכּנזישן ייִדיש פון איבער 1100 יאָר.

פון רײַן, מאָזעל־געביט, האָט אונדזער פאָלקס־לשון געוואַנדערט אויף מזרח. ביז דעם XV י״ה זײַנען אירע גרויסע שטיץ־פּונקטן געווען: מײַנץ, וואָרמס, פּראַג א״אַ. נאָך דעם זײַנען די גרויסער צענטערס איבערגעגאַנגען קיין קראָקע, לובלין, מיעזשיבאָזש, ווילנע, וואַרשע אאַ״וו.

״אויף אַזאַ אופן איז אַשכּנזיש געוואָרן באַפרײַט פון דער טעריטאָריאַלער באַהעפטונג און איז איבערגעגאַנגען צו געשיכטע״, שרײַבט ווײַנרײַך. כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס דער דורכאויס וועלטלעך אָריענטירטער וויסנ־שאַפטלער שטרײַכט גאָר אָפּט אונטער אין די פיר בענד די ראָל פון רעליגיע אין דעם פאָרמירן פון ייִדיש און פון דער ייִדישער פאָלקס־קולטור. דאָס איז בלי ספק אין פולשטענדיקן אײַנקלאַנג מיט זײַן גרונט־הנחה, אַז ייִדיש און ״ייִדישקייט״ בכּלל האָבן ניט נאָר געפאָרעמט די באַגריפן ״וועלט״ פון דער אַשכּנזישער קהילה, נאָר אויך פון איר שפּראַך.

כאָטש ייִדיש, טענהט דער מחבר, האָט אויך באַקומען אַ מאָדערנעם סעקולערן אויסדרוק, איז עס פאָרט געבליבן אַ שפּראַך פאַרבונדן מיט ייִדישקייט! (ציטירט פון זײַנעם אַן אַרטיקל אין דער יובילײ־אויסגאַבע געווידמעט מרדכי מ. קאַפּלאַנען, ניו־יאָרק 1953). אַשכּנזישע קולטור האָט זיך באַזירט אויף צוויי־שפּראַכיקייט — העברעיִש און ייִדיש (אין זעלבן אַרטיקל).

ייִדיש איז אַ טייל פון דער טראַדיציאָנעלער קולטור. מיט דער צײַט האָט אויך ייִדיש ניט בלויז געדינט ווי אַ ווערנאַקולאַר (גערעדטע), נאָר אויך ווי אַ שריפטלעכע שפּראַך. די צאינה וראינה איז אַ באַשטעטיקונג פון דעם.

אויף אַ ייִוואָ־קאָנפערענץ אין יאָר 1951 האָט מאַקס ווײַנרײַך אַזוי פאַר־ענדיקט זײַן רעפעראַט:

״אין דער קולטור און שפּראַך פון אַשכּנז געפינען מיר אַ ווונדערלעכע טראַנסצענדענטאַלע פאַרבינדונג פון ווערטן פון אַ ייִדישן און אוני־ווערסאַלן שטאַנדפּונקט. ווען די ווערטן וואָלטן פאַרשווונדן צוזאַמען מיט דעם בלוט־און־אַש פון אונדזערע חורבן־מאַרטירער, וואָלט עס געווען אַ נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע״. — ווערטער, וואָס קלינגען ממש ווי אַ הייליקע צוואה און אַ פאַראָל פאַר דער איצט כאָטש טיילווײַז דערוואַכטער אויפלעבונג פון אָפּשאַצן די גרויסע היסטאָרישע ראָל פון

ייִדיש פֿאַר דער צוקונפֿט פֿון ייִדישן פֿאָלק.

ד״ר מאַקס ווײַנרײַך האָט דורך זײַן זון אוריאל ממש מקיים געווען אָט די מצווה פֿון זאָרג פֿאַר ייִדיש־המשך.

ער, זײַן טאַלאַנטירטער אוריאל, וועלכער איז דערגאַנגען צו דער פֿירער־שאַפֿט פֿון דעם אַלגעמיינעם לינגוויסטישן דעפּאַרטאַמענט פֿון קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט, האָט דורך זײַן האַנטבוך קאָלעדזש־ייִדיש און ווערטערבוך געשאַפֿן די כּלי זיין פֿאַר רעאַליזירן אין אַ באַשטימטער מאָס זײַן פֿאָטערס אידעאַל. ליידער איז ער אַזוי פּרי אַוועק פֿון דער וועלט און האָט פֿאַראָבלט דעם פֿאָטער און אונדז אַלעמען, וועלכע האָבן אין אים געזען דעם ממלא־מקום פֿון זײַן רבין, ד״ר מאַקס ווײַנרײַך.

אַ שווער געפּרוווטער און, נאַטירלעך, אַ ביז גאָר צעבראָכענער, האָט דאָס פֿאַרלירן זײַן אוריאל, זײַן אויג אין קאָפּ, ניט אָפּגעשטעלט ד״ר מאַקס ווײַנרײַכס אומגעוויינלעכע אַקטיוויטעט סײַ אין ייִוואָ און סײַ אין שרײַבן און אין זײַן אוניווערסיטעט־קאַריערע אין אַמעריקע. ממש ביזן לעצטן אָטעמצוג איז מאַקס ווײַנרײַך געבליבן אויף זײַן פּאָסטן. מיט דער זעלביקער לײַדנשאַפֿט, מיט וועלכער ער האָט אונדז אין ייִדישן לערער־סעמינאַר אָנגעשטעקט מיט זײַן אומגעוויינלעכער ליבשאַפֿט און ווײַטגרייכנדיקער מיינונג וועגן ייִדיש און ייִדישער קולטור, האָט ער אַפֿילו אין דער קאַלטער סקעפּטישער אַמעריקע באַוויזן אויפֿצוהאַלטן זײַן אידעאַליזם.

ווען מיר האַלטן שוין בײַם אָפּשאַצן די ראָל און שעפֿערישקייט פֿון ד״ר מאַקס ווײַנרײַך, איז באַזונדערס ווערט אַרויסצוהייבן די זעלטענע האַרמאָניע צווישן זײַן טעאָרעטיש־וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט און דער פּראַקטישער אָנווענדונג פֿון זײַן לעבנס־אויפֿגאַבע. אַזוי רײַך איז זײַן ירושה אין שריפֿט, אַז ס׳איז באמת איבער דער מאָס פֿון אַן עסיי אַפֿילו בלויז די גענויע ביבליאָגראַפֿיע צו ברענגען. דאָך ווילן מיר נאָך צוגעבן צו דעם פֿריִער געבראַכטן, אַזעלכע אַרבעטן, ווי שטאַפּלען — 4 עטיודן צו דער ייִדישער שפּראַך־וויסנשאַפֿט און ליטעראַטור־געשיכטע, (פֿאַרלאַג ״וואָסטאָק״, בערלין 1923).

די בלויזע ראשי פּרקים פֿון די קאַפּיטלען אינעם בוך וועלן דעם לייענער געבן אַ באַגריף אין וועלכער ריכטונג דער יונגער וויסנשאַפֿטלער און נאַציאָנאַל מאָטיווירטער דענקער האָט געטראַכט:

1) וואָס מיר האָבן און וואָס אונדז פֿעלט.
2) וטער יאָרהונדערט ייִדיש־פֿאָרשונג.
3) מגילת ווינץ — אַ היסטאָרישע פּאָעמע.
4) דאָס קורלענדער ייִדיש, און וואָס פֿאַר מיר איז באַזונדער אַפּע־לירנדיק צו דערמאָנען, מכירת יוסף — ״דאס איז אַרויסגענומען פֿון ספר תּם וישר און פֿון אַנדערע ספרים, וואָס האָט זיך פֿאַרלאָפֿן פֿון אדם הראשון

ביז יהושען״.

פֿאַרוואָס עפּעס טייל איך אויס ״די שטאַפּלען״, און באַזונדערס ״מכירת יוסף״? — ווײַל באַלד נאָכן אַרויסגעבן זיי, שוין אין יאָר 1924, האָט מאַקס ווײַנרײַך אײַנשטודירט דעם ספר מיט אונדז אין סעמינאַר, און האָט גורם געווען, אַז די פֿון אונדז, וואָס האָבן געשפּילט אין דער פּיעסע, וועלכע ער האָט אויך רעזשיסירט, זאָלן פֿאָרן צום 2־טן אַלפּוילישן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער צענטראַלער ייִדישער שול־אָרגאַניזאַציע, ווו די פּיעסע איז געשטעלט געוואָרן, און אין דעם זכות האָט מיר צוגעשפּילט דאָס מזל זיך צו באַטייליקן אין דעם צוזאַמענפֿאָר.

מיט וואָס פֿאַר אַ התמדה האָט מיט אונדז ווײַנרײַך אײַנשטודירט ״מכירת יוסף״ און כּסדר אונטערגעשטראָכן די גרויסע היסטאָרישע באַדײַטונג פֿון ייִדישן פֿאָלקלאָר. טעאָריע מיטווירקלעכקייט זײַנען בײַ אים געווען געפּאָרט אין אַ פּולער גאַנצקייט.

ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט, און אין דעם זעלביקן יאָר 1923 איז אַרויס אַ גרעסערע בראָשור א״נ שרײַבן אָן גרײַזן. און ווײַטער, בילדער פֿון דער ייִדישער געשיכטע אין 17־טן י״ה (באָגדאַן כמיעלניצקי, שבתאי צבי, קדושים אין אַמאָליקן פּוילן און דער ווילנער בלוט־בילבול פֿון 1690) — אַרויס אין 1927.

איך דערמאָן איצט נאָר אייניקע פֿון די אויסגאַבעס, וועלכע איך האָב ניט אָנגערופֿן אין דעם ביאָגראַפֿישן טייל פֿונעם עסיי. שפּעטער שוין איז אַרויס די געשיכטע פֿון בייזן פֿאָרל; קינדער־פֿרײַנט, וואַרשע 1937; זיגמונד פֿרויד און זײַן שיטה, 1937; די שוואַרצע פֿינטעלעך, אַן אילוסטרירטע געשיכטע פֿון דער קונסט פֿון שרײַבן, פֿאַרלאַג ״נײַוועלט״ — ווילנע 1939.

ווער קען ברענגען אַלע אַרטיקלען, הקדמות אאַ״וו, וועלכע ער האָט אַזוי אָפּט פֿאַרעפֿנטלעכט אין זײַן רעדאַקטאָרישער אַרבעט...

* * *

אחרון אחרון חביב, קערן מיר זיך אום צו באַהאַנדלען זײַן מאָנומענטאַלע געשיכטע פֿון דער ייִדישער שפּראַך און קולטור. שוין דאָס **פֿיר־בענדיקע** לעבנסווערק באַווײַזט דעם פֿאַרנעם פֿון אָט דער ריזיקער אַרבעט סײַ אין כּמות, און אַוודאי, דער עיקר אין איכות.

אין דעם קורצן אַרײַנפֿיר זאָגט זיך אין נאָמען פֿון ייִוואָ אָט וואָס:

״דער ייִוואָ ברענגט איצט אַרויס אין דער עפֿנטלעכקייט ד״ר מאַקס ווײַנרײַכס פֿיר־בענדיקע געשיכטע פֿון דער ייִדישער שפּראַך מיט אַ באַזונדערער פֿרייד און יראת הכּבוד, און אויך מיט אַ געפֿיל פֿון אומעט. מיט פֿרייד, ווײַל ס׳איז מקוים געוואָרן אַ חלום אי פֿון מחבר, אי פֿון ייִוואָ; מיט יראת הכּבוד, ווײַל מיר ווייסן וויפֿל מי, וויפֿל פֿאָר־

שערישע אַרבעט און וויפל בקיאות דער מחבר האָט אין דעם בוך אַרײַנגעלייגט, און דער אומעט, וואָס דער מחבר האָט ניט זוכה געווען צו זען די לעצטע גילטיקע פרוכט פון אַ לעבן אַרבעט".

ווײַנרײַך האָט טאַקע ניט געזען דאָס געדרוקטע בוך. אָבער וואָס פאַר אַ גליק פאַר דער ייִדיש־קולטור איז, וואָס מ'האָט דאָך באַוויזן עס צו פאַרענ־דיקן. אַזוי פיל איוב־לײַדן האָבן זיך געשאָטן אויף אים, ווי דאָס פאַרלירן זײַן וווּנדערלעכן זון אוריאל, און עפּעס ווי דער גורל האָט פאָרט לײַטזעליק מעגלעך געמאַכט, אַז די "געשיכטע" זאָל זײַן גרייט צום דרוק.

באַהאַנדלען גרינטלעך דאָס מאָנומענטאַלע לעבנסווערק איז, נאַטירלעך, ווײַט איבער די ראַמען פון אָט דעם עסיי. און, איבעריקנס פיל איך זיך ניט באַרופן צו אַנאַליזירן עס אויספירלעך. איז הלמאי האָב איך זיך דאָך גענומען צו אַזאַ טעמע?

שוין אינעם אונטערקאָפּ פון דעם עסיי איז געזאָגט געוואָרן, אַז דאָס האָב איך דער עיקר דעם פּראָפיל באַטראַכט ווי "פּאַרצייכענונגען פון אַ תּלמיד", וואָס איז שטאַרק פאַראינטערעסירט אין זײַן פאַרערטן רבינס ראָל אין דעם רענעסאַנס פון דער ייִדיש־וועלטלעכער קולטור.

ווי אַ לייט־מאָטיוו פאַר די פיר ספרים, וואָס גרייכן ווײַט אַריבער די ראַמען פון עקזאַקטער לינגוויסטיק, קען דינען פאָלגנדיקע פילזאָגנדיקע פעסטשטעלונג:

"די באַגריפן אַשכּנז ווי אַ גאַנצקייט און **דרך השם** ווי אַ ספּעציפיש־קייט פון ייִדישן לעבן, עפענען נײַע פערספּעקטיוון פאַר דער ייִדיש־פאָרשונג בפרט, און פאַר דער ייִדישער קולטור־געשיכטע בכלל".

און מען געפינט טאַקע גאָר אָפט ד"ר ווײַנרײַכס רמזים בײַ די רעפערענטן אין די פיר בענדער צו אָט דעם פונדאַמענטאַלן בליק זײַנעם, אַז ייִדיש איז געווען און וועט תּמיד האָבן אויף זיך דעם חותם פון זײַן ענג געקניפּט און געבונדן מיט דער היסטאָרישער ווירקלעכקייט פון דער רעליגיעזער גײַסטיקער ירושה פון דער ייִדישער ציוויליזאַציע.

אויך אין דעם מאָדערנעם פּעריאָד פון וועלטלעכקייט טראָגט אונדזער פאָלק אין זיך אַ שפּראַך מיט די זאַפטן פון יענער פיל־טויזנטיאָריקער טראַדיציע. זי בלײַבט דעריבער אַן אינטעגראַלער באַשטאַנדטייל פונעם אַלגעמיינעם באַגריף פון ייִדישקייט. "אין איר האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט שטיקער פון לשון־קודש", זאָגט דער מחבר (ז' 4).

כאָטש דער דרך השם האָט דערגרייכט זײַן הויכפּונקט אין אַשכּנז, האָט ער אָבער געצויגן זײַן יניקה פון צרפת, איטאַליע, צפון־אַפריקע, יוון און בבל, אאַ"וו.

ווידעראַמאָל דאַרף געזאָגט ווערן, אַז אָט די אָפּשאַצונג שפּיגלט טאַקע אָפּ די כּוונה פון דעם מחבר, וועלכער האָט שוין אין סאַמע אָנהויב אָנגעקניפּט

ייִדיש צו דער אַנטוויקלונג פון פּריערדיקע אַנדערע ייִדישע שפּראַכן, און אויף אַזאַ אופן ווײַט אויסגעברייטערט דעם גבול פון פאָרשן ייִדיש. אויך די ראָל פון שפּראַך־אײַנפלוסן פון דער ניט־ייִדישער וועלט געפינט אַ בולטן אָפּקלאַנג אין דעם ווערק.

מיר קענען, נאַטירלעך, ניט אַרײַנגיין אין קיין פּרטים פון ווײַנרײַכס געשיכטע פון דער ייִדיש־שפּראַך. לאָמיר כאָטש געבן דעם לייענער אַ באַגריף דורך אָנרופן די ראשי פּרקים פון די קאַפּיטלען אין ערשטן באַנד. פאַרוואָס פון דעם ערשטן? — ווײַל אין אים פאָרמולירט דער מחבר די גרונט־יסודות פון זײַן מאָנומענטאַלער אַרבעט.

באַנד I באַהאַנדלט:

א) ייִדיש און אַשכנז.

ב) ייִדיש אין גערעם, ייִדישע לשונות, אין גערעם, ייִדישע עדות.

ג) די שפּראַך פון דרך השם, וואָס דאָס מיינט פּשוט, אַז דער קולטור־נוסח, פון וועלכן ייִדיש איז אַ טייל, וואָרצלט אין דער גמרא.

ד) די אינעווייניקסטע ייִדישע צוויי־שפּראַכקייט.

ה) דער נאָמען ייִדיש.

ו) די היסטאָריאָזאָפישע דעטערמינאַנטן.

ז) לוטאַר, דאָס וויגעלע פון ייִדיש.

דער היסטאָרישער אַנאַליז לייענט זיך מיט אַ באַזונדערן אינטערעס און באַקרעפטיקט די טעזע, **אַז דער דרך השם איז אַ באַזע פאַר ייִדיש.** און ער קומט צום אויספיר, אַז "ייִדיש שפּיגלט נאָך הײַנט אָפּ דעם סיסטעם פון ייִדישקייט, ווײַל ייִדיש איז דאָך אַן אויסוווּקס פון יענער טראַדיציאָנעלער ייִדישקייט, וואָס איז אין דער אמתן אַ גאַנצער קולטור־סיסטעם" (ז' 10).

ספּעציעל וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אויף דעם פּראָבלעם פון דער צוויי־שפּראַכיקייט, וועלכן ווײַנרײַך באַהאַנדלט אַזש אויף 70 זײַטלעך. דעם קווינטעסענץ פון זײַן אָפּשאַצונג קען מען פאָרמולירן אַזוי: ביידע שפּראַכן, העברעיִש און ייִדיש, האָבן צו פאַרצייכענען פאַרשיידענע פּעריאָדן פון אויפשוווּנג און אָפּשוואַכונג, אָבער זיי האָבן תּמיד אײַנגעהאַלטן זייער וויטאַליטעט און זיך קעגנזײַטיק משפּיע געווען.

ד"ר ווײַנרײַך דריקט עס אויס אַזוי:

"ביז דער מערבֿ־יזירונג איז ייִדיש געווען סעקונדער לגבי לשון־קודש, נישט דערפֿאַר, וואָס פֿאַר צוויי שפּראַכן איז דאָס אָרט געווען צו ענג, נאָר ווײַל דער קיבוץ האָט נאָר בהדרגה גענומען אויסברייטערן די פֿונקציעס פֿון ייִדיש. אויף וויפֿל אָט די פֿונקציעס זײַנען געוואַקסן, איז טאַקע געוואַקסן דאָס אָרט פֿון ייִדיש אויך — און ניט אויפֿן חשבון פֿון לשון־קודש; לשון־קודש איז געוואַקסן פּאַראַלעל".

טאָמער צווייפלט עמעצער, צי אָט די דורכגעטראַכטע און שטאַרק באַ־

קרעפּטיקטע מיינונג איז נאָר אַ מער קאָניונקטורעלע מיינונג הײַנט, נאָך דעם אויפשטײַג פון העברעיִש צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון מדינת ישראל, ווילן מיר ברענגען ווײַנרײַכס מיינונג פון יאָר 1931 — פאַרעפנטלעכט אין ״די צוקונפט״ פון 1943 אונטערן נאָמען: ״וואָס וואָלט יידיש געווען אָן העברעיִש״. ער באַהאַנדלט אויספּירלעך אין דעם אַרטיקל אַ גרעסערן עסיי פון נחום שטיף, וועלכער האָט צו יענער צײַט אויסגעדריקט פּאָפּולערע סאָוויעטישע אַנטי־העברעיִשע טענדענצן. ער, ד״ר ווײַנרײַך, פּלייסט זיך אָבער צו באַווײַזן, אַז דאָס אַרײַנדרינגען פון העברעיִש אין יידיש האַלט־אָן און באַרײַכערט אונדזער פאָלקס־שפּראַך, און פאַרקערט.

אַ צווייטן אַספּעקט, פאַר וועלכן איך מאַך אַן אויסנאַם און באַהאַנדל אים אַ ביסל מער אויספּירלעך, איז דאָס קאַפּיטל וועגן דעם נאָמען יידיש. ער פאַררופט זיך אויף אַ קינה אויף גזירות אוקראַינע, אַרויס אין אַמסטערדאַם (1649), אין וועלכער מען טרעפט זיך אָן צום ערשטן מאָל אויפן וואָרט יודיש, דהײַנו: יידיש.

״אייגנטלעך״, זאָגט ווײַנרײַך, ״קען מען שוין זען בײַם סוף פון דער קראָקעווער אויסגאַבע, יאָר 1597, פון דיטריך בערן, אַז דאָס ביכל זיגענאַט איז אַרויסגעגעבן פון גלחות און אויף יידיש פאַרטײַטשט״. אין יאָר 1478 איז אויך פאַראַן אַ פאַרצייכענונג פון אַ נירנבערגער כראָניק (ז׳ 321), ווו דאָס וואָרט יידיש ווערט בפּירוש דערמאָנט. ״דער נאָמען יידיש זאָגט, אַז די ספּעציפישקייט איז שוין דערגאַנגען צו זייער וויסיקייט״, קומט ווײַנרײַך צום אויספּיר.

אָבער אַ גאַנץ קלאָרע פאָרם האָט דער אויסדרוק יידיש אָנגענומען ערשט אין דער בראָשור פון נתן־נטע האַנאָווער פון פּראַג (1660), שפה ברורה (ז׳ 324), ווו ״לשון־קודש ווערטער ווערן אויסגעטײַטשט אויף יידיש, איטאַליעניש און לאַטײַן״. פון דעם מחברס רייד קומט אויס, אַז עס זײַנען פאַראַן צוויי מינים ״דײַטשישע״ ווערטער: גרינגע, וואָס יידן פאַרשטייען און נוצן, און האַרבע, וואָס גויים נוצן זיי. ״אָבער ערשט אין 18טן י״ה איז שוין, ווײַזט אויס, געווען אָנגענומען דער נאָמען Judish Sprache״, זאָגט ווײַנרײַך. סוף XVIII י״ה האָבן משכילים אין דײַטשלאַנד דאָס צוגעטראַכט די באַצייכענונג זשאַרגאָן, ווען משה מענדעלסאָן האָט געשריבן, אַז ״דער דאָזיקער זשאַרגאָן האָט ניט ווינציק מיטגעהאָלפן צו דער אוממאָראַלישקייט פון פּראָסטע יידן״ (ז׳ 327).

ווײַנרײַך פאַררופט זיך נאָך אויף מענדעלסאָנס אַן אַנדערן מאמר: ״ריין דײַטשיש אָדער ריין העברעיִש, אָבער ניט קיין געמישעכץ״, און ער פאַרגלײַכט דאָס מיט אַ זאָג פון אָדעסער ״העברעיִסטן״, וואָס האָבן פאָרמולירט ״עברית או רוסית״. אָט דאָס קאַפּיטל אין ווײַנרײַכס בוך איז אָנגעפּיקעוועט מיט פּיקחות, בקיאות און טיפער ליבשאַפט צו יידיש, וועמעס

קריוודע ער נעמט זיך אָן, נישט פּאַרמינערנדיק די ראָל פון לשון קודש און פון מאָדערנעם העברעיִש. די ווירדע פון ייִדיש קען זיך ניט פאַרשטעלן קיין בעסערן פּאַרטיידיקער, ווי ד״ר מאַקס ווײַנרײַך.

מיטן אַרויסהייבן דעם פּראָבלעם פון דער דאַטע פון באַנוצן דעם אויסדרוק ייִדיש, האָט ווײַנרײַך בלי ספק געהאַט אין זינען אַ סך ברייטערע, ווי ריין וויסנשאַפטלעך־לינגוויסטישע אַספּעקטן, וואָרום ער האָט דערמיט אונטער־געשטראָכן, אַז ניט צופעליק איז ייִדיש די איינציקע שפּראַך, וועלכע די נאַציאָנאַלע גאונות פון פאָלק האָט, ווי ער דריקט זיך אויס, ״געשאַפן אַזוי שטאַרק אידענטיפיצירט מיטן פאָלק״.

אגב, איז כּדאי צו באַמערקן, אַז אַ גאָר באַדייַטנדיקער טייל פון אָט דעם לעבנסווערק זײַנעם איז אויך אַרויסגעגאַנגען אין אַן ענגלישער איבערזעצונג אונטערן טיטל The History of Yiddish.

*

צײַט אונטערצוציִען אַ סך־הכּל און זיך אומקערן קודם־כּל צום נאָמען פון אונדזער עסיי, ״ד״ר מאַקס ווײַנרײַך און דער רענעסאַנס פון דער ייִדיש־וועלטלעכער קולטור (רעמינסצענצן פון אַ תּלמיד)״. בדרך־כּלל ווערן אונדזערע שרײַבער, עסעיִסטן, און בכלל ס׳רוב פּירנדיקע פּערזענלעכקייטן גאַנץ גיך פאַרגעסן. אָבער צום שבח פון ייִדיש־וועלטלעכן קולטור־סעקטאָר איז דאָס ניט חל אויף ד״ר מאַקס ווײַנרײַכן. אַ צאָל וויכטיקע סיבות האָבן דאָס גורם געווען:

1. ווײַנרײַך האָט זיך באַזונדערס קונה־שם געווען מיט זײַן מאָנומענטאַלן קלאַסישן לעבנסווערק די געשיכטע פון ייִדיש.

2. ער האָט איבערגעלאָזט אַ רײַכע וויסנשאַפטלעכע ירושה און אַ סאָלידע, שטאַרק אָנערקענטע אינסטיטוציע, וואָס דערפילט אַ גרויסע נאַציאָנאַלע שליחות, דעם ייִוואָ.

3. אין זײַן אומדערמידלעכער קרבנות־גרייטער איבערגעגעבנקייט פאַר די אויפגאַבן און עקזיסטענץ פון ייִוואָ שפּיגלט בולט זיך אָפּ זײַן פּערזענלעכקייט, זײַן עקזאַקטקייט, זײַן דראַנג אָפּצוהיטן דעם ייִוואָ פון איינזײַטיקייט. דער ייִוואָ איז פאַרטראַכט געוואָרן ווי איבער און אויסער די כּלערליי גרופּירונגען, מיט איין און איינציקער לאָיאַליטעט — **אַבסאָלוטע אָביעקטיווקייט.**

ווי אַן עדות פונעם סאַמען אָנהייב פון דער גרינדונג פון ייִוואָ, דאַרף איך באַזונדערס אונטערשטרײַכן די זאָרג, וואָס ד״ר מאַקס ווײַנרײַך האָט אַרויסגעוויזן פאַר דעם נאָכוווקס פון יונגע פאָרשער אין ייִוואָ. בפּועל ממש צוזאַמען מיטן לייגן דעם גרונטשטיין פאַרן ייִוואָ איז גלײַכצײַטיק אַזוי בולט אויך געווען זײַן כּוונה אויסצושולן און אַנטוויקלען אַן ענטוזיאַסטישן און הויך־קוואַליפיצירטן פאָרשער. זײַן זון אוריאל איז געווען נאָר איינער פון זיי.

איך געדענק נאָך ווי אַ סך פֿון מײַנע חברים אין ייִדישן לערער־סעמינאַר האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו די איבערגעגעבענע מיטאַרבעטער שוין בײַם סאַמען אָנהייב פֿון דער גרינדונג פֿון ייִוואָ אין ווילנע.

די שײַכות פֿון אַ גרויסן טייל פֿון אונדזערע סעמינאַריסטן פֿון „אָזשעשקאָווע 7" און „דזשיעווולסקע 19" אין ווילנע איז כּסדר געוואָרן אַלץ ענגער און ענגער.

פֿון צווישן די אַמעריקאַנער תּלמידים רוקן זיך באַזונדערס אַרויס — דער באַגײַסטערטער, גאָר אַקטיווער לינגוויסט ד"ר מרדכי שעכטער, לוסי דאַווידאָוויטש, אליהו שולמאַן א"אַנד. אַ גאָר גרויסן אײַנפֿלוס האָט ד"ר ווײַנרײַך געהאַט אויף לוסי דאַווידאָוויטש, די באַקאַנטע פֿאַרדינסטפֿולע היסטאָריקערין פֿון חורבן, ווי אויך מחברין פֿון אַ גרעסערער אַרבעט וועגן ווילנע.

ווער נאָר עס איז געקומען אין קאָנטאַקט מיט ווײַנרײַכן, אין זײַן ראָל צו שטאַרקן די חשיבֿות פֿון דער מאָדערנער ייִדישער קולטור דורך הייבן דעם וויסנשאַפֿטלעכן ניוואָ פֿון פֿאָרשן, האָט געמוזט ווערן מיטגעריסן דורך אים. אַ גוטער בײַשפּיל איז די פֿאָרשערין פֿון ייִדישן פֿאָלקלאָר, און באַזונדערס פֿון מוזיק, חנה מלאָטעק. אַגבֿ, איז איר מיטפֿאָרשער יאָסל מלאָטעק, געווען, ווי שוין פֿריִער דערמאָנט, אַן אַספּיראַנט פֿון ייִוואָ. מיר וואָלטן, פֿאַרשטייט זיך, געקענט אָנרופֿן נאָך אַ סך פֿון צווישן ווײַנרײַכס תּלמידים און די וואָס האָבן אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים געשעפּט פֿון זײַן אײַנפֿלוס. דאָס איז אָבער אַ באַזונדערע טעמע.

צאָלרײַך און פֿאַרשיידן זײַנען ווײַנרײַכס רעפֿערענצן ניט נאָר אין שײַכות צווישן מאָדערנער וויסנשאַפֿט בײַ ייִדן און דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פֿון ייִדישן פֿאָלק, און באַזונדערס פֿון דער רעליגיעזער ציוויליזאַציע פֿון ייִדן, נאָר אויך מיט דעם כּמו באַשײַמפּערלעכן אָרגאַנישן שײַכות צווישן דער ייִדישער וויסנשאַפֿט און דער אוניווערסאַלער, און באַזונדערס פֿון דער מערבֿ־ציוויליזאַציע.

דאָ דאַרף נאָך גאָר שטאַרק אונטערגעשטראָכן ווערן ווײַנרײַכס ראָל אין:

1) פֿאַראייניהייטלעכן די אָרטאָגראַפֿיע,

2) קאָנסאָלידירן גראַמאַטישע כּללים, און אין

3) אָפּרייניקן די שפּראַך פֿון פֿרעמדע עלעמענטן, באַזונדערס פֿון די דײַטשמעריזמען, און דאָס אַרויסהייבן די לעגיטימקייט, ביז צום אַרבעטן איבער אַ דיאַלעקטן־מאַפּע פֿון דער ייִדישער וועלט.

בשײַכות מיט זײַן סענסיטיווקייט פֿון אָפּהיטן די פֿאַרשיידנאַרטיקע ייִדישע דיאַלעקטן, איז כּדאַי צו דערמאָנען מיט וויפֿל אַנטשלאָסנקייט ער פֿלעגט רעאַגירן אין קלאַס ווען מיר, סעמינאַריסטן, פֿלעגן גאָר אָפֿט אַרײַנפֿאַלן אין ליטווישן דיאַלעקט. ער האָט קיינמאָל ניט אַדורכגעלאָזט די געלעגנהייט

אונדז צו וואָרענען קעגן פאַרלירן דעם אייגענעם עכטן דיאַלעקט. ניט איין מאָל פלעגט ער ווידער און ווידער לויבן דאָס אָפּהיטן אייגענע דיאַלעקטן פאַרן וואיל פון ייִדיש.

יעדער איינער פון די דערמאַנטע פּונקטן פאַרלאַנגט אַ באַזונדערן עסיי. איך וויל בלויז אונטערשטרײַכן דעם קורצן סך־הכּל, אַז מיט זײַנע דערגרייכונגען און התלהבות פאַר דער חשיבות פון ייִדיש, און בלי ספק אויך מיט זײַנע גרויסע פּעדאַגאָגישע פעיִקייטן, האָט ער געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף זײַנע תּלמידים. זײַן אייגענער בײַשפּיל האָט שטאַרק געווירקט ־ ניט נאָר ווײַל מיר האָבן גערן און וויליק אַקצעפּטירט זײַן שפּראַך־פּילאָזאָפיע, נאָר אין אַ גרויסער מאָס מחמת מיר האָבן צו אים אַרויפגעקוקט מיט אַכפּער און דרך ארץ.

מיר, זײַנע תּלמידים, האָבן גוט געקענט ווײַנרײַכס הינטערגרונט איידער ער האָט פאַרבונדן זײַן לעבנסווערק מיט ייִדיש. די סביבה, פון וועלכער ער איז אַרויסגעוואַקסן אין זײַן היימשטאָט ריגע, ווו ער איז שטאַרק באַווירקט געוואָרן פון דער וואַקסנדיקער אַסימילאַציע, באַזונדערס צווישן די, וואָס האָבן שוין גענאָסן פון דער רוסישער און דײַטשישער העכערער בילדונג, יונגע אינטעליגענץ, צו וועלכער ער האָט געהערט, איז אַלץ מער און מער געוואָרן רוסיפיצירט. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר אָט דער אינטעליגענץ האָבן געגאָלטן צוזאָגנדיקע קאַריערעס, הגם דער אַנטיסעמיטיזם איז געווען זייער שטאַרק.

פאַרבינדן זיך דווקא מיט ייִדיש, און ווערן מיט דער צײַט איינער פון די זײַלן פון דעם ייִדיש־וועלטלעכן קולטור־רענעסאַנס, האָט ניט געקענט עפענען קיין קאַריערע־מעגלעכקייטן. אין פאַרבינדן זיך מיט דעם אויפשטײַג פון דער ייִדיש־קולטור האָט אָן שום ספק געשפּילט אַ ראָלע ווײַנרײַכס גאָר פריִער קאָנטאַקט מיט דער יונגער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע האָט נאָך גאַנץ גרויסע וואַקלענישן זיך געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט פון אַרויסהייבן די ייִדישע פאָלקס־קולטור צוזאַמען מיט די סאָציאַליסטישע אידעאַלן. ד״ר מאַקס ווײַנרײַך איז געוואָרן אַ טייל פון דעם רענעסאַנס פון דער פאָלקס־קולטור, און מיט דער צײַט איר באַגרינדער און פירנדיקער מיטטרעגער.

ווער קען צווייפלען, אַז זײַן חריפות, בקיאות, התמדה, אויסדויער און נאַציאָנאַלער פּאַטאָס האָבן אים שטאַרק געהאָלפן פאָרמירן דעם קולטור־רענעסאַנס אין אונדזער צײַט. זײַן לעבנסווערק האָט דערהויבן דעם אינטעלעקטועלן ניוואָ פון דער ייִדיש־ציוויליזאַציע אין כּלערליי אויסמעסטונגען. ניט קיין ווונדער, וואָס ער פאַרנעמט אַזאַ חשובן אָרט בײַ דער מזרח־וואַנט פון אונדזער איצט אַזוי שטאַרק באַדראָטן קולטור־רענעסאַנס.

## מלך ראַוויטש – דער ווירדיקער
## טרעגער פון "טלאָמאַצקע 13"

אַ בינטל זכרונות פון אַ פֿאַרערער און אַ נאָענטן פֿרײַנד

הגם זכריה־חנא בערגנער, באַקאַנט ווי מלך ראַוויטש, האָט שוין אין יאָר 1934 פֿאַרלאָזט וואַרשע און במילא אויפֿגעהערט צו זײַן דער לאַנגיאָריקער סעקרעטאַר פֿון דעם באַרימטן ייִדישן ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פֿאַראיין, איז ער אָבער געבליבן דער באַרופֿענער טרעגער פֿון דעם אייגנאַרטיקן אַדרעס אין דער געשיכטע פֿונעם וווּנדערלעכן קולטור־רענעסאַנס אין צווישן־מלחמהדיקן פּוילן.

קיין שום ממלא מקום האָט שוין קיינמאָל נישט דערגרייכט ראַוויטשעס אינטימע אידענטיפֿיקאַציע מיט טלאָמאַצקע 13.

דער גײַסטיק־שעפֿערישער אָפּקלאַנג פֿון אָט דעם אַדרעס האָט דערגרייכט ווײַט אַריבער די גרענעצן פֿון ייִדישן פּוילן, שוין אָפּגערעדט פֿון וואַרשע גופֿא. אָבער דעם גרעסטן זכות פֿון געניסן פֿון טלאָמאַצקע 13 האָבן געהאַט די צאָלרײַכע יונגע, אָפֿט אַפֿילו גאָר יונגיטשקע, שרײַבער, וואָס האָבן זיך דאַן געמערט ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. די־אָ וואַקסנדיקע פּלעיאַדע, פֿון וועלכער עס זענען שפּעטער ארויסגעוואַקסן גאָר באַדײַטנדיקע קינסטלער, האָט געפֿונען איר פֿאַרדינטן תּיקון אין ראַוויטשעס גלענצנדיקע פּיר בענדער "מײַן לעקסיקאָן". אַ ווערק פֿון גרויסן פֿאַרנעם, וואָס נעמט אַרום פּיר הונדערט פּראָפֿילן פֿון פּאָעטן, בעלעטריסטן, עסעיִסטן, קולטור־טוער אד"גל.

ס'וועט אונדז נאָך אויסקומען שפּעטער זיך אומצוקערן צו אָט דעם אייגנאַרטיקן לעקסיסאָן. לעת עתה דערמאָנען מיר אים נאָר אין שייכות מיט ראַוויטשעס ראָל אין דערמוטיקן יונגע טאַלאַנטן, וועלכע פֿלעגן אָפֿט קומען קיין וואַרשע פֿון נאָענטע און ווײַטע שטעטלעך, אָן מיטלען צו לעבן אין דעם גרויסן פֿרעמדן כּרך. געטראָגן אויף די פֿליגלען פֿון זייער באַגײַסטערטן רײַסן זיך צום ליטעראַרישן אָלימפּ, האָבן זיי אָפֿט, עלנטע און נאַיִווע, געזוכט אַ וואַרעמען בליק און אַ דערפֿאַרענע האַנט פֿון באַרימטע מײַסטערס. ס'האָט מער נישט עקזיסטירט די היים פֿון י. ל. פּרץ, ווו נישט איינער פֿלעגט ווערן אינספּירירט ווען ער האָט נאָר פֿאַרמאָגט אַ ליכטיקן פֿונק פֿון עכטן טאַלאַנט.

ס׳איז אוודאי נישט קיין חידוש, וואָס מלך ראַוויטשן, פּרצעס פּאָעטישן פּאַרערער, איז צוגעפּאַלן אַן ענלעכע ראָל צווישןביידע וועלט־מלחמות אין פּוילן. זיכער איז נישט געווען לײַכט צו פאַרטרעטן פּרצן. אַזאַ קאָלעקטיוו ווי דער ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין האָט אַוודאי נישט געקענט דינען דעם ציטערדיקן אָנהייבער ווי דער גרויסער מײַסטער פּרץ, און זײַן היים. פון צווישן דער קאָלירפולער עדה שרײַבער האָט זיך אויסגעטיילט איר סעקרעטאַר, פאַר וועלכן ס׳איז בפועל ממש געוואָרן אַן עבֿודה, חוץ אַלע אַנדערע, ווײַט נישט גרינגע, פליכטן פונעם פירער פון וואַקסנדיקן ליטעראַרישן פאַראיינס־צענטער — סײַ אין כּמות און סײַ אין איכות.

נישט אַלע יונגע האָבן, פאַרשטייט זיך, געפונען אין ראַוויטשן אַ מליץ־יושר. ער, דער איידעלער, סובטעלער און צאַרטער מענטש, האָט געקאָנט זײַן גאָר אַנטשלאָסן נעגאַטיוו אָפּצושאַצן טעקסטן, און במילא גאַנץ אָפט צו עצהנען דעם אַנטווישטן ער זאָל אויפגעבן זײַנע — אָדער אירע — ליטעראַרישע אילוזיעס.

אגבֿ, למען האמת מוז מען זאָגן, אַז ראַוויטש איז — ווי ס׳פלעגט זיך שפּעטער אַרויסווײַזן — נישט תּמיד געווען גערעכט. אין ס׳רובֿ פאַלן פלעגט אים אָבער יאָ זיך אײַנגעבן צו העלפן דעביוטאַנטן מיט זײַנע אויסגעפּרוּווטע עצות.

באַזונדערס האָט זיך ראַוויטש קונה־שם געווען ווי דער רעדאַקטאָר פון דער ליטעראַרישער זײַט אין דער בונדישער ״פאָלקסצײַטונג״. דאָרט פלעגן פאַרעפנטלעכט ווערן ראַוויטשעס שאַרפע, אָפט אַפילו שנײַדיקע, תּשובֿות אין שײַכות מיט אָפּגעוואָרפענע מאַנוסקריפּטן. ״גרינגראָז״ האָט דאַן געשפּילט גאָר אַ גרויסע ראָל אין צעאַקערן דאָס פּרוכטיקע פעלד פון שעפערישקייט פון יונג און אַלט. דאָס אָפּטיילן ״ווילדגראָז״ פון זאַפטיקן ״גרינגראָז״ איז געוואָרן אַ גאָר וויכטיקער בײַשטײַער פאַר ראַוויטשן צום אויפשוווּנג פון דער נײַער שפּראָצנדיקער ליטעראַטור.

ווי שוין געזאָגט, וועט אונדז שפּעטער אויסקומען באריכות זיך אָפּצושטעלן אויף די הונדערטער פּראָפילן, וועלכע ער האָט אַרויסגעגעבן אין די פיר בענ־דער. דעם ערשטן טייל האָט ער טאַקע געווידמעט דער עיקר די אומגעקומע־נע אין חורבן שרײַבער און קולטור־מנהיגים, וועלכע ער האָט באַזונדערס נאָענט געקענט אין פאַראיין.

נישט קיין וווּנדער, וואָס רחל קאָרן, ראַוויטשעס אַ לעבנסלענגלעכע פרײַנדין, האָט געפונען פאַר נויטיק אַזוי זיך אויסצודריקן: ״פון יונגע טאַלאַנטן פאַרנעמען אַ באַזונדער אָרט בײַ ראַוויטשן די שרײַבער. מ׳קען מיט באַשטימט־קייט זאָגן, אַז עס איז נישט געווען אין פּוילן קיין איין יונגער שרײַבער, וואָס זאָל נישט אָנקלאַפּן אין זײַן טיר מיט אַ פּעקל כּתבֿים... ווען נישט דער חורבן, וואָס האָט אָפּגעמעקט די טויזנט יאָר יִדישע שעפערישקייט אין

פוילן, וואָלט ראַוויטש געוואָרן, ווי י. ל. פּרץ אין זײַן צײַט, דער מדריך, דער וועגווײַזער פון דער ייִדישער ליטעראַטור" (פון "קאַנאַדער אָדלער", 9.2.1977).

איינער פון יענער אָנהייבערס, מרדכי צאַנין, האָט אים באַצייכנט ווי דעם "כּהן־גדול. ער דערפילט מיט אַלע זײַנע רמ"ח אברים פון זײַן גוף און מיט אַלע נשמה־פּעדים פון זײַן גאַנצן וועזן, אַז ער האָט דעם פוילן באַוווסטזײַן פון דער גיגאַנטישקייט פון דער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס האָט אין פאַרלויף פון איין יאָרהונדערט באַשאַפן אַזאַ מעכטיקע קינסטלעריש דערהויבענע ליטעראַטור" ("לעצטע נײַעס", 30.7.1976).

דער אָפּגלאַנץ פון יענעם שטורעם־און־דראַנג פּעריאָד, סימבאָליזירט דורך "טלאָמאַצקע 13", האָט אָנגעהאַלטן ביז צו ראַוויטשעס אָפּשייד פון דער וועלט, וועלכע ער האָט, נישט קוקנדיק אויף אַלע שטורוויכלונגען, אַזוי ליב געהאַט, אַזוי ווײַט, אַז ווען יצחק יאַנאַסאָוויטש האָט אין זײַן ערשטן באַנד "פּנימער און נעמען" געשריבן צוו"אַנד וועגן ראַוויטשן, האָט ער דאָס אויסגעדריקט אויף אַזאַ אופן: "שוין יאָרן, ווי ער שטייט פאַר אונדז ווי אויף אַ פּיעדעסטאַל... ער שטייט ווי אַ מענטש, צו וועלכן מיר קוקן אַרויף... און אויב מיר האָבן הײַנט־צו־טאָג אַ נר־תּמיד פײַער, וואָס האַלט־אויף די גאַנצקייט און משפּחהדיקייט פון אונדזער ליטעראַטור, איז עס אַדאַנק דער פּערזענלעכקייט פון מלך ראַוויטש".

ראַוויטש האָט קיינמאָל נישט אויפגעגעבן זײַן ראָל צו צאַפּלען און צו זאָרגן זיך וועגן דעם גורל פון ייִדישן שרײַבער. איך געדענק ווי ער האָט אין די מלחמה־יאָרן פרײַוויליק געלעבט ווי אַן אמתער נזיר אין מאָנטרעאָל (זינט פרילינג 1941) און געאַרבעט אַלס דירעקטאָר פון ייִדישן פאָלקס־אוניווערסיטעט בײַ דער ייִדישער פאָלקס־ביבליאָטעק און האָט פאַרדינט ממש "וואַסער אויף קאַשע". נאָכן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער באַקומען טויזנט דאָלאַר פאַר אינסצעניזירן פּרצעס "די דרײַ מתּנות" פאַר מאָריס שוואַרץ. ראַוויטש האָט גלײַך אויסגעגעבן אָט די פאַר אים ריזיקע סומע אויף שרײַב־מאַשינקעס פאַר ניצול־געוואָרענע שרײַבער אין אייראָפּע.

אומדערמידלעך האָט ער אויפגעזאַמלט זאַכן, געפּאַקט און, צוזאַמען מיט זײַן געטרײַער לעבנס־באַגלייטערין רחל אײַזנבערג־ראַוויטש, באַזאָרגט קודם־כּל די נויטבאַדערפטיקע שרײַבער אין די "די.פּי."־לאַגערן אין דײַטשלאַנד. ער האָט דאַן ממש געפיבערט מיט זייער גורל און געזוכט כּלערליי וועגן ווי אַזוי זיי צו ראַטעווען פון די ביטערע נאָכווייען פון חורבן.

אגב, באַלד נאָך דעם קעלצער פּאָגראָם איז אַ דעלעגאַציע פון דעם אַרבעטער־קאָמיטעט אַוועק אַלאַרמירן דעם קאַנאַדישן ייִדישן קאָנגרעס, כּדי צו איניציירן די אַ"ג שנײַדער־אימיגראַציע (דאַן האָט קאַנאַדע נאָך אַלץ נישט אַרײַנגעלאָזט קיין פּליטים) פון די לאַגערן און אומדירעקט פון

פוילן. מלך ראַוויטש האָט, ווי דער אומדערמידלעכער פּאָרזיצער פון דעם ליטעראַטן־פאַראיין אין מאָנטרעאָל אָנטיילגענומען אין דער דעלעגאַציע און האָט אויסגענוצט זײַן גרויסן אויטאָריטעט, כּדי איבערצוצײַגן דעם קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס ער זאָל משפּיע זײַן די קאַנאַדישע רעגירונג צו עפענען די טויערן פון דעם לאַנד.

צו לאַנג וואָלט געווען די פולע רשימה פון די יחידים, וועמען ער האָט מיט זײַנע גאָר באַשיידענע מיטלען געהאָלפן. אַלע זײַנע פרײַנד פלעגט ער אָנשטעקן מיט אָט דעם ציטער.

ס׳איז כּדאַי בלויז צו דערמאָנען ראַוויטשעס רעאַקציע אויף איציק מאַנגערס טראַגישער דערקלערונג, וואָס ער האָט געמאַכט בשעתו אין לאָנדאָן, אַז ער פאַרענדיקט ענדגילטיק מיטן שרײַבן. נישט נאָר האָט ראַוויטש אויפגעציטערט, נאָר געזאַמלט געגנוג מיטלען מאַנגערן צו ברענגען קיין מאָנטרעאָל, וווּ ער איז במשך פון לאַנגע וואָכן געווען אַרומגערינגלט מיט אָן אַ שיעור פרײַנדשאַפט און וואַרעמקייט.

לאָמיר איצט בקיצור אַרײַנקוקן אין ראַוויטשעס קאָלירפולער ביאָגראַפיע, וועלכע שפּאַנט אַריבער די צײַט צווישן 27־טן נאָוועמבער 1893 און דעם 20־טן אויגוסט 1976, ווען ער איז אויסגעגאַנגען אַ פּאָר טעג פאַר דעם אָנהייב פון דער ירושלימער קאָנפערענץ פאַר ייִדיש, פאַר וועלכער ער האָט געהאַט גרויס אינטערעס און... דערוואַרטונג. פון זײַן קראַנקן־בעט האָט ער זיך באַטייליקט אין די צוגרייטונגען ווי אַן אַקטיווער מיטבויער פון דעם נאַציאָנאַלן קאָמיטעט פאַר ייִדיש בײַם קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס.

ייִדיש איז געווען — און צו להכעיס אַלע ביטערע אַנטוישונגען געבליבן — דאָס שוואַרצאַפּל פון זײַן נאַציאָנאַלן אני־מאמין ביזן סאַמע לעצטן אָטעמצוג פון זײַן דינאַמישן לעבן.

געבוירן אין ראַדימנאָ, גאַליציע, איז ער גאָר פרי געוואָרן אַ יתום און דערצויגן געוואָרן דורך זײַן מאַמע הינדע בערגנער, וועמעס זכרונות ער האָט, צוזאַמען מיט זײַן ברודער, דעם שרײַבער הערץ בערגנער, אַרויסגעגעבן מיט אַ סך פּיעטעט אין יאָר 1946. לכתּחילה באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע ייִדישע דערציִונג גלײַכצײַטונג מיט באַזוכן אַ פּוילישע מיטלשול (גימנאַזיע). צו פערצן יאָר פאַרלאָזט ער דאָס שטעטל און ווערט אַ שילער אין אַ האַנדלס־שולע אין סטאַניסלאַוו, גאַליציע. לערנט דער עיקר בוכהאַלטעריע, וועלכע האָט געלייגט אַ גרויסן חותם אויף זײַן גאַנצן לעבנסטיל.

פּונקט אַזוי ציכטיק און אָפּגעהיטן ווי ער אַליין איז געווען, אַזוי איז אויך געווען דאָס אויפהאַלטן די צאָלרײַכע דאָקומענטן, בריוו, מאַנוסקריפּטן אאַ״וו, וועלכע ער האָט מיט גרויס זאָרג אויפגעזאַמלט. איז טאַקע נישט קיין וווּנדער, וואָס ראַוויטשעס אַרכיוו, וועלכער שפּיגלט אָפּ דעם אויפשטײַג־פּעריאָד פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור, איז אויפגעכאַפּט געוואָרן

ווי אַ ריזיקער אוֹצר דורך דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים. דער שרײַבער יאָסל בירשטיין אַרבעט שוין אַ לענגערע צײַט איבער דעם אַרכיוו ממשותדיק געשטיצט דורך ראַוויטשעס זון, דעם באַרימטן קונסטמאָלער יאָסל בערגנער, וועלכער לעבט אין ישראל.

נאָך אַ קורצער צײַט ווערט ער אַ באַנק־אָנגעשטעלטער אין לעמבערג און טראָגט זיך אַריבער אין 1912 קיין ווין. דאָרט איז ער ממשיך זײַן באַנק־קאַריערע, ביז וואַנען ער ווערט מאָביליזירט אין דער עסטרײַכישער אַרמיי, ווערט פאַרוווּנדעט אויפן פראָנט און קערט זיך אום נאָך דער מלחמה אין זײַן באַליבטן ווין. עס דויערט אָבער נישט לאַנג, און עס ציט דעם יונגן פּאָעט קיין וואַרשע, צום צאַפּלדיק פולסירנדיקן צענטער פון דעם ייִדיש־וועלטלעכן קולטור־רענעסאַנס אין פוילן. און כך הווה. אין 1921 געפינען מיר אים שוין אין וואַרשע. געאַרבעט אין האַרץ פון דעם דעמאָלט גיך־אויפגייענדיקן ייִדישן שולוועזן, אין דער צענטראַלער ייִדישער שול־אָרגאַניזאַציע ביז 1924, ווען ער האָט איבערגענומען דעם אַמט פון סעקרעטאַר פון דעם ייִדישן ליטעראַטן־און זשורנאַליסטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13. אויף אָט דער בּכבודיקער פּאָזיציע בלײַבט ער ביז 1934, ווען ער איז געפאָרן אין שליחות פון ייִוו״אָ קיין דרום־אַפריקע, באַלטישע לענדער, אויסטראַליע און אַמעריקע.

דער ייִוו״אָ האָט זיכער נישט געהאַט קיין מער באַגײַסטערטן און געטרײַערן פרײַנד, ווי עס איז געווען מלך ראַוויטש. מיט באַזונדערן שטאָלץ פלעגט ער אָפּט רעדן וועגן דער קרוין פון מאָדערנעם ייִדיש־וועלטלעכן קולטור־וועזן.

מלך ראַוויטש איז אויף אַזאַ אוֹפן געוואָרן אַ לײַדנשאַפטלעכער רײַזנדער. צוו״אַנד האָט ער אויך באַזוכט רוסלאַנד, און זיך ווידער אָפּגעשטעלט אויף אַ קורצער צײַט אין פוילן, איידער ער האָט זיך באַזעצט אויף אַ פּאָר יאָר אין מעלבורן, אויסטראַליע, ווו ער האָט פאַרלייגט די ערשטע ייִדישע נאָכמיטאָג־שול א״נ פון י. ל. פּרץ. ס׳איז געווען אַ ביז גאָר געלונגענע התחלה פאַר דעם ייִדישן שולוועזן אין מעלבורן, ווו, גראָד ווען אין אַנדערע לענדער לעבט איבער דאָס ייִדישע שולוועזן אַ טיפן קריזיס, האָט מעלבורן די לעצטע יאָרן געבויט אַ פולע טאָג־שול א״נ פון שלום־עליכם.

בעת די ווײַטע און לאַנגע רײַזעס האָט ראַוויטש דערקוויקט די לייענער פון דער וואַרשעווער ״פאָלקסצײַטונג״ מיט זײַנע אָפּטע בילדעריש־פּאָעטישע און אַזוי טיף־מענטשלעכע רײַזע־אײַנדרוקן.

האָרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה טראָגט ראַוויטש זיך אַריבער קיין אַרגענטינע, ווו ער בלײַבט אַ גאַנץ יאָר, און נאָכן אָפּוווינען נאָך אַ יאָר אין מעקסיקע און אַ קורצע צײַט אין ניו־יאָרק, באַזעצט ער זיך אין יאָר 1941, שוין ביזן סוף פון זײַן לעבן, אין מאָנטרעאָל.

גאָר גיך ווערט ער די נשמה פון דער ייִדישער פאָלקס־ביבליאָטעק, צוזאַמען מיט רחל אײַזנבערג און דעם פאַרדינסטפולן לאַנגיאָריקן פאַרוואַלטער,

הערץ קיילעס. דאָ צעפירט ער ווידער זײַן אָרגאַניזאַציאָנעלן טאַלאַנט און גרינדעט אַ גאָר דערפאָלגרײַכן פאָלקס־אוניווערסיטעט. די צאָל צוהערער וואַקסט ווי אויף הייוון, און איין מאָל אין יאָר, צום סיום, אַראַנזשירט ער אַ ספּעציעלן אָוונט מיט אויסשליסלעך יונגע לייענער פון דער ייִדישער ליטעראַטור. ס׳ווערט אַ גרויסער יערלעכער יום־טוב, וואָס גרייט צו, אַז די ביבליאָטעק זאָל מיט דער צײַט צוציִען מער יוגנטלעכע, ווי וועלכע ס׳איז אַנדערע ייִדיש־ייִדישע אינסטיטוציע אין דער שטאָט.

ראַוויטש ווערט גאָר גיך ווידער סעקרעטאַר פון דעם אָרטיקן ייִדישן ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין, און צוזאַמען מיט י. י. סיגאַל רעדאַגירט ער די ליטעראַרישע בײַלאַגע פון דעם דעמאָלט טעגלעכן "קאַנאַדער אָדלער".

אין משך פון די 35 יאָר ווען ראַוויטש האָט געלעבט און געשאַפן אין מאָנטרעאַל, איז דאָס ייִדישע לעבן אין דער שטאָט באַווירקט געוואָרן דורך אים און האָט בלי ספק באַדײַטנדיק געהויבן דעם ניוואָ פון ייִדישן קולטור־מצב. זײַן פּטירה אין אויגוסט 1976 האָט געלאָזט אַ טיפן בלויז אין דעם ייִשוב.

וואָס שײַך דער ביבליאָגראַפיע פון מלך ראַוויטשעס שאַפן, האָבן מיר אַ גאָר פײַנע ביבליאָגראַף־אַרבעט פון דעם באַוווּסטן יעפים ישורין, פּובליקירט אין 1954. ישורין האָט שוין דאַן פאַרצייכנט 1080 פּאָזיציעס. במשך פון די שפּעטערדיקע 23 יאָר זײַנען, נאַטירלעך, צוגעקומען נאָך הונדערטער פּאָזיציעס צו זײַן ביבליאָגראַפיע.

## דער געקרוינטער דיכטער

אין יאָר 1908 באַפרײַנדעט זיך ראַוויטש מיט דעם דאַן שוין באַוווּסטן שרײַבער ש. אימבער, וועלכער האָט אַ גרויסע השפּעה אויף דעם יונגן אָנהייבער. אימבער דרוקט אָפּ ראַוויטשעס ערשט ליד אין דעם לעמבערגער "ייִדישן אַרבעטער" אין יאָר 1909. דאָס ליד, אונטערן נאָמען "פּיטעאַ", מאַכט אַ טיפן אײַנדרוק מיט דעם צאַרטן סענטימענט, פּשטות און וואַרעמע געפילן צו זײַן מאַמען:

"אַ, שטאַרק מיך, גאָט און גיב מיר די שיינע כּוחות, וואָס האָסט איר געגעבן" – פירט ער אויס מיט אַ געצוימטן פּאַטאָס.

פון דאַן אָן קאָן מען קוים געפינען אַ ייִדישע אויסגאַבע אויף דער וועלט, אין וועלכער ראַוויטש זאָל נישט האָבן זיך געדרוקט. פון מאָנטרעאַל פלעגט ער פאַנאַנדערשיקן קאָפּיעס פון זײַנע אַרטיקלען אין אַלע טיילן פון דער וועלט. חוץ ראָמאַנען, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געשריבן, האָט ער געשאַפן כּמעט אין אַלע ליטעראַרישע פאָרמען, ווי דראַמעס, פּאָעמעס, לידער, עסייען, לויפנדיקע פּובליציסטיק – אָבער קודם־כּל איז ער געווען אַ פּאָעט.

אויף מײַן פֿראַגע, הלמאי ער, דער פֿאַרברענטער שפּינאָזיסט, שרײַבט נישט קיין ראָמאַן מיט שפּינאָזאַן ווי דעם הויפּט־העלד, האָט ער געענטפֿערט, אַז צום באַדויערן האָט ער נישט קיין טאַלאַנט פֿאַר פּראָזע. פֿון דעסטוועגן באַווײַזט דאָס "מעשׂה־בוך פֿון מײַן לעבן", אַז ער האָט בפּירוש אונטער־געשאַצט זײַנע פֿעיִקייטן ווי אַ פּראָזאַיִקער. גאַנץ אָפֿט האָט ער געשריבן הקדמות צו אַנטאָלאָגיעס, צו אַנדערע שרײַבערס ביכער אאַ"וו. באַזונדערע התמדה האָט ער אַרויסגעוויזן בײַם רעדאַגירן דאָס "וואַרשעווער יזכּור־בוך", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דעם פֿאַרבאַנד פֿון וואַרשעווער אין מאָנטרעאַל.

ראַוויטש איז באַשאָנקען געוואָרן מיט אַ גרויסער צאָל אויסצייכענונגען און פּרעמיעס, צווישן זיי – דעם מאַנגער־ און דעם י.י. סיגאַל־פּרײַז. בעת דער באַרימטער "עקספּאָ" צום 100־יאָריקן יובֿל פֿון קאַנאַדע, אין יאָר 1967, האָט דער דעמאָלטיקער קולטור־מיניסטער אין קוויבעק אַראַנזשירט אַ פֿײַערלעכן באַנקעט און אַרויסגעלאָזט אַ בראָשור, אין פֿראַנצויזיש, צום כּבֿוד פֿון מלך ראַוויטש.

ראַוויטשעס ערשט ביכל "אויפֿן שוועל" איז אַרויס אין לעמבערג אין 1912. פּרץ האָט דאַן געשריבן: "מ. ראַוויטש, אַ נײַער, כּמעט אומבאַקאַנטער נאָמען, איז, ווי דער רובֿ יונגע פּאָעטן, דורכאויס אַ ליריקער. דער מאָטיוו זײַנער – ייִדישע בענקשאַפֿט. ער האָט אַ האַרציקן טאָן" (ציטירט פֿון ח. ל. פֿוקס "100 יאָר ייִדישע און העברעיִשע ליטעראַטור אין קאַנאַדע", ז' 268). אָט די ווערטער פֿון דעם גרויסן מײַסטער האָבן שטאַרק אינספּירירט דעם דעביוטאַנט און אים אַרײַנגעפֿירט אינעם גרויסן כּלל פֿון ענטוזיאַסטישע פֿאַרערער פֿון י. ל. פּרץ.

ס'איז נישט קיין צופֿאַל, וואָס ראַוויטש הייבט אָן זײַן ערשטן באַנד "מײַן לעקסיקאָן" מיט אַזאַ הקדמה: "אַז מען האָט מורא צו גיין אַליין, זוכט מען אַ באַגלייטער. האָב איך גענומען טראַכטן און זיך דערטראַכט, אַז "מײַן לעקסיקאָן" – פֿון ייִדישע דיכטער, דערציילער, דראַמאַטורגן אין פּוילן צווישן צוויי גרויסע מלחמות – וואָלט געדאַרפֿט האָבן אַ הקדמה פֿון דעם פֿאָטער פֿון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור, יצחק לייבוש פּרץ".

ווען פּרץ, כּלומרשט אַ פֿאַרחידושטער פֿון דעם פֿאַרלאַנג, האָט געענטפֿערט מיט "איך ווייס נישט ווער דו ביסט!", ענטפֿערט אים ראַוויטש: "פֿאָטער, איר דערמאָנט זיך נישט? איר האָט אין 1912, אין די זיבן זאַטע יאָרן פֿון אײַער גרויסקייט געשריבן אַמאָל זיבן מאָגערע ווערטער וועגן מײַן ערשטלינג־ביכל".

ש. יעקבֿ אימבער האָט באַגלייט "די לידער אויף דער שוועל" מיט אַזאַ סובטעלן אָפּרוף (דער ייִדישער אַרבעטער, 26, 1912): "עס רעדט צו אײַך אַ זייער צאַרטע, ווייכע נשמה, אַ קינדיש נאַיִווע, אַן אומענדלעך גוטע... דאָס איז דער הויפּט־שטריך פֿון ראַוויטשעס שאַפֿן".

די אַלע, וואָס האָבן ראַוויטשן גוט געקענט און אים אָבסערווירט פון גאָר נאָענט, האָבן קיינמאָל נישט געצווייפלט אין אימבערס אַזוי טרעפלעכער אָפּשאַצונג פון זײַן פּערזענלעכקייט.

אין 1917 באַוויַיזט זיך אַ זאַמלונג "גרינגראָז" — ווין.

" " 1919 "שפּינאָזאַ" — פּאָעטישער פּרווו אין 4 ציקלען — דער מענטש, דאָס ווערק, די שפּין, קטורת — ווין.

1922 "די נאַקעטע לידער" — וואַרשע.

1922 "פּרעהיסטאָרישע לאַנדשאַפטן" — וואַרשע.

1928 "פיר זײַטן פון מײַן וועלט" — ווילנע.

1929 אַ דראַמע "בלוט אויף דער פּאַן" — ווילנע.

1931 אַ דראַמע "ווײַב און מאַן".

1937 "קאָנטינענטן און אָקעאַנען" — וואַרשע.

1937 "איבער אויסטראַליע", רײַזע־בילדער און רעפּאָרטאַזשן — וואַרשע.

1940 "לידער און באַלאַדן פון די לעצטע דרײַ־פיר יאָר" — מעקסיקע.

1945 "מײַן לעקסיקאָן", ערשט בוך — נעמט אַרײַן אַרום 92 פּען־פּראָפילן פון ייִדישע דיכטער, דערציילער, דראַמאַטורגן אין פּוילן צווישן ביידע מלחמות.

1947 "מײַן לעקסיקאָן", 2־טער באַנד — פּען־פּאָרטרעטן פון פּובליציסטן, זשורנאַליסטן, מאָלער, פּאַרטיי־פירער, קולטור־טוער אין פּוילן.

1958 "מײַן לעקסיקאָן", 3־טער באַנד "צווישן די צוויי גרויסע וועלט־מלחמות" — מאָנטרעאַל.

1958 "מײַן לעקסיקאָן", פּאָרטרעטן פון ייִדישע און העברעיִשע שרײַבערס אין מדינת ישראל, אַרויסגעגעבן אין מאָנטרעאַל.

1980 — 4־טער באַנד פון "מײַן לעקסיקאָן", אַרויסגעגעבן אין תל־אביב.

1946 — 67 לידישע, סאַטירישע, סאָציאַלע און פילאָזאָפישע, ב. אײַרעס.

1949 — "איינעמס ייִדישע מחשבות אין 20־טן י'ה", בוענאָס אײַרעס.

1953 — "די קרוינונג פון אַ ייִדישן דיכטער אין אַמעריקע", ניו־יאָרק.

1954 — "די לידער פון מײַנע לידער" (אַ כינוס אויפגעקליבן פון 13 זאַמלונגען — מאָנטרעאַל, אילוסטרירט דורך זײַן זון, יאָסל בערגנער.

1962 — "דאָס מעשה־בוך פון מײַן לעבן", ב. 1 — בוענאָס אײַרעס.

"דאָס מעשה־בוך פון מײַן לעבן", ב. 2 — בוענאָס אײַרעס (מיט אילוסטראַציעס פון אָדרי בערגנער, זײַן שנור).

1969 — "עיקר שכחתי" — לידער און פּאָעמעס — מאָנטרעאַל.

1975 — "דאָס מעשה־בוך פון מײַן לעבן", ב. 3 — תל־אביב.

אין 1924 האָט ער איבערגעזעצט לעאָנאַרד פראַנקס "די סיבה" און פראַנץ קאַפקאַס "דער דאָרפישער דאָקטער", און אין 1966 — פראַנץ קאַפקאַס "דער פּראָצעס".

1980 — 1982 "מײַן לעקסיקאָן" — ב. 4 — תל־אביב, בוך 1 און 2.

די ליטעראַטור וועגן מלך ראַוויטשן איז גאָר אַ רײַכע. צו דערמאָנען נאָר געציילטע צווישן די, וואָס האָבן געשריבן וועגן זײַן שאַפן — רחל אויערבאַך, מנשה אונגער, ש. איזבאַן, ש. י. אימבער, דוד אײַנהאָרן, ישראל אַשענדאָרף, יעקב באָטאַשאַנסקי, מנחם באָריישאַ, י. באַשעוויס־זינגער, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, ד"ר שלמה ביקעל, בעל־מחשבות, יעקב גלאַטשטיין, אַ. גלאַנץ־לעיעלעס, י.י. טרונק, יצחק יאַנאַסאָוויטש, יעפים ישורין, אַ. ליס, ה. לייוויק, איציק מאַנגער, ד"ר מוקדוני, נחמן מײַזיל, ש. ניגער, י. י. סיגאַל, אהרון צייטלין, ש. קאָטשערגינסקי, י. ראַבינאָוויטש, שמואל ראָזשאַנסקי, אליהו שולמאַן, ב. שעפנער א"אַנד.

אַ באַדײַטנדיקע צאָל אַרטיקלען וועגן ראַוויטשן האָט זיך אויך באַוויזן אין אַ רייע פרעמדע שפּראַכן, באַזונדערס אין ענגליש און אין פּויליש. שוין צײַט, אַז אַ גרעסערע מאָנאָגראַפיע זאָל באַרײַכערן די ייִדישע ליטעראַטור מיט אַן אויספירלעכער אָפּשאַצונג פון דער געשטאַלט און דעם קרעאַטיוון בײַטראָג פון מלך ראַוויטשן. אויב אָט די, לפי ערך, קורצע אַרבעט וועט נאָר העלפן צו געבן אַ שטויס צום פּאַרטיפן זיך אין דער גײַסטיק עסטעטישער און נאַציאָנאַל אינספּירירנדיקער פּערזענלעכקייט זײַנער, וועט דאָס זײַן דער בעסטער שכר פאַר דעם שרײַבער פון די שורות.

לויט אַלע כּללים וואָלט מען איצט געדאַרפט שילדערן דעם היסטערישן הינטערגרונט פון דער תּקופה, וועלכע ווערט אַזוי בולט סימבאָליזירט דורך "טלאָמאַצקע 13".ליידער וועלן מיר אָבער, באין ברירה, זיך מוזן באַגרענעצן נאָר צו אַ קורסיוון רעפערענץ צו דעם באַטרעפנדיקן צײַט־אָפּשניט אין דער געשיכטע פון פּוילישן ייִדנטום.

בעת דעם 20־יאָריקן פּעריאָד אין אומאָפּהענגיקן פּוילן איז דער ייִדישער ייִשוב געשטאַנען אונטערן צייכן פון דעם שטײַגנדיקן אַנטיסעמיטיזם, עקאָ־נאָמישן און וואַקסנדיקן סאָציאַלן דרוק. אין אָט דער אַטמאָספער האָט אויך געבושעוועט אַ כוואַליע פון ווולגאַרער אַסימיליאַציע.

דער שפּעטערדיקער (אין די 30־ער יאָרן) וווקס פון נאַציזם האָט, נאַטירלעך, נאָך מער פאַרשטאַרקט די שטיקנדיקע לופט. דאָך האָט דאָס ייִדישע לעבן אַרויסגעוויזן אומגעוויינלעכן לעבנס־מוט, באַזונדערס די ייִדישע ליטעראַטור.

## שפּינאָזאַ און ראַוויטשעס גאָטזוכעניש

נישט ווייניקער ווי דער היסטאָרישער הינטערגרונט, שפּילט בײַם פאַרטיפן זיך אין דער יצירה פון אַ שרײַבער דאָס אָפּשטעלן זיך אויף דער גײַסטיקער השפעה פון אויטאָריטעטן, צו וועלכע ער האָט אַרויפגעקוקט מיט גרויס פּיעטעט, און פון וועלכע ער האָט געשעפּט אינספּיראַציע און באַגײַסטערונג.

מיר האָבן שוין דערמאָנט על רגל אחת י. ל. פּרצן און דעם צווייטן ריז,

וועלכער האָט געלאָזט אַ טיפן חותם אויף ראַוויטשן, און דאָס איז געווען ברוך שפינאָזאַ. איז טאַקע נישט קיין חידוש, וואָס אַ גאַנץ גרויסן טייל פון זײַנע "די לידער פון מײַנע לידער" האָט ער אָנגערופן "שפּינאָזאַ־לידער". אַזש 22 זײַטלעך מיט 20 פּאָעמעס האָט ער אָפּגעגעבן דער טעמע.

דאָס ערשטע ליד רופט ער פשוט אָן מיט דעם אייגנאַרטיקן נאָמען — "24/2 .1632 ביז 22/2 .1677". פאַרשטייט זיך, מיט די דאַטעס פון שפּינאָזאַס געבוירן און נפטר ווערן. וואָס עס האָט ראַוויטשן צום שטאַרקסטן אימפּאָנירט, איז דער עיקר דאָס, וואָס שפּינאָזאַ האָט אַזוי אידעאַל געלעבט אין פולער האַרמאָניע מיט זײַן פילאָזאָפיע. איבער אַלץ האָט בײַ שפּינאָזאַן דאָמינירט עקסטרעמער ראַציאָנאַליזם, עכטע פשטות און אַ טיפע מאָראַל. ס'איז דעריבער נישט געווען שווער צו אָבסערווירן ווי ווײַט ראַוויטש האָט אָפט פּרובירט אין לעבן זיך נוהג צו זײַן ווי שפּינאָזאַ וואָלט עס געטאָן.

די נאַטור שפּיגלט אָפּ די איבערמענטשלעכע קראַפט פון גאָט, וואָס געפינט פולע שלמות איז דער געזעצמעסיקייט פונעם קאָסמאָס. אין קעגנזאַץ צו כּלערליי טעאָלאָגיעס — איז גאָט, לויט שפּינאָזאַן, פאַראַן אין אַלע מאַניפעסטאַציעס פון דער נאַטור. פון דאַנען נעמט זיך זײַן באַגריף פון פּאַנטעיִזם.

שפּינאָזאַס "עטיק" איז אין ראַוויטשעס באַנעמונג אויסגעוואַקסן צו אַ פירוש אויף די עשרת הדברות. אויך די געאָמעטרישע פאָרם פון פּרעציזירן דעם מהות פון דער עטיק האָט אויף דעם אידעאַל אָרגאַניזירטן מלך ראַוויטשן געמאַכט אַ שטאַרקן רושם.

כאַראַקטעריסטיש איז שפּינאָזאַס אידענטיפיקאַציע פונעם אַבסאָלוטן אמת פון געאָמעטרישע טעאָרעמעס מיט די געזעצן פון עטיק אין די ראַמען פון זײַן פּאַנטעיִסטישן וועלט־באַנעם. אָט, למשל, צווייפלט קיינער נישט — האָט געטענהט שפּינאָזאַ — אַז "דרײַ ווינקלען פון אַ דרײַעק זײַנען גלײַך צו צוויי גראָדע ווינקלען". אָט די זיכערקייט, אַז מ'קען גרונט־געזעצן פון דער עטיק פונקט אַזוי עקזאַקט באַווײַזן ווי געאָמעטרישע אמתן, האָט געגעבן ראַוויטשן אַ ביז גאָר דויערהאַפטן און קרעפטיקן אָנשפּאַר פאַר זײַן גײַסטיקער אַנטוויקלונג, ממש ביז דעם לעצטן אָטעם־צוג פון זײַן לעבן. על כּן איז די וועלט געבויט אויף אַ דורכאויס לאָגישן סדר, וואָס וואָרצלט אין דער אַבסאָלוטער אייניקייט פון גאָט און דער נאַטור.

איז טאַקע נישט קיין וואונדער, וואָס גײַסט און מאַטעריע זײַנען אין תּוך גענומען איין סובסטאַנץ.

פאַרשיידן זײַנען זיי געווען, שפּינאָזאַס אויספירונגען, ווי למשל בנוגע דערציִונג, פרײַהייט אא"וו. אויף איין געביט ווילן מיר אַביסל ברייטער זיך אָפּשטעלן, דהײַנו, אויף זײַן פּאָליטישער טעאָריע.

זייַן אידעאַל איז געווען אַזאַ געזעלשאַפט, וואָס זאָל געבן דעם מענטש אַ געלעגנהייט אָנצוווענדן די פּרינציפּן פון פרייַהייט דורך ראַציאָנאַליזם און וויסן. נאָר אַ דעמאָקראַטיע אויפן מוסטער פון האָלאַנד פאַר זייַן צייַט, קען דינען ווי אַ מאָדעל פאַר דער גאָרער וועלט. רעליגיע באַזירט אויף עכטן ראַציאָנאַליזם שטאַרקט די פולע האַרמאָניע צווישן דעם וויסנשאַפטלעכן באַנעמען פון אוניווערס, אַלס די העכסטע חכמה און מאָראַל.

ראַוויטשעס באַשייַמפּערלעכע נטיה צו וועלטלעכקייט האָט געפונען אין שפּינאָזאַן אַ גאָר שטאַרקן אָנשפּאַר, דער עיקר, ווייַל בייַ שפּינאָזאַן איז לחלוטין נישט פאַראַן קיין שום שפּור פון רעוואָלוציע. מיט איין וואָרט — ראַוויטש האָט מיט גרויס התלהבות געפונען געטלעכקייט אָן מעטאַפיזיק אין שפּינאָזאַס פּאַנטעיִזם. דורך שפּינאָזאַ האָט געקאָנט בייַ אים מעגלעך ווערן דאָס צונויפּברענגען אַזעלכע קאָנטראַסטן, ווי עקסטרעמע אַ־רעליגיעזקייט, אַפילו גאָטלעסטערונג אין זייַן יוגנט־פּעריאָד, מיט דאָך אַזאַ טיפן אָפּשייַ פאַר פּאַנטעיִזם. זייַט דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן רעליגיעזע מאָטיוון כסדר זיך געמערקט בייַ אים. דאָך האָט ראַוויטש קיינמאָל נישט געצווייפלט אין דער אַבסאָלוטקייט פון שפּינאָזעס פּאַנטעיִזם.

איך דערמאָן זיך ווי ראַוויטש איז מיך ממש מקנא געווען, וואָס איך האָב געוווינט אַ האַלב יאָר אין האַג, ווו איך האָב אָפט געקאָנט זען דעם מאָנומענט פון שפּינאָזאַ. נישט איין מאָל האָט ער באַדויערט, וואָס דער קלוגער, אין בראָנז אויסגעהאַקטער קאָפּ פון דעם גרויסן פילאָזאָף געפינט זיך אינעם סאַמע אָפּגעלאָזטן קוואַרטל פון דער שטאָט.

אַגב, אַז מיר דערמאָנען שוין דעם באַשייַמפּערלעכן וווקס פון זייַן אייגנ־אַרטיקן רעליגיעזן געפיל, אָדער בעסער געזאָגט, זייַן גאָטזוכעניש אין דער צייַט פון דעם חורבן און דעם נאָכן־חורבן־פּעריאָד, זאָל אויך דערמאָנט ווערן ראַוויטשעס לייַדנשאַפטלעך שטודירן, צוזאַמען מיט זייַן פרוי רחל אייַזנבערג, דעם ת״נך און די גמרא אין אָט דעם פּעריאָד. ער האָט אַלץ געוואָלט דערכאַפּן דאָס, וואָס ער האָט נישט געהאַט אייַנגעזאַפּט אין זייַנע פאָרמאַטיווע יאָרן.

יאָ, אייגנטלעך ביזן סאַמע לעצטן אָפּשניט פון זייַן לעבן האָט דער דיכטער נאָך אַלץ געגאַרט, אַז זייַן תשוקה צו עכטער געטלעכקייט זאָל פאַר אים נתגלה ווערן, ווי ער האָט דאָס מיט אַזוי פיל יוגנטלעכן ברען געהאַט זיך אויסגעדריקט אין יאָר 1912 אין זייַן ״תפילה פון אַ 19־יאָריקן״. שוין אין 1912 האָט ער אין אָט דעם געדיכט געזוכט אַ תיקון פאַר זייַן באַגער צו גלייבן. אָט איז אַן אויסצוג:

״גיב מיר דאָס וווּנדערלעכע ליכט,
וואָס זאָל מיר שייַנען פון דייַן שכינה אויבן,
וואָס זאָל מיר מאַכן העל מייַנע שוואַרצע נעכט.

גיב מיר דעם גלויבן,
ווײַל גלויבן איז די זון — און מיט דער הילף פון שטראַלן האָט
דאָס גאַנצע לעבן פון דער טיפעניש זיך אויפגעהויבן.
גיב מיר דאָס העלסטע פון דײַן ליכט — גאָט, גלויבן.״

שוין אַ יאָר שפּעטער, אין 1913, באַווײַזט זיך אָבער אַ צווייט ליד פון סקעפּטיקער, אונטערן נאָמען ״גלויבן און ליבע״, אין וועלכן ער ווענדט זיך צו גאָט אויף אַזאַ אופן:

״נישט איך גלויב אין דיר און נישט איך האָף צו דיר,
ווײַל גלויבן איז ווילד און האָפן איז בלינד —
נאָר איך האָב דיך ליב,
ווײַל אין דײַנע מלבושים שמעק איך אייביקע ליבע,
ווי אין מאַמעס מלבושים
אַ קינד״.

אפנים, אַז צווישן זײַן הייסן באַגער צו גלייבן, און דעם וואָרעם פון אויפריכטיקע ספקות, האָט זיך פאַר אים באַוויזן אַ נײַער קוואַל פון כמו רעליגיעזער אינספּיראַציע פון זײַן פילאָזאָפישן מדריך ברוך שפּינאָזאַ.

לאָמיר בקיצור אַרײַנקוקן כאָטש אין אַ טייל פון דעם דיכטערס שפּיזאָזאַ-לידער, וועלכע ער האָט צונויפגענומען אין אַ באַזונדערן באַנד, אַרויסגעגעבן דורך דעם מאַקס היקעל-פאַרלאַג אין ווין אין יאָר 1918. אין דעם בינטל לידער נעמט ראַוויטש זיך אָן שפּינאָזעס קריוודע, דעם קרבן פון באַרימטן חכם אין דער ייִדישער געשיכטע.

ראַוויטש האָט אין שפּינאָזעס מוט געזען אַ הערעטישן אַקט. ״באַפרײַט מיך״, רופט ער אויס פּאַטעטיש צו דער שכינה, ״באַפרײַט מיך פון די פינף טורמעס פון דער תּפיסה פון דײַן דת — ׳יהוה׳.

״איך וויל מער דײַן מילך נישט, און וויל נישט דײַן האָניק,
איך וויל נישט דײַן שוועבל, דײַן פּעך און דײַן האַס,
איך וויל נישט די קייטן און וויל נישט די טורמעס,
די פינף טורמעס פון דײַן תּפיסה, דײַן דת״.

(זע ״לידער פון מײַנע לידער״, אַרויסגעגעבן דורך אַ קאָמיטעט בײַ דער ייִדישער פאָלקס-ביבליאָטעק אין מאָנטרעאַל, 1954, זז׳ 51-52).

דאָס יאָר 1916 איז דערהויפּט געווען אויסגעפילט מיט ראַוויטשעס פּאַטעטישער יצירה, מיט צאָלרײַכע לידער וועגן חכם אין פאַרשיידענע וואַריאַנטן, פאַרבונדן מיט שפּיזאָזאַ-מאָטיוון. אין דער פּאָעמע ״וויזיע״, וואָס שילדערט זײַן באַגעגענען שפּינאָזען, אַנטפּלעקט זיך שוין אינעם יונגן ראַוויטש דער גרויסער וויזיאָנער, דיכטער און דענקער.

„כ׳וועל זיך אײַנבייגן, קושן דעם זוים פֿון זײַן קלייד,
אויף די קניִען פֿאַלן –
ער גייט...
הייבט לאַכנדיק אויף דעם גרויסן הוט,
איך וווּנדער מיך און איך וווּנדער מיך נאָך און מער,
איך זע דאָס לאַכן – נאָר דער גאַנג, וואָס איך הער
איז דאָס גאַנג פֿון מײַן אייגענעם בלוט...״

מיט דער צײַט פֿאַרטיפֿט זיך ראַוויטש אין דער עצם פֿילאָזאָפֿיע פֿון זײַן פֿאַרערטן גײַסטיקן וועגווײַזער אויטאָריטעט. אויסגעדריקט, למשל, אין אַזאַ פּאָעמע, ווי „טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט״.

– די וועלט – שרײַבט ראַוויטש – איז פֿאַרסמט פֿון עקדישן. אָבער – ווענדט ער זיך צו שפּינאָזען:

„ביסטו געקומען צו רייניקן דעם קוואַל
מיט דײַן דערהויבענעם טעאָלאָגיש־פּאָליטישן שריפֿט״.
„און ווי עס גייט־אויף אַ פּרימאָרגן־שטערן
אָנצוזאָגן דעם טאָג דער ערד –
און לעבן אַזוי לאַנג, ביז אומעטום ווערט
טאָג אויבן הימל, טאָג איבער ערד,
אַזוי איז געגאַנגען צום ליכט די טאַט
פֿון דײַן דערהויבענעם טראַקטאַט״.

דוכט זיך, אַז עס שמעקט מיט פּראָפּאַגאַנדע־טאָן. דאָך, ווען דו לייענסט עס און דו זעסט דעם דיכטער פֿון גאָר נאָענט, פֿילסטו דעם וואַרעמען אָטעם פֿון אַן אויפֿריכטיק ערלעכן גאָטזוכער, וועלכער האָט זײַן אידעאַל געפֿונען.

סײַ דער ריטם, סײַ די בילדערישקייט און געדאַנקען־אַסאָציאַציעס שענקען אַפֿילו אָט דער טיף דורכגעדרונגענער מיט סובלימירטער ראַציאָנאַלקייט פּאָעמע, אַ ליריש צאַרטן און עמאָציאָנעל איבערצײַגנדיקן טאָן. אומזיסט וועט איר אין דער פּאָעמע זוכן כאָטש אַ קלאָרן רמז אויף דעם מהות פֿון „טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַקטאַט״. פֿאַרקערט, איר זעט ווידער פֿאַר זיך דעם געראָדפֿטן, געפּלאָגטן, וואָס

„תּוכחה־קללות האָבן געוועבט און געשפּונען
אַ פֿאַל־נעץ פֿאַר דײַנע זיכערע טריט,
זיי האָבן זיך אָנגעזעצט אויף דײַן קלאָרן גײַסט,
וואָס האָט פֿון גאָטס אייגענער האַנט זיך געשפּײַזט,
און האָבן זיך אָנגעזעצט אויף דײַן קראַנקן בלוט,
פֿאַרמשפּט אויף אַ יונגן טויט
וואָס אָרעם געלעבט האָט פֿון מילך און פֿון ברויט

פּאַר פיר האָלענדישע פּרוטות אַ טאָג״.

אין אַזאַ ליכט זעען מיר ווידער די אידעאַליזירטע געשטאַלט פון לויטערן און דערהויבענעם, אין ראַוויטשעס באַנעם, נזיר, שלײַפער פון גײַסטיקן ווען פון מענטשן. שפּינאָזאַ האָט אַ לעבן לאַנג, כּידוע, געשליפן אָפּטישע גלעזער.

דורך ראַוויטשעס פּריזמע האָבן שפּינאָזעס קלאָרן שכל אויסגעהאַמערטע טעאָריעס געלויכטן מיט אַלע פאַרבן פונעם רעגנבויגן און האָבן באַקומען אַ רירנדיקן מענטשלעך וואַרעמען דופק.

אַזוי פירט אונדז איין ליד נאָכן אַנדערן אַרײַן אין דעם נשמה־געוועלב פון הויפּט־העלד אַפילו דאַן ווען די פּאָעמע הייסט: ״די געאָמעטרישע פאָרם פון דער עטיק״.

״דאָס וואָס האָט מיך גאַנץ געשלאָסן אין דײַן כּישוף־קרײַז
מיט אַזאַ מין בלינדער מאַכט,״
״און דאָס, וואָס מײַן נשמה טיף געמאַכט האָט ווי אַ תּהום,
וואָס לעכצן נאָך לויטערער אומענדלעכקייט –
דו האָסט דאָך אַזוי לײַכט,
מיט ליניעס, פּונקטן און קרײַזן,
באַווײַזן מיט אופנים אַלערליי,
אַז די גוטסקייט איז פרײַ״.

און, אויסשמועסנדיק זיך מיט שפּינאָזען, זאָגט ער: ״כ׳האָב די ערשטע העלפט פון לעבן מײַנעם״ — שרײַבט ער אין 1917 — ״פון מיר אָפּגעזאָגט און כ׳בין געקומען אין דײַן לאַנד אַרײַן, דער צען־מיליאָניקער ערשטער זײַן״.

אַפילו די ליטעראַריש־אַנאַליטישע סטרוקטור פון שפּינאָזעס ״עטיק״ איז געוואָרן אַ טעמע פון מלך ראַוויטשעס אַ פּאָעמע, אָנגערופן ״די אײַנטיילונג פון דער עטיק״. מיר הערן לעצטנס אָפּט באַצייכענונגען וועגן א״ג ״שפּאַרבערס״ (די ״האַרטע״) און ״טויבן״ (פּשרהדיק אָריענטירטע) אין לייזן פּאָליטישע קאָנפליקטן. ראַוויטש רופט אויס מיט באַגײַסטערונג אין דער דערמאָנטער פּאָעמע: ״און דער גײַסט (נאַטירלעך, פון שפּינאָזעס עטיק) איז די טויב״.

״און עס פליגלט – די טויב – אַרויף, אַרויף –
נישט מער פאַל און הויב, נאָר לויטער הויב –
און איבער דעם אוויר, וואָס ליכטיק בלאָ,
שוועבט אַ בלאַט אַראָפּ – אָט איז עס דאָ –
אַ גרינער פלאַטער און לויטער בלאָ
און די טויב גיט אַ פלי –
האַלט אין שנאָבל דאָס בלאַט –
זי האָט אַ באַגעגעניש מיט גאָט געהאַט
און זי טראָגט איצט דעם בלאַט, דאָס אײַלבירט־בלאַט – ״ (ז׳ 65)

"איינגעהילט דער סוד,
אַז גאָט
איז דאָ,
און ווו איז ער דאָ.
די עטיק – ערשטער און צווייטער טייל".

" – עס איז אַ גרויסע רגע פון ווערן און עס ווערט
גאָט איצטער מענטש און מענטש ווערט גאָט –
און ער ברענגט די געדאַנקען איצט אין שטאָט,
ער האָט געשפּאַנט צו זײַן וואָגן די לאָגיק און זי גייט". (זז' 65־66, 1916).

"שטיי אויף, גיי אַנטקעגן גײַסט אַנטקעגן – גאָט –
נעם דאָס בוך אין האַנט, לייען און צייל,
די עטיק – דריטער, פערטער, פינפטער טייל,
אָמאַר דעי אינטעלעקטואַליס".

## אונטערן שטערן פון י. ל. פּרץ

ראַוויטש פלעגט מיט דער זעלבער פּיעטעט ווי צו שפּינאָזען זיך באַציען צו זײַן גײַסטיקן וועגווײַזער י .ל. פּרץ. שוין פּרצעס אָפּרוף אויף ראַוויטשעס ערשטער לידער־זאַמלונג "אויפן שוועל" (1913) האָט געמאַכט אַ טיפן, אַן אומפאַרגעסלעכן אײַנדרוקט אויף דעם יונגן פּאָעט. איין קלייניקייט, פּרצעס ווערטער קלינגען טאַקע שטאַרק דערמוטיקנדיק, "אַ נײַער, כּמעט אומבאַקאַנטער נאָמען איז, ווי דער רוב יונגע פּאָעטן, דורכאויס ליריקער, דער מאָטיוו זײַנער יידיש בענקשאַפט. ער האָט אַ האַרציקן טאָן.

ס'איז אַוודאי נישט קיין צופאַל, וואָס מלך ראַוויטש האָט אויסגעקליבן י.ל. פּרצן פאַר זײַן כּלומרשטן הקדמה־שרײַבער צו די בענדער פון "מײַן לעקסיקאָן" אין יאָר 1945.

אויף ראַוויטשעס "בקשה", אַז פּרץ זאָל טאַקע "שרײַבן" די דאָזיקע הקדמה, "ענטפערט" פּרץ אַנטשלאָסן: "איך שרייַב נישט קיין הקדמות".

"אָבער איך וויל אַ הקדמה צו אַ בוך וועגן יידישע וואָרט־קינסטלער אין פוילן: אין וואַרשע, אין ווילנע, אין לאָדזש, אין לעמבערג... און מײַן שטימע איז פול געוואָרן מיט טרערן, וואָרום איך האָב ליב דאָס געדעכעניש פון פּרצן און דאָס געדעכעניש פון מײַן אייגענעם פאָטער".

און ווײַטער: "עס איז אַ בוך מיט אַרום 90 אינטימע פּאָרטרעטן פון פּנימער – און איבער זיי אַלע "אײַער וויזיע, פאָטער".

"אָבער איך בין אַלט און מיד פון אַזוי לאַנג טויט זײַן!"
"איר זײַט נאָך אַלץ דער ייִנגסטער און פרישסטער צווישן אונדז אַלע".

ראַוויטש האָט בלית ברירה סוף־כּל־סוף באַשלאָסן. ״לויט דעם ווונק פון דעם גאָלדיקסטן שרײַבער אין אונדזער גאַנצער ליטעראַטור צו שרײַבן די הקדמה ווי ס'וואָלט זי געשריבן פּרץ״ (ז׳ 9 פון 1־טן באַנד ״מײַן לעקסיקאָן״).

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט דער ווײַזיע פון פּרצעס אַרײַנפּיר, קומט ראַוויטשעס פילזאָגנדיקע ״הקדמה פון מחבר״. ״פּיעטעט איז די מוטער פון דעם ווערק אין די פיר בענדער מיטן נאָמען ׳מײַן לעקרסיקאָן׳ — און אַ פּריוואַטער לעקסיקאָן פון דער ייִדישער קולטור־באַוועגונג פון אַ פערטל יאָרהונדערט איבער גאָר דער וועלט״. פּיעטעט פאַר פּרצן איז קיינמאָל נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. רעווערענץ איז בכלל געווען אַ ביז גאָר כאַראַקטעריסטישער עלעמענט אין ראַוויטשעס סובטעלן כאַראַקטער. אַ נייגונג צו קדושה איז קיינמאָל נישט פאַרמינערט געוואָרן אין אָט דעם וועלטלעך־קרעאַטיוון מענטש.

## די שליחות פון דער ייִדישער ליטעראַטור

פון דאַנען ראַוויטשעס כּסדרדיק איבערחזרן זײַן רוף ממשיך צו זײַן דעם תּנ״ך מיט אויסגעווײלטע ווערק פון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור. הגם זײַן רוף איז געבליבן אַ קול קורא במדבר, איז אָבער דאָס אומדערמידלעכע אונטערהאַלטן די־אָ ווײַזיע אַ סימן, ווי שטאַרק ראַוויטש האָט געזוכט צו פאַרהייליקן די ייִדישע ליטעראַטור און באַהעפטן זי מיט דעם פונדאַמענטאַלן עפּאָס פון דער ייִדישער ציוויליזאַציע.

ראַוויטשעס שוואַכקייט צו כּלערליי אַנטאָלאָגיעס האָט באַקומען אַ תּיקון אינעם אויסקלויב פון זײַן אייגענעם שפּײַכלער. שוין אין יאָר 1922 באַווײַזט זיך זײַן ערשטע אייגענע אַנטאָלאָגיע — 6 זאַמלונגען ״דער קערן פון אַלע מײַנע לידער״. אינטערעסאַנט איז, וואָס ראַוויטש זאָגט אין זײַן ״באַגלייט־וואָרט״ צו די ״לידער פון מײַנע לידער״ (מאָנטרעאָל 1954), אַז זײַן כּוונה איז דאַן געווען מער קיין לירישע לידער נישט צו שרײַבן (ז׳ 7), און מיט אַ יאָר פריִער אין דער הקדמה צו די ״נאַקעטע לידער״ האָט ער זײַן כּוונה באַגרינדעט: ״די ייִדישע ליטעראַטור דאַרף מענטשן און ווערק, און נישט לידער און פּאָעטן...״.

דאָס פּראָבלעם פון מעגלעכן קאָנפליקט צווישן דער שליחות פון דער ייִדישער ליטעראַטור און דער ראָל פון דער אינטראָספּעקטיווער ליריק לויטן נוסח פון די אַמעריקאַנער ״אינזיכיסטן״ האָט אים כּסדר געעקבערט. אין זײַן אַנטוויקלונג ווי אַ פּאָעט געגנט ראַוויטש זיך אָן מיט דעם דעמאָלט (אין 20־ער יאָרן) שטאַרקן אײַנפלוס פון די אַמעריקאַנער ״אינזיכיסטן״.

מיט אַנטשלאָסנקייט שליסט ראַוויטש זיך אָן אין ש. ניגערס אויסדריקלעך נעגאַטיווער שטעלונג צום כּלומרשטן קאָנטראַסט צווישן נאַציאָנאַלער און אוניווערסאַלער עטישער שליחות פון דער ליטעראַטור און דעם יחידישן אינטראָספּעקטיוויזם פון די ״אינזיכיסטן״ (זע נ. ב. מינקאָוו און יעקב

גלאַטשטיינס עסיי "אינטראָספּעקטיוויזם", אין אַ זאַמלונג א"נ "אין זיך", פאַרלאַג מ. נ. מייַזעל, נ"י 1920).

"נאָר אויף וויפל די וועלט שפּיגלט זיך אָפּ אין אונדז, אויף וויפל זי רירט אונדז אָן, עקזיסטירט זי פאַר זיי. די וועלט איז אַ נישט עקזיסטירנדיקע קאַטעגאָריע, אַ ליגן, אויב זי האָט נישט מיט אונדז קיין שייַכות. זי ווערט אַן אַקטועלע זאַך בלויז אין אונדז דורך אונדז". אָט אַזוי קלינגט באַשייַמפּערלעך דער קרעדאָ, דער אני־מאמין פון די פירנדיקע "אינזיכיסטן". אויף דעם האָט ש. ניגער געענטפערט, אַז די ייִדישע קונסט, "וואָס שטראַלט אַרויס פון אונדזער געוויסן, אַזאַ וואָס וועקט אונדזער ווילן, און נישט נאָר אונדזער פאַנטאַזיע... אַזאַ, וואָס איר רעזולטאַט דאַרף זייַן — באַנייַונג פון דער ערד... אונדזער קונסט וועט מוזן געברויכן אידעאַלע מיטלען צוליב רעאַלע צילן" (ציטירט פון א. שולמאַן: "פּאָרטרעטן און עטיודן", ז' 190).

דער חורבן האָט בלי ספק אויסגעניכטערט אַ סך "אינזיכיסטן", וואָס האָבן נאָך געלעבט אין די 40־ער יאָרן.

אַ גאָר שטאַרקן אָפּקלאַנג האָבן בייַ זיי באַקומען רעליגיעזע אַנונגען. בייַ ראַוויטשן איז אָט די גייַסטיקע רעוואָלוציע געווען אַ גרינגערע, ווייַל כּידוע איז ער נישט געקומען צו גאָטזוכעניש פון אַן אינזיכיסטישן הינטערגרונט, נאָר ווי אַ המשך פון זייַן אוניווערסאַל־נאַציאָנאַלער שליחות פון דער ייִדישער ליטעראַטור. נישט אומזיסט שרייַבט יעקב גלאַטשטיין, אַז "ראַוויטשן איז געווען באַשערט צו פאַרגעטלעכן די באַציִונג פון מענטש צו מענטש. ער, מלך ראַוויטש, האָט זיך דערגלויבט פון אַ לייקענער צו זוכנדיקן גלויבן. **זייַן ליבשאַפט צום ייִדישן פאָלק פאַרמאָגט דעם ציטער פון רעליגיע...** זייַן גרייטקייט צו דינען אַלץ, וואָס דאָס ייִדישע פאָלק האַלט טייַער... עס איז זייַן עבודה אין דער טאָגטעגלעכקייט פון ייִדישער עקזיסטענץ" (ז' 269, ציטירט פון א. שולמאַן).

"אויף דער שוועל" איז געווען באַגלייט מיט אַזאַ צושריפט פון דעם מחבר: "פון מייַן היים. פון יוגנט־טרוים און ליבע, פון מענטשנס זעעלן און מענטשנס הערצער... פון אָפּוועגן".

אָט די לידער האָט דאָס י. ל. פּרץ געהאַט באַצייכנט ווי ביז גאָר לירישע, און מיט רעכט. אין דער קורצער פּאָעמע "פּיטטאַ", אַן אויסדרוק, מיט וועלכן ראַוויטש פלעגט, אַגב, זיך באַנוצן, זינגט־אויס דער יונגער פּאָעט זייַן אָדע צו דער מאַמען. ביז גאָר רירנדיק פלעגן געוויינלעך קלינגען גאַנץ אָפט רעמיניסצענצן וועגן זייַן מאַמען.

"אָ גאָט, אָ גאָט! איך בין איר זון
אין האַרץ בייַ מיר – איר בענקשאַפט, בלוט און לעבן,
אָ, שטאַרק מיך, גאָט! און גיב אויך מיר
די שיינע כּוחות, וואָס האָסט איר געגעבן.

## דער גלויבן אין מענטש

אַזוי פאַרענדיקט ער תּמימותדיק פּאַרליבטע ווערטער. ס׳וועט נישט זיַין קיין גוזמא, אַז ראַוויטשעס אומבאַגרענעצטע טריַישאַפט צו זיַינע נאָענטע, צו משפּחה אָדער פריַינד, איז ממש געווען אין לשער. נישט איין מאָל פלעגט ער איבערחזרן, אַז מען קאָן נישט ליב האָבן די מענטשהייט ווי אַזאַ, וויבאַלד מען האָט נישט ליב דעם יחיד. אָט פאַרוואָס עס קלינגט אַזוי ערלעך און אויפריכטיק דאָס לעצטע ליד פון אָט דער זאַמלונג, געשריבן אין יאָר 1911.

„איך האָב אײַך אַלע ליב,
איך האָב אײַך אַלע ליב, אײַך אַלע, אַלע מענטשן — קינדער,
מענטשן־קינדער. יאָ, איך האָב אײַך האָלט
אין גרויע אויגן טיפע זע נשמות איך ווי ליליעס
אין גרויע קליידער זע איך אײַנגעוויקטע פעדים אין גאָלד״.

אָט דער גלויבן אין מענטש איז געווען זיַין אַבסאָלוטער וועגוויַיזער, זיַין קאָמפּאַס. נאָר ווען די אכזריות פון „בלוט אויף דער פאָן״ אין לאַנד פון דער פאַרשפּילטער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און שפּעטער, ווען דער חורבן האָט פאַראומערט זיַין געמיט, האָט ער שוין מער נישט געקענט ממשיך זיַין אָט די אמונה אין האָמאָ סאַפּיענס. פון דעסטוועגן האָט ער בעת אונדזערע אָפּטע שמועסן, ווו ס׳האָט זיך נאָר באַוויזן אַ ליכטיקערער שטראַל, ממש אויפגעלעבט. אַליין איז ער גראָד דאַן געווען גאָר שטאַרק באַטריבט סײַ מחמת דעם גורל פון דעם מיטמענטש, און אין נישט קיין קלײנער מאָס וויַיל זיַין געזונט האָט זיך כּסדר פאַרערגערט.

די צווייטע לויט דער ריי זאַמלונג איז שוין געווען גרייט ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, אָבער צוליב דעם קריג איז זי אַרויס ערשט אין מאַי 1918, אין ווין. דער נאָמען, אין לאַטיַיניש, „INTER ARM״. באַצייכנט דורך אים „אַ זאַמל־בוך ליריק״, דאָס מאָל רעדאַגירט דורך זיַין שטאַרק פאַר־ערטן פריַינד און רבין, דעם דיכטער **שמואל יעקב אימבער**. אין אָט דער זאַמלונג זענען געווען מיטבאַטייליקט — חוץ אימבערן — אויך **אורי צבי גרינבערג**, מיט וועמען עס האָט אים אויך פאַרבונדן אַ ביז גאָר וואַרעמע נאָענטקייט, **יעקב מעסטעל** און **דוד קעניגסבערג**. אין אָט דער קאָלעקטיווער זאַמלונג קומט שוין גאָר שטאַרק צום אויסדרוק ראַוויטשעס זוכן געטלעכקייט. אָט איז זיַין „תּפילה פון אַ 19־יעריקן״:

„גיב מיר דאָס וווּנדערלעכע גרויסע ליכט,
וואָס זאָל מיר שיַינען פון דיַין שכינה אויבן,
וואָס זאָל מיר מאַכן העל מיַינע שוואַרצע נעכט,
גיב מיר דעם גלויבן.

ווייַל גלויבן איז די זון. – און מיט דער הילף פון שטראַלן האָט דאָס גאַנצע לעבן פון דער טיפעניש זיך אָנגעהויבן. גיב מיר דאָס העלסטע פון דייַן ליכט – גאָט – גלויבן".

ס'באַווייַזן זיך שוין רירנדיקע ליבע־סטראָפן געווידמעט פאַניען, זייַן ער־שטער פרוי, "איין טאָג אָן דיר".

"מיט אַלע אָדערן רינט מייַן בלוט,
פון טיפסטן האַרצן קוואַלט עס הייס,
איך זאָג דיר,
ווייס,
אַז צו דייַנע אָדערן קוואַלט עס, מייַן בלוט".

אויך לידער פול מיט ליבשאַפט צו זייַן מאַמען און אַנדערע, דריקן אויס ראַוויטשעס צאַרטע ליריק צוזאַמען מיט זייַן גאָטזוכעניש און נאַציאָנאַלע מאָטיוון, ווי אין דער פאָעמע "חלוצים" פון אָנהויב ערב דער צווייטער עליה.

"יענע פון מזרחס שבט געשניטן,
האָבן לאַנגע חדשים הונגער געליטן,
און טעג לאַנג געוואַרט בייַ דער שוועל פון דייַן שטוב
און מיט אַ דאַנק און געזאַנג האָבן זיי
דעם שטורמישן ים זיך פאַרטרויט"

כּמעט גלייַכצייַטיק באַווייַזן זיך 41 לידער אין מאַקס היקעל־פאַרלאַג אין ווין אונטער דעם פילזאָגנדיקן נאָמען "גרינגראָז".

נאָך שטאַרקער קלינגען די באַגייַסטערטע אויסרופן צו גאָט אין זייַן ליד "אויפזינג דער גייַסט", וואָס ער פאַרענדיקט מיט אַזאַ־אָ שורה:

"דו ווייסט עס נישט?
איך בין דאָך איינער פון גאָטס זין".

אַזעלכע טעמעס, ווי – "פאַרברידערונג", "אַלוועלט ליד", "איסיים", "3 לידער פון די קנעכט", "די קאָלירן פון דער שנאה".

ראַוויטש ווערט גאָר פרי אַ וועגעטאַריאַנער און ווידמעט אין סאַמע מיטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1916 אַ לענגערע פאָעמע א"נ "קצבים, שוחטים און מאַדאָנע". מיט זייַן כאַראַקטעריסטישער אַנט־שלאָסנקייט איז ראַוויטש געבליבן אַ פרומער וועגעטאַריאַנער ביז זייַן לעצטן אָטעם־צוג.

די דריטע אויסגאַבע א"נ "פרעהיסטאָרישע לאַנדשאַפטן" (1922, וואַרשע), געשריבן אין יאָר 1920, איז אַ זאַמלונג פון 23 לידער, וועלכע ראַוויטש האָט אָנגערופן "קערן פון אַלע מייַנע לידער". די "פרעהיסטאַרישע לאַנדשאַפטן"

האָט ער געווידמעט זײַן צו 29 יאָר "פון אייגענעם ווילן טראַגיש פאַרשטאָר־בענעם ברודער משהן (מוני) בערגנער־הררי.

ווידעראַמאָל הויבט ער אָן אויך אָט די זאַמלונג מיט אַן אַרײַנפיר אין נומ. 170 פון זײַן גאָטזוכעניש, דאָס מאָל נישט אין פּאָעטישן פּערז "דער אדם און זײַן יאַהווע": "און יאַהווע האָט געשמייכלט מיט אַ מילדן, קילן, זילבער־זיסן שמייכל צו אדמען ביז ער האָט דאָס פּנים זיך מיט אַ וואָלקנדל פאַר־שטעלט".

ראַוויטש לאָזט זיך פליִען אויף די פליגלען פון זײַן צעשפּילטער פאַנטאַזיע, נוצנדיק דערבײַ אַן אייגנאַרטיקע האַלב־פּאָעטישע און פּראָזאַיִשע פאָרם.

די קאָנפראָנטאַציע צווישן דעם ערשטן ערדישן אדם, אַרומגערינגלט פון ווײַבער און קינדער און יאַהווען, באַזונדערס אין די נעכט, האָט זיך אויסגעלאָזט מיט אַזאַ פילזאָגנדיקער איבערלעבונג. יאָגנדיק זיך צו דערגרייכן יאַהווען, "האָט זיך אדם פון פעלז אַראָפּגעגליטשט אויף געצווײַג און געבלאַט, אין וואַסער אַרײַן, און זיך אַראָפּגעזעצט אויף זײַן צווײַגן־שיף. ווינט־שטיל איז דער ים געלעגן, און נאָר די ערשטע שטערן האָבן אויף זײַן פלאַך געציטערט. און אדם האָט גערודערט און גערודערט: מיט נאַקעטע דרענגער אַלץ ווײַטער און ווײַטער, אַלץ נענטער און נענטער צו יאַהווע, און ער האָט נישט געוווסט, אַז יענע נאַכט געוועזן איז אַזאַ מין נאַכט: ווען יאַהווע באַווײַזט זיך נישט. דאָס אַנגסטיקע יאָגן זיך נאָך יאַ־האַ־ווען ענדיקט זיך אָבער סוף־כּל־סוף מיט דעם "שוואַרצן חלל", צו וועלכן "דער ווילדער ווינט האָט זיך אַ ריס געטאָן אויף אדמען" און אים פאַרשלונגען.

*

מלך ראַוויטש האָט זעלטן ווען געשילדערט די נאַטור אין זײַן שפּעטערדיקן שאַפן. בכלל פלעגט ער בײַ פאַרשיידענע געלעגנהייטן דערמאָנען, אַז ער באַטראַכט זיך פאַר אַן אורבאַניסט און הומאַניסט. ווען מיר פלעגן אַמאָל שפּאַצירן אין די בערג וואָס אויף צפון פון מאָנטרעאַל, אָדער אויפן באַרג וואָס איז אין צענטער שטאָט, פלעגט ער קוים רעאַגירן אויף דער פּראַכט פון דער נאַטור, וואָרום זײַן געמיט איז כּמעט ווי דורכאויס געווען געווידמעט דעם מענטש און, ווי שוין נישט איין מאָל פריִער דערמאָנט, דער שכינה, וואָס האָט זיך אויף אייביק פאַרשטעלט "מיט אַ וואָלקנדל".

אין 1921 באַווײַזט זיך די זאַמלונג "נאַקעטע לידער" אין פאַרלאַג "קוואַל", ווין. כאָטש זייער ווייניק צײַט טיילט ראַוויטשן אָפּ פון שרײַבן די "פּרעהיסטאָרישע לידער", דאָך באַמערקן מיר שוין דאָ אַ גאָר ראַדיקאַלן ווענד פון מענטש און זײַן "נויט", ווי ער רופט אָן צוו"אַנד די קאַפּיטלען פון אָט דער זאַמלונג. די טיטלען פון די באַזונדערע טיילן רעדן פאַר זיך, און ס'איז כּדאי זיי איצט צו דערמאָנען, וואָרום זיי כאַראַקטעריזירן ראַוויטשעס אומרו נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה:

"די נויט", "שטאַרבן", "פרויען־נשמה", "ליבע און תירוצים", "נאַקעטע דיכטער־נשמה", "לעסטערערס לידער", "וועגעטעריאַניש עוואַנגעליום" אאַ"וו. ווי אַ מין אַריײַנפיר צו די "נאַקעטע לידער" דינט זײַן פּאָעמע "וואָס איז דער דיכטער?". צוו"אַנד איז ער ווי אַ שווערער ווײַן אין דער "נאַכט פון דער וועלט". וואָס איז דער דיכטער? — "דער וועלטס געוויסן!". "דער וועלט־שופט", "די פרייד פון דער וועלט". וואָס איז דער דיכטער? — "רעוואָלוציע".

אָט אַזוי האָט זיך רעוואָלוציע גענומען אַריײַנרײַסן אין ראַוויטשעס קאָנ־פראָנטאַציע מיט דער וועלט.

"רעוואָלוציע איז ווען דאָס שטומע מויל פון דעם גראָען פאָלק מאַכט
זיך אויף אין זײַן ליד, און שרײַט
און די מלאכים, וואָס הערן דאָס געשריי אין די נעכט פון משפּט,
לאָדן־אויף זייער געזונט אויף די פערד און אַנטלויפן".

אָבער "דער דיכטער איז אויך אַ וואָרעם, וואָס איז שטיל צונאַנדערגע־קאָרטשעט,
ווען דעם נאַקעטן לעבן בלוט־גאָס רינט,
דורך דעם לאַבירינט
פון זײַנע אונטער־איבערערדישע דרכים".

אין קעגנזאַץ צו ראַוויטשעס מײַסטערשאַפט אין אויסזינגען זײַנע ריטמישע שירים און ביז גאָר נאַטירלעכע גראַמען, שרײַבט ער דעם אני־מאמין פון אַ דיכטער אין "ווײַסע פערזן", וואָרום אויך דאָס איז אַפּנים אַן אָפּשפּיגלונג פון דער צאַפּלדיקער צײַט. ווען רעוואָלוציע קלינגט אַזוי מענטש־באַפרײַעריש, טאָטשעט דעם פילבאַרן דיכטער דער וואָרעם פון "בלוט אויף דער פאָן".

גראָד אין די "נאַקעטע לידער" קערט ראַוויטש זיך אום צו זײַן גאָר פריִער לירישער יצירה, און ווידמעט אַזאַ ליד ווי "שטיל רויזנליד" זײַן מאַמען, ווײַב און טאָכטער. תּמיד איז די מאַמע אויפן ערשטן אָרט. ס'איז אַוודאי נישט קיין צופאַל. "דאָס לעצטע ליבעס ליד" ווידמעט ער ש. י. אימבערן — דעם ליבע־פולן פירער דורך די יאָרן פון זײַן ערשטער דיכטער־יוגנט; "טרערן", געווידמעט זײַן נאָענטן פרײַנד דוד קעניגסבערג; "איך האָב געזען אַ פרוי" — געווידמעט "מײַן ערשטן פרײַנד" א. מ. פוקס; "טויטע קינדער" — ווידמונג: "אין דאַנקבאַרער דערמאָנונג פון 6־טן יוני 1919, פאַר אברהם זײַנפעלד; "דאָס איינזאַמע ליד פון מײַן לעבן" — געווידמעט לייב קוויטקאָ — אַ ווײַטער גרוס; "אַ רעוואָלוציאָנער דאַוונט צו דער וועלט" — געווידמעט מאַני לייבן — "פאַר דעם געליבטן מאַני לייב"; "מאַמע ערד": "פאַר מײַן טויטן — מײַן איינזאַמען ברודער". דאָס ליד "די משפּחה ראַוויטש", געשריבן ווי ס'רוב "נאַקעטע לידער" אין ווײַסן פערז, איז ווידעראַמאָל אַן ענטוזיאַסטישע אָדע צו זײַן אידעאַליזירטער מאַמען.

צום ערשטן מאָל באַוויַיזט זיך אויך אַ ליד געווידמעט "ייִדיש!".

אַ זאַמלונג באַהויכט מיט אַזאַ פרישן טוי פון צאַרטער דיכטערישער מענטש־זוכעניש האָט אוודאי זיך נישט געקאָנט באַגיין אָן אַ ליד "די אידעאַליסטן". אינטערעסאַנט, אַז ער זוכט די אידעאַליסטן נישט אויף באַריקאַדן, נאָר דער עיקר:

"איך האָב איַיך געזען אין רעגן – דורכגעטריפטע נעכט
איַילן מיט אַ לעצטן גראָשן און אַ לעצטן ביסן ברויט צו אַ קראַנקן חבר,
אָבער אויך די וואָס זיַינען געגאַנגען צו די תּליות מיט געזאַנג,
און געגאַנגען זענט איר צו אייַער נאָמענלאָזיקייט,
דריַימאָל הייליקער ווי די טויבן פון דעם כּהן־גדולס פעטע הענט".

צווישן 1922 און 1929 זיַינען געווען יאָרן ווען ראַוויטש האָט געאַרבעט אין דער ציש"אָ (צענטראַלע ייִדישע שול־אָרגאַניזאַציע), שפּעטערצו גלייַכציַיטיק שוין אויף טלאָמאַצקע 13, און געמוזט זאָרגן פאַר זיַין פאַרגרעסערטער משפּחה (מיט זיַין זון יאָסל), איז ראַוויטש אָפט געפאָרן איבערן לאַנד מיט רעפעראַטן. פון דעסטוועגן האָט ער באַוויזן אָנצוזאַמלען אַ באַדיַיטנדיקע צאָל לידער, וועלכע ער האָט אין צווישנציַיט פאַרעפנטלעכט אין די "ליטעראַרישע בלעטער", וואָס ער האָט מיטרעדאַגירט אין די העפטן פון "כאַליאַסטרע" – אַרויסגעגעבענע צוזאַמען מיט זיַינע פריַינד אורי צבי גרינבערג און פּרץ מאַרקיש.

"די גרעסטע פּאָעמע 'פּיוטים צו דער זון' געשריבן אין יאָר 1923, דריקט אויס ראַוויטשעס שטיַיגנדיקן אָפּטימיזם, בעת אָט דעם שעפעריש־ברויזנדיקן פעריאָד אין זיַין לעבן, ווען ער איז געווען אין צענטער פון דער וויברירנדיקער מיט לעבן און האָפענונג סביבה פון ייִדיש־וועלטלעכן רענעסאַנס אין פּוילן.

אין קעגנזאַץ צו די פינצטערע נעכט, ווען יעהאָוואַ איז פאַרשווונדן פון אדמס לעבנצנדיקע נאָך געטלעכקייט אויגן, שיקט די זון אירע ליכטיקע שטראַלן צום באַגיַיסטערטן לעבנסלוסטיקן מענטש. און ווען ער ווערט אומרויִק, רופט ער אויס:

"שענק מיר, זון, נאָך אַ לאַנגן אָטעם,
געדענק צו גוטן דאָס ליד אָ דאָ,
די דאָזיקע שיכּורע זון – פּיוטים
דאָס אָרעמע ברויט פון אַן אָרעמאַן,
אַזוי ווי עס ווערט צו גוטן געדענקט
ווען ער גיט עס אַ צווייטן אַוועק.
אַזוי גיב איך דיר די ערטער דאָ מיט דעם טיפסטן אָטעם צו
פון מיַין – פון דיַין נשמה".

*

פּאָלקס־ און גאָט־מאָטיוון דאָמינירן אָט די זאַמלונג, וואָס דאַרף אָפּשפּיג־לען ראַוויטשעס פּיר זײַטן פון זײַן וועלט. און דאַן, אין סאַמע ברען פון דער צעוויגטער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע, ווען די פּויליש־ייִדישע יוגנט האָט אָפּט מיט קנאה זיך צוגעהערט צו די אָפּקלאַנגען פון דעם דונער, וואָס האָט זיך געטראָגן פון רוסלאַנד, האָט ראַוויטש, דער שטאַרק באַליבטער צווישן אָט דער יונגט אידעאַליסט־הומאַניסט, אַרויסגעלאָזט אַ "קול קורא", אַ וואָרענונג אין דער פאָרם פון אַ דראַמע: "בלוט אויף דער פאָן" (ווילנע, קלעצקען־פאַרלאַג 1929). ס'איז כּדאַי צו ברענגען די ראשי פּרקים פון דער דראַמע ווי ראַוויטש האָט זיי פאָרמולירט, "די 11 עטאַפּן פון דעם הויפּט־העלד פון דער דראַמאַטישער פּאָעמע: קריגס־געפאַנגענע, וועגטל, געריכט, פאַרטאָג אין תּפיסה, אַא"וו. אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז אין 1929, ווען די גלאָריע פון ראַטן־פאַרבאַנד האָט נאָך גאָר העל געשײַנט צווישן דער לײַכטגלוביקער ייִדישער יוגנט אין פּוילן, האָט ראַוויטש געשילדערט אַן עסטרײַכישן קריגס־געפאַנגענעם אין קיִעוו מיטן נאָמען מאָטע שטשערב, אַ שנײַדער פון שטעטל קוראַוויץ... אָנגעשלאָסן זיך אין דער רויטער אַרמיי, האָט מאָטע שטשערב זיך אָבער אָפּגעזאָגט צו שיסן אויף אַן אַזויגערופענעם ספּעקולאַנט, אַ זאַלץ־סוחר. ער קערט זיך אום אַהיים צופוס, מיטן געפיל, אַז "אומעטום געפינען זיך נאָך אַנטוישונגען".

## די טראַגעדיע פון בלוט אויף דער זון

די טראַגעדיע פון מאָטל שטשערב, פאַרבונדן מיט "בלוט אויף דער פאָן", האָט דאַן אָפּגעקלונגען ווײַט און ברייט אין פּוילן. דער וויכּוח איז אָנגעגאַנגען אַ לאַנגע צײַט: צי קאָן מען דורך גוואַלט ראַטעווען דעם מענטש?

מלך ראַוויטשעס טיפע מענטשלעכקייט, אויסגעדריקט שוין אַזוי פרי ווי אין יאָר 1929 אין "בלוט אויף דער פאָן", וועט בלײַבן אַן אומפאַרגעסלעכער דרײַסטער מאָמענט אין געראַנגל פאַר דעם צלם אלוקים פון מאָדערנעם מענטש. איך ווייס, אַז נישט איינער וועט אײַנווענדן, אַז נאָך דעם ווי עס איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן דעם מאָרד פון הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער, די צוויי נאָבעלע בונדישע מאַרטירער, דורך דעם טיראַן סטאַלין, האָט דאַן זיך פאַנאַנדערגעוויקלט אַ מעכטיקע פּראָטעסט־באַוועגונג אין אַמעריקע אין סאַמע מיטן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. ראַוויטש האָט, ליידער, זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרײַבן אַ קאָלעקטיווע פּראָטעסט־דעקלאַראַציע, מיטן מאָטיוו, אַז די רוסישע ייִדן וועלן זײַן אין אַ טאָפּלטער געפאַר — נישט נאָר מצד די נאַציס, נאָר אויך מצד דעם סאָוויעטישן רעזשים. ער האָט גלײַכצײַטיק פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אין דער "פרײַע אַרבעטער־שטימע", אין וועלכן ער האָט מיט פאַראַכטונג אָפּגעוואָרפן די געמיינע באַשולדיקונג קעגן די צוויי פאַרפײַניקטע געשטאַלטן און האָט זיי שטאַרק געלויבט ווי

זייער מיטאַרבעטער אין דער וואַרשעווער בונדישער "פּאָלקסצײַטונג".

ראַוויטש האָט זיך, צום גרויסן באַדויערן, געלאָזט מיטרײַסן מיט דעם פּסיכאָז, אונטערגעהאַלטן דורך די ייִדישע קאָמוניסטן אין אַמעריקע, וועגן דעם כּלומרשט ייִדן־ראַטעווענדיקן רוסלאַנד. נאָך מער, אַ לענגערע צײַט האָט ער אין זײַן נאַיִוויטעט פּרובירט אַרויסצוהייבן זײַן נייטראַליטעט דורך שרײַבן אַ קאָלום "צווישן לינקס און רעכטס" אין דער "אַרבעטער־שטימע", גלײַך מען וואָלט בכלל געקענט פֿאַרגלײַכן מערדער מיט זייערע קרבּנות פֿון בלוטבאָד, וואָס דאָס סטאַלין־רוסלאַנד האָט כּסדר אַלץ מער און מער פֿאַרשטאַרקט.

וואָס פֿאַר אַ מהלך פֿון "בלוט אויף דער פֿאָן" ביז אָט דעם טרויעריקן עפּיזאָד אין ראַוויטשעס לעבן!

ראַוויטש האָט, פֿאַרשטייט זיך, אין אָנבליק פֿון דעם וואָס האָט זיך שפּעטער אַזוי באַשײַנפּערלעך אַרויסגעוויזן, שטאַרק, גאָר שטאַרק באַדויערט זײַן דעמאָלטיקע האַלטונג, און איז געוואָרן דער שטאַרקסטער קעגנער פֿון דעם תּלינישן רעזשים. די מוֹרא, אַז דער רעזשים וועט נקמה נעמען אין די הילפֿלאָזע ייִדישע מאַסן צוליב דער פּראָטעסט־אַקציע, האָט, צום באַדויערן, פֿאַרפֿירט דעם צאַרטן דיכטער.

## צווישן קאָנטינענטן און אָקעאַנען

נאָכן אַרויסגעבן די דראַמע, קומט אַ לאַנגער פּעריאָד, בעת וועלכן די פּאָעטישע פּען פֿון פֿונעם דיכטער האָט גענומען אָפּטער רוען. ראַוויטש ווערט אַ וועלט־רײַזנדער, ווי שוין דערמאָנט אין דעם ביאָגראַפֿישן אַרײַנפֿיר. קאָליר־פֿולע און ביז גאָר סענסיטיווע רײַזע־באַשרײַבונגען באַווײַזן זיך נאָכאַנאַנד אין דער "פֿאָלקסצײַטונג". אין יאָר 1937, פּובליקירט דער מחבר אין פֿאַרלאַג "ליטעראַרישע בלעטער" אין וואַרשע אַ באַנד: "קאָנטינענטן און אָקעאַנען". צוו׳אַנד דרוקט ער אָפּ אַ גרעסערע פּאָעמע "טראַנס קאַנאַדע". ער האָט דאַן נאָך נישט געוווּסט, אַז ער וועט מיט דער צײַט מגולגל ווערן אַהין און ווערן אַ תּושב לענגער ווי אין וועלכן־ס׳איז־נישט לאַנד, אַרײַנגערעכנט אַפֿילו פּוילן, פֿאַר גאַנצע 38 יאָר.

אַ קורצער פֿראַגמענט פֿון אַ ליד וועגן קאַנאַדע וועט אונדז געבן אַ באַגריף פֿון זײַן פּאָעטישן שווּנג:

"גייט די זון דאָ אויף, גייט די זון דאָ אונטער,  
שטײַגט פֿון אַטלאַנטיק אויף און פֿאַלט אין פּאַציפֿיק אַרונטער,  
קוילערט זיך איינזאַם טאָג־איין, טאָג־אויס  
וואַלד אַרײַן וואַלד אַרויס,  
צו פֿאַרנאַכטצו ווערט זי מיד און מידער,  
לייגט זיך אויף די שטאָלענע רעלסן אַנידער

און קוליעט זיך נאָך נאָך דער באַן,
ס'איז איר איינזאַם דאָ אַליין צו זײַן
אויף דעם סטעפּ פון שניי,
ווייל זי אויך אַוועק מיט דער באַן" (ז' 201).

## דער זינגער פון ייִדישלאַנד

צווישן אַט די קאָלירפולע פערזון געפינט זיך אויך אַ "געזאַנג אויף ימים צו מאַמע־לשון". זעלטן ווען צו געפינען אַ שרײַבער, וואָס כאָטש נישט דער עיקר דערציִונג אין ייִדיש, זאָל אַרויסווײַזן אַזוי פיל ליבע צו מאַמע־לשון. זײַן ציטערדיקע באַציִונג צו אונדזער שפּראַך־ און קולטור־אוֹצר איז אונדז אין קאַנאַדע שטאַרק בײַגעשטאַנען און האָט געהאָלפן דערגרייכן אַ לפּי־ערכדיק בעסערע מערכה פאַר ייִדישלאַנד. אָט איז אַ קורצער אויסצוג, אינספּירירט דורך דער וועלט־מאַפּע פון ייִדיש:

"פאַרשטויסענע מאַמע־לשון פון אונדזער פראָסטן פאָלק,
אומעטום די זעלבע, אָרעמהייליקע אויף אַלע פינף קאָנטינענטן.
דער מידער קאָפּ אין דײַן שויס, די ליפּן וועלט־ווינד און וועלט־צער פאַרברענטע
זיץ איך, דײַן זון, בײַ דײַנע פיס, לאָז מיך קושן דײַנע אַלטע שקראַבעס.
און פּלוצלונג זע איך דיך גיין צו מיר,
איבער אַלע ימים, פון אַלע טיילן פון דער ערד.
דו גוטע אַלטע מאַמע,
שוין הער איך אין אַלע ווינטן זינגען
שווײַג־ליד.
און עס איז מיר אַזוי גוט, אַזוי גוט,
צו זינגען עס מיט דיר צוזאַמען.
דיך האָב איך געפונען, מאַמע,
ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרלוירן,
ווען אַלץ וועט גיין צום שטאַרבן,
וועסטו נאָך אין געזאַנג און אין ווי
אַ נײַע וועלט געבוירן.

פון אַלע זאַמלונגען איז "קאָנטינענטן און אָקעאַנען" די סאַמע פּערזענלעכסטע, אין וועלכער ער נעמט אַפילו אַ רירנדיקן אָפּשייד פון זײַן ערשטער פרוי, וואָס מיט איר איז ער זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען און במילא אויך, בלית ברירה, אַ לענגערע צײַט געווען ווײַט פון זײַן טאָכטער און זון. טרויעריק, פול מיט צער און ווייטיק, קלינגען די שורות. דער דיכטער פאַרכליניעט זיך אָבער מיט כּלערליי טראָגן אויף זײַנע סענסיטיווע פּלייצעס דעם גאַנצן וועלטשמערץ, און דער עיקר דעם פּײַן פון ייִדישן וועלטפאָלק.

אגב, איז די לאַנגע פּאָעמע ״וועלטפאָלק: יידן״ אַן אַרויסרוף צו דער וועלט מצד

״די טרעגער פון געטלעכן נאָמען און געטלעכן אַרום,
די ערשטע צעשטערטע פון געצן,
אַגענטן פון געטלעכן וואָרט, שרייַבער פון ערשטע געזעצן,
די קינדער פון גאָט פון נקמה –
געבוירן געוואָרן
אין טאָג פון זייַן גרויסן צאָרן״.

״זיי היטן שוין פיר טויזנט יאָר דאָס יחוסדיקע בלוט פון זייער שטאָם,
ווי מען היט פאַר אַ ווינט אַ הייליקן פלאָם –
און לוחות אין זייערע הענט
און דאָס הייליקע פייַער ברענט״.

וועלט־ייִדן

״רייַטן איבער אַלע צייַטן, איבער אַלע וועלט־ווייַטן,
איינער קעגן אַלע, אַלע קעגן איינעם, אַלע צוזאַמען, אַלע אַליין.
וועלט־ייִדן אויף שוימפערד און טרוימפערד
וועלן זיגן – און אַליין,
אין די כוואַליעס אונטערגייען,
ווייַל נישט דער ציל – דאָס מיטל זייַנען זיי –
דאָס געמקריבטע, דאָס געהייליקטע –
דאָס בלאָטיקע –
דאָס מיטל צום ציל פון דער וועלט – ״

אַ טיף דערשיטערטער פון דער קאַשמאַרפולערווירקלעכקייט שוין אין אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, באַזעצט ער זיך ענדלעך אין מאָנטרעאָל. מ׳קאָן דרייסט זאָגן, אַז די וואַרעמע, און דאַן אָפט אַפילו פילבאַר־האַרציקע סביבה אין אָט דער שטאָט האָט אים געהאָלפן, אויב נישט אינגאַנצן, בייַקומען די ביטערע חורבן־מחשבות און געפילן ווידער דערוועקן זייַן פּאָעטיש קרעאַטיוו געמיט צו בלייַבן וואַך און שעפעריש אין משך פון פיל יאָרן, ביז וואַנען די האָפענונגסלאָזע פּאַרקינסאָן־קראַנקייט האָט אים צום סוף פאַרצוקט.

## טרערן און בטחון

פון צייַט צו צייַט שטראַלט פון דעסטוועגן אַרויס פון דעם אומעטיקן דיכטער זייַן נאַטירלעכער באַגער צו זוכן טרייסט בייַצוקומען עצבותדיקע שטימונגען דורך אָפּטימיסטישע אויפבליצן. גאָר פרי האָט ער געאַנט די אָנקומענדיקע קאַטאַסטראָפע. אָט פאַרוואָס ער ווענדט זיך צו זייַנע באַליבטע וואַרשעווער ייִדן:

„פון נאַלעווקע, פון סמאָטשע, קומט, הייבט אייַך אויף
נעמט אין דער האַנט אַרייַן דעם וואַנדערשטעקן,
איר האָט אייַערס געטאָן און טראָגט אייַך אָפּ
אין אַלע פיר וועלט־עקן.
איר, וואָס האָט געהאָרעוועט און געראַנגלט
פון זון ביז זון – אָט ווי ס'רויען די בינען.
ס'האָט נישט איין מאָל שוין וועלטן געהאַט און פאַרשפּילט
און איר וועט נאָך נייַע וועלטן געווינען.
ס'איז אַ ברייטע וועלט, כ'האָב אייַך אומעטום געזען,
אייַערע וואַרשעווער זין און טעכטער,
אין אַפריקע, אַמעריקע, אַזיע און אויסטראַליע,
ס'איז נאָך דאָ אַ וועלט און אויף איר אַ גאָט, אַ גערעכטער.

מיר דערנענטערן זיך שוין צום שלוס־אַקאָרד פון „די לידער פון מייַנע לידער”. אין יאָר 1946 באַווייַזט זיך אין דוד לערמאַן פאַרלאַג אין בוענאָס אייַרעס אַ נייַער באַנד, וועלכן ער האָט אָנגערופן: 67 לירישע, סאַטירישע, סאָציאַלע און פילאָזאָפישע לידער פון די לעצטע פינף־זעקס יאָר. גאָר אינטערעסאַנט איז די עצם פאַרטיילונג צווישן די פאַרשידענע מינים שירים, וואָס דער מחבר גיט אָן אויפן שער־בלאַט:

1. דאָס אויסדערוויילטע פאָלק
2. 1939 – 1945
3. דאָס גרויסע זוכן
4. און דער לעצטער לעסטערער נאָך אַלץ
5. מעדיטאַציעס
6. ליריק
7. מחשבות וועגן פאַרגיין און נישט־זייַן
8. פרא דאַמאַ
9. פון הארץ אַראָפּ – אילוסטרירט פון יאָסל בערגנער.

באַהאַנדלען, אַפילו על רגל אחת, אָט דאָס בוך, וואָס איז דורכגעווייקט מיט טרערן, און פאָרט מיט בטחון, איז, פאַרשטייט זיך, אין אונדזער סינ־קרעטישער באַנעמונג פון דער טעמע, נישט מעגלעך. שוין די טיטלען רעדן אָבער פאַר זיך אַליין ווי אַזוי דער פילבאַרער בעל־מקונן האָט בייַ דעם רחבותדיקן טייַך סעינט־לאָרענס באַקלאָגט דעם ביטערן גורל פון עם ישראל און, פונקט אַזוי ווי דער נביא האָט בשעתו על נהרות בבל געטרייסט זייַן פאָלק און געוועקט מיט אַן אמונה בייַצושטיין גרויליקע נסיונות, און דאָך נישט פאַרלירן דעם צלם אלוקים.

כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס ראַוויטש האָט אויסגעקליבן פאַר דעם ערשטן

ליד, געשריבן אין דעם שווידערלעכן יאָר 1944, די אַזאַ פילזאָגנדיקע לענגערע פּאָעמע "והיה באחרית הימים". "ייִדיש פּאָלק, איך גלויב אין דײַן שליחות" — אַזוי הייבן זיך אָן ס'רוב פון די פערזן:

"ייִדיש פּאָלק, איך גלויב אין דײַן שליחות,
כאָטש מייַנע צייַנער קריצן שאַרף פון ווײ און צום הימל בייַלן זיך די פויסטן.
קיין אויסוועג איז נישטאָ. ס'איז מיטן ים. לאָמיר אָנכאַפּן דעם רודער
און פירן שטאַרקער אונדזער שיף אין דעם וועלט־שטורעם צעברויזטן".

מיט שטאָלענער אַנטשלאָסנקייט קלינגט אָפּ זייַן וואָרט:

"דייַן שליחות, ייִדיש פּאָלק, איז דער וועלטס געוויסן אויפצוטרייסלען".

בעת דער רוב פון אונדזערע פירנדיקע קאָריפייען האָבן אונדזער ביטער מזל אויף אַזאַ נאַטירלעכן אופן אויסגעלאָזט צו דער גאַנצער וועלט, האָט ראַוויטש נאָך אַלץ נישט פאַרלוירן דעם גלויבן, אַז די וועלט, ווי שרעקלעך זי זאָל זיך נישט האָבן געהאַלטן, פאַרמאָגט נאָך אַ געוויסן. מע דאַרף עס נאָר קענען אויפטרייסלען, און דאָס בלייַבט לעולם ועד אונדזער הייליקע שליחות.

ביז גאָר רירנדיק קלינגט דער צעוויייטיקטער עלעגישער טאָן, מיט וועלכן מלך ראַוויטש לאַדט אייַן זייַנע חברים:

"אַלע, אַלע אינאייינעם,
קומט, דיכטער ייִדישע, קומט לעבעדיקע און פון שטויב און אַש
שטייט אויף, איר טויטע,
קומט אייַך צונויף, מייַנע חברים, און העלפט אַלע מיר וויינען
טרערן לעצטע נאָך די אַלע יאָרן וויסטע, טרערן בלוטיקע,
קומט אייַך צונויף, מייַנע חברים, רובינען רויטע. פון אַלע וועלט־עקן
איר, גרויסע און איר, וועלט־באַרימטע און אויך איר,
איר אומבאַקאַנטע,
לאָמיר אויסוויינען די טרערן בלוטיקע און רויטע קודם
און לאָמיר שפּעטער וויינען טרערן ליכטיקע און קלאָר ווי
פּערל און בריליאַנטן
טרערן פול בטחון און שטויב — דרייַפּערטל אויסגעשטאָרבן,
טרערן פול מיט שטאָלץ און פרייד פון דערגאַנגענער שליחות,
קומט, דיכטערס ייִדישע — אַלע, אַלע אינאייינעם
מיט טרערן וועלן מיר אויסזעצן ווי מיט בריליאַנטן
אַ פּאָר נייַע לוחות".

ראַוויטשעס רוף צו זייַנע קאָלעגן קלינגט אַזוי עכט, אַזוי ערלעך. ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אינעם אַרייַנפיר צו דעם עסיי, האָט ער אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע קאָלעגיאַלקייט און זאָרג פאַר דער שרייַבער־משפּחה.

די ירושה פון סעקרעטאַר פון טלאָמאַצקע 13 האָט אים דאָך באַגלייט ביז דעם סאַמען סוף פון זײַן שעפערישן לעבן. נישט קיין חידוש, וואָס עס האָט אים אַזוי טיף געעקבערט און פאַרפאָלגט דאָס געשפּענסט פון אויסגיין פון שרײַבער פאַרשניטענע אינעם היטלער־גיהנום.

*

אומזיסט האָט ער געזוכט אַ שעפערישן נאָכוווקס אין דער אַסימילירטער אַמעריקע, און דאָס האָט אים דערפירט צום שרײַבן די גרויסע פּאָעמע: ״די קרוינונג״, וועלכע ראַוויטש אַליין כאַראַקטעריזירט אויפן שער־בלאַט אָט ווי: די קרוינונג פון אַ יונגן ייִדישן דיכטער אין אַמעריקע — אַ פּאָעמע — מאָטאָ — אויב איר ווילט, איז עס נישט קיין מעשהלע. הערצל״. ווידעראַמאָל וועלן מיר טאַקע, דורך ברענגען די נעמען פון ראַוויטשעס קאַפּיטלעך, זען די כּוונות פאַר קרעאַטיוון המשך.

רירנדיק איז דאָס ווידמען אָט די פּאָעמע זײַן טאָכטער רות בערגנער, זײַן זון, דעם מאָלער יוסל בערגנער, פאַר זײַן שנור, די מאָלערין אָדרי בערגנער, — ״מיט וואָס האָב איך זוכה געווען, וואָס איר זענט דער המשך פון אַלעם דעם, פאַר וועלכן איך האָב מײַן לײַב און לעבן אַוועקגעגעבן״ (72 זײַטן, אַרויסגעגעבן פון דוד איגנאַטאָוו ליטעראַטור־פאָנד, ניו־יאָרק 1953).

ווי טראַגיש עס זאָל נישט זײַן דער טאָן פון דער פּאָעמע, איז אָבער די אַלעגאָרישע פאָרם פון ״קרוינען״ אַ יונגן פירער פון אונדזער שעפערישער פלעיאַדע — אַן אויסדרוק פון טיפן אומרו וועגן גורל פון דעם גרעסטן אוצר, וואָס אונדזער פאָלק פאַרמאָגט, און אין וועלכן עס נויטיקט זיך אָן אַן ערך מער נאָכן חורבן. ״די לידער פון מײַנע לידער״ באַשטייען פון געקליבענע שירים פון פריִער פובליקירטע זאַמלונגען, חוץ די לעצטע 28 זײַטלעך, וועלכע אַנטהאַלטן ס׳רוב שטאַרק פערזענלעכע פּאָעמעס, פאַרעפנטלעכטע אין כלערליי זשורנאַלן און צײַטונגען במשך די פופציקער יאָרן. טאַקע מחמת זיי זײַנען אַזוי ליריש, ווילן מיר אויף אייניקע זיך אָפּשטעלן.

״טעג מיט דיר״ איז געווידמעט רחל אײַזנבערג, זײַן צאַרטער מיטבאַגלייטערין אין משך פון זײַן לאַנגן מאָנטרעאָלער פעריאָד. יעטוועדע שורה טריפט מיט זעלטן סובטעלער ליבשאַפט, אַז עס וואָלט זיך וועלן וואָס מער פון זיי ציטירן. איין סטראָפע, וואָס רעדט פאַר זיך, וועלן מיר דאָ ברענגען:

״טעג מיט דיר זענען ווי טעג טיפע, ייִדישע און מענטשלעכע.
זייערע שעהען
שעפּן זיך — שעה נאָך שעה — ווי מיט אַן עמער פון
אַ טיפן ברונעם דנאָ.
אַז דו ביסט מיט מיר — מישט זיך אויס דער הײַנט מיט אַלע
נעכטנס און מאָרגנס.

פליגלען האָבן שעהען מיט דיר. אַ שעה איז אַן אייביקייט, און
אַן אייביקייט — אַ שעה.
טעג מיט דיר זענען טעג מיט ספרים, אייביק קלוגע
אַז מיר לייענען צוזאַמען,
טעג מיט דיר, זענען ווי מילגרוימען צייַטיקע, אָנגעפילטע מיט
קערנדלעך פון גלויבן
אַז נישט געענדיקט איז די וועלט, נאָר זי הייבט ערשט איצטער אָן
צו גיין אַרויף.

אַגב, שרייַבט ער, אַז דאָס גרעסטע צווישן זייַנע ספרים אין גרויסן בוך "די לידער פון מייַנע לידער" ..."טראָג איך צו מיט געטרייַשאַפט ביזן סוף פון מייַן לעבן — רחל אייַזנבערג־ראַוויטש".

אַן אַנדער ביז גאָר פּערזענלעך ליד פון אָט דער סעריע איז געווידמעט "דעם שאָטן פון רויך פון מייַן פאַרברענטער מאַמען אויפן הימל איבער בעלזשעץ אין צענטן יאָרצייַט".

אין "צוויי ייִדישע ברידער" זינגט ער "מיט ליבע אָן אַ גרענעץ פאַר מייַן ברודער דעם פּראָזאַיִקער הערץ בערגנער".

וואָס עס האָט אַרויסגערופן אַ זעלטענעם דינעם נשמה־ציטער אין מלך ראַוויטשן, איז געווען זייַן האַרציקע חברישקייט צו קאָלעגן שרייַבער. אָט איז: "אַ שיר פון קינה און נחמה אויפן נפטר ווערן פון מאַני לייב, דוד איגנאַטאָוו, י.י. סיגאַל".

אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז הגם די צוויי זייַלן פון דעם מאָנטרעאָלער ליטעראַרישן צענטער בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה און האַרט נאָך דעם, זייַנען, וואָס שייך כאַראַקטער, געווען ביז גאָר ווייַטע קאָנטראַסטן, און דער גרויסער ווירטואָז פּאָעט י.י. סיגאַל האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין ענלעכע וואַרעמקייט צו דער שרייַבער־משפּחה בכלל, און צו ראַוויטשן בפרט. ווען ד"ר הערש ראָזענפעלד און זייַן פרוי דבורה האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק וועגן גרינדן אַ ליטעראַרישע פונדאַציע און האָבן קודם־כל זיך באַראַטן מיט זייער פאַרערטן מלך ראַוויטש, איז די לעצטער דורכאויס באַשטאַנען, זיי זאָלן די פונדאַציע אָנרופן אויפן נאָמען פון י.י. סיגאַל. אַזוי איז טאַקע געשען.

אין יאָר 1969 גיט אַרויס דער מ. ראַוויטש בוך־קאָמיטעט בייַ דער ייִדישער פאָלקס־ביבליאָטעק אין מאָנטרעאַל לידער און פּאָעמען פון די יאָרן 1954 — 1969 א"נ "עיקר שכחתי", ווידראַמאָל מיט צייכענונגען פון יאָסל, און געווידמעט אָדרי בערגנער, דעם דיכטערס שנור. ביז גאָר סימפּאַטיש איז דער מאָטאָ, וועלכן דער דיכטער נוצט פאַר דעם בוך, דהייַנו — פון ש. אַנ—סקיס "דער דיבוק" טעקסט פון זוהר:

"מחמת וואָס, מחמת וואָס
איז די נשמה
פון העכסטן הויך
אַראָפּ אין טיפסטן גרונט?
– דאָס פאַלן טראָגט
דעם אויפקומען אין זיך..."

כאַראַקטעריסטיש פאַר ראַוויטשעס דעמאָלטיקער שטימונג, אַרום אַ פערטל יאָרהונדערט נאָכן חורבן, זייַנען אויך די אוניווערסאַלע מחשבות אויסגעדריקטע אין דער הקדמה: "אונדזער מענטש־גוֹרל איז פאַרבונדן מיטן גוֹרל פון אונדזער פּלאַנעט. און אונדזער ייִדישער גוֹרל איז אויף אַלע אייביקייטן פאַרבונדן מיטן גוֹרל פון דער מענטשהייט. מעג אונדז די מענטש־הייט הונדערט מאָל האָבן אָפּגעוואָרפן פון זיך אויף אַלערליי גרויזאַמע אוֹפנים, הונדערט מאָל זייַנען מיר צוריקגעקומען".

ראַוויטשעס אַבסאָלוטע אידענטיפיקאַציע מיט עכט נביאישן אוניווערסאַ־ליזם איז, אייגנטלעך, קיינמאָל, אַפילו אין די יאָרן פון חורבן, נישט געוואָרן אָפּגעשוואַכט. אין זייַן פּאָעטישן פיבער איז ער, אַפילו אין יענע אַנגסטיקע יאָרן, קיינמאָל נישט דערגאַנגען, למשל, צו אַזאַ ווי יעקב גלאַטשטיינס פאַרצווייפלטן, יסורימדיקן אויסגעשריי זיך אָפּצוקערן פון דער וועלט ("אַ גוטע נאַכט, וועלט"). פּרצעס באַרימטער אויסרוף קלינגט כסדר אָפּ אין ראַוויטשעס נשמה יתירה: "יעדעס פאָלק האָט זיך זייַן שליחות, און אונדזער שליחות איז יוֹשר. מיט דער שליחות זענען מיר געבוירן געוואָרן, מיט דער שליחות פון משיח – קומען – אָדער מיר וועלן, באַזיגטע, שטאַרבן. אונדזער וואָפן איז גייַסט – אַמאָל, איצט און אייביק".

ס'איז קלאָר, אַז אָט דער אידעאַליסטישער אני־מאמין, וואָס האָט צוו"אַנד אין ראַוויטשעס ייִדישער וועלט־אָנשויונג זייַנע וואָרצלען אויך אין פּרצעס באַרימטן אַפאָריזם: יעדעס פאָלק גייט אין דער וועלט אויף זייַן אוֹפן. דאָס ייִדישע פאָלק... אויף זייַן ייִדישן וועג.

## היתּכן, רבּוֹנו של עוֹלם?...

ווי אַ וועגווייַזער אין לעבן, דינט ראַוויטשן אין די שווערע צייַטן אָט דער ריכט־שנור. "גיכער", שרייַבט ראַוויטש אין דער גייַסטיקער הקדמה, "האָט די זאַמלונג געדאַרפט הייסן: היתכן, רבּוֹנו־של־עוֹלם? דאָס וואָלט אָבער געווען צו עקסטראַוואַגאַנט". אַזוי באַדאַכט איז שוין געוואָרן דער פּאָעט פון דער "כאַליאַסטרע" און פון די "נאַקעטע לידער".

אין אָט דעם נשמה־אויסגוס שרייַבט ווייַטער דער דיכטער "אין מיטן פון די ערשטע יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אָפּגעקערט זיך פון דעם זיסן עראָטישן לידער־שרייַבן און דערזען דורך די לידער דעם אמת פון דער

ברוטאַלער וועלט, און בײַ דעם אמת געבליבן ביז — יאָ, ביז משיח וועט קומען. און איך גלויב אין ביאת המשיח.

אַזוי, שרײַבט ער, בין איך אַ גאָט־זוכער געוואָרן. "כ׳בין אָבער נ אָ ר ביז צו דער שוועל פון דעם גרויסן סוד דערגאַנגען...". כ׳האָב זיך, זאָגט ער, געהאַלטן בײַ דעם כּלל, אַז: פּאָעזיע איז נישט, און זאָל נישט זײַן, אַ שפּילערײַ מיט ווערטער, נײַערט די שטרעבונג צו דער פאַרווירקלעכונג פון דעם אַבסאָלוטן אמת ווי אַ לעבנס־דעוויז: טו דיר גוט אָן יענעמס שאָדן — טו יענעם גוט אָן דײַן שאָדן. "אַבסאָלוטע עטיק צווישן מענטש און מענטש".

"עיקר שכחתי" איז אַ מין חשבון הנפש. לײדער וועלן מיר אין דעם עסיי זיך נישט קענען אָפּשטעלן אַפילו אויף אייניקע פּערל פון אָט דער גאָר רײַפער זאַמלונג. בלויז די קעפּלעך וועלן מיר ברענגען אין 5 גרופּירונגען:

א. אַ דיאַלאָג מיטן אין־סוף
ב. כי בנו בחרת
ג. דו און איך
ד. אַרום דער לעגענדע פון אַבסאָלוטן יוֹשר און גוטע כּוונות
ה. אַ זקן פאַרשפּילט זיך מיט זײַנע לידער.

נאָר איין אויסנאַם וועלן מיר נאָך מאַכן גראָד פאַר דער לעצטער פּאָעמע: "אַ ליד צו אַ גאַסן־קערער" — נישט ווײַל די פּאָעמע דריקט צום בעסטן אויס דעם מחברס פּאָעטישן קרעדאָ, נאָר מחמת דער זעלטענער דיכטערישער פּראַכט, וואָס שלאָגט אַרויס פון די קורצע, ממש ווי סקאַנדירטע, מחשבה־רײַכע וויזיאָנערישע שורות.

"ווען דו וואָלסט מסכּים געווען
צו פאַרבײַטן דײַן בעזים
אויף מײַן פּען.
אָט בין איך שוין אַ זקן — שרײַ און זינג און מאָן,
און מאַך בעסער די וועלט.
און וואָס האָב איך אויפגעטאָן?"

"אָבער דו, גאַסן־קערער,
דו, ווונדערלעכער מאַן
דײַן בעזים מאַכט ריינער די וועלט
מיט יעדן אײנציקן שפּאַן.

אין אָט דער פּאָעמע שפּיגלט זיך גאָר שטאַרק אָפּ ראַוויטשעס אומרו און סקעפּטיציזם, וואָס האָט אַזוי אים, דעם אַמאָליקן כּאַליאַסטרע־טרובאַדאָר, באַהערשט אין לעצטן פּעריאָד פון זײַן לעבן. מיט "עיקר שכחתי" שליסט ראַוויטש אָפּ זײַנע פּאָעטישע זאַמלונגען. ער ווידמעט זיך

אויסשליסלעך, אויסער פּובליציסטישע אַרטיקלען, וועלכע ער האָט וואָך נאָך וואָך פֿאַרעפֿנטלעך אין דער גאָרער ייִדישער וועלט, זײַנע פֿיר הונדערט פּראָפּילן, ווי שוין אינעם אַרײַנפֿיר דערמאָנט, פֿון שרײַבער, קולטור־טוער אאַ״וו.

פֿיר בענדער און פֿינף ביכער זײַנען דערשינען צווישן 1943 און 1981, אונטערן נאָמען ״מײַן לעקסיקאָן״. די פּראָפּילן אַנטהאַלטן גלענצנדיקע עסייען פֿול מיט הומאָר, שאַרפֿער אָבסערוויר־קראַפֿט, סובטעלקייט און מענטשן־ליבע. איבער 400 פּראָפּילן, כאָטש ס׳פֿעלט נישט אין זיי אויך גוטמוטיקע קריטיק. מיר איז שווער צו זײַן אָביעקטיוו, וואָרום אויך איך האָב געהאַט די זכיה צו זײַן צווישן די, וועמען ראַוויטש האָט געווידמעט זײַנעם אַ פּראָפּיל.

ס׳וואָלט בפֿירוש געווען אַן עוולה ווען מיר זאָלן נישט דערמאָנען כאָטש די דרײַ בענדער פּראָזע ״דאָס מעשה־בוך פֿון מײַן לעבן״.

ראַוויטש האָט נישט איין מאָל באַדויערט, וואָס ער האָט נישט געגלויבט, אַז ער קען אויך שרײַבן פּראָזע. אינטערעסאַנט איז, אַז ווען איך האָב אים אין אַ שמועס מיט אים געפֿרעגט הלמאי ער נעמט זיך נישט אונטער צו שרײַבן אַ ראָמאַן מיט ברוך שפּינאָזאַ ווי דעם הויפּט־העלד, האָט ער געענטפֿערט, אַז דאָס וואָלט געקענט באַווײַזן נאָר אַ טאַלאַנטירטער פּראָזאַיִקער, און ער, ראַוויטש, קען זיך לײַדער אויף דעם נישט פֿאַרמעסטן. דאָך, ווען די דרײַ בענדער ״דאָס מעשה־בוך פֿון מײַן לעבן״ האָבן זיך באַוויזן, האָבן די שאַרפֿסטע קריטיקער זיי אָפּגעשאַצט ווי אמתע מײַסטער־ווערק.

אינטימקייט, וואַרעמקייט, סובטעלקייט, צאַרטער הומאָר, בילדערישקייט, מחשבה־רײַכקייט און אַלץ, באמת אַלץ, וואָס עס קענען אַרויסברענגען ביז גאָר געלונגענע זכרונות, וואָס שפּיגלען אָפּ נשמה־געראַנגל אין צײַט פֿון שאַפֿן, פֿון מוראדיקן אומרו — האָט געפֿונען אַ תּיקון אין די דרײַ בענדער. וואָס שײַך דעם קאָלעקטיוו־אַספּעקט, צייכנט באַזונדערס זיך אויס דער דריטער באַנד געווידמעט ס׳רוב טלאָמאַצקע 13, ווי אַ קאַלײדאָסקאָפּ, דורך וועלכן עס גייט אַדורך די גרויסע פּלעיאַדע קינסטלער פֿון אַלע מינים. שרײַבנדיק, פֿאַרשטײט זיך, מיט באַזונדערער האַרציקייט וועגן זײַנע פֿרײַנד פּרץ מאַרקיש און אורי־צבֿי גרינבערג, די צוויי מיטשותּפֿים פֿון דער ״כאַליאַסטרע״, שפּיגלט אָפּ דאָס בוך די בונטע סבֿיבֿה, אין וועלכער ראַוויטש האָט געווירקט. דער נאָמען ״כאַליאַסטרע״ האָט זיך באַוויזן, שרײַבט ראַוויטש, בלויז אויף דעם ערשטן נומער פֿון אַ זאַמלונג. דאָס האָט אייגנטלעך בראָדערזאָן אין זײַנס אַ ליד אַ נאָמען געגעבן דער גרופּע.

״מיר יונגען״, האָט ער געשריבן, ״מיר, די פֿריילעכע צעזונגענע כאַליאַסטרע,
מיר גייען אין אַן אומבאַוווּסטן וועג,
אין טיפֿע מרה־שחורהדיקע טעג

און נעכט פון שרעק —
פּער אַספּעראַ אַד אַסטראַ" (דורך דערנער צו שטערן).

אָט דאָס ליד האָט מאַרקיש אַוועקגעשטעלט ווי אַ מאָטאָ אויפן ערשטן "כאַליאַסטרע"־העפט", שרײַבט ראַוויטש. נישט איין לייענער האָט בשעת מעשה זיך געחידושט, ווי אַזוי קענען די טרעגער פון דער "כאַליאַסטרע" זײַן "פריילעכע צעזונגענע", אין אַזעלכע "טיפע, מרה־שחורהדיקע טעג פון נעכט און שרעק", וועגן וועלכע (ווי זיי האָבן געשריבן) צעזונגענע זײַנען זיי געווען קודם כּל צוליב דעם ברויזנדיקן יידישן לעבן אין פּוילן, להכעיס אַלע צרות, און נישט אין קיין קליינער מאָס אויך מחמת אין רוסלאַנד, פון וואַנען גאָר גרויסע קינסטלער האָבן זיך געראַטעוועט ווי פּליטים אין פּוילן, האָבן פּאָרט מיט באַוווּנדערונג נאָך אַלץ דערוואַרט די ישועה פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

פּרץ מאַרקיש, אַזוי ווי נאָך אַנדערע, איז מיט דער צײַט טאַקע געפאַלן אַ קרבן פון דער טראַגישער אילוזיע.

אין וואַרשע האָבן די כּסדר וואַקסנדיקע אין צאָל און אין איכות קינסטלער זיך געטוליעט איינער צום אַנדערן, כאָטש נישט אָן גרילצן, און האָבן משפּיע געווען טלאָמאַצקע 13, די גײַסטיקע פּעסטונג פון יידישער ליטעראַטור אין פּוילן, מיט ראַוויטשן, די נשמה פון דעם פאַראיין. צום גליק האָט ראַוויטש נישט געלאָזט זיך מיטרײַסן מיטן פּראָ־רוסישן שטראָם. נישט קיין קליינעם חלק האָט אין דעם געהאַט ראַוויטשעס נאָענטקייט צום "בונד", אויך ווי דער ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון דער וואַרשעווער בונדישער "פאָלקסצײַטונג".

ווי פריִער דערמאָנט, האָט ער זײַן פּאַרביטערונג אויסגעדריקט אין דער דראַמע "בלוט אויף דער פאָן", אין וועלכער ער קלאָגט איבער דער ברוטאַלקייט פון אַזאַ רעוואָלוציע, וואָס "די געטער (אירע) זײַנען דורשטיק" — ווי אַנאַטאָל פראַנסעס באַרימטער ראָמאַן האָט עס אַזוי קרעפּטיק אויסגעדריקט בנוגע דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. ראַוויטש האָט דערשפּירט די געפאַר נאָך פאַר דער ליקווידאַציע פון די קאָריפייען פון דער יידישער ליטעראַטור אין רוסלאַנד נאָך פאַר דעם פּולשטענדיקן אָפּשאַפן אַלע פאָרמען פון יידישן קולטור־לעבן, אײַנשליסלעך דאָס שולוועזן אאַ"וו. באַזונדערס דער דריטער באַנד פון "מעשה־בוך פון מײַן לעבן" איז ממש אַ קוואַל און אַ שלל — נישט נאָר פון שאַצן און דערשאַצן דעם שטורעם־ און דראַנג־פּעריאָד פון יידיש־וועלטלעכן קולטור־אויפברויז אין פּוילן, באַזונדערס אין וואַרשע, נאָר אַן אוצר פון אינפאָרמאַציע, אָן וועלכער די קולטור־געשיכטע פון יענע וווּנדערלעכע יאָרן וועט נישט קענען געשריבן ווערן. "אָט דאָס בוך פון די וואַרשעווער יאָרן, וואָס זענען פאַר אונדז ביידע (ער מיינט אויך זײַן פאַרשטאָרבענעם ברודער הערץ בערגנער) געווען יידישע **יאָרן של מעלה**" — שרײַבט ראַוויטש אין זײַן דעדיקאַציע צום ברודער.

די ערנסטקייט, מיט וועלכער דער דיכטער האָט ממש מיט אַ הייליקן ציטער געגומען שרײַבן "דאָס מעשה־בוך פון מײַן לעבן", האָט דערגרייכט דעם הויכפּונקט אין דריטן טייל. אין זײַן פּילזאָגנדיקער הקדמה שרײַבט ער צוו"אַנד: "איך האָב אין די סודותפולע טונקעלע אותיות פון "WARSZAWA" (די אויפשריפט אויפן "ווינער וואַקזאַל" אין וואַרשע) נישט נאָר געזען, נײַערט אויך געהערט די שריט פון מײַן גורל — מײַן ייִדישן גורל, מײַן פאָלקס־גורל. די געשיכטע האָט עס, וויי מיר!, באַשטעטיקט".

## דער זכר פון טלאָמאַצקע 13

און צו פאַרענדיקן מיט דער טעמע פון אונדזער עסיי, איז כּדאַי צו ציטירן אַ בריוו פון הלל צייטלין צו ראַוויטשן אין ווין, אויף אַ דרוקבויגן, וואָס האָט אויף ראַוויטשן געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק צוליב דעם דרוק אין "פאַרבאַנד פון ייִדישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן, טלאָמאַצקע 13":

"נישט מער ווי אַ טרוקענער אַדרעס מיט אַ טעלעפאָן — אָבער וואָס פאַר אַ ראָלע ער האָט געשפּילט אין דער ייִדישער ליטעראַטור. שוין אַ צענדליק ביכער זײַנען וועגן אָט דעם אַדרעס געשריבן געוואָרן, און עס קומען נאָך ביכער פון בענקשאַפט און אומעט, ביכער געשריבן מיט טרערן — און ווער נאָך קען בענקען מיט טרערן, ווי פּאָעטן. דער שטראָם פון ביכער וועגן וואַרשע של מעלה וועט מיטן גאַנג פון די יאָרן זיך צעוואַקסן ביז — ביז עס וועט באַווײַזן, אַז דער שטראָם קען נאָך וואַקסן — אָבער קיינמאָל זיך נישט אָפּשטעלן".

מיט דעם בטחון האָט ראַוויטש געלעבט אַלע זײַנע יאָרן נאָכן פאַרלאָזן וואַרשע. ווו נאָר ער האָט אויפסנײַ זײַנע געצעלטן אויפגעשטעלט, פלעגט ער גיך פאַרקאַשערן די אַרבל און האָט טאַקע ממשותדיק געהאָלפן צו געבן אַ תּיקון זײַן גלויבן אין דער שליחות פון די רעשטלעך פון פוילנס "שיר השירים"־פּעריאָד, ווי ר׳ אברהם העשל האָט די־אָ תּקופה אָנגערופן.

בעת זײַן מעלבורנער פּעריאָד האָט ער, ווי שוין דערמאָנט, געגרינדעט און געלערנט אין דער פּרץ־שול, וואָס האָט זיך גאָר שיין אַנטוויקלט ביזן הײַנטיקן טאָג. אין מאָנטרעאָל גרינדעט ער אַ גאָר דערפאָלגרײַכן פאָלקס־אוניווערסיטעט און ליטעראַטן־פאַראיין. בכלל האָט ער גאָר אַ סך צוגעטראָגן צום ייִשוב, און צום מאָנטרעאַלער בפרט.

אַ פּאָעט בעל־חלומות אין יעדן אבר, איז ער אָבער אין דער זעלבער צײַט אויך אַ בעל־תּכלית ווי אַן אַקטיווער קולטור־טרעגער און אַ פּראַקטישער אינס־פּיראַטאָר אין גרעאַנגל פאַר שעפעריזשן קיום און המשך פון דער רײַכער גײַס־טיקער ירושה פון מזרח־אייראָפּע. ס׳האָט אָבער תּמיד, לויט אים, געדאַרפט זײַן אין ענגער שײַכות מיט אַ קלאָרער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו,

באַפליגט און געמוטיקט דורך אַ רעאַלער פילאָזאָפיע אין גײַסט פון פּרצעס פּאַראַל, ווי שוין פריִער ברייט ציטירט:

דער ציל איז דער מענטש, אַלע פעלקער גייען צו אים".
"און מיר – ייִדן – גייען אויף אונדזער וועג צום מענטש".

און אַזוי האָט ראַוויטש מיט אַלע פיבערן פון זײַן פּאָעטישער נשמה טרײַ, מיט התלהבות אויפגעהאַלטן די גײַסטיקע צוואה פון י. ל. פּרץ.

מיט זײַן אַוועקגיין אין דער אייביקייט האָט מלך ראַוויטש איבערגעלאָזט אַ חלל, וואָס וועט שוין קיינמאָל נישט קענען אויסגעפילט ווערן.

עס זײַנען פאַראַן דיכטער, וואָס פאַרלירן מיט דער צײַט זייער גלאַנץ. פאַראַן אָבער אויך אַזעלכע, וואָס זייער ווערט וואַקסט נאָך מיט די יאָרן. איבערלייענענדיק איצט ווידעראַמאָל כמעט גאַנץ ראַוויטש, בין איך איבערצײַגט, אַז מלך ראַוויטש געהערט צו אָט דער צווייטער קאַטעגאָריע שרײַבער און דענקער. מיר מעגן דעריבער דערוואַרטן נאָך גאָר ערנסטע קריטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן זײַן לעבן און שאַפן. היות ווי ער האָט איבערגעלאָזט אַ גלענצנדיק אויפגעהאַלטענעם אַרכיוו, וועלכער געפינט זיך איצט אין העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים, וועט דער פאָרשער האָבן אַ גרינגן צוגאַנג צו אָט דעם גרויסן גײַסטיקן אוצר.

ראַוויטש, דער מוסטערהאַפט אָרגאַניזירטער מענטש, האָט אָנגעהאַלטן אַ ביז גאָר רײַכע קאָרעספּאָנדענץ מיט די פירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין גאָר דער וועלט. דורכשטודירנדיק דעם אַרכיוו, עפענען זיך טיר און טויער צום שעפערישסטן פּעריאָד פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור.

אַדאַנק דער איניציאַטיוו און זאָרג פון זײַן זון יאָסל בערגנער קען דער שרײַבער יאָסל בירשטיין ווידמען אַ סך צײַט און התמדה צו אַרבעטן איבער דעם אַרכיוו. מ׳קען דערוואַרטן ווערטפולע מאָנאָגראַפיעס באַזירט אויף אָט דעם איינציק־אַרטיקן אַרכיוו פון אַ ייִדישן שרײַבער.

אָפּשליסנדיק אָט די אַרבעט, וועלכע האָט געזאָלט זײַן בלויז אַ בינטל פון פּערזענלעכע דערינערונגען, גיב איך זיך אָפּ אַ חשבון, אַז דער עסיי איז ווײַט אַריבער די ראַמען פון רעמיניסצענצן. וואָס ווײַטער, אַלץ מער האָב איך זיך בײַם שרײַבן איבערצײַגט, אַז ס׳איז ממש נישט מעגלעך אויסצומײַדן דעם דיכטערס פּאָעטישע יצירה בײַם טיילן זיך מיט פּרטים פון נאָענטער פרײַנדשאַפט.

# די נײַע טענדענצן אין דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם

## פון מאַרקסיזם ביז צו דער מאָדערנער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע

**1.**

**אַ** קורצע אויפקלערונג וועגן דער עצם טעמע, וועלכע מיר ווילן אויס־פירלעך באַהאַנדלען אין דעם עסיי, וועט אונדז העלפן, ווי מיר האָפן, באַנעמען די אידעאָלאָגישע עוואָלוציע, וואָס דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער געדאַנק האָט אַדורכגעמאַכט זינט דעם "קאָמוניסטישן מאַניפעסט", פובליקירט אין יאָר 1848.

דער נאָמען פון אָט דעם מאַניפעסט האָט אָבער קיין שײַכות נישט צום הײַנטצײַטיקן קאָמוניזם, פאָרמולירט פון וולאַדימיר לענין, וועלכער האָט דעם נאָמען אַדאָפּטירט נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, קודם־כּל כּדי אונטערצושטרײַכן די אַנדערשקייט פון דער קאָמוניסטישער אָפּשפּאַלטונג פונעם דעמאָקראַטישן וועג צום סאָציאַליזם, וועלכער איז דאָך געבליבן דאָמינירנדיק אין מערב.

אמת, לעניניזם האָט טאַקע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרכאַפּט אויך גאַנץ באַדײַטנדיקע טיילן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין מערב־ און אין צענטראַל־אײראָפּעיִשע לענדער. דעם חותם האָט אָבער אויף אָט דעם טייל פאָרט אַרויפגעלייגט דער רוסישער קאָמוניזם — נישט נאָר מחמת זײַן מאָסקווער צענטראַליזם, נאָר אויך ווײַל ער האָט געדינט ווי אַ דורכאויס מאָנאָליטישע טאָטאַליטאַרע דאָגמע, פרעמד דער טראַדיציע פון העטעראָגענע, דהײַנו פון פאַרשידענע, אידעאָלאָגישע טענדענצן אין אײראָפּעיִשן סאָציאַליזם.

אפילו דאָס פאַלשע אידענטיפיצירן קאָמוניזם מיט סאָציאַליזם איז ערשט שטאַרקער געוואָרן אין דער קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע נאָכן זיג פון פאַשיזם און, דער עיקר, פון היטלעריזם, אין פעריאָד פון דעם קאָמוניסטישן איינהייטס־פראָנט מאַנעוורער אין אײראָפּע.

צום גליק, האָט אפילו יענער טייל פון דער אײראָפּעיִשער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג, וועלכער איז געוואָרן מיטגעריסן מיט דער מאַגיק פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אויסגעמיטן צו וווּלגאַריזירן און קאָרומפּירן

דעם הומאַניטאַרן מַהות פון מאַרקסיזם. אין זייער פּאַל האָט דער אײַנגעפונדעוועטער דעמאָקראַטישער פּראָצעס אין די באַטרעפנדיקע לענדער אויסגעמיטן דאָס אָנווענדן דעם פּרינציפּ פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט ווען די וואַל־פּראָצעדור האָט זיי געבראַכט צו דער מאַכט ווי ריין סאָציאַליסטישע אָדער קאָאַליציע־רעגירונגען.

גאָר אַ גרויסער טייל פון אייראָפּעיִשע סאָציאַליסטן האָט בשעתו אַנטשלאָסן אָפּגעוואָרפן עדואַרד בערנשטיינס אַ״ג רעוויזיאָניזם, וועלכער האָט, אייגנטלעך, געלייגט דעם אידעאָלאָגישן פונדאַמענט פאַר יענער אַנטוויקלונג פון פּאָליטישן (דורך וואַלן) אַרײַנוואַקסן און דעראָבערן מאַכט־פּאָזיציעס בשותּפות מיט בירגערלעכע פּאַרטייען, אָדער אָן זיי.

אין אָט דער ראָל האָבן די דאָזיקע רעגירונגען געמוזט, פּשוט, דערפילן די לויפנדיקע דירעקטע פונקציעס פון אַ דעמאָקראַטישער רעגירונג. מאַרקסיסטן האָבן אייגנטלעך געהאַט פאַר דעם אַ גרייטן באַגריף: דעם ״מינימום־פּראָגראַם״. די נפקא־מינה צווישן אים און דעם מאַקסימאַלן פּראָגראַם איז, אייגנטלעך, קיינמאָל נישט געוואָרן קלאָר פונאַנדערשיפּרירט אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור.

איז טאַקע תּמיד געבליבן דאָס רעטעניש, ווי אַזוי סינכראָניזירט מען דעם ערשטן מיט דעם צווייטן מין פּראָגראַמען — וואָרום דער ערשטער דאַרף דאָך רעאַליזירט ווערן אין אַ פּאַר־סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, ווי אַ טייל פון דעם עוואָלוציאָנערן פּראָצעס, אין די ראַמען פונעם שפּעטן קאַפּיטאַליזם, און דער צווייטער, דער ״מאַקסימאַלער״ — שוין אין אַ סאָציאַליסטישן סיסטעם.

מאַרקס האָט בפירוש אונטערגעשיידט צווישן דעם בהדרגהדיקן און דעם ענדגילטיקן, פאָרמולירנדיק די טעאָריע פון היסטאָרישן שפּרונג צום סאָציאַליזם דורך אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע. דער עוואָלוציאָנערער דרך איז דעריבער נאָר אַ קאָרידאָר צום לעצטן, וועלכער קען טאַקע געניסן פון פּאָליטישער דעמאָקראַטיע, אָבער קען נישט איבערגיין צו דער נאָענטסטער סטאַדיע, וואָס לויט מאַרקסעס מאַטעריאַליסטישן דעטערמיניזם (מיר וועלן אויפקלערן אָט דעם קאָמפּליצירטן פונדאַמענטאַלן היסטאָריאָזאָפישן באַגריף אין אַ באַזונדערן קאָלום) מוז זי זײַן אַ סאָציאַליסטישע, נאָך דעם ווי דער הויך־קאַפּיטאַליזם וועט שוין מער נישט קענען, אפילו כאָטש צײַטווײַליק, לייזן זײַנע אינערלעכע קאָנפליקטן.

אויף אַזאַ אופן וועט דער עוואָלוציאָנערער פּראָצעס ווערן האַסטיק און דראַסטיש איבערגעריסן. אײַ, וואָס וועט זײַן ווײַטער, אינעם איבערגאַנגס־פּעריאָד צום רײַפן סאָציאַליזם — דאָס האָט מאַרקס לחלוטין אויסגעמיטן צו באַהאַנדלען, אין אײַנקלאַנג מיט זײַן היסטאָרישער גרונט־פילאָסאָפיע, אַז דער גאַנג פון דער געשיכטע איז סוף־כּל־סוף באַדינגט פון אָביעקטיווע כּוחות;

דער מענטש קען זיי טאָרמאָזירן אָדער אַפּילו צויאָגן, אָבער נישט ענדערן די לאָגנצזוגיקע אולטימאַטיווע אַנטוויקלונג. וואָרום היסטאָרישע פּראָצעסן פּאָלגן ממש נאָך די ענלעכע געזעצן פון עוואָלוציע, ווי די נאַטור.

אַזאַ היפּאָטעזע — וואָס מאַרקס האָט, אגב, נישט באַטראַכט ווי קיין גרונט־הנחה, נאָר ווי אַזאַ וואָס רעפלעקטירט די געזעצמעסיקייט פון היסטאָרישן פּראָצעס — האָט, פאַרשטייט זיך, לחלוטין נישט געהאָלפן יענע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וועלכע האָבן געמוזט אין דעמאָקראַטישע מדינות האַנדלען צו שטילן די אַקטועלע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע נויטן, און גלייַכצייַטיק פּרעזערווירן דעם דעמאָקראַטישן סיסטעם.

דער איינציקער קאָנקרעטער, כאָטש נישט זייער קלאָרער (וואָס שייַך זייַן צייַטיקייט) פּראָגנאָז, וועלכן מאַרקס האָט דאָך סוגערירט פאַרן רעוואָלוציאָנערן איבערגאַנגס־פּעריאָד, איז געווען דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט (ווי אין אַ צייַטווייַליקער ראָל פון אַ מין הויבאם פון דער געשיכטע). ס׳איז קלאָר, אַז דער ערשטער קרבן וואָלט דאַן געווען די דעמאָקראַטיע, וועלכע האָט דעם פּראָלעטאַריאַט דורך זייַן פּאַרטיי — דער סאָציאַליסטישער, פאַרשטייט זיך — געבערענגט צו דער פּאָליטישער מאַכט.

געגוי אַזוי ווי די פיזיק פאַרטראָגט נישט קיין פוסטן חלל (לכל הפּחות מוזן גאַזן אים אויספּילן), אַזוי קען אויך, נאַטירלעך, דאָס סאָציאַל־פּאָליטישע און עקאָנאָמישע לעבן נישט דולדן קיין אידעאָלאָגישן וואַקום. די דערמאָנטע אייראָפּעיִשע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן טאַקע אָפּן נישט אַרייַנגעלייגט דעם מאַרקסיזם אין קיין חרם, אָבער אין דער פּראַקטיק האָבן זיי, אָן פּילאָסאָפישע מעדיטאַציעס, געהאַנדלט פּראַגמאַטיש. דאָס הייסט, זיי האָבן רעאַגירט אין הסכם מיט די עיקרדיקע דעמאָקראַטישע פּרינציפּן, און אויף אַזאַ אופן בלי ספק אויסגעמיטן דאָס טרייַבן און דערפירן צו אַ "שפּרונג", וואָס זאָל דאַן אָננעמען די פאָרם פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

דער דאָזיקער ערשטער אָפּשניט פון דעם עסיי, צילט אין דער ערשטער ריי קאַטעגאָריש מבטל צו מאַכן יעטוועדן פּרוּוו צו אידענטיפיצירן סאָציאַליזם מיט קאָמוניזם, ווי ער האָט זיך אין דער פּילאָסאָפיע און אין דער פּראַקטיק אַנטוויקלט זינט דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. אין די קומענדיקע אָפּשניטן וועלן מיר פּרובירן אויף אַ סיסטעמאַטישן אופן צו אַנאַליזירן די שטרויכלונגען פון מאַרקסיזם, אָן צו שטעלן אונטער אַ פראַגע־צייכן די הומאַניטאַרע אידעאַלן, פאַר וועלכע מאַרקס האָט דווקא געוואָלט געפינען "וויסנשאַפטלעכע" זיכערקייט — נישט זעענדיק די שוואַכקייט פון מענטש און די שוואַכקייטן פון דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער סאָציאָלאָגיע פון אַ מאָדערנער טעכנאָלאָגישער געזעלשאַפט.

*

## 2. געבורטווייען פון עוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם

ווי געוויינלעך, הייבן מיר אָן אונדזער אַנאַליז מיט אויפקלערן דעם באַטײַט און זין פון דער טערמינאָלאָגיע, וועלכע מיר נוצן אינעם נאָמען פון דעם געגעבענעם קאַפּיטל. היות ווי דער עסיי צילט אויפצוקלערן די אַנטוויקלונג פון דעם פונדאַמענטאַלן סאָציאַליסטישן געדאַנק דורך נאָכפּאָלגן די מער גרונטיקע ענדערונגען, וואָס אונטערשיידן זיך פון דעם ריין מאַרקסיסטישן באַנעמען דעם דינאַמישן פּראָצעס פון דער געשיכטע, מוזן מיר קודם־כּל פאָרמולירן די הויפּט־הנחות פון מאַרקסיזם ווי אַן אויסגאַנגס־פּונקט פאַר אונדזער טעמע.

איך האָב לחלוטין נישט בדעה זיך צו פאַרטיפן באריכותדיק אין דעם עצם, אָדער בעסער געזאָגט, אין דעם גאַנצן מאַרקסיסטישן סיסטעם. וואָס איך וועל יאָ טאָן, איז — אַז בעתן באַהאַנדלען די אין דעם קעפּל דערמאָנטע טענדענצן וועט במילא אויסקומען די נײַע אידייען צו קאָנפראָנטירן מיט געוויסע שײַכותדיקע גרונט־פּרינציפּן פון מאַרקסיזם. הכּלל, זיי וועלן פאָרט קאַפּויער־קומען — אָבער נישט אין קיין פאַרצויגענער באַזונדערער אַנאַליטישער פאָרם.

דעם איצטיקן פּרק וועלן מיר אָנהייבן מיט אויפקלערן דעם מַהות פון דעם "עוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם" — אין פאַרגלײַך מיט דעם ריין מאַרקסיסטישן אופן פון פאַרשטיין די קאָנצעפּציעס פון עוואָלוציע און רעוואָלוציע.

אייגנטלעך איז דער מאַרקסיזם אויך באַזירט אויף דער פילאָסאָפיע פון עוואָלוציע, ד"ה אויף דעם פּרינציפּ, אַז דער פּראָגרעס צו נײַע פאָרמען פון סאָציאַל־עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן פון דער געזעלשאַפט מאַכט אַדורך אַנטוויקלונג־פאַזעס, וואָס אַנטשפּרעכן אַ באַשטימטן היסטאָרישן סדר. אָט, למשל, איז דאָס קומען פון דער רוסלענדישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע נוסח באָלשעוויזם געווען, לויט דעם מאַרקסיזם, אַ בפירושדיקע אָפּווײַכונג פונעם הויפּט־טראַקט פון דער געשיכטע, אַזוי צו זאָגן, וואָס דאָס מיינט, אַז רוסלאַנדס עוואָלוציע איז לויטן עכטן מאַרקסיזם נאָך נישט געווען רײַף פאַר אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

מאַרקס האָט אונטערגעשיידט צווישן רעוואָלוציע בכלל, און סאָציאַלער רעוואָלוציע בפרט, ד"ה אַזאַ רעוואָלוציע, וואָס פירט צו אַ ראַדיקאַלער ענדערונג פון דער קלאַסן־סטרוקטור אין דער געגעבענער געזעלשאַפט, איין קלאַס אין פאַרגלײַך מיט די אַנדערע; אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע, וואָס וועט ברענגען דעם סאָציאַליזם, וועט זיך אונטערשיידן פון אַלע אַנדערע, מחמת זי וועט בכלל אָפּשאַפן קלאַסן־אונטערשידן, במילא קלאַסן־היפּוכים.

וואָס־זשע איז, אַלזאָ, די נפקא־מינה צווישן דעם מאַרקסיסטישן און דעם מאָדערנעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן באַגריף פון עוואָלוציע?

## 2. געבורטווייען פון עוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם

ווי געוויינלעך, הייבן מיר אָן אונדזער אַנאַליז מיט אויפקלערן דעם באַטייַט און זין פון דער טערמינאָלאָגיע, וועלכע מיר נוצן אינעם נאָמען פון דעם געגעבענעם קאַפּיטל. היות ווי דער עסיי צילט אויפצוקלערן די אַנטוויקלונג פון דעם פונדאַמענטאַלן סאָציאַליסטישן געדאַנק דורך נאָכפּאָלגן די מער גרונטיקע ענדערונגען, וואָס אונטערשיידן זיך פון דעם ריין מאַרקסיסטישן באַנעמען דעם דינאַמישן פּראָצעס פון דער געשיכטע, מוזן מיר קודם־כל פאָרמולירן די הויפּט־הנחות פון מאַרקסיזם ווי אַן אויסגאַנגס־פּונקט פאַר אונדזער טעמע.

איך האָב לחלוטין נישט בדעה זיך צו פאַרטיפן באריכותדיק אין דעם עצם, אָדער בעסער געזאָגט, אין דעם גאַנצן מאַרקסיסטישן סיסטעם. וואָס איך וועל יאָ טאָן, איז — אַז בעתן באַהאַנדלען די אין דעם קעפּל דערמאָנטע טענדענצן וועט במילא אויסקומען די נײַע אידייען צו קאָנפראָנטירן מיט געוויסע שײַכותדיקע גרונט־פּרינציפּן פון מאַרקסיזם. הכּלל, זיי וועלן פאָרט קאַפּויער־קומען — אָבער נישט אין קיין פאַרצויגענער באַזונדערער אַנאַליטישער פאָרם.

דעם איצטיקן פּרק וועלן מיר אָנהייבן מיט אויפקלערן דעם מהות פון דעם "עוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם" — אין פאַרגלײַך מיט דעם ריין מאַרקסיסטישן אופן פון פאַרשטיין די קאָנצעפּציעס פון עוואָלוציע און רעוואָלוציע.

אייגנטלעך איז דער מאַרקסיזם אויך באַזירט אויף דער פילאָסאָפיע פון עוואָלוציע, ד"ה אויף דעם פּרינציפּ, אַז דער פּראָגרעס צו נײַע פאָרמען פון סאָציאַל־עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן פון דער געזעלשאַפט מאַכט אַדורך אַנטוויקלונג־פאַזעס, וואָס אַנטשפּרעכן אַ באַשטימטן היסטאָרישן סדר. אָט, למשל, איז דאָס קומען פון דער רוסלענדישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע נוסח באָלשעוויזם געווען, לויט דעם מאַרקסיזם, אַ בפירושדיקע אָפּווײַכונג פונעם הויפּט־טראַקט פון דער געשיכטע, אַזוי צו זאָגן, וואָס דאָס מיינט, אַז רוסלאַנדס עוואָלוציע איז לויטן עכטן מאַרקסיזם נאָך נישט געווען רײַף פאַר אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

מאַרקס האָט אונטערגעשיידט צווישן רעוואָלוציע בכלל, און סאָציאַלער רעוואָלוציע בפרט, ד"ה אַזאַ רעוואָלוציע, וואָס פירט צו אַ ראַדיקאַלער ענדערונג פון דער קלאַסן־סטרוקטור אין דער געגעבענער געזעלשאַפט, איין קלאַס אין פאַרגלײַך מיט די אַנדערע; אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע, וואָס וועט ברענגען דעם סאָציאַליזם, וועט זיך אונטערשיידן פון אַלע אַנדערע, מחמת זי וועט בכלל אָפּשאַפן קלאַסן־אונטערשידן, במילא קלאַסן־היפּוכים.

וואָס־זשע איז, אַלזאָ, די נפקא־מינה צווישן דעם מאַרקסיסטישן און דעם מאָדערנעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן באַגריף פון עוואָלוציע?

לויטן מאַרקסיזם, וועלכער איז זיך שטאַרק סומך אויף העגעלס פילאָסאָפיע פון דיאַלעקטישער אַנטוויקלונג פון דער געשיכטע, מוז דער דראַסטישער (רעוואָלוציאָנערער) איבערגאַנג פון איין תּקופה צו דער אַנדערער רייַף ווערן אין די ראַמען פון דעם געגעבענעם סיסטעם. בקיצור מיינט דער דיאַלעקטישער פּראָצעס, אַז אַ לאַנדוויערנדיק אייַנגעפונדעוועטער סאָציאַלער סיטעם שטעלט מיט זיך פאָר אַ מין "טעזע", ווי עס האָט דאָס באַצייכנט העגעל, דער באַרימטער דייַטשער היסטאָריאָזאָף (1770 — 1831). די "טעזע" איז אָבער מיט דער צייַט גורם ווידערשפּרוכן און קאָנפליקטן, און ווען די "אַנטיטעזע" ווערט רייַף, מוז קומען צו אַ כּמו אויפרייַס, אַ רעוואָלוציע, נאָך וועלכער ס׳וועט קומען די עפּאָכע פון דער "סינטעזע".

העגעלס פילאָסאָפיע האָט זיך נישט אָנגעטראָפן אויף קיין שום סתּירה צו זייַן סאָציאַל-פּאָליטישער באַנעמונג פון דעם היסטאָרישן פּראָצעס, ווייַל דעמאָקראַטיע האָט פאַר אים נישט געשפּילט קיין ממשדיקע ראָל. דער פּרייַסישער אויטאָריטאַטיווער סיסטעם איז פאַר אים געווען נישט נאָר אָננעמבאַר, נאָר אויך געוווּנטשן. ער האָט אין אים געזען דעם בעסטן וועג צו שלמות פון דער געזעלשאַפט. העגעלס שלמות איז געווען אַ מעטאַפיזישע. צו פאַרשטיין דעם מאַרקסיזם קענען מיר זיך באַגיין אָן זייַן שלמות-באַגריף. קלאָר, אַז מאַרקס האָט אַזאַ־אָ משונהדיקן צוגאַנג, ווי די גלאָריפיקאַציע פון מאָנאַרכיסטישער אַריסטאָקראַטיע, נישט געקענט אָננעמען. ער האָט דאָך זייַן "קאַפּיטאַל" געשריבן אין לאָנדאָן, ווו ער האָט אין משך פון אַ סך יאָרן אָבסערווירט די אַנטוויקלונג פון דעמאָקראַטיע אין דער צייַט ווען דער קאַפּיטאַליזם האָט ערשט געבליט (נישט געקוקט אויף דער ביטערער דאָליע פונעם אַרבעטער-קלאַס). מאַרקס האָט אָבער אין זייַן אַנאַליז נישט געשאָנקען דער דעמאָקראַטיע קיין צענטראַלע ראָל און קיין אַריכות ימים. כּל־זמן זי באַדינט די באַזיצנדיקע קלאַסן, גילט זי טאַקע. ווי נאָר אָבער עס דראָט זיי צו פאַרלירן זייערע פּריווילעגיעס צוליב דעמאָקראַטיע, וועט די דעמאָקראַטיע פאַלן אַ קרבן. קלאַסן-קעגנזאַצן מוזן נעמען די אויבערהאַנט איבער געזעצלעכע קאָנסטיטוציאָנעלע נאָרמעס.

ווי שוין דערמאָנט אין דער הקדמה צו דעם איצטיקן עסיי, האָט אין דעם פאַל דער פּראָגנאָז פון קאַרל מאַרקס זיך נישט באַרעכטיקט. סאָציאַליסטישע פּאַרטייען , וואָס זייַנען אַדאַנק דעם דעמאָקראַטישן סיסטעם געקומען צו דער מאַכט, האָבן נישט געקענט אַדורכמאַכן דעם אַ״ג "שפּרונג" אין דער געשיכטע און צו ווערן דער דירעקטער אַוואַנגאַרד פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אָן צו צעשטערן די דעמאָקראַטיע גופא.

אויף אָט דעם באָדן איז מיט דער צייַט געקומען צו אַן אָפּשוואַכונג פון דער מאַרקסיסטישער דאָקטרין, ביז צום וווּקס פון רעוויזיאָניסטישע טענדענצן אין דער פּראַקטיק, און עווענטועל אין דער סאָציאַליסטישער מחשבה.

## 3. מאַרקסיזם, דעמאָקראַטיע און — מאָדערנע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע

אין תּוך געגומען קאָן מען אַזאַ פּרינציפּ ניט שטעלן אונטער קיין פֿרעג־צייכן. וואָרום קלאַסן־היפּוכים בלײַבן דאָך אַוודאי־און־אַוודאי ביז גאָר קרעפטיק אין דער סאַמע בעסטער דעמאָקראַטישער אָרדענונג. אויב אַזוי — איז מיט וואָס האָט מאַרקס מכלומרשט געבלאָנדזשעט?

איז דער תּירוץ, אַז לויט דער מאַרקסיסטישער פֿילאָסאָפֿיע קענען די באַזיצנדיקע קלאַסן תּמיד מנצח זײַן די עיקרדיקע עקאָנאָמישע שטערונגען פֿאַר זייערע אינטערעסן, וואָס דרינגען אַרויס פֿונעם עבט דעמאָקראַטישן פּראָצעס, און זיי באַקומען אויף אַזאַ אופֿן סוף־כּל־סוף די אויבערהאַנט אַפֿילו איבער ״זײַן מאַיעסטעט״ דעם געזעץ.

על־כּן, איז ווען די דעמאָקראַטישע פּראָצעדור אין אירע פֿאַרשיידענע פּאַרלאַמענטאַרישע און אַנדערע פֿאָרמען קומט אין אַ קאָנפֿליקט מיט די ווירטשאַפֿטלעכע מאַכט־פּאָזיציעס פֿון דעם באַזיצנדיקן קלאַס, פֿאַלט די **דעמאָקראַטיע אַ קרבן.**

ווי איז אָבער דער דין, ווען אַדאַנק דעם דעמאָקראַטישן וואַל־סיסטעם קומט צו דער מאַכט אַן אַרבעטער־פּאַרטיי? צי ענדיקן זיך אַלע מעגלעכקייטן פֿאַר אַן אַרבעטער־רעגירונג זיך צו באַנוצן מיטן געזעץ, כּדי צו פֿאַרבעסערן די מערכה פֿון די ברייטע מאַסן, און דערבײַ נישט צו צעשטערן די פּאָטענציעלע גלײַכגעוויכט צווישן קלאַסן־קאַמף און דעם דעמאָקראַטישן סיסטעם?

דער לייענער וועט מסתּמא זיך שטאַרק חידושן: צי דען האָט די ווירקלעכקייט זינט דעם סוף פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה נישט באַשטעטיקט אָט די הנחה, וואָס קלינגט ווי אַן עקסיאָמע הײַנט?

אין רעאַלן לעבן איז אַזאַ שײַכות צווישן דעמאָקראַטיע און קלאַסן־קעגנזאַצן אין אייראָפּע און אין צפֿון־אַמעריקע באַשײַמפּערלעך אַ זעלבסטפֿאַרשטענדלעכקייט. אָבער, אַפֿילו אין יענע לענדער, אײַנשליסנדיק גרויס־בריטאַניע, ווו ס׳האָט בשעתו אַזוי שטאַרק געווירקט דער פֿאַביאַניזם (מיר וועלן זיך שפּעטער צו אים אומקערן), איז אינטעלעקטועל־טעאָרעטיש די פֿונדאַמענטאַלע נפֿקא־מינה צווישן דעם אָרטאָדאָקסאַלן מאַרקסיסטישן באַגריף פֿון דער דויערהאַפֿטיקייט פֿון דעמאָקראַטיע, און דער אייגנטלעכער ראָל פֿון די באַזיצנדיקע קלאַסן כּמעט נישט געוואָרן פֿאָרמולירט.

פּראַגמאַטיק האָט גובֿר געווען אידעאָלאָגישע באַגריפֿן.

עס איז קיין חידוש נישט, וואָס ווען די ערשטע ראַמזיי מעקדאָנאַלד־רעגירונג איז געקומען צו דער מאַכט אין גרויס־בריטאַניע, איז גאָר געשווינד אַנטשטאַנען אַן אידעיִשער כאַאָס מיט טרויעריקע פּאָליטישע און סאָציאַל־

עקאָנאָמישע קאָנסעקווענצן — נישט בלויז פאַר גרויס־בריטאַניע, נאָר פאַרן גאַנצן מערב־אייראָפּעיִשן סאָציאַליזם. אַזוי האָט אויך די דײַטשישע ווײמאַר־דעמאָקראַטיע געליטן, צוו״אַנד, פון אַ גאָר מטושטושדיקער באַנעמונג פון דער ראָל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע נאָכן דערגרייכן די מאַכט אַליין אין געוויסע דײַטשישע לענדער, אָדער אין אַ קאָאַליציע אין גאַנץ דײַטשלאַנד. דער וויתּרוצו צווישן דעם אידעאָלאָגישן הינטערגרונט און דער אומגעריכטער רעאַליטעט (פריִער, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז נאָך קיין עכט דעמאָקראַטישע טראַדיציע נישט געווען בנמצא), האָט אָן שום ספק געהאַט קאַטאַסטראָפאַלע פאָלגן, און נישט נאָר פאַר דײַטשלאַנד.

מיר וואָלטן נאָך, אייגנטלעך, געקאָנט ברענגען אַ סך בײַשפּילן, וואָס באַשטעטיקן באַשײַמפּערלעך דעם אויבן באַשריבענעם קאָנפליקט.

ווי שוין פריִער דערמאָנט, איז דאָס אין אַ גרויסער מאָס געווען אַ רעזולטאַט פון דעם גרויסן וואַקום, דעם חלל אין דעם מאַרקסיסטישן אופן פון פאָרמולירן דעם שײַכות צווישן דעמאָקראַטיע און דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער דינאַמיק (די עוואָלוציע) פון מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם.

צוויי הויפּט־סיבות האָבן גורם געווען אָט דעם קאַרדינאַלן אידעאָלאָגישן פעלער. ערשטנס, ווײַל אייגנטלעך האָט מאַרקס מײַסטערהאַפט שטודירט דעם פּרימערן (פּרי־ראַנגיקן) פּעריאָד פון קאַפּיטאַליזם. הגם זײַן עטישער אויסגאַנגס־פּונקט איז געווען דעצידירנדיק אין זײַן פּאַרטיפּן זיך אינעם אימפּעט פון דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע, האָט ער אָבער נאָך אַלץ זיך באַנוצט מיט די אַלטע וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן פון דער קלאַסישער עקאָנאָמישער טעאָריע פון אַדאַם סמיט און פון אַנדערע.

די קלאַסישע שול האָט לחלוטין נישט אָפּעררירט מיט אַוואַנסירטער סאָציאָלאָגיע (איך שטרײַך אונטער: אַוואַנסירטער, ווײַל די גאָר פּרימיטיווע סאָציאָלאָגיע פון דעם פראַנצויזישן געלערנטן אָגוסט קאָנט איז שוין פון לאַנג געווען גוט באַקאַנט).

און דאָ קום איך צו דעם צווייטן בלויז אין מאַרקסיסטישן היסטאָרישן אַנאַליז, דהײַנו — וואָס אַנטוויקלטע סאָציאָלאָגישע פאָרשונגען האָבן ליידער נישט געפונען קיין אָפּקלאַנג אין דער מאַרקסיסטישער טעאָריע פון דער עוואָלוציע פון קאַפּיטאַליזם. די צרה איז אָבער נאָך גרעסער דערמיט, וואָס בײַ מאַרקסן שפּילט דאָך גראָד אַזאַ פונדאַמענטאַלער סאָציאָלאָגישער באַגריף ווי סאָציאַלער קלאַס אַ שליסל־ראָל אין זײַן טעאָריע פון עוואָלוציע און רעוואָלוציע. דער דיסאָנאַנס צווישן דעם ריין עקאָנאָמישן דעטערמיניזם (צום באַגריף דעטערמיניזם וועלן מיר זיך אומקערן שפּעטער) און דעם סאָציאָלאָגישן מהות פון דעמאָקראַטיע וועט באַלויכטן ווערן אין דעם קומענדיקן פּרק פון אונדזער עסיי.

*

## 4. צוריק צום קאַפּיטל מאַרקסיזם, דעמאָקראַטיע און סאָציאַל־דעמאָקראַטיע

הלמאי עפּעס: צוריק? האָבן מיר דען נישט אויסגעשעפּט דעם דאָזיקן אָפּשניט אין פאָריקן קאַפּיטל?

חס וחלילה. די טעמאַטיק איז אַ צו קאָמפּליצירטע, כּדי צו קענען זי אויסשעפּן אפילו אין מער ווי איין קאָלום, אויך ווען די קאָלומס וואָלטן געווען אַ סך לענגערע. איז, כּדי צו פאַרמײַדן מיספאַרשטענדענישן, וויל איך זיך הײַנט אומקערן צו דעם זעלביקן "קעפּל", איידער איך וועל ממשיך זײַן די צענטראַלע טעמע.

ראשית־כּל וויל איך דאָס מאָל פאַנאַנדערשיפרירן אייניקע האַרבע באַגריפן, אָדער "טערמינען", ווי וויסנשאַפטלער באַצייכענען עס, מיט וועלכע מיר האָבן זיך באַנוצט אין קאַפּיטל דרײַ. לאָמיר, אַלזאָ, גיין כּסדר: אַ שטייגער אַזאַ זאָג, ווי — "צי מוז די פּאָטענציעלע גלײַכגעוויכט צווישן קלאַסן־קאַמף און דעם דעמאָקראַטישן סיסטעם צעשטערט ווערן?"

וואָס מיינט, אייגנטלעך, אין דעם פאַל "פּאָטענציעלע גלײַכגעוויכט"?

דאָס מיינט פּשוט, אַז כּדי דער קלאַסן־געראַנגל זאָל נישט גורם זײַן קיין רעוואָלוציע, אָדער אפילו רעוואָלט, וואָס איז עלול צו צעשטערן די דעמאָקראַטישע סטרוקטור פון דער געגעבענער געזעלשאַפט, מוז דער דעמאָקראַטישער סיסטעם זײַן שטאַרק גענוג אויסצוהאַלטן די שפּאַנונג.

אַ גלײַכגעוויכט צווישן ביידע קאָמפּאָנענטן פון אַ געזעץ־דאָמינירנדיקער דעמאָקראַטישער אָרדענונג שליסט נישט אויס קיין ענדערונגען אין די כּוחות־פאַרהעלטענישן צווישן די קלאַסן. נאָך מער, אַזוי ווי סאָציאַל־עקאָנאָמישע קלאַסן פאָרמירן ס׳רוב זייערע אייגענע פּאָליטישע פּאַרטייען — און אין אַ דעמאָקראַטיע קענען פּאַרטייען זיך בײַטן, וואָס שײַך דעם באַהערשן די באַטרעפנדיקע רעגירונגען — קען אַ טויש פון רעגירונגען אפילו גאַנץ ראַדיקאַל ענדערן די סאָציאַל־עקאָנאָמישע כּוחות־פאַרהעלטענישן אין לאַנד. פאַרשטייט זיך, אַז דעמאָקראַטיע קען דאָך ווײַטער געדײַען בתּנאַי, אַז די געענדערטע קאָנקרעטע השפּעות אויף דער פאַרטיילונג פון דער נאַציאָנאַלער הכנסה זאָלן נישט אויפרײַסן דעם דעמאָקראַטישן פּראָצעס.

אין א שפּעטערדיקן קאַפּיטל וועלן מיר דערווײַזן, אויפן סמך פון אַן אויספירלעכן אַנאַליז פון מאַרקסעס ווערט־טעאָריע, אַז מיט אָט דער טעאָריע קען אַזאַ גלײַכגעוויכט נישט אויסהאַלטן ווען די קלאַסן־אונטערשיידן עקספּלאָדירן אין דער פאָרם פון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע, וועלכע מוז אָננעמען די פאָרם פון אַ דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט אינעם איבערגאַנגס־פּעריאָד, ביז צום רעאַליזירן נישט נאָר אַ קלאַסנלאָזע געזעלשאַפט, נאָר

מיט דער צײַט אפילו אַ מלוכהלאָזן סיסטעם, אַ געזעלשאַפט אָן אַ צוואַנגס־אַפּאַראַט.

די דאָזיקע סכעמע דרינגט אַרויס, ווי געזאָגט, פון פונדאַמענטאַלן מאַרקסיסטישן אַנאַליז פון ווערט, מערווערט אא״וו.

מיט איין וואָרט — ס׳איז אַ היסטאָרישער ״חוק בל יַעבור״. ביז וואַנען עס שלאָגט נישט די שעה פונעם שפּרונג פון איין אָרדענונג צו דער אַנדערער, קענען זײַן, לויט דער־אָ טעאָריע, צײַטווײַליקע וואַקלונגען אין די כּוחות־פאַרהעלטענישן צווישן די קלאַסן, באַזונדערס צוליב קאָניונקטור־וואַקלונגען — אָבער אין לעצטן סך־הכּל קען די צעשטערונג פון דעמאָקראַטישן סיסטעם דורך רעוואָלוציעס נישט אויסגעמיטן ווערן.

וואָס שײַך ווײַטערדיקע טערמינען אין קאַפּיטל 3, האָבן מיר דאָרט באַנוצט דעם באַגריף ״**פּראַגמאַטיק** (וואָס האָט גוֹבר געווען אידעאָלאָגישע פּרינציפּן)״.

דאָס אָקספאָרדער ענגלישע ווערטערבוך טײַטשט ״**פּראַגמאַטיש**״ ווי ״אַ פילאָסאָפישן אויסדרוק, וואָס משפּט דערשײַנונגען אויסשליסלעך פון ריין פּראַקטישן שטאַנדפּונקט, לטובת מענטשלעכע אינטערעסן״.

**פּראַגמאַטיק איז דער גענויער קעגנזאַץ פון דאָגמאַטיק.**

סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, אין עכט דעמאָקראַטישע לענדער, זײַנען גאָר ווײַט אַוועק ביז צו פּראַגמאַטיזם און האָבן אָפּט פאַרלוירן דעם באַלאַנס מיט פּרינציפּן־קריטעריעס. דאָס איז לרוב געשען ווי אַ רעזולטאַט פון דוחק אין אַ גרונטיקער אידעאָלאָגישער טעאָריע.

ווי דער לייענער קען דרינגען פון דעם פריִער געזאָגטן, האָט דער מאַרקסיזם אַזאַ האַרמאָניע צווישן אידייע און פּראַגמאַטיזם יענע פּאַרטייען נישט געגעבן. ס׳איז כּדאַי, בײַ אָט דער געלעגנהייט, צו באַמערקן, אַז גראָד האָט דער בונדיזם אַרויסגעוויזן אַ פענאָמענאַלע וואַכזאַמקייט צו געפינען אַ סינטעז צווישן **פּראַגמאַטיזם און אידעאָלאָגיע.**

אין ווײַטערדיקן, מער אַוואַנסירטן, גאַנג פון אונדזער אַנאַליז וועלן מיר זיך אומקערן צו אָט דעם ביז גאָר וויכטיקן פּראָבלעם פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַלן פרײַהייטלעכן סאָציאַליזם.

דער פּונקט נומער 3 אין פאַריקן אָפּשניט פון אונדזער סעריע פאַרלאַנגט מסתּמא אַ גענויערע אויפקלערונג, דהײַנו: ווען עס זאָגט זיך, אַז מאַרקס ״האָט אָבער נאָך אַלץ זיך באַנוצט מיט די אַלטע וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן פון דער קלאַסישער עקאָנאָמישער טעאָריע פון אַדאַם סמיט א.אַ.״

פאַר די וואָס שטודירן עקאָנאָמישע וויסנשאַפט איז דאָס טאַקע גרינג צו פאַרשטיין. איך גיב זיך אָפּ אַ חשבון, אַז דאָס איז אָבער נישט לײַכט צו באַנעמען. ס׳טײַטש, טראַכטן זיך מסתּמא אַ סך פון די לייענער, ״מאַרקס איז דאָך דער עיקר געווען אַ קעגנער פון דער קלאַסישער טעאָריע, וועלכע גייט צוריק נאָך אַפילו צו פאַר אַדאַם סמיט, דעם ענגלישן פילאָסאָף־עקאָנאָמיסט,

וועלכער האָט זײַן קלאַסיש ווערק "דאָס רחבות פון פעלקער" — "וועלטה אָף נעישאָנס" — פאַרעפנטלעכט נאָך אין יאָר 1776. לויט סמיטן ווערט דער ווערט פון חפצים (פּראָדוקטן, קעגנשטאַנדן א.ד.גל.) באַשטימט דורך דעם סכום אַרבעט־צײַט, וואָס דאָס פּראָדוצירן זיי פאַרלאַנגט. איי דער מאַרק קען אַמאָל הייבן און אַמאָל אַראָפּנידערן די פּרײַזן איבער אָדער אונטער זייער ווערט (געמאָסטן אין טערמינען פון דער נויטיקער אַרבעט־צײַט), איז עס אַ סימן, אַז דער מאַרק איז נישט אין גלײַכגעוויכט. ווי נאָר אָנבאָט און נאָכפראַגע וועלן זיך אויסגלײַכן בײַ אַ געוויסן פּרײַז, וועט ווידער צוריקגעשטעלט ווערן די גלײַכגעוויכט דורך פרײַער קאָנקורענץ.

קאַרל מאַרקס האָט זיך באַנוצט מיט דער זעלבער מעטאָדיק, מער נישט וואָס דער קאַפּיטאַליסט באַצאָלט טאַקע דעם מאַרק־פּרײַז פאַר די פּראָדוקציע־מיטלען, אָבער דעם אַרבעטער צאָלט ער בלויז מעגלעך צו מאַכן אים און זײַן משפּחה זיך קוים אויסצוהאַלטן, און דעם "מערווערט" שלינגט ער אַליין אַראָפּ.

דער קאַפּיטאַליסט, יאָגנדיק זיך נאָך ווײַטערדיקע ריווחים, גיט זיך גאָרנישט אָפּ קיין חשבון, אַז מאַשינען א.ד.גל. קען דער קאַפּיטאַליסט נישט עקספּלואַטירן, נאָר דעם אַרבעטער; דאָך פאַרגרעסערט ער כּסדר מער און מער די פּראָדוקציע־כּוחות און דערפירט צו אַ וואַקסנדיקן עודף אויפן מאַרק. ווירטשאַפטלעכע קריזיסן פאָלגן דעריבער נאָך. אַרבעטסלאָזיקייט וואַקסט. עס שטײַגט אַן אַ"ג "רעזערוו־אַרמיי", ווי ער האָט עס אָנגערופן, פון אַרבעט זוכנדיקע אַרבעטער, די לוינען פאַלן אַרונטער אונטער דער מינימום עקזיסטענץ. צו ביסלעך פאַרשווינדן דעפּרעסיעס, אָבער וואָס ווײַטער ווערן דעפּרעסיעס ערנסטער און ערנסטער, און צום סוף קען שוין דער סיסטעם נישט געראַטעוועט ווערן, און אַ סאָציאַלע איבערקערעניש איז אומפאַרמײַדלעך.

הכּלל, דעמאָקראַטיע קען מער נישט אויסהאַלטן דעם דרוק, מחמת פאַרשיידענע סיבות ברעכן זי נאַטירלעך צוזאַמען. צי קען אַ רעגירונג דאָך פאַרהאַלטן דעם פּראָצעס און אפשר גאָר אים אויסמײַדן — נישט לויט מאַרקסן, ווײַל די מלוכה איז אויסשליסלעך אַ ווערקצײַג אין די הענט פון די באַזיצנדיקע קלאַסן. ווען אַפילו זי וואָלט זיך פאָרט אַרײַנגעמישט, קען זי נישט ברעכן די געזעצן פון מאַרק. פּריוואַטער מאָנאָפּאָל קען פאַרלענגערן דעם פּראָצעס פון קאָנקורענץ. אין דעם ירידה־פּעריאָד פון קאַפּיטאַליזם שטײַגן מאָנאָפּאָלן, אָבער זיי פאַרטיפן נאָך מער דעם קריזיס דורך פאַרשטאַרקן די עקספּלואַטאַציע פונעם אַרבעטער, און אַפילו פון דעם קאָנסומענט.

אומקערנדיק זיך צו אונדזער באַצייכענונג, אַז מאַרקס האָט גענוצט דעם קלאַסישן מעטאָד פון אַנאַליזירן די ווירטשאַפט, זײַנען אָבער אויך זײַנע אויספירן געווען קרבנות פון דער קלאַסישער שול.

## 5. צי איז פֿאַראַן אַ סתּירה צווישן מאַרקסיזם און סאָציאַל־דעמאָקראַטיע?

שווין פֿון די פֿריִערדיקע אָפּשניטן איז ניט שווער דעם לייענער צו פֿאַרשטיין, אַז מײַן תּשובה אויף דער פֿראַגע וועט זײַן אַ קלאָרע, אַז — יאָ!

נו, וועט דער סקעפּטישער לייענער מסתּמא פֿרעגן, פֿאַרוואָס דאַרף איך, אויב אַזוי, ווידמען אַ גאַנצן קאָלום אויף אַ קשיא, וואָס איז, אייגנטלעך, שווין אַפּריאָרי אַ פֿאַרענטפֿערטע?

איז דער פּשט אַ פּשוטער, דהיינו, מען דאַרף ערשט באַגרינדן אַזאַ דראַסטישע פֿעסטשטעלונג, בפֿרט נאָך ווען צוליב כּמה וכּמה טעמים האָט מען אין סאָציאַליסטישן לאַגער אויסגעמיטן בולט אַרויסצוהייבן די גאַנץ גרונטיקע נפֿקא־מינה צווישן ביידע טעאָריעס.

די סיבה איז אַ טאָפּלטע. ערשטנס, האָבן ביידע געשטרעבט צום זעלביקן ציל (פֿון סאָציאַליזם), און צווייטנס, איז די אידעיִשע, און טאַקע אַפֿילו די אינטעלעקטועלע השפּעה פֿון מאַרקסיזם געווען אַזוי גרויס, אַז פֿאַר אַ שפּעטערדיקער אידעאָלאָגישער אַנטוויקלונג, געבויט מער אויף **דערפֿאַרונג** (פּראַגמאַטיק) ווי אויף אַ סיסטעמאַטישן פֿילאָסאָפֿישן אַנאַליז, איז געווען שווער אָפּצושוואַכן די פּרעסטיזשפֿולע אַ.ג. „וויסנשאַפֿטלעכע" ראָל פֿון מאַרקסיזם. סוף־כּל־סוף בינדט זיי דאָך אויך די זעלביקע סאָציאַל עטישע **וועלט־אָנשויונג**.

איז וואָס, אויב אַזוי, „רײַסן מיר זיך דעם פּעלץ" דווקא צו באַווײַזן, אַז ביידע טעאָריעס אונטערשיידן זיך פֿונדאַמענטאַל אין זייער ראָל אינעם הײַנטצײַטיקן סאָציאַ־פּאָליטישן לעבן?

ווען ס'וואָלט זיך נאָר געהאַנדלט אַפֿילו וועגן ערנסטע ניואַנסן וואָס שײַך דער אַקטועלער טאַקטיק פֿון סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָלט אפֿשר טאַקע נישט געווען כּדאַי זיך אַזוי אויסצופּירלען צו פֿאַרנעמען מיט די קאָנטראַסטן צווישן מאַרקסיזם און דער מאָדערנער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. קיין הנאה טוט עס אוודאי נישט דעם אויף מאַרקסיזם דערצויגענעם שרײַבער פֿון אָט די שורות, בפֿרט נאָך, אַז נישט געקוקט אויף די אונטערשיידן, בלײַבן דאָך ביידע פֿילאָסאָפֿיעס געקנופּט און געבונדן נישט נאָר אין זייער היסטאָרישער אַנטוויקלונג, נאָר אויך אין זייער געמיינזאַמען עכטן הומאַניזם. דאָס בפֿירושדיקע צוריקהאַלטן זיך פֿון אָפֿן צו קוועסטיאָנירן באַשטימטע פֿונדאַמענטאַלע ווערטן פֿון מאַרקסיזם, האָט בלי ספֿק געהאַט אַ נעגאַטיווע ווירקונג אויף דעם פּראָצעס פֿון רעאַליזירן די סאָציאַל־פּאָליטישע אויפֿגאַבן פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג ווען זי איז געשטעלט געוואָרן פּנים־אל־פּנים מיט די מעגלעכקייטן צו דעראָבערן די מאַכט מיט דער הילף פֿונעם וואַל־צעטל.

קאַרל מאַרקס האָט לחלוטין מבטל געמאַכט דעמאָקראַטיע ווי אַזאַ סיסטעם, וואָס קען אויך שאַפן גינסטיקע באַדינגונגען פאַר אַ ראַדיקאַלער ענדערונג פון סאָציאַלן סדר. דעמאָקראַטיע און אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע שליסן, לויט אים, זיך קעגנזײַטיק אויס אין זײַן עקאָנאָמיש באַגרינדעטער טעאָריע פון וועזנטלעכן איבערגאַנג פון איין אָרדענונג צו דער אַנדערער.

סאָציאַל־עקאָנאָמישע עקספּלאָזיע איז אומפאַרמײַדלעך. מאָטיווירט האָט דאָס מאַרקס מיט אַן עקזאַקטן מאַטעמאַטישן באַווײַז, וואָס האָט אים געגעבן די אַבסאָלוטע איבערצײַגונג אין דער וויסנשאַפטלעכקייט פון זײַן נוסח פון סאָציאַליזם. דאָס איז, אגב, געווען די באַזע, אויף וועלכער ס׳האָט זיך געשטיצט זײַן באַהויפּטונג, אַז אין קעגנזאַץ צו אים זײַנען אַלע פּריִערדיקע, און אַפילו מיטצײַטיקע סאָציאַליסטישע אידייען געווען אוטאָפּישע, פּונקט אַזוי ווי דער גאַנצער אימפּאָזאַנטער מאַטעמאַטישער סיסטעם איז געבויט אויף אַ פּשוטער אַקסיאָמע, אַז 2 מאָל 2 איז 4; אַלע אַנדערע, ביז גאָר קאָמפּליצירטע קאָמבינאַציעס, דרינגען אַרויס פון דעם, וואָס ווערט לכתּחילה אַרביטראַר אָנגענומען (טאַקע אָט דאָס אָנגענומענע רופט מען אַקסיאָמע). אַן אַקסיאָמע דאַרף מען נישט באַווײַזן, אָבער אויף איר סמך שטיצט זיך דער גאַנצער אינטעלעקטועלער בנין.

אַנטקעגן וואָס האָבן מיר געמאַכט אַזאַ דיגרעסיע פון אונדזער אייגנטלעכער טעמע? — אַנטקעגן דעם, וואָס כּדי צו באַנעמען די באַזע אויף וועלכער מאַרקס האָט געבויט זײַן וויסנשאַפטלעכן אַנאַליז, מוז מען זאָרגפעליק נאָכפאָלגן זײַן געדאַנקענגאַנג, בכדי צו קענען, עווענטועל, קומען צו דער טעזע, אַז דורך אויסשליסן דעמאָקראַטיע ווי אַזאַ פּאָליטישע פאָרם, וואָס וועט אויסהאַלטן די שפּאַנונג פון קלאַסנקאַמף און וועט מעגלעך מאַכן ראַדיקאַלע ענדערונגען אין סאָציאַלן סדר, איז אין תּוך גענומען דער מאַרקסיזם אין קאָנפליקט מיט דער מאָדערנער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. איז דאָך דער סאַמע יסוד פון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם קודם־כּל באַזירט אויף דער דוויערהאַפטיקייט פון דעמאָקראַטישן סיסטעם, אַפילו אין אָנבליק פון די חבלי־לידה, די געבורט־ווייען, פון אַ דיאַמעטראַל אַנדערער אָרדענונג.

און איצט — לאָמיר ענדלעך זען וויאַזוי מאַרקס אַנטוויקלט די טעאָריע פון עקספּלואַטאַציע און אירע סאָציאַל־עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּאָלגן.

דער אויסגאַנגס־פּונקט אין זײַן מאָדעל איז אַזאַ: דער אונטערנעמער קויפט אַרבעטסקראַפט (געמאָסטן אין צײַט) און צאָלט פאַר איר אַזוי פיל וויפל עס דאַרף קאָסטן דאָס דערנערן דעם אַרבעטער און זײַן משפּחה אויפן סמך פון אַ מינימום עקזיסטענץ. מאַרקס האָט דעם מינימום אַנעקדראַטיש אויסגעטײַטשט ווי ״נישט גענוג צום לעבן, אָבער אויך צו ווייניק צום שטאַרבן״.

ווי מיר האָבן שוין פריִער געהאַט אָנגעוויזן, האָט מאַרקס אַקצעפּטירט אַדאַם סמיטס טעאָריע פון ווערט, אַז פּראָדוקטן באַקומען אויפן פרײַען

מאַרק דעם ווערט פון דער אַרבעטס־קראַפט, וואָס זיי אַנטהאַלטן (צו יענער צײַט האָט מען נאָר געדעדט וועגן ממשותדיקע פּראָדוקטן, און נישט וועגן לייסטונגען פון כּל המינים, וואָס שפּילן הײַנט אַזאַ גרויסע ראָל אין דער מאָדערנער עקאָנאָמיע). דער קאַפּיטאַליסט באַצאָלט דעם מאַרק־ווערט (אויפצוהאַלטן דעם אַרבעטערס אַרבעטס־קראַפט) און פאַרקויפט דעם פּראָדוקט לויט אָנבאָט און נאָכפראַגע. דער איבערפלוס איז דאָס טאַקע דער מערווערט (מאַרקס׳ טערמין) און נישט, ווי קאַפּיטאַליסטן באַטראַכטן דאָס ווי ריווח.

דער קאַפּיטאַליסט אינוועסטירט דעם פּראָפיט אין אַלץ נײַע פּראָדוקציע־מיטלען און פאַרגרעסערט אויף אַזאַ אופן זײַן עודף, און אַזוי כּסדר. ער, דער קאַפּיטאַליסט, איז אָבער דער ״קרבן״ פון אַ מין פאַטאַ ״מאָרגאַנאַ״, ווי עס זײַנען אָפּטמאָל די וואַסער־מיראַזשן אין מידבר... ער גיט זיך גאָרנישט אָפּ קיין חשבון, אַז די פּראָדוקציע־מיטלען לאָזן זיך נישט עקספּלואַטירן, וואָרום ער מוז דאָך פאַר זיי באַצאָלן וואָס עס באַטרעפט דער אייגנטלעכער ווערט זייערער אויפן מאַרק. נישט מאַשינען לאָזן זיך עקספּלואַטירן, נאָר אַרבעטער. וואָס מער דער קאַפּיטאַליסט אינוועסטירט, למשל, אין מאַשינען, אַלץ מער פאַלט פּראָפּאָרציאָנעל זײַן ריווח.

פאַרוואָס אָבער טוט עס דער קאַפּיטאַליסט? — ווײַל די קאָנקורענץ טוט עס אַזוי, און ער, דער קאַפּיטאַליסט, ווערט אַ קרבן פון דעם גײַעג צו רעאינוועסטירן. זײַנע ריווחים (פּראָפּאָרציאָנעל) פאַלן; ער גיט זיך, אייגנטלעך, נישט אָפּ קיין חשבון, ווײַל ער פאַרמישט דעם באַגריף פון מערווערט מיטן באַגריף פון פּראָפיט (דער ערשטער אַנטשטייט נאָר אַדאַנק דעם אַרבעטער, בעת דער צווייטער — פון אַ דורכשניט פונעם אַלגעמיינעם אינוועסטירטן קאַפּיטאַל). אין רעזולטאַט פונעם גײַעג צו אינוועסטירן ווערט צום סוף אַן איבערפלוס פון פּראָדוקטן אויפן מאַרק; מיט דער הילף פון נײַע מאַשינען וואַקסט די פּראָדוקציע, בעת עס פאַלט אין דער זעלבער צײַט די נאָכפראַגע. עס פאַלט אויך די צאָל באַשעפטיקטע אַרבעטער (די אַרבעטסלאָזע שאַפן אַ מין רעזערוו־אַרמיי, ווי מאַרקס רופט זיי אָן), און ווי אַ פּועל־יוצא ברעכט אויס אַ ווירטשאַפטלעכער קריזיס.

קאַפּיטאַליסטן העלפן זיך אַרויס דורך אַראָפּדריקן די לוינען ביז אונטער דעם עקזיסטענץ־מינימום. אויף אַזאַ אופן ווערט אָבער דער קריזיס כּסדר נאָך מער פאַרשאַרפט. ס׳ווערט ווײַטער רעדוצירט די פּראָדוקציע. נאָך אַ צײַט לעבט אָבער ווידער אויף די נאָכפראַגע. די קלענערע קאַפּיטאַליסטן זײַנען שוין בינו לבינו געוואָרן פאַרפעריזירט (פאַראָרעמט). מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַל פון גאָר גרויסע אונטערנעמונגען נעמט איבער אַלץ מער און מער די אויבערהאַנט.

און אַזוי קומט אַ נײַער ציקל, וואָס חזרט איבער פונדאַסנײַ דעם זעלבן

פּראָצעס. יעדער וויַיטערדיקער קריזיס וועט אָבער שווערער און שווערער, ביז וואַנען עס פּלאַצט דער סיסטעם. "אין רעזולטאַט ווערט די סאָציאַלע רעוואָלוציע אומפּאַרמיַידלעך". קיין שום דעמאָקראַטישער סיסטעם קען זיך מיט אַזאַ דינאַמיק קיין עצה נישט געבן.

איך האָב געפונען פאַר נייטיק צו ברענגען אָט דעם סצענאַר — נישט וויַיל איך מיין, אַז די לייענער האָבן שוין פאַרגעסן וואָס זיי האָבן געלערנט אַמאָל אויף די גרינע קריַיזן און אין דער וויַיטערדיקער קולטור־אַקטיוויטעט אין אונדזער סביבה. פאַר דער ציַיט האָבן זיך אָבער אָנגעקליבן אַזוי פיל מיספאַרשטייענישן און פאַרקריפּלטע באַגריפן וועגן מאַרקסיזם, אַז כּדי צו פאַרשטיין די סיבות פונעם אויפגאַנג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, איז נייטיק צו רעסטאַווירן אייניקע גרונט־באַגריפן פון מאַרקסיזם, וועלכער האָט בלי ספק גאָר גרויסע פאַרדינסטן פאַר דעם עווענטועלן וווקס פון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם.

צו לאַנג האָט אָבער אָנגעהאַלטן אין סאָציאַליסטישן לאַגער דער "טאַבו" נישט צוצורירן זיך, חלילה, צו די "קלאַסישע טעזן" פון מאַרקסיזם, וועלכע מ'האָט באַטראַכט פאַר אומבאַרירלעך. ס'איז אָבער שוין הויך די ציַיט צו לערנען פון דער דערפאַרונג פון אַן אַנדערטהאַלבן יאָרהונדערט, אָן צו פאַרמינערן די פּיאָנערישע ראָל פון מאַרקסיזם.

אויף אייניקע אַזעלכע הויפּט־אַנטוויקלונגען, וואָס העלפן באַנעמען טיפער דעם מַהות פון דער ירושה פון מאַרקסיזם, אין אַ נײַעם גבול און פילאָסאָפישער פאָרם, וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אין די וויַיטערדיקע פּרקים פון אונדזער עסיי — נישט מחמת ריין פילאָסאָפישע באַטראַכטונגען, נאָר וויַיל אונדזערע אויספירן האָבן אַ דירעקט היַינטציַיטיקע באַדיַיטונג.

## 6. פון וויסנשאַפטלעכן צום פּראַגמאַטיש־הומאַניטאַרן סאָציאַליזם

ממה נפשך, וויבאַלד ביידע שטרעבן צום סאָציאַליזם, זיַינען זיי דאָך במילא כּולל הומאַניטאַרן סאָציאַליזם. וואָרום דער עצם מַהות פון סאָציאַליזם איז דאָך אַזוי נאַטירלעך אידענטיפיצירט מיט מענטשלעכקייט, יוֹשר, צדק, חשיבות פונעם יחיד, פריַיהייט, גליַיכהייט, זאָרג פאַר דעם מיטמענטש אא"וו, אא"וו. זיַינען דען אָט די אַטריבוטן נישט חל געגנוי אַזוי אויף ביידע וועגן דעם זעלבן ציל?

פון דעסטוועגן איז פאַראַן אַ גרויסער אונטערשייד צווישן זיי, ביז צו דער עווענטועלער רעאַליזירונג פון דעם געמיינזאַמען ענדגילטיקן אידעאַל.

אין פריִערדיקן קאַפּיטל האָבן מיר זיך באַנוצט מיט אַזאַ באַצייכענונג, ווי: "ס'איז שווער געווען אָפּצושוואַכן די פּרעסטיזשפולע אַזויגערופענע

**וויסנשאַפטלעכע** ראָל פון מאַרקסיזם״. ווי שוין פריִער דערמאָנט, האָט מאַרקס, פּונקט אַזוי ווי די קלאַסיקערס בראָש מיט אַדאַם סמיטן, אַנטוויקלט די פילאָסאָפיע, לויט וועלכער דאָס סאָציאַל־עקאָנאָמישע לעבן איז אויסגעשטעלט, געגנוי אַזוי ווי די נאַטור־פּראָצעסן, אויף אַבסאָלוטע געזעצן אין צייַט און אין רוים, ווי דאָס דריקט אַזוי בולט זיך אויס, למשל, אין די ענדערונגען פון סעזאָנען אין באַשטימטע קלימאַטישע זאָנעס; אָדער, צום בייַשפּיל, אינעם איבערגאַנג פון גאַזן אין פליסיקייטן, און דערנאָך אין האַרטער מאַטעריע (ווי דאַמף, וואַסער און אייַז, אד״גל) — ווער שמועסט נאָך וועגן דער געזעצמעסיקייט אין קאָסמאָס אאַ״וו.

אַדאַם סמיטס גייַסטיקער יורש, **דאַוויד ריקאַרדאָ**, איז געווען נאָך מער קאָנסעקווענט. באַזירט אויף דער באַרימטער מאַלטוזיאַנישער פּעסימיס־טישער טעאָריע וועגן וווקס פון דער באַפעלקערונג אין דיספּראָ־פּאָרץ צו די דערנערונגס־מיטלען, וואָס די נאַטור קען אַרויסברענגען, האָט ריקאַרדאָ אויך מכלומרשט ״וויסנשאַפטלעך״ ביז גאָר קאַטעגאָריש פאָרמולירט אַן ״אייַזערנעם געזעץ פון פּאַופּעריזאַציע״ (פאַראָרעמונג) פונעם רוב פון דער באַפעלקערונג, ווי ער האָט דאָס באַצייכנט.

די ווירטשאַפט איז פאַרמישפּט אויף אַ מין פאַרכישופטן קרייַז: וואָס מער זי פּראָדוצירט, אַלץ מער וואַקסט דער פאַרברויך אאַ״וו, אַזוי אַז אַפילו טעכנאָלאָגישע אינאָוואַציעס פאַלן אויך אַרונטער, לויט ריקאַרדאָ, אונטער די זעלביקע אַבסאָלוטע ״נאַטירלעכע״ געזעצן.

דערפאַר האָט דאָס אַ באַרימטער ענגלישער פילאָסאָף, **טאָמאַס קאַרלייל**, אָנגערופן די עקאָנאָמישע וויסנשאַפט **״די האָפענונגסלאָזע וויסנשאַפט״**.

קאַרל מאַרקס האָט גרייַלעך אַקצעפּטירט ריקאַרדאָס אויסזיכטלאָזיקייט — אָבער לויט אים איז זי חל נאָר אויף דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. מיטן אָפּשאַפן דאָס פּריוואַט־אייגנטום איבער די פּראָדוקציע־מיטלען פון דער קלאַסן־סטרוקטור, וועלן אויך די ״אייַזערנע״ געזעצן, ווי די קלאַסישע עקאָנאָמיע האָט זיי פאָרמולירט, במילא אָפּפאַלן אין דער פולער מאָס ערשט נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. על־כּן, כּל־זמן דער קאַפּיטאַליזם אין אַלע מעגלעכע פאָרמען עקזיסטירט, גילטן אויך אומפאַרמייַדלעך די טרויעריקע ריקאַרדאָ־מאַלטוזיאַנער געזעצן. אַפילו פּראָפּעסיאָנעלע אַרבעטער־פּאַרטייען קענען בשום־אופן נישט דערפירן צו קיין ממשותדיקן ברוך אין דער אַבסאָלוטער סופּרעמאַציע פון מערווערט ווי דעם פּוסק אחרון בנוגע דעם אַרבעטער אין אַ קאַפּיטאַליסטישער מאַרק־ווירטשאַפט.

מיר האָבן אין פאַריקן אָפּשניט פון אונדזער עסיי זיך ברייטער אָפּגעשטעלט אויף דער עוואָלוציע פונעם אַרבעטס־מאַרק, פון פּרייַזן, ריווחים, און דער אומפאַרמייַדלעכער פאַראָרעמונג פון דעם אַרבעטער־קלאַס — אויך מחמת די אָפטע אַלץ שווערערע ווירטשאַפטלעכע קריזיסן. נישט קיין

פּראָגרעסיווע סאָציאַלע געזעצגעבונג, נישט קיין פּאָליטישער דרוק און נישט קיין טרייד־יוניענס קענען ענדערן די האַרבע ווירקלעכקייט. איז, וואָס דאָ און דאָרט אַנטוויקלען זיך מער אַוואַנסירטע דעמאָקראַטישע רעזשימען, קענען זיי אָבער נישט ברעכן די אײַזערנע סאָציאַל־עקאָנאָמישע געזעצן. בכלל איז דאָך, לויט מאַרקסן, די מלוכה נאָר אַ ווערקצײַג אין די הענט פון די באַזיצנדיקע קלאַסן. וויבאַלד עס דראָט זיי צו פאַרלירן די קאָנטראָל איבער דער מאַכט, פאַלן אויך אָפּ זייערע פּריווילעגיעס. דאַן מוז אויך דער דעמאָקראַטישער סיסטעם פאַלן אַ קרבן.

די רעאַלע ווירקלעכקייט האָט אָבער באַוויזן, אַז דער קאַפּיטאַליזם איז פּאָרט נישט איין מאָל בײַגעקומען אַפילו די שווערסטע עקאָנאָמישע קאַטאַסטראָפעס. סײַ אַדאַנק דער פענאָמענאַלער אַנטוויקלונג פון דער טעכניק און פון דער ווירטשאַפט בכלל, און סײַ אַדאַנק זײַן רעלאַטיווער פּאָליטישער עלאַסטישקייט צו פאָרמירן די דעמאָקראַטישע סטרוקטור, איז ער אין די אַוואַנסירטע לענדער ניצול געוואָרן.

די מאַרקסיסטישע הנחה וועגן דער אומפאַרמײַדלעכער פּאַופּעריזאַציע פונעם פּראָלעטאַריאַט און דאָס אײַנשרימפּן זיך פונעם מיטלקלאַס, איז נישט מקוים געוואָרן. צו להכעיס די מאַרקסיסטישע פּראָגנאָזן, זײַנען די טרייד־יוניענס אָפט געוואָרן קרעפטיקע פאַרטיידיקערס פון די אינטערעסן פונעם אַרבעטער־קלאַס. לוינען זײַנען געשטיגן אויך מחמת דער פאַרבעסערונג פון דעם פּראָדוקציע־סיסטעם. אַפילו די מאַרקסיסטישע טעאָריע וועגן דער מאָנאָפּאָליזאַציע פון דער ווירטשאַפט האָט זיך אויך ווײַט נישט אַזוי ראַדיקאַל פאַרווירקלעכט ווי מאַרקס האָט זי פאָרויסגעזען.

אמת, די אינטערנאַציאָנאַליזאַציע פונעם וועלט־האַנדל און פּראָדוקציע האָט שטאַרק פאַרשאַרפט די קאָנקורענץ צווישן די עקאָנאָמיעס פון די אַוואַנסירטע לענדער און האָט, ווי עס ווײַזט אויס, נישט דערפירט צו דער קאַטאַסטראָפע, וואָס מאַרקס׳ אַנאַליז פון דער מאַרק־קאָנקורענץ האָט פאָרויסגעזאָגט. אויך אין דעם־אָ פּראָצעס באַווײַזן זיך אַלץ מערערע סימנים פון שטײַגנדיקן פרײַען האַנדל און אינסטיטוציאָנעלער רעאָרגאַניזאַציע פונעם וועלט־מאַרק.

פון דעם אַלעם איז נאָך ווײַט נישט געדרונגען, אַז דער נעאָ־קאַפּי־טאַליסטישער סיסטעם שטייט נישט פאַר קיין גאָר שווערע פּראָבלעמען (איך באַצי זיך אין דעם פּרט נאָר צו די עקאָנאָמישע, ווײַל אַנדערע זײַנען דאָך פאַראַן אָן אַ שיעור).

אַלס ״נעאָ־קאַפּיטאַליזם״ ווערט באַטראַכט אַזאַ קאַפּיטאַליזם, וואָס שליסט אויך אײַן אַ באַדײַטנדיקע ראָל פון דער רעגירונג אין דער ווירטשאַפט פּאַראַלעל מיטן פרײַען מאַרק. די פילאָסאָפיע פאַר אַזאַ שותפות איז באַזונדערס שטאַרק אַקצענטירט געוואָרן דורך לאָרד קעינס, אַ בריטישער

עקאָנאָמיסט, וואָס איז באַרימט געוואָרן דורך אָפּפרעגן דעם קלאַסישן קאַפּיטאַליזם לטובֿת אַ געמישטער ווירטשאַפט מיט אַ וויכטיקן בײַשטײַער פון דער רעגירונג. קיינער קען נישט פאַרלייקענען דעם פאַקט, אַז די אָרעמקייט וואַקסט, אין דער צײַט ווען די אויבערשטע פאַרמעגלעכע קלאַסן ווערן אַלץ רײַכער. אַפילו די בעסטע געזעצן האָבן לעת־עתּה נישט אָפּגעשטעלט די קלאַסן־דיפערענצן און, דער עיקר, די קאַטאַסטראָפאַלע פאַראָרעמונג פון יענעם טייל פון פּראָלעטאַריאַט, וועלכער קען צוליב כּמה טעמים נישט מיטשפּאַנען מיט דער ראַשיקער טעכנאָלאָגישער רעוואָלוציע.

ס'איז אַוודאי גאָר ווײַט פון לייזן די קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט די דראַסטישע ווירטשאַפטלעכע וואַקלונגען (עקאָנאָמישע ציקלען). עס איז דערבײַ גאָר כּדאַי צו באַמערקן, אַז אויב אין דער פאַרגאַנגענהייט פלעגט אַ ווידעראויפלעב פון דער עקאָנאָמיע לרובֿ אַבסאָרבירן די אַרבעטסלאָזע — שײַנט די איצטיקע מעסיקע פאַרבעסערונג אין דער ווירטשאַפט קנאַפּ וואָס זיך צו קימערן צוריק אײַנצוגלידערן די גרויסע מאַסע פון אַרויסגעשטויסענע פונעם פּראָדוקציע־סיסטעם. די הויפּט־סיבה ליגט אין דער אויסווירקונג פון דער טעכנאָלאָגישער רעוואָלוציע.

אין דער זעלבער צײַט לאָזט אַלץ שטאַרקער זיך אָפּפילן די גלײַכגילטיקייט פון די וואָס געניסן פון די דערגרייכונגען און פון דער דינאַמיק פונעם עקאָנאָמישן וווקס. דאָ לאָזט זיך אָנווענדן דעם כּלל, אַז "דער זאַטער גלייבט נישט דעם הונגעריקן". דער שטײַגנדיקער קאָנטראַסט צווישן אָרעם און רײַך, ווי אַ באַשײַמפּערלעכע באַגלייט־דערשײַנונג פונעם נעאָ־קאַפּיטאַליסטישן קאָנסערוואַטיזם (פון מאַדאַם טהאַטשער, רעיגען, בוש, מין) שפּילט־צו צום טרויעריקן רומל פון דער אָנוואַקסנדיקער קאַטאַסטראָפע.

און דאָס גראָד דאַן, ווען די מערבֿ־וועלט טריִומפירט איבער דעם צו־זאַמענברוך פון סאָוויעטישן סיסטעם.

אין דער אמתן בין איך נישט אויסן אויסצושעפּן די טעמע וועגן די איבלען פונעם נעאָ־קאַפּיטאַליזם. אויב איך דערמאָן זיי פּאַרט, איז דאָס כּדי צו פאַרמײַדן אַ מעגלעך פאַלשן אײַנדרוק, אַז דאָס קוועסטיאָנירן דורך מיר באַשטימטע גרונט־פּרינציפּן פון דער מאַרקסיסטישער אינטערפּרעטאַציע פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג און די יסודות פון דער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע, שוואַכט אָפּ מײַן אַנטשלאָסענע אָפּאָזיציע אַפילו צום "אויפגע־קלערטן" אָדער "פאַרגעשריטענעם" קאַפּיטאַליזם אין זײַן מכלומרשטער "וווילשטאַנד"־פאָרם (וועלפעיר־סיסטעם).

ניין, מײַן טיילווײַזע קריטיק פון מאַרקסיזם האָט חלילה נישט צו טאָן מיט זוכן אַ וועלכן־עס־איז זכות פאַר דעם נעאָ־קאַפּיטאַליזם.

אין די ווײַטערדיקע אָפּשניטן וועלן מיר זען, אַז די סאָציאַליסטישע באַ־וועגונג האָט, טראָץ דער ביז גאָר וויכטיקער ראָל פון אירע טראַדיציאָנעל

איצט קומט ווידעראַמאָל פאָר אין יאַפּאַן אַ נײַע ווענדונג — צוריק צום בליִענדיקן נעאָ־קאַפּיטאַליזם.

איך האָב זיך טאַקע אָפּגעשטעלט אויף אַ גאָר דראַסטישן בײַשפּיל. מ׳קען אָבער געפינען נאָך אָן אַ שיעור ענלעכע באַווײַזן פון דעם סאָרט. לענין, למשל, איז געווען זיכער, אַז די מפּלה פונעם קײַזערלעכן דײַטשלאַנד אין 1918 וועט עפענען אַ נײַע עפּאָכע פון אידעאַליזם דאָרט, און אויך מחוץ דײַטשלאַנד; לויט אַלע וואַרשײַנלעכקייטן האָט דער אַ״ג ״ניו דיל״ אין די פאַר. שטאַטן, און אויך בעת דעם שפּעטערדיקן ווועלשטאַנד, דעם ״פּראָספּעריטי״־פּעריאָד אונטער פּרעז. דזשאָנסאָן, געדאַרפט זײַן אַ ראַדיקאַלערער פּרוזדור צום סאָציאַליזם. אויסגעלאָזט האָט עס זיך אָבער מיט דעם רייגען — בוש רעזשים, וועלכער האָט, גענוי אַזוי ווי ענגלאַנד אונטער מאַדאַם טהאַטשערס ממשלה, גורם געווען אַ ווידעראויפלעב פון דעם אַ״ג ״לייסעי פעיר״ קאַפּיטאַליזם (דער פרײַער מאַרק ווי דער פּוסק אחרון).

וואָס ווײַטער, אַלץ קלאָרער ווערט די איבערצײַגונג, אַז אָננעמען די טעזע פון כלומרשטע ״היסטאָרישע געזעצן״ וואָס פירן צום אויסגעבענקטן אידעאַל, איז אילוזאָריש. די ווירקלעכקייט האָט בלי ספק מבטל געמאַכט די לאָקנדיקע פילאָסאָפיע וועגן אַ ספּאָנטאַנעם גאַנג צו סאָציאַלער שלמות. נישטאָ קיין חוק ולא יעבר, קיין אַבסאָלוטע געזעצמעסיקייט, אינעם לאַנגצויגיקן געשיכטלעכן גאַנג. מ׳קען בשום אופן נישט אינטערפּרעטירן די דינאַמיק פון דער געשיכטע דורך אַרײַנקוועטשן זי אינעם סדום־בעטל פון אָט דער שטײַפער ״געזעצמעסיקייט״.

דאָס ברענגט אונדז צו דעם צווייטן באַגריף פון דער טעמע: ״פון וויסנשאַפטלעכן צום פּראַגמאַטישן הומאַניטאַרן סאָציאַליזם״. דער באַגריף ״פּראַגמאַטיש״ איז אייגנטלעך שוין היפּשלעך פּאָפּולער. דאָך מאַכט עס נישט אויס נאָכאַמאָל אים צו דעפינירן. אין עקזאַקטער פילאָסאָפיע ווערט ער אַזוי אינטערפּרעטירט: דערוואַרטונגען ווערן געמשפּט לויט רעזולטאַטן, און נישט לויט אַפּריאָרי אָנגענומענע אַבסאָלוטע כללים.

בדרך־כלל זײַנען פילאָסאָפישע דעפיניציעס טאַקע צופיל אַבסטראַקט. אין פּראַקטישער אָנווענדונג מיינט פּראַגמאַטיזם דאָס לייגן דעם שווערפּונקט אויף רעאַלע מעגלעכקייטן, און נישט דער עיקר אויף דאָקטרינען.

שוין דער טײַטש פון אָט דעם באַגריף פירט אונדז אַרײַן אין מהות פון צווייטן טייל פונעם קעפּל פון דעם לעצטן אָפּשניט. וויבאַלד סאָציאַליזם איז, אין עצם, אַזאַ סדר, וואָס שטעלט דעם מענטש אין צענטער, קען מען זיך, נאַטירלעך, נישט פאַרלאָזן אויף קיין געזעצן פון דער געשיכטע, נאָר מ׳דאַרף ״אָנכאַפּן דעם אָקס פאַר די הערנער״, ווי עס זאָגט דאָס פּאָלקסווערטל. און אַזוי ווי דעמאָקראַטיע איז אַן אומבאַדינגטער תּנאי פאַר אַ הומאַניטאַרער, אויף מענטש אָריענטירטער געזעלשאַפט, איז דער פּראַגמאַטיזם פון דער

סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַ סך נאָענטער צום רעאַליזירן דעם סאָציאַליזם ווי אַן אידעאַלן ציל.

לויט די פּריִערדיקע אָפּשניטן האָבן מיר געזען, אַז דער אָרטאָדאָקסאַלער מאַרקסיזם האָט אויסגעשלאָסן דעמאָקראַטיע ווי אַ רעאַלע דויערהאַפטע מעגלעכקייט אין קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם. היות ווי דער קאַפּיטאַליזם האָט אין פאַרשיידענע ניואַנסן אַ סך אַ לענגערן אריכת־ימים פון דעם, וועלכן מאַרקס האָט אין זיַין צייַט געקענט אַנען, האָט במילא די סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וואָס ווירקט אין אָט דעם סיסטעם, געמוזט כּסדר אָננעמען מער פּראַגמאַטישע פאָרמען. קיין שום ערנסטע באַוועגונג קען אָבער אין דער לאַנגער באַנק נישט לעבן נאָר מיט אַ ריין פּראַגמאַטישן צוגאַנג. אַפילו פאַר "מישפּטן דערוואַרטונגען לויט די רעזולטאַטן" — לויט דער פילאָסאָפישער דעפיניציע פון פּראַגמאַטיזם — מוז אַ באַוועגונג האָבן אַ ריכט־שנור באַזירט אויף אַ וויזיע פון אַ העכערן ציל, ווי וויַיט ער זאָל נישט זיַין.

אַ סך סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטייען האָבן טאַקע אַריבערגעבויגן דעם שטעקן צום פּראַגמאַטיזם. די־אָ טענדענץ האָט אַוודאי נישט געקענט שטאַרקן דעם גייַסטיקן מַהות פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דעריבער האָט זי סוף־כּל־סוף אין איר אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב געוונומען, מיט דער צייַט, ווידמען מער אויפמערקזאַמקייט דעם מער טעאָרעטישן צוגאַנג צוזאַמען מיט דער פּראַגמאַטישער איינשטעלונג.

דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָט בשעתו געהאַט באַשטימט פּראָפ. מייַק האַרינגטאָן פון די פ"שטאַטן צוצוגרייטן אַ נייַעם פּראָגראַמאַטישן פּראָיעקט. ער האָט נאָך באַוויזן פאַר זיַין פריצייַטיקער פּטירה אַזאַ פּראָיעקט צוצושטעלן. אָט דעם און אַנדערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּרוּוון זיך צו עמאַנציפּירן פון אַ ריין דאָקטרינעריש־מאַרקסיסטישן צוגאַנג, פּאַראַלעל מיט זוכן נייַע טעאָרעטישע יסוֹדות, וועלן מיר ווידמען די נאָענטסטע אָפּשניטן פון אונדזער עסיי.

## 8. צו דער עוואָלוציע פון פּראַגמאַטישן דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם

וואָס עפּעס "צו"? הלמאי טאַקע נישט אָנרופן דאָס קינד בייַם נאָמען און אָנרופן דעם אָפּשניט פּראָסט־פּשוט מיטן קעפּל "די עוואָלוציע"?... איז דער פּשַט אַזאַ: דער "צו" מאַכט מעגלעך דאָס מקַצר זמַן זיַין דעם געשיכטלעכן הינטערגרונט פון דער טעמע, אַזיסטן וואָלטן מיר געמוזט אַ סך ברייטער באַהאַנדלען דעם היסטאָרישן גאַנג פון דעם עוואָלוציאָנערן פּראָצעס פון סאָציאַליסטישן פּראַגמאַטיזם.

ווי אַ רעוואָלוציאָנערע אידייע פֿאַסט זיך **סאָציאַליזם** מיט **פּראַגמאַטיזם** ווי "אַ פֿאַטש צום גוט־שבת"; און דאָך האָט דער נישט פֿאָרויסגעזעענער דורך מאַרקסן דעמאָקראַטיזאַציע־פּראָצעס פֿון קאַפּיטאַליזם גובֿר געווען אָט דעם קאָנטראַסט, וועלכן מיר אַנאַליזירן בקיצור אין דעם איצטיקן קאַפּיטל.

היות ווי מיר האָבן אין פֿאָריקן קאַפּיטל פֿון אונדזער עסיי שוין אויספֿירלעך דעפֿינירט דעם באַגריף "פּראַגמאַטיזם", פֿאַרשפּאָרן מיר איצט אים ווידער צו פֿאָרמולירן.

נאָכן קאָנפֿראָנטירן דעם דאָקטרינערן מאַרקסיזם מיט דעם מאָדערנעם דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם אין די פֿריִערדיקע אָפּשניטן, בלײַבט אונדז איבער גאָר אַ וויכטיקער טייל פֿון אונדזער טעאָרעטישן אַנאַליז, דהײַנו וויאַזוי די עמאַנציפּאַציע פֿון דעם דעמאָקראַטישן סאָציאַליסטישן אני־מאמין האָט אין לויף פֿון דער צײַט באַוויזן גובֿר צו זײַן דאָס דאָגמאַטישע און דאָך אײַנהאַלטן דאָס עטיש־מאָראַלישע פֿון מאַרקסיסטישן געדאַנק.

אַוודאי גייען סאָציאַליסטישע אידייען צוריק צו דער ווײַטער געשיכטע און האָבן שוין געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין נביאישן גײַסט און אין כּלערליי פֿאָרמען בײַ פֿאַרשידענע נביאים. אָבער דער באַגריף "סאָציאַליזם" איז צום ערשטן מאָל ערשט אויפֿגעקומען אין יאָר 1830.

דער ערשטער, וואָס האָט אומדירעקט אים אינספּירירט, הגם אים נאָך נישט אָנגערופֿן בײַם אייגנטלעכן נאָמען — **סאָציאַליזם** — איז געווען דער פֿראַנצויזישער אַריסטאָקראַט **סען־סימאָן** (1760 — 1825), און האָט צום בולטסטן אויסגעדריקט אין זײַן ווערק "די פּלאַנירטע עקאָנאָמיע פֿון פּראָגרעס" — געשריבן צוזאַמען מיטן גרינדער פֿון דער **סאָציאָלאָגישער** וויסנשאַפֿט, **אויגוסט קאָנט**.

צוליב וואָס גייען מיר צוריק אַזש צו סען־סימאָן? בפֿרט נאָך ווען מאַרקס־יסטן האָבן אים פֿאַררעכנט ווי איינעם פֿון די "אוטאָפּיסטן־סאָציאַליסטן" און אים, פּונקט ווי אַלע "אוטאָפּיסטן", ממש איראָניזירט.

מיר טוען דאָס, דערפֿאַר, ווײַל גראָד האָט שוין סען־סימאָן אויסגעדריקט אידייען, וועלכע זײַנען נאָענט צו די איצט אַקטועלע גרונט־געדאַנקען פֿון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם. דהײַנו, ער האָט מאָדיפֿיצירט דעם באַגריף פֿון "גלײַכהייט" פֿון מענטש אין דער געזעלשאַפֿט, מחמת מענטשן אונטערשיידן זיך, קודם כּל, מיט זייערע פֿעיִקייטן, מעגלעכקייטן פֿאַר ממשותדיקע לײַסטונגען אאַ"וו. ער איז גאָר ווײַט געגאַנגען אין זײַן אַנאַליז פֿון **האַרמאָני־זירן** אַזאַ פֿאַרשידנאַרטיקע געזעלשאַפֿט, דורך שאַפֿן די בעסטע באַדינגונגען פֿאַר אויסנוצן די מאַקסימאַלע פּראָדוקטיוויטעט פֿון יחידים מיטן ציל צו הייבן דעם ניוואָ פֿונעם כּלל.

די מלוכה דאַרף העלפֿן שטאַרקן דעם סאָציאַלן וווילזײַן, און דערמיט פֿאַרזיכערן דעם פּראָגרעס פֿון דער מענטשהייט. ווי מיר זעען, טוט אַפֿילו

אַפּילו אַזאַ קורצע, על רגל־אחתדיקע רעפערענץ צו סען־סימאָנס בייַטראָג צום ערב־מאָדערנעם סאָציאַליסטישן געדאַנק סוגערירן ענלעכקייטן צו דער הייַנצייַטיקער אַנטוויקלונג פון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם.

זיכער זייַנען פאַראַן שטאַרק אוטאָפּישע עלעמענטן אין אַ רייע טעאָריעס פון יענער שול, באַזונדערס בייַ טשאַרלז פוריע א״אַ. אָבער, דאָס מבטל מאַכן די גאַנצע ערב־מאַרקסיסטישע טעאָרעטישע דערגרייכונגען, ווייַל זיי זייַנען נישט געווען קיין ״וויסנשאַפטלעכע״, איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אַראָגאַנץ, וואָס דער דאָקטרינערער מאַרקסיזם האָט דעמאָנסטרירט. וויבאַלד סאָציאַלע ענדערונגען זייַנען לויט זייַן היסטאָרישער סכעמע נישט קיין אַבסאָלוט וויסנשאַפטלעך באַוויזנע ״נויטווענדיקייט״, זייַנען זיי במילא ״אוטאָפּישע״. דאָס נישט דערשאַצן די עטיש־מאָראַלישע סטימולן, וואָס האָבן די דאָזיקע פריִע ערב־סאָציאַליסטישע דענקער אַוועקגעשטעלט מחוץ דער מחנה אין יענער צייַט און דאָס אונטערשאַצן זייער גייַסטיקע השפעה, האָט דעם מאָדערנעם סאָציאַליזם זיכער נישט געשטאַרקט.

אַ צווייטע, גראָד מער וואָגיקע אַנטוויקלונג פון דעם סאָציאַל־רעפאָר־מאַטאָרישן געדאַנק, איז פאַרבונדן מיט דעם אַזויגערופענעם **״פאַביאַניזם״** אין ענגלאַנד. דער פאַביאַנער פאַרבאַנד איז אַ פיל שפּעטערדיקער, געגרינדעט אין יאָר 1883. ער האָט גרופּירט ס׳רוב אינטעלעקטואַלן, ווי למשל אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי בערנאַרד שאָו א״אַ.

ביז גאָר אינטערעסאַנט איז דער אויסוואַל פון דעם נאָמען. געווען אַמאָל אַ רוימישער גענעראַל מיטן נאָמען **פאַביוס קונקטאַטאָר**. ער האָט זיך קונה־שם געווען מיט זייַן סטראַטעגיע אויסצומייַדן אָפענע שלאַכטן, און בהדרגהדיק אָפּצושוואַכן זייַנע שונאים, און כאָטש אַ סך פּאַמעלעכיקער, דאָך צו דערגרייכן אויף דעם אופן זייַנע צילן. דאָס איז בלי ספק אַ קאַפּולע אָנצוהערעניש אויפן עצם מהות פון ענגלישן פאַביאַניזם.

ס׳איז כּדאי צו באַמערקן, אַז גראָד דעמאָלט, ווען דער פאַביאַניזם האָט געהאַט אַ גרעסערע השפעה אויף דער לייבאָר־פּאַרטיי, איז דער בריטישער סאָציאַליזם געווען פּאָליטיש אַ סך דערפאָלגרייַכער ווי ווען דער מאַרקסיזם אָדער פּסעוודאָ־מאַרקסיזם האָט געהאַט די איבערהאַנט.

עס וואָלט זיך געלן ברייטער אָפּשטעלן אויף דער הויכער מדרגה און שטאַרק אינטעלעקטועלן אייַנפלוס פון פאַביאַניזם אויף די אוניווערסיטעטן און דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון סאָציאַל־עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן אין גרויס־בריטאַניע. ליידער וואָלט עס אונדז אָבער צו ווייַט פאַרפירט אין דער פאַרגאַנגענהייט, בעת מיר ווילן דאָך דערגיין צו דער סאַמע לעצטער אַנטוויקלונג. דאָך איז פאָרט, אַפּילו בקיצור, וויכטיק אַ רעטראָספּעקטיווער צוריקבליק.

אַ דריטע אַנטוויקלונג, וואָס האָט באַאייַנפלוסט דעם שפּעטערדיקן גאַנג

פון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם, איז די וואָס איז פאַרבונדן מיטן עקאָנאָמיסט זשעראָם אַדאָלף בלאַנקי (1798—1854), דעם עלטערן ברודער פון דעם רעוואָלוציאָנער און שפּעטערדיקן קאָמונאַר לואי אָגוסט בלאַנקי, אין פראַנקרייַך פון XIX י״ה.

אין אַ סעריע לענגערע אַרטיקלען א״נ ״אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע פון פּראָדוקציע־סיסטעם״, פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1839, האָט זשעראָם בלאַנקי שטאַרק פאַרטיידיקט דאָס אָרגאַניזירן פון כּמו פּראָדוקציע־קאָאָפּעראַטיוון. נישט גלייַכהייט פון פאַרדינסטן דאַרף זייַן זייער צענטראַלער ציל, נאָר מאַקסימאַלע פּראָדוקטיוויטעט צו הייבן דעם מצב און וווילזייַן פונעם פאָלק.

בלאַנקיסטן, אויפן נאָמען פון זייַן ייִנגערן ברודער לואי, זייַנען באַקאַנט ווי אולטראַ־ראַדיקאַלן אַזש ביז צום באַרעכטיקן גוואַלט. דאַקעגן זשעראָם בלאַנקי האָט פאַרטיידיקט אַ מעסיקע בהדרגהדיקע פּאָליטיק, און איז אַפילו אַרייַן אין אַ קאָאַליציע־רעגירונג אין יאָר 1848.

ווידעראַמאָל וויל איך דערמאָנען, אַז דער טייל פון אונדזערע באַ־טראַכטונגען צילט נישט צו פאַרטיפן זיך אין רוים און צייַט פון דער פריִער געשיכטע פון סאָציאַליזם. ווי שוין געזאָגט, באַגרענעצן מיר זיך נאָר צו יענע אָנדייַטונגען, וואָס קלינגען ווי מין פאָרלויפערס פון שפּעטערדיקע ביז צו די הייַנטיקע טעג טענדענצן אין דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם.

## 9. סאָציאַליסטישער רעוויזיאָניזם — אויף דער שוועל פון 20־טן י״ה

פאַרוואָס עפּעס סאָציאַליסטישער רעוויזיאָניזם? — פּשוט, ווייַל אויך די קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט גענוצט די־אָ באַצייכענונג ״רעוויזיאָניזם״ אין שייַכות מיט אירע פאַקטישע אָדער כּלומרשטע רעוויזיאָניסטן.

דאָס דאַטירן אונדזער מין רעוויזיאָניזם (**אונדזער** מיין איך, ווי באַנוצט אין אָט דעם עסיי), וואָלט, אייגנטלעך, געווען גענוג אויסצושליסן דעם קאָמוניסטישן, מחמת ווי כּידוע האָט נאָך אָט די אידעאָלאָגישע אָנשיקעניש ווי קאָמוניזם דאַן, אין אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט, נישט עקזיסטירט. דאָך איז, לשם קלאָרקייט, בעסער צו דערמאָנען די־אָ נפקא מינה.

גענוי ווי דער ״אוטאָפּישער סאָציאַליזם״ האָט אין סאָציאַליסטישן לאַגער נישט אַרויסגערופן קיין גרויסע באַגייַסטערונג, אַזוי איז דער רעוויזיאָניזם אָפּט געוואָרן ממש אַ מין זידל־וואָרט. אַפילו אַזאַ חשובע פּערזענלעכקייט אין דער דייַטשער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, ווי עדוואַרד בערנשטיין, איז שטאַרק פאַרשריגן געוואָרן. אַזוי טיף איז נאָך דאַן געווען די מאַרקסיסטישע טראַדיציע אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אַז יעטוועדע אָפּווייַכונג איז

אויסגעוואַקסן אַזש כּמעט ביז פּאַראַט. אין ליכט אָבער פון דער לאַנגיאָריקער דערפאַרונג אין מערב־אייראָפּע און אין די סקאַנדינאַווישע לענדער, האָט זיך גראָד דער בערנשטייניזם גאָר שטאַרק באַרעכטיקט.

זאָל אויך דערבײַ געזאָגט ווערן, אַז הגם דער באָלשעוויזם האָט נישט אַנטשפּראָכן דעם פונדאַמענטאַלן מאַרקסיסטישן געדאַנקענגאַנג, האָט דאָך זײַן קאַטאַסטראָפאַלער דורכפאַל באַשטעטיקט דעם אומרו, וועלכן עדוואַרד בערנשטיין האָט אויסגעדריקט בּשעתו בנוגע דער טראַנספאָרמאַציע פונעם קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם, מיט דער הילף פון גוואַלט־מיטלען, דורך האַסטיקער רעוואָלוציאָנערער אַקציע.

ווילן מיר טאַקע זיך איצט אַביסל ברייטער אָפּשטעלן אויף בערנשטיינס השפּעה אויפן עוואָלוציאָנערן פּראָצעס פון מאָדערנעם סאָציאַליזם.

אַפילו אַ גאָר קורצער אַרײַנבליק אין בערנשטיינס ביאָגראַפיע וועט אונדז העלפן צום באַנעמען זײַן אייגנאַרטיקע ראָל אין יענע יאָרן, ווען אָרטאָדאָקסישער מאַרקסיזם האָט אַזוי שטאַרק דאָמינירט אין דער אייראָפּעיִשער סאָציאַליסטישער וועלט.

געבוירן אין אַ ייִדישער משפּחה אין בערלין דעם 6־טן יוני 1850, איז ער אָבער געוווען אויסגעשטעלט אויף כּלערליי אײַנפלוסן, דער עיקר פון פראַנקרײַך און ענגלאַנד, מחמת ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער אומלעגאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. בעת דעם באַקאַנטן פּעריאָד ווען עס האָבן געהערשט די אַנטי־סאָציאַליסטישע ביסמאַרק־געזעצן, איז ער פּרי פאַרשיקט געוואָרן פון דײַטשלאַנד און ער האָט זיך באַזעצט אין דער שווײַץ. דאַן האָט ער רעדאַגירט דעם אָפיציעלן אָרגאַן פון דער פּאַרטיי "דער סאָציאַל־דעמאָקראַט" אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט קאַרל מאַרקסן.

אין 1888 ווערט ער אויף ביסמאַרקס צודרינגלעכן פאַרלאַנג אַרויסגעשיקט פון דער שווײַץ און טראָגט זיך אַריבער, נאָך אַ קורצן אויפהאַלט אין פּאַריז, קיין לאָנדאָן. דאָ ווערט ער ענג באַפרײַנדעט מיט פרידריך ענגעלסן און קומט אין וואַקסנדיקער פאַרבינדונג מיט די פאַביאַנער (מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף זייער ראָל אין אונדזער פריִקן אָפּשניט).

דער מוטיקער פאַביאַנער ליבעראַל־דעמאָקראַטישער סאָציאַליזם האָט מיט דער צײַט, אפנים, געהאַט אַ באַשײַמפּערלעכע השפּעה אויף דעם שוין רײַפן טעאָרעטיש באַגאַבטן סאָציאַליסט, וועמען דער דאָגמאַטישער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם האָט אויפגעהערט צו זײַן איבערצײַגנדיק.

אין 1898 איז פאָרגעקומען אַ היסטאָרישער קאָנגרעס פון דער וואַקסנדיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין דײַטשלאַנד. עס איז שוין געווען נאָך דעם פאַקטישן פאַלן פון דעם אַנטי־סאָציאַליסטישן געזעץ. עדוואַרד בערנשטיין האָט געשריבן אַ גרעסערע צאָל אַרטיקלען אין דער פאָרם פון בריוו צום שטוטגאַרטער קאָנגרעס. אַ יאָר שפּעטער זענען אָט די בריוו

דערשינען אין בוך־פֿאָרם אונטער דעם נאָמען "גרונט־הנחות צו די אויפֿגאַבן פֿון סאָציאַליזם". דאָס בוך איז, אגב, געוואָרן איבערגעזעצט אויף ענגליש און אַרויסגעגאַנגען מיט צען יאָר שפּעטער.

אין 1901 קערט בערנשטיין זיך צוריק קיין דײַטשלאַנד, ווו ער אַנטוויקלט ווײַטער זײַן "רעוויזיאָניסטישן" געדאַנק, און הגם ער איז געווען אויסגעשטעלט אויף אָן אַ שיעור שאַרפֿע אַטאַקעס מצד די פֿירנדיקע מאַרקסיסטישע כּוחות אין דער פּאַרטיי, ווערט ער שוין אַ יאָר נאָך זײַן צוריקקומען אויסגעוויילט אין פּאַרלאַמענט, אין וועלכן ער בלײַבט דעפּוטאַט ביז 1928. עס דאַרף אויך ווערן פֿאַרצייכנט, אַז בינו לבינו, ווען די דײַטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט אין יאָר 1914 געשטימט פֿאַר די קריגס־קרעדיטן פֿאַר דעם קייזער ווילהעלמס רעזשים, איז ער אַרויסגעטראָטן פֿון דער פּאַרטיי און האָט געהאָלפֿן גרינדן די אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. אַזוי האָט גראָד ער, דער פּיאָנער פֿון דעם אַ"ג רעוויזיאָניזם, זיך אַרויסגעוויזן אַלס פֿיל קאָנסעקווענטער פֿון דער פּאַרטיי זײַנער. נאָכן ווערסאַלער טראַקטאַט קערט ער זיך צוריק אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און בלײַבט איר געטרײַ ביז צו זײַן טויט אין דעצעמבער 1932, האַרט פֿאַר היטלערס קומען צו דער מאַכט.

ס'וואָלט געווען אַן עוולה ווען מיר וואָלטן נישט צוגעגעבן כאָטש אייניקע שטריכן וועגן זײַן באַציאונג צום פּראָבלעם פֿון המשך פֿון ייִדישן פֿאָלק. אין דעם פּרט איז ער אַן אויסנאַם פֿון די אַלע ייִדן, וואָס האָבן דערגרייכט צו פֿירערשאַפֿט־פּאָזיציעס אין די לאַנד־פּאַרטייען — ווי אין רוסלאַנד, פּוילן, דײַטשלאַנד אאַז"וו.

אָט ברענגען מיר אַ רייע פֿאַקטן, פֿאַר וועלכע איך בין דאַנקבאַר דעם יונגן פּראָפֿ׳ יעקב דזשעיקאָבס, מחבר פֿון דעם בוך "סאָציאַליסטן נאָך מאַרקסן און די ייִדן־פּראַגע" (ניו־יאָרק, אוניווערסיטעט־פֿאַרלאַג, 1992).

כאָטש עדוואַרדס פֿאָטער, אַ לאָקאָמאָטיוו־אינזשיניער, האָט געשטאַמט פֿון רבנים, האָט ער אָבער דעם זון דערצויגן אין גײַסט פֿון עקסטרעמער אַסימילאַציע — דאָך האָט די משפּחה געהערט צו אַ ייִדישער רעפֿאָרם־קאָנגרעגאַציע. מיט דער צײַט, שרײַבט י. דזשעיקאָבס, "איז עדוואַרד געוואָרן אַזש אַנטי־ייִדיש" (ז׳ 46) און האָט "אָפּגעוואָרפֿן ייִדישע נאַציאָנאַלע אידענטיטעט" (ז׳ 49).

אַפֿילו די פּאָגראָמען פֿון 1881־82 האָבן נאָך נישט געהאַט געענדערט בערנשטיינס אַנטי־נאַציאָנאַלן באַגריף פֿון ייִדן. ביז גאָר אינטערעסאַנט איז דאָס, וואָס פּראָפֿ׳ דזשעיקאָבס שרײַבט, אַז גראָד מאַרקסעס טאָכטער עלעאָנאָר האָט בערנשטיינען אינפֿאָרמירט וועגן דער יונגער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ענגלאַנד. וועגן איר באַציִונג צו ייִדן האָט ער, בערנשטיין, זיך אַזוי אויסגעדריקט: "איך בין אַ ייִדישע" — ציטירט ער עלעאָנאָרס ווערטער,

וועלכע "זי האָט אָפּט עפּנטלעך פֿון טריבונעס אַרויסגעזאָגט" (ז׳51).
כאַראַקטעריסטיש, אַז דאָס האָט בערנשטיין געשריבן אין זײַן הספּד־אַרטיקל וועגן דער טאָכטער פֿון קאַרל מאַרקס אין דער "נויע צײַט", אַרויסגעגעבן פֿון די דײַטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין לאָנדאָן.
מיט דער צײַט, שוין אין די 90־ער יאָרן, האָט בערנשטיין אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער רעאַגירט אויף דעם שטײַגנדיקן אַנטיסעמיטיזם. באַזונדערס האָט בערנשטיין גענומען צווײַפֿלען וועגן דער באַציִונג פֿון קאַרל מאַרקס צום ייִדישן פּראָבלעם, כּמעט גלײַכצײַטיק ווי ער האָט אָנגעהויבן ספֿקן אין מאַרקס׳ גרונט־פֿילאָסאָפֿיע וועגן דעם גאַנג צום סאָציאַליזם. אַזוי ווײַט, אַז שוין אין יאָר 1898 שרײַבט ער אין אַן אַרטיקל א"נ "רעאַליסטישע און אידעאָלאָגישע מאָמענטן אין סאָציאַליזם" וועגן זײַן קאָנטאַקט מיט ד"ר חיים זשיטלאָווסקי (פֿונעם ייווו"אָ־אַרכיוו אין דער זשיטלאָווסקי־קאָלעקציע, פֿײַל 177). בערנשטיין האָט צום סוף שפּעטער גענומען אַרויסווײַזן סימפּאַטיע צום פּועלי־ציוניזם, הגם ער האָט אויסדריקלעך אונטערגעשטראָכן, אַז ער איז נישט קיין ציוניסט.
וואָס מער ער האָט זיך באַקענט מיט דעם מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדישן לעבן, אַלץ מער איז ער געקומען צום אויספֿיר, אַז אָט דער קאָמפּאַקטער קיבוץ האָט אַלע רעכט צו באַטראַכטן זיך ווי אַ פֿאָלק. אַזוי ווײַט איז דערגאַנגען זײַן עוואָלוציע צו אַ פּאָזיטיווער באַציִונג צו ייִדישע פּראָבלעמען, אַז ער איז געוואָרן אַ מיטגליד פֿונעם דירעקטאָרן־ראַט פֿון ייווו"אָ און האָט עפֿנטלעך געשטיצט די ייִדישע שול־אָרגאַניזאַציע (ציש"אָ). אַ סימן ווי שטאַרק די ייִדישע קולטור האָט אַפּעלירט צו אים אין דעם בין השמשות־פּעריאָד אין זײַן לעבן.

## 10. אַ בליק אויף עדוואַרד בערנשטיינס טעאָריע פֿון פּראַגמאַטישן וועג צום סאָציאַליזם

הלמאי, עפּעס נאָר "אַ בליק"? ממה נפֿשך, וויבאַלד בערנשטיין איז געקומען צום מאָדערנעם סאָציאַליסטישן געדאַנק איז אַזאַ וויכטיקער, איז פֿאַרוואָס נאָר אַ קורצער "בליק" אויף זײַן טעאָריע? וויל איך ווידער דערמאָנען דעם לייענער, אַז מײַן ציל איז דערהויפּט זיך צו קאָנצענטרירן אויף דעם איצטיקן גורל פֿון דער פֿרײַהייטלעך־סאָציאַליסטישער פֿילאָסאָפֿיע. איך שרײַב דעריבער וועגן דער אַקטועלער דערפֿאַרונג פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג, ווי אויך וועגן די לעצטע טענדענצן אין דער טעכנאָלאָגיע אינעם סאָציאַליסטישן לאַגער. דאָך טאָר מען דערבײַ נישט פֿאַרלירן ד פּערספּעקטיוו, אַפֿילו ווען זי איז רעטראָספּעקטיוו.

דער אַלטער פּאָפּולערער זאָג, אַז ״מען דאַרף זען פון וואַנען די פּיס וואַקסן״, איז בלי ספק אויך חל אויף צו באַנעמען אונדזער דינאַמישע הייַנטצייַטיקע פּראָבלעמאַטיק. אין דעם מער ביאָגראַפישן אַרייַנפיר האָבן מיר שוין אָנגעוויזן אויף דער השפעה, וואָס די ענגלישע ״פּאַביאַנער״ האָבן געהאַט אויף בערנשטיינס סאָציאַליסטישן געדאַנק, אָדער, בעסער געזאָגט, אויף דער קאָנצעפּציע וועגן דעם ״וועג צום סאָציאַליזם״. וואָרום, ווי עס ווייַזט זיך אַרויס פון אַ מער אויספירלעכן פאַרטיפן זיך אינעם עצם תוך פון זייַנע שריפטן, האָט ער ווייניק וואָס זיך אונטערגעשיידט פון מאַרקסן און ענגעלסן (מיט דעם לעצטן איז ער געווען באַזונדערס נאָענטער באַפרייַנדעט זינט זייַן לאָנדאָנער פּעריאָד), אין זייַן סאָציאַל־עטישער וויזיע פון סאָציאַליזם אין זייַן רעאַליזירטער פאָרם, וואָס לויט בערנשטיינען, איז באַשייַמפּערלעך פאַראַן אַ גרויסע סתירה צווישן דעמאָקראַטישן פּראָצעס און מאַרקס׳ טעאָריע פון אַ.ג ״שפּרונגען״ (ראַדיקאַל־רעוואָלוציאָנערע טראַנספאָרמאַציעס פון איין סאָציאַל־עקאָנאָמישער עפּאָכע צו אַ צווייטער, ווי למשל פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם). אומקערנדיק זיך אויפסנייַ צום פריִערדיקן אָפּשניט, דאַרפן מיר אָנקניפּן צו בערנשטיינען און צו דעם דייַטשן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן קאָנגרעס אין שטוטגאַרט אין 1898. שוין אַ יאָר שפּעטער האָט ער פאַרעפנטלעכט די בריוו אין בוך־פאָרם, א״נ ״גרונט־הנחות פון סאָציאַליזם״ (אין דייַטש: Die Voraussetzungen des Sozialismus דאָס בוך איז שפּעטער אַרויס אויך אין ענגלישער איבערזעצונג).

דער שטוטגאַרטער קאָנגרעס איז פאָרגעקומען נאָכן סוף פון די אַנטי־סאָציאַליסטישע ביסמאַרק־געזעצן. דער אָפּיציעלער אָרטאָדאָקסאַלער סאָציאַליזם פון דער דייַטשער ס.ד.־פּאַרטיי איז נאָך ווייַט נישט געווען גרייט אָפּצושאַצן דעם זיג איבער דעם רעאַקציאָנערן ביסמאַרקישן אַנטי־ליבעראַלן אויסנאַם־געזעץ ווי אַ היסטאָרישן דורכברוך, וואָס וועט סוף־כּל־סוף דראַסטיש אַוועקשטעלן דאָס פּראָבלעם פון דער ראָל פון דער דעמאָקראַטיש אָריענטירטער אַרבעטער־באַוועגונג, אין קעגנזאַץ צו דער מאַרקסיסטישער טעאָריע פון דער מלוכה (לויט וועלכער די באַזיצנדיקע קלאַסן וועלן קיינמאָל נישט פרידלעך אָפּגעבן די מאַכט, אויפן סמך פון דעם אויסגאַנג פון וואַל־אורנעס).

פונדאַמענטאַל איז פאַר בערנשטיינען אַ כמו אַקסיאָמע, אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכער אמת, ווי למשל, אַז צוויי און צוויי איז פיר, אַז עכט ליבעראַלע דעמאָקראַטיע האָט אירע אייגענע אינערלעכע טרייַב־קרעפטן, וואָס דערפירן סוף־כּל־סוף צום סאָציאַליזם. דער מענטש איז צום גליק געבענטשט מיט אַ דראַנג גוֹבר צו זייַן כּלערליי מניעות, וואָס האַמעווען זייַנע אייַנגעבוירענע אַספּיראַציעס צו יושר, צו — וואָס מ׳קען דרייסט באַצייכענען — עכטער מענטשלעכקייט.

על כּן, איז נישט נאָר קאַמף פֿאַר סאָציאַליזם אַ רעזולטאַט פֿון רעוואָלט קעגן קאַפּיטאַליזם, נאָר רעפֿלעקטירט פּאָזיטיווע הומאַנישע כּוחות, וואָס וואָרצלען אינעם מענטש און זוכן זייער תּיקון. הגם בערנשטיין האָט ווייניק וואָס אָביעקטיוו (וויסנשאַפֿטלעך) באַקרעפֿטיקט אָט די לויטערע טעזע, האָט זי אָבער אויסגעדריקט טיפֿן גלויבן אין דער ציוויליזירנדיקער ראָל פֿון אַן עכט דעמאָקראַטישער אָריענטאַציע וועגן וועג צום סאָציאַליזם. אין תּוך גענומען איז, אַגב, אויך דער מאַרקסיזם באַזירט אויף דער הנחה, אַז די פּסיכיק פֿון מענטשן איז פּרעדיספּאָנירט צום סאָציאַלן יושר. מער נישט, דער קלאַסן-קאַמף האַמעוועט אָט די טענדענץ (זע **פּיטער גייס:** "די דילעמע פֿון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם", 1952, ווי אויך "עדוואַרד בערנשטיינס אַרויסרוף צו מאַרקסן", פֿאַרלאַג פּיער אַנגעל, 1961).

בערנשטיין טענהט, אַז נישט אין אַלע אינדוסטריעס קומט פֿאָר אַזאַ באַשייַמפּערלעכע קאָנצענטראַציע פֿון קאַפּיטאַל, ווי מאַרקס האָט עס פֿאָרויסגעזען. דעריבער שטעלט ער אונטער אַ פֿראַגע-צייכן מאַרקסעס טעאָריע פֿון גיך אָנקומענדיקן צוזאַמענברוך פֿונעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם.

בּינו לבינו שפּילט דער מיטלקלאַס אַ סך אַ גרעסערע ראָל אין דעם סאָציאַל-פּאָליטישן לעבן, און דאָס מאַכט מעגלעך, אַז סאָציאַל-עקאָנאָמישע רעפֿאָרמען זאָלן קענען געדייַען אַפֿילו אונטערן קאַפּיטאַליזם. איינער פֿון זייַנע קרעפֿטיקסטע ביַישפּילן איז דאָס, וואָס אין דעמאָקראַטישע מדינות קענען פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען ממשותדיק באַווירקן די פֿאַרטיילונג פֿון דער נאַציאָנאַלער הכנסה, און באַדייַטנדיק אָפּשוואַכן דעם עקספּלואַטאַציע-פּראָצעס. לויט מאַרקסן האָבן טרייד-יוניענס נישט געהאַט אַזאַ מעגלעכקייט צוליב די אייַזערנע געזעצן פֿון מערווערט, וואָס קענען בשום אופֿן אין אַ קאַפּיטאַליסטישער מאַרק-ווירטשאַפֿט אַפֿילו צייַטווייַליק נישט אָפּגעשוואַכט ווערן.

פֿאַרבעסערטע סאָציאַלע געזעצן ווערן מיט דער צייַט אַ טייל פֿון דעם סאָציאַל-עקאָנאָמישן און פּאָליטישן געוועב פֿון דער געגעבענער געזעלשאַפֿט. מיט איין וואָרט — צוזאַמען מיט אַנדערע עוואָלוציאָנערע פּראָצעסן פֿון דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט קען אויך בהדרגהדיק רייַפֿער ווערן דער איבערגאַנג צו אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט.

ווי מיר ווייסן שוין פֿון אונדזער פֿריִערדיקן ביאָגראַפֿישן פּראָפֿיל, איז בערנשטיין געשטאָרבן אַ יאָר פֿאַר היטלערס קומען צו דער מאַכט. דייַטשלאַנד האָט שוין לאַנג געהאַט פֿאַרלוירן דעם לכתּחילהדיקן אָפּגלאַנץ פֿון דער ווייַמאַרער רעוואָלוציע. דאָס לאַנד האָט דאַן געפֿיבערט צוליב דעם וווקס פֿון די אָנגרייַפֿנדיקע ברוינע באַנדעס אין דער צייַט פֿון דער טראַגישער עקאָנאָמישער דעפּרעסיע און דער ראָל פֿון דער גאָר שטאַרקער קאָמוניסטישער באַוועגונג, וועלכע האָט אַרייַנגעשפּילט אין די ווילדע לאַפּעס

פון די נאַציס (עס קומט אויפן זכּרון דער טרויעריק באַרימטער טראַנספּאָרט־שטרייַק, בעת וועלכן די קאָמוניסטן האָבן צוזאַמען מיט די נאַציס געהאָלפן גראָבן דעם קבר פאַר די רעשטלעך פון דער דייַטשישער דעמאָקראַטיע).

איצט וואָלט איך אַוודאי געדאַרפט אויספירלעך אַנאַליזירן די פּאָזיטיווע און, לײדער, אויך נעגאַטיווע אַנטוויקלונגען פון רעאַלן לעבן: קאָנפראָנטירן זיי מיט בערנשטיינס פּראָגנאָזן, כּדי צו קענען קומען צו מסקנות בנוגע בערנשטיינס אײַנפלוס אויף דער נײַסטער מעטאַמאָרפאָזע פון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם.

## 11. אָפּפלייץ און צופלוס פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער השפּעה

מיר זײַנען אַלע שטאַרק באַזאָרגט וועגן דער לעצטער כוואַליע פון וואַל־מפּלות פון צפון־ און מערב־אייראָפּעיִשע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. דערבײַ כאַפּט זיך מסתּמא אַרײַן בײַ אַנדערע אַ ספק וועגן די פּערספּעקטיוון פון סאָציאַליזם בכלל. בפרט נאָך, וואָס הגם צווישן דעם קאָמוניזם און דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ליגט אַ טיפער תּהום, האָט פון דעסטוועגן דער קאַטאַסטראָפאַלער צוזאַמענברוך פונעם קאָמוניזם אין ר״פ אָפּגעשוואַכט בײַ זייער פיל דעם בטחון אין דער רעאַליזאַציע פון סאָציאַליזם.

די ווערטער ווערן געשריבן צומאָרגנס נאָך דעם אומדערוואַרטן זיג פון דער שפּאַנישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אמת, זי האָט מער נישט קיין אַבסאָלוטע, נאָר אַ פּלוראַלע מערהייט אין פּאַרלאַמענט (פּלוראַל באַדײַט אין דעם פאַל, אַז זי איז די ווײַט גרעסערע פּאַרטיי און וועט מוזן רעגירן אין דער פאָרם פון אַ קאָאַליציע).

אונטער דער אָנפירונג פון פּיליפּ גאָנזאַלעס האָט די שפּאַנישע וויילער־מאַסע אויסגעהאַלטן אַ שווערן עקזאַמען. כאָטש די אַרבעטסלאָזיקייט דערגייט דאָרט ביז 21 פּראָצענט, האָט די וויילערשאַפט צוריקגעקערט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי צו דער מאַכט. וואָס פאַר אַ ריזן־שריט פאָרויס שפּאַניע האָט אַדורכגעמאַכט זינט דעם פאַלן פון גענעראַל פראַנקאָ.

כאָטש די שפּאַנישע וואַל־רעזולטאַטן מאַכן אַ ביסל גרינגער אונדזער געמיט, בלײַבט אָבער נאָך אַלץ די צענטראַלע פראַגע וויאַזוי צו אינטער־פּרעטירן די שטאַרקע ירידה פון דעם סאָציאַליסטישן אײַנפלוס אין אייראָפּע. אַוודאי קומען אין באַטראַכט כלערליי קלענערע און גרעסערע סיבות; אַפילו קאָרופּציע, האָט, לײדער, געשפּילט אַ ראָלע. אויב נישט ס׳רוב פאַר פּערזענלעכע צילן, איז דאָס אָפּציען אומלעגאַלע פינאַנסן פאַר פּאַרטייאישע צוועקן אַ חטא נישט מוחל צו זײַן.

אונדז האָבן אונדזערע בונדישע פירערס גאָר אַנדערש דערצויגן.

אָבער ווי קאָמפּראָמיטירנדיק קאָרופּציע זאָל נישט זיַין, וואָלט בפירוש געווען אַן עוולה צו פאַרענטפערן די קאַטאַסטראָפאַלע מפּלות מיט די און אַנדערע אויבערפלעכלעך פאַרשטאַנענע סיבות, בפרט נאָך, וואָס נישט אין אַלע לענדער איז די ירידה אַ רעזולטאַט פון קאָרופּציע א.ד.גל; אַט וואַרפט קיינער נישט פאָר, למשל, דער שוועדישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אַזעלכע חטאים.

מיר האָבן זיך געשטעלט דערהויפּט פאַר אַן אויפגאַבע צו דערגרונטעווען זיך צו די טיפערע סיבות פון דעם טרויעריקן קאַפּיטל אין אַט דער דערפאַרונג פון דער מאָדערנער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

אָבער איידער מיר וועלן אַנאַליזירן די דירעקטע הויפּט־גורמים פון די מפּלות, דאַרף מען אויפקלערן אַ גרויסע אידעאָלאָגישע מיספאַרשטייעניש, דהיינו — דאָס וואָס די מער מיליטאַנטישע סאָציאַליסטישע עפנטלעכע מיינונג קען נאָך אַלץ נישט אַקצעפּטירן דעם פאַקט, אַז אין אַן עכטער דעמאָקראַטיע קאָן מען נישט, טאָר מען נישט דערוואַרטן אַז איין פּאַרטיי זאָל כּסדר מאָנאָפּאָליזירן די רעגירונגס־מאַכט. סאָציאַליסטן מוזן זיך אָפּגעבן אַ חשבון, אַז זיי האָבן אין תּוך אַ דואַליסטישע פונקציע: פון איין זייַט צו דערפילן די ראָל פון אַ פּאָליטישער באַוועגונג, וואָס אַדמיניסטרירט און באַזאָרגט דאָס טאָגטעגלעכע פונקציאָנירן פון דער געגעבענער מלוכה, און פון דער אַנדערע זייַט שטרעבט זי איבערצובויען די גרונט־יסודות פון איר סאָציאַל־עקאָנאָמישער סטרוקטור.

פאַר די בירגערלעכע פּאַרטייען שטייט נאָר די ערשטע אויפגאַבע, אין דער צייַט ווען אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג מוז געפינען וועגן וויאַזוי איר פילאָסאָפיע, איר וועלט־אָנשויאונג, זאָל נישט קומען אין קיין שאַרפן קאָנפליקט מיט דער ערשטער אָנגייענדיקער פונקציע.

אַז די דילעמע פון האַרמאָניזירן ביידע אויפגאַבעס איז אַ ביז גאָר קאָמפּליצירטע און שווערע, איז נישטאָ קיין ספק. אפשר דערפאַר האָט דער פּראַקטישער אינסטינקט אינעם סאָציאַליסטישן לאַגער פשוט אָפּגעשטופּט דאָס טעאָרעטישע פּאַרטיפן זיך אין דעם דיסאָנאַנס, וועלכער מאָנט אַ לייזונג.

מיר וועלן זיך נאָך צוריקקערן צו אָט דער פּראָבלעמאַטיק פאַרן סוף פון דעם עסיי. לעת עתּה ווילן מיר נאָר ציִען די אויפמערקזאַמקייט פונעם לייענער צו אַ צודרינגלעכן כּמו אַטאַוויזם, אויב מ׳קען זיך באַנוצן מיט אַ ביאָלאָגישן טערמין, כאָטש אין דעם פאַל וועגדן מיר אים נישט אָן לויט זיַין עטימאָלאָגישן באַטייַט.

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט שוין לאַנג אין דער פּראַקטיק זיך צוגעפּאַסט צו דער ערשטער (אַדמיניסטראַטיווער) אויפגאַבע, אָבער עס

וואָרצלט נאָך אַלץ אין איר די מאַרקסיסטישע טראַדיציע וועגן דער עצם טעאָריע פון מלוכהשאַפט.

לויט אָט דער טעאָריע איז די מלוכה פאַרמשפט צו בלייַבן אויסשליסלעך אַ ווערקצייַג פון די באַזיצנדיקע קלאַסן. על כּן האָט אייגנטלעך דעמאָקראַטיע קיין שום שאַנסן נישט מעגלעך צו מאַכן אַ מער אָדער ווייניקער עפעקטיוון איבערגאַנג צו אַ סאָציאַליסטישער אָרדענונג. די וואַל־אורנע דאַרף טאַקע אויסגענוצט ווערן, אָבער זי איז אַן אילוזיע וואָס שייַך אַ פונדאַמענטאַלער טראַנספאָרמאַציע פון דער געזעלשאַפט. לויט דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, איז דער גורל פון דעם סאָציאַלן אַנטוויקלונגס־פּראָצעס ״אין דער לאַנגער באַנק״ אַ באַדינגטער. דער געזעלשאַפטלעכער פּראָצעס אין אַ לינאַרער (אַן איינליניקער) מיט האַסטיקע שפּרונגען צו סאָציאַלע רעוואָלוציעס. עס איז דעריבער קלאָר, אַז סאָציאַליסטישע אָפּפּלייצן נאָך דעם ווי די סאָציאַליסטישע רעגירונגען זייַנען געקומען צו דער מאַכט, פּאַסן זיך לחלוטין נישט אַרייַן אין דער מאַרקסיסטישער סכעמע.

פאַרשטייט זיך, אַז אַן עכט דעמאָקראַטישער סיסטעם קען אַזאַ אָריענטאַציע נישט טאָלערירן. ראשית, מוז מען זיך אָפּגעבן אַ חשבון, אַז דאָס קומען צו דער מאַכט איז על־פּי דעם נאַטירלעכן געזעץ אַ מער זיגזאַקישער. געננוי אַזוי ווי עס קענען זייַן אָפּפּלייצן, אַזוי קענען אויך זייַן צופּלוסן. יעדער פּעריאָד, אין וועלכן אַ סאָציאַליסטישע רעגירונג איז געווען בייַ דער מאַכט, לאָזט בדרך־כּלל איבער אַ דויערנדיקע ווירקונג אויף דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער סטרוקטור פונעם לאַנד.

וואַל־מפּלות, אַפילו דראַמאַטישע, טאָרן בשום־אופן נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ מפּלה פאַר דעם לאַנגצוגיקן סאָציאַל־עוואָלוציאָנערן פּראָצעס פון דער געזעלשאַפט. בכּלל איז דאָס אַן אולטראַ־פּעסימיסטישע פּאַראַל־געמיינונג פון די פּועל־יוצאות פון ערנסטע וואַל־ירידות, וואַרום גראָד דאַן, ווען די אייראָפּעיִשע פּאַרטייען מאַכן אַדורך אַזאַ ערנסטן קריזיס, איז אין אַמעריקע געפאַלן דער רעזשים פון רייגען און בוש... די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז טאַקע נישט קיין סאָציאַליסטישע, אָבער אין איר דירעקטער סאָציאַל־עקאָנאָמישער פּאָליטיק איז בלי ספק פאַראַן אַ באַדייַטנדיקע ענלעכקייט צו דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן אַזויגערופענעם מינימום־פּראָגראַם.

גאָר אַ באַזונדערע ראָל אין דער שווערער מערכה פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען איז דאָס, וואָס אין פּעריאָדן פון עקאָנאָמישע רעצעסיעס — און אַזעלכע זייַנען אומפאַרמייַדלעך אין אַ מאַרק־ווירטשאַפט — מוז די רעגירונג זאָרגן פאַר דער קרעדיט־פּעיִקייט פונעם לאַנד. דאָס לייזן שווערע בודזשעט־דעפיציטן פירט אָפט צו שריט, וואָס קרייצן זיך מיט די אינטערעסן פון די אַרבעטער און פונעם מיטלקלאַס. ״אייַנציִען דעם פּאַסיק״, ווי ס׳קלינגט דער

פּאָפּולערער סלאָגאַן פון קאָנסומענט אין אַ פּעריאָד פון דעפלאַציע, איז נאַטירלעך זייער פּיינלעך פאַר דעם מאַסן־מענטש. אָט, למשל, ראַנגלט זיך אין קאַנאַדע די רעגירונג פון דער גרעסטער פּראָווינץ אָנטאַריאָ מיט געפינען אַן אויסוועג צו לייזן איר אויפגעשוואָלענעם בודזשעט־דעפיציט. זי האָט געמוזט אָנקומען צום פאַרלאַנגען פון די מלוכה־אָנגעשטעלטע זיי זאָלן מסכים זיין צו פאַרפרירן און אַפילו צו שניידן זייערע לוינען. די אַרבעטסלאָזיקייט איז גרויס. זי וואַקסט דאָך אין דעם רוב לענדער — אויך צוליב דעם, וואָס אַפילו ווען ס'וואַקסט (אין אַ באַשיידענער מאָס) די ווירטשאַפט, פאַרקלענערט זיך נישט די פּראָפּאָרץ פון די אַרבעטסלאָזע, פּשוט דערפאַר, ווייל די טעכנאָלאָגישע רעוואָלוציע קען נישט אַבסאָרבירן אַלע אַרבעטס־הענט, סיידן ס'וועט געמאַכט ווערן אַ גרונטיקע ענדערונג פון גאַנצן עקאָנאָמישן סיסטעם.

איז דען אַ וווּנדער וואָס עס פאַלט די השפּעה פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען?

מיר האָבן פריִער געהאַט צוגעזאָגט זיך אומצוקערן צום אידעאָלאָגישן קאָנפליקט צווישן די צוויי הויפּט־ראָלן פון סאָציאַליסטישע רעגירונגען. ווילן מיר טאַקע אויספירן, אַז דער שטאַרקער פּעסימיזם און סקעפּטיציזם, וואָס איז עלול צו באַהערשן די סאָציאַליסטישע באַוועגונג, מוז קאָנפראָנטירט ווערן מיט דער אייגנטלעכער היסטאָרישער שליחות פונעם סאָציאַליזם.

דער עטיש־גייסטיקער הומאַניטאַרער מהות פון סאָציאַליזם מוז צוריק ווערן די אַקס, אַרום וועלכער עס דאַרף זיך קאָנצענטרירן די אידעאָלאָגישע שפּאַנונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער וועלט. וואָס מער אולטראַ־קאַפּיטאַליסטישע מענטאַליטעט וועט באַהערשן די מאַסן מיט אַזעלכע לאָזונגען ווי די אַבסאָלוטע סופּעריאָריטעט פון פּריוואַטיזאַציע, דאָס פאַרהערלעכן פּריוואַטע קאָנקורענץ, די אויסשליסלעכע טוגנט פון אינדיווידועלער איניציאַטיוו צו שטילן די עגאָיִסטישע גלוסטן פונעם יחיד, אאַ"וו — אַלץ מער וועט די געזעלשאַפט ווערן פאַרדאָרבן ביז צו דער וואַקסנדיקער פאַרברעכערישקייט אין אונדזער צייט.

אין סך־הכל דאַרף געזאָגט ווערן, אַז דער אולטימאַטיווער איבערגאַנג פון דעם א"ג קאַפּיטאַליזם (ער איז שוין ווייט נישט קיין קלאַסישער, ווי דער טאַטשעריזם און רייגעניזם ווילן אים זען) צו אַן עכט פרייהייטלעכער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, טאָר קיינמאָל נישט ווערן אָפּגעשוואַכט ווי אַ גרונט־קאָמפּאָנענט פון עכטן דואַליזם און דעם מאָדערנעם באַגריף פון סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ווי אַן אידעאָלאָגיע און אַ פּאָליטישע באַוועגונג.

(יולי 1993)

## 12. די חבלי לידה פון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם

אויב מיר האָבן דעם פּריִערדיקן אָפּשניט געווידמעט אַן אַקטועלן סאָציאַל־פּאָליטישן פּראָבלעם, איז דאָס דערפֿאַר, ווײַל אין דער אמתן איז דער אַקטועלער קלאַפּ, וועלכן עס האָט געליטן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע באַוועגונג, גאָר שטאַרק פֿאַרבונדן מיט דער עצם טעמאַטיק פֿון אונדזער סעריע. דער לייענער וועט, בלי ספק, אידענטיפֿיצירן די וואַל־קאַטאַסטראָפֿעס פֿון אַ רייע אייראָפּעיִשע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען מיט די פֿאַלשע קאָנצעפּציעס פֿון שײַכות צווישן דעם אידעאָלאָגישן מהות פֿון סאָציאַליזם און דער ראָל פֿון אַ סאָציאַליסטישער רעגירונג אין די ראַמען פֿון דער א״ג געמישטער ווירטשאַפֿט, אין וועלכער זי מוז אָפּערירן.

דער באַגריף „געמישטע ווירטשאַפֿט" איז שוין אַזוי פּאָפּולער, אַז מיר וואָלטן זיך שוין אייגנטלעך געקענט באַגיין אָן ווידער אים צו דעפֿינירן. דאָך וועלן מיר פֿאָרט, לשם פּרעציזקייט, אַזוי אים פֿאָרמולירן: אַ געמישטע ווירטשאַפֿט איז אַזאַ וואָס איז כּולל סײַ אַן אָפֿענעם מאַרק און סײַ באַדײַטנדיקע קאָמפּאָנענטן פֿון קאַפּיטאַליזם, פֿון נאַציאָנאַליזירטער ווירטשאַפֿט, קאָאָפּעראַטיוו־וועזן (באַזונדערס פּאָפּולער אין שוועדן) אד״גל. פֿאַרשטייט זיך, אַז עס ווענדט זיך אין דער פּראָפּאָרץ צווישן די דערמאָנטע סעקטאָרן אין דער געגעבענער עקאָנאָמיע..

די נפֿקא־מינה צווישן אַזאַ סיסטעם ווי, למשל, דער רעזשים פֿון רעיגען און טהאַטשער, אין די פֿאַר. שטאַטן און אין גרויס־בריטאַניע, וועלכער האָט גלאָריפֿיצירט דעם אַ״ג פֿרײַען מאַרק און די פּריוואַטע קאָנטראָל פֿון דער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפֿט, און צ״ב אַזאַ מין סטרוקטור ווי עס הערשט נאָך עד היום אין שוועדן — אַפֿילו שוין נאָכן פֿאַלן פֿון דער סאָציאַליסטישער רעגירונג דאָרט, איז אַ קאָלאָסאַלע. און דאָס נישט דווקא דערפֿאַר ווײַל דער נאַציאָנאַליזירטער טייל אין שוועדן איז אַ סך גרעסער ווי אין אַמעריקע. אין דער אמתן איז ער גאָר גרעסער אין די פֿאַר. שטאַטן. מער נישט, וואָס אין די אַנגלאָ־זאַקסישע לענדער גילט אַן אידעאַל (אַ טוגנט) אים, דעם קאָלעקטיוויסטישן ציל, צו רעדוצירן.

גראָד אויפֿן פֿאָן פֿון דער שוועדישער דערפֿאַרונג קענען מיר זען ווי אַזוי אידעאָלאָגישע ווערטן באַווירקן די טענדענץ, וועלכע איז אויך משפּיע די פֿונדאַמענטאַלע סאָציאַלע פּאָליטיק אין לאַנד (אויסגעדריקט גאָר באַזונדערס אין דער סאָציאַלער פֿאַרזיכערונג אאַ״וו).

מיט איין וואָרט, די פּראָפּאָרץ צווישן די דערמאָנטע גרונט־קאָמפּאָנענטן, סײַ אין דער ווירקלעכקייט און סײַ לויט די באַטרעפֿנדיקע וועלט־אויפֿפֿאַסונגען, שפּילט אַ גרויסע, אַפֿילו אַ דעצידירנדיקע, ראָל אין דער עוואָלוציע פֿון דער געזעלשאַפֿט.

ווי די לייענער וועלן זיך דערמאַנען, האָבן מיר שוין פריִער אַרויסגעהויבן די טעזע, אַז צווישן דער אַדמיניסטראַטיווער, אַקטועל־פּראַגמאַטישער ראָל פון אַ סאָציאַליסטישער רעגירונג אין אַ געמישטער טראַדיציאָנעל און פּאַקטיש קאַפּיטאַליסטיש אָריענטירטער ווירטשאַפט, און די אידעאָלאָגישע לאַנג־טערמיניקע צילן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, איז פאַראַן אַ היפּשע שער און די צוויי ריכט־ליניעס — די פּראַגמאַטישע און די אידעאָלאָגישע, זענען ס׳רוב צווישן זיך "צעקריגט".

ווען עס שטייט אין קאָן (מיט רעכט) דאָס איינהאַלטן אָדער דעראָבערן די מאַכט, ווערן די אידעאָלאָגישע ווערטן געשטעלט אין שאָטן. דאָס איז טאַקע גורם צו דעם, אַז דער אַקטועלער סאָציאַליסטישער געדאַנק איז נישט בשעת מעשה איינגעשטעלט צו זוכן אַ סינטעז, אָדער, בעסער געזאָגט, צו געפינען וועגן ווי אַזוי צום בעסטן צו האַרמאָניזירן דעם דואַליסטישן כאַראַקטער פון דער באַוועגונג.

חוץ די דירעקטע, פּראַקטישע סיבות פאַר פאַרנאַכלעסיקן צו באַשיידן דעם רעטעניש פון עפעקטיווער האַרמאָניזאַציע, זענען אויך געווען אויסערלעכע אַנטוויקלונגען, וועלכע האָבן אָפּגעשוואַכט די אידעאָלאָגישע וואַכזאַמקייט פון דעם דעמאָקראַטיש־סאָציאַליסטישן לאַגער.

עדוואַרד בערנשטיינס געוואַגטער רוף צו רעווידירן געוויסע גרונט־הנחות פון מאַרקסיזם בנוגע די פּאָטענצן פונעם דעמאָקראַטישן סיסטעם פאַר אַ לאַנגצוגיקער עוואָלוציע צום סאָציאַליזם, האָט ליידער נישט געהאַט בשעתו די גוט פאַרדינטע מערכה (ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן).

האַרט נאָך דעם ווי בערנשטיינס א״ג רעוויזיאָניסטישע אידייען האָבן באַקומען אַן אָפּקלאַנג, איז געשטיגן די שפּאַנונג, וואָס האָט צום סוף דערפירט צו דער וועלט־מלחמה. צום באַדויערן האָט זיין פּאַרטיי, די דייַטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, פאַרנומען אַ קאַטאַסטראָפאַלע (ווי בערנשטיין האָט עס מיט רעכט אָפּגעשאַצט) שטעלונג אַזש ביז צום שטימען פאַר די קריגס־קרעדיטן פאַר דעם קייזער ווילהעלמס אימפּעריאַליסטישן רעזשים. דאָס האָט גורם געווען, אַז בערנשטיין זאָל זיך אַנגאַזשירן אין דער אָפּגעשפּאָלטענער "אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי".

אָט די שפּאַלטונג איז גאָר גיך געוואָרן אונטערגעכאַפּט דורך דעם לעניניסטישן לאַגער.

די רוסישע רעוואָלוציע און דער צעשמעטערנדיקער זיג פון באָלשעוויזם האָט צוריקגעשלײדערט דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פון אַ מער עכטער רעאַליסטישער אידעיִשער אָריענטאַציע פון דער סאָציאַליסטישער וועלט. אַפילו אין די ראַמען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דעם רוב אייראָפּעיִשע לענדער האָבן זיך גאָר געשטאַרקט אָרטאָדאָקסיש־מאַרקסיסטישע טענדענצן. דאָס האָט אויך נישט אויסגעמיטן אַזעלכע

דענקער ווי קאַרל קאַוטסקי און אַנדערע. אָבער דאָס ברענגט אונדז שוין צו דעם ווײַטערדיקן קאַפּיטל. ס'וועט אוודאי נישט זײַן שווער צו באַווײַזן ווי הינטערשטעליק ס'איז געווען דער טעאָרעטישער גערדאַנק אין דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן לאַגער אינעם צווישן־מלחמה־פּעריאָד.

אָט פּאַרוואָס "חבלי לידה" אינעם קעפּל פון דעם אָפּשניט איז נישט איבערגעטריבן.

## 13. נאָך וועגן עדוואַרד בערנשטיינס וואָרענונגען

אַ סך פון די אַנטוויקלונגען וועלכע מיר באַהאַנדלען, אין אַ געוויסער מאָס אין אַ היסטאָרישער פּערספּעקטיוו, שפּיגלען גאָר בולט זיך אָפּ אין דעם איצטיקן האַסטיקן און היפּשלעך משופּהדיקן באַרג־אַראָפּ פון דער סאָציאַליסטישער השפּעה כּמעט אויף אַלע קאָנטינענטן. בערנשטיינס וואָרענונג איז ליידער בטל־בששים געוואָרן. נישט ווײַל זײַנע מיינונגען זײַנען חלילה נישט געוואָרן רעספּעקטירט; זײַן אָנזען איז געווען זייער גרויס. נאָר גאָר פּשוט: דער סאָציאַליסטישער לאַגער האָט בײַם אָנהויב פון צוואַנציקסטן י"ה נאָך נישט געהאַט קיין גלעגנהייט אָנצווענדן בערנשטיינס רעפאָרמיסטישע אידייען. ס'איז נאָך אַלץ געווען צו פרי צו קאָנפראָנטירן זײַנע גרונט־געדאַנקען — סײַ בנוגע דער ראָל פון סאָציאַליסטישע רעגירונגען (אַזעלכע זײַנען נאָך נישט געווען בנמצא), אַפילו נישט פון קאָאַליציע־רעגירונגען, וועלכע זײַנען אַנטשטאַנען אַ סך שפּעטער.

אַ צווייטע סיבה איז געווען אַ רעזולטאַט דערפון, וואָס סאָציאַלע פאַרזיכערונגען זיינען נאָך געווען אין זייער גאָר פריִען צושטאַנד, הגם גראָד דײַטשלאַנד איז מחמת ביסמאַרקס איניציאַטיוו (וואָס קלינגט זייער פּאַראַדאָקסאַל) געווען מער אַוואַנסירט פון אַנדערע לענדער.

אין די דאַן נאָך שטאַרק דאָקטרינערישע סאָציאַליסטישע קרײַזן האָט נאָך אָפּט געגאָלטן, אַז די סאָציאַלע געזעצגעבונג, אין די ראַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, איז נאָר להוט אָפּצושוואַכן דעם רעוואָלוציאָנערן דראַנג צום סאָציאַליזם.

אײַ, ווען מ'האָט נאָך גאָר ווייניק אַפילו געאַנט און פאַרשטאַנען ווי אַזוי סאָציאַליזם וועט אין דער אמתן פאַרווירקלעכט ווערן מחמת דער מאַרקסיזם איז דער עיקר געווען באַזירט אויף אַנאַליזירן די שוואַכקייטן פונעם קאַפּיטאַליזם — דאָס האָט נישט צעשטערט דעם שטורם־און־דראַנג גלויבן אין דער אַבסאָלוטער זיכערקייט און רעאַלער מעגלעכקייט פונעם איבערגאַנג צום סאָציאַליזם. איז דאָך, לויט מאַרקסן, אַזאַ אידעאַלע אָרדענונג געווען אַ היסטאָרישע נויטווענדיקייט. נישט מאַרקס, נישט די צאָלרײַכע פּלעיאַדע פון גײַסטרײַכע מאַרקסיסטן, האָבן אַרויסגעוויזן אַן ערנסטע

זאָרג פּאַר קאָנקרעטע מעטאָדן און אופנים ווי אַזוי טאַקע צו דערגרייכן אַ סאָציאַליסטישע אָרדענונג.

קאַרל קאַוטסקי, וועלכער האָט צו יענער צײַט שטאַרק באַקעמפט הילפערדינס טעאָריעס, האָט זיך גיך געפּלײַסט אַרויסצוקומען מיט זײַן „אויף צומאָרגנס נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע". שוין דער נאָמען אַליין פון דעם בוך באַווײַזט באַשײַמפּערלעך, אַז דער אָנגעזעענסטער מאַרקסיסט האָט, אין דער אמתן, אָפּאָנירט בערנשטיינס עוואָלוציאָנערן גאַנג צום סאָציאַליזם.

לײדער איז בינו לבינו געשטיגן, האַרט ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, דער נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט לסוף דערפירט צום אידעאָלאָגישן צוזאַמענברוך פון דער דײַטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אַגב, די אַנטשטייונג פון דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכע איז אַרויסגעטראָטן שאַרף קעגן דער מלחמה, האָט בלית־ברירה ראַדיקאַליזירט אָט דעם טייל פון דער דײַטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. עדוואַרד בערנשטיין האָט אַקטיוו אָנטיילגענומען אין אים. נאַטירלעך האָט די וועלט־מלחמה אויף אַזאַ אופן שטאַרק אָפּגעשוואַכט דעם אײַנדרוק און אויסווירקונג פון בערנשטיינס געוואַגטע אידייען.

אין צווישן איז אויסגעבראָכן די רוסישע רעוואָלוציע, וועלכע האָט ערשט גורם געווען אַ גרויסע צעמישונג אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן לאַגער און האָט, פאַרשטייט זיך, נאָך מער אָפּגעשוואַכט דעם פּראָצעס, וועלכן בערנשטיין האָט בשעתו איניצירט.

אויב ביז צו דער רוסישער רעוואָלוציע איז בערנשטיינס „אַפּיקורסות" שטאַרק באַקעמפט געוואָרן, זײַנען די אַטאַקעס אויסגעוואַקסן ביז גאָר נאָך דעם נצחון פונעם באָלשעוויזם און דעם ווידערוווקס פון קאָמוניסטישן אײַנפלוס אין אייראָפּע.

דאָס לעבן האָט אָבער דאָך געשטעלט אַ רייע אייראָפּעיִשע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין די 1920־ער יאָרן פאַר גרויסע נסיונות. זייער קומען צו דער רעגירונגס־מאַכט, אַליין אָדער אין קאָאַליציעס, האָט זיי געצוווּנגען, ווײַט נישט צוגעגרייט (סײַ אינטעלעקטועל און סײַ גײַסטיק) צו רעגירן אונטער אַ קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם. די גרינגסטע זאַך איז דעריבער געווען צו וואַרפן די לאָזונג פון נאַציאָנאַליזירן שליסל־ווערק. טיילווײַז איז עס געקומען פון אַ בפירושדיקער נויטווענדיקייט צוליב דעם קריזיס אין דער געגעבענער אינדוסטריע (ווי למשל אין דער קוילן־אינדוסטריע אין ענגלאַנד). איצט, ווען די אַ״ג פּריוואַטיזאַציע נאָך דעם טהאַטשער־פּעריאָד (פון דער געוו. פּרעמיער־מיניסטאָרין אין ענגלאַנד), האָט אַרומגעכאַפּט אַ סך לענדער, ווערט דער סאָציאַליסטישער געדאַנק באַשולדיקט אין פאַרטיידיקן אַ נישט פּראָדוקטיוון סיסטעם. טראָגט דער סאָציאַליזם במילא די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די טרויעריקע פאָלגן פון דעם געפאַלענעם ווילשטאַנד פון דער געזעלשאַפט.

אַפּילו דער פּראָגראַם פֿון וואַקסנדיקער סאָציאַלער געזעצגעבונג ווי אַ וועג צו דערנענטערן סוף־כּל־סוף די געזעלשאַפֿט צום סאָציאַליזם, ווערט דעריבער געשטעלט אונטער אַ פֿראַגע־צייכן.

סאָציאַליסטישע ווירטשאַפֿט און נאַציאָנאַליזאַציע פֿון דער ווירטשאַפֿט זײַנען בשום אופֿן נישט קיין סינאָנימען. ווי דער לייענער קען באַשײַמפּערלעך זען, איז אונדזער סעריע געווידמעט ווײַט נישט נאָר דער ווײַטער פֿאַרגאַנגענהייט.

## 14. די פּאַביאַנער און די אַנטוויקלונג פֿון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם

איצטער, ווען דעמאָקראַטיע דאָמינירט אין יעטוועדן אויפֿריכטיקן סאָציאַליסטישן פּראָגראַם, שײַנט עס צו זײַן זייער מאָדנע, וואָס דער וועג צום עכטן דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם איז געווען אַזאַ שווערער. ס׳טײַטש — וועט נישט איין לייענער אײַנווענדן — צי קאָן מען זיך דען בכלל פֿאָרשטעלן דעם פֿרײַהייטלעכן סאָציאַליזם אָן דעמאָקראַטיע?

איז דער טײַטש, אַז ווי אַן ענדציל האָט טאַקע די גאַנצע מאַרקסיסטישע באַוועגונג פֿאָרויסגעזען אַזאַ געזעלשאַפֿט, אין וועלכער ס׳וועט אַפּילו נישט נויטיק זײַן קיין מלוכה מיט איר צוואַנגס־אַפּאַראַט. גאָר אַן אַנדערע פּרשה איז אָבער דער וועג צום ציל.

ביז בערנשטיינס אַ.ג ״רעוויזיאָניזם״ איז בכלל נישט געווען קיין רייד וועגן אַן אַנדערן וועג ווי דער, וועלכער וועט אויסמײַדן קאַטאַקליזמען (גוואַלט־אויפֿטרייסלונגען ווען דער עוואָלוציאָנערער פּראָצעס וועט דערצו רײַף ווערן). אײַ, וואָס דער עצם דעמאָקראַטישער פּראָצעס וועט פֿאַלן אַ קרבן, איז דער ענטפֿער געווען: ״אַז מען האַקט האָלץ, פֿאַלן שפּענער״. אַגב, איז דאָך בכלל נישט פֿאַראַן קיין ברירה, ווײַל דער אָביעקטיווער היסטאָרישער פּראָצעס מוז דאָך, לויט מאַרקסן, דערפֿירן צו רעוואָלוציאָנערע אויפֿטרייסלונגען. מאַרקס האָט דערבײַ נישט געמאַכט קיין נפֿקא מינה צווישן שוין פֿון קדמונים אַנטוויקלטע דעמאָקראַטיעס, און אַנדערע סיסטעמען.

די ווירקלעכקייט האָט אָבער שוין פֿון לאַנג אַ תּל געמאַכט פֿון אָט דער אידעאָלאָגישער סתּירה צווישן ציל און דעם וועג צום ציל. עס איז, ווי מיר ווייסן, גאָרנישט גרינג אָנגעקומען די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין דעמאָקראַטישע לענדער בײַצוקומען די דערמאָנטע באַשײַמפּערלעכע דיכאָטאָמיע (אוריאל ווײַנרײַך טײַטשט ״דעכאָטאָמיע״: צעצווײַגטקייט).

בעת בערנשטיינס ״רעוויזיאָניזם״ איז בשעתו פֿאַרשריגן געוואָרן ווי אַ פֿאַראַט פֿון סאָציאַליזם, איז אָבער די ״פּאַביאַנער פֿילאָזאָפֿיע״ בכלל נישט גענומען געוואָרן ערנסט. איז כּדאַי, כאָטש נאָר בחפֿזון און גאָר בקיצור,

זיך אָפּצושטעלן אויף דעם מהות פון פאַביאַניזם און זיין רעאַלער השפעה אויף דער אַנטוויקלונג פונעם סאָציאַליסטישן געדאַנק און דער אַקטועלער פּראַקטיק. אַנטשטאַנען איז ער אין ענגלאַנד, וווּ די מאַרקסיסטישע טראַדיציע איז בכלל געווען אַ לפי ערך קליינע, הגם גראָד אין לאָנדאָן האָט מאַרקס פאַרברענגט זיינע פּראָדוקטיווע יאָרן, און טאַקע דאָרט געשריבן זיין קרוין־ווערק, דעם "קאַפּיטאַל".

דעם נאָמען האָט די פאַביאַנער געזעלשאַפט גענומען פון דעם אַנטיקן רוימישן קריגס־פירער פאַביוס קונקטאַטאָר. אין קאַמף קעגן דעם צפון־אפריקאַנער חניבֿעל (האַניבאַל) האָט ער, פאַביוס, אָנגעווענדט אַ גאָר באַזונדערע טאַקטיק **אָפּצושוואַכן דעם שונא — פּשוט דורך פאַרשלעפּן די שלאַכטן.** טאַקע אַזוי האָט אַ גרופּע סאָציאַל פילבאַרע אינטעלעקטואַלן אָנגערופן זייער געזעלשאַפט אין יאָר 1883, נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך צום ערשטן מאָל פאַרזאַמלט, גראָד כּדי אויסצוהערן אַן אַמעריקאַנער, טאָמאַס דאַווידסאָן, וועגן די איבלען פון קאַפּיטאַליזם.

דאָס אַדאָפּטירן דעם נאָמען פון פאַביאַן כאַראַקטעריזירט שוין זייער קאָנטראַסט צום טעמפּאָ און כאַראַקטער פון דער מאַרקסיסטישער טעאָריע פון סאָציאַלער רעוואָלוציע. זייער אָריענטאַציע איז געוואָרן — בהדרגהדיקייט און עוואָלוציאָנערע אָריענטאַציע דורך אויסנוצן די פּאָזיטיווע ווערטן פון פּאָליטישער דעמאָקראַטיע לטובֿת די שאַנסן אויך צום עווענטועלן איבערגאַנג צו פולער סאָציאַלער דעמאָקראַטיע. דער באַגריף פון סאָציאַליזם ווי אַן ענדציל האָט אויף אַזאַ אופֿן באַקומען דעם אידענטישן באַדייט ווי די פּרינציפּן פון סאָציאַלער דעמאָקראַטיע.

גאָר אינטערעסאַנט איז דער צייט־אונטערשיד צווישן דעם מאַרקסיסטישן און דעם פאַביאַנער באַנעם פונעם טעמפּאָ פון צוזאַמענברוך פון קאַפּיטאַליזם. אין די פריִע 40־ער יאָרן פון 19־טן י"ה האָט פרידריך ענגעלס, למשל, אַזוי געשריבן וועגן דער קאַטאַסטראָפע פון קאַפּיטאַליזם אין ענגלאַנד (איך ציטיר פון זכּרון):

אין די נאָענטסטע יאָרן 1846 און 1847 וועט קומען צו אַ ראַדיקאַלן קריזיס אין שייכות מיטן אָפּשאַפן די א.ג. "קאָרן־געזעצן" אין ענגלאַנד... די ענגלישע באַפעלקערונג וועט שוין האָבן גענוג געליטן פון דעם קאַפּיטאַליסטישן רויב... אַ רעוואָלוציע וועט נאָכפאָלגן וואָס עס איז נישט פאַראַן אירס גלייַכן... די לעצטע צוויי זאַצן זענען ציטירט פון דעם בוך פון פרידריך ענגעלס "באַדינגונגען פון אַרבעטער־קלאַס אין יאָר 1844" (לאָנדאָן, זאָנענשיין־פאַרלאַג, ז' 296). ווי באַקאַנט, איז ענגעלס אין יענעם פּעריאָד געווען פולשטענדיק אידענטיפיצירט מיט מאַרקסן.

אין קעגנזאַץ צו אים האָט סידני וועב, איינער פון די גרינדער און וואָרטזאָגער פון פאַביאַניזם, געשריבן:

"דאָס רעדוצירן די איבלען פון דער געזעלשאַפט טאָר נישט וואַרטן ביז צו דער פולער רעאַליזאַציע פונעם סאָציאַליזם. על־כן מוזן סאָציאַליסטן שוין שטרעבן צום אַטאַקירן די בייזן פונעם קאַפּיטאַליזם, דורך אַנטשפּרעכנדיקע געזעצן" (ציטירט פון מ. בערס "געשיכטע פון סאָציאַליזם", זז׳ 281־279). דערצו איז נויטיק צוצוגעבן וואָס עס זאָגט די פּאָליטישע דעקלאַראַציע פון די פֿאַביאַנער פון 1887, אַז: די פֿאַביאַנער געזעלשאַפט שטרעבט צום סאָציאַליזם "דורך פֿאַרשפּרייטן וויסן וועגן די הויפּט־אַספּעקטן פון דעם שייכות צווישן יחיד און כּלל, דורך אידענטיפיציִרן עטיק מיט פּאָליטיק" (ז׳ 269 פון דעם פריִער ציטירטן בוך).

גאָר גיך האָט די געזעלשאַפט צוגעצויגן צו זיך אַזעלכע געשטאַלטן ווי בערנאַרד שאָו (צוגעשטאַנען אין יאָר 1884) און אַ גאָר גרויסע צאָל הומאַניסטן־סאָציאַזוויאַליסטן, ווי ה. ג. וועלס א״אַנד.

עס איז ביז גאָר אינטערעסאַנט נאָכצופאָלגן די אידעאָלאָגישע עוואָלוציע אין לאַגער פון די פֿאַביאַנער, אָבער דאָס וואָלט אונדז צו ווײַט פֿאַרפֿירט, און דער עיקר אַראָפּגעפֿירט פונעם הויפּט־ציל פון אונדזער חיבור צו קומען צו הײַנטצײַטיקע אויספֿירן בנוגע דער לעצטער אַנטוויקלונג פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישן געדאַנק, ווי ער קומט צום אויסדרוק אין די מחשבֿות פון די פירער פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין אונדזער צײַט.

אָן צו ברענגען כאָטש עפּעס וועגן די וואָרצלען פונעם איבערגאַנג פון מאַרקסיזם צו מאָדערנער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָלט עס בלי ספק אָפּגעשוואַכט אונדזער פולן באַנעם פון סאָציאַליזם הײַנט.

## 15. אַ שווערער אידעאָלאָגישער פּראָצעס

דער איבערברוך פון דער מאַרקסיסטישער קאָנצעפּציע פון דער האַסטיקער סאָציאַלער רעוואָלוציע צו אַ דעמאָקראַטיש סאָציאַליסטישער, איז געווען אַ ביז גאָר קאָמפּליצירטער. מיר האָבן שוין אָנגעוויזן וויאַזוי די אַ״ג רעוויזיאָניסטישע טעאָריע פון עדוואַרד בערנשטיין איז בשעתו אויפגענומען געוואָרן פײַנטלעך אין סאָציאַליסטישן לאַגער.

נישט ווייניקער קריטיש איז געווען דער אָפּרוף פון דער קאָנטינענטאַל־סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אייראָפּע (ד״ה מחוץ גרויס־בריטאַניע) צום פֿאַביאַניזם. מער נישט, וואָס מען האָט אים גרינגגעשעצט און באַגלייט מיט כּלערליי עפּיטעטן פון אוטאָפּיזם אאַ״וו. אין רעטראָספּעקציע מוז מען אָבער קומען צו דער מסקנה, אַז גראָד אָט דער אוטאָפּיזם האָט פונדעסטוועגן געהאַט אַ באַדײַטנדיקע השפּעה סײַ אויף דעם עטישן מהות און תּוך פון סאָציאַליזם, און סײַ אויף דער ראָל פונעם מיטלקלאַס אין גראַנגל פֿאַרן דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם.

דער מאַרקסיזם האָט בכלל מינימיזירט די ראָל פון דעם מיטלקלאַס, וועלכער אַנטהאַלט אויך בלי ספק דעם אינטעלעקטועלן סעקטאָר, און דער שטייַגט אין זייַן ראָל און איכות מיטן וווקס פונעם מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם. נישט נאָר איז דער מיטלקלאַס פאַרמשפּט, לויט מאַרקסן, צו אומפאַרמייַדלעכער ירידה, מחמת דער דיסאינטעגראַציע פון דער מאַרק־קאַפּיטאַליזאַציע און דער קאַפּיטאַליסטישער קאָנקורענץ־ווירטשאַפט, וועלכע פירט צו אַבסאָלוטן מאָנאָפּאָליזם אין דער ווירטשאַפט, נאָר פאַרקערט — אין דער אמתן שטייַגט גאָר כסדר די ראָל און די ווירקונג פון דעם מיטלקלאַס. במילא ווערט אויך דער איינפלוס פונעם מיטלקלאַס גרעסער און נאָך שטאַרקער אין פּראָצעס פונעם געזעצלעכן קלאַסן־קאַמף, אין די ראַמען פון דעם אַנטוויקלטן דעמאָקראַטישן סיסטעם.

פון גאָר אַ גרויסן באַדייַט אין בייַקומען די שוין דערמאָנטע מאַרקסיסטישע טראַדיציע, איז געווען די אַנטוויקלונג פון דער בריטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. צום ערשטן מאָל איז די פּראָפעסיאָנעלע (טרעיד יוניען־) באַוועגונג געוואָרן אַ פּערמאַנענטער מיטשותף מיט די פּאַביאַנער א"אַ אין פאָרמירן אַ פּאָליטישן כּוח, וועמעס ציל איז געווען אויסצונוצן דעם דעמאָקראַטישן סיסטעם אויף אינעם קאַמף פאַר ראַדיקאַלע שינויים אין סאָציאַלן סדר. נישט איין לייענער וועט זיך מסתּמא וווּנדערן איבער מייַן אונטערשטרייַכן "צום ערשטן מאָל", הגם אויך אויפן קאָנטינענט האָבן דאָך טרייד־יוניענס שוין לאַנג געהאַט אָנטיילגענומען אין פּאָליטישן פּאַרמעסט פון פּאָליטישע פּאַרטייען. זייער ראָל האָט אָבער דאָרט נאָך אַלץ נישט געשטימט מיטן פונדאַמענטאַלן מאַרקסיזם. פּשוט דערפאַר, ווייַל מאַרקס האָט נישט פאָרויסגעזען, אַז טרייד יוניענס וועלן אין דער "לאַנגער באַנק" קענען ענדערן די אַבסאָלוט באַדינגטע, דורך נאַטירלעכע קעגנזאַצן, קאַפּיטאַליסטישע געזעצן פון עקספּלואַטאַציע און דער ראָל פון דער מלוכה, ווי אַ שוץ־וואַנט פאַר די באַזיצנדיקע קלאַסן.

בקיצור, די אויסזיכטלאָזיקייט פון דערגרייכן ממשותדיקע ענדערונגען אין סאָציאַלן סיסטעם מיט דער הילף פון טרייד־יוניאָנס, האָט נישט אויפגעהערט צו טאָרמאָזירן אידעאָלאָגיש דעם פּראָצעס פון אַקצעפּטירן דעמאָקראַטיע ווי אַ תּנאי און הילף פאַר עכט רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען פון דער סאָציאַלער סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט.

אַגב, דער קאַטאַסטראָפאַלער צושטאַנד פון שייכות צווישן דעם דעמאָקראַטישן פּראָצעס און דער ממש טראַגישער אַנטוויקלונג פון די טרייד־יוניענס אין די פאַראייניקטע שטאַטן ביז צו דעם רוזוועלטיאַנער "ניו דיל" (אין די דרייַסיקער יאָרן פון 20טן י"ה) איז געווען גוואַלדיק אָפּשטויסנדיק פאַר דעם אידעאָלאָגישן רעאָריענטירן די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פון דעם מאַרקסיסטישן דעפעטיזם צו רעאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע; דער פענאָמענאַלער וווקס פון אַמעריקאַנישן קאַפּיטאַליזם אַראַנק כּלערליי

ספּעציפֿישע סיבות, ווי למשל — דער גיגאַנטישער אינערלעכער אַמעריקאַנער מאַרק, ביליקע אַרבעטס־קראַפֿט פֿון אימיגראַנטן אאַ״וו, האָט זיכער געקענט שאַפֿן אילוזיעס. זיי זײַנען אָבער צערונען געוואָרן נאָך דעם קראַך פֿון די סוף צוואַנציקער יאָרן פֿון אונדזער יאָרהונדערט.

בינו לבינו האָט דער שוואַכער איבערגאַנגס־פּעריאָד פֿון צווישן ביידע וועלט־מלחמות געבראַכט פֿאַרשיידענע קאָאַליציע־רעגירונגען צו דער מאַכט אין אַ רייע לענדער, צווישן אַנדערע אין גרויס־בריטאַניע. ס׳רוב זײַנען די באַטרעפֿנדיקע פּאַרטייען, מיט דער לייבאָר־פּאַרטיי בתוכם, נישט געווען אידעאָלאָגיש צוגעגרייט צו דער נײַער דע פֿאַקטאָ סאָציאַל און פּאָליטיש רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע.

די גאַלאָפּ־אינפֿלאַציע אין דײַטשלאַנד און אין דעם רוב ראַנד־לענדער, דער וווקס פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַלן האַנדלס־פּראָטעקציאָניזם (דאָס אויפֿשטעלן צאָל־מויערן אד״גל), האָבן געשאַפֿן אַ גינסטיקן באָדן פֿאַר כּלערליי נאַציאָנאַליסטישע שאָוויניסטישע אַוואַנטורעס, ביז צום פֿאַשיזם און לסוף צום נאַציזם. דער דעמאָקראַטישער פּראָצעס איז מחמת דעם, נאַטירלעך, געוואָרן מוֹראַדיק אָפּגעשוואַכט. דערצו איז צוגעקומען דער ריזיקער אויפֿשטײַג פֿון קאָמוניזם, באַזירט אויף דער באָלשעוויסטישער קאָרופּציע פֿון דער מאַרקסיסטישער באַנעמונג פֿונעם לאַנגצויִקן סאָציאַל־עקאָנאָמישן פּראָצעס (דורכן רײַף ווערן פֿונעם קאַפּיטאַליזם).

אַ רעוואָלוציע ביד חזקה, באַוואָפֿנט מיט דער לעניניסטישער תּוֹרה פֿון היסטאָרישן אַריבערשפּרונג איבער דעם נישט אַוואַנסירטן קאַפּיטאַליזם מיט דער הילף פֿון דיקטאַטור פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וועלכע שטייט איבער דעם געזעץ, האָט צום סוף דערפֿירט צום סטאַליניסטישן מאָנסטער. דאָס האָט צוריקגעוואָרפֿן דעם אידעאָלאָגישן פּראָצעס פֿון אַדאָפּטאַציע פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג צום באַגריף פֿון עוואָלוציאָנערן גאַנג צום סאָציאַליזם.

אין אָנבליק פֿון אָט דער גרויליקער אַנטוויקלונג איז דאָך דער שפּעטערדיקער רענעסאַנס פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ממש אַ נס. געווען אַ צײַט ווען דער באַנײַטער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָט רעפּרעזענטירט מעכטיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, באַזונדערס, אין די סקאַנדינאַווישע לענדער א״אַ.

צוליב כּמה טעמים לעבן מיר איצט איבער אַ בפֿירושדיקע ירידה פֿון די סאָציאַליסטישע אײַנפֿלוסן. ווי פֿאַלש וואָלט אָבער געווען צו קומען צו פּעסימיסטישע אויספֿירן וועגן דער היסטאָרישער ראָל פֿונעם סאָציאַליזם. די אידעאָלאָגישע וויטאַליטעט פֿון דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק איז אייגנטלעך קיינמאָל נישט פֿאַרשווונדן. נאָר אין די האָניק־חדשים האָבן אַזעלכע וואָרטזאָגערס פֿון מאַרקסיזם, ווי קאַרל קאַוטסקי, אָטאָ באַוער א״אַ,

געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר רעווידירן וויכטיקע עיקרים פון מאַרקסיזם. מיט דער צײַט האָבן זיך זייערע געדאַנקען אַדורכגעריסן, הגם אויבנאויפיק האָבן זיי בשעת מעשה נישט געקלונגען געגנוג דרייסט — אַזוי גרויס איז געווען דער דרוק פונעם אָרטאָדאָקסאַלן מאַרקסיזם.

דאָך האָט די רעאַלע ווירקלעכקייט מיט דער צײַט פּאָרט געהאָלפן סטימולירן דעם וווּקס פון אַ מער פּאַרטיפּטער רעאַליסטישער באַנעמונג פון דעם סאָציאַל־היסטאָרישן פּראָצעס, וועלכער פירט צו דעם זעלביקן סאָציאַליסטישן ענדציל, ווי עס האָט אים פאָרמולירט קאַרל מאַרקס. עס איז קלאָר, אַז אין גבול פון דער הײַנטצײַטיקער אידעאָלאָגישער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועט דאָס קאָנפראָנטירן די פונדאַמענטאַלע פּרינציפּן פון מאַרקסיסטישן אַנאַליז מיט דעם טעכנאָלאָגיש וואַקסנדיקן גלאָבאַלן קאַפּיטאַליזם נאָך שפּילן אַ גאָר גרויסע ראָל און וועט שטאַרקן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע באַוועגונג.

ס'וואָלט געווען אַן עוולה צו פאַרגעסן אונדזער וויקטאָר אַלטער ווי איינעם פון די געוואַגטע דענקער, וועלכע האָבן פּיאָנירט אין אָט דעם פּראָצעס פון זוכן נײַע קריטעריעס פאַר דעם היסטאָרישן גאַנג צום סאָציאַליזם.

## 16. נאָך וועגן פריִע דורכברוכן אין דער מאַרקסיסטישער אידעאָלאָגישער רעוואָלוציע

די דורכברוכן, וועלכע מיר ווילן בקיצור דאָ באַהאַנדלען, אילוסטרירן באַשײַמפּערלעך ווי ריכטיק עס איז די באַצייכענונג פון דער "שווערער אידעאָלאָגישער" אַנטוויקלונג, ווי מיר האָבן איר אַ נאָמען געגעבן אין אונדזער פריִערדיקן פּרק.

דער חשובסטער טעאָרעטיקער נאָכן טויט פון פרידריך ענגעלס איז בלי ספק געווען קאַרל קאַוטסקי (1938 — 1854). הגם ער איז געווען עדוואַרד בערנשטיינס אַ פאַרערער, און איז אייגנטלעך דורך אים טאַקע געוואָרן שטאַרק באַאײַנפלוסט צו ווערן אַ סאָציאַליסט, איז אָבער קאַוטסקי געוואָרן דער וואָרטזאָגער פונעם שטאַרקן אָנגריף קעגן בערנשטיינס רעוויזיאָניזם. אויפן קאָנגרעס פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דײַטשלאַנד, אָפּגעהאַלטן אין יאָר 1899, האָט קאַוטסקיס אָרטאָדאָקסאַלע מאַרקסיסטישע שטעלונג אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג. ביז צום סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1918, איז די דײַטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע נישט געשטאַנען פאַר קיין נסיון צו קוועסטיאָנירן איר שטרענג מאַרקסיסטישע געשיכטע־אויפפאַסונג. וואָרום ביז דאַן איז לחלוטין נישט געווען קיין שום געלעגנהייט אָנטיילצונעמען אַפילו אין אַ קאָאַליציע־רעגירונג. דער ריס צווישן טעאָריע און רעאַליטעט איז געקומען ערשט ווען די סאָציאַל־פּאָליטישע סטרוק־

טור פון דײַטשלאַנד האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט און געעפנט אַ שפּאָגל־נײַע מעגלעכקייט זיך צו באַטייליקן אין דעם אַקטועלן דעמאָקראַטישן פּראָצעס פון לאַנד. היות ווי לויט דער מאַרקסיסטישער פילאָסאָפיע איז אַזאַ אָנטייל פאַרמשפּט צו אַ פולשטענדיקן דורכפאַל, מחמת דער מאַרקסיסטישער טעאָריע וועגן מלוכה — האָט דאַן די מעבטיקע דײַטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע נישט איין טראַגישן פעלער געמאַכט צוליב איר לאַנגיאָריקער אַבסאָלוטער מאַרקסיסטישער אָריענטאַציע.

קאַרל קאַוטסקי, אָנשטאָט ער זאָל, ווי דער באַרופענער טעאָרעטיקער, אַרויסווײַזן סענסיטיווקייט צו דעם וואַקום אין דער אידעאָלאָגישער אַנט־וויקלונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט אַ צײַט לאַנג אונטערגעהאַלטן דעם טראַדיציאָנעלן מאַרקסיזם. קאַוטסקיס פּאַציפיסטישע אײַנשטעלונג האָט אים אָבער דערנענטערט צום לאַגער פון דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכע איז דורך דער צימערוואַלדער קאָנפערענץ פון 1915 געקומען אין דירעקטן קאָנטאַקט מיטן באָלשעוויזם. דאָס האָט אַוודאי נישט געקענט צויאָגן קאַוטסקיס מער קריטישע באַנעמונג פון דעם מאַרקסיסטישן צוגאַנג צו דער עקסטרעם־מאַרקסיסטישער מלוכה־טעאָריע.

די רוסישע ווירקלעכקייט נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט אָבער אויך קאַוטסקין שטאַרק דערשיטערט, אַזוי ווײַט, אַז ער האָט זיך זייער אַקטיוו באַטייליקט אין ראַטעווען כאָטש די מינדערהייט פון דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, נאָך דעם ווי די מערהייט האָט זיך פאַראייניקט מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין דײַטשלאַנד.

ווידער איז קאַוטסקי, אַגב, געווען צוזאַמען מיט עדוואַרד בערנשטיינען, וועלכער האָט אויך מיטגעמאַכט בשעתו די שפּאַלטונג פון דער דײַטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע בײַם אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, צוליב דעם, וואָס די ס.ד. האָט געשטימט פּאַר קריגס־קרעדיטן.

אין דער נײַער נאָכמלחמהדיקער פּאַזע האָט אַפילו דער אָרטאָדאָקס קאַוטסקי געזוכט אַ נײַע אינטערפּרעטאַציע פון דעם באַגריף **רעוואָלוציע** אין אַ דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט. ער האָט אָבער נאָך אַלץ נישט פאַרוואָרפן אָט דעם מאַרקסיסטישן וועג צום סאָציאַליזם און אים אַזוי אינטערפּרעטירט: „די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי בלײַבט אַ רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, אָבער נישט קיין פּאַרטיי, וואָס מאַכט רעוואָלוציעס, און דאָס דערפּאַר, ווײַל — האָט ער געשריבן — לויטן מאַרקסיזם איז די רעוואָלוציע אַ נאַטירלעכע דערשײַנונג (פענאָמען), וואָס קיינער קען זי נישט צוויַילן אָדער אָפּהאַלטן" (פון קאַרל קאַוטסקיס ליטעראַרישע ווערק, 1960).

דער־אָ ווײַטגייענדיקער זאָג פאַרלאַנגט אַ ברייטערע אויפקלערונג. כּדי מיר זאָלן זיך האַלטן בײַ דער טעמע פון הײַנטיקן אָפּשניט וועגן פריִע דורכברוכן אין דער מאַרקסיסטישער אידעאָלאָגישער עוואָלוציע, וועלן מיר אים בלויז

פּאַרצייכענען ווי איינעם פון די דערמאָנטע דורכברוכן. ס׳איז קיין שום ספק נישט, אַז קאַוטסקי האָט אַזוי רעאַגירט אין אַ גרויסער מאָס מחמת דעם גרויל פון דער לענינִיסטישער דיקטאַטור און אירע ווײַטערדיקע היסטאָרישע קאָנסעקווענצן, ווי אויך צוליב דער טעאָרעטישער אָפּהענטיקייט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ווי אַ רעזולטאַט פון דעם שאַרפן קאָנפליקט צווישן דער מאַרקסיסטישער טעאָריע און דער נײַער ווירקלעכקייט.

אויך די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין פראַנקרײַך האָבן זיך געראַנגלט מיט דער שווערער דילעמע, אויף וועלכער די מאַרקסיסטישע רעוואָלוציאָנערע מלוכה־טעאָריע האָט זיך אָנגעטראָפן פּנים־אל־פּנים מיטן וווּקס פון דער פּאָליטישער דעמאָקראַטיע אין לאַנד. פון דאַנען נעמט זיך טאַקע דער ריס צווישן די געדיסטן און זשאָרעסיסטן אין דער, ענדלעך, גאַנץ שפּעט פאַראייניקטער, סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין פראַנקרײַך (ערשט אין יאָר 1905).

בעת געד האָט פאַרטראָטן אַ ראַדיקאַל מאַרקסיסטישן בליק, האָט זשאַן זשאָרעס פאַרטיידיקט אַן עוואָלוציאָנער־הומאַניטאַרן צוגאַנג אין די ראַמען פון דער וואַקסנדיקער דעמאָקראַטישער פאָרם פון דער געזעלשאַפט. דער אַטענטאַט אויף זשאָרעסן האָט זיכער אָפּגעשוואַכט די כּוחות, וועלכע שטרעבן צו אַ סינטעז צווישן מאַרקסיזם און דעם דעמאָקראַטישן פּראָצעס.

שוין דאָס אַליין, וואָס דער לינקער פליגל, וועלכער האָט אין פראַנקרײַך רעפּרעזענטירט ס׳רוב אַ שטרענג אָרטאָדאָקסאַלן מאַרקסיזם, האָט סוף־כּל־סוף זיך פאַראייניקט מיט דעם רעוויזיאָניסטישן, איז בפירוש אַ סימן פון אַ דורכברוך נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

דער ערשטער, ביז גאָר פּראַקטיש רעאַלער, דורכברוך איז פאָרגעקומען אין שוועדן, ווו די ביז דאַן נאָך שטרענג מאַרקסיסטישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אין 1920 איבערגענומען די פירנדיקע ראָל אין דער רעגירונגס־קאָאַליציע. ענלעכע דורכברוכן האָבן אויך געפונען זייער וועג אין פיל אַנדערע אייראָפּעיִשע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, ווי אין עסטרײַך, אָדער אין שפּאַניע אונטער דער פירערשאַפט פון לאַרגאָ קאַבאַלעראָ, אאַ״וו.

גאָר אַ באַזונדערע ראָל האָט געשפּילט דער אַ.ג. אַוסטראָ־מאַרקסיזם, וועלכער האָט געפּרוווט צו געפינען וועגן ווי אַזוי אויפצוהאַלטן דעם היסטאָרישן ראַדיקאַליזם פונעם מאַרקסיזם צוזאַמען מיט די ווױלשטאַנד־אויפגאַבעס, פאַר וועלכע עס איז געשטעלט געוואָרן די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַ, לפי ערך, עכטער דעמאָקראַטיע.

**אָטאָ באַוער**, צוזאַמען מיט אַ רייע גאָר אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן ווי קאַרל רענער, מאַקס אַדלער א״אַ, האָבן זיכער זייער חלק בײַגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פונעם איבערברוך אין דער נײַער מאַרקסיסטישער עוואָלוציע.

ווי איר זעט, האָב איך זיך אין דעם פאַל נישט באַנוצט מיט דעם באַגריף

פון "דורכברוך", וואָרום דער אַוסטראָ־מאַרקסיזם איז נישט דערגאַנגען צום אָפענעם קאָנפראָנטירן פון מאַרקסיזם מיט דער שפּעט קאַפּיטאַליסטישער דעמאָקראַטישער מלוכה־פאָרם.

ראשית־כּל האָט אָטאָ באַוער קוועסטיאָנירט די מאַרקסיסטישע באַנעמונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וואָס איז בולט געקומען צום אויסדרוק אין זיַין ווערק "די נאַציאָנאַלע פראַגע און די עסטרייַכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע" (דערשינען אין 1906). עס איז, אַגב, פאַלש וואָס אַנדערע באַטראַכטן דעם נאַציאָנאַלן פּראָגראַם פון "בונד" ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון באַוערס טעאָריע. דער בונדישער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם האָט זיך פריִער אַנטוויקלט אין גאָר אַנדערע באַדינגונגען און איז זיך טאַקע שפּעטער טיילווייַז צונויפגעקומען מיט באַוערס טעאָריע.

ווי אַ געפאַנגענער בעת דער וועלט־מלחמה אין רוסלאַנד, האָט ער אָבסערווירט דעם באָלשעוויזם פון דער ערשטער האַנט. אין זיַין וויכטיקסטן בוך, "באָלשעוויזם און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע" (1920) גרייט ער שוין צו זיַינע ווייַטגייענדיקע אויספירן, וועלכע ער ברענגט צום אויסדרוק אין זיַין לעצטן ווערק "דער לעבעדיקער מאַרקסיזם" (1925). באַהאַנדלען אַט דאָס ווערק פאַרלאַנגט אָבער אַ באַזונדערן אַרטיקל, וואָס איז מחוץ אונדזער סעריע, וואָרום באַוער האָט אין תּוך נישט רעווידירט די מאַרקסיסטישע פילאָסאָפיע פון דער מלוכה, און האָט דער עיקר אויך נישט רעווידירט דעם באַגריף פון "דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט". דאָך איז זיַין עטיש־מאָראַלישער הומאַניטאַרער עלעמענט ווי אַ זייַל פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע בפירוש געווען אַ דורכברוך פון אַ שטרענג מאַרקסיסטישן דעטערמיניזם.

אין סך־הכּל בעט זיך ממש צוצוגעבן, אַז גראָד יענע דורכברוכן האָבן געהאָלפן צום פאָרמולירן דעם איצטיקן פּראָגראַם פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער איז נאָך אַלץ אין דער סטאַדיע פון אַנטוויקלונג.

די קלעפּ, וואָס די סאָציאַליסטישע באַוועגונג באַקומט איצט, נאָכן פאַלן פון דעם קאָמוניזם און מיטן וווקס פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָנסערוואַטיזם, פאַרלאַנגט מיר זאָלן זיך נאָך מער פאַרטיפן אין די וועגן און אומוועגן פון דעם פרייַהייטלעכן סאָציאַליזם, וועלכער בלייַבט דאָך פאָרט די איינציקע פּערספּעקטיוו פאַר אַ פולער לייזונג פון דעם קאָנפליקט צווישן מענטש און דעם דאַרוויניסטישן קאָנקורענץ־אונטערשלאַק פון קאַפּיטאַליסטישן, אַפילו אַנטוויקלטן דעמאָקראַטישן סיסטעם (דאַרוויניזם גלאָריפיצירט דעם פאַרטיליקונגס־קאַמף צווישן מינים [species] ווי אַ באַדינג פאַר דעם וווקס פון ציוויליזאַציעס).

## 17. "וויאַזוי דער פרייַער מאַרק מאַכט אַ תל פון בעסטן אין לעבן"

אַזוי האָט דער מחבר פון אַן אינטערעסאַנט בוך אָנגערופן זייַן ביז גאָר געלונגענע אַרבעט, אַרויסגעגעבן לעצטנס דורך דעם פּרעסטיזשפולן פאַרלאַג וו. וו. נאָרטאָן און קאָרפּ. אין ניו יאָרק.

דער מחבר פון דעם אייגנאַרטיקן ווערק, בעררי שוואַרץ, פּראָפעסאָר פון פּסיכאָלאָגיע, איז געוואָרן אייַנגעלאַדן צו אַן אַ"ג "רעיוניען", אַ נאָסטאַלגישע באַגעגעניש נאָך צען יאָר זינט זייַן אוניווערסיטעט־קלאַס האָט גראַדואירט. בעת דער באַגעגעניש האָט איינער פון זייַנע אַמאָליקע סטודענטן, הייַנט אַ דערפאָלגרייַכער קאָרפּאָראַציע־אַדוואָקאַט, געהאַט אַ לענגערן שמועס מיט פּראָפ׳ שוואַרץ, און בייַ אָט דער געלעגנהייט האָט ער זיך באַקלאָגט אויף דער נעגאַטיווער אויסווירקונג פון דעם גייעג נאָך לוקסוס, אַזאַ אינטעגראַלע דימענסיע פון פרייַען מאַרק. ווי אַ רעזולטאַט פון דעם פּילט ער ווי דער חוש פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט ווערט פון אָט דעם לוקסוס־גייעג אַ באַשייַמפּערלעכער קרבן.

דעם אַדוואָקאַטס רייַן מענטשלעך געוויסן לאָזט אים נישט רוען. אַזוי ווייַט גייט דער שולדגעפיל, אַז ער האָט באַשלאָסן צו זוכן הילף פון אַ טעראַפּיסט. צווישן זייַנע פרייַנד קען ער נישט געפינען קיין סימפּאַטיע און פאַרשטענדעניש, ווייַל זיי אַלע יאָגן זיך, לײַדער, נאָך מער און מער לוקסוס. זייַן פרוי האָט געמאַכט אַ קאַריערע ווי אַ דערפאָלגרייַכער מאַרק־עקזעקוטיוו, און זי גיט זיך אָפּ אַ חשבון ווי ווייַט איר אויפגאַבע איז איבערצוצייַגן קאָנסומענטן צו קויפן זאַכן, וועלכע זיי דאַרפן אפשר, אייגנטלעך, גאָרנישט האָבן, און דערצו קענען זיי זיך קוים דערלויבן אויסצוגעבן געלט פאַר זיי.

אין זייַן פּעסימיזם קומט אַפילו דער מחבר צום טרויעריקן אויספיר, אַז די עצם ראָל פון דער מאָדערנער משפּחה לייַדט אויך דערפון, ווייַל גאַנץ אָפט באַזיגט דער באַגער צו אַ לוקסוס־לעבן דעם נאַטירלעכן און סאָציאַל נויטיקן אינסטינקט צו האָבן קינדער. ווען דאָס זאָרגן און דערציִען פון קינדער קומט אין קאָנפליקט מיט דעם "לײַכטן לעבן", נעמט אָט דער מאָטיוו איבער די אויבערהאַנט.

אויבנאויפיק וואָלט מען מסתמא געקענט אָננעמען, אַז עפּעס קלאַפּט נישט אין דער פּסיכיק פון דעם דערפאָלגרייַכן אַדוואָקאַט. אָבער, אַזאַ מיינונג, וואָרנט פּראָפ׳ שוואַרץ, איז בפירוש פאַרפירעריש, ווייַל דער סענסיטיווער אַדוואָקאַט ווייַזט אַרויס אַ זעלטענע פאַרטיפטקייט אין זייַן עטישער באַנעמונג פון דער פרייַער־מאַרק פּסיכאָלאָגיע, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט ברייטע מאַסן נאָך די טרויעריקע השפּעות פון דעם טהאַטשעריזם און רייגעניזם, צוזאַמען מיטן צוזאַמענברוך פונעם קאָמוניזם.

הכלל, פּירט אויס פּראָפ׳ שוואַרץ, מען מוז ממש קלאַפּן טרעוואָגע, ווײַל אין קאָן שטייט אונדזער עצם ציוויליזאַציע, וועלכע האָט אַדורכגעמאַכט אַ סך נסיונות, ביז זי האָט פֿאַרט מער אַנטוויקלט אַזעלכע ווערטן, ווי לאָיאַליטעט, ערלעכקייט, קוראַזש, דיסציפּלין, פּאַטריאָטיזם און משפּחהדיקייט. ריין עקאָנאָמישע ראַציאָנאַליטעט, וואָס ווערט גלאָריפֿיצירט דורך דעם פֿרײַען מאַרק, רופֿט זיך אָפּ פֿאַטאַל אויף די דערמאָנטע קאַרדינאַלע ווערטן פֿון דעם שטאַרק באַדראָטן קאָלעקטיוון מהות פֿון דער מאָדערנער געזעלשאַפֿט. דער מאָראַלישער פּרײַז, וועלכן די געזעלשאַפֿט צאָלט, גראָבט אונטער די פּערספּעקטיוון פֿון אַ יושרדיקער, שעפֿערישער געזעלשאַפֿט.

פּראָפ׳ שוואַרץ באַגרענעצט זיך נישט בלויז צום פֿאָרמולירן זײַן קרעדאָ, זײַן הומאַניטאַרע פֿילאָסאָפֿיע. ווי אַ געניטער וויסנשאַפֿטלער דרינגט ער טיף אַרײַן אין די וויכטיקסטע געביטן פֿון סאָציאַלער וויסנשאַפֿט, ווי עקאָנאָמיע, משפּחה, דערציִונג, מלוכה אאַ״וו.

אַזוי, למשל, אַנאַליזירט ער די אַרויפֿגעשרויפֿטע דעטאַל־פּרײַזן ווי אַ רעזולטאַט פֿון פּרסום, פֿון דער וואַקסנדיקע ראָל פֿון רעקלאַמע אאַ״וו. נאָך דעם גייט ער אַריבער צו דעם טרויעריקן פּראָבלעם פֿון קאָרופּציע און, ווי ער דריקט זיך אויס, ״גזילה״ אין אַ סך קאָרפּאָראַציעס אין אַמעריקע. נאַטירלעך קומען אין באַטראַכט די פֿינאַנסיעלע קראַכן פֿון די 80־ער יאָרן, דעפֿעקטן, וואָס קומען אָפּט אַרויס אין אויטאָמאָבילן. ער דערמאָנט באַזונדערס די דעפֿעקטיווע גאַז־טאַנקערס פֿון די ״פֿאָרד״־אויטאָמאָבילן, די ״יוניען קאַרבײַד״־קאַטאַסטראָפֿע אין באָפּאַל, אינדיע, מיט איבער 2.000 קרבנות, די ממש פֿאַרברעכערישע ראָל פֿון די טאַבאַק־קאָמפּאַניס, מיליטערישע קאָנטראַקטערס און זייערע שווינדלערײַען, אַזבעסט־פּראָדוצענטן, טראַקינג־קאָמפּאַניס אאַ״וו.

די פּאַקטישע אַבסאָלוטע הערשאַפֿט פֿונעם מאַרק דערפֿירט צו אַזאַ הפקרות. עקאָנאָמישע אַגרעסיווקייט שוואַכט אָפּ די רעליגיעזקייט, פֿרײַנדשאַפֿט און די משפּחה.

דאַן גייט ער אַריבער צו דער קאָמערציאַליזאַציע פֿון יורי, מעדיצין, ספּאָרט. די ירידה פֿון דער ראָל פֿונעם אַרבעט־פּלאַץ, דער דעסטרוקטיווער ווּקס פֿון דעם אַ״ג קאָנסומעריזם, די גרויסע שוואַכקייט צו געפֿינען ליבשאַפֿט — Love אין דער מאַרק־געזעלשאַפֿט. אַפֿילו דאָס דערציִונגס־וועזן, וואָס רוקט אַרויס אויסצייכענונגען איבער דער נאַטירלעכער מאָטיוואַציע פֿון לערנען ווי גאָר אַ גרויסן איבל.

דער מחבר ברענגט דעם פּעריאָד, וואָס האָט געדויערט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה ביז די 70־ער יאָרן, ווי אַ ביז גאָר פּאָזיטיוון בײַשפּיל פֿון אַ האַרמאָנישער שותּפֿות צווישן דעם מאַרק און דער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפֿט, רעפּרעזענטירט צווישן אַנדערע דורך דער מלוכה.

לײדער האָט דער נעאָ־קאָנסערוואַטיזם, וואָס האָט זיך אַזוי טיף אײַנגעגעסן אין די ביינער און געמיטער פון די שפּעטערדיקע יאָרן, צעשטערט אַ סך בויענדיקע צוזאָגנדיקע פּועל־יוצא׳ס פון דעם דירעקטן נאָכמלחמה־פּעריאָד.

נאַטירלעך ווײַזט אַרויס פּראָפּ׳ בערי שוואַרץ גאָר אַ סך פאַרשטענדעניש פאַר דעם נאָמענלאָזן (פאַר אונדז) אַדוואָקאַט און ברענגט, ווי אַ רעזולטאַט דערפון, דעם גאָר שטאַרקן באַשולדיקונגס־אַקט קעגן דער איצטיקער גלאָריפיקאַציע פון פרײַען מאַרק. ס׳איז קיין שום ספק נישט, אַז דער קולט פאַר דעם אַ״ג פרײַען מאַרק האָט דעסטרוקטיווע פאָלגן פאַר דער עוואָלוציע פון אַן עכט מענטשלעכער געזעלשאַפט. פאַרקערט, ער קען צוריקשלײדערן דעם לאַנגן היסטאָרישן גאַנג צו מער מענטשלעכקייט, וועלכער רײַסט זיך דאָך אַדורך דורך די נסיונות פון דער געשיכטע.

אַ פאַרגלײַך צווישן הײַנט, וואָס איז דאָך אַזוי ווײַט פון אידעאַל, מיט די צײַטן, וועלכע דיקענס, למשל, האָט באַהאַנדלט, איז גענוג אַז מיר זאָלן נישט אונטערשאַצן די אַנטוויקלונג צו אַ מער הומאַניטאַרער געזעלשאַפט.

ווי ווײַט פּראָפּ׳ שוואַרץ זאָל נישט, מיט רעכט, אַראָפּרײַסן דעם מאַרק, בלײַבט פאָרט די האַרבע פראַגע, צי איז מעגלעך אים אין דער פולער מאָס אויפצוגעבן. אמת, דער רוסישער בײַשפּיל קען נישט דינען ווי אַ סימן פון אַ פאַרקערטן צוזאָג, צוליב דעם כאַראַקטער פון יענעם קאָנטראַ־מאַרק סיסטעם; דאָך קאָן מען אָבער לערנען פון די טראַגישע געפאַרן, וואָס וואָלטן געשטאַמט פון אַ סיסטעם אָן דער ראָל פונעם מאַרק.

פאַרשטייט זיך, אַז אויפן געדאַנק קומט דעריבער אַן אויסטויש־סיסטעם אין אַ געמישטערווירטשאַפט, ווו אַ סאָציאַל מאָטיווירטער צוגאַנג וואָלט געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט דעם ״אָנבאָט־און־נאָכפראַגע״ עלעמענט פון אַ פרײַען מאַרק. באַזונדערס אַקטועל ווערט דאָס איצט, ווען די ווירטשאַפט ווערט אַלץ מער און מער אַ גלאָבאַלע, ווײַט איבער נאַציאָנאַלע גרענעצן. די סכנות פון כלערליי סאָציאַלע איבלען וואַקסט אַלץ מער און מער.

איז גוט וואָס עס באַווײַזן זיך, ענדלעך, אַזעלכע ווערק, ווי דאָס בוך פון פּראָפּ׳ שוואַרץ. אַ קאָנטער־אַטאַק פאַרלאַנגט אָבער נישט נאָר אַ באַשולדיקונגס־אַקט, נאָר אַ קלאָר פאָרמולירטע פילאָסאָפיע מיט אַ ווײַטגייענדיקער פּערספּעקטיוו. און דאָס פעלט אין דעם ערנסטן פאַרמעסט פון דעם מחבר. ווײַזט אויס, אַז אַפילו פאַר אַזאַ קריטישן אַנאַליטיקער איז דער באַגריף פון סאָציאַליזם נאָך ווײַט. אַ טיפּיש אַמעריקאַנער פאָביע — די שרעק צו באַנוצן אָפן דאָס וואָרט.

די פראַגע, וואָס איך שטעל זיך, איז — צי דאָס באַהאַנדלטע ווערק איז בלויז אַ קול קורא במידבר, אָדער אַ סימן, אַז עס ברעכט זיך עפּעס אין דער ביז איצט פּאָפּולערער מאַרק־הנחה, ״איבער אַלעס״. האָב איך זיך גראָד אָנגעטראָפן אויף אַ צווייטער אויסגאַבע, וואָס איז אַרויס אין גרויס־בריטאַניע,

געשריבן גראָד פון אַ קאָנסערוואַטיוון דעפוטאַט, דוד ווילעט. זײַן בראָשור טראָגט דעם נאָמען "ציווילער קאָנסערוואַטיזם". ווי דער הויפּט־געדאַנק קען, למשל, דינען אַזאַ ציטאַט זײַנער: "אונדזער גרעסטע מורא איז וואָס אונדזער לאַנד ווערט אַלץ מער און מער גלײַכגילטיק צו די לײַדן פון מענטש. מיר ווערן ערגער אַלס מענטשן. מער אַגרעסיוו, מיט מער האַס, ווייניקער ציוויל, וויייניק גרייט אוועקצוגעבן אונדזער צײַט און ענערגיע פאַר ברייטערע צילן ווי פאַר זיך אַליין".

אַ צווייטער פאַמפלעט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער זעלביקער "פונדאַציע פאַר אַ סאָציאַלן צוגאַנג צו דער מאַרק־ווירטשאַפט", אָנגעשריבן פון דזשאָן גריי, אונטער דעם נאָמען "דאָס ליקווידירן פון קאָנסערוואַטיזם".

דער מחבר פאַררופט זיך אויפן באַרימטן פילאָסאָף לודוויג וויטגענשטיין, וועלכער האָט געשריבן, אַז: "אַ פּרווו צו פאַרריכטן אַ צעבראָכן וועזן איז געגליכן צום פאַרריכטן שפּינוועבס". אַזוי כאַראַקטעריזירט דזשאָן גריי דעם פאַרזוך צו היילן די איבלען פון דער קאַפּיטאַליסטישער מאַרק־ווירטשאַפט; על־כּן רופט גריי צו לערנען פון די פעלערן פון טהאַטשעריזם, כּדי צו הייבן די מערכה פון כּלל.

כּדי צו באַפעסטיקן זײַן גאָר ערנסטן אויספיר, ברענגט ער אַ טיפּישן אויסצוג פון מאַרגאַרעט טהאַטשערס אַ פאַטאַלן (ווי ער דריקט זיך אויס) זאָג: "נישטאָ אַזאַ זאַך ווי אַ געזעלשאַפט"... "מיר זײַנען אַלע יחידים, וואָס ברעכן זיך אַדורך דורך דעם דזשונגל פון לעבן און טוען דאָס מיט דערפאָלג דאַן, ווען די מלוכה איז גאָר ווײַט אַוועק פון צענטער".

אין אָנבליק פון דער וואַקכאַנאַליע, וואָס גייט אָן קעגן סאָציאַליזם און דער ראָל פון דעם דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם, קלינגען זייער אָפּפרישנדיק אַזעלכע אָפּרופן, וואָס קומען פון דער פעסטונג פון דעם ביז נישט לאַנג "טריומפירנדיקן" לאַגער. דער, לײדער, באמת טראַגי־קאָמישער פאַרמעסט צווישן די רעפּובליקאַנער און דעמאָקראַטן אַרום דעם לאַנג פאַרלעגענעם געזונטהייטס־געזעץ אין אַמעריקע, איז אויך סימפּטאָמאַטיש.

## 19. דער באַנייַטער פּראַגמאַטישער מהות פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל

נאָכן פאַלן פון קאָמוניזם און פון דעם ראַטנפאַרבאַנד האָט אַ בהלה אַרומגעכאַפּט אַ סך וואַקלדיקע, אַ סך צווייפלערס אין דער ראָל פון דער מלוכה אין דער מאָדערנער ווירטשאַפט, וואָס האָט שוין זינט אַ סך יאָרן זיך אַנטוויקלט ווי אַ געמישטער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם. באַזונדערס האָט די קעינזיאַנער עקאָנאָמישע פילאָסאָפיע וועלכע האָט געהאַט אַ דירעקטן שײַכות צום רוזוועלטיאַנער ניו־דיל און צום וווילשטאַנד־שטאַט (למשל אין

ענגלאַנד, קאַנאַדע, די סקאַנדינאַווישע לענדער), כּסדר פאַרלוירן איר גלאַנץ אין די ציַיטן פון דעם טהאַטשער־רעזשים און רייגענס קאַדענץ.

בײַ נישט איין סאָציאַליסט האָבן זיך אַריַינגעריסן ערנסטע ספקות וועגן דער היסטאָרישער באַדיַיטונג פון דער עוואָלוציע, וואָס די אַנטוויקלטע וועלט־ווירטשאַפט האָט אַדורכגעמאַכט — פון ברוטאַלן אַ.ג. ״ליבעראַלן־מאַרק״=קאַפּיטאַליזם צו אַ סיסטעם, וואָס צוימט די פּראָפיט־גלוסטן פון פּריוואַטן קאַפּיטאַל לשם דעם ווויל פון דער ווירטשאַפט בכלל און דעם מאַסן־מענטש בפרט. אָן אַזאַ פּראָצעס, וועלכער וועט, אויסנוצנדיק עכטע דעמאָקראַטיע, ממשותדיק העלפן צו פאַרבעסערן די לעבנס־קוואַליטעט פון אַלע קלאַסן, קען אויך נישט געדיַיען קיין סאָציאַל־דעמאָקראַטישער וועג צום סאָציאַליזם.

מיט איין וואָרט — ס׳איז קלאָר, אז עס איז פאַראַן אַ נאָענטער שיַיכות צווישן דער פּאָטענציעלער מעגלעכקייט צו רעאַליזירן די הויפּט־צילן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און דער דינאַמיק פון דעם אַ״ג וווילשטאַנד־שטאַט מיט דער פּערספּעקטיוו פון אַ מער אידעאַלער, מער יושרדיקער געזעלשאַפט.

איינער פון די וועגן ווי אַזוי קעגנצווווירקן דעם ״פּסיכאָז״ פון כּלומרשטער ״פריַיהייט״ פון דער שוין לאַנג באַנקראָטירטער הפקרות פון דער מאַרק־קאָנקורענץ, ווי כּלומרשט דער בעסטער דרך צו הייבן דעם לעבנס־ניוואָ פון דער געזעלשאַפט ווי אַ גאַנצע, איז טאַקע דאָס קאָנפראָנטירן די בפירוש רעאַקציאָנערע טענדענץ, וועלכע פאַרסמט די מוחות פון אַ סך בירגער מיט די רעאַלע פּועל־יוצא׳ס פון דעם פּרווו צוריקצושטויסן דעם נעאָ־קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם צו דער טרויעריקער עטיש־מאָראַלישער, דורכאויס אוממענטשלעכער, טראַדיציע פון ״ריינעם״ קאַפּיטאַליזם.

מיט אָט דעם לכתחילה נאָר קורץ פאַרטראַכטן אָנבינדרן צום לעצטן עסיי, וואָס האָט זיך פון דעסטוועגן היפּשלעך פאַרצויגן, קענען מיר שוין ענדלעך איבערגיין צום צוגעזאָגטן אויספיר־טייל פון אונדזער סעריע.

אַוודאי וואָלט מען נאָך געקענט גאַנץ אויספירלעך זיך אָפּשטעלן אויף נאָך פיל מער פּרוּוון צו דערגענצן אָדער רעווידירן אַ ריי שטרענג מאַרקסיסטישע איַינפלוסן אויפן סאָציאַליסטישן געדאַנק און פּאָליטיק נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אָבער, ווי שוין פריִער געהאַט דערמאָנט, קלייב איך זיך דאָך נישט צו שריַיבן די געשיכטע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. מיר האָבן זיך נאָר אָפּגעשטעלט אויף אַ ריי וויכטיקע מיַילשטיינער אין דער בהדרגהדיקער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

סוף־כּל־סוף האָט דער, נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה באַניַיטער, סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל ווידער איבערגענומען די ראָל פון פאָרמולירן און אינטערפּרעטירן די אַקטועלע צילן און אויפגאַבעס פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג הײַנט צו טאָג, אין דער

נאָענטער, ווי אויך, אין אַ געוויסער מאָס, ווײַטער צוקונפט.

דעם ערשטן שריט האָט דער אינטערנאַציאָנאַל אונטערגענומען מיטן פראַנקפורטער פראָגראַם פון 1951. צו יענער צײַט איז נאָך דער אינטער־נאַציאָנאַל געווען כמעט ווי אַ גאַנצער אַן אייראָפּעיִשער. גאָר גיך אָבער, נאָכן פאַלן פון קאָלאָניאַליזם און נאָכן שטײַגנדיקן פּראָבלעם פון דער אַ.ג. ״דרום״־וועלט פון ווירטשאַפטלעך שטאַרק אָפּגעשטאַנענע פעלקער, איז דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל ערשט געוואָרן, באַזונדערס אונטער ווילי בראַנדס פירערשאַפט, אַן אמתער וועלט־אינטערנאַציאָנאַל. וואָס גרויליקער דער אָפּהילך פון דעם סטאַלין־ און דעם נאָך־סטאַלין=רעזשים אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד איז געוואַקסן, אַלץ מער איז געשטיגן דער אוניווערסאַלער אָנזען פון דעם אינטערנאַציאָנאַל.

הגם ער האָט זיך גאָר אַ סך אָפּגעגעבן מיט העלפן די געוועזענע קאָלאָניאַלע פעלקער, ווילן מיר זיך אָבער דער עיקר האַלטן בײַ אונדזער הויפּט־טעמאַטיק, דהײַנו — די מעטאַמאָרפאָזע פון דעם מאַרקסיסטישן ביז דעם מאָדערן=סאָציאַל־דעמאָקראַטישן באַנעמען פון דעם היסטאָרישן פּראָצעס פונעם איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צו סאָציאַליזם.

דער אינטערנאַציאָנאַל האָט טאַקע זײַן באַנײַטן פּראָגראַמאַטישן מהות נישט געגעבן קיין צו דרינגלעכע פּריִאָריטעט. אַלע פּרוּוון צו פאָרמולירן אַן אויספירלעכן פּראָגראַם, זענען געבליבן אין שאָטן. טיילווײַז דערפאַר, ווײַל די האַרבע ווירקלעכקייט האָט פאַרלאַנגט תּיכּפדיקע האַנדלונגען, און טיילווײַז ווײַל דער אינטערנאַציאָנאַל האָט בשום אופן נישט געקענט געפינען קיין געמיינזאַמע פּלאַטפאָרם פאַר אַזאַ פּראָגראַם. ווי אַ רעזולטאַט דערפון האָט דער אינטערנאַציאָנאַל זיך באַנוצט נאָר מיט אַ קורצער פּרינציפּן־דעקלאַראַציע, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן אויף דעם 18־טן קאָנגרעס אין שטאָקהאָלם, אָפּגעהאַלטן דעם 20 — 22־טן יוני 1989.

(אינטערעסאַנט, אַז דעם פּרעלימינאַרן טעקסט פאַר אָט דער דעקלאַראַציע האָט געשריבן דער אַמעריקאַנער געלערנטער, פּראָפ. **מײַק האַרינגטאָן**, פאַר אַן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז נאָך אַלץ דאָמינירט פון אייראָפּעיִשע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. פּראָפ. האַרינגטאָן איז, אגב, געווען אַ גרויסער פרײַנד פון ״בונד״. ער איז געווען שטאַרק באַפרײַנדעט מיט אונדזער מאָטל זעלמאַנאָוויטש).

אין דער צײַט ווען עס איז פאָרגעקומען דער קאָנגרעס אין שטאָקהאָלם, האָט זיך ערשט גענומען אויספּיקן די גאָרבאַטשאָווסטשינע. היות אָבער ווי אונדזער אַנאַליז אָריענטירט זיך דער עיקר אויף דער פּראָגראַמאַטישער לאַנגצוגיקער אַנטוויקלונג פון דעם פּראָגראַם, וועלן מיר נאָר אַרויסהייבן די אַנטשפּרעכנדיקע פּאַראַגראַפן און זיי קאָמענטירן.

די דעקלאַראַציע איז זייער אַ קורצע, זי באַשטייט סך־הכּל פון 28 קליינע

זיַיטלעך, און איז געשריבן אין דער פאָרם פון קורצע 100 פּאַראַגראַפן. צום שבֿח פונעם אינטערנאַציאָנאַל קלינגען די פּאַראַגראַפן זייער זאַכלעך און רעלעוואַנט, און ביז גאָר רעאַליסטיש.

## 20. די שטאָקהאָלמער דעקלאַראַציע

### אַן אַריַינבליק אין דער פּרינציפּן־דעקלאַראַציע פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל

**(אָנגענומען אויף זיַין שטאָקהאָלמער קאָנגרעס דעם 20־22טן יוני 1989)**

נאָך אונדזער לענגערער חקירה ודרישה וועגן דעם אידעאָלאָגישן אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון סאָציאַליזם פון מאַרקסן ביז צו דער מאָדערנער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, איז ענדלעך געקומען די ציַיט אונטערצוציִען אַ סך־הכּל און פאַרענדיקן דעם עסיי מיט אַנטשפּרעכנדיקע אויספירן.

קודם־כּל וואַרפט זיך אין די אויגן די פונדאַמענטאַלע נפקא־מינה: בעת דער מאַרקסיזם האָט פאָרמולירט אַ היסטאָריאָזאָפיע, באַזירט אויף היסטאָרישן דעטערמיניזם, וואָס מיינט, אַז, די געשיכטע אַנטוויקלט זיך לויט אירע אייגענע געזעצן, וועלכע דער מענטש קען צוויאָגן, אָבער נישט ענדערן — האָט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער געדאַנק אָן אַזאַ קלאָרער אַקצענטירונג אויף דער סופּרעמאַציע פון אָביעקטיווע טריַיב־כּוחות אַריבערגעטראָגן דער עיקר דעם שווערפּונקט אויף סאָציאַל־פּאָליטישער דערציִונג און קאַמפּס־פאָרם, באַזירט אויף אַן אויסשליסלעך דעמאָקראַטישן וועג.

דעמאָקראַטיע, וועלכע איז אין מאַרקסיסטישן סיסטעם געווען נאָר אַ גינסטיקע פּאָליטישע פאָרם, אָבער האָט נישט פאַרנומען קיין צענטראַלן אָרט אין דער אַנטוויקלונגס־פילאָסאָפיע פון איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם, וואָרום די מלוכה איז דאָך בכּל נאָר אַן אינסטרומענט אין די הענט פון די באַזיצנדיקע קלאַסן. אי דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועט דאָך, לויט מאַרקסן, נישט בליַיבן קיין שום ראָל פאַר דער מלוכה.

אין באַנעמען די ריזיקע ענדערונג, וועלכע די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַוועגונג האָט אַדורכגעמאַכט זינט איר טראַדיציאָנעלער אָרטאָדאָקסיש־מאַרקסיסטישער אָריענטאַציע, מוז מען שטאַרק אונטערשטריַיכן דעם פאַקט, אַז די מאַרקסיסטישע אַנטוויקלונגס־פילאָסאָפיע איז געווען באַזירט דורכאויס אויף דער הנחה פון אַבסאָלוטן טוגנט פון מענטש. דער האָמאָ סאַפּיענס האָט אַלע נאַטירלעכע מעלות פון גוטסקייט, חוש פאַר יושר אאַ״וו, נאָר דער קלאַסן־קאַמף פאַרדאַרבט אים, על־כּן וועט אויך אין אַ סאָציאַליסטישן סיסטעם במילא פאַרשווינדן יעטוועדער מיטל פון צוואַנג.

בינו לבינו, כּל־זמן עס הערשן קלאַסן־היפּוכים אין דער מענטשלעכער

געזעלשאַפט, דאַרף דער אַרבעטער־קלאַס טאַקע אויסנוצן די דעמאָקראַטיע, אָבער נישט באַטראַכטן זי ווי אַ שליסל צו דער אולטימאַטיווער לייזונג פון דעם היסטאָרישן קאָנפליקט צווישן קלאַסן.

פון דעם ביז גאָר אָפּטימיסטישן בליק אויף דער מענטשלעכער נאַטור שטאַמט אויך, און אין אַ גרויסער מאָס, דאָס נעגירן דעם זעלבסט־אינטערעס פון יחיד אין דער פילאָסאָפיע פון סאָציאַליזם אין מאַרקסיסטישן סיסטעם. דער באַגריף פון פּראָפיט איז אויסשליסלעך פאַרבונדן מיט עקספּלואַטאַציע. עקאָנאָמיסטן זײַנען באמת פולשטענדיק אײַנשטימיק, אַז אָן באַרעכטיקטע רווחים אין דער קאַלקולאַציע פון ווירטשאַפטלעכן לעבן, קען נישט זײַן קיין רייד פון אַ פּראָספּערירנדיקער עקאָנאָמיע. אמת, דער עצם באַגריף פון רֶווח מוז נישט זײַן פאַרבונדן מיט אַ מאַרק־ווירטשאַפט און מיט פּריוואַטער איניציאַטיוו. אָבער, ווי ס׳ווײַזט אויס, קען קיין אַנדערער אויסטויש־סיסטעם — נישט פאַר סחורה, נישט פאַר אַרבעט — נישט פונקציאָנירן אָן אַ ניואַנסירונג פון דעם לוין־סיסטעם, אאַ״וו, אאַ״וו.

איז קיין וווּנדער נישט, וואָס די שטאָקהאָלמער דעקלאַראַציע קוועסטיאָנירט לחלוטין נישט אַ ריי פונדאַמענטאַלע עלעמענטן פון אַ געמישטער ווירטשאַפט (אַ קאָמונאַלע, מלוכהשע, פּריוואַטע, קאָאָפּעראַטיווע אאַ״וו).

דער אַמאָל אַזוי פאַרהייליקטער באַגריף פון גלײַכהייט אין דער פאַרטיילונג פון נאַציאָנאַלן פּראָדוקט איז, נאַטירלעך פאַרשווּנדן. דאָך נעמט דער אינ־טערנאַציאָנאַל נישט איבער דעם איצט פּאָפּולערן ליבעראַלן ציל, וועלכער דריקט זיך אויס אין דער לאָזונג, אַז — ״פון יעדן לויט זײַנע פעיִקייטן און יעדן לויט זײַנע באַדערפענישן מוזן געגעבן ווערן גלײַכע שאַנסן״.

ס׳איז איבעריק צו דערווײַזן, אַז אַזאַ פילאָסאָפיע וואָלט געווען גאָר ווײַט פון סאָציאַליזם. סוף־כל־סוף בלײַבט דאָך פאָרט סאָציאַליזם די לאַנגצוגיקע וויזיע פון דעם אינטערנאַציאָנאַל און זײַן אינטערפּרעטאַציע פון דעם וועג צו אים בלײַבט דאָך דער עיקר פון אַלע עיקרים פון און פאַר זײַן עקזיסטענץ.

וויאַזוי קומט טאַקע דער ציל איבער אַלע צילן צום אויסדרוק אין דעם שטאַרק פּראַגמאַטישן כמו־פּראָגראַם? און פאַרוואָס ״כמו״? —

— ווײַל אין קעגנזאַץ צו די פריִערדיקע פּראָגראַמען, ווי ״דער ערפורטער״, דער ״פראַנקפורטער״ א״אַנד, האָבן מיר פאַר זיך זייער אַ לאַקאָנישע פאָרם פון פּאַראַגראַפן (100 זייער קורצע, אויף בסך־הכל 26 קורצע זײַטלעך פון אַ מין פּאַמפלעט־פאָרם), דאַרף די דעקלאַראַציע אַרומנעמען די גאַנצע גאַמע פון גלאָבאַלע, קאָנטינענטאַלע און אינערלעכע סאָציאַל־פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען אין ליכט פון אַ סאָציאַליסטישער לייזונג מיט אַ ווײַטגייענדיקער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו.

די דאָזיקע אייגנאַרטיקע פאָרם איז נישט קיין צופעליקע, וואָרום צוליב דעם,

וואָס דער אינטערנאַציאָנאַל איז אויסגעוואַקסן צו אַן אמתדיק אוניווערסאַל גלאָבאַלן, בעת טראַדיציאָנעל איז ער דערהויפּט געווען אַן אייראָפּעיִשער, און מחמת דער אומגעהויערער שוועריקייט צו געפינען לייזונגען, וואָס זאָלן קלינגען אַזוי אַבסאָלוט ווי אין די פריִערדיקע פּראָגראַמען, האָט די דאָזיקע גאָר באַזונדערע פאָרם פון פאָרמולירן די דעקלאַראַציע אויסגעמיטן זייער דראַסטישע חילוקי־דעות, צוליב וועלכע פריִערדיקע פּרוּוון פון דעם איצטיקן אינטערנאַציאָנאַל פאַר אַן אויספירלעכן כּוללדיקן פּראָגראַם, זײַנען דורכגעפאַלן.

נאָך איין גאָר גרונטיקע נפקא־מינה צווישן מאַרקסיסטישן און דעם שטאָקהאָלמער באַנעם האָט אַ שייכות צו דער ראָל פון מיטלקלאַס, ווי בכלל צו דעם פּראָבלעם פון דער קלאַסן־פּאַרטיילונג פון דער געזעלשאַפט. מאַרקס האָט קלאָר און דײַטלעך רעדוצירט די קלאַסן־היפּוכים צו אַרבעטער און קאַפּיטאַליסטן. אַלע אַנדערע זײַנען אָדער אויפן וועג פון אײַנשרומפּן אָדער אַפילו פו אונטערגאַנג אין אַן אינדוסטריעלער געזעלשאַפט.

דאָס לעבן האָט נישט נאָר ממשותדיק נישט אָפּגעשוואַכט דעם מיטלקלאַס, נאָר אים גאָר באַדײַטנדיק פאַרשטאַרקט ווי אַ צד אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט. בכלל איז דאָס פאַראייניפאַכן די קלאַסן־צעטיילונג נאָר צו צוויי שוין לאַנג אָפּגעפרעגט געוואָרן. לענין האָט בשעתו באַטראַכט פויערים ווי אַ יש אין דער קלאַסן־סטרוקטור אין געגעבענע פעלקער, ווי למשל רוסלאַנד, פאַרשטייט זיך, הגם ער האָט נישט אָפּגעפרעגט דעם פונדאַמענטאַלן דואַליזם פון די צוויי קלאַסן אין מאַרקסעס אַנאַליז.

ס'איז קלאָר, אַז וואָס מער אַן עקאָנאָמיע איז אַוואַנסירט, אַלץ גרעסער איז דער פּעכער פון די קלאַסן־אונטערשידן.

ס'איז קיין ספק נישט, אַז עס זענען נאָך פאַראַן מער אונטערשידן צווישן דעם ערפורטער און דעם הײַנטצײַטיקן שטאָקהאָלמער פּראָגראַם. מיר האָבן אָבער באַשלאָסן נאָר אויסצוטיילן די אויבן דערמאָנטע און זיי צו אילוסטרירן מיט דעם אַקטועלן טעקסט פון דער שטאָקהאָלמער דעקלאַראַציע.

ראשית־כּל, דעמאָקראַטיע ווי דעם אויסגאַנגס־פּונקט פאַר דעם אַלזײַטיקן אַנאַליז פון דעם עוואָלוציאָנערן גאַנג, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר דעם איינציקן וועג צום עווענטועלן איבערגאַנג צו אַ העכערער מדרגה פון קאָלעקטיוון צוזאַמענלעבן, צו סאָציאַליזם. נישטאָ מער דער אַרכאַיִשער קאַוטסקי=זאָג „אויף צו־מאָרגנס נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע". סאָציאַליזם וואַקסט אַרויס מיט דער צײַט פון דעם כּסדרדיקן אַנטוויקלונגס־פּראָצעס, וועלכער איז ניט שטענדיק אַ שטײַגנדיקער אין אַ דעמאָקראַטישער סטרוקטור פון אַ פאָלק. עכטע דעמאָקראַטיע קען נאָר דאַן געדײַען, ווען אידייען פלעכטן זיך אַרײַן אין אַ קאַמף צווישן קלאַסן און גרופּן און שפּילן אַ גאָר וויכטיקע ראָל אין סאָציאַל־פּאָליטישן געראַנגל.

ווי העט ווײַט די דאָזיקע דינאַמיק איז פון דער שטרענג אומבויגזאַמער אָרטאָדאָקסאַל מאַרקסיסטישער דאָקטרין.

און איצט וועלן מיר אילוסטרירן די פּאָר וויכטיקסטע פּרינציפּיעלע דימענ־סיעס פון דער באַהאַנדלטער דעקלאַראַציע, וועלכע מיר האָבן אויסגעטיילט פון צווישן אַ שלל פון אַקטועלע און לאַנגצוגיקע געדאַנקען, וואָס די 100 אויבן־דערמאָנטע פּאַראַגראַפן אַנטהאַלטן.

1) אין סאַמע אָנהייב: "די איצטיקע עקאָנאָמישע, טעכנאָלאָגישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע ענדערונגען רעפלעקטירן אַ טיפע טראַנספאָרמאַציע פון דער וועלט. די פונדאַמענטאַלע פראַגע איז נישט, צי ס׳וועט בכלל קומען, מיט דער צײַט, צו אַ ראַדיקאַלער ענדערונג, נאָר ווער ס׳וועט זי קאָנטראָלירן, און וויאַזוי".

2) "פּאָליטישע דעמאָקראַטיע איז פאַר סאָציאַליסטן די נויטיקע ראַם און דער פאָרבאַדינג פאַר אַלערליי רעכטן און פרײַהייטן".

3) "סאָציאַל־דעמאָקראַטיע צילט צו גאַראַנטירן די אינדיווידועלע און קאָאָפּעראַטיווע פרײַהייט, וועלכע זײַנען ביידע ענג פאַרבונדן צווישן זיך. זיי קענען נאָר דאַן דערגרייכט ווערן, ווען די מענטשהייט ווי אַ גאַנצע וועט מצליח זײַן אין איר געראַנגל צו דערגרייכן אַזאַ מדרגה, ווען קיין יחיד, קלאַס, געשלעכט, רעליגיע און ראַסע וועלן נישט זײַן אונטערטעניק איינער אונטער דעם אַנדערן" (דער נומער 3 פאַרלאַנגט אַ לענגערע אויפקלערונג, אָבער דאָס איז, נאַטירלעך, נישט מעגלעך אין די ראַמען פון דעם עסיי).

4) גאָר ספּעציפיש קלינגט דער אָפּזאַץ וועלכער זאָגט, אַז — "גערעכטיקייט מיינט דער סוף פון יעטוועדער דיסקרימינאַציע קעגן יחיד און דאָס גאַראַנטירן אַלעמען גלײַכע רעכט און געלעגנהייטן, ווי אויך די פרײַהייט צו זײַן אומאָפּהענגיק סײַ פון די באַזיצערס פון די פּראָדוקציע־מיטלען, סײַ פון די וואָס שטייען בײַ דער פּאָליטישער מאַכט".

דער לעצטער טייל פון דעם אָפּזאַץ פאַרלאַנגט אַוודאי און אַוודאי אַ באריכותדיקע באַהאַנדלונג. זי קלינגט זייער נאָוואַטאָריש אין סאָציאַליסטישן וואָקאַבולאַר.

5) גלײַכהייט שטעלט מיט זיך פאָר אַ באַגריף, וואָס איז באַזירט אויף דעם אָנווענדן פון גלײַכע ווערטן צו אַלע מענטשן. ווי אַ תּנאי מוז גילטן דער כּלל, אַז אין צענטער דאַרף זײַן די מאַקסימאַלע אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט.

ווי מיר זעען, נעמט דער פּרינציפּ פון גלײַכהייט דאָ אָן אַן אַנדערן כאַראַקטער ווי אין דער טראַדיציאָנעלער קאָנצעפּציע פון גלײַכהייט. פּסיכאָלאָגיע האָט דאָך געמאַכט ריזן־שריט פאָרויס זינט מאַרקס האָט אַנטוויקלט זײַן פילאָסאָפיע אָדער, בעסער געזאָגט, זײַן היסטאָריאָזאָפיע. מענטשלעכקייט דאָמינירט אין דעם נײַעם פּראָגראַם.

6) די דעקלאַראַציע האַלט אין איין אומקערן זיך צו איר באַגריף פון דעמאָקראַטיע. אָט מאַכט זי, למשל, אין פּאַראַגראַף די פאָלגנדיקע דערקלערונג: „דעמאָקראַטיע און ציווילע רעכט זײַנען נישט נאָר נויטיקע פּאָליטישע באַדינגונגען פאַרן סאָציאַליזם, נאָר זיי שטעלן מיט זיך פאָר די עצם סובסטאַנץ פון אַ דעמאָקראַטישער ווירטשאַפט און סיסטעם בכלל.

7) כאָטש איך האָב שוין פריִער דערמאָנט, אַז איך קען בשום אופן נישט אַפילו דערמאָנען אַלע אַספּעקטן, באַהאַנדלטע אין די קרוב 70 פּאַראַגראַפן, מוז איך מאַכן אַן אויסנאַם פאַרן פּאַראַגראַף 27, וועלכער דריקט זיך אויס אַזוי: „דעמאָקראַטישער סאָציאַליזם מיינט אויך קולטור־דעמאָקראַטיע. גלײַכע רעכט און געלעגנהייטן מוזן געגעבן ווערן אַלע קולטורן, און אַ גלײַכער צוטריט מוז געגעבן ווערן יעדער קולטור ממשיך צו זײַן איר נאַציאָנאַלע און אוניווערסאַלע קולטור־ירושה".

פאַרוואָס האָב איך אויסגעטיילט גראָד דעם פּאַראַגראַף? ס'איז קלאָר, אַז ער דריקט אויס אַ פונדאַמענטאַל בונדישן פּרינציפּ. מיר בונדיסטן געדענקען דאָך אונדזער ביטערן אידעיִשן קאַמף מיט אַזעלכע לאַנדפּאַרטייען, ווי די רוסישע, פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען או״וו. קולטור־פּלוראַליזם איז אויף אַזאַ אופן געוואָרן אַן אינטעגראַלער טייל פון אָפיציעלן סאָציאַליסטישן פּראָגראַם.

8) ענדלעך קומען מיר צו די סאַמע וויכטיקסטע פּאַראַגראַפן נר. 56 — 64, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר דאָס קאַפּיטל אונטערן נאָמען: „דאָס פאָרמירן דעם 21־טן יאָרהונדערט". ראשית, שטרײַכט אונטער דער פּאַראַגראַף נר. 56 דעם אינטערנאַציאָנאַליזם פון דער וועלט אין פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און סאָציאַלן זין. דער פּאַראַגראַף 57 רופט צו פאַרשטאַרקן די סאָציאַלע געזעצגעבונג פון וווילשטאַנד־שטאַט און רעכנט אויס דאָס רוב געביטן. ביז גאָר וויכטיק איז דאָס פאַרזיכערן די ריינקייט און דויערהאַפ־טיקייט פון דער נאַטירלעכער סביבה.

ווײַטער זאָגט זיך אין פּאַראַגראַף 59, אַז נאַציאָנאַליזאַציע ווי אַ וועג צום סאָציאַליזם מעג אַמאָל זײַן נויטיק, אָבער זי טאָר נישט באַטראַכט ווערן ווי אַן אַבסאָלוטער מיטל צו היילן די ווונדן פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. אויך עקאָנאָמישער וווּקס קען אַמאָל זײַן דעסטרוקטיוו, באַזונ־דערס ווען פּריוואַטע אינטערעסן קומען אין קאָנפליקט מיט סאָציאַלע און עקאָלאָגישע (נאַטור־) צילן פונעם כלל".

פּאַר' 60: „דעמאָקראַטישער סאָציאַליזם שטייט אויפן שטאַנדפּונקט פון סאָציאַליזאַציע (נאַציאָנאַליזאַציע) אין די ראַמען פון אַ געמישטער ווירטשאַפט", וואָס דאָס מיינט אין דער מאַרק־ווירטשאַפט זײַט־בײַ־זײַט מיט פּריוואַטער איניציאַטיוו. אָבער אָט די שטאַרקע דעקלאַראַטיווע פעסט־שטעלונג ווערט באַגלייט מיט פאָלגנדיקע באַוואָרענישן, ווי „דעמאָקראַ־

טיזאַציע, דעצענטראַליזאַציע פון דער פּראָדוקציע (אַנטי־מאָנאָפּאָליזם), מלוכהשע קאָנטראָל פון לאַנגצוזיקע אינוועסטיציע־ענדערונגען, וואָס קענען זיך שטאַרק אָפּרופן אויפן ווילזײַן פון כּלל". דער אָנטייל פון אַרבעטער אין קאָרפּאָראַטיווער פּאָליטיק (קאָרפּאָראַציע־פּאָליטיק), דאָס שטיצן קאָאָפּעראַטיוון פון אַרבעטער און פּאַרמער, דעמאָקראַטיזאַציע פון עפנטלעכע אונטערנעמונגען, דעמאָקראַטיזאַציע פון אינטערנאַציאָנאַלע פינאַנסיעלע אינסטיטוציעס, ווי דער אינטערנאַציאָנאַלער מאָנעטאַרער פאָנד און אַ"וו, און קאָנטראָל פון טראַנסנאַציאָנאַלע קאָרפּאָראַציעס, אײַנשליסלעך אינטערנאַציאָנאַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען (טרייד־יוניענס) א.ד.גל.

9) דער פּאַראַגראַף 61 ציט־אונטער אַ מין סך־הכּל, אַז "עס איז נישט פאַראַן קיין איינציק באַשטימטער מאָנאָליטישער מאָדעל פון סאָציאַל־עקאָנאָמישער דעמאָקראַטיע"... ווייטער: "פאַראַן אָרט פאַר דרייסטער עקספּערימענטאַציע אין פאַרשיידענע לענדער. דער אונטערשלאַק פון אַלע פאָרמען איז אָבער דאָך נישט קיין ריין פאָרמעלער, ווי למשל — קאָנטראָל פון שטאַט, נאָר אַזאַ וואָס שליסט אײַן דעם אַקטיוון אָנטייל פון אַרבעטער אין זייערע געמיינדעס (דאָס ענגלישע וואָרט *community* דריקט עס אויס בולטער). דער עיקר מוז די אולטימאַטיווע קאָנצענטראַציע פון עקאָנאָמישער מאַכט אין פּריוואַטע הענט אונטערליגן דער השפּעה פון **בירגער**, **קאָנסומענטן** און **לוין־אַרבעטער** (לוין־פאַרדינער), כּדי צו באַאײַנפלוסן די **ריכטונג און פאַרטיילונג פון פּראָדוקציע, די שליטה איבער די פּראָדוקציע־מיטלען און די אַרבעטס־באַדינגונגען**. אין אַזאַ סיסטעם מוז די דעמאָקראַטישע געזעלשאַפט קאָמפּענסירן פאַר די **דעפעקטן פון דער מאַרק־עקאָנאָמיע**. מיט איין וואָרט, די מלוכה מוז רעגולירן דעם מאַרק און פאַרזיכערן די אינטערעסן פון פאָלק, וואָס זאָל קענען געניסן פון די וואַקסנדיקע טעכנאָלאָגישע דערגרייכונגען.

ווי דער לייענער זעט, באַשטייט דער קווינט־עסענץ פון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם נישט אין אַ מאָדעל פון אַן אידעאַלער אָרגאַניזאַציע פון סאָציאַל־עקאָנאָמישן לעבן לויט דעם טראַדיציאָנעלן שטייגער פון קלאַסישן סאָציאַליסטישן געדאַנק. ס'איז קלאָר, אַז פאַר אַ וועלט־באַוועגונג, ווי ס'איז געווען די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע באַוועגונג בעת זי איז געווען באַהערשט פון דער מאַרקסיסטישער דאָגמע, איז איר מערכה צו באַאײַנפלוסן די ברייטע מאַסן און, דער עיקר, פיל אינטעלעקטואַלן, אַ סך, אַ סך גרינגער. דאַן האָט פּראָפּאַגאַנדע מיט אַ טיף עטישער און היסטאָרישער מאָטיווירונג געהאַט אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג. ליידער האָט די האַרבע ווירקלעכקייט פון אַוואַנסירטן קאַפּיטאַליזם נישט דערמעגלעכט אַזאַ מין אינטעלעקטועלן כּמו לוקסוס. אַ פּראַגמאַטישער פּראָגראַם־צוגאַנג איז אָן אַן ערך שווערער, און די שטאָקהאָלמער דעקלאַראַציע זעט דאָס פאָרויס. אַזוי, אַז אין פּאַראַגראַף נר. 5 ווערט געלייגט דער טראָפּ

אויף דערציִונג: "דאָס אַפּעלירן צו די עטיש־מאָראַלישע ווערטן, וואָס ציִען זיך פון דור צו דור, אויף דער קולטור־ירושה פון פאָלק און דער הילף, וואָס די געזעלשאַפט דאַרף און וועט געבן אין אַ סאָציאַליסטישן סיסטעם דעם יחיד צו אַנטוויקלען זיינע פּאָטענצן. פרייַהייט, סאָציאַלער יושר, סאָלידאַריטעט און טאָלעראַנץ מוזן זייַן אַן אַבסאָלוטער געבאָט אינעם דערציִונגס־ווען. דורות מוזן האָבן צווישן זיך אַ באַזונדערע באַציִונג. גאָר אַ ספּעציעלע באַציִונג דאַרפן יונגע דורות אַרויסווייַזן צום עלטערן דור". אויך די באַציִונג צווישן מאַן און פרוי פאַרנעמט אַ וויכטיקן אָרט אין אַזאַ סאָציאַליסטיש אָריענטירטער געזעלשאַפט.

צום ערשטן מאָל אין דער סעריע פּראָגראַמען זינט דעם "קאָמוניסטישן מאַניפעסט" פון 1848, באַקומט דער באַגריף אַ מענטשלעכן און גייַסטיקן מהות אין אַ סאָציאַליסטישן לבוש, אַזאַ באַשייַמפּדער גאַנצערערלעך עטיש מאָראַלישע און עקאָנאָמיש רעאַליסטישע, ווי אויך אַקטועל פּאָליטישע באַפּאַרבונג.

עס קומט בפירוש אַ גרויסער ישר כּוח דעם סאָציאַליסטישן אינטער־נאַציאָנאַל פאַר אונטערנעמען זיך מיט אַזאַ געוואַגטער, פון שטאַנדפּונקט פון די אידעאָלאָגישע חבלי לידה, אויפגאַבע.

אמת, דער פּראָגראַם זעט נישט פאַרויס קיין פאַרזיכערטן באַרג־אַרויף צום סאָציאַליזם, ווי ס'איז פריִער געווען דער פאַל. ס'וועלן זייַן אָן אַ שיעור זיגזאַגן און, מסתּמא, צייַטווייַליקע דורכפאַלן, וואָס איז אַזוי נאַטירלעך אין אַן עכט דעמאָקראַטישן סיסטעם. אָבער — אָן דער עטיש מאָראַלישער און גלייַכצייַטיק רעאַלער וויזיע פון סאָציאַליזם דראָט דער מאָדערנער ציוויליזאַציע אַן אומפאַרמייַדלעכע ירידה מיט טראַגישע פועל־יוצא'ס פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

(סוף פון דער סעריע "פון מאַרקסיזם ביז צו דער מאָדערנער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע")

# מאַרקסיזם אין ליכט פון דער ווירקלעכקייט

די קאַטאַסטראָפע פון קאָמוניזם אין מזרח־ און צענטראַל־אייראָפּע, ווי אויך די גרויסע געפאַרן, וואָס לויערן אויף סאָוויעט־רוסלאַנד גופא, בעטן ממש זיך צו פאַרטיפן אין דער כלומרשטער אידעאָלאָגישער באַזע פון מאַרקסיזם פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע.

מייַן באַצייכענונג "כלומרשט" איז נישט קיין צופעליקע, ווייַל די רוסישע רעוואָלוציע פאַסט זיך ווייַט נישט אַרייַן אין די ראַמען פון דער מאַרקסיסטישער היסטאָריאָזאָפיע. דאָך זייַנען אָבער באַשטימטע עלעמענטן אין דער רוסישער ווירקלעכקייט בלי ספק פאָרט געווען אויסגעשטעלט אויף מאַרקסיסטישער השפעה. חוץ דעם שפילט אויך אַ ראָלע דאָס, וואָס די עפנטלעכע מיינונג אין דער דעמאָקראַטישער וועלט אידענטיפיצירט אָפט פאַלשן קאָמוניזם מיטן סאָציאַליזם. איז דעריבער כדאי אויספירלעך צו באַהאַנדלען דעם שייַכות צווישן דער פּאַקטישער אַנטוויקלונג און די גרונט־פּרינציפּן פון מאַרקסיזם. דער עיקר וויל איך זיך קאָנצענטרירן אויף דער היסטאָריאָזאָפיע פון מאַרקסיזם און איר עוואָלוציע. דאָך האַלט איך פאַר נויטיק צו באַרירן, גאָר בקיצור, דעם אָפּקלאַנג, וועלכן דער מאַרקסיזם האָט געהאַט אויף אַ באַדייַטנדיקער צאָל אידעאָלאָגן אין יידישן לעבן, און אויך אויף די מאַסן־באַוועגונגען פון יידישן אַרבעטער־קלאַס.

מאַרקס האָט גרינטלעך אַנאַליזירט דעם קאַפּיטאַליזם פון מערב־אייראָפּע, באַזונדערס פון ענגלאַנד, דאָס אַוואַנסירטע קאַפּיטאַליסטישע לאַנד צו יענער צייַט. דאָס יידישע פאָלקס־לעבן איז געווען קאָנצענטרירט אין דער שפּעט־פעאָדאַלער, פרי־קאַפּיטאַליסטישער מזרח־אייראָפּע. פון דעסטוועגן האָט דאָרט דער מאַרקסיזם שטאַרק אַפּעלירט צו אַ גרויסן טייל פון דער פאָלקס־אינטעליגענץ, ווי אויך צו אַ באַדייַטנדיקער צאָל פון דער אַסימילירטער יידישער אינטעליגענץ אין מזרח־ און צענטראַל־אייראָפּע.

די פּיאָנערן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, ס'רוב אינטעלעקטואַלן, האָבן אָנגעשטעקט די יידישע אַרבעטער־מאַסע מיט זייער מאַרקסיסטישער וועלט־אָנשויונג. ס'איז אַפילו נישט דערמאָנט געוואָרן אין אָט דער סביבה דער פאַקט, אַז מאַרקס האָט פאַרנומען אַ געוויסע אַנטי־יידישע שטעלונג.

אין דערמאָן דאָס נאָר פאַרבײַגייענדיק, ווײַל מײַן עסיי האָט הויפּטזאַכלעך צו טאָן מיט דער גרונט־פילאָזאָפיע פון מאַרקסיזם.

אַלס אויסגאַנגס־פּונקט פאַר זײַן היסטאָריאָזאָפיע האָט אים געדינט די טעאָריע פון קלאַסן־קאַמף. דער קלאַס, וועלכער קאָנטראָלירט די פּראָדוקציע־מיטלען, דעצידירט אויך וועגן דער פאַרטיילונג פון דער נאַציאָנאַלער הכנסה. אַזויאַרום קומט מאַרקס צום אויספיר, אַז די מענטשהייט האָט אין איר היסטאָרישער אַנטוויקלונג אַדורכגעמאַכט די פאָלגנדיקע הויפּט־עפּאָכעס: 1. פּרימיטיווער קאָמוניזם, 2. שקלאַפן־ווירטשאַפט, 3. פעאָדאַליזם, 4. קאָמערציעלער פּרי־קאַפּיטאַליזם, 5. קאַפּיטאַליזם. צום סוף דאַרף זײַן אין דער צוקונפט די עפּאָכע פון סאָציאַליזם. דער ״קאָמוניסטישער מאַניפעסט״ פון 1848 קען אונדז דינען ווי אַ גוטע אילוסטראַציע פאַר אָט דעם אַנאַליז. אייגנטלעך איז דאָס געווען מער אַ סאָציאַל־פּאָליטישער מאַניפעסט פון דעם ״קאָמוניסטן־בונד״, וועלכן קאַרל מאַרקס און זײַן פרײַנד פרידריך ענגעלס האָבן געהאָלפן אָרגאַניזירן און זײַנען געווען זײַנע טאָנגעבערס. אויף אַזאַ אופן האָבן זיי נישט נאָר טעאָרעטיש פאָרמולירט זייער פילאָזאָפיע, נאָר גלײַכצײַטיק אויך געזאָרגט פאַר דער גרינדונג און אַנטוויקלונג פון אַ מאַסן־באַוועגונג. לכתּחילה איז זי געווען אונטערן נאָמען ״קאָמוניסטן־בונד״, און שפּעטער אין דער פאָרם פון דעם ערשטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, צו וועלכן עס האָבן בײַם אָנהויב אויך געהערט די אַנאַרכיסטן.

גאָר גיך האָט דער מאַרקסיזם משפּיע געווען די ליבעראַלע אינטעליגענץ, ווי אויך די אַנטשטאַנענע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס אין פאַרשיידענע מערב־לענדער. ער האָט בכלל באַווירקט, ווי די סאָציאָלאָגן רופן דאָס, דעם צײַטגײַסט״. זײַן הויכפּונקט האָט דער מאַרקסיזם דערגרייכט האַרט נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע אין 1917 (מערץ און אָקטאָבער) און נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין דער אמתן איז אָט דער וווקס פאַרבונדן מיטן לעניניזם, וועלכער האָט אָפּגעוואָרפן דעם גרונט־פּרינציפּ פון מאַרקסיזם, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט ברענגען דעם סאָציאַליזם אויף די חורבות פון אַ צעפאַלנדיקן קאַפּיטאַליזם, און ווען ער וועט זײַן רײַף פאַר אַזאַ סאָציאַלער רעוואָלוציע. איר דערפאָלג מוז, לויט מאַרקסן, זײַן געפּאָרט מיט דער אולטימאַטיווער דעגענעראַציע פונעם קאַפּיטאַליזם.

איצט, ווען דער אויפגעבלאָזענער קאָמוניסטישער בנין, באַזונדערס אין מזרח־ און צענטראַל־אייראָפּע, ליגט אין חורבות מיט ריזיקע שפּאַלטן אין ראַטן־פאַרבאַנד גופא — שטייען מיר פאַר אַ היסטאָרישן ווענדפּונקט, וואָס בעט זיך ממש צוריקצוגיין צו די אידעאָלאָגיש־פילאָזאָפישע וואָרצלען פון אָט דער אויפטרייסלונג. נישט די אַקטועלע פּאָליטישע געשעענישן

שטייען אין צענטער פון אָט דער אַנטוויקלונג, נאָר זייער היסטאָרישע אויסווירקונג אויף די אידייען פון מאַרקסיזם, קאָמוניזם און סאָציאַליזם.

אַ סך מאַרקסיסטן זײַנען, לײדער, דעצידירט צו פּאַרטײדיקן דעם מאַרקסיזם ווי אַ דאָגמע. די־אָ טענדענץ האָט זיך פֿאַרשטאַרקט אונטער דער השפּעה פֿונעם ראַטן־פֿאַרבאַנד, הגם ער האָט דאָך אַזוי בפירוש געזינדיקט קעגן דער מאַרקסיסטישער אַנטוויקלונגס־טעאָריע. למען האמת מוז מען זיך אָפּגעבן אַ חשבון, אַז ווען מאַרקס האָט געאַרבעט איבער זײַנע גרונט־ווערק, זײַנען די הײַנטצײַטיקע מאָדערנע סאָציאַלע וויסנשאַפֿטן, ווי סאָציאָלאָגיע, סאָציאַלע פּסיכאָלאָגיע, פּאָליטישע וויסנשאַפֿטן אד״גל געווען אין זייערע וויקעלעך, אָדער זיי האָבן בכלל נאָך נישט עקזיסטירט. דעריבער איז דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם און מאַרקס׳ טעאָריע פון סאָציאַלע רעוואָלוציעס געבויט אַ סך אויף ספּעקולאַציע, און כּדי צו באַקרעפטיקן די עטישע ענד־צילן, וועלכע ער האָט זיך געשטעלט.

די עווענטועלע קאָנפראָנטאַציע צווישן דער טעאָריע און דעם רעאַלן לעבן, האָט אַ טרייסל געטאָן אַ סך אַספּעקטן פון מאַרקסיזם. דער מאַרקסיסטישער קאָסמאָפּאָליטיזם האָט אייגנטלעך קיינמאָל נישט געפונען קיין לייזונג פאַר דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעמאַטיק פון דער מאָדערנער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט. אגב איז די איצטיקע טראַגישע שפּאַנונג צווישן די פעלקער אין ראַטן־פאַרבאַנד די בעסטע אילוסטראַציע פאַר אָט דער באַהויפּטונג.

נאָך דער לעצטער וועלט־מלחמה זײַנען אין אַ רייע לענדער געקומען צו דער מאַכט סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען דורך קאָאַליציעס מיט אַנדערע פּאַרטייען, אָדער דורך זייער אויסשליסלעכער קאָנטראָל. אָט די רעגירונגען האָבן געמוזט קודם־כּל זאָרגן פאַר די נאָרמאַלע טאָגטעגלעכע פליכטן פון דעמאָקראַטישע רעגירונגען פאַר זייערע בירגער, אין די ראַמען פונעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם. זיי האָבן געמוזט געבן די אַרבעטנדיקע מאַסן קאָנקרעטע סאָציאַלע לײַסטונגען דורך סאָציאַלע געזעצן. די געזעצן וועגן קאָלעקטיווע אָפּמאַכן צווישן די טרייד־יוניאָנס און אונטערנעמערס האָבן אַלץ מער און מער געגאָסן פון מלוכישער שוץ. דער מאַרקסיזם האָט אויף דער־אָ דערשײַנונג לחלוטין נישט געהאַט קיין ענטפער.

לויט מאַרקסן איז קאַפּיטאַל־פּאָרמירונג באַזירט אויסשליסלעך אויף דער עקספּלואַטאַציע פון אַרבעטער, וועלכע פאַרקויפן זייער אַרבעטס־קראַפט אויפן מאַרק צום אונטערנעמער, דעם אייגנטימער פון די פּראָדוקציע־מיטלען. דער לעצטער צאָלט דעם אַרבעטער נאָר פאַר אַ טייל פונעם מאַרק־ווערט פון דעם לוין, וואָס איז גלײַך מיטן אויפהאַלטן זײַן מינימום־עקזיסטענץ.

לויט מאַרקסן איז מערוועדט דער איינציקער קוואַל פון פּראָפיטן. דער קאַפּיטאַליסט איז אָבער געצוווּנגען, צוליב דער קאָנקורענץ, דעם רוב פון זײַנע ריווחים ווידער צו אינוועסטירן אין מער און מער מאַשינען. במילא פאַלט

דער ריווח אין פּראָפּאָרץ צום אינוועסטירטן קאַפּיטאַל. דער קאַפּיטאַליסט מאַכט דאָס אָפּטמאַל דורך פאַרשטאַרקן די עקספּלואַטאַציע פון די לוין־אַרבעטער. ער קען דאָס אַזוי טאָן, ווײַל די טעכנאָלאָגישע מעגלעכקייטן פאַרמינערן פּראָפּאָרציאָנעל די נאָכפראַגע אויף אַרבעטס־קראַפט. עס שאַפט זיך דעריבער אַן אַזויגערופענע "רעזערוו־אַרמיי" פון אַרבעטער, בעסער געזאָגט, פון אַרבעטסלאָזע. דער אַרבעטער ווערט שטאַרק פאַראָרעמט. די קאַפּיטאַליסטן פאַרקלענערן נאָך מער די לוינען. די קאָנסומענטן־מאַסע ווערט דעריבער נאָך אָרעמער. איר קויף־קראַפט פאַלט, און דער רעזולטאַט פון דעם איז – אַ ווירטשאַפטלעכע דעפּרעסיע. מיט דער צײַט ווערט די דעפּרעסיע אַלץ שווערער און שווערער, ביז וואַנען דער סיסטעם פּלאַצט, און עס קומט צום סוף די ריי פאַר דעם סאָציאַליזם. אויף אַזאַ אופן ווערן ענדגילטיק, לויט אָט דער סכעמע, געלייזט די אינערלעכע קאָנפליקטן פון דעם קאַפּיטאַליזם גופא.

מ׳קען נישט דערוואַרטן קיין שום ממשותדיקע הילף מצד די רעגירונגען צו פאַרטיידיקן דעם אַרבעטער־קלאַס. אַפילו אין אַ דעמאָקראַטישער אָרדענונג וועט דער באַזיצנדיקער קלאַס אויסנוצן דעם מאַכט־אַפּאַראַט, ווען די עצם עקזיסטענץ פון קאַפּיטאַליזם וועט ווערן באַדראָט. אין דער אמתן איז אָבער, מיט דער צײַט, געוואָרן קלאָר, אַז ווען דער קאַפּיטאַליזם ווערט רײַפער, ווי למשל אין אַ רייע מערב־ און צפון־אייראָפּעיִשע לענדער, שפּילט גראָד די מדינה זייער אָפט אַ פּאָזיטיווע ראָל אין מילדערן די קלאַסן־קעגנזאַצן דורך דער סאָציאַלער און פינאַנסיעלער געזעצגעבונג. די מדינה העלפט אויך צו מילדערן די שאַרפקייט פון די עקאָנאָמישע דעפּרעסיעס.

איבערגייענדיק צוריק צו די פּראָבלעמען פון לעניניזם און מאַרקסיזם, דאַרף דאָ ווערן פעסטגעשטעלט, אַז רוסלאַנד איז ווײַט נישט געווען רײַף פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. גיך, גאָר גיך איז פאַרשווונדן פון דער רוסישער ווירקלעכקייט אַפילו די וויזיע פון אַן עוונטועלן אונטערגאַנג פון דער מלוכה־מאַכט אַזוי ווי מאַרקס האָט דאָס פריִער פאָרויסגעזען. דער טאָטאַליטאַריזם פונעם פערזאָנען־קולט האָט, נאַטירלעך, געגעבן אַ טויט־קלאַפּ דער טעאָריע פון דער "דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט" ווי אַ צײַטווײַליקן איבערגאַנגס־פּעריאָד. די וואַקסנדיקע שער צווישן די מאַרקסיסטישע פּרינציפּן און דער רוסישער ווירקלעכקייט האָט אָן שום ספק שטאַרק אָפּגעשוואַכט די מערכה פון מאַרקסיזם. דאָך איז אָבער די אײַנרעדעניש, וואָס אידענטיפיצירט מאַרקסיזם מיט קאָמוניזם, לײדער שטאַרק פּאָפּולער, ווײַל דאָס איז אין דעם אינטערעס פונעם קאָנסערוואַטיוון לאַגער אויף דער גאָרער וועלט.

גאָר אַנדערש ווי מאַרקס האָט דאָס פאָרויסגעזאָגט, האָט זיך אַנטוויקלט די סיטואַציע אין אַ ריי מערב־אייראָפּעיִשע, און באַזונדערס אין די סקאַנדי־נאַווישע לענדער, מיט שוועדן בראָש. דאָרט האָבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן,

דורך פּאָליטישער און עקאָנאָמישער אַקציע, און מיט דער הילף פון דעם וואַל־צעטל און דער אינטערווענץ פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, אויסגענוצט די מאַכט פון דער מדינה פאַר דעם ווװילזײַן פונעם פּאָלק. נאַטירלעך, אַז דער דערפאָלג פון אַזאַ ליבעראַלער אינטערפּרעטאַציע איז אָפּהענגיק פון דער פּאָטענץ פון דער "געמישטער ווירטשאַפט", ווי אויך פון דעם, ווי טיף די דעמאָקראַטיע איז פאַראַנקערט אין דער קולטור פון דעם געגעבענעם פאָלק.

אַ געמישטע ווירטשאַפט איז אַזאַ ווירטשאַפט, אין וועלכער דער מלוכישער, קאָאָפּעראַטיווער און דער פּריוואַטער סעקטאָר שטרעבן נישט איינער דעם אַנדערן צו ליקווידירן. איר ציל איז צו פאַרזיכערן אַ מאַקסימאַלע נאַציאָנאַלע הכנסה, און איר יושרדיקע פאַרטיילונג אין די ראַמען פון אַ דעמאָקראַטישן סיסטעם.

* * *

אין סך־הכּל וויל איך מאַכן די פאָלגנדיקע אויספירן:

1) דער מאַרקסיזם וועט ווײַטער באַווירקן די אַנטוויקלונג פון די אידייען פון סאָציאַלער עטיק אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט. וואָס עס שוואַכט אָבער אָפּ זײַן אויסווירקונג אין דער צוקונפט, איז די אידייע פון דער איבערגעטריבענער טרײַב־קראַפט פון קלאַסן־קאַמף אין דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט.

2) טאָטאַליטאַריזם איז נישט קיין ריין באָלשעוויסטישע אידייע. הגם קאַרל מאַרקס האָט זיכער נישט פאָרויסגעזען די עקסטרעם־ברוטאַלע קאָנסעקווענצן פון דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור אין ראַטן־פאַרבאַנד, איז אָבער פאַראַן אַן אומדירעקטער שײַכות צווישן דער רוסישער טראַגעדיע און געוויסע מאַרקסיסטישע הנחות.

3) די שוואַכקייט פון דער מאַרקסיסטישער היסטאָריאָזאָפיע איז — דאָס נעגירן די ראָל פון נישט־עקאָנאָמישע מאָטיוון אין דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. ווי אַן עקסיאָמע האָט מאַרקס אָנגענומען, אַז דער מענטש איז פון דער נאַטור גוט, און ער וועט אין אַ קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט האַנדלען ווי אַן אידעאַלער מיטגליד פונעם כּלל. אונדזער טרויעריקע דערפאַרונג מיטן פאַשיזם און סטאַליניזם האָט אָפּגעשוואַכט דעם גלויבן אין אָט דעם פּרינציפּ.

4) מאַרקס האָט באַטראַכט טעכנאָלאָגישן וווּקס ווי אַן אַבסאָלוטע ברכה פאַר פאַרבעסערן די קוואַליטעט פון לעבן. אָבער אַזאַ וווּקס קען אויך ברענגען גרויסע איבלען, ווי למשל: האַסטיקע אורבאַניזאַציע, פאַרסמטע פיזישע אומגעבונג. עס קומען דעריבער אויף פאַרשיידענע סאָציאַלע פּראָבלעמען, וואָס דאַרפן ווערן געלייזט.

5) וואָס ווײַטער, אַלץ בולטער ווערט די איבערצײַגונג, אַז נאָר אַ ברייט

**פּאַרמאָסטענע סאָציאַלע פילאָזאָפיע, וואָס וועט אײַנגלידערן אַ סך מער דימענסיעס, ווי מאַרקס האָט דאָס געטאָן, קען ווידער געווינען דעם מאָראַלישן שוווּנג, וועלכן דער מאַרקסיזם האָט אַמאָל געהאַט דערגרייכט.**

6) **גראָד דאָס קאָנפראָנטירן מאַרקסיזם און זײַן פּאַקטישע אָנווענדונג מיט דערווירקלעכקייט, שפּאַנונג און האָפענונגען פון דעם מאָדערנעם מענטש, קאָן מעגלעך מאַכן צו שאַפן די וויזיע פון אַ וועלט פון יושר, שלום און גערעכטיקייט.**

דער מאַרקסיזם ווי אַ פילאָזאָפיע מאַכט טאַקע אַדורך אַן ערנסטן קריזיס, אָבער זײַן דערהויבענע עטישע, סאָציאַליסטישע וויזיע בלײַבט נאָך אַלץ די איינציקע האָפענונג פון דער שווער געפּרוּווטער מענטשהייט.

„אונזער צײַט", יוני־יולי 1990

## עקאָנאָמישע פּלאַנירונג
## אין געמישטעווירטשאַפטן

דער באַגריף פון עקאָנאָמישער פּלאַנירונג איז אַ גאָר אַלטער. כּמעט ווי ביז צו דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע, ד״ה ביז אַן ערך דעם לעצטן פערטל פון 18־טן י״ה איז פּלאַנירן אין די ראַמען פון דעם געגעבענעם אַדמיניסטראַטיוון איינס (מוניציפּאַליטעט, פירשטנטום אאַ״וו) געווען נאַטירלעך, און אַפילו זעלבסטפאַרשטענדלעך.

דאָס גאַנצע סאָציאַל־עקאָנאָמישע לעבן איז ביז דאַן געווען רעגולירט נישט נאָר דורך טראַדיציע, נאָר אויך דורך דעם געזעץ. וואָס עס האָט אָבער געפעלט, איז אַן אַ״ג קאָמפּראָהענסיווער פּלאַן. אין באַשטימטע געזעלשאַפטן איז אַפילו אַזוינס געווען כּמעט ווי בנמצא, ווי למשל, דער גראַנדיעזער אַנטוויקלונגס־פּלאַן פון קאָלבער אין פראַנקרײַך אין 17־טן י״ה.

מיטן אויפשטײַג פון דער בורזשואַזיע צו דער מאַכט, איז פאָרגעקומען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין דער באַציִונג פון מלוכהשער אָדער עפנטלעכער קאָנטראָל פון דער ווירטשאַפט. צוערשט די ״פיזיאָקראַטן״ איז פראַנקרײַך, אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר קעניי, און שפּעטער אַדאַם סמיט אין ענגלאַנד, האָבן פאָרמולירט און ברייט אַנטוויקלט די טעאָריע פון ״לעסעי־פער״ אין דער ווירטשאַפט. אַדאַם סמיט, דער באַגרינדער פון דער קלאַסישער עקאָנאָמיע, האָט אין זײַן באַרימטן ווערק ״אַן אָרײַנבליק אין דער עשירות פון פעלקער״ (פובליקירט אין יאָר 1776) אַנטוויקלט דעם פּרינציפּ פון דער ״נישט־זעבאַרער האַנט״ אין דער מאַרק־ווירטשאַפט, וואָס דאָס מיינט פּשוט, אַז יעטוועדער דאַרף האַנדלען לויט זײַן אײַנזען (אין די ראַמען פון געזעץ) און דורך פרײַער קאָנקורענץ, וועט שוין די ווירטשאַפט ווי אַ גאַנצע געניסן דערפון. וואָס גרעסער אָט די פרײַע קאָנקורענץ, אַלץ גרעסער וועלן זײַן די שאַנסן פאַר דער מאַקסימאַלער טובֿה פונעם פאָלק ווי אַ גאַנצן.

אַזוי טיף איז אָט די דאָקטרין פון ״לעסעי פער״ אַרײַנגעדרונגען אין דעם סאָציאַל־פּאָליטישן גבול, אַז עס איז געוואָרן די דאָמינירנדיקע דאָגמע פון מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם.

אַ טעאָריע, וואָס ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ קאַרדינאַלער דאָקטרין, לעבט מיט איר אייגענער אינערץ און האַלט אויס בדרך כּלל אַ סך לענגער,

ווי דאָס רעאַלע לעבן נויטיקט זיך אין איר. זי נעמט אָפּט אָן די ראָל פֿון אַ מיטאָס, וואָס דינט ווי אַ טאַרמאָז קעגן דעם דינאַמישן פּראָצעס פֿון סאָציאַלער מעטאַמאָרפאָזע. וואָס גרעסער ס׳איז די נויטווענדיקייט פֿון האַסטיקע ענדערונגען, אַלץ שטאַרקער ווערט עקספּלואַטירט די כּמעט מיס־טישע, טראַדיציאָנעלע דאָגמע דורך די געגעבענע קאָנסערוואַטיווע כּוחות. אין רעזולטאַט ווערט דער היסטאָרישער גאַנג, אויב נישט פֿאַרהאַלטן, איז שטאַרק אָפּגעשוואַכט.

די ממש טראַגישע עקאָנאָמישע דעפּרעסיע פֿון די 1930־ער יאָרן, וואָס האָט נישט ווייניק גורם געווען צום אויפשטייַג פֿון היטלעריזם און דעם אויסברוך פֿון דער קאַטאַסטראָפֿאַלער צווייטער וועלט־מלחמה, איז אָן שום ספק אויך טיילווייַז אַ רעזולטאַט פֿון דעם צוזאַמענברוך פֿון דער גלייַכגעוויכט צווישן דער הערשנדיקער דאָגמע און דעם דינאַמישן היסטאָרישן פּראָצעס.

די אַ״ג ״קעינזישע רעוואָלוציע״ — ווי זי ווערט אָפּט אָנגערופֿן פֿון די מיטן 30־ער יאָרן — האָט טאַקע געהאַט פֿאַר אַ ציל צוריקצושטעלן אַ מער רעאַליסטישן שייַכות צווישן די אַקטועלע עקאָנאָמישע טענדענצן און דער כּמו ווי ״קאַנאָניזירטער״ קאָנצעפּציע פֿון ״לעסעי פער״.

קעינז האָט טיילווייַז דורכגעבראָכן דאָס אייַז און גורם געווען אַ שטייַגנדיקן אינטערעס פֿון רעגירונגען אין דער ראָל פֿון באַלאַנסירן עקאָנאָמישע ציקלען. מיט אַנדערע ווערטער — רעגירונגס־אינטערווענץ צו קאָמפּענסירן דעם מאַנגל אין פּריוואַטער איניציאַטיוו צוריקצושטעלן פֿולע באַשעפֿטיקונג, האָט ענדלעך מנצח געווען אַ סך פֿאָראורטיילן און באַקומען פֿולע בירגעררעכט אַפֿילו אין הויך־קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם.

די צווייטע וועלט־מלחמה, דאָס אַנטשטיין פֿון אַ סך נייַע עקאָנאָמיש הינטערשטעליקע סוווערענע מדינות; דער ריזיקער אויפשוווּנג פֿון אויטאָ־מאַציע; דאָס פֿאַרשפּרייטן זיך פֿונעם סיסטעם פֿון סאָציאַלע פֿאַרזיכערונגען אאַ״וו, האָבן אָבער געשטעלט אין שאָטן די ״קעינזיאַנער רעוואָלוציע״ אין עקאָנאָמישן געדאַנק אין באַצוג צו פֿלוקטואַציע, און האָבן אַוועקגעשטעלט אין סאַמע צענטער פּראָבלעמען פֿון ענדערן די עצם סטרוקטור פֿון די געגעבענע ווירטשאַפֿטן.

עקאָנאָמישע סטרוקטור קען דעפֿינירט ווערן ווי די פֿאָרם, וואָס איז כּולל די פֿאַרשיידענע באַשטאַנדטיילן פֿון דער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפֿט און זייער קעגנזייַטיקער פּראָפּאָרץ, ווי למשל, די פּראָצענטועלע גרויס פֿון אַגריקולטור צו אינדוסטריע, אויסגעדריקט אין זייער רעספּעקטיווער ראָל אין דער נאַציאָנאַלער הכנסה אאַ״וו. די צוריק־אויפֿריכטונג פֿון שטאַרק באַ־שעדיקטע דורך דער מלחמה מדינות האָט פֿאַרלאַנגט קלאָרע פּלענער. אויף דעם באָדן איז אויפגעקומען דער פּלאַן פֿון מאָדערניזאַציע פֿון אינדוסטריעס אין פֿראַנקרייַך האַרט נאָך דער מלחמה; דאָס פּלאַנירן אין האָלאַנד, נאָרוועגיע

אאַ"וו. עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז דעם גרעסטן שטויס צו פּלאַנירן האָט געגעבן דער מאַרשאַל־פּלאַן, וועלכער האָט פּאַרפּליכטעט יעטוועדע פון אים געניסנדיקע מדינה צוצושטעלן אַ קורץ־ און אַ לאַנג־טערמיניקן פּלאַן פון אַנטוויקלונג (קורץ מיינט — פאַר דעם לויפנדיקן ביז צוויי יאָר, און לאַנג — פון 5 יאָר און מער). ס'רוב נײַ־אַנטשטאַנענע מדינות האָבן באַלד נאָך זייער געבורט אָנגענומען דעם פּלאַנירונג־סיסטעם, און דאָס זײַנען קודם־כּל אינדיע און פּאַקיסטאַן.

אָט־אָ דער וואַקסנדיקער אינטערעס אין פּלאַנירן איז, פאַרשטייט זיך, אַ רעלאַטיוו נײַע דערשײַנונג אין געמישטע ווירטשאַפטן אין מערב־אייראָפּע און אין די נישט־אַנטוויקלטע לענדער. אין קאָמוניסטישע לענדער איז פּלאַנירונג די סאַמע באַזע פון זייער עקאָנאָמישן פונקציאָנירן. זייער סיסטעם איז ביז לעצטנס געווען געבויט אויף דעם פּרינציפּ פון שטאַרקער צענטראַליזאַציע, נאַציאָנאַליזאַציע און האַסטיקער פאַרניכטונג פון די רעשטלעך פון פּריוואַט־קאַפּיטאַל. פאַרשטייט זיך, אַז דער־אָ מאָדעל האָט נישט געקענט דינען ווי אַ מוסטער פאַר געמישטע ווירטשאַפטן (מיט דעם טערמין "געמישטע ווירטשאַפטן" באַצייכענען מיר אַזאַ עקאָנאָמישן סיסטעם, וועלכער באַשטייט פון מלוכהשן און פּריוואַטן סעקטאָר, וואָס ביידע דערגענצן זיך און צילן נישט צו קיין קעגנזײַטיקער פאַרניכטונג).

די אַנטוויקלונג פון דעם סאָוויעטישן סיסטעם פון פּלאַן־ווירטשאַפט איז אַ טעמע פאַר זיך. וואָס עס לאָזט זיך זאָגן בקיצור, איידער מיר קערן זיך אום צו דער פּראָבלעמאַטיק פון עקאָנאָמישער פּלאַנירונג אין דער געמישטער אַ"ג מאַרק־ווירטשאַפט, איז — אַז דער קאָמוניסטישער סיסטעם האָט איצט אַדורכגעמאַכט אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטע עוואָלוציע אין דער ריכטונג פון אַן עלאַסטישער פאַרטיילונג פון ראָלן, מיט אַ בפירושדיקער כּוונה צו שטאַרקן די איניציאַטיוו און אינטערעס פון באַזונדערע אונטערנעמונגען.

דער ליבערמאַניזם אין רוסלאַנד איז נאָר איינער פון אָט די סימפּטאָמען. יוגאָסלאַוויע איז געווען די סאַמע אַוואַנסירטע קאָמוניסטישע מדינה אין אָט דער גרונטיקער אַנטוויקלונג צו דעצענטראַליזאַציע אין די ראַמען פון אַן אַלגעמיינעם פּלאַן, וואָס אַקצענטירט קאָנקורענץ, זעלבסט־אינטערעס פון די פירמעס, קאָאָפּעראַטיוון א"אַנד. אַפילו דער עצם פּלאַן, לויט זײַן סטרוקטור, מהות און דעם אופן וויאַזוי ער ווערט אויסגעאַרבעט און אָנגענומען מיט דער מיטהילף פון די פאַראינטערעסירטע עקאָנאָמישע גרופּעס (אַרבעטער, אונטערנעמונגען אאַ"וו), איז שוין הײַנט־צו־טאָג אַ סך נאָענטער צום פראַנצויזישן מאָדעל, ווי צום רוסישן.

קיין וווּנדער נישט, וואָס עס זײַנען פאַראַן ערשטראַנגיקע עקאָנאָמיסטן, ווי למשל דער באַרימטער האָלענדישער עקאָנאָמיסט יאַן טינבערגען, וועלכע האַלטן, אַז ביידע סיסטעמען (דער קאָמוניסטישער און דער מערב־

אייראָפּעיִשער) וויַיזן אַ בפירושע טענדענץ צו טרעפן זיך ערגעץ אין מיטן פון דעם אידעאָלאָגישן ספּעקטרום. דער פּאָלאַריזאַציע־פּראָצעס ווערט אויף אַזאַ אופן געמילדערט דורך דער קאָנווערסיע, וואָס שאַפט אַ סאָלידע באַזע אין דער צוקונפט פאַר קאָעקזיסטענץ.

לאָמיר זיך אָבער צוריק אומקערן צום מערבדיקן סיסטעם פון פּלאַנירונג, כּדי צו געפינען און אָפּצושאַצן די ריכט־שנור, לויט וועלכער עס אַנטוויקלט זיך דער אַ״ג ״וווילשטאַנד״־קאַפּיטאַליזם. ס׳איז נישט גרינג צו געפינען איין דעפיניציע, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע פאָרמען פון מערב־אייראָפּעיִשער פּלאַן־ווירטשאַפט, קודם־כּל דערפאַר, ווייַל אין אַ טייל לענדער, ווי אין האָלאַנד, זייַנען בכּלל נישט פאַראַן קיין קלאָר פאָרמולירטע פּלענער. הגם האָלאַנד איז צום מערסטן אַוואַנסירט אין אָנווענדן מאַטעמאַטישע טעכניק צו אַ כּמו פּלאַן־סיסטעם, האָט זי אָנגענומען אַ פאָרם פון פּראָוויסאָרן די נאָענטסטע (איין יאָר) צוקונפט פון דער נאַציאָנאַלער עקאָנאָמיע. אָט־אָ די ווירטשאַפט־נבואה פאַר די פּלאַנירטע יאָרן איז באַזירט: אויף די זייער פּרעציזע אָפּשאַצונגען פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן מאַרק; אויף אַקטועלע אינוועסטיציע־פּלענער פון די 100 גרעסטע קאָרפּאָראַציעס אין לאַנד; אויף אינערלעכער אינפאָרמאַציע וועגן רעגירונגס־פּלענער; אויף דער לויפנדיקער פּאָליטיק פון דער צענטראַלער מלוכהשער באַנק; אויף אַנטוויקלונגען אין דעם ״געמיינזאַמען אייראָפּעיִשן מאַרק״ אאַ״וו, מיטן צוועק צו קאַלקולירן דעם דערוואַרטעטן פּראָצענטועלן וווּקס פון דער נאַציאָנאַלער הכנסה במשך פון דעם נאָענטסטן יאָר.

אויבנאויפיק קאָן מען טענהן, אַז אייגנטלעך איז עס ענלעך צו די רעזולטאַטן פון דעם ״עקאָנאָמישן ראַט״ בייַם אַמעריקאַנער פּרעזידענט. אַזאַ באַגריף איז אָבער פאַרפּירעריש, ווייל — ערשטנס, איז האָלאַנד אַ צענטראַליזירט לאַנד, און דעריבער איז אַ סך גרינגער צו פּראָיעקטירן די נאָענטסטע אַנטוויקלונג, בעת אַמעריקע איז אַ פעדעראַטיווע מדינה, און דער עיקר: עס ווענדט זיך צו וואָס די נבואה דינט.

אין האָלאַנד בילדעט זי אַ באַזע פאַר לוין־, און פּרייַז־רעגולאַציעס. דאָס לאַנד האָט אַ קאָמפּליצירטן און, ווי עס ווייַזט אויס, אַ ביז גאָר עפעקטיוון מעכאַניזם צו רעגולירן די הכנסה־פּאָליטיק פון קאַפּיטאַל און אַרבעט. אויב מען גיט צו דעם נאָך צו דעם פאַקט, וואָס האָלאַנד האָט אַ זייער אינטענסיוון סיסטעם פון רעגיאָנאַלער און אורבאַניסטישער פּלאַנירונג, ווי אויך, ביז 1963, אַ יערלעכן אינדוסטריאַליזאַציע־פּראָגראַם, וועלכן די רעגירונג פלעגט יעדעס יאָר פאָרשטעלן פאַר דעם פּאַרלאַמענט, איז ניט שווער צו זען וויאַזוי אָט דאָס לאַנד האָט אַדורכגעמאַכט אַזאַ ריזיקע עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג זינט דעם סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אַדאַנק איר פּאַקטישן פּלאַנירונג־סיסטעם.

זינט די 50־ער יאָרן אַרבעט מען איבער אַ 20־יאָריקן ווירטשאַפט־פּראָגנאָז, וועלכער קען שוין נישט האָבן אַזאַ רעאַלן עפעקט, ווי די יערלעכע פּר־אָיעקטירונגען. וויבאַלד אַזוי, הלמאי האָט האָלאַנד נישט אַקצעפּטירט אַן אָפיציעלן פּלאַן־סיסטעם? — דאָס איז גאָר פּשוט צוליב דעם ווידערשטאַנד פון דעם שטאַרקן און גוט אָרגאַניזירטן אונטערנעמער־קלאַס.

דאָס — דע פאַקטאָ — פּלאַנירן איז קודם־כּל אין די אינטערעסן פון קאַפּיטאַל. נישט געקוקט אויף אַלע באַמיִונגען אַריַינצופירן אַ מער יושרדיקע פאַרטיילונג פון דער נאַציאָנאַלער הכנסה און אַ גאָר שטאַרק אַנטוויקלטן סיסטעם פון סאָציאַלע פאַרזיכערונגען, וואָס רעפּרעזענטירן אַן ערך 17% פון דער טאָטאַלער נאַציאָנאַלער הכנסה, געניסט פּאָרט דער אונטערנעמער־קלאַס פון אַ פּראָפּאָרציאָנעל שטיַיגנדיקן פּראָצענט פון דער הכנסה. און דאָך איז נאָך אַלץ צווישן זיי די שׂינאה צו פּלאַנירן גאָר שטאַרק. אָט פאַרוואָס זיי האָבן אַקצעפּטירט אַ מין סוראָגאַט־פּלאַן־ווירטשאַפט, און נישט אַפילו אַזאַ מאָדעל ווי דער, וועלכן פראַנקריַיך האָט אַנטוויקלט. קיין וווּנדער נישט, וואָס לעצטנס האָט דאָס לאַנד אַדורכגעמאַכט אַ מין "לוין־עקספּלאָזיע", ווי מ'האָט עס אָנגערופן אין האָלאַנד, אַזוי אַז די לוינען האָבן צום סוף געגומען האַסטיק שטיַיגן, ווי 15% אין 1964 און 7.5% אין 1965.

דאָס בילד פון דער האָלענדישער פּלאַנירונג וואָלט נישט געווען קאָמפּ־לעטירט אָן אַ קורצער באַשריַיבונג פון דער סטרוקטור פון דעם אייגנאַרטיקן "פּלאַנירונג"־סיסטעם. ערשטנס, עקזיסטירט זינט 16 יאָר אַ צענטראַלער פּלאַנירונגס־ביוראָ ביַים מיניסטעריום פאַר עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. דאָס ביוראָ איז אין דער ערשטער ריי אַ פאָרש־אינסטיטוט. חוץ דעם הויך־קאָמפּעטענטן שטאַב פון אָנגעשטעלטע, ווערט יעטוועדער פּראָגנאָז אַדור־רכדיסקוטירט אין אַ קאָמיטעט, אין וועלכן עס זיַינען רעפּרעזענטירט די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, אונטערנעמער־פאַרבאַנדן און פאַרשידענע מיני־סטעריומס. ווען דער פּלאַן איז פאַרטיק, מוז ער ווערן איבערגעשיקט צום "סאָציאַל־עקאָנאָמישן ראַט" — אַ פּערמאַנענטע באַראַטונגס־אינס־טיטוציע, וועלכע באַשטייט פון דריַי גליַיכע סעקטאָרן: פאָרשטייער פון די פּראָפ. פאַראיינען, אונטערנעמער־פאַרבאַנדן און — אויך אַ דריטל — פון דער רעגירונג, רעקרוטירט דערהויפּט פון צווישן אינטעלעקטואַלן, ס'רוב עקאָנאָמיסטן. די לעצטע באַקומען פריַיע הענט אין זייערע שטימען און אַרויסגעבערענגטע מיינונגען. אָט דער ראַט, וועלכער שפּילט אַ גרויסע ראָל, מחמת ער רעפּרעזענטירט דעם הויפּט־באַזיס, אויף וועלכן עס שטיצט זיך די געגעבענע רעגירונג, און אויך דערפאַר, וויַיל אַלע געזעצן וואָס האָבן צו טאָן מיט סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, מוזן דאָרט פריִער באַהאַנדלט ווערן איידער זיי ווערן געבראַכט פאַר דעם פּאַרלאַמענט. דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער ראַט דריקט אויך אויס זיַין שטעלונג וועגן דעם פּראָצענט

פונעם עקאָנאָמישן וווּקס, וועלכן דער פּלאַנירונגס־אַמט רעקאָמענדירט.

אויף דעם אופן ווערט דאָס פּלאַנירן אַ וויכטיקער כּלי־זיין פון די שליסל־גרופּעס, וואָס באַאיינפלוסן דעם פּלאַנירונגס־פּראָצעס לויט זייערע קלאַסן־אינטערעסן אין שייכות מיט דער אַלגעמיינער אויסווירקונג אויף דער גאַנצער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט.

ווי אַ רעזולטאַט פון די אויבן־דערמאָנטע פאַרשיידענע פּלאַנירונגס־אָרגאַנען, האָט דאָס לאַנד באַוויזן צו מאַכן גרויסע שריט פאָרויס צו אַן אַוואַנסירטער אינדוסטריאַליזאַציע, אַ העכערן לעבנס־ניוואָ אאַ״וו.

שוועדן, דאָס לאַנד וואָס ווערט רעגירט פון דעמאָקראַטישע סאָציאַליסטן שוין מער ווי צוויי דורות, האָט נאָך אַ סך אַ שוואַכערן פּלאַנירונג־סיסטעם ווי האָלאַנד. דאָך וואָלט פאַלש געווען אויסצופירן, אַז זי האָט בכלל נישט קיין פּלאַן־סיסטעם. דער אמת איז, אַז אין אַ ווירטשאַפט, וואָס איז אָריענטירט דערהויפּט אויף פּריוואַט־אייגנטום, איז די גרענעץ צווישן אַ צילבאַוווּסטזיניקער עקאָנאָמישער פּאָליטיק פון דער רעגירונג און פּסעודאָ־פּלאַנירונג — זייער מטושטשדיק. דאָס איז טאַקע דער פאַל מיט שוועדן. אַ פירנדיקער שוועדישער עקאָנאָמיסט, האַן טאַרעלי, האָט עס זייער בולט אויסגעדריקט אין אַן אַרטיקל אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן ביולעטין פון סאָציאַלע וויסנשאַפטן (1956, ז׳ 253), א.ד.ט. ״שוועדן אין דער פאָרמירונג פון איר סאָציאַל־עקאָנאָמישער פּאָליטיק״: ״ס׳איז האָפענונגסלאָז פאַר אַן אָבסערוואַטאָר צו זוכן אַן אינטעגרירטן פּלאַן אין שוועדן״ — זאָגט ער דאָרט, און באַגלייט עס מיט דער באַמערקונג: ״אויסלענדער האָבן אָפּט אילוזיעס וועגן שוועדנס פּלאַן־ווירטשאַפט״. דאָ געפינען מיר, הגם אַנדערש ווי אין האָלאַנד, אַ מין טאַקטישע כּמו־פּלאַנירונג אין דער פאָרם פון אַ **נאַציאָנאַלן בודזשעט**, וועלכן די רעגירונג טראָגט אַריין יעדעס יאָר זינט 1948.

אַ נאַציאָנאַלער בודזשעט שיידט זיך אונטער פון אַ רעגירונגס־בודזשעט דערמיט, וואָס ער נעמט אַרום נישט נאָר די הכנסות און די הוצאות פונעם לאַנד אונטער דער באַטרעפנדיקער רעגירונג, נאָר באַטראַכט די גאַנצע נאַציאָנאַלע ווירטשאַפט ווי אַן איינס. דער אונטערשיד איז, נאַטירלעך, אַ גרויסער — נישט נאָר אין פאַרנעם, נאָר אויך אין דעם מאַנדאַטאָרישן כאַראַקטער. אין דער צייַט ווען דער רעגירונגס־בודזשעט איז כּמעט ווי פאַרפליכטנדיק, איז דער נאַציאָנאַלער בודזשעט גיכער אַן אָפּשאַצונג פונעם צושטאַנד פון דער נאַציאָנאַלער עקאָנאָמיע צום סוף פונעם יאָר.

פאַרשטייט זיך, אַז דער נאַציאָנאַלער בודזשעט איז אין דער ערשטער ריי אַ גוט דאָקומענטירטער פּראָגנאָז. אָבער היות ווי דער פּראָגנאָז איז באַזירט אויף דער פּאָליטיק פון דער רעגירונג, אויף פאַרלעסלעכע פאָרשונגען פונעם אינערלעכן און אויסערלעכן מאַרק, ווי אויך אויף די כּוונות פונעם גרויס־

קאַפּיטאַל און די קרעדיט־אינסטיטוציעס, איז דער דערמאָנטער בודזשעט אַ מין רעלאַטיווער פּלאַן פון אַ גאָר ערנסטער באַדײַטונג.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז הגם רעגירונגס־אינסטאַנצן זײַנען ענג פאַרבונדן מיטן אויסאַרבעטן דעם נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישן בודזשעט, ווערט ער אָבער איבערהויפּט צוגעגרייט דורך אַן אומאָפּהענגיקן עקאָנאָמישן פאָרש־אינס־טיטוט בײַם שטאָקהאָלמער אוניווערסיטעט. היות ווי שווערדן האָט נישט קיין קאָאַליציע־סיסטעם, שפּילן די באַזונדערע אינטערעסן־גרופּעס אַ פּיל קלענערע ראָל אינעם פּראָצעס פון פאָרמולירן דעם נאַציאָנאַלן עקאָנאָמישן בודזשעט. און דאָך אין דער גורל פון דעם כּמו־פּלאַן־בודזשעט אָפּהענגיק פון דער זייער סטאַבילער הכנסה־פּאָליטיק, וואָס הערשט אין דעם לאַנד.

דער דערפאָלג פון דעם שוועדישן סיסטעם איז אין אַ גאָר גרויסער מאָס פאַרבונדן מיט דעם אופן ווי אַזוי לוינען און רווחים ווערן רעגולירט. די לוין־פּאָליטיק איז דאָ באַזירט אויף דעם ״סאַלטיאַבאַדן״־אָפּמאַך פון 1938־סטן יאָר. 90% פון די אַרבעטער זײַנען מיטגלידער פון יוניאָנס, און דאָס אָן יוניאָן שעפּער קלאַוזולן. לוין־אונטערהאַנדלונגען זײַנען בהדרגהדיק איבערגעגאַנגען פון לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס צו צענטראַלע יוניאָנס, און שפּעטער, זינט 1957, צו די סאַמע קאָנפעדעראַציעס.

אַ נאַציאָנאַלער סיסטעם פון קאָלעקטיווע אָפּמאַכן שפּילט אַ דעצידירנדיקע ראָל אין דער פאָרמירונג פון אַ מין פּלאַן־ווירטשאַפט. אונטערהאַנדלונגען קומען פאָר אָן דעם אָנטייל פון דער רעגירונג. אומדירעקט באַטייליקט זי זיך אָבער ווי אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל דורך דער אַפּריאָרי פאָרמולירונג פון דער לוין־ און פּרײַזן־פּאָליטיק, וועלכע קומט צום אויסדרוק אין דעם נאַציאָנאַלן בודזשעט.

קאָלעקטיווע פאַרהאַנדלונגען נעמען אויך אַרום פּראָבלעמען פון אַרבעט־טסלאָזיקייט, טעכנאָלאָגישע ענדערונגען, מיגראַציע — וואָס מחמת דעם האָט דער סיסטעם אַ זייער נאָענטן שײַכות צו דעם ציל, וועלכן דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישער בודזשעט שטעלט זיך מיט אַ באַשטימטן פּראָצענט פונעם ווירטשאַפטלעכן וווקס. עס דאַרף אויך באַמערקט ווערן, אַז דערציִונג און בילדונג, ווי אויך דאָס איבערקוואַליפיצירן פון אַרבעטער, שפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דעם אַלגעמיינעם אונטערהאַנדלונגס־פּראָצעס.

*

דער גרויסער דערפאָלג פון דער כּמו־פּלאַן־ווירטשאַפט האָט לעצטנס געשטאַרקט די פּאָפּולאַריטעט פון לאַנג־טערמיניקן פּלאַנירן. די מחברים פון אַ גרעסערער אַרבעט וועגן ״לאַנג־טערמיניקן פּלאַנירן אין שווערדן״, פאַרעפנטלעכט אין דעם ״קוואַרטל־רעוויו״ (דורך די ״סקאַנדינאַווסקאַ באַנקן״, באַנד 43, נומ׳ 3) פון יאָר 1962, דערקלערן, אַז די הויפּט־פונקציע פון פּראָגנאָז, באַגלייט מיט אינטערפּרעטירן די עקאָנאָמישע פּאָליטיק, איז צו געבן אַ

״הינטערגרונט פאַר עפנטלעכער דיסקוסיע וועגן פּריוואַטע און רעגירונגס־רעציזיעס״.

דאָס פאָרמולירן העלפט שאַפן ״אַ באַגריף וועגן דער עקאָנאָמישער צוקונפט, וועלכע קען אינספּירירן צוטרוי און העלפן דער קעגנזײַטיקער צופּאַסונג פון פאַרשידענע סעקטאָרן פון דערווירטשאַפט״.

פּלאַנירן, טענהן זיי, באַשטייט נישט אין פאַרפּיקסירן ענדציִלן, נאָר ס׳איז אַ פּראָצעס, וואָס אַנטהאַלט דאָס כּסדרדיקע רעווידירן פון דעטאַלן דורך עקספּערטן. דער נאַציאָנאַלער לאַנגטערמיניקער פּלאַן ווענדט דאָס לאַנגטערמיניקע טראַכטן פון אַלע שליסל־סעקטאָרן צו אַ באַשטימטן פאָקוס און מאַכט מעגלעך דאָס אָפּשאַצן זייער קאָנסעקווענץ. די דערמאָנטע מחברים דערשאַצן נישט בלי ספק די צאָלרײַכע אינסטרומענטן, מיט וועלכע עס דיספּאָנירט די רעגירונג צו געבן דעם פּלאַן אַ מער קאָנקרעטן תּיקון. אָט, צום בײַשפּיל, קענען קאָרפּאָראַציעס אַוועקלייגן 40% פון זייער ברוטאָ־הכנסה אַלס אינוועסטיציע־רעזערוון. אויף אָט די סומעס זענען נישט חל די נאַציאָנאַלע און לאָקאַלע שטײַערן. 46% פון די רעזערוו־סומעס מוזן דעפּאָנירט ווערן אָן פּראָצענטער אין דער ״ריקסבאַנק״, דער שוועדישער צענטראַלער באַנק.

אין 1960 און 1961 לייגט־פאָר די רעגירונג ספּעציעלע קאָנצעסיעס צו יענע פירמעס, וועלכע דעפּאָנירן גאַנצע 100% פון זייערע רעזערוו־פאָנדן אין דער צענטראַלער באַנק. ריזיקע סומעס זײַנען טאַקע אויף אַזאַ אופן געוואָרן דעפּאָנירט. די קאָנטראָל איבער אָט די רעזערוו־פאָנדן ליגט אין דעם ״נאַציאָנאַלן אַרבעטסמאַרק־ראַט״. דער דאָזיקער ראַט דעצידירט ווען צו שטאַרקן און ווען אָפּצושוואַכן אינוועסטיציעס, אָפּהענגיק פון דעם ווי אַזוי ער שאַצט אָפּ די טענדענצן אין דער ווירטשאַפט.

דאָס איז נאָר איין פאָרם, דורך וועלכער די רעגירונג קען באַווירקן דאָס עקאָנאָמישע לעבן אין אײַנקלאַנג מיט איר אינטערפּרעטאַציע פונעם לאַנגטערמיניקן (20־יאָריקן) פּלאַן.

ס׳איז קיין ווונדער נישט, וואָס הגם אַ פאַרשווינדנדיקער טייל פון דער ווירטשאַפט ליגט אין מלוכהשע, און אַ גרעסערער טייל, באַזונדערס אין האַנדל – אין קאָאָפּעראַטיווע הענט, איז דאָך דער כּוח פון דער מלוכה צו באַשטימען די אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע אַנטוויקלונג פון דער עקאָנאָמיע. ווען מען גיט נאָך צו וויכטיקע פּרטים וועגן דעם רעגירונגס־בודזשעט, ווי הוצאות פאַר סאָציאַלע לײַסטונגען, וועלכע באַטרעפן אַן ערך 30% פונעם בודזשעט, און די קאָלאָסאַלע ראָל פון דער עלטסטער אויף דער וועלט צענטראַלער באַנק, איז נישט שווער צו קומען צום אויספיר, אַז שוועדן האָט אַ פּאַקטישן קורץ־ און לאַנג־טערמיניקן פּלאַן און אַ דעטאַליזירטן פּלאַן־סיסטעם.

דעם סאַמע בולטסטן און דירעקטן פּלאַן האָט אָבער גראָד פראַנקרײַך.

אין פראַנקרײַך האָט ער זיך אַנטוויקלט ווי אַ רעזולטאַט פון דער אינטענסיווער מאָדערניזאַציע, וואָס דאָס לאַנד האָט אונטערגענומען נאָך דער לעצטער וועלט־מלחמה.

אַלס אויסגאַנג־פּונקט צו דער לכתחילהדיקער מעסיקער פּלאַנירונג האָט געדינט די ניכטערע אָפּשאַצונג פון דער הינטערשטעליקייט פון פראַנקרײַך אין דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, אין פאַרגלײַך מיט אַנדערע מערב־אייראָפּעיִשע לענדער. מ. פּיער באַנאַד זאָגט אין אַ פּובליקאַציע פון פראַנצויזישן מיניסטעריום פאַר קאָאָפּעראַציע, 'Indicative Planning'(פּאַריז 1962): פראַנקרײַך האָט דעם סאַמע ערגסטן רעקאָרד פון עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג צווישן אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אין די 50 יאָר צווישן 1900 און 1950, ווען דער דורכשנישטלעכער יערלעכער וווּקס אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט באַטראָפן איבער 2% און איז דערגאַנגען ביז 1.5% אין די אייראָפּעיִשע מלוכות, איז ער אין פראַנקרײַך געווען אַ סך ווייניקער פון איין פּראָצענט. צווישן 1938 און 1950 האָט ער באַטראָפן סך־הכל 0.2%, און פאַר קאָפּ איז ער גאָר באַדײַטנדיק געפאַלן.

פאַרשיידענע סיבות האָבן גורם געווען אָט די הינטערשטעליקייט פון פראַנקרײַך, נאָר אויף איינער וועלן מיר זיך דאָ אָפּשטעלן, מחמת זי באַשטעטיקט באַשײַמפּערלעך דעם קלאַסישן מאַרק־צוגאַנג צו עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג. וואַרען ד. באַום, אין זײַן ווערק "די פראַנצויזישע ווירטשאַפט און די מלוכה" (פּרינסטאָן, 1938), זאָגט אויף זײַט 250 אָט וואָס:

> "די פּסיכישע אײַנשטעלונג פון יחידים, די האַנדלונגען פון געשעפטס־גרופּן, די באַציִונג פון די בענק, די אינטערווענץ פון דער עפנטלעכער מאַכט — אַלץ אין דער ווירטשאַפט אין פראַנקרײַך האָט גורם געווען אַ סטרוקטורעלע סקלעראָזע (אונטערגעשטראָכן דורך אונדז), וועלכע קאָן דערפירן צו אַ צוזאַמענברוך פון דעם צופּאַסונגס־מעכאַניזם פונעם מאַרק אין שײַכות צום טעכנאָלאָגישן פּראָגרעס און די נויטן פון דעם קאָנסומענט".

אין יאָר 1950 איז די דורכשנישטלעכע צאָל אַרבעטער אין פראַנצויזישע אונטערנעמונגען געווען 5, בעת אין די פאַר. שטאַטן — 59 (א.ב.ד. 35־233).

אַדאַנק אַ גאַנצער ריי מאַניפּולאַציעס האָבן די דעפיציט־פירמעס געקענט אויסהאַלטן, און האָבן דערמיט אָראָפּגענידערט די פּראָדוקטיוויטעט פונעם לאַנד. פון 11 מיליאָן פירמעס אין הורט־ און דעטאַל־האַנדל האָבן 63% איבערהויפּט נישט געהאַט קיין אָנגעשטעלטע, און 92% — נישט מער ווי ביז 5 אָנגעשטעלטע.

דער באַרג־אַראָפּ פון דער קאַפּיטאַליסטישער מאַרק־ווירטשאַפט האָט סוף־כּל־סוף געשטויסן די פראַנצויזישע עפנטלעכע מיינונג צו אַקצעפּטירן

פּלאַנירונג. דער צײַט־אָפּשניט פֿון דעם פּראַנצויזישן פּלאַן איז 4 יאָר. ביז איצט האָט דאָס לאַנד דערפֿאָלגרײַך פֿאַרענדיקט פֿיר פּלענער און איז איצט אינעם פּראָצעס פֿון רעאַליזירן דעם 5־טן פּלאַן. דער ערשטער האָט זיך אָנגעהויבן רעאַליזירן אין 1947.

דרײַ אינסטיטוציעס זײַנען פֿאַרבונדן מיטן פֿאָרמולירן דעם פּלאַן:

1. **דער גענעראַל־קאָמיסאַריאַט פֿון דעם "פּלאַן"**, וועלכער אַרבעט אויס און אָבסערווירט זײַן רעאַליזאַציע. ער איז רעפּרעזענטירט אין דער צענטראַלער באַנק, באַטייליקט זיך אין אויסאַרבעטן די יערלעכע בודזשעטן פֿון דער רעגירונג אאַ"וו.
2. **די מאָדערניזאַציע־קאָמיסיע**, וואָס ציילט 25 סוב־קאָמיסיעס. 20 פֿון זיי זײַנען פֿאַרבונדן מיט פֿאַרשיידענע אינדוסטריעס און מיט סאָציאַלער טעטיקייט; 5 — מיט אַלגעמיינע פּראָבלעמען, ווי פֿינאַנסן, אַרבעטס־קראַפֿט, פֿאָרשונג, פּראָדוקטיוויטעט און רעגיאָנעלע פּלאַנירונג. איבער 3500 יחידים באַטייליקן זיך אין אָט די אינסטאַנצן.
אונטערנעמער, אַרבעטער־פֿאַרשטייער, ספּעציאַליסטן, רעגירונגס־פֿאָר־שטייער — זײַנען אַקטיוו באַטייליקט אין די באַזונדערע קאָמיסיעס און סוב־קאָמיסיעס.
3. **דער דינסט פֿון עקאָנאָמישע און פֿינאַנסיעלע שטודיעס**, וואָס בײַם פֿינאַנס־מיניסטעריום. די אינסטאַנץ איז פֿאַרבונדן מיט די הויפּט־פּרטים פֿונעם פּלאַן.

ווי אַזוי באַקומט אַ פּלאַן זײַן פֿאָרם און אינהאַלט?

דער קאָמיסאַריאַט גרייט־צו אַן אַלגעמיינעם פּראָגראַם, וואָס פֿאָרמולירט די וויכטיקסטע **צילן**. די צילן שיידן זיך אונטער פֿון פּלאַן צו פּלאַן. דער דריטער פּלאַן האָט, למשל, געשטרעבט:

1. צו פֿולער באַשעפֿטיקונג און גיכן עקאָנאָמישן וווּקס;
2. צום אײַנהאַלטן אַ באַלאַנסירטן צאָלונגס־בילאַנס אָן נײַע באַגרע־נעצונגען;
3. פֿאַרבעסערן דעם בילדונגס־ און פּראָפֿעסיאָנעלן דערציִונג־סיסט־עם;
4. פֿאַרגרעסערן די צאָל ביליקע דירות;
5. דעצענטראַליזאַציע פֿון דער ווירטשאַפֿט, מיטן צוועק אָפּצושוואַכן די איבערגעטריבענע ראָל פֿון פּאַריז.

אָט־אָ דער פּלאַן גייט אַריבער צו דער מאָדערניזאַציע־קאָמיסיע, ווו סוב־קאָמיסיעס שאַצן אָפּ די באַדערפֿענישן און די רעסורסן אין די באַזונדערע געביטן. דאַן גייט דער פּלאַן אַריבער צו דער רעגירונג, און נאָך דעם ווי ער ווערט פּרעזענטירט צו דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן ראַט (אַן אינסטיטוציע,

וואָס איז שטאַרק ענלעך צו דעם אויבן געשילדערטן סאָציאַל־עקאָנאָמישן ראַט אין האָלאַנד), ווערט ער געבראַכט צום פּאַרלאַמענט.

פּיער מאַסע, דער פריערדיקער קאָמיסאַר פון פּלאַנירונג, האָט אויף דעם פּאָלגנדיקן אופן אָפּגעשאַצט די באַדייַטונג און דעם מהות פונעם פּלאַן (פראַנצויזישע מעטאָדן פון פּלאַנירן, זשורנאַל פון אינדוסטריעלער עקאָנאָמיע, נאָוועמבער 1962, ז' 9):

"יעדער צווייַג פון (אינדוסטריעלער – א.ל.) אַקטיוויטעט האָט אַ מעגלעכקייט צו באַקומען די פּראָדוקציע־פאַקטאָרן און פאַרקויפן זייַנע פּראָדוקטן אין אַ באַלאַנסירטן מאַרק. דער צוזאָג קען רעאַליזירט ווערן נאָר ווען יעטוועדער איז גרייט מיטצושפּילן. דער צוזאָג איז נאָר אַ סטימול. ער פאַרפּליכטעט נישט קיינעם. פירמעס בלייַבן זעלבשטענדיק, זיי קענען אָבער בעסער קאַלקולירן זייערע ריזיקעס, מחמת דער פּיל בעסערער אינפאָרמאַציע, וואָס עס גיט זיי דער פּלאַן".

אויבנאויפיק קומט אויס, אַז דער פּלאַן איז טאַקע אַבסאָלוט פרייַוויליק. אין דער אמתן האָט שוין דער עצם פּלאַנירונגס־פּראָצעס אַ גאָר גרויסע השפּעה אויף די אינדיווידועלע דעציזיעס פון באַזונדערע פירמעס. חוץ דעם שפּילט דער רעגירונג־סעקטאָר אַ וויכטיקע ראָל אין דעם קרעדיט־סיסטעם, וואָס איז פון גאָר גרויסער באַדייַטונג, און די מלוכה האָט דאָ אַ דעצידירנדיקע השפּעה, הגם דער פּלאַן איז נאָר אַן אינדיקאַטיווער, און נישט קיין מאַנדאַטאָרישער, אָבער פּיל מער ווי אַ זאַמלונג פון עצות און פּראָגנאָזן.

חוץ אין פערטן פּלאַן (פון 1961 — 1965) זייַנען די צילן געוואָרן איבערגעשטיגן. דע־גאָלס דעפלאַציאָניסטישע פּאָליטיק האָט אָפּגעשוואַכט דעם טעמפּאָ פון דעם 4־טן פּלאַן און האָט גאָר שטאַרק רעדוצירט דעם פּראָצענטועלן וווּקס. ס'איז אָבער קיין ספק נישטאָ, אַז דער פּלאַנירונגס־פּראָצעס האָט צוריק אַרויפגעפירט פראַנקרייַך אויף די רעלסן פון אַ לפי־ערכדיקער ענלעכער פּראָפּאָרץ פונעם וווּקס, ווי די אַנדערע מיטגלידער פון דעם בשותּפותדיקן אייראָפּעישן מאַרק.

הגם דער פּלאַן צייכנט אָן נאָר גלאָבאַלע צילן פאַר אינדוסטריעס בכלל, און נישט פאַר איינצלנע אונטערנעמונגען, האָט ער דאָך געגעבן אַ פּיל בעסערע באַזע אויך פאַר לאַנגטערמיניקע אינוועסטיציעס און — האָט רעדוצירט די מעגלעכקייט פון איבערפּראָדוקציע. ס'איז קיין שום ספק נישט, אַז ער האָט דעמאָנסטרירט די סופּעריאָריטעט פון עקאָנאָמישן פּראָגראַמירן, אין פאַרגלייַך אַפילו מיט דער שוין מאָדיפיצירטער ווערסיע פון דעם א"ג "פרייַען מאַרק".

כאָטש פראַנקרייַך האָט די גרעסטע דערפאַרונג אין דירעקטן פּלאַנירונג־סיסטעם צווישן די מערב־אייראָפּעישע לענדער, איז זי פאָרט נישט די סאַמע

דערפּאָלגרייַכטע. די הויפּט־סיבּה ליגט מן־הסתּם אין דער מענטאַליטעט, וואָס הערשט אין די סאָציאָלאָגישע פאַקטאָרן פונעם לאַנד. די הויפּט־סיבּה שייַנט צו זייַן פאַרבונדן מיט דעם מאַנגל אין **קלאַסן־גלייַכגעוויכט** אין לאַנד.

דער פּאַטראָנאַט־אָרגאַן פון די גרויס־אינדוסטריעלער איז מעכטיק, בעת די טרייד־יוניאָנס, צעטיילטע אויף אידעאָלאָגישע סעקטאָרן, זייַנען פּראָפ־אָרציאָנעל אַ סך שוואַכער. די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען צוזאַמען, דערגרייכט נישט אַפילו צו אַ דריטל באַשעפטיקטע צווישן די פיזישע אַרבעטער אַליין, אין דער צייַט, ווען אין שוועדן דערגרייכט זי אַן ערך 90%, און אין האָלאַנד — איבער 50%. דער קאָמוניסטישער סעקטאָר סאַבאָטירט כּמעט אינגאַנצן דעם פּלאַנירונגס־פּראָצעס. דער פּאַטראָנאַט, הגם דער גרעסטער געניסער פון פּלאַנירן, איז פּרינציפּיעל קעגן. אין פעברואַר 1965 איז ער אַרויס מיט אַן אָפענער אָפּאָזיציאָנעלער דעקלאַראַציע. "צום גליק" — האָט מיר איינער פון די פירנדיקע פּלאַנירערס געזאָגט — "איז דער פראַנצויז נישט שטאַרק דיסציפּלינירט, דעריבער נעמען פאָרט די אינדיווידועלע אינדוסטריעס אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער פאָרמולירונג פונעם פּלאַן".

וואָס שייך פראַנקרייַך, פעלט איר די הויפּט־באַזע פאַר דערפּאָלגרייַכער פּלאַנירונג: אַ **באַלאַנסירטע הכנסה־פּאָליטיק**. אַלע באַמיִונגען, אַז די קלאַסן־אָרגאַניזאַציעס זאָלן אַקצעפּטירן אַ סינכראָניזירטע הכנסה־פּאָליטיק, זייַנען דורכגעפאַלן. דערפאַר מוז די רעגירונג אָנקומען צו אַ דירעקטער עקאָנאָמי־שער פּאָליטיק (דעפלאַציע־פּאָליטיק), וועלכע שוואַכט אָפּ דעם טעמפּאָ פון דעם עקאָנאָמישן וווקס.

די אַרבעטער־באַוועגונג רופט צו אַ ממשותדיקער דעמאָקראַטיזאַציע פון דעם פּלאַנירונג־סיסטעם, אָבער מיט קנאַפּן דערפאָלג. די ערשטע פידל שפּילן אין די אייַנפלוסרייַכע קאָמיסיעס די הויפּט־קאַרטעלן אין די באַזונדערע אינדוסטריעס, איז דעריבער די שטימונג נישט קיין בליִענדיקע. עס איז אָבער נישטאָ קיין צוריקוועג צום כאַאָטישן, כּלומרשט פרייַען מאַרק אין לאַנד, און דעריבער דאַרף מען אָננעמען, אַז בייַ געענדערטע פּאָליטישע באַדינגונגען וועט קומען אַ באַדייַטנדיקער רוק פאָרויס צו אַ ברייטער דעמאָקראַטישער באַזע פאַר דעם פראַנצויזישן אינדיקאַטיוון פּלאַנירונג־סיסטעם.

* * *

דער מערב־אייראָפּעיִשער סיסטעם האַלט אין איין אויסשפּרייטן זיך. איין לאַנד נאָכן אַנדערן זייַנען זיך מתקנא אין אָט דעם מעטאָד פון עקאָנאָמישער קאָנצענטראַציע, ווי די פראַנצויזן האָבן ליב צו באַצייכענען דעם סיסטעם. אונדזער אויפגאַבע איז אָפּצושאַצן אָט דעם היסטאָרישן פּראָצעס פונעם שטאַנדפּונקט פון דער רעאַליזאַציע פון סאָציאַליזם.

די ערשטע פראַגע, וואָס שטעלט זיך מכּוח אָט דעם פּלאַנירונג־סיסטעם, איז:

— צי איז דאָס אַן עפעקטיוווער שריט פאָרויס צום סאָציאַליזם?
דער פּאָפּולערער טראַפאַרעט איז, אַז — יאָ!.

נאָך אַ לענגערער שטודיע, וואָס דער מחבר פון דעם אַרטיקל האָט אַדורכגעפירט אין די אויבן־דערמאָנטע לענדער, שיינט אָבער דער ענטפער צו זיין יאָ און ניין. יאָ — אויב דער אידעאָלאָגישער רוקנביין פון סאָציאַליסטישן לאַגער וועט נישט אַטראָפירט ווערן דורך פּשוט מיטשפּילן, אָן ערנסטע באַוואָרענישן, אין דעם צווייפּלהאַפטן קלאַסן־גלייכגעוויכט פון דער געזעלשאַפט אין דעם מאָדערנעם א״ג וווילנשטאַנד־שטאַאַט.

אין האָלאַנד, צום ביישפּיל, האָט די הכנסה־פּאָליטיק כּסדר פּאַרמינערט די פּראָפּאָרץ פון דער נאַציאָנאַלער הכנסה, וואָס איז צוגעפאַלן דעם אַרבעטער־קלאַס. די אַרבעטער האָבן באַוווסטזיניק אָפּגעשוואַכט זייער מאַרק־כּוח לטובת דעם אינטערעס פונעם כּלל, וועלכער האָט זיך אָבער דער עיקר אויסגעדריקט אין שטאַרקן די אינטערעסן פון די אונטערנעמער. די טראַדיציאָנעלע קלאַסן־סטרוקטור איז געוואָרן פאַרגליווערט, די ווערטיקאַלע מאָביליטעט איז געוואָרן שטאַרק אָפּגעשוואַכט. קינדער פון אַרבעטער ווייזן אַרויס אַ גאָר קנאַפּע טענדענץ צו שטייגן אויפן לייטער פון דעם בילדונג־סיסטעם.

די לעצטע יאָרן האָט די האָלענדישע רעגירונג פאַרקויפט איר שטאָל־פירמע צו פּריוואַטע אונטערנעמערס, און אויף אַזאַ אופן באַשטעטיקט, אַז עס איז נישטאָ קיין לאָגישע קאָנסעקווענץ פון קאַפּיטאַליסטישער און סאָציאַליסטישער פּלאַנירונג. פאַרקערט, עס קען גרייַלעך זיין אַ רעגרעסיווע טענדענץ. אָט, צום ביישפּיל, האָט די האָלענדישע רעגירונג אויפגעהערט צו ברענגען אירע יערלעכע אינדוסטריאַליזאַציע־פּלענער פאַר דעם פּאַרלאַמענט זינט 1963. די גרויס־בורזשואַזיע קוקט שוין אויס מיט היפשער האָפענונג אויף דער צייט, ווען דאָס לאַנד וועט זיך אומקערן צום ״פרייען מאַרק״.

ביני לביני שוואַכט אָפּ דער פּלאַנירונג־סיסטעם די וואַכזאַמקייט פון די אַרבעטער־מאַסן. דער אַרבעטער פאַרלאָזט זיך אויף זיינע ספּעציאַליסטן און ווערט אַ ספּעקטאַטאָר אָנשטאָט צו זיין אַ באַוווסטזיניקער מיטבאַטייליקטער אין דעם פּראָצעס פון מאַכן גרונטיקע דעציזיעס אין זיין לאַנד. דאָס געפיל פאַרן מיטמענטש, פאַר דעם פאָלק און מענטשהייט — פאַלט אָן אויפהער.

דעם באַרג־אַראָפּ פון פּאַרטייען און דינאַמישן צוגאַנג צום פּראָצעס פון סאָציאַלע ענדערונגען קען נאָר אָפּהאַלטן אָט דעם וויכטיקן פּראָצעס. מוז עס אָבער אַזוי זיין?

די דערפאַרונג אין ענגלאַנד, איטאַליע און אַנדערע לענדער לערנט אונדז, אַז דאָס אַקצעפּטירן די אויבנאויפיקע טענדענצן צו פאַרריכטן די בלויזן פון ווילקירלעכן קאַפּיטאַליזם צום פּלאַנירטן, זיינען נישט גענוג וויבאַלד עס פעלט די וויזיע פון אַנדערע פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן אין אַ געזעלשאַפט

געבויט אויך אויף אַנדערע גרונט־הנחות. צוזאַמען מיטן אַקצעפּטירן די מינימום־עפעקטן פון פּלאַנירטן קאַפּיטאַליזם, דאַרף דער סאָציאַליסטישער לאַגער קאָנסעקווענט שטרעבן צום איבערבויען די געזעלשאַפט אַזוי, אַז די מאַכט פאַר גרונטיקע גורל־דעציזיעס, וואָס רירן אָן דעם ווויל פון כּלל, זאָל נישט בלייַבן אין די הענט פון פּריוואַטן קאַפּיטאַל. דאָס פאַרשטאַרקן די קראַפט פון דער מלוכה איז אויך נישט קיין ראַדיקאַלע לייזונג, ווייַל אירע האַנדלונגען ווערן דאָך אויך שטאַרק באַדינגט פון דעם קאָנסערוואַטיזם, וועלכן עס איז סוף־כּל־סוף גורם דער ווילשטאַנד־שטאַט.

סאָציאַליסטישע פּלאַנירונג איז אַזאַ פּלאַנירונג, וואָס שטעלט העכער דעם אינטערעס פונעם כּלל, און אין דער ערשטער ריי פון זייַנע נישט־פּריווילעגירטע טיילן, מיטן ציל צו דערגרייכן אַזאַ פאַרטיילונג פון דער נאַציאָנאַלער הכנסה, וועלכע וועט שטייַגן צו דער מדרגה פון דער מאַקסימאַל מעגלעכער גלייַכהייט פון אַלע בירגער.

וואָס באַגרענעצט אָבער די פולע גלייַכהייט? די ראָל פון סטימולן פון דעם עקאָנאָמישן וווּקס. זיי מוזן בלייַבן, אָבער נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפל זיי העלפן צו דערגרייכן דעם אָפּטימאַלן צושטאַנד פון גלייַכהייט, אין די ראַמען פון דער רעאַלער ווירקלעכקייט.

די אַלע דערמאָנטע לענדער, חוץ שוועדן, וועלכע טוט עס אויך אויף אַזאַ פּראַגמאַטישן אופן, פעלט דער דאָזיקער ציל, וועלכער קען זיך ניט שפּאַרן מיט די פונדאַמענטאַלע אידעאָלאָגישע הנחות פון דעם אַפילו אויפגעקלערטן קאַפּיטאַליזם. דער פראַנצויזישער פּלאַן זאָגט גאַנץ קלאָר, אַז ער צילט אייַנצוהאַלטן די עקזיסטירנדיקע סטרוקטור פון די סאָציאַלע כּוחות אין דעם לאַנד. דעריבער מוזן גאָר אַמביציעזע אויפגאַבן אויסגעמיטן ווערן. דאָס איז אַ באַשייַמפערלעכע באַשטעטיקונג פאַר דער מיינונג, אַז דער עצם ציל אין דעם פּלאַנירונגס־פּראָצעס שפּילט אַ קאַרדינאַלע ראָל אין דער אָנווענדונג פון אַ וועלט־אָנשויונג צום געגעבענעם פּלאַנירונג־סיסטעם.

נישט געקוקט אויף די און פיל אַנדערע חסרונות פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּלאַן־ווירטשאַפט, קען אָבער פאַרט די טעכניק, די עצם פילאָסאָפיע פון פּלאַנירן, העלפן צום אויסשמידן וויכטיקע כּלי־זיינס פון סאָציאַליסטישער פּלאַנירונג אין אַ פּלוראַליסטישער געזעלשאַפט, ד״ה אַזאַ סאָציאַלע סטרוקטור, וועלכע וועט אַפילו אייַנהאַלטן פּריוואַטע איניציאַטיוו אין עפנטלעכן סעקטאָר, שטאַרקע קאָאָפּעראַטיוון, רעגיאָנאַלע און לאָקאַלע ווירטשאַפטן אין די ראַמען פון אַ ברייטן פּלאַן פון עקאָנאָמישן וווּקס, קולטור־עוואָלוציע אאַ״וו, אין דעם אויבן־באַשריבענעם גייַסט פון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם.

כּדי דאָס צו דערגרייכן, דאַרף דער סאָציאַליסטישער לאַגער, צוזאַמען מיט זייַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם איצטיקן פּלאַנירונגס־פּראָצעס, אָפן און מיט אַנטשלאָסנקייט פאָרמולירן זייַנע היסטאָרישע אויפגאַבן אויף דעם

ברייטן שליאַך פון אינטענסיווע סאָציאַלע ענדערונגען צו אַ יושרדיקער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

צי טוט עס דער סאָציאַליסטישער לאַגער?

ליידער איז עס נישט דער פאַל.

נאַטירלעך איז זייער שווער צו קאָאָפּערירן אין דעם געגעבענעם סיסטעם און אַפילו אָנצופירן מיט דער געגעבענער רעגירונג, און גלייַכצייַטיק שלייַפן די אידעאָלאָגישע אינסטרומענטן.

אָבער דווקא ווייַל עס איז שווער, דאַרף דער סאָציאַליסטישער געדאַנק נאָך מער ווערבירן און זוכן דאָס מעסטן דעם הייַנט מיט דעם אַרשין פון די העכערע פאַר דער נאָענטער און ווייַטערער צוקונפט.

**מערץ 1965**

# וועגן סאָציאַליסטישערווירטשאַפט און פּריוואַטער איניציאַטיוו

אַ פּאָלעמיק מיט אַ חבר

אין אַרטיקל פון מאיר ראַק אין "פאָרווערטס" פון 27־טן אויגוסט 1993 האָט מיך אָנגערעגט צו אַנאַליזירן זיין גרונט־הנחה. לויט די צאָלרייכע פאַקטן, וועלכע ער ברענגט, איז אויבנאויפיק שווער אָפּצוּווענדן זיין דורכאויס נעגאַטיוון אויספיר, וואָס פרעגט־אָפּ לחלוטין זיינע יוגנט־אידעאַלן בנוגע דער רעאַלער מעגלעכקייט פון אַ סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט. ער האָט אויסגעדריקט זיין אויספיר ווי פאָלגנדיק:

"נישט אַלע לייענער וועלן, פאַרשטייט זיך, מסכים זיין מיט די אויבנגעזאָגטע מיינונגען. טייל וועלן האַלטן, אַז עס איז מעגלעך צו האָבן אַ מלוכה־אָרדנונג געבויט אויף שטרענג סאָציאַליסטישע (אונטערגעשטראָכן דורך מיר) פּרינציפּן, אָדער אַפילו לויט די כללים פון אָרטאָדאָקסאַלן מאַרקסיזם. אויך אַ סך פון אונדז אין זייער יוגנט האָבן אַזוי געמיינט. דאָס לעבן האָט אונדז אָבער געלערנט אַנדערש".

דער מוסר־השכל איז, נאַטירלעך, אַז דער האַסטיקער פּריוואַטיזאַציע־פּראָצעס פון נאַציאָנאַליזירטע אונטערנעמונגען פרעגט־אָפּ די רעאַליטעט פון סאָציאַליזם.

דאַרף מען באַטראַכטן די סיבות, וועלכע האָבן דערפירט צו דער פּריוואַטיזאַציע, מחוץ דעם געוועזענעם סאָוויעטן־פאַרבאַנד. אָבער צו דעם וועלן מיר זיך צוריקקערן שפּעטער. קודם־כל ווילן מיר שטעלן אונטער אַ פראַגע־צייכן זיין באַגריף פון עקאָנאָמישן מהות פון סאָציאַליזם; ווייל ער אידענטיפיצירט אים פולשטענדיק מיט דער נאַציאָנאַליזאַציע פון אונטערנעמונגען. אין דער אמתן איז דאָס נאַציאָנאַליזירן זיי אין אייראָפּע בכלל נישט געווען קיין רעזולטאַט פון אָנווענדן פונדאַמענטאַל־סאָציאַליסטישע פּרינציפּן.

ראַק נעמט, ראשית־כל, פאַר אַן עדות די אַבסאָלוט־מלוכישע קאָנטראָל פון דער גאַנצער ווירטשאַפט אויפן ריזיקן שטח פון אַמאָליקן ראַטן־פאַרבאַנד. אָבער דער צענטראַליזירטער סיסטעם איז ענג פאַרבונדן מיט יענעם טאָטאַליטאַרן רעזשים, און דעריבער טאָר ער אַפילו נישט דערמאָנט ווערן אין אַן ערנסטער אָפּשאַצונג פון סאָציאַליזם.

דאָס נאַציאָנאַליזירן שליסל־אונטערנעמונגען איז לחלוטין נישט געווען קיין אינטעגראַלער קאָמפּאָנענט פון דער סאָציאַליסטישער גרונט־פילאָזאָפיע. דער סאַמע וויכטיקסטער פּיאָנער פון דער קלאַסישער טעאָריע פון דער ליבעראַלער עקאָנאָמיע, אַדאַם סמיט, האָט אין זײַן באַרימטן טראַקטאַט ״די רחבות פון פעלקער״ (1776) פּאָרויסגעזען אַ רייע גאָר באַדײַטנדיקע אינדוסטריעס, וועלכע דאַרפן דווקא בלײַבן אין די מלוכה־הענט. למשל: טראַנספּאָרט, קאָמוניקאַציע און ענלעכע — און דאָס, נישט געקוקט אויף זײַן באַשײַמפּערלעכן געבן פּאָרצוג דעם פּריוואַט־אייגנטום און דער קאָנקורענץ־ווירטשאַפט. שפּעטער האָבן נאָך אַ רייע אַנדערע אָנגעזעענע קלאַסישע עקאָנאָמיסטן ווי אַלפרעד פּיגו, אַלפרעד מאַרשאַל און נאָך, אַנטוויקלט ענלעכע טעאָריעס.

ראַק שטיצט זיך אויף מאַרקסן און פּאַרגעסט, לײדער, אַז זײַן ״קאַפּיטאַל״ האָט לחלוטין אויסגעמיטן צו פּאָרמולירן די יסודות פון דער צוקונפטיקער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט; חוץ דעם וואָס ער האָט פּאַרויסגעזען דעם אומפּאַרמײַדלעכן אונטערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם.

דאָס נאַציאָנאַליזירן די ענגלישע קוילן־אינדוסטריע אין די צוואַנציקער יאָרן איז נישט געווען, דער עיקר, קיין רעזולטאַט פון אידעאָלאָגישע אויס־ווירקונגען, נאָר אַ פּועל־יוצא פון דער ראַשיקער ירידה פון אַ שליסל־געביט פון דער בריטישער ווירטשאַפט. גאָר אָפט איז אין אַ רייע לענדער געקומען דער נאַציאָנאַליזירונגס־פּראָצעס צוליב ענלעכע סיבות.

אין נײַ־אַנטוויקלטע לענדער, אין זייער פריִער פאַזע, איז דאָס געווען אַן אומפּאַרמײַדלעכער באַדינג, אַפילו אין אַזאַ לאַנד ווי קאַנאַדע. אין לענדער, ווו די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט — נאָך דער ערשטער און, נאָך מער נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה — דעראָבערט די רעגירונגס־מאַכט, איז נאַציאַליזאַציע גיכער געקומען ווי אַ פּראַגמאַטישע אַנטוויקלונג, איידער ווי אַ רעזולטאַט פון אַן אידעאָלאָגיש דורכגעטראַכטער פאָרם פון פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם, וועלכער קאָן דערגרייכט ווערן נאָר דורך בויען אויף עכט מענטשלעכע, הומאַניטאַרע אימפּולסן.

די איצט וואַקסנדיקע אַרבעטסלאָזיקייט און פאַרברעכערישקייט, די מאָראַ־לישע ירידה, די עלנטקייט און הוימלאָזיקייט און בכלל די כּסדר שטײַגנדיקע אַנגסטיקע שפּאַנונג אין ס׳רוב לענדער, זײַנען באַשײַמפּערלעכע באַווײַזן, אַז ס׳איז גאָרנישט אַזוי פויגלדיק אין ראַקס ״קעניגרײַך דענעמאַרק״; אין אַ סיסטעם, וואָס קולטיווירט אַזוי שטאַרק פּריוואַטיזאַציע.

דער מאַרקסיזם האָט דאָך בכלל באַטראַכט דעם סאָציאַליזם ווי אַ ווײַ־טערדיקן עטאַפּ אין דער מענטשלעכער רעוואָלוציע. אין אַן אידעאַלער סאָ־ציאַליסטישער אָרדענונג וועט דאָך, לויט אים, די מלוכה פולשטענדיק אונט־ערגיין. דאָס צושרײַבן דעם מאַרקסיזם די וווּלגאַריזירטע, מכּלומרשטע פאָרם

פון סאָציאַליזם, איז בפירוש פאַלש, הגם זי איז ליידער איצט זייער פּאָפּולער. דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער לאַגער האָט שוין לאַנג — נאָך פאַרן צוזאַמענברוך פון קאָמוניזם — אויפגעגעבן נאַציאָנאַליזאַציע ווי אַ רעאַלע לייזונג פון סאָציאַל־עקאָנאָמישן וועג צום סאָציאַליזם. אַדרבא: שוועדן — ווו די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז געווען בײַ דער מאַכט העכער פערציק יאָר — האָט גאָר אַ קליינע פּראָפּאָרץ פון נאַציאָנאַליזירטע פירמעס.

ס׳איז נישטאָ קיין ספק, אַז דער מאַרקסיזם האָט זײַן היסטאָרישן פּראָגנאָז פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם געשטיצט אויף אָפּטימיסטישע באַגריפן וועגן דער מענטשלעכער נאַטור. ליידער האָט די האַרבעווירקלעכקייט באַוויזן, אַז דער אינסטינקטיווער דראַנג צו באַפרידיקן דעם אייגענעם אינ־טערעס פונעם יחיד איז אַ סך שטאַרקער ווי דאָס געפיל פאַרן קאָלעקטיוון וווילזײַן. טאַקע דערפאַר מוז געשטאַרקט ווערן די באַוועגונג אָפּצושוואַכן אַנטי־עגאָיִסטישע טענדענצן, דורך שטאַרקן די קעגנזײַטלעכע הומאַניטאַרע אימפּולסן, וועלכע זײַנען דאָך אויך פאַראַן אינעם מענטש. דאָס קען אַוודאי נישט דערגרייכט ווערן אָן דעם אידעאַל פון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם.

מאיר ראַק וועט, נאַטירלעך, גרייט זײַן צו לאָזן פאַר דער מלוכה די זאָרג פאַר סאָציאַלער פאַרזיכערונג, סאָציאַלע הילף און ענלעכס, וועלכע זײַנען אָנגענומען געוואָרן אין אַלע לענדער (ווו מער און ווו ווייניקער). אויף אַזאַ אופן ווערן פאַרט די גלוסטן פון קאַפּיטאַל באַגרענעצט. ער פאַרגעסט אָבער, אַז אויך אַזעלכע דערגרייכונגען, דורך פאַרשיידענע געזעצן, זײַנען נישט געקומען אין רעזולטאַט פונעם ספּאָנטאַנעם פרײַען־מאַרק פּראָצעס.

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט דערבײַ בלי ספק דעם גרעסטן חלק. אָט, למשל, ווערט איצט אַזוי שטאַרק דיסקוטירט אין די פּאַר. שטאַטן דער נײַער געזעץ־פּראָיעקט וועגן קראַנקהייט־פאַרזיכערונג. דערבײַ ווערט דער קאַנאַדישער סיסטעם דערמאָנט צום גוטן, אָבער דאָס האָט דאָך אין קאַנאַדע די סאָציאַליסטישע רעגירונג פון סאַסקאַטשעוואַן די ערשטע דורכגעבראָכן דעם ווידערשטאַנד און אָנגעהויבן פאַרווירקלעכן אָט דעם זייער פּראָגרעסיוון און עפעקטיוון סיסטעם. אַזוי־אַרום איז קאַנאַדע די סאַמע אַוואַנסירטע מדינה אויפן קאָנטינענט, וועלכע האָט דערהויבן די סאָציאַלע געזעצגעבונג צו אַ ביז גאָר הויכער מדרגה.

גראָד אין די דערפאָלגרײַכסטע ווירטשאַפטן — ווי די דײַטשע און די יאַפּאַנישע — אינעם נאָכמלחמה־פּעריאָד, איז דער פּריוואַט־קאַפּיטאַל געוואָרן שטאַרק באַגרענעצט דורך דער ראָל פון די רעגירונגען.

בכלל טאָר מען נישט צו פיל פאַראַלגעמיינערן פּרינציפּיעלע אויספירן. אָט, למשל, זײַנען דווקא אין קאַנאַדע ס׳רוב מלוכיהשע אונטערנעמונגען, באַזונדערס יענע, וואָס פּראָדוצירן כלערליי ענערגיעס — די סאַמע דערפאָלג־רײַכסטע אין לאַנד. אָן דעם מלוכישן קאַפּיטאַל וואָלט בכלל נישט

מעגלעך געוואָרן בייַצוקומען די טאָפּאָגראַפּישע, געאָגראַפּישע און אַנדערע ריזיקע שוועריקייטן צו בויען אַזאַ קאָלאָסאַלן באַן־וועזן ווי דעם מלוכהשן, אין לאַנד.

דווקא אַלע פּריוואַטיזירונגס־עקספּערימענטן זייַנען דאָ געווען אַ דורכפֿאַל. דאָס זעלביקע איז אויך חל אויפֿן לופֿט־טראַנספּאָרט און אַנדערע. איז דעריבער בפּירוש נישט רעכט צו אָפּערירן מיט אַזעלכע עקסטרעמע, שאַרף אַרטיקולירטע מסקנות.

אָן אַן אידעאָלאָגישער פּערספּעקטיוו צו הייבן דעם לעבנס־ניוואָ אין אַזאַ סיסטעם — וואָס וועט טאַקע רעספּעקטירן דעם מאָטיוו פֿון פּראָפֿיט, אָבער אים נישט גלאָריפֿיצירן — וועט זיך אָפּשטעלן דאָס שטרעבן צו אַ מער גערעכטער און עטיש טיף מענטשלעך אָריענטירטער געזעלשאַפֿט. צי קאָן מען געפֿינען פֿאַר דעם אַ בעסערן אידעאַל ווי דעם פֿרייַהייטלעך הומאַניטאַרערן סאָציאַליזם?

„לעבנס־פֿראַגן“ נומ׳ 502־501, יאַנואַר־פֿעברואַר 1994

# אידעאָלאָגיע, פּראַגמאַטיזם און אָפּאָרטוניזם
## אין די אַמעריקאַנער פּרעזידענט־וואַלן

אין זײַן שטאַרק עמאָציאָנעלער, און גלײַכצײַטיק ראַציאָנעל באַלאַנסירטער רעדע, מיט װעלכער דער פּרעזידענט־קאַנדידאַט מײַקל דוקאַקיס האָט געשלאָסן די ריזיקע קאָנװענשאָן פֿון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטײ, האָט ער קלאָר און אָפֿן דערקלערט, אַז נישט אידעאָלאָגיע, נאָר זאַכלעכקייט און תּכלית מאָטיװירן אים און די דעמאָקראַטישע פּאַרטײ אין דעם איצטיקן גרויסן פּאַרמעסט.

סײַ די ביז גאָר ענטוזיאַסטישע דעלעגאַטן, און סײַ די פּרעסע, אָדער, בעסער געזאָגט, די "מידיאַ", אומאָפּהענגיק פֿון פּאָליטישער ריכטונג, האָבן אים שטאַרק אַפּלאָדירט פֿאַר אָט דער דערקלערונג. שוין אינעם אויסוואַל פֿון דעם קאַנדידאַט פֿאַר וויצע־פּרעזידענט, בענסאָן (אַ קאָנסערוואַטיווער דעמאָקראַט), ליגט דער שליסל צו דוקאַקיסעס פּראַגמאַטישן צוגאַנג, וועלכער גייט זייער אָפֿט איבער, אין רעאַלן לעבן, צו אָפּאָרטוניזם.

לאָמיר גלײַך אין אָנהייב פֿון דעם עסיי מאַכן עס גאַנץ קלאָר, אַז איך האָב לחלוטין נישט בדעה מאריך צו זײַן מיט אַנאַליזירן דעם גאַנג פֿון דעם וואַל־קאַמפּיין בכלל, און פֿון דער, ווי ס'ווײַזט אויס גאָר געלונגענער, אַטלאַנטאַ־קאָנווענשאָן, בפֿרט. וואָס איך האָב יאָ בדעה צו באַהאַנדלען, איז טאַקע אָט דעם אויבן דערמאָנטן באַגריף אידעאָלאָגיע — און איר ראָל אינעם אַמעריקאַנער לעבן.

אויבנאויפֿיק איז אידעאָלאָגיע אַ פּאָפּולערער טערמין. ער ווערט זייער אָפֿט באַנוצט בײַ כּלערליי געלעגנהייטן. און דאָך גיבן זייער ווייניק מענטשן זיך אָפּ אַ חשבון פֿון דעם טיפֿערן זין פֿון אָט דעם מיסגעברויכטן טערמין. ווילן מיר דעריבער די ווײַטערדיקע שורות קודם־כּל ווידמען אויפֿצוקלערן דעם עצם מהות פֿון אידעאָלאָגיע.

אידעאָלאָגיע שטאַמט פֿון אידייע, און ווערט אָפּטמאָל פֿאַרמישט מיט אידעאַליזם. אידעאַליזם, ווי אַן אויסדרוק פֿון מענטשלעכער גרייטקייט זיך מקריב צו זײַן פֿאַר אַן אידייע, אַ העכערן ציל (מיט "העכערן" מיינען מיר אַזאַ ציל, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט אַ לאַנגצויגיקער פּערספּעקטיוו) צו לייזן פֿונדאַמענטאַלע פּראָבלעמען פֿון מענטשלעכן ווילזײַן ווי אַ קאָלעקטיוו און ווי אַ יחיד.

שוין אַפילו פון אָט דער גאָר לאַקאָנישער דעפיניציע דרינגט אַרויס אַזוי נאַטירלעך דער אויספיר, אַז אידעאָלאָגיע, אויב זי איז געקניפּט און געבונדן מיט אידעאַליזם, מוז סוף־כּל־סוף פאַרמאָגן שטאַרק פּאָזיטיווע אַקצענטן, ווי למשל פון אוניווערסאַלער און נאַציאָנאַלער פילאָסאָפיע פון גאולה, פון מענטשלעכער לייטערונג און אַזאַ סאָציאַל־פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פון דער געזעלשאַפט, וואָס זאָל שאַפן די נויטיקע באַדינגונגען פאַר דער רעאַליזיאַציע פון אָט די דערהויבענע צילן.

אַזאַ באַנעמונג, פאַרבונדן מיט אידעאָלאָגיע, וואָס פירט צו עכטן אידעאַליזם, איז אַמאָל געווען פאַרבונדן מיט דעם אויפשטייַג פון סאָציאַליזם, פון פאַרשיידענע ריכטונגען, אַרייַנגערעכנט אויך דעם מאַרקסיזם — הגם דער לעצטער האָט דעם פילאָסאָפישן באַגריף פון אידעאַליזם אָפּגעוואָרפן.

לויט דעם פילאָסאָפישן זין פון אידעאַליזם ווערט דער היסטאָרישער גורל פון דער מענטשהייט דעצידירט דורך אידייען, וואָס וואָרצלען צוו״אַנד אויך אין מענטשן גופא.

היות ווי קאַרל מאַרקס האָט זייַן וועלט־אָנשויונג אידענטיפיצירט מיט דער מאַטעריאַליסטישער אינטערפּרעטאַציע פון דער געשיכטע, האָט זיך באַקומען אַ פאַלשער אייַנדרוק, אַז ער האָט לחלוטין מבטל געמאַכט די ראָל פון אידעאַליזם. אינדעראמתן האָט דער מאַרקסיזם שטאַרק אַקצענטירט די אַבסאָלוטע האַרמאָניע פון דער אולטימאַטישער אידעאַליסטישער אויסוויר־קונג פון דיאַלעקטישן פּראָצעס, באַזירט דערהויפּט אויף קלאַסן־קאַמף, על כּן אויף דער עקאָנאָמישער דינאַמיק (טרייַב־קראַפט) אין דער געשיכטע.

נאָכן לעצטן דיאַלעקטישן אַקט, נאָכן אונטערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם, וועט ערשט אַנטשטיין די אידעאַלע געזעלשאַפט. דאַן וועלן מער נישט עקזיסטירן קיין סיבות פאַר עקספּלואַטאַציע, קלאַסן־קעגנזאַצן אאַ״וו. אַ ווירקלעכקייט, ווי למשל אין ישעיהו הנביאס באַרימטן אימאַזש, ווען אַ שעפּסל וועט הויזן פרידלעך מיט אַ וואָלף.

אומזיסט וועט איר אין אָט דער קאָנצעפּציע זוכן די ראָל פון דער אינדיווידועלער און מאַסן־פּסיכאָלאָגיע פון מענטש. נישט איין צרה, נישט איין ביטערע דערפאַרונג אין רוסישן עקספּערימענט, ווי אויך אין אַנדערע ווייַ־ניקער דראַסטישע איבערגענג, שטאַמט פון אָט דער היפּער־אָפּטימיסטישער אָפּשאַצונג פון מענטשלעכן מין. בקיצור, האָט זי געמיינט, אַז דורך אָפּשאַפן די אויסערלעכע סיבות פון מענטשלעכע לייַדן וועט דער מענטש גופא ווערן ממש גלייַך צו אַ מלאך.

טראָצקי האָט דאָס צום בולטסטן אויסגעדריקט, אַז די רעאַליזאַציע פון סאָציאַליזם וועט שאַפן די נויטיקע באַדינגונגען פאַר דעם מענטש טאַקע צו ווערן אַזוי גוט ווי אַ מלאך. אַ מין גן־עדן וועט ענדלעך געדייַען אויף דער וועלט. אָבער גראָד די האַרבע, טראַגישע ווירקלעכקייט אין צוואַנציקסטן

יאָרהונדערט פּאַרלאַנג נישט אָפּצושוואַכן דעם באַוווּסטזיניקן דראַנג צו ליַיטערן **דעם מענטש** דורך געפינען דעם בעסט־מעגלעכן סינטעז צווישן דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן פּראָצעס איז דער זייער פאַרשיידנאַרטיקער און קאָמפּליצירטער מענטשלעכער נאַטור.

נישט רעזיגנאַציע פון אַרויסהייבן דאָס פּאָטענציעל אידעאַלע (אונטער געוויסע אָביעקטיווע און סוביעקטיווע באַדינגונגען), נאָר פאַרקערט, דווקא דורך אַרויסרופן פּאָזיטיוו פּראָגרעסיווע אידעאָלאָגישע ווערטן, קען דער אָרגאַניזירטער ווילן פון אַנטשפּרעכנדיק מאָטיווירטע באַוועגונגען באַווירקן דעם גאַנג פון דער געשיכטע. דאָס איז אייגנטלעך דער קווינט־עסענץ פון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם.

אַפילו אַ ריין עטימאָלאָגישער אַנאַליז פונעם באַגריף **אידעאָלאָגיע** וועט אונדז גרינג איבערציַיגן, אַז ער באַשטייט פון צוויי קאָמפּאָנענטן: **אידייע** און **לאָגאָס**. לאָגאָס ווערט דעפינירט ווי ראַציאָנעלע פּרינציפּן, וואָס באַשטימען די אַנטוויקלונג און דאָס פונקציאָנירן פון גאַנצן אוניווערס.

ווען אידייע האַרמאָניזירט מיט די־אָ פּרינציפּן, דאַן קאַן מען דערוואַרטן דאָס דערנענטערן זיך צו שלמות (צום אידעאַל). **אידעאַליזם** ווי אַ **פילאָסאָפיע** מיַידט אָבער אויס אוטאָפּישע וויזיעס פון דערגרייכן די אַבסאָלוטע שלמות. אַזאַ אילוזיע, וואָס לויט איינעם פון די הויפּט־פילאַרן פון דער אידעאַליסטישער פילאָסאָפיע, **ווילהעלם העגעל**, איז זי געווען אַבסורדאַל און פאַרפירעריש, און האָט געקאָנט דערפירן צו קאַטאַסטראָפאַלע רעזולטאַטן. ער האָט טאַקע פאָרויסגעזען אַזאַ עוואָלוציע פון דער מענטשהייט, וואָס וועט זי דערנענטערן צו גאָט, אָבער קיינמאָל נישט צו דער פולער אידענטיפיקאַציע מיט גאָט. מער נישט וואָס יעדע וויַיטערדיקע עפּאָכע ברענגט טאַקע דעם מענטשן נאָענטער צו דער געטלעכער שכינה.

די־אָ דיאַלעקטישע פילאָסאָפישע קאָנצעפּציע פון אולטימאַטיוון אידעאַל, האָט שטאַרק אַפּעלירט צו מאַרקסן, הגם ער האָט אָפּגעוואָרפן העגעלס אידעאַליסטישע אינטערפּרעטאַציע פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג.

אין לעצטן חשבון פירט אָבער דער מאַטעריאַליסטישער פּראָצעס, לויט מאַרקסן, צום זעלביקן ציל, ווי מיר האָבן דאָס שוין אויבן דערמאָנט בעתן באַהאַנדלען דעם אידעאַלן ענדציל פון מאַרקסיזם.

אומקערנדיק זיך צום אויסגאַנג פון אונדזער אַנאַליז, דהיַינו, צו דער דערקלערונג פון מיַיקל דוקאַקיס, אַז ער איז לחלוטין מבטל אידעאָלאָגיע, איז דאָס אַוודאי און אַוודאי נישט קיין צופאַל, וואָרום די ״רייגען־ערע״, ווי ער האָט אָנגערופן די לעצטע 8 יאָר, האָט צוריקגעשליידערט העט וויַיט דעם סאָציאַל־עטישן אידעאַליזם. דורך פאַרשיידענע זיגזאַגן האָט ער אָבער דאָך קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו זיַין אַ ביז גאָר וויכטיקער עלעמענט אין דער אַמעריקאַנער גיַיסטיקער ווירקלעכקייט.

בעת די פײַערלעכקייטן פון 200 יאָר רעוואָלוציע און די באַנײַונג פון דער פרײַהייט־סטאַטוע אין ניו־יאָרק זײַנען גראָד אָט די ווערטן, וואָס גייען צוריק צו דזשאָן לאָק, פֿרענסיס בייקאָן און אַנדערע בריטישע פילאָסאָפן, נאָך אַלץ שטאַרק אונטערגעשטראָכן געוואָרן. ס'איז קיין ספק נישט, אַז אידעאָלאָגיע האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין משך פון די איבער צוויי הונדערט יאָר זינט דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע. און דאָס — להכעיס די פּאַרקערטע טענדענצן, וועלכע דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם האָט כּסדר אַנטוויקלט.

לײדער דערלויבט אונדז נישט די פֿאָרם פֿון דעם אַרטיקל זיך צו פֿאַרטיפֿן אין אָט דעם אייגנאַרטיקן דיאַלעקטישן פּראָצעס, וועלכער גייט אַלץ נאָך אָן אין אַמעריקע.

די רייגען־תּקופֿה דראָט אָבער איבערצובייגן די כּוחות אין דער ריכטונג פֿון די צינישע, עגאָיִסטישע טענדענצן אין דעם אַמעריקאַנישן סיסטעם. אין „ניו־יאָרק טײַמס", אין זײַן ליטעראַרישן צוגאָב פֿון 17־טן יולי 1987, האָט זיך באַוויזן אַ רעצענזיע פֿון ד.מ. אָשינסקי, וועגן פּראָפֿ. **מײַקל העררינגטאָנס** נאָרוואָס אַרויסגעגעבענער אויטאָביאָגראַפֿיע, אין וועלכער דער רעצענזענט האָט דערמאָנט די גרויסע צאָל אַמעריקאַנער שײַנגײַסטער פֿון נאָך פּאַר יודזשין דעבס, נאָרמאַן טאָמאַס א"אַ. זיי האָבן, פּונקט ווי פּראָפֿ. העררינגטאָן, פֿאַרבונדן זייער לעבן מיט די לויטערסטע אידעאַלן פֿון פֿרײַהייטלעכן סאָציאַליזם און עכטן ליבעראַליזם.

גראָד ווײַל די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז פּאָליטיש אַזוי שוואַך אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, איז אָבער די־אָ גײַסטיקע ירושה זייערע אַזוי וויכטיק.

עס מאַכט דעם אײַנדרוק, אַז מײַקל דוקאַקיס, אַן עכטער ליבעראַל, האָט באַגאַטעליזירט די טרויעריקע קאָנסעקווענצן פֿון אַרײַנפֿאַלן אין דער פּאַסטקע (ווי מיר האָבן דאָס גערופֿן אין פֿויליש) פֿון פּאָליטישע מאַניפּולאַציעס.

לײדער פֿאַוואָריזירט דער אַמעריקאַנער פּאָליטישער סיסטעם תּירוצים אויפֿן חשבון פֿון אידעאָלאָגיע. נוצט דאָס איצט די רעאַקציע שטאַרק אויס, און זי ווערט די טרעגערין פֿון אידעאָלאָגיע אין דעם איצטיקן וואַל־קאַמף.

אַוודאי האָט דוקאַקיס דאָס געטאָן מחמת פּשוטן וואַל־אָפּאָרטוניזם, כּדי צוריקצוגעווינען די וואָס האָבן פֿאַרלאָזט בעת די פֿאָריקע וואַלן דעם דעמאָקראַטישן לאַגער, און אויף אַזאַ אופֿן אַרויסצושלאָגן אַזאַ קרעפֿטיקן פּרעטעקסט פֿון די הענט פֿון די רעפּובליקאַנער.

ווי וויכטיק עס זאָל טאַקע נישט זײַן צו געווינען די פּרעזידענטור, איז אָבער אַזאַ טאַקטיק זייער געפֿערלעך, וואָרום אָנשטאָט צו בויען אויף די נאָך אַלץ, פּאָטענציעל, זייער קרעפֿטיקע הומאַניטאַרע טראַדיציעס פֿון עכטן אַמעריקאַניזם, קאָן אָבער עקסטרעמער „פּראַגמאַטיזם" צוהעלפֿן מער דעם וווּקס פֿון דער רעאַקציע, וואָס פֿעדערט זיך ממשיך צו זײַן דעם רייגעניזם אין אַ נײַעם גילגול פֿון בושיזם.

אמת, פּראַגמאַטיזם טאָר נישט פֿאַרמישט ווערן מיט אָפּאָרטוניזם. דער וויכטיקסטער אַמעריקאַנער פֿילאָסאָף, וועלכער האָט בשעתו אַנטוויקלט אָט דעם פֿילאָסאָפֿישן צוגאַנג פֿון פּראַגמאַטיזם, וויליאַם דזשעימס, איז אַליין געווען אַן איבערצײַגטער הומאַניסט. זײַן באַגריף פֿון פּראַגמאַטיזם האָט אַרויסגעהויבן די חשיבות פֿון פּראַקטישקייט און פֿון דערשאַצן די סיבות (קוואַליטעט) און רעזולטאַטן פֿון אָביעקטיווע פֿאַקטאָרן, וועלכע דאַרפֿן אָבער דאָך קאָנפֿראָנטירט ווערן מיט אידעאַלן. אָן זיי וואָלט פֿאַרשוווּנדן דער אַקטיווער אָנטייל פֿון אויפֿגעקלערטן מענטש אַדורכצוברעכן די באַריערן פֿון דער צײַטווײַליקער ווירקלעכקייט.

אָפּאָרטוניזם באַדראָט דעם עצם מהות פֿון פּאָזיטיוון פּראַגמאַטיזם. דזשאָן דיוּאִי, דער גרויסער חסיד פֿון וויליאַם דזשעימס, האָט ווי אַ פּראַג־מאַטיסט געהערט צו די סאַמע פּראָגרעסיווסטע טעאָרעטיקערס בכלל, און פֿון דערציִונגס־אידעאַלן אין אַמעריקע בפּרט.

עס קאָן זיך שטעלן אַ זאַכלעכע פֿראַגע, הלמאי מוז מען אַזוי באריכות באַהאַנדלען פֿאַרן לייענער דעם באַגריף פֿון אידעאָלאָגיע. אין לעבן טרעפֿן מיר אָבער זיך אָן אויף גרונטיקע אוניווערסאַל־פֿילאָסאָפֿישע פּראָבלעמען, און אָפּאָרטוניזם קען גאַנץ אָפֿט משפּיע זײַן כּלערליי דעציזיעס, וואָס מוזן געמאַכט ווערן אין שײַכות מיט מער קאָנקרעטע סיטואַציעס אין סאָציאַל־פּאָליטיק און אין עקאָנאָמישן לעבן. אָט, למשל, גייט איצט אָן אין קאַנאַדע אַ שאַרפֿער קאַמף אַרום דעם פֿרײַען האַנדלס־אָפּמאַך מיט אַמעריקע. פֿון אַלע שטאַנדפּונקטן דאַרפֿן דאָך סאָציאַליסטן באַגריסן אַזאַ שריט פֿאָרויס. האָט אָבער די באַדײַטנדיקע אין קאַנאַדע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, די נ.ד.פּ., אָפּאָרטוניסטיש אַקצעפּטירט דעם דרוק פֿון די טרייד־יוניאָנס, וועלכע האָבן ליידער אַ זייער קורצזיכטיקן צוגאַנג צו דער קאָמפּליצירטער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פֿון קאָנטינענטאַלע האַנדלס־באַציִונגען.

סאָציאַליסטן, פֿאַר וועמען די וויזיע פֿון אַ געזעלשאַפֿט באַזירט אויף יושר און גערעכטיקייט, אויף ווירדע פֿון מענטש און זײַנע בעסטע שאַנסן פֿאַר עקאָנאָמישן און גײַסטיקן וווילשטאַנד, טאָרן קיינמאָל נישט פֿאַרשווינדן פֿונעם האָריזאָנט, אַפֿילו נישט אין אַ צײַט פֿון אַ רעלאַטיווער, כּלומרשט בעסערער, עקאָנאָמישער קאָניונקטור.

ליידער האָט דער מוראדיקער חורבן שטאַרק אָפּגעטעמפּט אָט דעם אידעאַליסטישן צוגאַנג אין ייִדישן לעבן. אָט פֿאַרוואָס מיר מוזן זיך נאָך שטאַרקער אַנגאַזשירן אין אָנקניפּן צו די שענסטע נביאישע אידעאַלן, וועלכע האָבן באַקומען אַ תּיקון אין סאָציאַליזם בײַ ייִדן. וועגן דעם האָט נישט לאַנג צוריק אַזוי שיין געשריבן מרדכי צאַנין אין איינעם פֿון זײַנע גלענצנדיקע עסייען אד״ט: ״אונדזער קאַפּיטאַל״ (געמיינט האָט ער דעם מאָראַלישן קאַפּיטאַל פֿון ייִדישן פֿאָלק).

ניין, נישט אין אַנטלויפן פון אַ פּאָזיטיווער, עכט פּראָגרעסיווער אידעאָלאָגיע ליגט די גאולה און פּערספּעקטיוו צו לייזן די טיף מענטשלעכע פּראָבלעמען פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט — נאָר אין אויפהיטן דעם אָנגעזאַמלטן גײַסטיקן קאַפּיטאַל, ווי צאַנין רופט אים, און מיט וועלכן דער נביאישער געדאַנק האָט אונדז, ווי ייִדן, באַגלייט אין אונדזער היסטאָרישן גאַנג. אויפהיטן און באַרײַכערן דעם קאַפּיטאַל בלײַבט אַן עכט ייִדישער אידעאַל.

״אונזער צײַט״, אָקטאָבער 1988

# אפשר וועט שלום דאָך מעגלעך זײַן אין מיטעלן מזרח

דער בירגער־קריג אין לבנון און די אַמעריקאַנער פּרעזידענט־וואַלן האָבן צײַטווײַליק אָפּגעהאַלטן מער ראַדיקאַלע אַנטוויקלונגען אין דעם ישׂראל־אַראַבישן קאָנפליקט. היות וויביידע סיבּות געהערן איצט שוין צו דער פאַרגאַנגענהייט, זײַנען מיר עדות פון אַ ביז גאָר אינטענסיוון דרוק מצד מצרים, סאַודי־אַראַביע, סיריע און יאָרדאַניע צוצוויאָגן די לייזונג פון דעם ביטערן קאָנפליקט. די פּל״אָ, אַ שטאַרק אָפּגעשוואַכטע נאָך דער מפּלה אין לבנון, שײַנט מיטצושפּילן מיט די דערמאָנטע אַראַבישע מלוכות אין דער אַזויגערופענער שלום־אָפענסיווע.

פון צײַט צו צײַט באַווײַזן זיך מטושטשישע דערקלערונגען און קלאַנגען, אַז די פּל״אָ, וואָס אָפיציעל פאַרטרעט זי די אַראַבישע מינדערהייט אין ישׂראל און די פּליטים, איז משמעות גרייט צו אָנערקענען מדינת ישׂראל — פאַרן פּרײַז פון באַקומען אַן אייגענע פּאַלעסטינעזישע מדינה אויפן שטח פונעם מערב־ברעג פון ירדן, און גאַזאָ (עזה).

דאָס וואָלט געווען אַ ביז גאָר וויכטיקער ווענדפּונקט אין דעם טראַגישן קאָנפליקט. ליידער איז ישׂראל איצט אין אַ מעמד פון אַ הינער־פּלעט. צעריסן פון קאָרופּציע אין די סאַמע העכסטע רעגירונג־ספערן און פּאַראַליזירט פון דעם ביטערן וואַל־קאַמף און פון די עקסטרעמע אַקטן פון ״גוש אמונים״, הענגט איצט איבער דער מדינה די סכּנה פון אַ ״ליכּוד״־רעגירונג, אָדער לכל הפּחות פון אַ ״ליכּוד״־דאָמינירטער רעגירונג, ווי אַ געשפּענסט אין אַט אַזאַ סענסיטיוון מאָמענט.

מחמת די און אַנדערע סיבּות, פאַרשאַפט די האַלטונג פון מדינת ישׂראל דעם אײַנדרוק, ווי ס׳וואָלט בפירוש זיך געלוינט צו פאַרשלעפּן דעם ענין, מיטן ציל ממשיך צו זײַן דעם סטאַטוס־קוואָ. אַזאַ האַלטונג קען אַמאָל פאַרפּאַסן אַ שעת כּושר, און קען דער עיקר אויפשטעלן קעגן זיך די עפנטלעכע מיינונג פון ישׂראלס בעסטע פרײַנד, באַזונדערס אין די פּאַראייניקטע שטאַטן.

אומאָפּהענגיק פונעם אויסגאַנג פון דער א״ג אַראַבישער שלום־אָפענסיווע, טאָר ישׂראל בשום אופן נישט דערלאָזן, אַז די אמתע, אָדער אַפילו כּלומרשטע שולד פאַר דורכלאָזן אַ מעגלעכן היסטאָרישן מאָמענט זינט דער

אַנטשטייונג פון מדינת ישראל, זאָל פאַלן אויף ישראל. ס׳איז גאַנץ ווײַט פון זיכער, אַז די כּוונות פון דער אַראַבישער וועלט, וועלכע וואָלט געוואָלט אויסמײַדן רוסלאַנדס אַרײַנמישן זיך אין דער לייזונג פון דעם קאָנפליקט, זײַנען טאַקע עכטע. ס׳איז זייער מעגלעך, אַז די דאָזיקע אָפּענסיווע צילט אָפּצושוואַכן ישראלס פאַרטיידיקונגס־פּאָטענצן און די שטיצע, וואָס ישראל באַקומט, דער עיקר, פון די פאַראייניקטע שטאַטן. שלום־אָפּענסיוועס קענען זײַן אויסגערעכנט צו געווינען צײַט פאַר בעסערער באַוואָפענונג, און אויך כּדי צײַטווײַליק בײַצוקומען די ביטערע עקאָנאָמישע לאַגע אין עגיפּטן. דאָך טאָר ישראל בשום אופן נישט גרינגשעצן די ריזיקע באַדײַטונג פון דעמאָנסטרירן איר גוטן ווילן צו דערגרייכן אַ שלום, וואָס זאָל גאַראַנטירט ווערן פון די גרויסמאַכטן.

אַוודאי קאָן מען אײַנווענדן, אַז סוף־כּל־סוף דאַרפן מיר אפשר אָפּלייגן אונדזער צודרינגלעכקייט ביז צום אויסגאַנג פון די וואַלן. דאָס איז אָבער אַ בפירוש קורצזיכטיקער צוגאַנג, וואָרום כּדי ישראל זאָל זײַן גרייט צו האַנדלען מיט דער פולער פאַראַנטוואָרטלעכקייט אין אַ מאָמענט, וואָס קען אַמאָל נישט אַזוי גיך זיך איבערחזרן, מוז זי זײַן גײַסטיק און אינטעלעקטועל צו דעם צוגעגרייט. די וואַלן וועלן דאָך זיכער נישט לייזן די גרונט־פּראָבלעמען פון אַ דויערהאַפטן שלום. זיי קענען זיי, לײַדער, נאָך מער באַשווערן. נאָר אַ ניכטערער צילבאַוווסטזיניקער און פאַרטיפטער אַנאַליז קען העלפן שאַפן אַ פאַסיקע אַטמאָספער, און דאָס טאָר בשום אופן נישט ווערן אָפּגעלייגט.

צוויי הויפּט־סיבּות גיט אָן די ישראל־רעגירונג (נישט אײַנשטימיק, אַפּנים) קעגן אונטערהאַנדלונגען מיט דער פּל״אָ, און בכלל צו באַטראַכטן די עווענטואַליטעט פון אַ פּאַלעסטינער מדינה אויפן שטח פונעם מערב־ברעג פון ירדן און אויפן גאַזאַ־געביט. לאָמיר קודם־כּל באַטראַכטן דעם ערשטן מאָטיוו. די פּל״אָ צילט צו פאַרניכטן ישראל, און די הענט פון אירע טעראָריסטן־פירער און אויספירער זײַנען באַפלעקט מיט אומשולדיק בלוט. ווי קאָן מען דעריבער צווייפלען אין דער גערעכטער טענה פון דער ישראל־רעגירונג?
— אָבער, אין אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק מוז גילטן אַ רעאַליסטישער צוגאַנג, וואָס דאַרף אַקצעפּטירן געענדערטע פּאָליטישע און סטראַטעגישע סיטואַציעס. צוליב כּמה טעמים געפינט זיך די פּל״אָ אין אַ שווערן קלעם. דעריבער דאַרף די ישראל־רעגירונג שטעלן אַ קלאָרן באַשײַמפּערלעכן תּנאַי: אונטערהאַנדלונגען — יאָ, אָבער נאָר אויב די פּל״אָ וועט זיך אָפּזאָגן אומצווייַדײַטיק פון איר ציל חרוב צו מאַכן ישראל, און אויך פון איר טעראָר־פּאָליטיק. ישראל וואָלט אָן צווייפל געווונען אַ סך אַ בעסערע פּאָזיציע אין דער גאָרער וועלט.

צי מיינט דאָס אָפּשוואַכן די מיליטערישע וואַכזאַמקייט פון ישראל? לחלוטין נישט. פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ האַלטונג מצד ישראל פאַרלאַנגט

אַן אַנטשלאָסענע שלום־אָפּענסיווע פון איר זײַט. איז דאָס דען נישט אין די בעסטע אינטערעסן פון ישראל און פון אַלע אירע פרײַנד, ייִדן און נישט־ייִדן?

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַקצעפּטירן אַ פּאַלעסטינער מדינה ברענגט מיט זיך אויך ערנסטע געפאַרן. זי קען ווערן אַ שטיצפּונקט פאַר אַן אינוואַזיע און אַרײַנדרינגונג אין ישראל. דאָס מיינט נאָך אַ פּאָטענציעלער פײַנטלעכער כּוח אַזוי נאָענט צום האַרץ פונעם לאַנד. אין פאַרבינדונג מיט אַנדערע אַראַבישע מלוכות און מיט סאָוויעט־רוסלאַנד, קען אַפילו אַזאַ קליינע מדינה אָנטאָן גרויסע צרות אין דער צוקונפט. ווײַבאַלד אָבער ישראל וועט נאָר באַשטיין אויף אַזעלכע לייזונגען, וואָס באַזײַטיקן יעדע ריזיקע און אויף אַן אַבסאָלוט אידעאַלן צושטאַנד, וועט די פּערספּעקטיוו פון שלום בכלל בטל ווערן. אַזאַ צוגאַנג קענען זיך אַפילו די גרויסמאַכטן נישט דערלויבן אין היַינטיקער צײַט, בפרט נאָך מדינת ישראל, וואָס הגם איצט מיליטעריש שטאַרק, איז זי אָבער אַרומגערינגלט פון אַ נומעריש מעכטיקן אַראַבישן כּוח. לאָמיר נישט פאַרגעסן, אַז ישראל מוז אָנקומען צו אויסערלעכער שטיצע, קודם־כּל פון אַמעריקע.

פּאַראַלעלן צווישן קלענערע און גרעסערע בייזן מוזן שטענדיק גילטן אין דער מלוכה־פּאָליטיק פון אַ לאַנד. אַ פּאַלעסטינעזישע מדינה, ווי קליין זי זאָל נישט זײַן, וועט מוזן בויען איר ווירטשאַפט, איר אַדמיניסטראַציע, און לכל הפּחות פאַר אַ געוויסער צײַט זוכן צו באַלאַנסירן און פאַרזיכערן איר עקזיסטענץ. ווײַבאַלד אַ דויערהאַפטער שלום וועט פאָרט אײַנגעשטעלט ווערן, איז גאַנץ מעגלעך, אַז ישראל זאָל אַזאַ מדינה מיט דער צײַט געבן אַ צוטריט צום ים, און אפשר שליסן מיט איר אַן אָפּמאַך פון אַ צאָל־אוניע, ווי אַ מין "בשותּפותדיקער מאַרק".

וואָס זײַנען די הויפּט־מאָטיוון קעגן דעם עווענטועלן אַקצעפּטירן פון אַ פּאַלעסטינעזישער מדינה אויפן אויבנדערמאָנטן שטח?: 1. אַ פּרינציפּיעלער. דהײַנו, ווי עס טענהן די שאַרפע קעגנער, איז גאָרנישט בנמצא קיין פּאַלעסטינעזישע נאַציע, במילא איז דער ענין פון אַ מדינה אַ קינסטלעכער, אַן אויפגעבלאָזענער, און, דער עיקר, פאַרן ציל צו געווינען אַ שפּרינגברעט צו קענען חרוב מאַכן מדינת ישראל. אָן שום ספק זייער ערנסטע און וואָגיקע מאָטיוון. פאַרשטייט זיך, אַז די באַצייכענונג "ערנסטע און וואָגיקע" באַציט זיך נישט צו די, וואָס שטרעבן פאַר יעדן פּרײַז אויסצוברייטערן ישראל צו די גרענעצן פון די ביבלישע צײַטן. די עקסטרעמיסטן דאַרפן גאָרנישט האָבן קיין שום מאָטיוון. דעריבער איז לחלוטין איבעריק מיט זיי צו דיסקוטירן. אַ וויכּוח איז באַרעכטיקט נאָר מיט די, וואָס צילן פאָרט צו אַן עכטן שלום און באַטראַכטן דעם פאָרשלאָג וועגן אַ פּאַלעסטינער מדינה בלויז ווי אַ פּאָטענציעלע אָפּשוואַכונג פון ישראלס פאַרטיידיקונגס־מעגלעכקייטן.

לאָמיר טאַקע אַ בליק טאָן טיפער אין דעם ענין. אַז די אַראַבער, אומאָפּהענגיק פון דעם ווו זיי לעבן, האָבן איין געמיינזאַמע שפּראַך, און אַפילו כּמעט ווי אַ געמיינזאַמע רעליגיע — דאָס איז אויסער יעדן ספק. פון דעסטוועגן פּאַרטיידיקט קיין שום ייִד נישט אין און מחוץ לישראל דאָס שאַפן אַ פּאַן־אַראַבישע מלוכה. אָט, למשל, האָבן עסטרייַכער און דייַטשן איין שפּראַך, און אויך אַן ענלעכע, אויב נישט אידענטישע, רעליגיע — פון דעסטוועגן פּרעדיקט הייַנט קיינער נישט קיין א״ג ״אָנשלוס״. אַמעריקע, אויסטראַליע, נייַ־זעלאַנד, אירלאַנד און ענגלאַנד האָבן אַן ענלעכן קולטור־הינטערגרונט. דאָך וועט קיינער נישט פּאָרלייגן זיי זאָלן זיך צוזאַמענשמעלצן. ווער רעדט נאָך וועגן דער גרויסער צאָל דרום־אַמעריקאַנישע לענדער, וואָס זייַנען אין אַן ענלעכער לאַגע.

נאַציאָנאַלע פֿאָלקס־געמיינשאַפטן זייַנען קודם־כּל אַ רעזולטאַט פון אַ געמיינזאַמען גורל — אַ פּאָליטישן, סאָציאַלן, עקאָנאָמישן אאַ״וו. ווער קען לייקענען, אַז די פּאַלעסטינער אַראַבער האָבן אַדורכגעמאַכט אַזאַ היסטאָרישן פּעריאָד נאָך דעם אויפשטייַג פון ייִדישן ייִשוב, און באַזונדערס נאָך דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל. די פאַקטן וועגן דעם גורל פון אַראַבישע פּליטים, און וויאַזוי אָט די פּליטים זייַנען געוואָרן באַהאַנדלט פון זייערע אַראַבישע ברידער און שוועסטער, זייַנען צו גוט באַקאַנט, אַז מיר זאָלן זיי דאַרפן דאָ איבערחזרן. דער עקשנותדיקער, ס׳רוב ברוטאַלער טעראָריסטישער קאַמף קעגן דעם קיום פון מדינת ישראל האָט געשאַפן ביז גאָר עפעקטיווע רייַפן, וואָס בינדן די פּאַלעסטינער אין אַ נאַציאָנאַלער פאָרם, וועלכע טיילט זיך אויס פון די אַנדערע אַראַבישע מדינות.

פּאָליטישע וויסנשאַפטלער און סאָציאָלאָגן פון דעם קאַליבער ווי פּראָפ׳ אבינֵרי, וועלכער איז איצט, אַגב, פּאַרוואַלטער פונעם אויסערן־מיניסטעריום פון ישראל, האָבן שוין פון לאַנג געמאַכט די זעלביקע אויספירן וועגן די נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס פון די פּאַלעסטינער אַראַבער. פּראָפ׳ אבינרי טענהט, אַז גראָד דער ציוניזם איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם אויפשטייַג פון דעם אַראַביש־פּאַלעסטינעזישן נאַציאָנאַליזם. דעריבער טאָר מען נישט מבטל מאַכן אָט דעם פּראָבלעם מיט אויבערפלעכלעכע אָפּשאַצונגען. וואָס פריִער די פּאַראַלעלקייט פון מדינת ישראל מיט אַ שכנותדיקן פּאַלעסטינער שטאַט וועט ווערן רעאַליזירט, אַלץ גרעסער די שאַנסן פאַר אַ דויערהאַפטן שלום אין אָט דעם סענסיטיוון ברענפּונקט פון נאָענטן מזרח.

זיכער קענען די קעגנער פון אָט דעם צוגאַנג אָנווייַזן, אַז די פּל״אָ, די פּאַקטיש אָנערקענטע דורך די אַראַבער רעפּרעזענטאַנץ, האָט בשעתו אויף איר גרינדונגס־צוזאַמענפאָר אָנגענומען אַ דעקלאַראַציע, וואָס צילט צו פאַרניכטן מדינת ישראל. דער פּונקט פון אָט דער דעקלאַראַציע שטעלט פעסט, אַז נאָר אַזוי פיל ייִדן וועלן קענען בלייַבן אין אַ פּאַלעסטינער

(כּלומרשט וועלטלעכער) מדינה, וויפל ס'האָבן געלעבט אין יאָר 1917 אין לאַנד, ד"ה פאַר דער באַלפור־דעקלאַראַציע. אין בעסטן פאַל — אַזוי פיל וויפל אין יאָר 1947, פאַר דער גרינדונג פון מדינת ישראל. דער פּאַראַגראַף 20 פון דער דעקלאַראַציע באַטראַכט טעראָר און מלחמה ווי דעם איינציקן וועג צו דערגרייכן זייער מלוכהשאַפט. פאַרשטייט זיך, אַז לויט אָט דער דעקלאַראַציע קען בשום אופן נישט זײַן קיין רייד וועגן אָנערקענען מדינת ישראל. דאָס לעצטע מאָל ווען דער נאַציאָנאַל־ראַט פון פל"אָ האָט זיך פאַרזאַמלט, זײַנען די און אַנדערע אויפגאַבן נישט געוואָרן געענדערט. זיי האָבן בפירוש נישט בדעה צו רעווידירן זייער פּראָגראַם. אַגב, האָט די פירערשאַפט שטאַרק מורא פאַר די נאָך מער ראַדיקאַלע עלעמענטן.

פון די־אָ טרויעריקע פאַקטן וואָלט מען אייגנטלעך געקענט דרינגען, אַז די קעגנער פון אונטערהאַנדלען וועגן אַ פּאַלעסטינער שטאַט זײַנען גערעכט. דאָך זײַנען זיי בפּוריש נישט גערעכט. פאַרוואָס? מ'קען צו דעם ישראל־פּראָבלעם נישט צוגיין ווי צו אַ סיטואַציע פון שוואַרץ־און־ווײַס. אויב מ'זאָל נעמען די ווערטער פון דער פל"אָ פאַר אַן אַבסאָלוטן דעטערמינאַנט פאַר דער ישראל־פּאָליטיק, בלײַבט קוים איבער וועלכער נישט איז מאַנעווירירונגס־רוים. אין אָנבליק פון דער איצטיקער סיטואַציע אין נאָענטן מזרח קאָן מען בפירוש זיך איבערצײַגן, אַז דאָס באַלדיקע, אָן באַדינגונגען, צוריקציִען זיך מצד מדינת ישראל פון די אין דער 6־טאָגיקער מלחמה אָקופּירטע געביטן, וואָלט טאַקע געווען אַ סטראַטעגישער און פּאָליטישער אומזין. מדינת ישראל וואָלט נישט בלויז געהאַט פאַרלוירן אַ פיל בעסערע סטראַטעגישע פּאָזיציע, נאָר זי וואָלט געהאַט פאַרלוירן די באַזע פאַר ממשותדיקע אונטערהאַנדלונגען. אייגנטלעך וואָלטן בכלל אַזעלכע אונטערהאַנדלונגען נישט געקענט צושטאַנדקומען. די עווענטועלע אָפענסיווע צו צעשטערן ישראל מיט דער הילף פון רוסלאַנד וואָלט אָן שום ספק אָנגעהאַלטן, וואָרום די אַראַבער האָבן קיינמאָל נישט באַטראַכט דאָס צוריקבאַקומען די דאָזיקע טעריטאָריעס ווי אַן ענדגילטיקע לייזונג פון דעם ישראל־פּראָבלעם.

איז וואָס פלוצים געשען, וואָס ווײַזט אויס צו זײַן אַ שכל איצט יאָ צו פאַרהאַנדלען וועגן דעם ענין? — קודם־כּל האָט ישראל דאָך אַלעמאָל דערקלערט איר גרייטקייט צו פאַרהאַנדלען מיט די אַראַבישע מלוכות. הײַנט שײַנט אָבער די סיטואַציע צו זײַן מער אַקטועל, ווײַל די פל"אָ איז געוואָרן שטאַרק אָפּגעשוואַכט נאָך דער בירגער־מלחמה אין לבנון, און דער עיקר, ווי עס ווײַזט אויס, האָט דער עגיפּטיש־סאַודי־אַראַבישער בלאָק זיך פאַרשטאַרקט דורך זײַן פאַרבינדונג מיט דער פון פריִער מיליטאַנטישער סיריע. פון דער אַנדערער זײַט דעמאָנסטרירט דער דאָזיקער עטוואָס מעסיקערער אַראַבישער בלאָק אַן אַנטשלאָסנקייט פולשטענדיק אַרויסצושטויסן רוסלאַנד פון דעם

נאָענטן מזרח. פון דאַנען נעמט זיך די איזאָלאַציע פון איראַק, ליביע א. אַנד. אָן דער הילף פון אַמעריקע איז אַבסאָלוט אויסגעשלאָסן אָפּצוּווענדן די רוסישע גלוסטן אין מיטעלן אָריענט. צו דעם קומען צו נאָך ביז גאָר ערנסטע עקאָנאָמישע מאָטיוון, באַזונדערס אין עגיפּטן און סיריע, לטובת אויסמײַדן אַ נײַע מלחמה.

כדי אָפּן צו דערקלערן די אָנערקענונג פון ישראל, סטייַעט אַפילו אָט די מלוכות קיין מוט נישט, הגם מ'קען נישט זײַן זיכער מיט די רעזולטאַטן פון אַ פּאָזיטיווער אײַנשטעלונג מצד ישראל צו אַ פּאַלעסטינער שטאַט. ישראל וואָלט אָבער געווונען אַ מעכטיקן אָנשפּאַר אין דער עפנטלעכער מיינונג אין מערב, ווען זי וואָלט דערקלערט איר גרייטקייט אײַנצוגיין אויף אַ פּאַלעסטינער מדינה — פּאַרשטייט זיך, נאָר בתּנאי, אַז די פּל"אָ און די אַראַבישע שכנים זאָלן אָנערקענען **די עקזיסטענץ פון מדינת ישראל,** מיט אַנטשפּרעכנדיקע גאַראַנטיעס קודם־כּל מצד אַמעריקע.

און וואָס קען שוין זײַן וויכטיקער פאַרן ווווילזײַן פון מדינת ישראל, ווי אַ דויערהאַפטער שלום? די אַ"ג האַרטע, וועלכע ווילן דווקא אויפהאַלטן דעם סטאַטוס־קוואָ, גיבן זיך גאָרנישט אָפּ קיין חשבון וואָס פאַר אַ סכּנה עס דראָט מדינת ישראל, אויב זי וועט בלײַבן פּאַסיוו צו דער שלום־אָפענסיווע, וואָס די פירנדיקע אַראַבישע מדינות האָבן אונטערגענומען.

ס'איז כּדאַי דאָ צו דערמאָנען די אויטאָריטאַטיווע מיינונג פון ד"ר מתּתיהו פּעֶלֶד, דעם פּאָרזיצער פון דער אָפּטיילונג פאַר אַראַבישע שטודיעס אין תּל־אביבער אוניווערסיטעט. ער איז, אגב, געווען דער מיליטערישער גובערנאַטאָר פון גאַזאַ־שטרײַף נאָך דער זעקס־טאָגיקער מלחמה. הײַנט איז ער דער ראש פונעם ראַט פאַר אַ ישראל־אַראַבישן שלום. אַנומלט האָט ער באַזוכט טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, ווו ער איז אויפגענומען געוואָרן דורך אַ דורכאויס ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע רופט זיך "קאַנאַדער פּראָפעסאָרן פאַר שלום אין נאָענטן מזרח". אין ביז גאָר טראַגישע פאַרבן האָט ער געשילדערט דעם חורבן, וואָס אַ נײַע מלחמה קען גורם זײַן אין ישראל, "דאָס מאָל אויך אינעם הינטערלאַנד, במילא דער ציווילער באַפעלקערונג".

דאָס פּראָבלעם פון צײַט איז די צענטראַלע פראַגע אין דעם ביטערן קאָנפליקט אַרום ישראל. דעריבער, האָט ד"ר פּעֶלֶד דערקלערט, מוז אויסגענוצט ווערן יעדע מינימאַלע האָפענונג צו געפינען אַ מעגלעכע לייזונג פאַר דעם פּאַלעסטינער פּראָבלעם.

ד"ר פּעֶלֶד האָט זיך געטראָפן מיט אַ ריי מנהיגים פון פּל"אָ און האָט באַקומען דעם אײַנדרוק, אַז גאָר אַ באַדײַטנדיקער טייל פון זיי, מיט יאַסער אַראַפאַטן בראָש, וואָלט אפשר געווען גרייט צו רעווידירן די טרויעריק־באַרימטע עקסטרעמע דעקלאַראַציע בנוגע מדינת ישראל. די פּל"אָ איז הײַנט אַ שטאַרק געטיילטע באַוועגונג. ס'איז בפירוש אין די אינטערעסן

פון ישראל צו העלפן איר מעסיקן פליגל. אַ פּאַלעסטינער שטאַט וואָלט געקענט דינען ווי אַ בופער־מדינה און וואָלט אויף אַזאַ אופן אָפּגעשוואַכט די מיליטערישע פּאָטענץ פון אַ "גרויס־סיריע", וואָס שײַנט איצט זיך צו פאָרמירן. ד"ר פֶּלֶד וואַרפט קאַטעגאָריש אָפּ די מיינונג, אַז אַ פּאַלעסטינער שטאַט וואָלט געוואָרן אַ סאַטעליט פון רוסלאַנד. ער האָט געזאָגט: "די אַראַבער זײַנען איצט גאָר שטאַרק פאַרטאָן אין פּטור ווערן פון רוסלאַנד. זיי גיבן זיך אָפּ אַ חשבון, אַז זייער גאולה וועט נישט קומען פון די רוסן.

ד"ר פֶּלֶד איז אפשר צו אָפּטימיסטיש בנוגע די פּערספּעקטיוון פון שלום־פאַרהאַנדלונגען מיט דער פּל"אָ. מ'טאָר אָבער נישט אונטערשאַצן די לאַנגטערמיניקע פּאָלגן פון אַ געענדערטער אײַנשטעלונג מצד ישראל צו אַ פּאַלעסטינער מדינה אויף אַ טייל פון די פאַרנומענע געביטן. דורך גרעסערער עלאַסטישקייט קען ישראל נאָר געווינען אינעם געראַנגל פאַר אַ דויערהאַפטן שלום, וואָס וואָלט געווען אַ ברכה פאַר אַלע פעלקער אין נאָענטן מזרח, און פאַר דער וועלט בכלל.

הגם מיר ווילן אין דעם הײַנטיקן אַרטיקל זיך נישט אַרײַנלאָזן אין דעם גאַנצן גבול פון דער פּראָבלעמאַטיק, וואָס איז פאַרבונדן מיט די באַציִונגען צווישן ישראל און די תּפוצות, איז אָבער פּאָרט כּדאַי צו ציטירן די מיינונג פון ד"ר נחום גאָלדמאַן, דעם ציוניסטישן פירער־וועטעראַן און פּרעזידענט פון יידישן וועלט־קאָנגרעס. אין נומער 90 פון "די גאָלדענע קייט" (1976) געפינען מיר אויסצוגן פון זײַן בוך "ישראל וווּהין". נאָך אַן אַנאַליז פון דעם כאַראַקטער פון ייִדישן וועלטפאָלק און פון ישראלס ראָל, קומט ער צו די פּאָלגנדיקע אויספירן:

די פירער פון ישראל "פאַרשטייען נישט, אַז מ'קען נישט לייזן קיין שום פּראָבלעם דורך איגנאָרירן די געענדערטע באַציִונג פון די מערב־מלוכות צום ישראל־פּראָבלעם"... — — "...אויף וויפל דאָס שולד־געפיל ווערט אויסגעוועפּט, אויף וויפל די מערבדיקע דעמאָקראַטיעס זײַנען ווייניקער מסכּים מיט דער פּאָליטיק פון דער ישראל־רעגירונג, ווערט דאָס פּראָבלעם פון "טאָפּלטער לאָיאַליטעט" אין די תּפוצות אַלץ שווערער צו איגנאָרירן. מדינת ישראל דאַרף פירן אַזאַ אויסערן־פּאָליטיק, וואָס זאָל ווי ווײַט מעגלעך אויסמײַדן סתּירות פון טאָפּלטער לאָיאַליטעט בײַ ייִדן. "דאָס ניט מסכּים זײַן מיט יעדן פּרט פון דער ישראל־פּאָליטיק ווערט בײַ זיי פאַררעכנט ווי אַ בגידה לגבי מדינת ישראל"... — — "עס דאַרף זײַן קלאָר, אַז אַלץ וואָס ישראל טוט, בפרט אין דער אויסערן־פּאָליטיק, האָט אַ השפּעה אויפן לעבן און אויפן מצב פון די ייִדישע, קהילות אויף דער וועלט. און געגנוי אַזוי וויכטיק פאַר מדינת ישראל איז די פּאָזיציע פון די ייִדישע קהילות אין די תּפוצות".

*

נאָר אַ מוטיקער און קלאָרער פּראָגראַם, וואָס וואָלט, לכל הפּחות, געשטאַרקט די האָפענונגען ענדלעך ביַיצוקומען די לויערנדיקע מלחמה־געפאַר, מיט דער אויסזיכט צו געניסן פון אַן עכטן שלום דורך דער שווער געפּרוּווטער ייִדישער און אַראַבישער באַפעלקערונג, קען און דאַרף ווערן די שלאָג־אויפגאַבע פון דער ישראל־רעגירונג. מיר, ייִדן פון די תּפוצות, פאַר וועמען די עקזיסטענץ פון ישראל איז איצט אַ קאַרדינאַלער שטיצפּונקט אין אונדזער בליק אויף דעם פּרינציפּ פון פאָלקס־געמיינשאַפט פון ייִדישן וועלטפאָלק, זיַינען בלוטיק פאַראינטערעסירט צו העלפן מדינת ישראל נישט בלויז מיט מאַטעריעלער הילף, נאָר איבער אַלץ — מיט אונדזער מאָראַלישער שטיצע. דווקא וויַיל מיר זיַינען נישט אַריַינגעצויגן אין דעם אינערלעכן פּאָליטישן קאַמף אין ישראל גופא, און גראָד וויַיל מיר האָבן אַ סך אַ בעסערן שאַנס צו מעסטן דעם פּולס פון די נישט־ייִדישע מיטבירגער אונדזערע, ליגט אויף אונדז דער חוֹב צו וואָרענען ישראל קעגן די געפאַרן פון אַ וויַיט צו שטיַיפער, שאָוויניסטישער, פּאָליטיק בעת אַזאַ שעת הכּושר, וואָס קען זיך אפשר נישט אַזוי גיך איבערחזרן.

פאַרשטייט זיך, אַז פאַר אונדז, סאָציאַליסטן, וואָס האָבן דאָך קיינמאָל נישט אויפגעגעבן די טיפע איבערציַיגונג פון פאַרבינדן קאָנסטרוקטיווע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס מיט עכטן אינטערנאַציאָנאַליזם, איז אַפילו בלויז אַן ערנסטער פּרווו אויסצונוצן פּאָזיטיווע שלום־מעגלעכקייטן, אַ יש — און אַן אַבסאָלוטע פליכט.

„אונזער ציַיט“, מאַי 1977

# די קיבערנעטישע רעוואָלוציע

## דער פּאַרנעס, מהות און די פּועל־יוצא׳ס
## פֿון דער קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע

### 1. דער אָנהויב פֿון דער קאָמפּיוטער־ערע

אין דער איצטיקע סעריע וועלן מיר פּרובירן זיך פּאַרטיפֿן אין די גרויסע היסטאָרישע ענדערונגען אין אונדזער דאָ־זײַן (ווי מאַרקס האָט זיך אויסגעדריקט) ווי אַן אויסגאַנגס־פּונקט צו מאַכן טענטאַטיווע אויספֿירן וועגן דעם "באַוווּסטזײַן", וואָס די נײַע קיבערנעטיק־עפּאָכע קען אפֿשר גורם זײַן אין דער מערבדיקער ציוויליזאַציע, און עווענטועל אין דער צוקונפֿטיקער ערע פֿון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע בכלל.

דער דראַסטישער באַגריף "רעוואָלוציע" לײַדט שטאַרק פֿון ווײַט צו פֿיל באַנוצט און אויסגענוצט צו ווערן, במילא האָט ער אָנגעוואָרן זײַן אַמאָליקן עפֿעקט, וואָס האָט אַזוי אָפֿט אַפּעלירט צו די, וואָס זוכן זיך אָפּצוטרייסלען פֿון פֿאַרגליווערטע, קאָנסערוואַטיווע פֿענטעס און גאַרן צו פֿרישקייט פֿון באַנײַונג, צוזאָג און דערוואַרטונג.

רעוואָלוציאָנערער שווּנג איז דעריבער אַמאָל, — אָדער, בעסער געזאָגט, פּריִער — אויסגעוואַקסן צו אַ ביז גאָר מונטערן, שטאַרק אַפּעלירנדיקן פֿאַראָל אין באַנעמען דעם היסטאָרישן גאַנג פֿון דער מערב־ציוויליזאַציע זינט דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע. "סאָציאַלע רעוואָלוציע" האָט דערוואָרבן אַ גאָר חשובֿן אָרט אין דער גאַנצער מאַרקסיסטישער סבֿיבֿה, אייגנטלעך ביז אַ צײַט צוריק אין סאָציאַליסטישן וואָקאַבולאַר בכלל. ס׳איז קיין וווּנדער נישט, וואָרום דער עווענטועלער איבערגאַנג פֿון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם, געדרונגען פֿון מאַרקסיסטישן אַנאַליז, האָט בלי ספֿק אַנדערש ווי סאָציאַלע רעוואָלוציע נישט געקענט אָנגערופֿן ווערן.

הײַנט זײַנען מיר אָבער עדות פֿון אַ באַשײַמפּערלעכן וואַקסנדיקן סקעפּטיציזם ווען נאָר דער עצם באַגריף רעוואָלוציע ווערט דערמאָנט. נישט איין רעוואָלוציע ליגט אַ פֿאַרשפּילטע אויפֿן עולם האמת פֿון כּלערליי רעוואָלוציעס. פֿאַרשטייט זיך, אַז דער באַנקראָט פֿון דער אַזויפֿיל צוזאָגנדיקער רוסישער רעוואָלוציע וואַרפֿט זיך באַזונדערס שטאַרק אין די אויגן.

איז, ווי דאַרף מען פאָרט פאַרשטיין דעם מהות און פאַרנעם פון דער איצטיקער קיבערנעטיק־רעוואָלוציע, וואָס איז דער עיקר באַזירט אויף דער אַלזײַטיקער אויסווירקונג פונעם קאָמפּיוטער?

אייגנטלעך וואָלט איך געדאַרפט אָנהייבן אונדזער נײַע סעריע מיט אָפּשאַצן קודם־כּל דעם כּמותדיקן פאַרנעם פון דער קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע. פּראָסט־פּשוט צו געבן דעם לייענער אַ באַגריף פון דער קאָנקרעטער צאָל אָנווענדונגען און צאָלמעסיקן וווּקס פון דער ווײַטערדיקער דינאַמישער ווירקונג, וואָס די כּסדרדיקע האַסטיקע אויסברייטערונג פון דער קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע איז גורם. מיר דוכט זיך אָבער, אַז איך דאַרף נאָך אַלץ פריִער באַרעכטיקן פאַרוואָס אָט די רעוואָלוציע פאַרדינט די מאַקסימאַלע אויפמערקזאַמקייט, כּדי זי ביז גאָר זאַכלעך צו באַגרינדן ווי אַ דורכאויס פּאָזיטיווע, ממש היסטאָרישע איבערקערעניש פון ריין עקאָנאָמישן, אָבער אויך נישט ווייניקער פונעם שטאַנדפּונקט פון דער פענאָמענאַלער נײַסטער טעכנאָלאָגישער אַנטוויקלונג פון דער מערב־ציוויליזאַציע בכלל.

צוויי באַקאַנטע פוטוריסטן (צוקונפט־וויסנשאַפטלער), אַלווין און היידי טאָפלער, האָבן נאָרוואָס אַרויסגעלאָזט זייער נײַסטע אַרבעט א.נ. **"אַ נײַע ציוויליזאַציע אין ווערן"** (CREATING A NEW CIVILIZATION). זיי האָבן מיט אָט דעם געוואַגטן נאָמען לחלוטין נישט מגזם געווען, וואָרום, ווי זיי דריקן זיך אויס:

"אין דרײַ הויפּט־כוואַליעס קאָן מען אײַנטיילן די געשיכטע פון דער מערב־ציוויליזאַציע: די ערשטע, **די אַגריקולטור־ציוויליזאַציע**, וואָס האָט געדויערט פיל טויזנטער יאָרן; די צווייטע — **די אינ־דוסטריעלע**, האָט געדויערט העכסטנס נאָר 300 יאָר (פון 18־טן ביז דעם 20־טן י"ה, וואָס מיר האַלטן שוין בײַ זײַן סוף), און איצט שטייען מיר אויף דער שוועל פון דער דריטער היסטאָרישער כוואַליע" (נאָענט צום סוף פון 20־טן, כּמעט ווי אויף דער שוועל פון 21־טן י"ה).

לאָמיר בלויז ציטירן נאָך איין אויסצוג פון דעם אינטערעסאַנטן בוך, וואָס וועט אַרײַנפירן אונדזער לייענער אינעם אייגנטלעכן פאַרנעם פון דער אַ.ג. **קיבערנעטישער רעוואָלוציע:**

"די דריטע כוואַליע איז פאַרבונדן נישט בלויז מיט טעכנאָלאָגיע און עקאָנאָמיע. זי נעמט אַרום סאָציאַלע און אינדיווידועלע עטיק, קולטור און אידייען צוגלײַך מיט אינסטיטוציעס, ווי אויך די פּאָלי־טישע, געזעלשאַפטלעכע סטרוקטור" (ז' 11).

אין די נאָענטסטע אָפּשניטן וועט אונדז אויסקומען אַרײַנצוגיין אין מער אויספירלעכע פּרטים. לעת עתּה דינען אָט די ציטאַטן פון אויטאָריטעטן אין געביט פון שטודירן די דינאַמיק פון דער מערב־ציוויליזאַציע ווי אַ באַשײַמ־

פערלעכער באַווײַז פונעם פּאַרנעם פון דער גיגאַנטישער רעוואָלוציע, וועלכע שפּיגלט זיך אָפּ פּאַר אונדזערע אויגן, געזען דורך די ברילן פון די טאָפלערס.
לאָמיר צוליב אונדזער באַרעכטיקטן סקעפּטיציזם בנוגע דעם באַגריף ״רע־וואָלוציע״ נישט צעשטערן דאָס פולע דערשאַצן פון דער גרויסער איצטיקער ווײַטגייענדיקער קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע: אַ רעוואָלוציע, וואָס הייבט אָן אַ נײַע עפּאָכע אין אונדזערע דורות.

## 2. פאַרוואָס אַ נײַע עפּאָכע?

פאַרוואָס דאַרף די קיבערנעטישע רעוואָלוציע באַטראַכט ווערן ווי אַן אָנהייב פון אַ נײַער עפּאָכע אין דער מערבדיקער ציוויליזאַציע?
ס׳איז בפירוש אַ סוד פּאַר גאַנץ בראָד, אַז די ראָל פון דעם קאָמפּיוטער וואַקסט נאָכאַנאַנד, מיט אַ ראַשיקן טעמפּאָ אינעם מאָדערנעם לעבן. מיט אָט דעם אָפּשניט האָבן מיר דעריבער געשטעלט די אויבנדערמאָנטע פראַגע, און מיר ווילן פּרובירן זי פאַרענטפערן קודם־כּל דורך אַרײַנבליקן אינעם עצם פּאַרנעם, ווי ס׳ווערט צוגעזאָגט אין דעם אונטערקעפּל פון אונדזער סעריע.
אַפילו אַ קורצער איבערבליק פון אַקטועלן אָנגייענדיקן פּאַרנעם וועט גענוג זײַן צו באַקרעפטיקן די טעזע, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אַן אמתן טעכנאָלאָגישן דורכברוך מיט ווײַטגייענדיקע היסטאָרישע קאָנסעקווענטן. די שוין פריִער (אין ערשטן אָפּשניט) ציטירטע א. און ה. טאָפלער (פון זייער ווערק ״אַ נײַע ציוויליזאַציע אין ווערן״, טערנער־פאַרלאַג, אַטלאַנטאַ 1995, זז׳ 8־9) באַהויפּטן, אַז דרײַ לאַנגצוגיקע כוואַליעס האָט די מענטשלעכע ציוויליזאַציע שוין צו פאַרצייכענען. דהײַנו, די ערשטע — די יאַגד־ און אַגריקולטור־עפּאָכע, וועלכע האָט געדויערט צענדליקער־טויזנטער, און אפשר גאָר הונדערטער־טויזנטער יאָרן; די צווייטע — די אינדוסטריעלע, בסך־הכּל אַן ערך 300 יאָר זינט דעם אָנהייב פון 18־טן י״ה ביז איצט, צו דער שוועל פונעם 21־טן י״ה; די דריטע היסטאָרישע כוואַליע האַלט ערשט בײַ איר אָנהייב און דאַרף פאַרשטאַנען ווערן אין צושטאַנד פון גיכן און כּסדרדיקן אַנטוויקלען זיך.
הגם אָט די רעוואָלוציע האָט אַ גאַנץ קורצע געשיכטע, פילט מען שוין בחוש, אויף טריט און שריט, איר אויסווירקונג. סך־הכּל האָט זי פּאַקטיש זיך אָנגעהויבן ערשט איצט, נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.
אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט די באַוווּסטע פירמע I.B.M זיך אַרויסגערו־קט אויפן אויבן־אָן. מיט דער צײַט זענען אויפגעקומען אַ רײַ באַ־דײַטנדיקע קאָנקורענטן, און לעצטנס וואַקסן אויס נײַע פירמעס ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. גראָד זײַנען דאָס די יונגע פעיִקע פיזיקער, וואָס האָבן זיך גענומען מיט אימפּעט און מיט פאַנטאַזיע צו דער גרויסער עקספּאַנסיע.

אַנדערע פון זיי זײַנען אין אַ קורצער צײַט ממש מתעשר געוואָרן.

דאָ נישט לאַנג איז די וועלט, טאַקע די גאַנצע וועלט, פאַרהילכט געוואָרן פון אַ ריזיקער קאָמפּאַניע אין שײַכות מיטן פּראָדוצירן אַ נײַעם אַ״ג ״פענצטער 95״־פּראָגראַם. די גיגאַנטישע רעקלאַמע האָט דער עיקר זיך קאָנצענטרירט אויף איין טאָג און האָט אָפּגעקאָסט 200 מיליאָן דאָלאַר. דאָס נײַע ״פענצטער״ ווערט פּראָדוצירט דורך אַ פירמע מיטן נאָמען Microsoft, וואָס דאָס מיינט, אַז זי פּראָדוצירט פּראָגראַמען פאַר קאָמפּיוטערס. עס זײַנען פאַראַן ״האַרטע״ און ״ווייכע״ קאָמפּיוטער־פּראָדוקטן: די ״האַרטע״ שטעלן מיט זיך פאָר די עצם אַפּאַראַטור, און די ״ווייכע״ שטעלן צו די פּראָגראַמען צו דערמעגלעכן דאָס דורכפירן די נויטיקע אָפּעראַטיווע ראָטאַציעס פון די אַפּאַראַטן, וועלכע רעגיסטרירן די רעזולטאַטן און די אַ״ג ״פענצטער״. דאַן קומט די ריי אויף דעם אַ״ג ״זכרון־שפּײַכלער״. אָט דער ״זכרון־שפּײַכלער״ האָט דאָס אַזוי רעוואָלוציאָנירט די גאַנצע דערפינדונג. פון איין זײַט שפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָל די צײַט, וואָס איז נייטיק פאַר דער גאַנצער פּראָצעדור, ממש סעקונדן און שפּליטערס פון סעקונדן, און דאָס וואָס דער קאָמפּיוטער קען קאָנסערווירן די רעזולטאַטן פון דער קאָמפּליצירטער קאַלקולאַציע און אינפאָרמאַציע.

ווי דער לייענער קען לײַכט זיך אָנשטויסן, שפּילט דער פּראָגראַם אַ שליסל־ראָל. פּראָגראַמען מוזן זײַן, פאַרשטייט זיך, עפעקטיוו פאַר יעטוועדן געביט ווו נאָר דער קאָמפּיוטער ווערט גענוצט. ס׳איז נישט קיין וווּנדער, וואָס אַן ״אביון אין זיבן פאָלעס״, איידער ער איז געוואָרן אַ פּראָדוצענט פון ״מייקראָסאָפט״־פּראָגראַמען, איז אין אַ קורצער צײַט געוואָרן דער גרעסטער גביר אין אַמעריקע. זײַן נאָמען איז ביל גייטס. עס וועט אונדז נאָך אויסקומען אין די ווײַטערדיקע אָפּשניטן זיך אָפּצושטעלן גאָר בקיצור אויף אַנדערע, גאָר וויכטיקע, טעכנישע אַספּעקטן וועגן קאָמפּיוטער. אייגנטלעך קאָנצערטרירט זיך דער שווערפּונקט פון אָט דער סעריע מײַנער דער עיקר אויף דער צענטראַלער פראַגע, ״אויף ווי ווײַט איז די קיבערנעטישע רעוואָלוציע אַ מײַלשטיין צו אַ נײַער עפּאָכע אין דער אוניווערסאַלער געשיכטע פון דער מענטשהייט״. דאָך, איידער מיר טרעטן צו צום ערשטן טייל פון די דרײַ קאָמפּאָנענטן פון דעם אונטערקעפּל — צום פאַרנעם פון אונדזער טעמאַטיק, ווילט זיך פאָרט בלויז באַמערקן, אַז די גאַנץ פּאָפּולערע מורא, אַז דער קאָמפּיוטער איז עלול, רחמנא לצלן, איבערצושטײַגן דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד, איז, נאַטירלעך, אַן אומזין, וואָרעם דער קאָמפּיוטער איז דאָך נישט מער ווי אַ מין ראָבאָט, וואָס רעגיסטרירט אַלץ וואָס ווערט געפרעגט אין די פּראָגראַמען. ער פאָלגט־נאָך גאָר פּשוט די אינסטרוקציעס פון דעם מענטש. מער נישט, וואָס די שנעלקייט איז אַ פאַרכאַפּנדיקע. אָפּט זײַנען סעקונדן פאַר אָט דעם עלעקטראָנישן מוח גענוג אויף אַדורכצופירן ריזיקע קאָמפּליצירטע אָפּעראַציעס, וואָס פאַרלאַנגען פון דעם מענטשלעכן

מוח אַ קאַלאָסאַלן אָנשטרענג. דער זכרון־שפּײַכלער העלפּט בײַצוקומען דעם גאַלאָפּ־טעמפּאָ און ער פּרעזערווירט די רעזולטאַטן כּמעט ווי לעולם ועד.

אָט פּאַרוואָס די פּראָגראַמירער זײַנען דאָס אויבערשטע פונעם שטייסל אין דער קאָמפּיוטער־אינדוסטריע.

איבערגייענדיק צום ריזיקן פּאַרנעם פון דער קאָמפּיוטער־איבערקערעניש, לאָזט זי זיך שוין ביז גאָר שטאַרק אָפּפּילן אויף אָן אַ שיעור געביטן פונעם היינטצײַטיקן לעבן. מבינים זאָגן פאָרויס, אַז גאָר אינגיכן וועט יעטוועדע היים זיך קוים קענען באַגיין אָן אַ קאָמפּיוטער, פּונקט ווי דער טעלעפאָן איז געוואָרן אַן אומבאַדינגטער טייל פון דער היים. שוין אָפּגערעדט פון אונטערנעמונגען, מלוכהשע אינסטיטוציעס אויף אַלע מדרגות, אאַ״וו.

איך האָב פאַר זיך אַ רשימה פון 27 הויפּט־געביטן, אויף וועלכע דער קאָמפּיוטער איז שוין פון אַ צענטראַלן באַדײַט. די דאָזיקע ליסטע איז ווײַט פון צו זײַן אַ פולע. אויסרעכענען אַלע 27 וואָלט נאָר באַשווערט אונדזער אַנאַליז. וועלן מיר זיך דעריבער מוזן באַנוגענען בלויז מיט אַרויסהייבן נאָר אייניקע פון זיי און זיך קאָנצענטרירן אויף די סאַמע וויכטיקסטע, אײדער מיר קומען צו צום מהות און צו די פּועל־יוצא׳ס.

די קיבערנעטיק־רעוואָלוציע ווערט אָפּט אויך אָנגערופן **״די אינפאָרמאַציע־רעוואָלוציע״**. דאָס איז נישט קיין וווּנדער, ווײַל זי דערמעגלעכט אַן אויסערגעוויינלעכן פאַרנעם פון לאָקאַלער, רעגיאָנאַלער, לאַנד־ און קאָנטינענטאַלער, ווי אויך טיילווײַז אַפילו אינטער־פּלאַנעטאַרער קאָמוניקאַציע, ווי ס׳האָט, למשל, באַוויזן די פענאָמענאַלע אַנטוויקלונג פון די טעלעפאָן־פאַרבינדונגען צווישן די אַסטראָנאַווטן און ״נ.אַ.ס.אַ.״ אויף דער יבשה.

וועלן מיר טאַקע נעמען אויפן ערשטן פּײַער דעם גיגאַנטישן געביט פון קאָמוניקאַציע, וואָס איז ענג פאַרבונדן מיט טראַנספּאָרטאַציע. נאָך דעם וועלן מיר גאָר בקיצור דערמאָנען אייניקע פּרטים וועגן וויסנשאַפט, באַזונדערס פון מעדיצין, בילדונג און דערציִונג, ועל אחת כּמה וכּמה — וואָס שײַך דעם עקאָנאָמישן לעבן.

אין דער עקאָנאָמיע לאָזט זיך שוין גאָר שטאַרק אָפּפּילן די השפּעה פון דעם קאָמפּיוטער. דער אַנאַליז פון דער וויסנשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פאַרלאַנגט אַ באַזונדערן קאַפּיטל — וועלן מיר עס שוין טאָן אין אַ נאָענטסטן אָפּשניט, און שפּעטער אין קורצן איבערגיין צו די אויבן־אויסגערעכנטע אָפּגעקליבענע געביטן.

איך וויל אָבער פאַרענדיקן דעם אָפּשניט מיט אַ שטיקל באַוואָרעניש, דהײַנו — דורך אַרויסהייבן די קאָלאָסאַלע היסטאָרישע באַדײַטונג פון דער איצטיקער פענאָמענאַלער טעכנאָלאָגישער רעוואָלוציע, קאָן דער לייענער באַקומען דעם פאַלשן אײַנדרוק, אַז איך זע אין די קיבערנעטישע רעוואָלוציע נאָר אין

ראַזע פּאָזיטיווע פאַרבן. חס וחלילה. צוזאַמען מיט דעם ריזיקן פּראָגרעס ברענגט זי מיט זיך אויך גאַנץ טרויעריקע נעגאַטיווע פּועל־יוצאס. וועגן דעם — אין די ווײַטערדיקע אָפּשניטן.

### 3. צום פּאַרנעם פון דער קיבערנעטיק־רעוואָלוציע

אין פריִקן אָפּשניט פון דער סעריע האָבן מיר געשטעלט די פראַגע: ״פּאַרוואָס אַ נײַע עפּאָכע?״. דערבײַ האָבן מיר זיך באַוואָרנט מיט דעם אויסדרוק ״פּרובירן״. אין דער אמתן האָבן מיר נישט געקענט אַפילו בלויז ״פּרובירן״, וואָרום כּדי צו קענען ענטפערן אויף אָט דער פראַגע, מוזן מיר קודם־כּל אַנאַליזירן די דרײַ וויכטיקע קאָמפּאָנענטן: ״פּאַרנעם, מהות און פּועל־יוצא׳ס״ פון דער קאָמפּליצירטער געשיכטע־מאַכנדיקער טעמע.

בלית ברירה מוזן מיר פריִער אויפקלערן די דרײַ אַרײַנפיר־פראַגן. מיר באַטראַכטן זיי דערהויפּט אַלס אַזעלכע, ווײַל מיט דער איצטיקער סעריע בין איך דער עיקר אויסן צו פאַרענטפערן די פראַגע פון דעם לאַנגצוגיקן אײַנפלוס פון דער קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע אויף דעם ווײַטערדיקן גאַנג פון דער מערב־ציוויליזאַציע, און אומדירעקט אויף דער ציוויליזאַציע פון דער מענטשהייט בכלל.

ס׳איז בפירוש נישט גענוג מיטגעריסן צו ווערן דורך דער וואַקסנדיקער פּאָפּולאַריטעט פון דעם קאָמפּיוטער און קומען צו אויבנאויפיקע עפּאָכע־מאַכנדיקע אויספירן.

דאָס איז נישט מײַן וויכטיקסטע כּוונה מיט שרײַבן די דאָזיקע סעריע. מיטן אַוועקשטעלן די פראַגע וועגן שיידוועג צווישן עפּאָכעס, אין שײַכות מיט דער קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע, וויל איך נישט בלויז פּאַראַלגעמיינערן, נאָר אויף וויפל דאָס וועט זיך לאָזן אַרײַנפירן דעם לייענער אין די סודות פון דעם פענאָמענאַלן שווונג און אויפשטײַג פון מענטשלעכער גאונות בימי דער קיבערנעטיק־רעוואָלוציע. צוזאַמען מיט זיי וויל איך געבן צו פאַרשטיין אויך אירע סאָציאַל־עטישע חסרונות — קאָלעקטיווע און אינדיווידועלע.

לייִדער פאַרשטייען נישט אַפילו אַ סך פון די, וואָס באַנוצן זיך שוין מיטן קאָמפּיוטער, נישט נאָר די טעכנאָלאָגישע אַספּעקטן פון דעם משונהדיקן ״מכשף״, נאָר אויך דעם קאָמפּיוטערס אויסווירקונג אויף דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער ציוויליזאַציע. בלינדערהייט לאָזן זיי זיך מיטן שטראָם.

די דערשײַנונג פון דער קיבערנעטישער רעוואָלוציע איז אָבער ווײַט צו וויכטיק זי בלויז צו אַקצעפּטירן און צו איגנאָרירן איר באַדײַטונג און היסטאָרישע השפּעה. ווי דער לייענער שטויסט אַוודאי אַן, האַלט איך שוין ענדלעך בײַם אַריבערגיין צום באַהאַנדלען דעם ערשטן קאָמפּאָנענט פון דער דרײַפּאַכיקער אונטערטעמע.

דער פּאַרנעם איז אַזאַ קאָלאָסאַלער, אַז דאָס אַרײַנלאָזן זיך אין צו פיל פּרטים וואָלט אונדז צו ווײַט פאַרפירט, און פון אַ ליסטע פון 27 געביטן האָב איך אויסגעטיילט נאָר אַ געקליבענע צאָל, ווי למשל — דער ראָבאָט, אינפאָרמאַציע בכלל ווי דער וויכטיקסטער טייל פון דער קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע. דאָס צוגרייטן פּראָגראַמען פאַר אַלע מינים קאָמפּיוטערס. microsoft, דערציִונג און בילדונג, קונסט און פאַרווײַלונג, מעדיצין, וויסנשאַפט בכלל, און ספּעציעל מעטעאָראָלאָגיע, און וואָס עס איז באַזונדערס פאַרבונדן מיט פליִען אין די הימלישע, אָדער בעסער געזאָגט, צו זײַן עקזאַקט — אַ״ג הימלישע רוימען (space), פינאַנסן און באַנק־וועזן, אדמיניסטראַציע — אויף כּלערליי געביטן — מלוכישע און אַנדערע קאָמפּיוטערס פאַר פּריוואַטע (משפּחה) הצטרכותן אאַ״וו.

לויט ווי עס וואַקסט די צאָל קאָמפּיוטער־באַזיצערס און באַנוצערס, וועט די פּראָבלעמאַטיק, וועלכע מיר וועלן באַהאַנדלען אין גאַנג פון אונדזער סעריע, כּסדר שטײַגן. אָט, למשל, איז במשך פון די לעצטע 7 יאָר די צאָל באַנוצערס פון דעם אַ״ג ״אינטערנעט״ נעט״ צענפאַכיק אויסגעוואַקסן אין אַמעריקע — פון 3 ביז איבער 30 מיליאָן. די צאָל אינטערנעט־אַבאָנענטן וואַקסט ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר וועלן זיך ברייטער אָפּשטעלן אויף דעם ״אינטער־נעט״. לעת עתּה וויל איך אים נאָר דעפינירן על רגל־אחת: דאָס איז דער אופן, דורך וועלכן מ׳קען זיך קאָמוניקירן פון איין קאָמפּיוטער צום אַנדערן.

אינטערעסאַנט איז צו באַמערקן, אַז עס איז פאַראַן אַן אינטערנאַציאָנאַלע אינטערנעט־פאַרבינדונג צווישן ליבהאָבערס פון ייִדיש, דער אַזוי־גערופענער ״מענדעלע־פּראָגראַם״. זיי האָבן, אַפּנים, גרויס הנאה פון אָט דער אויס־טערלישער געלעגנהייט.

ווי ס׳ווײַזט אויס, האָט די ישׂראל־אינדוסטריע שוין דערגרייכט אַ גאָר באַדײַטנדיקע מדרגה. ווי אַ באַווײַז קען דינען דער פאַקט, אַז אַזש 30 ישׂראלדיקע עלעקטראָנישע פירמעס זענען אַקרעדיטירט אויף דער ניו־יאָרקער בערזע.

די טעג האָט אַן ענגלישע פירמע אָנגעזאָגט, אַז גאָר אינגיכן וועט זי פּראָדוצירן מיני־קאָמפּיוטערס אונטער 900 דאָלאַר (דעטאַל־פּרײַז). בקיצור, איין זאַך איז שוין גאַנץ קלאָר, אַז במשך פון דער צײַט ווען אונדזער סעריע וועט זיך באַווײַזן, וועט די טעמע פון דער קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע נישט ווערן פאַרעלטערט.

*

## 4. אויף דער שוועל פון דער נײַער עפּאָכע

מיט אָט דעם קעפּל: "**אויף דער שוועל פון דער נײַער עפּאָכע**" מיינען מיר פּשוט, קלאָר און דײַטלעכער צו מאַכן פאַר דעם לייענער, אַז דאָס פאַרנעמען מיר זיך טאַקע אין דעם עסיי נאָר מיט דעם פאַרנעם, מהות און די פּועל־יוצא׳ס, מיטן אויסדריקלעכן ציל צו קומען צום **פּרוזדור פון דער נײַער עפּאָכע**. לײַדער קענען מיר נישט קומען צו די נייטיקע היסטאָריש לאָגנצוגיקע אויספירן בנוגע דער ריזיקער השפּעה פון דער גראַנדיעזער אָנגייענדיקער טעכנאָלאָגישער רעוואָלוציע, אָן צו באַקענען זיך מיט איר פיזישער סטרוקטור.

אינעם פריִערדיקן קאַפּיטל (נר. 3) האָבן מיר אויסגערעכנט אַ ריי סאַמע וויכטיקסטע געביטן, אויף וועלכע דער קאָמפּיוטער שפּילט אַ צענטראַלע ראָל. הגם מ׳קען אין אַ לפי ערך קורצער באַהאַנדלונג פון דער פּוּלדיקער טעמאַטיק זיך אייגנטלעך בלויז באַגנוגענען מיט אַ קיצורדיקער אַרײַנפיר־פאָרמולירונג, איז אָבער דאָך נייטיק אויסצוטיילן כאָטש אייניקע אַספּעקטן פאַר אַ מער פּרטימדיקן אַנאַליז.

אויפן ערשטן פּײַער וועלן מיר נעמען דאָס אַ״ג **פּראָגראַמירן**. מיט דער אויסברייטערונג פונעם באַנוצן דעם קאָמפּיוטער אויף אָן אַ שיעור געביטן, האָט געמוזט אַנטשטיין אַ גאַנצע אינדוסטריע צו פּראָדוצירן די אַ״ג "ווייכע" געהילפס־פּראָדוקטן (softwares) פאַר יעדן ספּעציפישן קאָנקרעטן צוועק.

דער קאָמפּיוטער איז דאָך, אייגנטלעך, אַ גולם, וואָס פירט נאָר אויס די אינסטרוקציעס פון זײַנע באַנוצערס. ווי וויכטיק עס זאָל נישט זײַן דער אַ״ג האַרטער חפץ (דער קאָמפּיוטער גופא) ווי דער הויפּט־מחותּן, איז ער אָבער "אויס קאַפּעלוש־מאַכער" אָן דעם פּראָגראַם. דעריבער איז נישט קיין חידוש, וואָס די פּראָגראַמיר־אינדוסטריע צעוואַקסט זיך מיט אַ בליץ־שנעלקייט.

ס׳רוב לייענער וועלן זיך, מן הסתּם, דערמאָנען וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אויף דער גאַנצער וועלט דעם 24־טן אויגוסט 1995, ווען די גרעסטע "מײַקראָקראַפט"־קאָרפּאָראַציע אין די פאַר. שטאַטן האָט אין איין טאָג רעקלאַמירט דעם אַ״ג "פענצטער נומ. 95" (אַ "פענצטער" אין אַ קאָמפּיוטער איז דער עקראַן, אויף וועלכן עס ווערן רעגיסטרירט די באַטרעפנדיקע רעזולטאַטן.

די ראָל פון "פענצטער 95" באַשטייט פּשוט אין נאָך מער אויסברייטערן דעם ביז־איצטיקן גבול פון דעם קאָמפּיוטער אין רוים און אין צײַט (אין וועלט־מאַסשטאַב). בלויז אויף רעקלאַמע האָט די "מײַקראָסאָפט"־קאָרפּאָראַציע אויסגעגעבן 200 מיליאָן דאָלאַר. לכתּחילה זײַנען די פאַר־שיידענע פּראָגראַמען פּראָדוצירט געוואָרן פאַר אינדוסטריעלע, באַזונדערס פאַר מלוכהשע, באַדערפענישן. איצט איז שטאַרק פּאָפּולער דאָס אָנווענדן

אַנטשפּרעכנדיקע פּראָגראַמען (אַ״ג ״ווייכע פּראָדוקטן״) פֿאַר היימען (פֿאַר פּריוואַטע הצטרכותן).

פֿאַסיקע אינדיווידועלע פּראָגראַמען זײַנען בכלל ווי לופֿט פֿאַר מענטש־לעכע לונגען. געווען אַ צײַט, ווען ס׳האָט שטאַרק געגאָלטן די אײַנרעדעניש, אַז דער קאָמפּיוטער וועט, חלילה, אָפּשוואַכן, און אַפֿילו אַטראָפֿירן, די מענטשלעכע איניציאַטיוו און שעפֿערישקייט, רחמנא לצלן. וואָס פֿאַר אַ שטות איז דאָס! וואָרום די מענטשלעכע גאָונות קומט דאָך ביז גאָר בולט צום אויסדרוק אינעם שאַפֿן, איניצירן און צוגרייטן כּלערליי ממשותדיקע פּראָגראַמען.

גאָר אָפּט ווערט די קיבערנעטיק־רעוואָלוציע אָנגערופֿן ״אינפֿאָרמאַציע־רעוואָלוציע״. אין דער אמתן איז אָט די באַצייכענונג די סאַמע טרעפֿלעכסטע — ווײַל די העכסט אויגנרײַסנדיקע, פֿאַרפּירנדיקע רעזולטאַטן וואַרפֿן זיך גראָד אין די אויגן דורך דער גיכקייט, עכטקייט פֿון טראַנסמיטירן די סאַמע קאָמפּליצירטסטע פּרטים אין ווײַטסטן גלאָבאַלן מאַסשטאַב — סײַ האָריזאָנטאַל און סײַ פֿון די העכסטע הייכן אין כּמו־הימלישן חלל.

אָן דעם קאָמפּיוטער וואָלטן אַוודאי־און־אַוודאי נישט מעגלעך געווען די פֿענאָמענאַלע פֿליִען אַזש אין די צווישנפּלאַנעטאַרע רוימען. די פֿאַרבינדונג צווישן טי־ווי אַ״ג סאַטעליטן, און לעצטנס אַפֿילו מיטן טעלעפֿאָן, שטײַגט אַריבער די העכסטע פֿאַנטאַזיע. וואָס ווײַטער רעדט מען אַלץ מער און מער אין גלאָבאַלע טערמינען אַנשטאָט דעם טראַדיציאָנעלן באַגריף פֿון ערד־קויל. דאָס איז, בלי ספק, אַ רעזולטאַט פֿון דער גראַנדיעזער **אינפֿאָרמאַציע־רעוואָלוציע**. איר סאַמע בולטסטער אויסדרוק איז די ראָל פֿונעם ״סאַטעליט״, דורך וועלכן מרחקים פֿאַרשווינדן פֿאַר אויגנבליקלעכער קאָמוניקאַציע (instantouenes) אויף אַן אומבאַגרענעצטן מהלך.

אויף אָט דעם באָדן איז אויך אויסגעוואַקסן דער הײַנט שוין זייער פּאָפּולערער ״אינטערנעט״. אַדאַנק אים קענען מענטשן זיך פֿאַרשטענדיקן קעגנזײַטיק און זיך דירעקט אַדורכשמועסן מיט דער הילף פֿונעם קאָמפּיוטער. דער ״אינטערנעט״־סיסטעם וואַקסט ווי אויף הייוון. צווישן 1987 און 1994 איז, למשל, די צאָל אַבאָנענטן פֿון דער אינטער־נעץ אין אַמעריקע געשטיגן פֿון 13 ביז 30 מיליאָן. ווען די שורות ווערן געשריבן (דעם 24־טן פֿעברואַר 1996) זײַנען שוין צוגעקומען אַ סך מיליאָנען נײַע אַבאָנענטן. כּדי צו געבן די לייענער אַ קאָנקרעטן באַגריף פֿונעם באַדײַט פֿון דעם ״אינטערנעט״, איז כּדאי צו ברענגען אַזאַ פֿאַקט, וואָס איז באַזונדערס וויכטיק פֿאַר כּלערליי פֿאָרשונגען, וויסנשאַפֿטלעכע און אַלע מינים אַנדערע: די גראַנדיעזע ״ניו־יאָרקער עפֿנטלעכע ביבליאָטעק״ האָט לעצטנס אײַנגעפֿירט אַן אינטערנעט־באַדינונג, וואָס מאַכט מעגלעך אַרויסצורופֿן גאַנצע טעקסטן אויפֿן קאָמפּיוטער־עקראַן (דעם אַ״ג ״פֿענצטער״). וואָס דאָס מיינט פֿאַר

דער וויסנשאַפט אין גלאָבאַלן פּאַרנעם, פֿאַרשפּאָרן מיר מאריך צו זײַן. ס׳איז ממש אויסערגעוויינלעך שווער זיך פֿאָרצושטעלן די פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן פֿונעם ״אינטערנעט״ פֿאַר אַלע געביטן אין דער הויך־ציוויליזירטער וועלט. אָט ווערט שוין איצט דער אינטערנעט באַנוצט ווי אַ וויכטיקער אינסטרומענט אין דער צוגרייטונגס־פּאַזע פֿון דעם פּרעזידענטן־קאַמפּיין אין אַמעריקע.

לײַדער קענען מיר נישט דערוואַרטן בלויז גרויסע טובֿות פֿאַר דער מענטשהייט. אָט, צום בײַשפּיל, נוצן אויס כּל המינים רעאַקציאָנערן דעם ״אינטערנעט״ פֿאַר גיפֿטיקער ראַסן־העצע און פֿאַר כּלערליי האַס־פּראָפּאַגאַנדע. אַ בפֿירושדיקע ניבול־פּה און פּאָרנאָגראַפֿיע־וואַקכאַנאַליע נוצט אויס דעם ״אינטערנעט״ אין דער צײַט ווען ס׳איז גאָר שווער צו געפֿינען אַ ממשותדיקע יורידישע קאָנטראָל. ווי ס׳ווײַזט אויס, האַלט מען אין איין זוכן תּרופֿות און לייזונגען, כּדי בײַצוקומען די־אָ גרויסע חסרונות און צו ראַטעווען די באַשײַמפּערלעכע מעלות פֿון דעם אינטערנעט־געוועב.

פֿאַרשטייט זיך, אַז אין אונדזער קורצער סעריע קענען מיר זיך נישט אָפּשטעלן ברייטער אויף דער ״אינטערנעט״־טעמאַטיק. עס בעט זיך דעריבער צו דערמאָנען דעם לייענער, אַז אייגנטלעך שטעלן מיר זיך אָפּ אויף טעכנאָלאָגישע אַספּעקטן נאָר ווי אַ צוגרייטונג צום באַהאַנדלען די השפּעה פֿון דער קיבערנעטיק־רעוואָלוציע אויף דעם קאָלאָסאַלן היסטאָרישן איבערברוך, וועלכן זי האָט גורם געווען אויף דעם גאַנג פֿון דער מאָדערנסטער הויך אינטעלעקטועלער ציוויליזאַציע אויף דער שוועל פֿון 21־טן יאָרהונדערט. דאָך וועט אונדז נאָך אַלץ אויסקומען זיך אומצוקערן אין די נאָענטסטע אָפּשניטן צו איניקע פֿונדאַמענטאַלע טעכנאָלאָגישע אַספּעקטן פֿון אָט דער טעמע.

## 5. ליכט און שאָטן אין דער קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע

ווי שוין דערמאָנט אין די פֿריִערדיקע אָפּשניטן, ליגט דער שווערפּונקט פֿון אונדזער באַהאַנדלען די טעמאַטיק דערהויפּט אויף די לאַנגצוגיקע היסטאָרישע קאָנסעקווענצן. לײַדער קענען מיר אָבער נאָך אַלץ נישט אַריבערגיין צום עיקר שכּחתי — צו די היסטאָריאָזאָפֿישע אויספֿירן, וואָרום עס קען זיך באַקומען אַ פֿאַלשער אײַנדרוק, אַז דער שרײַבער פֿון די שורות, ווי אַן עקאָנאָמיסט, ווערט פֿאַרכּליניעט פֿון די ריזיקע מעלות פֿון דער טעכנאָלאָגישער רעוואָלוציע, אָן צו זען אירע באַדײַטנדיקע חסרונות. הגם דעם עצם גאַנג פֿון דער ריזיקער דינאַמישער רעוואָלוציע קען מען נישט אָפּשטעלן, אָדער אַפֿילו נישט ממשותדיק אָפּשוואַכן, טאָר די געזעלשאַפֿט נישט בלײַבן אָפּהענטיק און אויפֿגעבן יעטוועדע אינטערווענץ צו קאָרעגירן

די איבלען אָן צו צעשטערן די דינאַמיק פון דעם גראַנדיעזן היסטאָרישן פּראָצעס.

צום באַדויערן איז איצט זייער פּאָפּולער געוואָרן אינעם סאָציאַל־פּאָליטישן לעבן די פילאָזאָפיע פון דער סופּרעמאַציע פון פרייַען מאַרק. על־כּן ווערט גאָר אַ קללה דאָס אַרייַנמישן זיך פון דער מלוכה (אין אַלע אירע מדרגות) אין דעם אָביעקטיוון פּראָצעס, אַפילו ווען די פּעול־יוצא׳ס קענען זייַן טראַגישע.

אויף דער וואָגשאָל צווישן ליכט און שאָטן פון דעם קיבערנעטישן דורכברוך רוקט זיך קודם־כּל אַרויס דער ריזיקער וווּקס פון פּראָדוקטיוויטעט, וואָס דער קאָמפּיוטער האָט שוין, און וועט נאָך מער שטאַרקן דאָס גאַנצע ווירטשאַפטלעכע לעבן. אמת, נישט אַלע קלאַסן געניסן פון דעם וווּקס פון דער פּראָדוקטיוויטעט, אָבער דאָך דאַרף די מערכה פון דער גאַנצער געזעלשאַפט פאַרבעסערט ווערן — פּשוט, ווייַל אַדאַנק דעם אויפשטייַג פון דער פּראָדוקטיוויטעט פאַלן סוף־כּל־סוף אַ סך פּרייַזן. שוין דאָס, וואָס בשעת דער אָנגייענדיקער טעכנאָלאָגישער איבערקערעניש לייַדט נישט די אַוואַנסירטע ווירטשאַפט פון קיין באַדייַטנדיקער אינפלאַציע, באַשטעטיקט עס ווי פּאָזיטיוו ס׳איז דער באַרג־אַרויף פון דער פּראָדוקטיוויטעט אין אונדזער צייַט.

דער סאַמע באַשיַימפערלעכסטער גרויסער חסרון פון דער קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע דריקט זיך אויס דער עיקר אין דעם כּסדרדיקן פאַלן פון דער צאָל באַשעפטיקטע. וואָלט דאָס נישט געווען אַזאַ צרה, ווען די אַרבעטסלאָזע וואָלטן געקענט באַקומען באַשעפטיקונג אין אַנדערע צווייַגן פון דער ווירטשאַפט. דער איבערגאַנג צו אַנדערע אינדוסטריעס טרעפט איצט זיך אָן אויף אַ סך גרעסערע מניעות ווי בעת פריִערדיקע דראַסטישע ענדערונגען אינעם פּראָדוקציע־סיסטעם. דער איבערגאַנג צו דער דאַמף־מאַשין, למשל, האָט פאַרלאַנגט ריזיקע אינוועסטיציעס, ווי צ״ב פון בויען באַן־נעצן, אד״גל. על כּן איז די נאָכפראַגע אויף אַרבעטס־קראַפט געווען אַזאַ שטאַרקע, אַז די אַזויגערופענע ״רעזערוו־אַרמיי״, ווי מאַרקס האָט זיך אויסגעדריקט, האָט גרינג געקענט באַשעפטיקט ווערן. אַגב, טעכנאָלאָגישע ענדערונגען פלעגן פריִער נישט גורם זייַן אַזאַ באַדייַטנדיקע נאָכפראַגע פון געניטער און אויסגעשולטער אַרבעטס־קראַפט.

איצט גרויסט זיך אַזאַ גיגאַנטישע קאָרפּאָראַציע, ווי ס׳איז די איי. טי. און טי. (די גרעסטע טעלעפאָן־געזעלשאַפט אין אַמעריקע) מיט איר פּלוצעמדיקן רעדוצירן 40.000 אָנגעשטעלטע און אַרבעטער. בכלל איז ממש אַ מגיפה פון ענלעכע רעדוקציעס צוליב דעם, וואָס די גרעסטע קאָרפּאָראַציעס זוכן צו לייזן זייערע בילאַנס־פּראָבלעמען דורך מאַסיוון רעדוצירן די צאָל אַרבעטער. איז טאַקע נישט קיין ווונדער, וואָס די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען (די ״טרייד־

יוניענס״) זיַינען די לעצטע יאָרן שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

דער זייער ליבעראַלער אַמעריקאַנער אַרבעטס־מיניסטער ראָבערט רײַך האָט אַנומלט אויף אַ קאָנגרעס פון קוילנגרעבער דערקלערט, אַז ״אַ פּאָר־בעסערונג פון פּראָדוקטיוויטעט הייבט טאַקע די פּראָפיטן, אָבער גלײַכצײַטיק ווערן רעדוצירט די לוינען פון די אַרבעטער״ (ניו־יאָרק טײַמס, אויגוסט 1995). ער האָט אָנגעוויזן, אַז אין דורכשניט האָבן די קאָרפּאָראַציעס פאַרגרעסערט זייערע רווחים מיט 25% אין פאַרגלײַך מיטן פריִערדיקן יאָר, אין דער צײַט ווען די לוינען פאַלן כּסדר. דאָס פאַלן פון דער צאָל אַרבעטער, אָרגאַניזירטע אין דער .A.F.L און C.I.A פון 35% אין יאָר 1954 אויף 23% פון אַלע באַשעפטיקטע אין אַמעריקע, איז אָן שום ספק אַ רעזולטאַט פון דער אויטאָמאַטיזאַציע און פון כּלערליי כּסדרדיקע פאַרבעסערונגען פון דעם פּראָדוקציע־סיסטעם. ״מיר זיַינען עדות״, זאָגט ראָבערט רײַך,״פון אַ פּראָצעס, וואָס הייבט די עשירות פונעם כּלל, געפּאָרט מיט דער פאַראָרעמונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן און דעם מיטלקלאַס״.

ראָבערט רײַך קומט דעריבער צום אויספיר, אַז ״ביז גאָר טראַגישע קאָנסעקווענצן קענען אַנטשטיין צוליב דעם וווּקס פון דער שער צווישן אָרעם און רײַך פאַר אַ הויך־אַנטוויקלטן דעמאָקראַטישן סיסטעם״.

דער דאָזיקער באַשײַמפּערלעכער קריזיס פון גלײַכגעוויכט פאַרלאַנגט אַן אַנטשלאָסענע פּאָליטיק קעגנצווווירקן די בּפירושדיקע סאָציאַלע איבלען, וועלכע די קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע איז גורם.

צווישן די שאָטנס, וואָס זיַינען פאַרבונדן מיט דער קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע, האָבן מיר זיך ברייטער אָפּגעשטעלט דער עיקר אויף די נעגאַטיווע עקאָנאָמישע פּועל־יוצא׳ס, הגם זיי ווירקן בלי ספק אויך אויף אָן אַ שיער מער געביטן, אויף וועלכע דער קאָמפּיוטער איז נישט קיין ברכה. דאָך מוז יעדער אָביעקטיווער פאַרטיפטער אַנאַליז דערפירן צו דער מסקנא, אַז די געזעלשאַפט אין וועלט־מאַסשטאַב קען נאָך אַ סך גוטס דערוואַרטן פון דעם וווּקס פון דער קיבערנעטישער רעוואָלוציע.

בלויז לגבי איין נעגאַטיווער דערשײַנונג דאַרף געמאַכט ווערן אַן אויסנאַם. דהיַינו — לגבי די געפאַרן פון כּלערליי דעמאַגאָגישע גיפטיקע פּראָפּאַגאַנדע־קאָנסעקווענצן, אויף וועלכע עס איז אויסגעשטעלט דער אינטערנעט (ברייטער דערמאָנט אין פערטן אָפּשניט). די עפנטלעכע מיינונג אין אַמעריקע איז שטאַרק באַשעפטיקט מיט אָט די סכּנות. נעאָ־נאַצישער סם־המוות טראָגט זיך, למשל, גאָר אָפּט אויף די אינטערנעט־כוואַליעס און קיין מיטלען קעגן דעם אומגליק זיַינען דערוויַיל נישט געפונען געוואָרן. למען השם דאַרף געזאָגט ווערן, אַז די זאָרג בײַצוקומען אָט די געפאַר שטײַגט כּסדר, אומאָפּהענגיק פון די טראַדיציאָנעלע פּאַרטייאישע אָנגעהעריקייטן אין די פאַר. שטאַטן (דעמאָקראַטן און רעפּובליקאַנער). מען זוכט פּאָליטייאישע און

יורידישע לייזונגען צו אָט דער מגיפה. און אַזוי ווי די גאַנצע דעמאָקראַטישע סטרוקטור און דער סאָציאַל־פּאָליטישער סיסטעם זענען שטאַרק אָפּהענגיק פון געפינען רפואות פאַר דער שרעקלעכער מכה, איז דעריבער צו האָפן, אַז מיט גוטן ווילן וועט פאָרט אַן אויסוועג געפונען ווערן.

לאָמיר נישט פאַרגעסן, אַז דער אינטערנעט עפנט אויך טיר־און־טויער פאַר פּאָזיטיווע קאָנסטרוקטיווע הומאַניטאַרע צילן. אַפילו אויף אונדזער באַשיידענעם געביט צו שטאַרקן די שאַנסן פון פאַרשטאַרקן די מערכה פון ייִדיש דורך דעם אַזויגערופענעם "מענדעלע־פּראָיעקט", וואָס מאַכט מעגלעך אַ דירעקטן קאָנטאַקט צווישן ליבהאָבערס און אַקטיוויסטן פאַר ייִדיש אין גלאָבאַלן מאַסשטאַב, האָט דער "אינטערנעט" גאָר גרויסע פּאָטענצן. מיר האָבן, אַגב, אַביסל ברייטער שוין דערמאָנט דעם "מענדעלע־פּראָיעקט" אין אַ פריִערדיקן אָפּשניט, און מיר וועלן זיך מיט דער צײַט מסתמא אומקערן צו דעם אייגנאַרטיקן פענאָמען פון דער מאָדערנער קאָמוניקאַציע.

## 6. נאָך אַלץ אַקעגן דעם פענאָמענאַלן אויפשטײַג פון "אינטערנעט"

ביז איצט האָבן מיר גאַנץ באריכותדיק געשילדערט דעם אומגעווייינלעכן ווּוקס פון דעם קאָמפּיוטער אינעם הײַנטצײַטיקן לעבן, מיט דער אויסרעכענונג, אַז אפשר וועלן מיר קענען שוין אין די ווײַטערדיקן שורות פאָרמולירן די הויפּט־קאָנטורן פון דער השפעה פון דער קיבערנעטישער רעוואָלוציע אויף דעם דינאַמישן גאַנג צו אַ נײַער תקופה אין דער מאָדערנער ציוויליזאַציע.

קומען אָבער כּסדר צו אַלץ נײַע איבערראַשנדיקע אַנטוויקלונגען, וואָס בעטן זיך אויפגעקלערט צו ווערן איידער מיר קומען צו די באַשײַמפּערלעכע היסטאָרישע ענדערונגען אויף דער שוועל פונעם 21־טן יאָרהונדערט. דערבײַ האָט זיך על־פּי צופאַל געמאַכט אַזוי, אַז גראָד די טעג זאָל צושטאַנדקומען אַ ריזיקער אַלוועלטלעכער קאָנגרעס וועגן דער נײַער דערפינדונג, וואָס רופט זיך "אינטערנעט", און וועגן איר וואַקסנדיקער ראָל אין אונדזערע טעג.

3500 פון די סאַמע בעסטע ספּעציאַליסטן פון גאָר דער וועלט האָבן אין משך פון דרײַ מעת־לעת אָפּגעשאַצט די "אינטערנעט־עפּאָפּייע". צוו"אַנד האָבן זיך אויך באַטייליקט אַזש 240 דעלעגאַטן פון עקאָנאָמיש צוריקגעשטאַנענע לענדער פון דער אַ"ג דריטער וועלט, כּדי צו נאַשן פון די דערגרייכונגען אין די מערב־לענדער.

וואָס עפּעס איז דווקא אין מאָנטרעאַל פאָרגעקומען די דריטע יערלעכע סעסיע פון דעם וועלט־פאַרבאַנד, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן ערשט מיט פינף יאָר צוריק?

איז דער פּשט, אַז גראָד קאַנאַדע איז צווישן די ראשונים פון דעם

אינטערנעט־דורכברוך. דאָס האָט די היגע "בעל"־טעלעפאָן־געזעלשאַפט פּיאָנירט אין אַנטוויקלען דעם אינטערנעט־סיסטעם. בסך־הכּל איז די גאַנצע אַנטוויקלונג פונעם "אינטערנעט" ערשט אַלט אַן ערך צען יאָר. דאָך איז אָט דער טערמין שוין שטאַרק פּאָפּולער. זייַנע סודות זייַנען ווי "אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד" — און דאָך איז, לשם קלאָרקייט, כּדאַי כאַטש בקיצור נאָכאַמאָל צו פּרעציזירן דעם מהות פון דער וווּנדער־דערפינדונג.

אין דעם יוני 1995־נומער פון דעם פּרעסטיזשפולן לאָנדאָנער "עקאָנאָמיסט" ווערט דער "אינטערנעט" ברייט באַהאַנדלט בזה הלשון: "במשך פון די לעצטע עטלעכע יאָר האָבן די מעכטיקע טיטאַנען פון דער "מידיאַ" (בלית־ברירה מוזן מיר פאַר'יידישן אָט דעם טערמין) גאַלאָפּ־שנעל געעפנט טיר־און־טויער פאַר דער ממש מאָמענטאַלער טראַנסמיסיע פון דער אַקטועלסטער אינפאָרמאַציע מיט דער הילף פונעם עלעקטראָנישן "דיגיטאַל". ציַיטווייַליק ווערט די אינפאָרמאַציע איבערגעוויזן דורכן טעלעפאָן צום קאָמפּיוטער אויף נאָענטע און ווייַטע מרחקים צום אינטערנעט, וועלכער פאַרבינדט דאַן צווישן זיך די באַטרעפנדיקע באַנוצערס פון קאָמפּיוטער".

מיר שטרייַכן אונטער, אַז דאָס ווערט דער טעלעפאָן באַנוצט נאָר דערווייַל, ווייַל עס האַלט שוין דערבייַ, אַז די פאַרבינדונגען צווישן קאָמפּיוטערס זאָלן קענען געמאַכט ווערן דירעקט. אָט־אָ־די פאַנטאַסטישע נעץ אינעם רוים שטעלט מיט זיך פאָר דעם לעצטנס פּאָפּולער געוואָרענעם טערמין "סופּער־הייַוויי" — וואָס מיינט "סופּער־אויטאָסטראַדע" — אָן דראָטן און אָן קאַבלען.

ווי גיך עס וואַקסט די גלאָבאַלע נעץ — דער אינטערנעט — קאָן מען אַרויסדרינגען פון דעם פאַקט, אַז אין די לעצטע געציילטע פאָר יאָר — אַן ערך פיר יאָר — איז די צאָל אַבאָנענטן געשטיגן פון 20 ביז 40 מיליאָן, און האַלט אין איין וואַקסן: מבינים שאַצן, אַז אין דעם איצטיקן, דעם פינפטן יאָר, איז די צאָל נאָך האַסטיקער געשטיגן.

אויף אַזאַ אופן, פירט אויס דער "עקאָנאָמיסט" פון יוני 1995, ווערט דער מאָדערנער מענטש אַרומגערינגלט מיט קופּער־שטאַבעס און סיליקאָן־עלעמענטן דורך דעם אינטערנעט.

דעם 25־טן יוני ד.י. האָט אין מאָנטרעאַל זיך געעפנט אָט דער אויבן־דערמאָנטער וועלט־צוזאַמענפאָר — נישט מיט 2500, ווי מען האָט דערוואַרט, נאָר מיט גאַנצע 3500 דעלעגאַטן פון גאָר דער וועלט. צווישן די 50 אַרבעט־סעקציעס זייַנען געווען, למשל, גרופּעס צו באַהאַנדלען אַזעלכע טעמעס, ווי "דער אינטערנעט און דער וועלט־האַנדל", "די טראַנספאָרמאַציע פון דער געזעלשאַפט", "דער אינטערנעט און די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּראָבלעמען פון הייַנט און מאָרגן", "בילדונג און דערציִונג". ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אַז בעתן עפענען דעם קאָנגרעס האָט די דעלעגאַציע פון קוויבעק דערקלערט,

אַז די פּראָווינציעלע רעגירונג האָט באַשטימט 315 מיליאָן דאָלאַר אײַנצוקויפֿן קאָמפּיוטערס פֿאַר אַלע שול־קלאַסן אין דער פּראָווינץ. שוין איצט האָבן אַ סך לענדער אָנגעמאָלדן, אַז זיי האָבן אויסגעשטאַט אָן אַ שיעור קלאַסן — פֿון קינדער־גאָרטן ביז די אוניווערסיטעטן — מיט קאָמפּיוטערס, דער עיקר פֿאַר דעם "אינטערנעט". און דאָס איז דאָך ערשט דער סאַמע אָנהייב פֿון דער אינטערנעט־עפּאָפּייע.

ס'איז ניט שווער זיך פֿאָרצושטעלן וואָס פֿאַר אַ ווירקונג דאָס קען האָבן אויף דעם גבֿול און איכות פֿון דערציִונג און פֿאַרנעם פֿון וויסן. אַ באַזונדערס גרויסע זאָרג פֿאַר די ווייניקער פֿאָרגעשריטענע לענדער פֿון דער אַ״ג "דריטער וועלט" איז געשטאַנען אויפֿן סדר־היום פֿון דער קאָנפֿערענץ. וויזיאָנערן און הומאַניטאַרן, וואָס שטייען בראָש פֿון דעם קאָנגרעס, זעען אין דעם אַ ממשותדיקן ווערט ווי אַזוי צו פֿאַרגיכערן דאָס פֿאַרשיטן דעם אָפּגרונט צווישן דער אַנטוויקלטער און דער צוריקגעשטאַנענער וועלט. ס'איז, אַפּנים, נישט קיין צופֿאַל, וואָס צווישן דער ריזיקער צאָל דעלעגאַטן געפֿינען זיך אויף 240 פֿון דער "דריטער וועלט".

באַזונדערס בולט קלינגט דער מהות פֿון דער קאָנפֿערענץ אין דער כּולל־דיקער טעמע זײַנער: **"דער אינטערנעט און זײַן ראָל אין טראַנספֿאָרמירן די מענטשלעכע געזעלשאַפֿט".**

ווי גרויס עס איז דער רושם, וועלכן דער דערמאָנטער קאָנגרעס האָט געמאַכט אין דער שטאָט, זאָגט עדות, למשל, אַזאַ אַרויסזאָג פֿון דעם באַרימטן דיריגענט־מאַעסטראָ פֿון מאָנטרעאַלער סימפֿאָנישן אָרקעסטער (ער איז, אגבֿ, אויך דער שטענדיקער דיריגענט־מאַעסטראָ פֿון דעם נאַציאָנאַלן אָרקעסטער פֿון פֿראַנקרײַך און גאַסט־דיריגענט פֿון די וויכטיקסטע און בעסטע אָרקעסטערס אויף דער וועלט), שאַרל דיטואַ. ווען אַ זשורנאַליסט האָט אים די טעג געפֿרעגט: וויאַזוי זעט איר די וויזיע פֿון XXI יאָרהונדערט? איר זענט דאָך באַקאַנט ווי אַ מענטש מיט גרויסער פֿאַסיע פֿאַר אַ בעסערער צוקונפֿט? — האָט ער אַזוי געענטפֿערט: "איך בין שטאַרק אַרײַנגעטאָן אין צוגרייטן זיך צום XXI יאָרהונדערט, און דערפֿאַר זע איך גאַנץ קאָנקרעט, אַז גענוי אַזוי ווי איינע פֿון די גרעסטע ענדערונגען אין XX י״ה איז געווען די טעלעוויזיע, אַזוי וועט דער אינטערנעט ווערן דער שטאַרקסטער הייבער, דער מעכטיקסטער ציוויליזאַטאָרישער פֿאַקטאָר אינעם XXI יאָרהונדערט" ("מאָנטרעאַלער גאַזעט", 30־טער יוני 1996).

צום בעסטן רעזומירט דעם צענטראַלן מהות פֿון דער איצטיקער מאָנטרע־אַלער קאָנפֿערענץ די ברייטע און לאַנגע לענטע, וואָס איבער דער טריבונע: "מיטן פּנים צו באַנײַען די מאָדערנע געזעלשאַפֿט".

בדרך־כּלל ווערן איניציאַטאָרן און פֿאָרברענגערס פֿון נײַע געוואַגטע דער־פֿינדונגען פֿאַרכּלינעט פֿון דער פּילצוואָגנדיקער נאָוואַטאָרישקייט. דעריבער

מוז מען זייערע גוזמאות באַטראַכטן מיט אַ היפּש ביסל סקעפּטיציזם. דאָך איז שווער אונטערצושאַצן די קאָלאָסאַלע מעגלעכקייט פון דעם גלאָבאַלן אינטערנעט פאַר אַלע דימענסיעס פון דער מענטשהייט. אַ סברא, אַז אַפילו היילן פונדערווייַטנס מיט דער הילף פון קאָמפּיוטער און אינטערנעט, ווערט שוין איצט פּראַקטיצירט צווישן מאָנטרעאַלער און טאָראָנטער שפּיטעלער, און ווייַטע מרחקים אין פּאָלאַרן קרייַז, פון וואָס עס געניסן שוין אַ היפּשע צאָל עסקימאָסן. ס'איז פּשוט נישט מעגלעך צו געפינען אַ געביט, אויף וועלכן דער אינטערנעט זאָל נישט קענען זייַן אַן אמתע ברכה. אָפּטימיסטן צווישן די ענטוזיאַסטן פון אינטערנעט זעען, אַז גאָר אינגיכן וועט דער אינטערנעט ווערן אַזוי פּאָפּולער, ווי עס איז דער טעלעפאָן אין יעדער משפּחה אין דער אַנטוויקלטער וועלט.

פון דעסטוועגן ווערן די געדרוקטע פּראָגראַמען פון דעם קאָנגרעס באַגלייט מיט אַזאַ וואָרענונג: "דער אינטערנעט איז נאָך אַלץ אין די וויקעלעך, און ווערט נאָך דורך מאַנכע באַטראַכט ווי אַ מין שפּילצייַג". לאַנג וועט עס אַזוי נישט זייַן — באַרויִקט אָבער דער פּראָגראַם די דעלעגאַטן.

די מחברים פון דעם פּראָספּעקט גיבן, אַפּנים, זיך אָפּ אַ חשבון, אַז אַ סך דעלעגאַטן זייַנען באַאומרויִקט פון דער אַרבעטלאָזיקייט, וואָס די קאָמפּיוטער־אינטערנעט־רעוואָלוציע איז און קען נאָך מער גורם זייַן. כּדי צו פּאַרזיסן דעם־אָ ביטערן אמת, זאָגן זיי דעריבער צו די דעלעגאַטן, אַז גראָד די אינטערנעט־אַנטוויקלונג עפנט גרויסע מעגלעכקייטן פאַר גוט־באַצאָלטע אַרבעט־פּלעצער. דעריבער מוז וואָס גיכער קומען צום איבערשיכטן דורך אינטענסיוון לערנען די "סודות" און די קאָמפּליצירטע מעכאַנישע פּרינציפּן פון אינטערנעט.

דער לייענער פון אָט די שורות קען, מיט רעכט, באַקומען דעם אייַנדרוק, אַז איך ווער אויך מיטגעריסן מיט די ענטוזיאַסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטן פון דער קיבערנעטישער און, באַזונדערס, אינטערנעט־רעוואָלוציע. דערבייַ דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז די גרעסטע און צום מערסטנס באַגייַסטערטע פאַר־שפּרייטערס פון דער אינטערנעט־פּראָפּאַגאַנדע זייַנען אין דער ערשטער ריי שטאַרק קאָמערציעל פאַראינטערעסירט אין דעם וואָס גיכערן דערפאָלג פון אָט דער אינדוסטריע. באַזונדערס איז דאָס חל אויף די פּראָדוצענטן פון די אַ"ג ווייכע פּראָגראַמען. די גרעסטע געזעלשאַפט איז דער "מייַקראָסאָפט", וועלכן מיר האָבן ברייטער דערמאָנט אין די פריִערדיקע אָפּשניטן.

היות ווי אַזאַ שפּאָגל־נייַע דערפינדונג, ווי ס'איז דער "אינטערנעט", פאַרלאַנגט קודם־כּל אַן אויספירלעכע אויפקלערונג, איז נאַטירלעך, אַז דער באַשרייַבער קען אַמאָל איבערבייַגן דעם שטעקן צו דער ביז גאָר מונטערער און פּילצוואָגנדיקער זייַט. איך בין זיך מודה און מתוודה, אָבער מייַן "חטא" קאָן מען צושרייַבן דעם פאַקט, אַז די נעגאַטיווע פּועל־יוצא'ס קאָן מען

ערשט אָפּפּילן נאָך אַ לענגערער צײַט פֿון באַנוצן די גרויסע דערפֿינדונג.
הגם די געשיכטע פֿון אינטערנעט איז גאָר אַ קורצע, קוים אַן ערך צען יאָר, קאָן מען פֿאָרט שוין באַשײַמפּערלעך באַמערקן אַ ריי גרויסע איבלען, ווי למשל – די גיפֿטיקע ראַסיסטישע העצע, וואָס ווערט שוין געטריבן דורך דעם אינטערנעט, ווי אויך די פֿאַרשפּרייטונג פֿון פּאָרנאָגראַפֿיע און אַנדערע צרות. יורידישע פּרוּוון ווערן שוין געמאַכט צו באַשרענקען די הפקרות. אָבער עס דראָט שטאַרק די דאָזיקע זאָלן קומען אין אַ דראַסטישן קאָנפֿליקט מיט די פּרינציפּן פֿון פֿרײַען וואָרט אין אַן עכט דעמאָקראַטישער געזעלשאַפֿט.
אָט האָט אַנומלט דאָס העכסטע געריכט פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן צונישט געמאַכט די ערשטע שוואַלבן פֿון די קאָנגרעס־באַשלוסן, וואָס צילן צו באַגרענעצן די אַבסאָלוטע פֿרײַהייט פֿונעם אינטערנעט.
די חבלי לידה פֿון דער קאָמפּיוטער־אינטערנעט־רעוואָלוציע קען אָבער ווײַט נישט אָפּהאַלטן איר פֿאָרויסמאַרש. פֿון ענלעכע טעכנאָלאָגישע דורכבּרוכן איז קיינמאָל אין דער פֿאַרגאַנגענהייט נישט געווען קיין וועג צוריק. מער נישט, וואָס אַ פּראָצעס, וועלכן סאָציאָלאָגן רופֿן אָן דעם אַקאָדאַמאַציע־פּראָצעס, וועט זיכער זיך געפֿינען אין צענטער פֿון דער עפֿנטלעכער סאָציאַל־פּאָליטישער און עקאָנאָמישער מיינונג פֿון דעם מאָדערנעם מענטש.

## 7. צי האַלט עס טאַקע פֿאַר אַ נײַער תּקופֿה אין דער מאָדערנער ציוויליזאַציע?

אין 6־טן אָפּשניט פֿון אונדזער סעריע האָבן מיר אויספּירלעך געשילדערט דעם פֿאַרנעם פֿונעם וואַקסנדיקן גלאָבאַלן אינטערנעט־געוועב. אין משך פֿון די צוויי חדשים, זינט דער פֿריִערדיקער אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן, זײַנען צוגעקומען נאָך אָן אַ שיעור נײַע אַנטוויקלונגען אין שײַכות מיט דער קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע. ס'איז שוין זייער לאַנג נישט געווען אַזאַ דינאַמישע טעכנאָלאָגישע רעוואָלוציע, ווי די וואָס מיר לעבן איצט איבער. עס איז שווער נאָכצופֿאָלגן, כּדי צו זײַן גוט אינפֿאָרמירט וועגן די לעצטע ענדערונגען. און היות ווי איך האָב שוין אייניקע מאָל צוגעזאָגט מײַנע לייענער, אַז איך וועל ענדלעך איבערגיין צום הײַנטיקן אויבן־דערמאָנטן אָפּשניט, וועלן מיר טאַקע מפֿקיר זײַן אַפֿילו די אינטערעסאַנטסטע פּרטים, און מיר וועלן תּיכּף ומיד צוטרעטן צום אַנאַליזירן די היסטאָריש־פֿילאָזאָפֿישע אויספֿירן פֿון אונדזער לאַנגצוגיקער כּוללדיקער טעמאַטיק.
אַ גאַנץ רײַכע ליטעראַטור איז שוין פּובליקירט געוואָרן אויך אויף דער טעאָרעטישער קאַנווע.
צו געבן אַפֿילו אַ בחפֿזונדיקן איבערבליק איבער דער גאָר שנעל אָנוואַקסנ־

דיקער ליטעראַטור, וואָלט ווײַט איבערגעשטיגן די ראַמען פון אונדזער אַזוי אויך צײַט־פּאַרלאַנגענדיקער סעריע, וועלן מיר דער עיקר זיך אָפּשטעלן אויף דער שוין דערמאָנטער לעצטנס דערשינענער אַרבעט, א״נ ״דאָס ווערן פון אַ נײַער ציוויליזאַציע״ (״אַטלאַנטאַ״־פּאַרלאַג, 1994) פון דעם פּאָרל אַלווין און הײַדי טאָפלער. ביידע זײַנען באַקאַנט ווי אַוואַנסירטע אַ״ג ״פוטוריסטן״ (וועלכע שרײַבן דערהויפּט מיטן פּנים צו דער צוקונפט). געווען אַ צײַט ווען מ׳האָט זיי ממש איגנאָרירט צוליב זייערע געוואַגטע פּראָגנאָזן. זינט דער טעכנאָלאָגישער איבערקערעניש, וועלכע עס האָט גורם געווען דער קאָמפּיוטער, איז זייער פּרעסטיזש שטאַרק אויסגעוואַקסן. אין דער צײַט ווען אַלווין טאָפלערס פריִערדיק שטאַרק פוטוריסטיש ווערק ״די דריטע כוואַליע״, אַרויסגעגעבן דורך דעם באַנטאַם־פּאַרלאַג אין 1980, האָט שוין פיל בעסער אָפּגעקלונגען צווישן די וויסנשאַפטלער, איז זײַן בוך ״דער צוקונפטיקער שאָק״ נאָך אַלץ דורך מאַנכע געוואָרן גרינגגעשעצט.

״דאָס ווערן פון אַ נײַער ציוויליזאַציע״ האָט שוין גאָר אַן אַנדערן מזל. די מחברים שנײַדן איצט די פּירות פון אַ סך פּאָרויסזאָגונגען און זיי טײַטלען שטאָלץ מיט די פינגער צו זייערע רעאַליזירטע פּראָגנאָזן. אמת, מען מוז דאָך זיך סומך זײַן אין דער ״פוטוריסטיק״ אויף אַ סך קאָנקרעטע פאַקטן, אָבער אַ באַזונדערס וויכטיקע ראָל שפּילט די שעפערישע אינטואיציע פון אַרײַנבליקן אין אַן אַ״ג קרישטאָל־באָל, און אַזוי אַרום מיט דער צײַט געניסן פונעם באַשטעטיקן זייערע היפּאָטעזן.

אַ קורצער סכעמאַטישער אַרײַנבליק אין דעם אופן ווי אַזוי די טאָפלערס צעטיילן די גאַנצע מענטשלעכע געשיכטע, וועט אונדז העלפן נאָכצופאָלגן זייער עפּאָכע־סטרוקטור אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון דער אַל־מענטשלעכער ציוויליזאַציע.

**די ערשטע עפּאָכע**: די יאַגד־ און פּרימיטיווע אַגראַר־תּקופֿה, וואָס האָט געדויערט פון קדמונים ביז לערך צום סוף פון 18־טן יאָרהונדערט פון דער אָנגענומענער צײַט־רעכענונג.

די צווייטע עפּאָכע איז פאַרבונדן מיט דער וועב־ און **דאַמף־מאַשין**, ווי אויך פון דער שטײַגנדיקער באַדײַטונג פון עלעקטרישער קראַפט. די דאָזיקע תּקופֿה ווערט דורך די טאָפלערס באַצייכנט אַלס די **אינדוסטריעלע עפּאָכע**, וועלכע האָט אָנגעהאַלטן ביז צום סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. איצט שטייען מיר אויף דער שוועל פון דער נײַער קיבערנעטיק־קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע.

״אויף די אַנטשטייונג פון דער נײַער סאָציאַל־פּאָליטישער סטרוקטור אַנטהאַלט בולטע סימפּטאָמען פון אַ נײַער אַנטוויקלונג פון דער מערבֿ־ציוויליזאַציע״ — דערקלערן די טאָפלערס. לויט זיי איז ״היינט דער וויכטיקסטער פּאָליטישער קאָנפליקט דער עיקר מער צווישן אָרעם און רײַך,

פּריווילעגירטע און באַעוולטע, נישט דערהויפּט צווישן קאַפּיטאַליזם און סאָציאַליזם". – – "...דער צענטראַלער גראַנגל שפּיגלט איצט זיך אָפּ", טענהן די טאָפּלערס, "צווישן די וואָס ווילן פֿאַר יעדן פּרייַז אונטערהאַלטן די אינדוסטריעלע געזעלשאַפֿט און די, וואָס זייַנען גרייט פֿאַר נייַע דורכברוכן" (ז' 32).

פֿאַרוואָס זיי וואַרפֿן לחלוטין אָפּ דעם קאַנטראַסט צווישן קאַפּיטאַליזם און סאָציאַליזם, בלייַבט אַ סוד, וואָרום זיי באַגרענעצן זיך נאָר צו אַ קאַטעגאָרישער פֿעסטשטעלונג, אָן זי צו באַגרינדן. איז דען דער קאַמף צווישן פּריווילעגירטע און באַעוולטע נישט כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם צוזאַמענשטויס צווישן קאַפּיטאַליזם און סאָציאַליזם?!

אין זייַנע פּרידיקע ביכער האָט אַלווין טאָפּלער אַרויסגעוויזן אַ גאַנץ ליבעראַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָריענטאַציע. איצט גרויסט ער זיך מיט דער הקדמה פֿון גינגריטש, דעם אולטראַ־רעאַקציאָנערן רעפּובליקאַנער פֿירער, אָנגעשריבן פֿאַר די טאָפּלערס בוך "דאָס ווערן פֿון אַ נייַער ציוויליזאַציע".

דאָך טאָר מען נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט דעם ערנסטן בייַטראָג פֿון די טאָפּלערס צום פֿאַרשטיין די היסטאָריאָזאָפֿישע פּועל־יוצא׳ס פֿון דער קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע. בפֿרט נאָך, אַז עס איז נאָך לעת עתּה נישט פֿאַראַן קיין סאָציאַליסטישע באַנעמונג פֿון דער גיך אָנוואַקסנדיקער קיבערנעטישער רעוואָלוציע, הגם דער אַ״ג וויסנשאַפֿטלעכער סאָציאַליזם איז דאָך באַזירט אויף דער מאַרקסיסטישער טעאָריע פֿון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם: אַ פֿילאָסאָפֿיע, וואָס שטעלט אין סאַמע צענטער פֿון דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג די ראָל פֿון אַזעלכע טעכנאָלאָגישע איבערברוכן, ווי ס׳איז דער גיגאַנטישער פֿאַרנעם פֿון דעם קאָמפּיוטער־פֿענאָמען.

ס׳איז אפֿשר נישט קיין צופֿאַל, וואָס מאָדערנע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טעאָרעטיקער מייַדן אויס די טעמאַטיק פֿון דער קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע, ווייַל די מאָדערנע לאַנגיאָריקע דערפֿאַרונג איז ווייַט פֿון באַשטעטיקן די אַמאָל שטאַרק פּאָפּולערע "וויסנשאַפֿטלעכקייט" פֿון סאָציאַליזם ווי אַ היסטאָריש אָביעקטיוון און אומפֿאַרמייַדלעכן פּראָצעס, ממש ווי אַ געזעץ, פֿון דעם דינאַמישן גאַנג פֿון דער געשיכטע.

סעפּט.־אָקטאָבער ל״פּ 1996

## 8. אויב עס האַלט טאַקע פאַר אַ נייַער תּקופה אין דער מאָדערנער ציוויליזאַציע — אין וואָס דריקט עס זיך אויס?

כּדי צו פֿאַרענטפֿערן אָט די קאָמפּליצירטע פֿראַגע, דאַרף מען דערמאָנען די לייענער די דרײַ הויפּט־עפּאָכעס, וועלכע די טאָפֿלערס האָבן פֿאָרמולירט אין זייער ווערק „דאָס ווערן פֿון אַ נײַער ציוויליזאַציע" (זע קאַפּיטל 5 פֿון אונדזער סעריע): די ערשטע, **די יאַגד־ און אַגראַר־עפּאָכע**; די צווייטע — **די אינדוסטריעלע**, און די דריטע, וועלכע האַלט ערשט אין ווערן — **די קיבערנעטישע עפּאָכע.**

הגם די מחברים האָבן אַרײַנגענומען י. גינגריטשן אין דעם שותּפֿות, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט אין פֿאַריקן אָפּשניט (דורך באַנוצן זיך מיט זײַנעם אַ פֿאָרוואָרט צו זייער אויבן־דערמאָנטן ווערק), באַהאַנדלען זיי אָבער דעם אײַנפֿלוס פֿון דער נײַסטער טעכנאָלאָגישער רעוואָלוציע גראָד אין נוסח פֿון דער מאַרקסיסטישער טעאָריע וועגן דער דינאַמיק פֿון דער מענטשלעכער געשיכטע, דהײַנו — אַז גרויסע ראַדיקאַלע און פֿונדאַמענטאַלע טעכנאָלאָגישע ענדערונגען זײַנען גורם גרונטיקע איבערגענג צו נײַע תּקופֿות אין אַלע ציוויליזאַציעס. דאָס איז גאָר באַזונדערס חל אויף דער קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע, ווי מיר וועלן זיך איבערצײַגן אין ווײַטערדיקן גאַנג פֿון אונדזער אַנאַליז.

אין דער ערשטער ריי שפּיגלט זיך עס אָפּ אין דער קלאַסן־דיפֿערענציאַציע פֿון דער געזעלשאַפֿט. אויב אין דער צווייטער עפּאָכע (די אינדוסטריעל־קאַפּיטאַליסטישע) איז די טעאָריע פֿון עקספּלואַטאַציע, באַזירט אויף דער קאָנצעפּציע פֿון מערווערט, געווען דער יסוד פֿון דער מאַטעריאַליסטישער אויפֿפֿאַסונג פֿון דער געשיכטע — פֿאַרנעמט דעם אויבן־אָן אין דער דינאַמישער פֿילאָסאָפֿיע פֿון די טאָפֿלערס נישט די אַקומולאַציע פֿון קאַפּיטאַל (וואָס האָט, אַגב, אין תּוך גענומען געשטאַמט פֿון דעם דערמאָנטן מערווערט), נאָר דער כּוח פֿון וויסנשאַפֿטלעכע דערפֿינדונגען אין די הענט פֿון געוואַגטע איניציאַטאָרן. זיי הייבן אייגנטלעך אָן בדרך־כּלל אָן קאַפּיטאַל, און ווי עס ווײַזט אויס, לויט די טאָפֿלערס, מײַדן זיי לחלוטין אויס דעם קלאַסישן מאַרקסיסטישן עקספּלואַטאַציע־פּראָצעס. ס׳רוב זײַנען די פֿאָר פֿאַטענטן, וואָס האָבן שוין מצליח געווען מיט פֿאַרשפּרייטן דעם קאָמפּיוטער און זײַנע כּלערליי אָנווענדונגען, פֿון אביונים געוואָרן גיך מיליאָנערן, און אַפֿילו ביליאָנערן — ווי אַ שטייגער אַפּל, דער גרינדער פֿון דעם אַפּל־קאָמפּיוטער, ביל גייט, דער אייגנטימער פֿון דער „מײַקראָסאָפֿט"־קאָרפּאָראַציע — אַ פּיאָנער פֿון די אַ״ג „ווייכע" קאָמפּיוטער־מאַטעריאַלן. ער ווערט געשאַצט ווי דער גרעסטער גביר אין די פֿאַר. שטאַטן (דאָס איז, אַגב, דער זעלבער ביל גייט, וועלכער האָט מיט צוויי יאָר צוריק אַרויסגערופֿן אַ גרויסע סענסאַציע

אין דער גאַנצער וועלט מיט זייַן אַ״ג ״פּענצטער 95״־פּראָגראַם, וועגן וועלכן מיר האָבן געשריבן אינעם ו־טן אָפּשניט פון אונדזער סעריע). אָן די ״ווייכע״ פּראָדוקטן וואָלט דער קאָמפּיוטער געבליבן נישט מער ווי אַ קוריאָז מיט אַ מאַרגינעלן נוצן.

שוין דאָס, וואָס די ״נסים״ פונעם קאָמפּיוטער באַשטייען דער עיקר אין אויסנוצן מאַטעמאַטישע קאַלקולאַציעס מיט דער הילף פון עלעקטראָנישער ענערגריע אין אַ פענאָמענאַלן טעמפּאָ און זיי, די רעזולטאַטן, תּיכף ומיד אַפילו רעגיסטרירן לעולם ועד, איז באמת געווגו זיך איבערצוצייַגן, אַז דאָס באַאייַנפלוסן דעם פּראָדוקציע־פּראָצעס נעמט זיך דערהויפּט נישט פון די מוסקולן און געניטקייט פון דעם אַרבעטער, נאָר פון די אינטעלעקטועלע פּאָטענצן פון מענטש. די ראָל פון די באַזונדערס באַגאַבטע מאַטעמאַטיקער־וויזיאָנערן, געפּירט מיט שלאָגפּאַרטיקער אונטערנעמערישקייט, וואַקסט אויס צום צענטראַלן פאַקטאָר אין דער קיבערנעטישער רעוואָלוציע.

די שטורמישע פאַרשפּרייטונג פונעם קאָמפּיוטער שאַפט דעם הינטערגרונט פאַר דראַסטישע ענדערונגען אין דער סאָציאַלער סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט, במילא אויך אומדירעקט פאַר דער נייַסטער עפּאָכע פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע בכלל.

שוין דער הויך אינטעלעקטועלער כאַראַקטער פון דעם קיבערנעטישן דורכברוך שאַפט די ראַם, אין וועלכער וויסן און אָנטשפּרעכנדיקע געניטונג צו אַנטוויקלען אַלץ מער און מער דעם קאָמפּיוטער, הייבט־אויף דערציִונג און בילדונג צו דער העכסטער מדרגה אין דער נייַער תּקופה. כּלערליי דערשייַנונגען זאָגן עדות ווי וויַיט די קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע דאָמינירט שוין איצט אָן אַ שיעור געביטן אינעם מאָדערנעם לעבן — און דאָס איז דאָך ערשט דער אָנהייב.

גאָר אינגיכן וועט דאָס באַנוצן זיך מיטן קאָמפּיוטער ווערן, אַפּנים, אַזוי אַבסאָלוט נייטיק, ווי עס איז געווען די קונסט פון שרייַבן און לייענען פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער ציוויליזאַציע פון קדמונים. ס׳איז אַוודאי נישט קיין צופאַל, וואָס פּרעזידענט קלינטאָן האָט אין זייַן וואַל־קאַמפּיין זייער אָפט דערמאָנט דעם צוזאָג, אַז אין זייַן נייַער קאַדענץ וועט ער זיך באַמיִען, אַז יעדער תּלמיד זאָל האָבן אַ צוטריט צו אַ קאָמפּיוטער אין די שול־קלאַסן ביזן אוניווערסיטעט. וואָס וויַיטער וועט בכלל זייַן שווער צו באַקומען אַרבעט אין אַ סך אינדוסטריעס אָן דער קענטעניש זיך צו באַנוצן מיטן קאָמפּיוטער. אין דעם פּאָרלעצטן אָפּשניט האָבן מיר ברייטער זיך אָפּגעשטעלט אויף דער פענאָמענאַלער אַנטוויקלונג פון דעם אינטערנעט. זייַט מיר האָבן וועגן דעם געשריבן האָט דער אינטערנעט־געוועב ממש ״אַרייַנגעכאַפּט אין זייַן נעץ״ די גאַנצע וועלט. ווי אַ רעזולטאַט פון דעם ווערט אַלץ בעסער און נאָענטער דער לאָקאַלער און גלאָבאַלער קאָנטאַקט צווישן מענטשן.

ער קען בלי ספק ווערן אַ קעגנגעוויכט צו דעם לאָקאַלן פּאַטריאָטיזם און נאַציאָנאַליזם.

אויך די ייִדישע וועלט געניסט פון דעם. אָט ליגט פאַר מיר דער נײַסטער נומער פון דעם ענגליש־ייִדישן זשורנאַל "קאַנאַדער ייִדישע נײַעס". אַ גאַנצע זײַט איז געווידמעט ייִדישע אינטערנעט־פּראָגראַמען אין וועלט־מאַס־שטאַב. 31 אַזעלכע פּראָגראַמען ווערן דאָרט אויסגערעכנט. צווישן זיי דער צענטראַלער אינטערנעט פאַר אַלגעמיינער און ספּעציפישער אינפאָרמאַציע וועגן ספּעציפיש ייִדישע פּראָגראַמען א"נ "שעמעש".

צווישן אָט די אינטערנעט־פאַרבינדונגען, וואָס ווערן דאָרט דערמאָנט, געפינט זיך אויך דער ייִדישער "מענדעלע". "שעמעש" רעכנט אויס די דרײַ הויפּט־געביטן פון ייִדישע אינטערנעטן: רעליגיע, קהילה (געמײַנדע) און קולטור.

ס'איז נאָך פריצײַטיק אָפּצושאַצן די השפּעה פון אַזאַ גלאָבאַלער קאָמוני־קאַציע צווישן ווײַטע וועלט־פאַרשפּרייטע ייִדישע ייִשובים. פאַר אונדז, ייִדן, וואַקסט די נעץ צו אַן עפעקטיווער ראָל אין קאַמף קעגן דער אַסימילאַציע. אין אַלע צײַטן האָט דאָך אַ נאָענטער קאָנטאַקט צווישן ייִשובים געשפּילט אַ גאָר גרויסע ראָל אינעם שטאַרקן דעם קיום־ און המשך־פּראָצעס פון ייִדישן פאָלק. פאַרשטייט זיך, אַז עס וועט אַ סך זיך ווענדן אין דעם, ווי ווײַט דער געשטײַגערטער קאָנטאַקט וועט ווערן אָנגעפילט מיט שעפערישן אינהאַלט.

אינעם קעפּל פון אונדזער 8־טן אָפּשניט האָבן מיר צוגעזאָגט צו פאַר־ענטפערן די פראַגע: אין וואָס דריקט קאָנקרעט זיך אויס די קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע? — כּדי צו באַשטעטיקן די באַהויפּטונג פון די טאָפלערס, אַז מיר שטייען אויף דער שוועל פון דער נײַער עפּאָכע אין דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע. לעת־עתּה האָבן מיר ליידער באַוויזן צו מאַכן בלויז אַן אָנהייב אין פאַרענטפערן די געשטעלטע פראַגע. ס'וועט נאָך נעמען נישט איין אָפּשניט אַפילו בחפזונדיק אויסצושעפּן די טעמאַטיק. אין דעם נאָענטסטן אָפּשניט װעלן מיר קודם־כּל זיך אָפּשטעלן אויף די ענלעכקייטן און אונטערשידן צווישן דעם מאַרקסיסטישן באַגריף פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, און דער געענדערטער לאַגע פון שטודירן די היסטאָרישע ענדערונגען, וואָס די קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע האָט גורם געווען אין דער נײַסטער היסטאָריאָ־זאָפיע. מײַן כּוונה איז — נישט בלויז צו אינטערפּרעטירן די טעאָריע פון די טאָפלערס, נאָר צו געפינען אַ שײַכות צווישן דעם מעגלעכן מאָדערנעם בליק פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פילאָסאָפיע אויף דעם לאַנגצויִקן גאַנג פון דער געשיכטע פונעם שטאַנדפּונקט פון דראַנג צו אַ סאָציאַליסטישער וועלט.

שוין נאָך דעם ווי איך האָב געענדיקט שרײַבן אָט דעם 8־טן אָפּשניט, האָט זיך באַוויזן אין דעם זונטיק־נומער פון "ניו־יאָרק טײַמס" (פון 10.13.1996)

אַ ריזיקער אַנאָנס פון דער רעדאַקציע גופא, אַזש אויף אַ האַלבער זײַט פון אָט דער ערנסטער און פּרעסטיזשפּולער צײַטונג, אונטער דעם גרויסן קאָפּ: "אויף דער געוועב איז אַ מין גלאָבאַלע געמיינדע. טראַכט וועגן איר אַזוי ווי אַ שטאָטישע בירזשע (Town Square)". פּרטים פון דעם אַנאָנס אינעם נאָענטסטן אָפּשניט וועלן העלפן צו באַקענען דעם לייענער מיט דעם אומגעוויינלעכן פּאָטענציאַל פון אַזאַ "קיבערנעטישער בירזשע".

## 9. "אויף דער געוועב (אינטערנעט) איז אַ גלאָבאַלע געמיינדע"

מיט אָט די ווערטער האָבן מיר געהאַט פּאַרענדיקט דעם 8־טן אָפּשניט פון אונדזער סעריע מיט אַ ציטאַט פון אַן אָפּיציעלער דערקלערונג פון "ניו־יאָרק טײַמס" (פון 10.13.96) א"נ "גלאָבאַלע געמיינדע", וואָס מיינט גאָר פּשוט, אַז די גאַנצע וועלט איז געוואָרן ממש איין גיגאַנטישער מאַרק. דער "נ.י. טײַמס" באַנוצט זיך מיט דעם אויסדרוק "Town Square". די פּאַסיקסטע איבערזעצונג אויף ייִדיש שײַנט צו זײַן: "שטאָטישע בירזשע".

די לאַנגע היסטאָרישע אַנטוויקלונג פון דעם מענטשלעכן קאָלעקטיוו קען, אין תּוך גענומען, אַנאַליזירט ווערן דורך קאָנצענטרירן זיך אויף באַזונדערע הויפּט־דימענסיעס אָדער אַטריבוטן (וויַינרײַך טײַטשט "אַטריבוטן" ווי "אייגנ־קייטן"). ווי איינער פון אָט די פונדאַמענטאַלע אַטריבוטן קען, למשל, דינען ווי ווײַט אַ באַשטימטע ציוויליזאַציע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט נאָענטקייט אָדער ווײַטקייט צווישן אירע קאָמפּאָנענטן. וואָס פּרימיטיווער, אַלץ לויזער זײַנען געווען די קעגנזײַטיקע קאָנטאַקטן צווישן טיילן גופא, און אויך צווישן גאַנצע ציוויליזאַציעס בכלל.

ווי אַ רויטע שנור ציט זיך דער געשיכטלעכער פּראָצעס פון פּרימיטיוון איזאָלאַציאָניזם ביז צו דער הײַנטיקער וועלט, וועלכע געפינט זיך אונטערן צייכן פון דער קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע — פון אַן אוניווערס מיט דער "שטאָטישער בירזשע" אין זײַן צענטער. ס'איז אַוודאי לײַכט זיך פּאָרצושטעלן אַן אַמאָליק ייִדיש שטעטל אין מזרח־אייראָפּע און זען פאַר זיך די ראָל, וואָס די שטאָטישע בירזשע האָט דאָרט געשפּילט, און דאָס צו פּראָיעקטירן אינעם דמיון צו דער גאַנצער וועלט. די צוויבער־קראַפט איז בלי ספק צו פּאַרדאַנקען דער קיבערנעטישער רעוואָלוציע.

די היסטאָרישע אַנטוויקלונג פון דער גאַנצער מענטשהייט צום איצטיקן צושטאַנד איז נישט געווען מיט רויזן באַשאָטן. אַ שווערער זיגזאַגישער וועג האָט געפירט פון איזאָלאַציע, שאָוויניזם, דורך היפּער־פּאַטריאָטיזם און כּלערליי דערנער־וועגן צו קאָנסאָלידאַציע, ס'רוב אונטערן דרוק פונעם רויען כּוח פון כּלערליי אימפּעריאַליזמען, ביז וואַנען די נײַסטע טעכנאָלאָגישע רע־

וואָלוציע האָט געעפנט גאָר נײַע האָריזאָנטן. דער קאָנטראַסט צווישן גײַסטיק אַוואַנסירטע געזעלשאַפטן און ווײַט הינטערשטעליקע, ווי די איצטיקע פונדאַ־מענטאַליסטישע ציוויליזאַציע, איז לײדער אַן אומגליק פונעם שטאַנדפּונקט פון דעם קאָנסאָלידאַציע־פּראָצעס, וועלכער פירט צום פולן אויסנוצן די פּאָטענצן פון אַ קאָמפּיוטער־באַדינגטער ״גלאָבאַלער בירזשע״.

כּלערליי שטרויכלונגען וואַקסן אויס כּסדר. דער כּלל פון דער טעאָרעטישער פיזיק, אַז אַקציע איז אויטאָמאַטיש גורם קאָנטער־אַקציע, גילט אויך אין דער סאָציאָלאָגיע פון דער מענטשהייט. עקסטרעמע רעאַקציע און נאַציאָנאַליזם וואַקסט פּנים־אל־פּנים צוזאַמען מיט דער היסטאָריש שטײַגנדיקער ראָל פונעם קאָמפּיוטער מיט זײַן מעכטיקן שטויס פאָרויס צום דערנענטערן זיך פון מולטי־קולטורן צו אַ טאָלעראַנטער וועלט מיט דער הילף פון דעם אינטערנעט־געוועב.

די פּאָטענצן פאַר שלום און שעפערישן וווקס זײַנען ממש נישט מעגלעך איבערצושטרײַבן. ס׳וועט נאָך אָבער אַ סך צײַט אַדורכלויפן ביז צום אידעאַל, וועלכער שײַנט נאָך, לײדער, צו זײַן אַ חלום.

אָן אַ שיעור אומגליקן זײַנען געשען שוין נאָך דער פילזאָגנדיקער ״דע־קלאַראַציע פאַר מענטשן־רעכט און רעכט אויף זעלבסטבאַשטימונג פאַר פע־לקער״ פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. אַפילו אַ גאַנץ ניכטערער אַנאַליז דערמעגלעכט אָבער ענדלעך אָנצונעמען, אַז ווײַל דער קאָמפּיוטער עפנט טיר־און־טויער צו אַ גלאָבאַלן דינאַמישן וווילשטאַנד, איז עס געקומען צו אַ פילזאָגנדיקן היסטאָרישן איבערברוך. פּאַראַלעל מיט דער קאַטאַסטראָפע אין יוגאָסלאַוויע, אַנטוויקלט זיך אַלץ מער דער קאָנסאָלידירונגס־פּראָצעס פון אַ פאַראייניקטער אייראָפּע, למשל, אאַ״וו.

סײַ דער צענטריפוגאַלער און סײַ דער קאָנטריפוגאַלער פּראָצעס ווערן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער (צענטריפוגאַל מיינט — אַפּבערעכן פונעם צענטער; קאָנטריפוגאַל — שטאַרקט דאָס שטרעבן צו גאַנצקייט, צו דעם צענטער). מערב־, און טיילווײַז צענטראַל־אייראָפּע זײַנען נישט די איינציקע, וואָס דערנענטערן זיך מיט גיכע טריט צו אַ לפי ערך קאָנטינענטאַלער פאַראייניקונג. עס איז צו דערוואַרטן, אַז די וויזיע פון אינטעגראַציע פון די פעלקער, אָן צו פאַרלירן זייערע אייגענע קולטורן, וועט מער מצליח זײַן, ווי די דעקלאַראַציע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע בנוגע אוניווערסאַלע און נאַציאָנאַלע רעכט — טאַקע אַדאַנק דער איצטיקער עלעקטראָנישער רעוואָלוציע.

אין דעם 8־טן אָפּשניט האָבן מיר אָנגעדײַט, אַז דער פענאָמענאַלער דערפאָלג פון דער ריזיקער טעכנאָלאָגישער דינאַמיק שטעלט אויך אונטער אַ פראַגע־צייכן די מאַרקסיסטישע אינטערפּרעטאַציע פונעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם מיט דער ראָל פון קלאַסן־קאַמף ווי דעם הויבהאַמער פונעם

געשיכטלעכן גאַנג. איך שטעל איצט אַוועק די דאָזיקע פראַגע – נישט דערהויפּט צוליב היסטאָריאָזאָפישע ספּעקולאַציעס, נאָר ווײַל אין אָנבליק פונעם גלאָבאַלן אײַנפלוס פון דער קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע פּאַסט זיך קוים אַ דאָגמאַטישער אויסטײַטש פון מאַרקסיזם.

די מאָדערנע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכע באַהערשט הײַנט די גאַנצע פרײַע סאָציאַליסטישע באַוועגונג, אַרײַנגערעכנט די אַמאָליקע איטאַליענישע און פוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטייען, קענען נישט פּראַגראַמאַטיש פונקציאָנירן אויפן סמך פון דער קלאַסישער מאַרקסיסטישער עקספּלואַטאַציע־טעאָריע און דער פילאָסאָפיע פון דער ראָל פון מלוכה ווי אַן אינסטרומענט פון עקספּלואַטאַציע. נעמט־צו די רעגירונגס־מאַכט פון דעם עקאָנאָמישן און סאָציאַלן פּראָגראַם פונעם לאַנד, און יעדע עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג פאַר אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישן אני־מאמין וואָלט לחלוטין אָפּגעפאַלן.

לויט מאַרקסנס ״קאַפּיטאַל״ שטיצט זיך דער גאַנצער דינאַמישער פּראָצעס פון דער געזעלשאַפט אויף דער ראָל פון ״מערווערט״ ווי דער קוואַל פאַר דער אַקומולאַציע פון קאַפּיטאַל אין די הענט פון קאַפּיטאַליסטן. נאָר רעאַלע און דירעקטע אַרבעטס־קראַפט פּראָדוצירט דעם קלאַסן־קעגנזאַץ. די פּראָדוקציע־מיטלען שאַפן נישט קיין שום מערווערט, וואָס פירט בלומרשט צו ריווחים, נײַערט נאָר די אַרבעטס־קראַפט קען דאָס באַווײַזן.

נישט דער אונטערנעמער, נישט דער דערפינדער שפּילן אַ דעצידירנדיקע ראָל אין מאַרקסיזם, בעת די קיבערנעטישע איבערקערענישע רוקט גראָד אַרויס אָט די ביידע פאַקטאָרן. טאָמער וואָלט דער אָפּענער מאַרק געוואָרן דער איינציקער פּוסק פאַר דער פאַרטיילונג פון דער נאַציאָנאַלער הכנסה, וואָלטן מיר געגאַנגען אַנטקעגן אַ באַשײַמפּערלעכער קאַטאַסטראָפע.

די סאָציאַל־עקאָנאָמישע ראָל פון דער מלוכה ווערט אַן אומבאַדינגטער תּנאי אויסצומײַדן אַן אומפאַרמײַדלעכן צוזאַמענברוך צוליב דעם דראַסטישן פאַלן פון דער גלײַכגעוויכט צווישן די פאַרדינסטן פון די אַרבעטסנעמער, און די אינוועסטאָרן און דערפינדער.

אָט פאַרוואָס אַ ווידערשטאַנד קעגן די אולטראַ־רעאַקציאָנערע טענדענצן וואָס בושעווען איצט, איז אַ לעבנס־פראַגע פאַר אויפהאַלטן און שטאַרקן די דעמאָקראַטיע. דער גורל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג הענגט שטאַרק אָפּ פון איר יכולת אָפּצושלאָגן דעם אָנגריף קעגן דער רעגולירנדיקער ראָל פון דער מלוכה אין אַ געמישטערווירטשאַפט. דעריבער איז אַזוי וויכטיק זיך צו פאַרטיפן וואָס מער אין דער היסטאָרישער אויסווירקונג פון דער קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע.

## 10. "די פועל־יוצא'ס פון דער קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע אויף דער שוועל פון אַ נײַער עפּאָכע"

אַ קורצער סך־הכּל פון דער סעריע

מיט דעם־אָ קאַפּיטל שליסן מיר אָפּ אונדזער סעריע — נישט ווײַל מיר האָבן זי, חס וחלילה, אויסגעשעפּט — עס האַלט נאָך ווײַט דערפון. ס'האָט ממש קיין שיעור נישט דער פאַרנעם פון אָט דער טעמע און דאָס באַהאַנדלען די גראַנדיעזע טעכנאָלאָגישע רעוואָלוציע. יעדער טאָג ברענגט כּלערליי נײַעס אויף די פאַרשידענע גאָר וויכטיקע געביטן פון אָנווענדן די קיבערנעטישע טעכניק. אַ קלענער בײַשפּיל: די אומגלויבלעכע צאָל אָנגעשלאָסענע אין דעם מענדעלע יידיש־פּראָגראַם, וואָס דערגרייכט שוין איינציקע טויזנט אַבאָנענטן.

אויף וויפל דאָס איז געווען מעגלעך, האָבן מיר באַוויזן כאָטש טיילווײַז צו באַגרינדן די ריכטיקייט פון באַצייכענען די קאָמפּיוטער־עפּאָפּייע ווי אַ גיגאַנטישע איבערקערעניש אינעם מאָדערנעם עקאָנאָמישן און סאָציאַל־פּאָליטישן לעבן, ווי אויך אין דער קונסט, אין דער וויסנשאַפט און אויף אַלע אַנדערע געביטן פון דעם מענטשנס גײַסטיקע און מאַטעריעלע אַקטיוויטעטן. ווי מיר האָבן דאָס פאָרויסגעזוען אין דער הקדמה צו דער סעריע, איז אונדז דער עיקר געגאַנגען אין פאַרטיפן זיך אין דער פראַגע, ווי שטאַרק דער קיבערנעטישער דורכברוך האָט זיך אָפּגערופן אין דער ערשטער ריי אויפן גאַנג פון דער מערבדיקער ציוויליזאַציע — אויף דער שוועל פון 21־טן יאָרהונדערט.

ווידעראַמאָל קענען מיר דרייסט פעסטשטעלן, אַז הגם מיר האַלטן נאָך אַלץ כּמעט ווי בײַם סאַמע אָנהייב פון דער נײַער עפּאָכע, איז שוין מעגלעך צו קומען צו דער מסקנא, אַז מיר זענען גערעכט מיטן באַצייכענען די ווירקונג פון דעם קאָמפּיוטער ווי אַ היסטאָרישע, אויף דעם באַנײַען גאַנג לכל הפּחות פון דער מערבדיקער, און דירעקט אָדער אומדירעקט אויף דער גאַנצער מענטשלעכער ציוויליזאַציע.

אַ סברא, אַז אין אַ גאַנצער רייע לענדער אין דער דריטער, און אַוודאי און אַוודאי אין דער אַ"ג צווייטער וועלט (באַזונדערס אויפן ווײַטן מזרח) שטײַגט די צאָל שוין גענוצטע קאָמפּיוטערס אַריבער זייער צאָל אין די מערב־לענדער. דאָס איז אַ קאַפּולער אָנזאָג ווי ווײַט די השפּעה דערגרייכט שוין ביז צו אַ גלאָבאַלן פאַרנעם.

אָט אַזאַ ריין געאָגראַפישע דינאַמיק איז אַ טעמע פאַר זיך אַליין, און דאָס לאָזן מיר איבער פאַר ספּעציאַליסטן־אַקאַדעמיקער, פאַר וועמען די קאָמפּיוטער־רעוואָלוציע איז אַן אמתער "גאָלד־גרוב" צו שטודירן און זיך

ערנסט צו פֿאַרטיפֿן. לעת עתּה לייגן ס׳רוב פֿאָרשער דעם שווערפּונקט אויף אָנהאַלטן דעם קאַלײדאָסקאָפּישן עקספּערעס־טעמפּאָ, מיט וועלכן עס האַלט זיך אין איין ענדערן דער פֿאַרנעם פֿון דעם קיבערנעטישן פֿענאָמען. מ׳קען בלי ספק דערוואַרטן נאָך אַ סך תּוכיקע וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעטן אויף אָט די טעמעס. פֿאַר אונדז בלײַבט איבער אין אָט דעם קורצן סך־הכּל כאָטש אָנצורופֿן אַ ריי פֿונדאַמענטאַלע פּועל־יוצאס פֿון דעם היסטאָרישן פּראָצעס.

I. ראשית־כּל – די עקאָנאָמישע אויסווירקונג. אין גאַנג פֿון אונדזער אַנאַליז האָבן מיר זיך גאַנץ ברייט אָפּגעשטעלט אויף אָט דעם צענטראַלן געביט. איצט קענען מיר בלויז קומען צום אויספֿיר, אַז אַדאַנק דער געשטײַגערטער פּראָדוקטיוויטעט דויערט דער אויפֿשטײַג־פּעריאָד פֿון דערווירטשאַפֿט אַ סך לענגער ווי אין דער פֿאַרגאַנגענהייט.

**אויפֿשטײַג־פּעריאָדן** (יאָרן פֿון קאָניונקטור) און ירידה־יאָרן פֿון עקאָנאָמישער אַקטיוויטעט פֿלעגן בדרך־כּלל דויערן אַ פּאָר געציילטע יאָר. **ווירטשאַפֿטלעכע ציקלען זײַנען אומפֿאַרמײַדלעך** אין אַ קאַפּיטאַליסטישער מאַרק־ווירטשאַפֿט. די קאָנסעקווענצן קענען זײַן קאַטאַסטראָפֿאַלע נישט נאָר פֿאַר דעם אינדיווידועלן ווױלזײַן פֿון מענטש, נאָר אויך אַן אומגליק פֿאַר דעם דעמאָקראַטישן סיסטעם.

דורך פֿאַרלענגערן דעם וואַקסנדיקן צײַט־אָפּשניט ווערט דער קאָמפּיוטער אַ מעכטיקער כּלי־זין אין פֿאַרבעסערן די מערכה פֿונעם פֿאָלק און פֿון דער מענטשהייט בכלל. מיר, אין צפֿון־אַמעריקע, געפֿינען זיך איצט אין דעם לענגסטן פּאָזיטיוון פּעריאָד פֿונעם עקאָנאָמישן ציקל, אין פֿאַרגלײַך מיט פֿריִערדיקע אויפֿשטײַג־ציקלען.

דאָס שפּיגלט, אגב, זיך אָפּ אויף דעם אַ״ג ״סטאָק־מאַרקעט״ – די בערזע פֿון די אַקציעס. בעת אָט די שורות ווערן געשריבן, איז איין טאָג דער אינדעקס פֿון דער בערזע געשטיגן מיט איבער 100 פּונקטן, און דעם אַנדערן טאָג – מיט נאָך איבער 60 און האָט איבערגעשטיגן די מדרגה פֿון 7000. כּדי דער לייענער זאָל באַקומען אַ באַגריף וואָס דאָס באַטײַט, וועלן מיר זיך באַנוצן מיט אַ פּאָר ציפֿערן: אין יאָר 1972 איז דעם 14־טן נאָוועמבער דער אינדעקס פֿון דער ניו־יאָרקער בערזע דערגאַנגען ביז 1000. דעם 8־טן יאַנואַר 1987 (גאַנצע 15 יאָר שפּעטער) האָט דער אינדעקס (דער דורכשניטלעכער ווערט פֿון די וויכטיקסטע אַקציעס) באַטראָפֿן 2000. ס׳האָט געדויערט 15 יאָר צו פֿאַרטאָפּלען אָט דעם אינדעקס. דעם 17־טן אַפּריל 1991 האָט דער אינדעקס באַטראָפֿן 3000 – מיט 33% מער. נאָך אַן ערך 4 יאָר, דעם 23־טן פֿעברואַר 1995 האָט דער אינדעקס באַטראָפֿן 4000, דהײַנו מיט 25% מער. 224 טעג שפּעטער, דעם 21־טן נאָוועמבער 1995, האָט דער אינדעקס שוין דערגרייכט 5000; דעם 14־טן אָקטאָבער 1996 איז ער דערגאַנגען ביז 6000 אין 82 טעג, און דעם 13־טן פֿעברואַר 1997 איז דער אינדעקס גע־

שטיגן אין 4 חדשים ביז 7000.

אַזאַ ריזיקער וווּקס איז קיינמאָל נישט געווען בנמצא. ס'איז קיין שום ספק נישט, אַז דאָס איז מעגלעך געוואָרן אַדאַנק דער ראַשיקער אַנטוויקלונג פון דער אַמעריקאַנער עקאָנאָמיע, הויפּטזעכלעך אין זכות פון דער גיגאַנטישער טעכנאָלאָגישער רעוואָלוציע און די אַנטשפּרעכנדיקע גלאָבאַלע מאַרק־באַציִונגען.

ליידער איז אין אָט דעם סך־הכּל נישט מעגלעך זיך אַריינצולאָזן אין דעם מבול פון פּרטים וועגן די פּועל־יוצאס פון דער גלאָבאַלער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג אין וועלט־פּאַרנעם. איין אַספּעקט ווילן מיר דאָך באַרירן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ווירטשאַפט, דהיינו: ס'איז אינטער־רעסאַנט צו אָבסערווירן, אַז לכתּחילה האָט דער קאָמפּיוטער גורם געווען אַ באַשיימפּערלעכע פּראָפּאָרציאָנעלע רעדוקציע פון דער הכנסה פונעם לוין־פּאַרדינער, און גלייכצייטיק אַ באַדייטנדיקן וווּקס פון דעם איינקונפט פון אינוועסטאָרן. די שער צווישןביידע טיילן פון דער געזעלשאַפט האָט כּסדר זיך אויסגעברייטערט. טיילווייז האָט מען דאָס צוגעשריבן דעם איינפלוס פון דעם קאָמפּיוטער, מחמת אַדאַנק אים איז די פּראָדוקטיוויטעט געוואַקסן, און די צאָל באַשעפטיקטע איז דערביי געפאַלן. דאָס האָט שטאַרק אָפּגעשוואַכט די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, מיט לאַנגצוגיקע טרויעריקע פּאָטענציעלע קאָנסעקווענצן פאַר דעם דעמאָקראַטישן סיסטעם.

לעצטנס, מיט איר האַסטיקער אַנטוויקלונג, האָט אָבער אַפּנים די קיבער־נעטישע רעוואָלוציע געענדערט די פאַרטיילונג פון דער נאַציאָנאַלער הכנסה. די פּראָפיטן פון די קאַפּיטאַליסטן (אינוועסטאָרן) וואַקסן נאָך אַלץ מיט אַ באַדייטנדיקן טעמפּאָ, און עס שטייגן אויך די לוינען — אָבער ליידער נישט אין דער זעלבער פּראָפּאָרץ. אין די פאַר. שטאַטן איז די אַרבעטסלאָזיקייט געפאַלן ביז צו איבער 5%. עקאָנאָמיסטן באַטראַכטן אַזאַ פּראָצענט, ווי ס'וואָלט כּמעט קיין אַרבעטסלאָזיקייט נישט געווען, ווייַל די ווירטשאַפט מוז האָבן — צוליב פאַרשידענע סיבות — אַ געוויסע צאָל צייַטווייליקע אַרבעטסלאָזע, כּדי אויפצוהאַלטן די דינאַמיק פון דער עקאָנאָמיע.

טאַקע צוליב אָט דער טיילווייַז פּאָזיטיוו געענדערטער טענדענץ אין דער פאַרטיילונג פון דער נאַציאָנאַלער הכנסה, האָבן זיך אויך לעצטנס עטוואָס צוריק פאַרשטאַרקט די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. אַפילו דער אומדערוואַרטער אויפשטייג פון דער בערזע פון אַקציעס איז אויך פאַרבונדן מיט דער פאַרבעסערונג אין דער פאַרטיילונג פון דער נאַציאָנאַלער הכנסה. אין אַ געוויסער מאָס האָט די נייַע דערשיינונג עטוואָס רעדוצירט די קריטיק קעגן דער אָנגייענדיקער טעכנאָלאָגישער רעוואָלוציע, הגם צווישן דער אַרבעטערשאַפט הערשט נאָך אַלץ אַ מורא פאַר די נעגאַטיווע קאָנסעקווענצן פון דעם קאָמפּיוטער־עפעקט.

II. צום באַדויערן קענען מיר נישט טיפער אַריַינגיין אין דער ווירקונג פון דער קיבערנעטיק אויף דער **דערציִונג און בילדונג**. וואָס וויַיטער ווערט אַלץ קלאָרער, אַז כּדי אָנצוהאַלטן דעם טעמפּאָ פון דער אַנטוויקלונג, מוזן נישט נאָר אויסגעראָטן ווערן די לעצטע שפּורן פון אַנאַלפאַבעטיזם, אָדער בכלל פון אַ גאָר נידעריקער מדרגה פון וויסן און קענטעניש, נאָר דער ניוואָ פון בילדונג מוז ממשותדיק שטאַרק געהויבן ווערן.

האָט איצט, למשל, פּרעזידענט קלינטאָן אין זיַין ניַיעם בודזשעט דערהויבן די ראָל פון דערציִען דעם ניַיעם דור: צו זיַין ביכולת נאָכצוקומען די נסיונות פון דער קאָמפּיוטער־ווירטשאַפט צו דער סאַמע העכסטער מדרגה. ער זעט, צום בייַשפּיל פּאָרויס, אַז יעטוועדער שילער וועט אין אַלע שולן מוזן האָבן אַ צוטריט צו אַ קאָמפּיוטער, מיט דער הילף פון מלוכהשער פינאַנסיעלער אונטערשטיצונג.

כאָטש דער נאָענטסטער בודזשעט וועט מוזן שפּאָרן אויף אַנדערע געביטן, וועט אָבער בפירוש **דערציִונג און בילדונג** ספּעציעל פּאַוואָריזירט ווערן.

III. **קאָמוניקאַציע**, ווי דאָס וואָרט ווערט פאַרשטאַנען אין ענגליש (אויף יידיש מיינט דאָס גיכער טראַנספאָרמאַציע) האָט נאָך קיינמאָל נישט געהאַט אַזאַ אָנזען, מיט דעם אינטערנעט בראש. דער איצטיקער פּעריאָד ווערט אָפט באַצייכנט ווי די "אינפאָרמאַציע־עפּאָכע" מיט כּלערליי ניַיע דער־פינדונגען, וואָס מאַכן מעגלעך אַ **תּיכּף** **ומיַדיקן** קאָנטאַקט צווישן די וויַיטסטע האָריזאָנטאַלע און ווערטיקאַלע שטרעקעס, אַריַינרעכענענדיק אויך די קאָנטאַקטן מיט די אַסטראָנאַוטן.

ס'איז נאָך צו פרי וויסנשאַפטלעך אָפּצושאַצן אין דער פולער מאָס די באַדיַיטונג פון דעם תּיכּפדיקן (Instantaneous) באַקומען די סאַמע לעצטע אינפאָרמאַציעס פון גאַנצן אוניווערס, אויף דער מאָדערנער דינאַמישער ציוויליזאַציע.

עס עפנט זיך כּסדר מער און מער אַ שלל מיט פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, און דער עיקר פאַר דער קולטור בכלל, און ספּעציעל פאַר קונסט פון אַלע מינים. נישט ווייניקער וויכטיק איז דאָס אַ סגולה צו דער דערנענטערונג צווישן פעלקער, לענדער און קאָנטינענטן.

ס'איז שווער צו געפינען אַ געביט, אויף וועלכן מיר זאָלן נישט געפינען געזונג צו באַהאַנדלען, אַפילו אין אַ קורצן סך־הכּל — אָבער דאָס וואָלט אויך צוריק געעפנט אונדזער סעריע. וועלן מיר זיך דעריבער באַגרענעצן נאָר צו איין לעצטער מסקנא, וועלכע לאָזט זיך שוין שטאַרק שפּירן אין אונדזער ציַיט, דהיַינו — דער קאָמפּיוטער האָט גורם געווען אַ באַשיַים־פערלעכע אויסברייטערונג פון דעם ריס צווישן דורות. וואָס ייִנגער, אַלץ מער באַהערשט ער בעסער די קיבערנעטיק־טעכניק. אַפילו נאָך גאַנץ יונגע קינדער וויַיזן אַרויס שוין גאָר פרי בקיאות און באַנוצן זיך מיטן קאָמפּיוטער

פֿאַר זייערע שפּילערייַען. וואָס ווייַטער, אַלץ מער ברייטערט זיך אויס דער אינטעלעקטועלער דיסטאַנס צווישן עלטערן און קינדער. עס איז צו האָפֿן, אַז מיט דער צייַט וועט פּאָרט אויך דער עלטערער דור זיך מער צופּאַסן צו די מאָדערנסטע מיטלען פֿון קאָמוניקאַציע און וויסן.

ס׳איז באמת אַ שעת כּושר פֿאַר אַ גרויסער גייַסטיקער רעוואָלוציע אויף דער שוועל פֿון 21־טן יאָרהונדערט, פּונקט אַזוי ווי ס׳איז פֿאַרן סאָציאַל־פּאָליטישן און עקאָנאָמישן לעבן פֿון דער גאַנצער מענטשהייט אַ היסטאָרישע געלעגנהייט מיט ריזיקע פּאָטענצן.

**„לעבנס־פֿראַגן", 1996 — 1997**

# האָט גאָרבאַטשאָוו געקענט ראַטעווען די רוסישע רעוואָלוציע?

דאָס איז אַ פראַגע, וואָס פאַרלאַנגט אַ טיפן היסטאָרישן אַנאַליז און אַ גאָר ווײַט וואַרפנדיקן ליכט־פּראָזשעקטאָר אויף דער נאָענטער און ווײַטער צוקונפט. וויל איך דעריבער גלײַך באַרויִקן דעם לייענער, אַז נישט אויף דעם פאַרמעסט איך זיך אין דעם איצטיקן אַרטיקל.

איך בין דער עיקר אויסן צו פאַרבינדן די באמת היסטאָרישע געשעענישן אין רוסלאַנד מיט זייער אויסווירקונג אויף דער וועלט. לכתחילה האָבן מיר געשטווינט און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אויפגענומען יעטווערן געוואַגטן אַקט מצד גאָרבאַטשאָוון, וואָס זײַנען פּראָגראַם פון דער "גלאַסנאָסט" און "פערעסטראָיקאַ" האָט אָנגעשלאָגן. לאָמיר זיך מודה זײַן, אַז גאַנץ לאַנג האָט געדויערט אונדזער באַרעכטיקטער סקעפּטיציזם, און אַפילו גרויסער אומצוטרוי. מיט דער צײַט איז אָבער געשטיגן די איבערצײַגונג, אַז מיר זײַנען עדות פון אַ טיפער און ביז גאָר וועזנטלעכער ענדערונג אין דעם סאָוויעטישן סיסטעם: סײַ אין דער גאַנצער אימפּעריע, און סײַ אין דער אויסערן־פּאָליטיק.

בדרך־כּלל וואָלט איך איצט טאַקע באַדאַרפט קודם־כּל אויסרעכענען די וויכטיקסטע שינויִים און דערבײַ דעמאָנסטרירן און באַקרעפטיקן די מיינונג, אַז אונדזער אָפּשאַצונג פון דעם עצם רעוואָלוציאָנערן פאַרנעם פונעם גאָרבאַטשאָוו־אינספּירירטן היסטאָרישן פּראָצעס איז אַ ריכטיקער. איך קען אָבער אָננעמען, אַז די לייענער זײַנען גוט באַקאַנט מיט די פאַקטן און זיי טיילן מײַן מיינונג וועגן דער געשיכטלעכער פּערספּעקטיוו פון "גלאַסנאָסט" און "פּערעסטראָיקאַ". דאָס דערמעגלעכט מיר טאַקע זיך צו קאָנצענטרירן הויפּטזעכלעך אויף דער פראַגע, וואָס די טעמע פון דעם אַרטיקל שטעלט אַרויס. דערמיט זײַנען אָבער פאַרבונדן אַזעלכע פּראָבלעמען, ווי צום בײַשפּיל:

1. פאַרוואָס האַלט איך, אַז נאָך 70 יאָר דאַרף ערשט די רוסישע רעוואָלוציע געראַטעוועט ווערן?
2. וואָס זײַנען געווען די הויפּט־צילן און אויפגאַבעס פון דער רעוואָלוציע,

אין פאַרגלײַך מיט דער הײַנטיקער ווירקלעכקייט?

3. זײַנען גאָרבאַטשאָווס מעטאָדן אין שטאַנד זי צו ראַטעווען?

4. וואָס פאַראַ ראָל דאַרף די מערב־וועלט, און קודם־כּל דער אינטערנאַציאָנאַלער דעמאָקראַטישער סאָציאַליזם, שפּילן כּדי צו באַווירקן אַ פּאָזיטיווע אַנטוויקלונג פון די געשעענישן אין סאָוועט־רוסלאַנד?

לאָמיר איצט איבערגיין צו דער ערשטער פראַגע:

**1. פאַרוואָס דאַרף מען ראַטעווען די רוסישע רעוואָלוציע?**

איך שטרײַך אונטער, אַז בלויז אויבנאויפיק איז דאָס געווען אַ רעוואָלוציע. אייגנטלעך איז דער סטאַלין־פּעריאָד בפירוש געווען אַ קאָנטררעוואָלוציאָנערער. דאָס איז נישט בלויז מחמת די אוממענטשלעכע מעטאָדן, וואָס זײַנען דאַן אָנגעווענדט געוואָרן, ווײַל אָנשטאָט אַ געזעלשאַפט פון גלײַכהייט, האָט דער באַשאַפענער סיסטעם נאָך מער פאַרשאַרפט די קלאַסן־קעגנזאַצן. ספּעציעלע פּריווילעגיעס זײַנען געגעבן געוואָרן דעם הערשנדיקן קאָמוניסטישן אַפּאַראַט. די פּאַרטיי האָט גענאָסן פון אויסערגעוויינלעכע עקאָנאָמישע, מאַטעריעלע און גײַסטיקע פּריווילעגיעס. באַזונדערס גרויסע אונטערשיידן זײַנען אויפגעקומען אויפן געביט פון ציווילע און קרימינעלע רעכט. אַ לאַנגע צײַט האָט מען געהאַלטן, אַז דאָס איז חל נאָר אויף דעם איבערגאַנגס־פּעריאָד. די טרויעריק־באַרימטע סטאַלינישע קאָנסטיטוציע פון 1936 האָט געזאָלט באַצייכענען אַ נײַע תּקופה פון רעאַליזירטן סאָציאַליזם.

די קאָנטררעוואָלוציע איז אויף אַזאַ אופן געווען אין פולן שוווּנג און איז געווען אָנגעפירט דווקא פון די יורשים פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. דאָס איז בלי ספק אַן אויסטערלישער פאַקט אין דער מענטשלעכער געשיכטע, ווען טרעגער פון דער רעוואָלוציע ווערן די אויספירער פון אַ פּאַקטישער קאָנטררעוואָלוציע.

**2. די צילן פון דער רוסישער רעוואָלוציע — און די ווירקלעכקייט.**

אויף דעם ערשטן טייל פון דער פראַגע האָב איך שוין געענטפערט אין דעם פריערדיקן פּאַראַגראַף. וואָס שײַך דעם צווייטן טייל, איז די ווירקלעכקייט הימל־ווײַט פון דעם אָריגינעלן אידעאַל פון קאָמוניזם. עקאָנאָמישע אָפּגעשטאַנענקייט, יורידישער ווילקיר, דאָס קאַטאַסטראָפאַלע צעטרעטן פון מענטשלעכע רעכט, דער כּח פון דער פויסט פון דער אַלמעכטיקער ביוראָקראַטיע, די מיליטאַריזאַציע פונעם לעבן — זײַנען די עלעמענטן פון דער פּאַקטישער ווירקלעכקייט.

אַנדערע עלעמענטן זײַנען: אימפּעריאַליסטישע עקספּאַנסיע, רוסיפיקאַציע, וואָס האָט אַ תּל געמאַכט אַפילו פון דעם גאַנץ באַגרענעצטן נאַציאָנאַלן פּראָגראַם פון לענינען און איבערגעחזרט אין סטאַלינס "די נאַציאָנאַלע פראַגע און דער סאָציאַליזם"; אַנטיסעמיטיזם און דאָס קולטיווירן

נאַציאָנאַליסטישן שאָוויניזם ווען דאָס האָט געדינט דעם רעזשים; דאָס דער שטיקן אינדיווידועלע שעפערישקייט און דאָס אַנטוויקלען דעם שרעקלעכן "גולאַג"-מאָדעל.

אַזוי וואָלט מען ווײַטער געקאָנט באַווײַזן דעם אַבסאָלוטן באַנקראָט פון קאָמוניזם אין פאַרגלײַך מיט די אידעאָלאָגישע צילן פון דער רעוואָלוציע. די טראַגישע ירידה פון דער רעוואָלוציע איז די, וואָס איר אימאַזש איז געוואָרן פאַרמירט דורך דער מוראדיקער קאָלעקטיוויזאַציע-פּאָליטיק און שפּעטער דורך די מאָסקווער פּראָצעסן. דער וואַקסנדיקער מיליטערישער בודזשעט איז געשטיגן צוזאַמען מיטן פאַלן פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער עקאָנאָמיע, וואָס האָבן באַדראָט די פריִערדיקע אויפגעצוווּנגענע גלײַכגעוויכט פון אַ רעוואָלוציע אויפן ווולקאַן.

**3. זײַנען גאָרבאַטשאָווס מעטאָדן בכּוח צו ראַטעווען די רעוואָלוציע?**

די צוויי באַגריפן "גלאַסנאָסט" און "פּערעסטראָיקאַ" זײַנען צו פיל באַקאַנט אַז איך זאָל זיך דאַרפן אַרײַנלאָזן אין פּרטים. מיר האָבן פאַר זיך אַ פּרוּוו צו פאַרבינדן ראַדיקאַל-עקאָנאָמישע רעפאָרמען מיט גײַסטיקער, און אַפילו באַגרענעצטער, דעמאָקראַטיזאַציע. אַזעלכע גרינטלעכע רעפאָרמען, ווי דעצענטראַליזאַציע פון דער ווירטשאַפט, גלאָריפיקאַציע פון דעם פּראָפיט-מאָטיוו, דענאַציאָנאַליזאַציע פון דער עקאָנאָמיע אד"גל, וועט זײַן שווער אײַנצופירן. צײַט איז דער גרעסטער שונא פון אײַנפירן די אַלע פּראָקלאַמירטע רעפאָרמען.

ווי שלעכט עס זאָל פריִער נישט האָבן געווען, זײַנען מענטשן דאָך געווען געוווינט צו ווערן באַזאָרגט (אין באַגרענעצטע ראַמען) דורך דער מלוכה. איצט וועט זײַן שווער איבערנאַכט צו ענדערן אַזאַ סיטואַציע דורך דער אָנווענדונג פון איניציאַטיוו און אונטערנעמערישן גײַסט, ווי אויך פרײַע קאָנקורענץ. ס'מוז דויערן אַ לאַנגע צײַט ביז וואַנען אַ געזעלשאַפט קען זיך צופּאַסן צו אַזעלכע ענדערונגען.

**4. די ראָל פון דער מערב-וועלט.**

אַוודאי האָט דער סטאַליניזם פאַרטיפט די שווערע וווּנדן פון דעם סיסטעם. עס איז אָבער אַבסאָלוט פאַלש אָנצונעמען, אַז גאָרבאַטשאָווס אָפטע פאַררופן זיך אויף דער סופּעריאָריטעט פון לעניניזם האַלט אויס אַן אָביעקטיוון אַנאַליז. וואָלט סטאַלין אָנשטאָט דער גולאַג-קאָלעקטיוויזאַציע נאָכגעפאָלגט לענינס "נ.ע.פּ". (נײַע עקאָנאָמישע פּאָליטיק), וואָס ער האָט פּראָקלאַמירט אין 1921 נאָך דעם אויפשטאַנד אין קראָנשטאַט, וואָלט דאָך דער ענדגילטיקער רעזולטאַט געווען דער זעלבער, הגם אפשר ווייניקער ברוטאַל. די צײַטווײַליקייט פון "נ.ע.פּ." וואָלט פריִער אָדער שפּעטער אָפּגע־טראָטן לטובֿת דעם לעניניסטישן פּרינציפּ פון צואײַלן די רעאַליזירונג פון

קאָמוניזם. דאָס אַריבערשפּרינגען פון שפּעטן פעאָדאַליזם צום קאָמוניזם, געשטיצט אויפן מלוכיש־מיליטערישן כּח, האָט נישט געקענט אויסהאַלטן דעם עקזאַמען פון דער געשיכטע. פאַרשטייט זיך, אַז עס וואָלט געווען אויסערגעוויינלעך שווער, אויב בכלל מעגלעך, אַוועקצונעמען דעם פּראָצעס פון דעסטאַליניזאַציע, ווי אויך דעם כּמעט ווי פאַרהייליקטן אימאַזש פון לענינען. די געשיכטע שפּילט זיך אָבער נישט מיט קיין טאַבוס.

כּדי צו דערגרייכן די ענדצילן פון אַ ווירקלעכער "גלאַסנאָסט־און־פּערע־סטראָיקע"־פּאָליטיק, מוז קומען צו אַ ראַדיקאַלער רעוויזיע פון לעניניזם. דערויף זײַנען אָבער גאָרבאַטשאָוו מיט זײַנע אָנהענגערס זיכער נישט גרייט. דער וווּקס פון דער פּאָליטישער צענטראַליזאַציע אין די הענט פון גאָרבאַ־טשאָוון (ווי דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי און פּרעזידענט פון דער מלוכה) איז פאַרבליבן דער מיטל דורכצופירן זײַן פּראָגראַם. מלוכישע קראַפט און די ראָל פונעם אַוואַנגאַרד פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס מיינט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, זײַנען די קלאַסישע לעניניסטישע פּרינציפּן און דער כּל־זין פון דער גאָרבאַטשאָוו־רעוואָלוציע.

נישט נאָר דער מלוכישער אַפּאַראַט בכלל, נאָר אויך דער מיליטערישער כּח איז נאָך אַלץ צענטראַליזירט דורך דער פּאַרטיי־אָנפירונג און פאַרבלײַבט אַן אינטעגראַלער באַשטאַנדטייל פון דעם סיסטעם. ער שטייט פאַר גרויסע נסיונות אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע, און אין שײַכות מיט דעם אָנוואַקסנדיקן נאַציאָנאַליזם פון די באַזונדערע פעלקער אין לאַנד. רוסישער נאַציאָנאַליזם, געפלעגט און צײַטנווײַז געשטאַרקט במשך פון 70 יאָר, שפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער מענטאַליטעט פון מענטש.

די עקאָנאָמישע רעפאָרמען פאַרלאַנגען ווײַטגייענדיקע אָפּשפּאָרונגען אין מיליטערישן בודזשעט. דאָס מוז אַרויסרופן נישט נאָר קאָנפליקטן אין דער מענטאַליטעט פון מענטש בכלל, נאָר אין דעם קאָלאָסאַלן מיליטערישן פּערסאָנאַל. גאָרבאַטשאָווס הענט זײַנען דעריבער שטאַרק געבונדן, וואָס מוז אָפּשוואַכן דעם רעפאָרם־פּראָצעס. דערבײַ איז דער מאַנגל אין ממשות־דיקע רעזולטאַטן פון פאַרבעסערן די דאָליע פונעם מאַסן־מענטש אַ בולטע שוואַכקייט פון דער "פּערעסטראָיקע". וואָס ווײַטער ווערט אַלץ שאַרפער דער ריס צווישן דער אינטעליגענץ, וואָס איז, אַפּנים, באַגײַסטערט פון דער "גלאַסנאָסט", און דער ברייטער מאַסע פונעם פאָלק, וואָס זוכט קאָנקרעטע רעזולטאַטן פאַר פאַרבעסערן דאָס טאָגטעגלעכע לעבן. וויאַזוי דאָס קען זיך אויסווירקן אויף דעם גורל פון גאָרבאַטשאָווס צילן, איז ניט שווער זיך פאָרצושטעלן.

גראָד די "גלאַסנאָסט" האָט צוריקגעבראַכט צום לעבן די אַנטיסעמיטישע "פּאַמיאַט"־באַוועגונג. געננוי אַזוי קען אַפילו די גאַנץ באַגרענעצטע דעמאָ־קראַטיזאַציע פּאַקטיש אויך אָפּשוואַכן דעם רעפאָרם־פּראָצעס.

שווין פון דעם ביז איצט געזאָגטן איז גאַנץ קלאָר, אַז אויף דער פראַגע, צי קען גאָרבאַטשאָוו ראַטעווען די רוסישע רעוואָלוציע, איז דער ענטפער אַ ביז גאָר פעסימיסטישער. איך זאָג דאָס נישט מיט קיין געפיל פון שאָדן־פרייד, ווײַל מיר, דעמאָקראַטישע סאָציאַליסטן, האָבן געוואָרנט קעגן די קאָנסעקווענצן פון דעם אַרויפגעצוווּנגענעם קאָמוניזם. די קאָנסעקווענצן פון דעם פאַנאַנדערפאַלן זיך פון קאָמוניזם קענען זײַן קאַטאַסטראָפאַל פאַר רוסלאַנד גופא, ווי אויך פאַר דער וועלט בכלל. די גלײַכגעוויכט צווישן די גרויסמאַכטן און אַ וווּקס פון אַ פּאָליטיק צו שטאַרקן דעם שלום־פּראָצעס, זײַנען ענג פאַרבונדן מיט אַ מער פאַראַנטוואָרטלעכן און סטאַבילן רעזשים אין רוסלאַנד. ס׳איז פאַראַן אַ געפאַר, אַז אונטער געוויסע אומשטענדן קענען נעאָ־פאַשיסטישע אָדער סטאַליניסטישע כּוחות באַהערשן דאָס לאַנד אין אַ צײַט פון גײַסטיקן און מאָראַלישן כאַאָס. צי קען די מערב־וועלט העלפן אויסמײַדן אַזאַ קאַטאַסטראָפאַלע קאָנסעקווענץ פון אַ דורכפאַל פון גאָרבאַטשאָווס פּאָליטיק?

ס׳איז שווער אין דעם פאַל צו זײַן אָפּטימיסטיש. די מערב־וועלט קען אויסנוצן רוסלאַנדס גרייטקייט מיטצואַרבעטן מיט די פאַרשיידענע אינטער־נאַציאָנאַלע עקאָנאָמישע אַגענטורן (די וועלט־באַנק, אינטערנאַציאָנאַלער וואַלוטע־פאָנד, אַלגעמיינער אָפּמאַך וועגן טאַריפן און האַנדל, א״אַנד). אויס־לענדישע קרעדיטן קענען זיכער שפּילן אַ גרויסע ראָל אין דער עקאָנאָמיע פונעם לאַנד.

דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער לאַגער טאָר נישט בלײַבן גלײַכגילטיק צו גאָרבאַטשאָווס דורכברוך. היות ווי אין אַ רייע שליסל־לענדער זײַנען דעמאָקראַטישע סאָציאַליסטן בײַ דער מאַכט, קענען זיי אויך באַווירקן די באַציִונגען צווישן רוסלאַנד און דער אויסערלעכער וועלט.

דער גורל פון דער וועלט איז אָפּהענגיק פון דער סטאַביליטעט פון אַזעלכע באַציִונגען.

**״אונזער צײַט״, אָקטאָבער 1989**



## וואָס דער מחבר דערציילט וועגן זיך
## – און וואָס ער דערציילט נישט...

**וו**ען פּראָפּ׳ אַרטור לערמער האָט מיר פאָרגעלייגט צוצוגרייטן צום דרוק אַ זאַמלונג פון זײַנע עסייען און אַרטיקלען, האָב איך דעם פאָרשלאַג אָנגענומען מיט פאַרגעניגן, זעענדיק אין דעם אַ געלעגנהייט זיך נאָענטער צו באַקענען מיט זײַן אומגעוויינלעך רײַכער געדאַנקענוועלט. איך האָב אָבער לכתּחילה נישט געאַנט ווי שווער דאָס וועט זײַן — טאַקע מחמת אָט דער קאָלאָסאַלער גײַסטיקער עשירות און דער ריזיקער צאָל פון זײַנע אַרבעטן, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט די פאַרשידנסטע געביטן פון זײַן אינטעלעקטועלער נײַגיריקייט.

די שוועריקייט איז באַשטאַנען אין דעם צוקלויב און אויסוואַל פון זײַנע אָנגעשריבענע אַרבעטן: צוזאַמענצושטעלן אַ רעפּרעזענטאַטיוון באַנד פון מער ווי 400 זײַטן — וואָס זײַנען נאָך אַלץ אַ קליינער טייל פון די פיל טויזנטער בלעטער פון אַזאַ שעפערישן געראַטעניש פון אַזוי פיל הונדערטער עסייען און אַרטיקלען אויף אידעאָלאָגישע, סאָציאָלאָגישע, היסטאָריאָזאָפישע, עקאָנאָמישע און טעכנאָלאָגישע טעמעס — און גאָר באַזונדערס וועגן פּראָבלעמען פון ייִדישער דעמאָגראַפיע, פון ייִדישער קולטור, ליטעראַטור, ייִדיש לשון און ייִדיש וועלטפאָלק.

אָט דעם באַזונדערס בײַ אים באַליבטן און געפלעגטן דורך אים באַגריף ייִדיש וועלטפאָלק ווידמעט פּראָפּ׳ אַרטור לערמער זײַן גײַסטיקע און עמאָציאָנעלע ענערגיע — און דאָס גראָד אין אָנבליק פון דער געוואַלדיקער צעשפּליטערטקייט פון דעם פאָלק, וואָס האָט זיך אויסגעשטאַלטיקט פון וואַנדערנדיקע שבטים און פון אַן ערב־רב אין זײַן לאַנגער געשיכטע דורך קאַמפן, גירושים, וואָגלענישן און פאַרפאָלגונגען, רדיפות און נגישות, דורך גלותן און מלוכישקייט — צו אַ נאַציאָנאַלער וועזנהייט, וואָס טראָגט אויף זיך דעם שווערן שטעמפּל פון דעם "אייביקן ייִד" און פון דעם "אויסדערוויילטן פאָלק" — צאָלנדיק אַזאַ טראַגישן פּרײַז פאַר אָט דעם צווייפלהאַפטן יחוס...

פּראָפּ׳ אַרטור לערמער איז געקומען צום ייִדיש־סעקטאָר און צום "בונד" — פון אַ האַלב־אַסימילירטער סביבה, און אין זײַן ממש לײַדנשאַפטלעכן דורשט נאָך גײַסטיקע דערגרייכונגען, האָט ער מיט זײַן דעראָבערטן וויסן זיך געטיילט מיט דער ייִדישער אַרבעטער־סביבה, מיטן פאָלק, ווען ער

ווידמעט זײַן גײַסטיקע עשירות די גאַנצע נײַנציק יאָר פון זײַן ברוױזנדיק שעפערישן לעבן.

דער שרײַבער פון אָט די שורות איז, ווי דער רעדאַקטאָר פון די "לעבנס־פראַגן", אַן עדות פון דער אומגעווײנלעכער גבורה און געוואַלדיקער אחריות, וואָס פּראָפּ' לערמער וויַיזט אַרויס פאַר זײַנע לייענער, ליפערנדיק רעגולער פאַר יעדן נומער פון דעם זשורנאַל זײַנע געטאָקט־געשליפענע אַרטיקלען — נישט געקוקט אויף זײַן שווערן געזונט־צושטאַנד, מיט וועלכן ער ראַנגלט זיך מיט דער העכסטער גבורה.

כּדי צו באַקענען די לייענער פון דעם בוך נישט נאָר מיט פּראָפּ' לערמערס באַלערנדיקע שאַפונגען, נאָר אויך מיט זייער געלערנטן מחבר גופא, האָבן מיר אים געבעטן ער זאָל אַליין זיך פאָרשטעלן פאַר זיי — און דאָס ברענגען מיר אין די ווײַטערדיקע שורות, אין וועלכע ער דערציילט וועגן זיך מיט דער זעלבער נאָבעלער באַשיידנקייט, מיט וועלכער ער פירט זיך אין זײַן לעבן.

אַרטור — **אברהם גרשון — לערמער**, זאָגט פּראָפּ' לערמער, איז זײַן ווירקלעכער נאָמען. אַרטור איז טאַקע פאַרשריבן אין דער מעטריקע. דאָס האָט אַפּנים אַזוי פאַרלאַנגט זײַן היפּשלעך אַסימילירטער פאָטער ווען אַרטור איז געבוירן געוואָרן דעם 3־טן אָקטאָבער 1908 אין קראָקע.

"איך האָב מײַן פאָטער נישט געקענט, ווײַל ער איז געשטאָרבן ווען איך בין נאָך קיין צוויי יאָר נישט אַלט געווען. מײַן מוטער האָט געשטאַמט פון אַ פרומען יחוס: איר זיידע, הרב אברהם גרשון ראַפּעלט איז געווען אַ וואַרשעווער רב, און איר פאָטער, דער זיידע מײַנער, האָט אָנגעהאַלטן אין וואַרשע די שטעלע פון ערשטן קהילה־שוחט" — דערציילט פּראָפּ' לערמער. — "פון אַלע קרובים", זאָגט ער, "האָב איך נאָר געוווּסט, אַז די פּריוועסעס אין וואַרשע זײַנען געווען נאָענטע משפחה פון די ראַפּעלטס.

"אין מײַן היים האָב איך באַקומען אַ פּוילישע, און שפּעטער אַ דײַטשישע דערציִונג, ווען מיר האָבן פיר יאָר צײַט, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, געלעבט אין די טשעכישע סודעטן און מיר האָבן קיין שום קאָנטאַקט נישט געהאַט מיט די געביטן, וואָס זײַנען געווען באַהערשט פון רוסלאַנד. אין סודעטן־לאַנד האָב איך באַזוכט די ערשטע שולע, און צוריקקערנדיק זיך נאָך דער מלחמה קיין קראָקע, האָב איך פאַרגעזעצט לערנען אין אַ דײַטשער גימנאַזיע. דערנאָך בין איך בהדרגהדיק אַריבער אין אַ פּוילישער מיטלשול.

"שוין צו 11 און אַ האַלב יאָר בין איך אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג אין קראָקע. קיין קינדער־אָרגאַניזאַציע האָט דער "בונד" אין קראָקע נאָך דאַן נישט געהאַט. דאָס ביסל ייִדיש, וואָס איך האָב געהערט פון מײַן מאַמען און פון די מלמדים אין בעהמען, ווי אויך שפּעטער אין

קראָקע, ווו כ׳האָב נאָך דער מיטלשול געלערנט אין חדר, האָט פון דעסטוועגן קעגנגעווירקט דעם אַסימילאַטאָרישן הינטערגרונט פון מײַן פאַמיליאַרער סביבה. אַזויאַרום האָב איך, אַ ייִנגל פון עטוואָס מער ווי דרײַצן יאָר, באַשלאָסן צו פאָרן קיין ווילנע, כּדי דאָרט צו לערנען ייִדיש־וועלטלעכע לימודים. מײַן טרוים איז געוואָרן פאַרווירקלעכט כּמעט צוויי יאָר שפּעטער. אין משך פון דער צײַט האָב איך אינטענסיוו, מיט דער הילף פון פּריוואַטע לערער, געלערנט ייִדישע לימודים און זיך געגרייט צום אַרײַנטריט־עקזאַמען אין פינפיאָריקן ווילנער ייִדישן לערער־סעמינאַר, אין וועלכן כ׳בין אָנגענומען געוואָרן אין יאָר 1924. נאָכן גראַדואירן אין 1929 געאַרבעט אַלס ייִדישער לערער אין פּיעטריקאָוו און אין שעדלעץ, און אין יאָר 1931 זיך באַזעצט אין וואַרשע, כּדי צו דערווערבן אַקאַדעמישע בילדונג — עקאָנאָמיע און יורי — אין דער פּרעסטיזשפולער ״וואָלנאַ וושעכניצאַ פּאָלסקאַ״. אין דער זעלבער צײַט אָבער געמוזט אויך פאַרדינען אויף אויסהאַלטן זיך און די לימודים — און געאַרבעט אין דער מאַטעמאַטישער אָפּטיילונג פון אַ לעבנס־פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט מיטן נאָמען ״פּושישלאָשטש״. אין יאָר 1933 האָט מיך די פירמע אַריבערגעפירט קיין לאָדזש ווי דעם ביוראָ־פאַרוואַלטער פון איר דאָרטיקער אָפּטיילונג, און נאָך דעם ווי דער דירעקטאָר איז קראַנק געוואָרן, בין איך ביזן אויסברוך פון דער היטלער־מלחמה געווען דער אַמטירנדיקער דירעקטאָר פון דער אָפּטיילונג. אין לאָדזש האָב איך פאָרגעזעצט מײַנע שטודיעס אין דער לאָדזשער אָפּטיילונג פונעם אוניווערסיטעט און פאַרענדיקט מיט אַ מאַגיסטעריום אין יאָר 1937. אין דער זעלבער צײַט געווען טעטיק אין דער לאָדזשער ״קולטור־ליגע״ און אין דער בונדישער באַוועגונג.

״זײַענדיק צו יונג צו קאַנדידירן אין שטאָטראַט, בין איך קאָאָפּטירט געוואָרן אין דער ״קאָנטראָל״־ און ״בודזשעט״־קאָמיסיעס, ווו כ׳האָב געהאַט באַראַטונגס־רעכט און פאַקטיש געוואָרן אַ ראַטמאַן אין לאָדזשער שטאָטראַט.

״אין יאָר 1935 האָב איך חתונה געהאַט מיט מאַניע גערטלער, וועלכע האָט שטודירט צוזאַמען מיט מיר און אויך צוזאַמען מיט מיר גראַדואירט מיט אַ ״מאַסטער״־דיפּלאָם. האַרט פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, ווען מאַניע איז געווען אין אַכטן חודש, האָבן מיר באַשלאָסן זיך צו באַזעצן אין מזרח־פּוילן און מיר האָבן פאַרלאָזט די שטאָט אין דער לעצטער נאַכט ערב דער מלחמה. זי איז אויסגעבראָכן אין מיטן דער נאַכט — און אַזוי האָט פאַר אונדז שוין דאַן זיך אָנגעהויבן אונדזער וואָגלעניש אַלס פּליטים. דאָס מזל האָט אונדז אָבער צוגעשפּילט און האָט אונדז לסוף געבראַכט צום זיכערן ברעג פון קאַנאַדע.

״דאָס האָט געדויערט אַ יאָר מיט אַכט חדשים. צוערשט האָבן מיר זיך דערשלאָגן צו לייבל טענצערן און זײַנע עלטערן אין אוזדיטיש, אויף דער

מזרח־זײַט פון דעם טײַך בוג. דעם 18־טן אָקטאָבער 1939 האָט מאַניע געבוירן אונדזער ערשטן זון, זרח — וועלכער פאַרנעמט הײַנט אַ וויכטיקע פּאָזיציע ווי אַן עקאָנאָמיסט און דעקאַן פון זײַן אוניווערסיטעט. ווען דאָס קינד איז געוואָרן סך־הכּל זעקס וואָכן, האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן צו שמוגלען די רוסיש־ליטווישע גרענעץ קיין ווילנע. נאָך דעם ווי די רוסן האָבן אָקופּירט ליטע, זײַנען מיר פון דאָרט אַוועק איבער מאָסקווע קיין יאַפּאַן, ווו מיר זײַנען געווען גאַנצע נײַן חדשים, ביז וואַנען מיר האָבן באַקומען אַ קאַנאַדישע וויזע און דאַן, אין יוני 1941, זײַנען מיר אָנגעקומען קיין טאָראָנטאָ.

״אין יאָר 1945 האָבן מיר זיך אַריבערגעטראָגן קיין מאָנטרעאָל, ווו איך האָב געווונען אַ .Ph.D־סטיפּענדיע א״נ פון סעמיועל בראָנפמאַן, און כ׳האָב פאַרענדיקט די גראַדואיר־שטודיעס פון עקאָנאָמישן פאַקולטעט אין יאָר 1952. אין דער צײַט פון אָט די שטודיעס בין איך גלײַכצײַטיק געוואָרן אַנגאַזשירט צוערשט ווי אַ לעקטאָר (אין 1945), און אַ יאָר שפּעטער געוואָרן אַסיסטענט־פּראָפעסאָר, און לסוף באַקומען פולע פּראָפעסור אין סער דזשאָרדזש וויליאַמס אוניווערסיטעט (הײַנט קאָנקאָרדיאַ־אוניווערסיטעט); לאַנגע יאָרן אָנגעהאַלטן דעם אַמט פונעם פּאָרזיצער פון עקאָנאָמישן פאַקולטעט, און אין משך פון דער תּקופֿה געווען איין יאָר גאַסט־פּראָפעסאָר אין M.I.T אין באָסטאָן, צו האַלבע יאָרן אין אוניווערסיטעטן פון איטאַליע, האָלאַנד און פּאַריז; געדינט ווי דער פּרעזידענט פונעם קאַנאַדער אָפּטייל פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן פאַרבאַנד פון עקאָנאָמיסטן, און אַלס אַזעלכער אויפגעטראָטן מיט רעפעראַטן אויף אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן אין לאַנד גופא און אין אויסלאַנד.

״אינעם יִידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן בין איך געווען אַקטיוו אין יִידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, וועלכער האָט געהאַט דעם עיקרדיקן חלק אין ברענגען מיך מיט מײַן משפּחה קיין קאַנאַדע. פינף מאָל האָב איך באַזוכט מיט רעפעראַטן די יִידישע קהילות אין דרום־אַמעריקע, איין מאָל אין דרום־אַפריקע און צוויי מאָל אין אויסטראַליע. געבליבן ווײַטער אַקטיוו אין ״בונד״ ווי אַ מיטגליד פון בונדישן וועלט־קאָאָרדיניר־קאָמיטעט און לאַנגיאָריקער פּאָרזיצער פון דער מאָנטרעאָלער בונדישער אָרגאַניזאַציע. זיך באַטייליקט אין די דעלעגאַציעס פון ״בונד״ און אויפגעטראָטן אויף קאָנגרעסן פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. פון סאַמען אָנהייב זינט איך האָב זיך באַזעצט אין קאַנאַדע געווען טעטיק אין קאַנאַדער יִידישן קאָנגרעס, און אויך אָנגעהאַלטן פאַרשיידענע אַמטן, צווי״אַנד ווי דער פאָרשטייער אין ״העכסטן דערציִונגס־ראַט״ פון קוויבעק.

״ווי אַ לאַנגיאָריקער מיטגליד אין דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון קאַנאַדער יִידישן קאָנגרעס האָב איך געהאַט די זכיה, צוזאַמען מיט

אַנדערע מיטגלידער, צו דערגרייכן דאָס אַנגאַזשירן זיך פונעם קאָנגרעס אין דער אויפגאַבע צו שטאַרקן ייִדיש, דורך דערפילן די פּאָדערונג, וואָס מיר האָבן אַרויסגערוקט ערב דער ערשטער קאָנפערענץ פאַר ייִדיש אין לאַנד, וועגן דער "קהילה־פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר ממשיך זײַן די ייִדיש־קולטור". געווען אויך אַקטיוו באַטייליקט אין דער וועלט־קאָנפערענץ פאַר ייִדיש, וואָס איז פאָרגעקומען אין ירושלים אין 1976 און געווען אַ וויצע־פּאָרזיצער פונעם וועלטראַט פאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור, און זינט מײַן אַרויסציִען זיך פון דער אוניווערסיטעט־טעטיקייט, געוואָרן אַקטיוו אויך אין פלאָרידע, באַזונדערס אין דאָרטיקן ייִוואָ".

"און אַלע יאָרן, חוץ מײַנע אַרבעטן אויפן געביט פון עקאָנאָמיע, געשריבן אַ גרעסערע צאָל עסייען אין ייִדיש".

עד כאן — פּראָפעסאָר אַרטור לערמער וועגן זיך. לאַקאָניש. קורצע וועג־צייכנס פון זײַן לעבן, געצייכנט אין קאַרגע שטריכן, טרוקן אַזוי ווי סטאַטיסטיק אָדער ווי געלייענט פון נאָטיצן אין אַ קאַלענדאַרישן טאָגבוך. ווען מיר לייענען זיי אָבער אויפמערקזאַם, דערזעען מיר פאַר זיך אַ וווּנדערבאַרע מאָזאַיִק פון אַ גײַסטיק רײַך און קאָלירפול לעבן, וואָס קען דינען פאַר אַ דיקער טרילאָגיע פון אַ ברוייזנדיק־שפּאַנענדיקן לעבנס־ראָמאַן פון אַ געראַנגל פאַר וויסן און פון אַ סאָציאַליסטישער נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכער שליחות. פּראָפ' לערמער, וועלכער האָט אַ זאַפטיקע פעדער און אַ רײַכע שפּראַך, און איז דערבײַ אויך אַ פײַנפילנדיקער, סענסיטיווער שרײַבער און מענטש, באַהאַלט אָבער אויס — אָדער באַהאַלט פאַר זיך — די עמאָציאָנעלע איבערלעבונגען פון זײַן שעפערישן לעבנס־וועג, און גיט מער זיך אָפּ די עטישע געבאָטן, וואָס ער וויל זען אין דעם מענטש און אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט הײַנט, און אין דער צוקונפט. וואָס דער מחבר דערציילט אויך נישט, איז — וועגן זײַן זעלטענעם אָראַטאָרישן טאַלאַנט און וועגן דער שטאַרקער ליבשאַפט, מיט וועלכער זײַנע תּלמידים און צוהערערס האָבן אַלעמאָל זיך צוגעהערט צו זײַנע באַלערנדיקע לעקציעס.

צו דער יובֿל־דאַטע פון אַרטור לערמערס 90־טן געבוירנטאָג, וואָס פאַלט אויס דעם 3־טן אָקטאָבער 1998, ווערט צוגעגרייט דאָס בוך פון זײַנע אויסגעוויילטע עסייען און אַרטיקלען־סעריעס — אונטער דעם אַזוי שטאַרק משמעותדיקן טיטל, וועלכער איז דורכגעדרונגען מיט דעם מחברס האָפערדיקן אָפּטימיזם פון יענעם קעמפערישן און האָפענונגספולן הימן פון דער בונדישער יוגנט: "**און דאָך — דעם מאָרגנרויט אַנטקעגן**".

יצחק לודען



"דאָס בוך פון פּראָפ' אַרטור לערמער וועקט צו טראַכטן. די עסייען, וואָס גייען אַריַין אין דעם באַנד, דרינגען אַריַין אין פראַגן און פּראָבלעמען, וואָס שטייען אין צענטער פון אונדזער תּקופה"... — "פּראָפ' לערמערס בוך שטויסט דעם לייענער נישט אַריַינצופאַלן אין אינטעלעקטועלער פויל־קייט".

*

..."די ליבשאַפט צום פאָלק בינדט לערמערן צונויף מיטן יידישן לשון, מיט דער קול־טור, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין דער ייִדישער שפּראַך, מיט דער ליטעראַטור, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט אין ייִדיש, מיט האַרציקע פּעדעמס. פאַר אָט דער ליבשאַפט זענען אָפּגעגעבן אַ צאָל אינהאַלטסרײַכע און גײַסטרײַכע עסייען".

*

"דאָס בוך פון פּראָפ' אַרטור לערמער איז אַן אָדע צום מענטש. אַן אָדע צו דעם כּוח פון מענטש אײַנצושטעלן אַ יושרדיקע און פרײַהייטלעכע געזעל־שאַפט, אַן אָדע, וואָס אינספּירירט האָפענונג און גלויבן. איך האָב געהאַט דעם אײַנדרוק, אַרײַנלייענענדיק זיך אין לערמערס בוך, אַז איך האָב פאַר זיך די שריפטן פון בייניש מיכאַלעוויטש, וולאַדימיר מעדעם, דוד אײַנהאָרן — די ליכטיקע געשטאַלטן פון דער בונדישער באַוועגונג. אויך אין די עסייען פון אַרטור לערמער פילט מען דעם אָטעם פון הויכער מענשטלעכקייט און טיפן הומאַניזם".

ד"ר העשיל קלעפּפיש